# צו די לייענערס

איציק קיפּניס ז״ל האָט זיין גאַנץ באַוווסטזיניק לעבן געפירט אַ טאָגבוך. אַ קליינעם טייל פון די טאָגבוך־פאַרצייכענונגען האָט ער שפּעטער באַאַרבעט און געשאַפן זיינע באַרימטע ווערק „חדשים און טעג״, „חיהעלע און פּיניעלע״, „אונטערוועגנס״ און אַנדערע.

אויך דאָס איצטיקע בוך „טאָג און טאָג״ געהער צו קיפּניסעס טאָגבוך־פאַרצייכענונגען. ער שילדערט דעם סוף פון די 20ער, 30ער און 40ער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט. דאָס ווערק שטעלט אויף פאַר אונדז די גורלדיקסטע געשעענישן פון דער תקופה, ס׳ווערן געגעבן בילדער פון מחברס פּערזענלעכן, פון אַלגעמיינעם און באַזונדערס פון ייִדישן לעבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אין יענע ערב־מלחמה־יאָרן מיטן דייטשישן פאַשיזם. די פאַרצייכענונגען האָבן אַ גרויסן קולטור־היסטאָרישן ווערט און גיבן אויך אַ סך צום דערלערנען קיפּניסעס לעבן און שאַפן.

זיין אַרבעט איבערן בוך האָט קיפּניס פאַרענדיקט אין יאָר 1963. זיינע כּוחות, נאָך יאָרן פון שווערע איבערלעבונגען, זענען שוין געווען אויסגעשעפּטע. ער האָט געאַרבעט איבערן בוך נישט־גלייבנדיק, אַז ער וועט דערלעבן אים זען אָן אָפּגעדרוקטן. בלויז עטלעכע קאַפּיטלעך האָט ער פאַרעפנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאַנד״ און אין „ייִדישע קולטור״. אין יאָר 1972 האָט ער איבערגעשיקט טיילנווייז דאָס ווערק צו זיינע קרובים קיין קאַנאַדע און מדינת־ישׂראל. דער גאַנצער מאַטעריאַל איז פאַראייניקט געוואָרן און ווערט געגעבן אין דעם בוך.

ליידער איז נישט באַשערט געווען, אַז איציק קיפּניס זאָל מאַכן די ענדגילטיקע רעדאַקציע פון זיין לעצטן ווערק. די דאָזיקע אחריותדיקע אַרבעט האָבן מיר, מיטגלידער פון דער קיפּניס־משפּחה, געמוזט נעמען אויף זיך. מיר פאַרשטייען זייער גוט סאַראַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט דאָס איז. אָפּהיטנדיק דעם מחברס וואָרט, זיין סטיל, פאָרם, ליריש־קייט, געדאַנקען־גאַנג, בליק אויף געשעענישן און אויפן לעבן, האָבן מיר דאָך געפונען פאַר נייטיק, צוליב וויכטיקע סיבות און נאָך באַראַטונגען מיט דער משפּחה, מאַכן אייניקע קירצונגען.

דעם כּתב־יד האָפן מיר מיט דער צייט איבערגעבן צו איינעם פון די געהעריקע ליטעראַרישע אַרכיוון אין מדינת־ישׂראל.

ביי דער געלעגנהייט דריקן מיר אויס אונדזער דאַנקבאַרקייט צו די שרייבער און דיכטער אברהם ליס, דוד ספאַרד, הערש סמאָליאַר און מאָטל סאַקציער פאַר זייערע ווערטפולע אָנווייזונגען, וואָס זיי האָבן אונדז געגעבן ביים גרייטן דאָס בוך צום דרוק.

אַ באַזונדערן דאַנק און אָנערקענונג ווילן מיר אויסדריקן דער פאַרוואַלטונג פון י. ל. פּרץ־פאַרלאַג פאַר דערמעגלעכן דאָס דערשיינען פון די פריִערדיקע פיר בענד און דעם איצטיקן פינפטן לעצטן באַנד פון איציק קיפּניסעס „געקליבענע ווערק״.

**הינדע און משה קיפּניס־דיאַמאַנט / ישׂראל**

**אברהם און אשר הענדעלמאַן / קאַנאַדע**

## אַריינפֿיר

איך האָב געהאַט אַ קינדעלע חנעוודיק און צאַרט (אין אַמאָליקע שוין באַלד פֿאַרגעסענע יאָרן).* דאָס קינדעלע האָט געהאַט אַ מאַמעלע, אַ מיר־זאָל־זיין!

ווען מיר זענען יונג, זענען מיר אַלע שיין און באַטעמט, רייצנדיק און ס'זינגט פֿון אונדז.

נו, האָט זיך דעמאָלט קוים געענדיקט אַ שווערע, אַ בלוטיקע מלחמה. די מלחמה האָט זיך געענדיקט אַ דאַנק דעם, וואָס ס'האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציע. אָבער פֿינצטערע כּוחות האָבן גענומען דערטרינקען די רעוואָלוציע אין בלוט. יעדעס שטיקל ערד איז געווען אַ שלאַכטפֿעלד. אויף שטעט און שטעטלעך האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פּאָגראָמען. הונגעריקער טיפֿוס, לייזיקער טיפֿוס. אַ סך, אַ סך מענטשן זענען געגאַנגען פֿאַר דער צייט פֿון דער וועלט. נישטאָ. ס'האָט זיך געפֿעלט אויך דאָס חנעוודיקע קינדעלע. דער טויט האָט פֿאַרשלעפּט — מיר זאָל זיין — דאָס מאַמעלע... דערציילן קען מען אי אַ סך, אי ווייניק.

איך האָב אַ טאָכטער, זאָל מיר זיין געזונט, אַ גאַנצער מענטש. זי איז מיר געשטאַנען אין אַ סך נויטן. זי איז אויסגעוואָקסן אָן אַ מאַמע. נאָך פֿון קינדהייט געבליבן פֿאַריתומט. גאָט האָט איר געגעבן יאָרן. זי האָט געהאַט אויף זיך הונגעריקע שווערע צייטן, פֿאַרשיידענע קרענק. נישט וויסן פֿון פּיצעלעווייז אָן דער מאַמעס מילך, דער מאַמעס גלעט. זי איז, אַ דאַנק גאָט, מיט מיר.

---

* דאָס דאָזיקע ווערק מיינס נעם איך צונויף פֿון אויפֿגעהיטע טאָגביכלעך, וואָס זענען אַלט דרייסיק יאָר און ווינציקער. גאָט איז יודע דעם אמת, ווי אָנגעלייגט דער לעזער איז אין מיינע אויגן, ווי מיין האַרץ ליגט צו אים. איך בין אים אַן אָנפּניותדיקער פֿריינד. ווען איך האַלט אין שאַפֿן אַ ליטעראַריש ווערק, וועגט אין מיר איבער דער פֿאַרלאַנג, אַז דעם לעזער זאָל עס ווויל איינגיין. אַלע איבעריקע כּוונות, וואָס קענען מיט דעם זיין פֿאַרבונדן, זענען אויך אַהער שייך, אָבער... ביי די בעסטע און ערלעכסטע כּוונות איז דער פּועל־יוצא נישט אין מיר געווענדט. דער תּמעוואָטער גאָרנישט זעענדיקער בעל־הבית — די צייט — איז אַלמעכטיק. דאַן, ווען איך וועל שוין לאַנג אויף דער וועלט נישט זיין און מיינע ווערק וועלן נאָך זיין, וועט עס הייסן, אַז דער פּועל־יוצא איז דאָ.

פּושקין — ער האָט געקענט און געמעגט פֿילן, אַז דער שטעג צו זיין דענקמאָל וועט נישט פֿאַרוואַקסן ווערן. די איבעריקע בייטיקן זיך אין רחמים. פֿאַר געציילטע איז באַוואָרנט דאָס גוטע „געווינס“, און פֿאַר צענדליקער און צענדליקער — נישט.

איך האָב אַ זון, זאָל מיר זיין געזונט. זיין מאַמע איז אַ יונגע קריסטלעכע פרוי. די רעוואָלוציע האָט מערסטן טייל אָפּגעווישט די פאַרשיידנקייט צווישן פאָלק און פאָלק. ביי מיר אין שטוב האָט זיך עס אין גאַנצן נישט אָנגעזען. מיין טאָכטער איז אויך ביי דבורהלען (אַזוי האָב איך זי ליב רופן מיין ווערעאַן)* קיין שטיפקינד נישט געווען. און ווען לייבעלע איז געבוירן געוואָרן איז ער געקומען אויף גרייטע הענט צו ביילעלען, וואָס איז שוין געווען איינגעזעסן און איינגעוואָרצלט אין דער היים ביי זיך.

איך האָב נאָך, זאָלן מיר זיין געזונט, דריי שוועסטער און איין ברודער. מיר זענען אַלע יאָרן גוט צווישן זיך. ס'זענען, אָן ספק, דאָ בעסערע, שענערע, געטרייערע משפּחות, נאָר מיר האָבן צו גאָט קיין טענות נישט. אַ סך באַקענטע און נאָענטע זענען גרייט פון אונדז נעמען אַ ביישפּיל.

צו מיינע טאַטע־מאַמע אין שטעטל פיל איך זיך אויך זייער נאָענט. זיי זענען שוין לאַנג באַהעפט מיט דער אייביקייט, נאָר זיי גייען מיר אָפּ עד היום. און אפשר וועלן זיי מיר אויך אויף ווייטער אָפּגיין ווייל איך וועל לעבן. באַזונדערס די מאַמע. מיר פלעג זיך דאַכטן, אַז זי פאַרשטייט מיך שטענדיק, אַז ס'ווערט מיר גרינגער אויף דער נשמה, ווען איך דערצייל איר עפּעס אַראָפּ פונעם האַרצן. און מיט וואָס זיך טיילן, וואָס אַרויסצורעדן איז דאָך אַלע מאָל דאָ. גייט זי מיר אָפּ. אָפּט לעבט זי פאַר מיר, ווען אין חלום, ווען אין געדאַנק.

מאַטעריעל האָט זיך אונדז געלעבט גאַנץ שווער. חובות אויף חובות. נישט איין מאָל האָט מען געדאַרפט צולייען אויף מאָרגן, אויף מיטאָג, אויף דירה־געלט, אויף אַ מלבוש אי זיך, אי דעם ווייב, אי די קינדער... וועמען פריִער? אין דעם זינען זענען קיין מאָל קיין סכסוכים נישט געווען. ביי אונדזער פירעקיקן טיש איז יעדע זייט באַשטאַנען פון גאָלע אויבנאָן. שווערער איז געווען אין שרייבערהויז, אין פאַרלאַג, אין דער רעדאַקציע פון צייטונגען און זשורנאַלן. איך וואָלט זיך דאָרט אויך נישט געשלאָגן נאָכן אויבנאָן. איך זוך אים נישט, ער פּאַסט מיר נישט. נאָר חיונה פאַרן ווייב מיט די קינדער... די, וואָס פאַרמאָגן דעם אויבנאָן, די ערטער נאָענט צו אים, פאַר יענע איז טאָג־טעגלעך ברויט און צום ברויט גאָר קיין פראַגע נישט. די וואָס זיצן ווייטער, אָדער שטייען אין סאַמע עק — פאַר זיי איז דאָס שטיקל ברויט אַ גרויסע וויכטיקייט. מיר האָבן עס געפילט. מיר זענען שוין געווען 5 מענטשן. (מיין שוועסטער פריידקעס זונעלע פון 15—16 יאָר האָט זיך ביי אונדז אויפגעצויגן.

---

* וויפל דבורהס האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן „ווערעאַ", וויפל לייבעלעך — „ליאָניאַ" און ביילקעס — „בעבאַ"... וועל איך זיך פאַרגינען אין גאַנג פונעם דאָזיקן בוך אָנרופן ווערען — דבורה, ליאָניען — לייבעלע, בעבען — ביילקע. און אפשר וועט אויסקומען בייטן נאָך נעמען — זאָל עס מיר זיין דערלויבט.

זי האָט אין 31סטן יאָר פּאַרלאָרן איר מאַן. אין 38סטן איז זי זיך צונויפֿגעגאַנגען מיט אַ יונגן לערער. זיי האָבן געוווינט אין איין צימער. קיין צוויי־דריי חדשים זענען נישט אַוועק און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז לויט אַלע געגעבענע כּללים דאַרף דאָס געלינק הערשעלע זיין מיט אונדז). און פּראָסיע, אונדזער שטוב־אַרבע־טערין, איז געווען די זעקסטע.

אין קיין אינעווייניקסטע פּאַרדראָסן און רוגזן איז קיין מניעה קיין מאָל נישט געווען. ס׳סטײַעט. דער הונגער אין 33סטן יאָר האָט זיך גוט געפּילט און נאָך צוגע־שמאָלצן. אָבער דאָס לעבן אַליין איז געווען שענער און שטאַרקער. און ווען דו ווילסט זיך אומקוקן אויף צוריק, אויף מיין וואָרט, אַז ס׳בלייבט דורכויס נאָר דאָס באַטעמטע, דאָס שיינע, דאָס חיותדיקע מיט יונגן פרישן זאַפט אָנגעזאַפּטע, די טייערע משפּחהדיקייט, יונגע, געשמאַקע, וואָס אַלע קאָמפּאָנענטן נערן איינער דעם צווייטן.

אויך מיט אַ בוים אָדער מיט אַ קוסט טרעפט, אַז רעדער פאָרן אים איבער, שאַרפע אייזנס, כּלי־חבלה, פאַרטשעפּען אים אָן רחמנות. ער איז שוין לכל הדעות פאַרביי... נאָר די צייט, דער בעסטער פון אַלע אויסגעזוכטע דאָקטוירים, היט אים אָפּ: די וווּנדן ווערן פאַרצויגן, די גלידער הייבן אָן זיך אָנגיסן מיט זאַפט און מיט דער צייט ווערט פון דעם צוריק אַ לייט — ס׳גרינט אַלע יאָר אַ בוים צווישןביימער, אַ לעבן צווישן לעבנס! שפּאַצירנדיקע, וואָס זוכן אין וואַלד אַ שאָטן און אַן אָפּרו, טרעפן נישט איין מאָל, אַז אָט דער דערמאָנטער בוים, דאָס דערמאָנטע לעבן, איז פאַר זיי סאַמע אָנגעמאָסטן זיי זאָלן זיך אויסשפּרייטן זייערע זאַכן אין זיין שאָטן און דאָ זיך געפינען געגאַרטע רו און שוץ, דאָ אָפּרוען און עטעמען מיט פרישער מחיהדיקער לופט.

און איצט, אויב ס׳שטערט אייך נישט, קען איך צוגעבן, אַז איך בין צום היינטיקן טאָג אַלט פיר־דאָס־פינף־און זעכציקסטע.

# די הענגערלעך אין שאַפע וואַרטן אויף אירע קליידער

1

מיר האָבן זיך געטראָפן מיט דבורהלן זומערצייט אין פושטשע־וואָדיצע (וועלכע צוואַנציק ווערסט פון קיִעוו), אין איינעם פון די דאָרטיקע אָפּרוהייזער, וואָס האָבן אויסגעזען בלייך, ווי דער גאַנצער אָרום, אָבער דאָך פאַרברענגט מען און מע מאַכט זיך אַ האָרץ. מענער קלעפּן זיך צו פרויען, פרויען — אייניקע פרייען זיך מיט זייער „פאַנג", אַנדערע זענען מקנא די מער „גליקלעכערע" חברטע און עסן זיך אָפּ שטיל דאָס האַרץ. דאָס קישן זאַפּט איין אַ גוטע פּאַרציע טרערן און צום פרימאָרגן פאַרן פרישטיק איז מען צוריק צוגעקעמט, צוגעפּוצט.

איך בין אַ ייִד. דבורהל איז אַן אוקראַיִנערין. איר אומגאַנגס־שפּראַך איז רוסיש. ביי אונדז ביידן גרייזלען זיך עטוואָס די האָר. בייביידן איז שוין דער קאָפּ מער גרוי, ווי שוואַרץ, נישט לויט די יאָרן נאָך. זי איז עטוואָס גרעסער פון מיר, וווקסיקער, שטאַלטנער, נאָר גאַנץ באַשיידן. קיין קאָפּ נישט פאַרריסן ביי זיך — אַ לערערין אין אַ שטעטל. דאָס לעבן איז דערוויל איינזאַם. אויף לעבנס־מיטל קלעקט, אויף קליידן זיך — קוים־קוים.

זי האָט דערפאַלג: נאָך איר שלעפּט זיך נאָך אַ פּאָעט, וואָס איז שוואַרץ אויסערלעך, און ס'איז אַ סברה, אַז אויך אינעווייניק. ווידליק ער איז צעוואָקסן און ברייטפּלייציק, וואָלט עס אויסערלעך געווען זייער אַ שיינע פּאָר. ער גיט איר אָפּ כבוד און קריגט פון איר מיט אָפּשיי געצאָלט. דער צווייטער איז אַ ספּאָרטלער (אין דער פאַרגאַנגענהייט און איצט — קענטיקע סימנים פון ענציפּאַליט), ס'רייסט דאָס האַרץ. אָגב, איז ער זייער אינטעליגענט. איידל אי אינעם רעדן, אי אינעם האַלטן זיך. און דאָ האָט זיך נאָך צו איר צוגעטשעפּעט אַ ייִדישער יונגערמאַן, אַ קליינשטעטלדיקער פון קאָפּ ביז פּיס, און פאַר אַ צוגאָב צום „דאָברי מזל" איז ער נאָך אַ „פאַרשלעפּטע קרענק", אַ טשודאַקאַוואַטע בריה: באַהאַלט נישט אויס זיינע פּעלערן, ליאַפּעט אויף זיך פון נישט־געשטויגן און נישט־געפלויגן, קוקט מיך אָן, זייט אַזוי גוט, אָט דאָס בין איך דאָך טאַקע אַליין. טאַנצן קען איך נישט, זינגען — אויך נישט, חנפען זיך און ווערטלען זיך — ווי אַ מאָל... יענע צוויי יונגעלייט — יעדערער באַזונדער — האַלטן זי פיר פון מאָל צו מאָל, קרימען זיך: וואָס איז עס פאַר אַ פּאַרשוין? מיט וועמען דערלויבט זי זיך שמועסן און שפּאַצירן?... אַ טייל ווייבער פון איר פּאַלאַטע קרימען זיך אויך נאָך נאָך מיר:

— אָן־אָ, קוקט שוין אַרויס אויף איך אייער „קיפּקע".

— אייער קליאַקסע האָט איך געלאָזט גריסן... „קליאַקסע" — איז אַ טינט־פלעק, און אַלץ גייט פון אַ געוויסן צוזאַמענקלאַנג מיט מיין פאַמיליע־נאָמען.

אויך צוויי לערערקעס פון איר אַרבעטספּלאַץ רוען דאָ אָפּ מיט איר צוזאַמען.

אָלגאַ ניקיטישנאַ איז זייער נישט קיין שיינע. אַן אַנדער נעזל איז חנעוודיק מיט זיין קירפּאַטקייט, און דאָ איז עס העסלעך קירפּאַטע. די הויט פון פּנים נישט קיין שיינע. די קנייטשן לעבן די אויגן, אַז ס׳קען שלאָגן צום האַרצן. דבורה דערציילט, אַז ווען אָלגאַ טוט זיך אויס, איז דאָס לייב ביי איר שיין און געלייטערט. אָלגען געפעל איך נישט. זי זאָגט דבורהן וועגן מיר: שיק אים אָפּ!... גיב אים דעם וועג! ס׳איז אָבער דאָ אַ צווייטע לערערין — ניוסיע, אוי, ניוסיע!... אַפילו צווישן פרויען באַגעגנט מען זעלטן אַזאַ פאַרברענטע שטיק לײדנשאַפט. דעם טאַטן מיט דער מאַמען וועט זי אַוועקגעבן פאַר אַ פאָר הויזן. זי איז אַן איידעלע, אַ הויכע, אַ קורצזיכטיקע, האָט גוטע בילדונג און אַ גוטן, זייער אַ גוטן געשמאַק. מיט אירער אַ מיינונג וועגן אַ ליטעראַריש ווערק רעכן איך זיך ביז איצט, ווייל אַלע מאָל איז עס זייער פריש און טרעפלעך. און גראַדע זי, ניוסקע, טענהט איין מיט דבורהלען, אַז זי זאָל נישט זיין משוגע, זי זאָל זיך אויסשפּייען אויף איטלעכנס רייד, זי זאָל זיך אַפילו נישט דערוועגן קלערן וועגן מיך איינלאָזן. און ווערליק איך פיל וועט גיכער בלייבן ווי ניוסקע זאָגט, ווייל דבורהלען אַליין ציט אויך בעסער אַהער...

מיר זענען געוועזן מיט דבורהלען לעם סאַזשעלקע. ס׳איז ווייט פון אָפּרוהויז, דער שפּאַציר איז אַ ממשותדיקער, מען מידט זיך טאַקע אַ ביסעלע איין. ס׳איז געווען זייער אַ שיינער פאַרנאַכט. נאָענט צו דער סאַזשעלקע זענען די ביימער אַ ביסל שיטערלעך, און די ליכטיקע שטיקער דרויסן צווישן בוים און בוים זענען עפּעס אַזוי לויטער, אַזוי גלוסטיק, כאָטש טרינק די לופט, פאַרבייס מיט עטלעכע פרייע נישט־אויסגעקליאַנטשעטע קיש און... טרינק ווייטער מיטן בליק און מיט אָטעם־רערן אָט די געשמאַקע שיינע שטיקער דרויסן.

יענעם פאַרנאַכט זענען מיר געזעסן מיט דבורהן און איך האָב גערעדט צו איר ערנסט. ס׳טרעפט... אמת זייער זעלטן, ווען ס׳קומט אויס רעדן אָדער זיך האַלטן ערנסט. איך וויל מיט דעם זאָגן, אַז ליגנערן, באַהיט גאָט, וויל איך נישט, דאַרף נישט, טאָר נישט, אַפילו אין די שפּילעוודיקסטע אינטימע רגעס. נאָר קריגן אַן ערנסטן אויסזען און בעת־מעשׂה זאָגן „אין דער רגע בין איך מיט דיר און מיט גאָט...״ — דאָ דאַרף שוין זיין עפּעס אַ באַזונדער מין נויטווענדיקייט.

— איך וויל, דבורהל (ווראַ פעדאָסייעוונאַ) איר אָדער דו, דו אָדער איר, זאָלט וויסן: ביילקע, מיין טאָכטער, ווייס נישט פון קיין מוטער. איר מוטער איז געשטאָרבן אין קימפּעט, ווען זי איז נאָך קיין פינף מעת־לעת נישט אַלט געווען. זי האָט זיך אויפגעצויגן אין שטעטל ביי מיינע עלטערן. מיין מאַמען רופט זי — מאַמע, מיין טאַטן רופט זי — טאַטע. מיך — אייזיק. איצט איז זי שוין אַלט אַכט יאָר, גייט שוין אין שול, וווינט שוין מיט מיר אין שטאָט. טאָמער וועסטו זיין צו איר שלעכט, וועל איך דיך אַרויסטרייבן אָן שום קווענקלעניש... גוט? איך בין ביי זיך אַ גאַנצער אויפטוער!... איך טרייב דיך גלייך דורך!... אָבער, ווי אויב איך האָב

זיך אָפּגענאַרט אין דיר? אויב דו ביסט אַ שלאַק, אַן אומגליק, אַ רוח פון דער בלאָטע, אַן אויסרייסעניש און ביסט נישט פון די, וואָס מע טרייבט אַרויס אַזוי גרינג??! טאַ געדענק זשע, דאַן וועל איך נעמען דאָס קינד פאַר אַ הענטל און מירן אַליין אַוועקגיין...

דבורה האָט ערנסט געהערט און מענטשלעך־ערנסט געשוויגן. מיר האָבן גע־רעדט פון אַ קינד. מיר האָבן גערעדט פון אַ שטוב. סיי די שטוב, סיי דאָס קינד האָט זי נאָך אין די אויגן נישט געזען. אָבער זי האָט פאַרשטאַנען און... ס'איז זייער מעגלעך, אַז איך האָב אין דער רגע ביי איר מער אויסגענומען, ווי די לאַנגע פאַר וואָכן פון אונדזער נישט־אויבנאויפיקער באַקענטשאַפט.

ווערטער, וואָס גייען פון האַרצן, טרעפן אין האַרצן. איך זאָג איר אָפט „דו", זי זאָגט מיר דערוויל „איר". ביי אַ צווייטן שטילן אין־איינעם־זיין האָט זי מיר געזאָגט: „איר זאָלט מיר שטאַרק געפעלן? — ניין! נאָר וואָס געפעלט מיר יאָ אין אייך, דאָס איז וואָס איר זאָגט אַלץ אָפן, אַזוי ווי ס'איז..."

## 2

ס'געווען אַ שפּעטזומערדיקער טאָג. איך ווין אויף טאַראַסאָווער אויפן זעקסטן שטאָק. מיין טאָכטער איז אין שטעטל ביי מיינע עלטערן. צום אָנהייב פון נייעם לערנייאָר וועל איך פאָרן נאָך איר.

און דערוויל בין איך אַליין. איך שטיי אויפן ראָג פון גאָס. טאַראַסאָווער גאָס איז נישט קרעשטשאַטיק. פרויען זיצן נאָכן טאָג אַרבעט אויף די טרעפּלעך און אין הויף. לעבן זיי שפּרינגען קינדער און שפּילן אין „קלאַס". די אַרומיקע רויִקייט לאָזט זיך גוט פילן. באַקענטע, וואָס גייען פאַרביי, גריסן זיך. איך האָב נאָך פעסט נישט באַשלאָסן מיט וואָס איך בין גרייט פאַרפילן דעם אָוונט. אפשר גאָר זיצן אַ ביסל לעם ־עם אָונט־באַלויכטענעם טיש, ביי דעם צעעפנטן טאָגבוך. אָפט איז דער טאָגבוך אַ ווילער פריינד מיט וועלכן ס'איז לייכט זיך דורכצושמועסן. אין די גלעזער פון מיינעברילן שלאָגט זיך ווייך אָפּ די פאַרגייענדיקע זון. און דאָ פּלוצעם גייט אַן אויף מיר אַ פרוי און גיט מיר אָפּ אַזוי ווי אַן אימפּעדיקן „גוטן אָוונט"... סאַמע ווער? דבורהל!... די, וואָס איז עטוואָס גרעסער פון מיר אין וווּקס, וואָס אירע האָר גרויזן זיך און זענען שוין גרוי נישט לויט די יאָרן, וואָס איר שמייכל איז אַ ביסל פאַרשעמט, וואָס מיר זענען נאָך געציילטע וואָכן צעשיידקייט, געוואָרן אַ ביסל פרעמד איינער דעם צווייטן... (אמת, אויך דער טראָטואַר, אויף וועלכן מיר שטייען, איז פאַר אונדז צווייען אין גאַנצן נישט צוגעווינט).

— ווערע... דבורה... ווהין איז אין מיטן וואָכעדיקן פאַרנאַכט?

— צו אייך...

— אויף נאָכטלעגער?...

— אויב ס'איז נאָר מעגלעך.

די הויט אויף איר לענגלעכער האַנט איז דין. מערער טרוקן, ווי זאַפטיק. נאָר מיר איז זי ניט דערווידער. איך האָב צוגעלייגט איר האַנט צו מיינע ליפּן. זי שעמט זיך, נעמט אַוועק איר האַנט אויף צוויי רגעס גיכער, ווי מע וואָלט עס באַדאַרפט טאָן.

— נו, גוט, — זאָג איך, — וואַרט צו איין רגעלע.

איך בין אַפּגעגאַנגען אַ צען שפּאַן און ביי דעם יידן אינעם רונדוק, וואָס אַנטקעגן דער שפּייזקראָם, האָב איך צוגעבאָרגט אַ זעמל (אַ בולקעלע) צום אָונט־ברויט. ער דינגט זיך מיט מיר נישט. ער ווייסט, אַז איך גיב אָפּ, אַזוי ווי מיט דעם עיקרדיקן שטיקל שפּייז זענען מיר שוין באַזאָרגט. האָבן מיר גענומען מעסטן די טרעפּ צו מיינע צוויי צימערן, וואָס געפינען זיך אויפן זעקסטן שטאָק סאַמע פון אויבן.

דבורה, אי זי שעמט זיך, אי זי איז היימיש, ווייל נישט זי האָט זיך צו מיר אַנגעשלאָגן.

— איר האָט דער טאָכטערס אַ בילד? ווייזט מיר.

מיר איז אָנגענעמען, וואָס זי געדענקט אין מיין נדן, פון וועלכער זייט ס'זאָל נישט זיין. איך האָב איר אויסגעוויזן מיין גאַנץ באַלעבאַטישקייט.

איך וועל איר באַלד אויסזאָגן, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו עסן, אויסער דעם זעמעלע, וואָס איך האָב באַזאָרגט. ניין... ס'איז נישט אמת. ס'איז דאָך נאָך דאָ אַ פּרימוס, ס'איז נאָך דאָ גאַזע (נאַפט) אויפצוקאָכן טיי; אויסווישן ריין די גלעזער, דאָס וועלן מיר שוין זאַלבענאַנד. אַ פאַרשפּרייטער טיש, אַ ריינע גלאָז טיי, אַ בול־קעלע שיין אָנגעשניטן, ס'איז גאָרנישט אַזוי שלעכט...

עמעצער קלאַפּט אין טיר.

— קומט אַריין! ביטע!

לייבאָוויטש! אַן עלטערער ביבליאָטעקאַר. אַ ווילנער. אַליין טיף געבילדעט און דערפאַרן אין זיין פאַך. נאָר צו אים קלעפּט זיך דאָס וואָרט „אַן אַלטע מויד". ער האָט אומדרייסט אַן עפן געטאָן די טיר, דערזען אַ פרוי זיצן אַנטקעגן מיר ביים צווייטן זייט טיש, האָט ער זיך פאַרשעמט און זיך גיכער אָפּגערוקט.

— גאָט איז מיט אייך, לייבאָוויטש! פאַר וואָס האָט איר זיך דאָ דערשראָקן? ווען מען טאָר נישט אַריינגיין, וואָלט זיך די טיר אַזוי גרינג נישט געעפנט. קומט אַריין! קומט אַריין! באַקענט זיך. אָט די פרוי וועט אין גיכן אפשר זיין מיין ווייב, זיצט... וואָס וועט איר זאָגן גוטס?...

גאָרנישט... גאָרנישט... ער האָט געוואָלט לייען ביי אונדז די וואָג... אַ באַקענטע דאָרפספרוי האָט געבראַכט קעז און פּוטער אין גלייכן געלט.

— גוטע סחורה?

— זי ברענגט כּסדר פריש מילכיקס!

— און ווו נעמט מען אויף באַצאָלן?

— צאָלן קען מען מאָרגן ביז האַלבן טאָג, זי נעכטיקט אין שטאָט.

איך האָב זיך דערפרייט. דאָס מזל גייט אַליין אין שטוב אַריין.

— טאָ זייט זשע אַזוי גוט, חבר חיים, און ברענגט מיר אויך צוזאַמען מיט דער וואָג אַ פונט קעז און אַ האַלבן פונט פּוטער!...

נאָ, זע דבורהקע, דאָס גליק רייסט זיך אַליין אין שטוב אַריין.

חלה מיט פּוטער און מיט קעז, זיסע טיי, נישט קאַרגן און נישט פּיצלען, ס׳איז דאָך חי־געלעבט!

ווי פריִער געזאָגט, דבורה האָט איבערגעווישט די גלעזער. איך האָב אָנגעצונדן דעם פּרימוס. מער איז קיינער נישט געקומען. מער האָט אונדז קיינער נישט גע־שטערט. מיר האָבן לאַנג און געמיטלעך געשמועסט.

אַרויסגעטריבן אַהער האָט זי טאַקע ניוסקע. ניוסקע האָט איר אַפילו אויסגעליִען אַ קליידל, וואָס אויף ניוסקען איז זי געראָם און אויף דבורהן — ענג. „נאַ! פאָר און זאָלסט אים אָפּזוכן. צעקושט זיך און צעשרייבט זיך אָן שום וואַקלונגען. ער געפעלט מיר פון דער ערשטער רגע".

מיר האָבן אויסגעזוכט פרישע בעטוועש, פאַרשפּרייט אַ ריינעם געלעגער. זי האָט זיך געשעמט אויסטאָן אין מיין אָנוועזנהייט, אָבער זיך טוליען איינס צום צווייטן, באַנייען אונדזער נישט־געגנבעט זיין אין איינעם, האָבן מיר זיך נישט געשעמט. כאָטש דאָס איז געווען דער ערשטער און איינציקער פאַל פון שלאָפן צוזאַמען אַ גאַנצע נאַכט (נישט זי, נישט איך זענען געווינט שלאָפן אין צווייען).

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

סיי ווי, עס איז געווען איינע פון די בעסטע נעכט אין אונדזער גאַנץ לעבן...

אָן איילעניש האָבן מיר אָפּגעפרישטיקט.

אָן איילעניש האָבן מיר גענומען אונדזערע פּאַפּירן און זענען אַוועקגעגאַנגען זוכן אַ „זאַגס".*

איינער האָט אונדז איבער עפּעס נישט געטויגט, דער צווייטער איז געווען פונקט פאַר אונדז. נאָך אויפן וועג האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז זי גייט איבער אויף מיין פאַמיליע־נאָמען. דאָס איז גראָד געווען איר פאַרלאַנג. דעם פּאַפּיר האָט זי מיר ווי מיט פרייד געוויזן: — אונדזער נייער צייגעניש, — זאָגט זי — דאַרף איך נאָך צוליב עפּעס... דער דירעקטאָר פון שול זאָל האָבן רעכט מיך אין אָנהייב לערניאָר אָפּלאָזן פון דער אַרבעט.

אין גיכן האָב איך זי אָפּגעלאָזט גיין צום אויטאָבוס. זי האָט זיך נישט געלאָזט איך זאָל זי גוט אָנקושן אַזוי אין מיטן העלן טאָג, אין גאַס, פאַר איטלעכן אין די אויגן.

— נאַרעלע, דו האָסט דאָך שוין אַ פּאַפּיר! נעם אים אַרויס און לאָמיר זיך קושן!

---

* אַ מלוכישער אַנשטאַלט, ווו ס׳ווערן רעגיסטרירט חתונה־געהאַטע פּאָרלעך.

זי האָט זיך אַרויסגעריסן און אַזוי אַן זאַכן, אַן גאַרנישט איז זי אין דער גרינג אָוועקגעלאָפן פון אַ חתונה־געהאַטן מאַן. זי וועט אָוועקפאָרן צוריק אין דער פריִער־דיקער שטאָט.

— און ווען וועסטו קומען? וואַרט נאָר, ווען וועסטו קומען?

— זאָרג נישט, איך וועל קומען, דו וועסט שוין אַ סימן האָבן...

*

אַ וואָכעדיקע שׂמחה? אַזוי אין מיטן מיטוואָך און גאָלע גאַרנישט?... ניין, זאָגט עס נישט! די צייט איז טאַקע אַ גרויע, אַ וואָכעדיקע, אַ הונגעריקע, נאָר אַז ס'פאַר־קלייבט זיך אין האַרצן כאָטשבי אַ סימן פון יום־טובדיקייט, וועט זיך עס פאַר־געדענקען אויף אַלע יאָרן. קיין קדושין־פינגערלעך האָבן מיר איינס דעם צווייטן נישט געשענקט, קיין לעקעך און בראָנפן איז נישט נאָר אויפן טיש, אַפילו אין געדאַנק נישט געווען! אָבער ס'איז גאַרנישט! ס'איז נישט געווען און מע האָט אַפילו נישט געדענקט וועגן דעם. איז אַ סימן, אַז מע קען זיך אַן דעם באַגיין.

אָט האָט זיך באַזעצט אין האַרצן אַ צִיוּנג צו איר, אַ בענקשאַפט, ווי נאָך אַן אייגענעם. אַנו, זייט אַ בריה און פרוווט עס אָפּשאַצן!

מיין שטוב איז שוין נישט די שטוב, וואָס איז ביז נעכטן פאַר נאַכט געווען. זי וואַרט שוין אויף דער באַלעבאָסטע. דער הענגער אויפן וואַנט, די הענגערלעך אין שאַפע וואַרטן שוין אויף אירע קליידלעך. די פּאָליטשקעס אין דער צווייטער העלפט שאַפע וואַרטן שוין אויף אירע העמדער. זי וועט אפשר ברענגען אויך אַ צוגעלאַטעטע ליילעך, נאָר אַ ריינע. זי האָט נאָך נישט קיין וואָל און קיין זיידנס? נעמט זיך נישט צום האַרצן. זאָל זי מיר אַליין זיין, דאָס איבעריקע וועט קומען...

קום, טייערע, קום שוין גיכער צופאָרן! פאַר וואָס האָסטו מיר גאַרנישט געזאָגט? דו האָסט זיך אַזוי גיך אַרויסגעריסן פון מיינע אָרעמס און ביסט אָוועקגעלאָפן צום אויטאָבוס. וואַרט נאָר צו אַ רגע — פאַר וואָס האָסטו מיר נישט געזאָגט איך זאָל נאָך דיר קומען, דיך ברענגען אַהיים צו זיך? נישט אַזוי איז זיך די וועלט נוהג. רעד אויס נאָך איין וואָרט, מיר וועט עס דאָך בפירוש פאַרשאַפן פאַרגעניגן.

## ליולינקע, מיין קינד...

ס'זענען פאַראַן פּרטים אין לעבן, וואָס געדענקען זיך לאַנג: דבורהל איז פאַר־גאַנגען אין טראָגן מיט איר אייגענעם ווילן.

אַ יִינגעלע, אַ מיידעלע? אַ מיידעלע, אַ יִינגעלע? בעסער אַ מיידעלע... בעסער אַ יִינגעלע... איצט ווייסן מיר שוין, אַז ס'איז אַ יִינגעלע. נאָר דאַן, אַלע מאָל, ווען מיר זענען געווען צוזאַמען און ס'איז געווען שטיל אין שטוב, האָבן מיר געקליבן



איציק קיפּניס מיט זיין משפּחה אין יאָר 1933.

נעמען. נעמען ייִנגלשע, נעמען מיידלשע. די שענסטע נעמען האָבן זיך ערגעץ פאַרבאַהאַלטן, געוויינלעכע נעמען — ווייל דו ווילסט — קריכן אַהער. די געוויינלעכע זענען אויך אויסערגעוויינלעך שיין, ווי גאָלד, און קוויקן דעם געהער. ס'איז דאָך אונדזער קינדעלעס נאָמען.

זומער איז זי געווען מיט מיר איין מאָל לעם טייך. איך האָב זיך געבאָדן. זי איז געזעסן אויפן זאַמד. זי וויל אויך אין וואַסער אַריין. איך ווייס נישט צי מען מעג זי לאָזן. ווּעסט נישט צוקילן דאָס קינד? דאָס וואַסער איז וואַרעם אַ מחיה, שטיל, רויִק און ווייך. שפּילט זי זיך אַנטקעגן דער זון. דבורהל איז אַ גרויסע, אַ שטאַלטנע, מיטן שוואַנגערן בויך איז זי נאָך מער רייצנד. זי האָט נישט קיין באָדוועש, גייט זי אין איר דינעם פרויענהעמד, אַ באָרוועסע, מיט נאַקעטע הענט, שיינע פיס, די אויגן שפּריצן מיט פרייד, דער שמייכל — אַ געמיש פון חיות און ליבשאַפט. זי פּליושקעט זיך ביים ברעג אינעם וואַרעמען וואַסער, זי גייט ווייטער, זי שטרעקט צו מיר אויס די האַנט. איך קום איר אַנטקעגן. מיר האַלטן זיך בײדע ביי די הענט. איך טו איר צוליב און מיר גייען אַריין ביזן גאַרטל אין וואַסער. איר אויבערשטע טייל העמד איז טרוקן, די אונטערשטע העלפט איז שוין אין מיטן טייך מיט דעם וואַסער און איז אַנגעקלעפּט אָן אירע גלידער. זי הייבט די הענט און טוט זיך אַ טוק, ווי אַ

קאַטשקעלע, און קוועלט. איצט פיר איך זי אַרויס פון טייך. זי דרייט אויס אויפן ברעג דעם נאַסן טייל העמד. איך פאַרשטעל כלומרשט איר טייערע ריינע גאַקעטקייט פון זייטיקע בליקן. דער פּליאַזש איז פול מיט מענטשן, נאָר זיי מישן זיך נישט צו אונדז און מיר מישן זיך נישט צו זיי. מיין גרויסע שטאַלטנע דבורהל איז גליקלעך אָן אַ שיעור. זי מעג מיך אומבאַמערקט אַ קוש טאָן. איך — זי. קיינער וועט אונדז נישט שטערן. אונדזער שטאָט, אונדזער טייך, אונדזער פרייע צייט. געווען זענען מיר דאָ אינעם דאָזיקן צושטאַנד איין איינציק מאָל.

און די צייט גייט זיך.

דבורהל רייבט זיך איין די ברוסט מיט אַזאַ זאַלב (איינציקע קימפּעטאָרינס ליידן שרעקלעכע יסורים פון פאַרהאַרטעוועטע ערטער אויף דער ברוסט, דערום נוצט מען פּראָפילאַקטישע מיטלען). דבורהל וויזט זיך פון מאָל צו מאָל צו אַ דאָקטער. ס׳הייסט קאָנטראָלירן זיך. מיר לעבן זייער געענגט מאַטעריעל. מיר זענען נישט די איינציקע, אָבער סיי ווי איז אונדז גוט... מיר קלערן נאָר: דאָס וועלן זיין ווינדעלעך פאַר דעם קינדעלעס וועגן, דאָס וועט זיין אַ העמדעלע, דאָס וועט זיין אַ קאָלפּעקל.

אַז דאָס קינדעלע איז שוין געווען, פלעג זי אים מיט גרויס ליבשאַפט רופן: „מאַלענקאַיאַ טשעפּוכאַ״* (אפשר וועט איר מיר אונטערזאָגן, ווי אַזוי קומט עס אויס אין יידיש). נאָך בשעת זי האָט נאָך געדאַרפט ערשט ווערן אַ מאַמע, האָט זי נישט איין מאָל געדענקט, אַז מע קען נאָך אַ מאָל פון קימפּעט שטאַרבן אויך:

— אוי — אוי — אוי...

מיין מאַמע איז ביי אונדז געווען צו גאַסט. נישט קיין יידישע שנור זאָל זיין אַזאַ גרויסער נחת? מע קאָן נישט זאָגן. דאָך האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן וווּיל, מענטשלעך שיין. ווען די מאַמע האָט זיך אויסגעקליבן פאָרן אַהיים, איז דבורהל געווען אין אַכטן חודש. איך זע, ווי די מאַמע געזעגנט זיך מיט דבורהלען. זי ווינטשט איר אַ גרינגען איבערקומען, און איך זע, ווי ביי בײדע פרויען שטייען טרערן אין די אויגן. אַ מאַמעס האַרץ — איין מאָל, און אַ פרוי דערצו פילט דער צווייטער פרויס געמיט — צוויי מאָל. איך בין געגאַנגען דורכפירן די מאַמע. דבורה דאַרף בלייבן אין שטוב. נאָר איך האָב זיך אויף אַ רגע אומגעקערט אין צימער אַריין, ווי איך וואָלט דאָרטן פאַרגעסן עפּעס מיטנעמען. האָב איך זיך אומגעקערט און געקוקט אויף דבורהס פאַרוויינט פנים, געקושט די נאַסע אויגן, זי צוגעדריקט גרינג צום האַרצן, איר אויסגעווישט דאָס פנים. זי האָט מיר געגלעט דעם קאָפּ און איך בין גיכער אַוועקגעגאַנגען צו דער טיר, צו דער מאַמען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

---

* Маленькая чепуха.

און אַט פיר איך שוין דבורהן אין געבורטהויז...

אַ פּאַרק, אַ פאַרשנייטער, נישט קיין גרויסער, נאָר אַ געדיכטער. צום אוניווער־סיטעט גייט ער אַרויס גלייך אויפן טראָטואַר. אַהער, אויף טערעשטשענקאָווער, גייט ער אַראָפּ מיט צען טרעפּלעך. ווי אַזוי גייט זי, די טערעשטשענקאָווער? איין זייט איז פּאַרק, די צווייטע זייט — הייזער, שיינע, הויכע, געפּוצטע מיט טונקעלן גראַניט, ערנסטע, בכבודיקע, הויכע פענצטער. די פענצטער איבער די טרעפּ מיט די פּאַראַדנע טירן זענען אין גאָטישן שניט, די הייזער־שפּיצן לעבן די דעכער — הויך. רעכטס צו פון אוניווערסיטעט, אויך נישט ווייט פון פּאַרק, אַ סקווער אין דער גאַנצער לענג פון שעווטשענקאָ־גאַס מיט אַ שיינער פּערספּעקטיוו. און דאָ, כמעט אין איין אַנסאַמבל מיטן אוניווערסיטעט, גייט דעם פּראָפעסאָר קרופּסקעס קליניקע.

מיר קערן זיך אָן מיטן געבורטסהויז פון דער קליניק. אַהער איז דבורה צוגע־פּעסטיקט. אַהער האָב איך דבורהן אָפּגעפירט „צופיסלעך", און דאָס נאָך נעכטן גאַנץ פרי, אָפּגעפירט מיט אַ לאַנגזאַמען כמעט רויִקן גאַנג. זיי האָבן געזאָגט, אַז ס'איז אַ ביסל צו פרי, מע וואָלט נאָך געקענט זיצן אַ מעת־לעת אין דער היים. נאָר נאָך אַ קורצן איבערלייגן זיך האָבן זיי באַשטימט זי איבערלאָזן...

און איך גיי שוין צוריק. דער באַשנייטער פּאַרק אַנטקעגן דרודלט מיך אָן מיט טרערן, טרערן אַ פולער האַלדז, אַ פולע ברוסט. פון יענער זייט פּאַרק, אין רעכטן ווינקל פון אוניווערסיטעט־הויף, אין וואַרעמע שפּיטאָל־צימערן, גייט זי אפשר שוין אַרום נאָר אין איין העמד און טוט אַלע מאָל אַ געשריי נישט מיט איר קול... מיין ווייב... אין נאַסע און שווערסטע ווייטיקן וועט זי אפשר באַלד אַרויסלאָזן אויף דער ליכטיקער וועלט מיין און אונדזער ביידנס קינד, אַ יינגעלע, צי אַ מיידעלע. די דאָקטוירים האָבן איר געזאָגט — לויט אַלע סימנים — אַ יינגעלע. וועט זי לעבן בלייבן מיין טייערע? מיין איינציקע... און ס'וויינט זיך מיר אינווייניק מיט ציטער און געבעט. די טרערן זענען נישט קיין אָנגעבעטענע, זיי שפּאַרן אַליין.

## זי זאָל געווען וויסן

לייבעלען האָבן מיר געבוירן, ווען מיר האָבן נאָך געוווינט אויף טאַראַסאָווער. אַז מיר גייען אַהיים, גייען מיר אַראָפּ אַ באַרג. איצט בין איך געגאַנגען דורך וולאָ־דימירער. אַ פּשוטע פרוי, אין פּראָסטן אָנגעטאָן, גייט באַרג אַרויף. זי טראָגט אין דער פאַרפרוירענער האַנט אַ פלעשעלע מיט ראָזער פליסיקייט. דאָס פלעשעלע איז אַ זעכצנטל פון אַ ליטער. וועדליק זי האַלט עס „נאַפּאַקאַז" דאַרף מען פאַרשטיין, אַז זי וויל עס פאַרקויפן. שיין, זייער שיין. איך בין אַ קונה אויף אַלץ. מאָרגן ברענגען מיר אונדזער טייערע קימפּעטאָרין מיטן קרוינפּרינץ אַהיים. איך האָב אים שוין געהאַלטן אויף די הענט. איין מאָל ביי אַ באַזוך האָט זי אים מיר אַרויסגעטראָגן

און דערלאַנגט. און אפשר נאַרט מיך אָפּ די פאַרשטעלונג, אפשר האָט זי אים מיר געגעבן אויף די הענט, ווען זי האָט זיך שוין אָנגעטאָן אויף גיין אַהיים?

דערווייל פרעג איך ביי דער פרוי, וואָס איז ביי איר אין דער האַנט.

— ספּירט.

— צו וואָס באַנוצט מען אַזאַ ספּירט?

שמייכלט זי, וואָס די מאַנצבילן פאַרשטייען נישט פון דאַנען אַהין:

— וואָס הייסט אויף וואָס? אויף אַ קאָמפּרעס איז עס גוט, אויף פונאַנדערצינדן דעם פּרימוס איז עס גוט, אויף צעהייצן אַ ספּירטמאַשינקע איז עס איינס אין דער וועלט.

— פאַרקויפט איר עס?

— איך קען אייך פאַרקויפן.

— נישט טייער? וויפל וועט איר בעטן?

— איך בעט קיין מאָל נישט טייער. איין דריירערל. איצט קריגט מען עס נישט, עס איז אַ מציאה פאַר אַ גנב.

איך פיל אַליין, אַז עס איז אַ מציאה. גאָט האָט מיר צוגעשיקט פּשוט אַן ערנסט־לעכע פרוי, נישט קיין באַרייסערין. „פאָ רוקאַם!" * דאָס דריירערל איז ביי איר, דאָס אָנגעוואַרעמט פלעשל — ביי מיר, זי גייט אין קראָם אַריין, איך גיי מיט מיין געפינס אַהיים. ווי דען? דבורה וועט מיך נישט לויבן? זי וועט מיך געוויס לויבן.

קוים דערלעבט דעם טאָג פון נעמען מיינע לייט אַהיים האָב איך געדונגען אַ דראָזשקע מיטן בעסטן פערד, אויף רוסיש געזאָגט „סערי וו יאַבלאָקאַך". לויט מיינע עשירות איז אפילו קוקן לאַנג אויף אַזאַ פערד טאָר איך זיך נישט פאַרגינען. נאָר איצט מעג איך ביי זיך פועלן, אַז דאָס שענסטע פערד אין דער וועלט זאָל אונדז פירן, מיך מיט דער קעניגין, מיטן קרוינפּרינץ.

— צו וואָס? — האָט מיך דבורה איבערגעפרעגט, — מיר וואָלטן פאַמעלעכן פאַרגאַנגען.

— נאָ דיר גאָר אַ משל! קומט אויף דער דראָזשקע... און... ס'איז מיר אָפּגע־גאַנגען, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיך מיט אונדז פרייען. זאָלן זיי זען, ווי אַזוי מיר פאָרן, זאָלן זיי זען ווען איך פיר!

פריידקע, מיין שוועסטער, איז געקומען. זי האָט אַ ביסעלע פאַרשפּעטיקט. זי אַרבעט דאָך. דבורה האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף נישט, נאָר פריידקע האָט זי נישט געהערט, האָט אין דער גיכן צוואַשן די דילן, האָט אַפילו אויסגעווישט מיט אַ פייכטן שטיק טוך דעם שטויב אונטערן בעט, אויף וועלכן די קימפּעטאָרין האָט זיך צוגע־לייגט. דער קרוינפּרינץ איז ביי אונדז געלעגן אין אַ גוטן, זייער ריינעם אויסגע־

---

* אָפּגערעדט!

שפּרייט און אויסגעבעטן פּאַניערענעם קופּערט אויף צווי בענקלעך און איז געווען שיין, אין זיין פּנימל נישט אַריינקוקן. פריידקע האָט געמאַכט טיי. זי האָט געבראַכט מיט זיך אייגן געבעקס. ביילקעלען האָט מען נישט געקענט אָפּרייסן פון וויג זי זאָל גיין צום טיש. דאָס טישל האָבן מיר אויך צוגערוקט דבורהקען צום בעט.

איך האָב זיך פאַר איטלעכן באַרימט מיט מיינע מציאות, וואָס איך האָב פאַרגרייט נאָך איידער איך האָב געבראַכט מיינע געסט אַהיים. מע האָט מיך געלויבט, כאָטש אין זייער שמייכל איז עפּעס געווען אַזעלכעס, ווי מע וואָלט געלויבט אַ קינד, וואָס נעמט זיך איבער, ווייל ס׳מיינט, אַז ס׳האָט עפּעס אויפגעטאָן. אָבער עס איז דאָך פאָרט אַ מציאה, דערצו נאָך איצט, ווען ס׳דאָ אַ ברעקעלע קינד אין שטוב.

ערשט אין אַ וואָך אַרום איז דבורהקע אָנגעקומען צום ראָזן פלעשעלע ספּירט. איך האָב עס איר דערלאַנגט מיט שׂמחה און מיט פלייס. דאַרפן האָבן מיר דערווייל געדאַרפט אַ קלייניקייט, צעצינדן דעם פּרימוס. דבורהל האָט אָנגעגאָסן כמעט אַ פול שיסעלע (מ׳דאַרף גאָר נישט אָנגיסן אַזוי פיל, ס׳איז דאָך אַן איידעלע זאַך), אויס־געריבן אַ שוועבעלע, צוגעלייגט צום ספּירט... איך מעג שווערן, אַז איך זע שוין פאַר זיך דעם ראָזע־בלוילעכן פייער, וואָס שמעקט אַזוי איידל. נאָר דבורהל זאָגט:

— וואָס איז עס? פאַר וואָס וויל עס נישט ברענען?

— טאָקע פאַר וואָס?... גיב מיר, איך וועל! און כ׳בעט ביי איר אויס דאָס קעסטעלע שוועבעלעך און ס׳ברענט ביי מיר אויך נישט. דאָס אָנגעצונדענע שוועב־בעלע לעשט זיך.

— וואָס זאָל עס באַדייטן? וויז נאָר אַהער! אָבער שמעקן שמעקט עס?

האָבן מיר עס שוין גענומען צו דער נאָז אויך... וואַסער!... צוגעפּאַרבטע וואַסער מיט אַ מאָנעלע מאַרגאַנעץ...!

אַן איינפאַל פון אַ ווייבל! פּשוט נעמען און אָפּנאַרן אין מיטן העלן טאָג?... און נאָך וועמען?... מיך!... איך האָב מיט איר אַזוי גוט גערעדט. און בין געווען אַזוי שטאָלץ ביי זיך מיט די צילן צוליב וועלכע עס איז געקויפט געוואָרן. זי זאָל געווען וויסן, וואָלט זי אפשר מיט מיר אַזעלכעס נישט אָפּגעטאָן...

דבורהל האָט גוט געלאַכט פון מיינע מציאות, האָט אָפּגעזוכט אַ ביסל קעראָסין, נאָר פריִער דאַרף מען דאָך אויסווישן מיט אַ שמאַטקעלע די וואַסער פון פּרימוס־שיסעלע. אַך, בין איך אויף יענעם ווייבל געווען ברוגז! ס׳האָט גאָר קיין האַרץ נישט! איך מיט אונדזערע ליידיקע קעשענעס האָב געוואָלט ברענגען עפּעס אַ יום־טובדיקס אַהער, זאָל זיין אַפילו אינעם קליינעם פלעשעלע מיטן ראָזן ספּירט פאַר דער מאַשינקע.

## מיינע טעפּיכער, מיין גאָלד און מיין זילבער

מאַכט זיך אַ מאָל אַ נאַרעלע, וואָס איז גוטמוטיק, קיין מאָל נישט איינגעגעסן. אויב איך האָב איינעם אַזאַ צווישן מיינע באַקאַנטע נאָך פון די קינדער־יאָרן, איז ער באַהאַלטן ביי מיר אין זכרון מיט ליבשאַפט. ווען איך ריר זיך אָן אים אָן אַפילו אומדירעקט, איז ער מיר ליב און טייער, אַפילו געשמאַק.

אַז איך שטעל זיך צו צו אים פאַר אַ שותף אין נאַרישקייט, ווען איך רוף זיך אַליין אָן מיטן נאָמען „נאַרעלע", הייסט עס, אַז איך טייל זיך צו פאַרגעניגן אין דער רגע, אַז איך אַליין מיט דער אייגענער האַנט וויל זיך אַ פעסטע טאָן, זיך אַ גלעט געבן.

דער נאַרישער אייזיקל שלעפּט אַהיים ביכלעך פון אונדזער ליטפאָנדישער קראָם, פון אַנדערע באַקענטע קראָמען, און אַ מאָל בייט מען מיט אַ באַקענטן. פיל מאָל, ווי געזאָגט, האָט נישט געסטייעט אויף מיטאָג, אָבער דבורהל... (זי וויל נישט איך זאָל פאַרציִען איר נאָמען, אים פאַרקלענערן. עס קומט אויס ביי איר, אַז מען קרימט זיך נאָך פון איר, ווען מע פאַרציט איר נאָמען מיט אַ צערטלעכער פאַרקלע־נערונג. — רוף מיך „וועראַ", רוף מיך „דבורה", אַזוי איז בעסער, — בעט זי זיך. נאָר דאָס, וואָס איז מיין אייגן העמד צום לייב, דאָס, וואָס ס'איז מיין היים, דער אָטעם פון מיין שטוב, איז נישט אויף דער וואָג און מאָס: מיין „אין זיך" וויל זי נישט פאָלגן און, כאָטש ביני לבין עצמי, זאָג איך „דבורהל").

יאָ, קענט איר דאָך אַוודאי נאַטירלעך טרעפן און זאָגן: — שלעפּ אַהיים ביכלעך, שלעפּ, וועסט פון דיינער קריגן אַ גאָב?!! יאָ, ס'איז אי לאָגיש, אי נאַטירלעך, נאָר ס'זענען דאָך אינעם לעבן דאָ אויסנאַמען אויך! מיינע איז אין דעם זין אַן אויסנאַם! אויף וואַרמעס האָט מען טאַקע קוים צונויפגעשלעפּט. אויף אויסקויפן ביכער האָב איך בפירוש געליגן (געוועגדט ביי וועמען, געוועגדט אויף וויפל), און אַז איך רייס זיך אַריין אין שטוב אַ פאַרשמייעטער מיט מיין יאַריד „סחורה", בין איך בפירוש גרייט אָפּכאַפּן אַ גאָב. ווי דען? ס'קומט מיר נישט? אָבער געזונט זאָל זי זיין! איך טרעף זי פונקט ביים טיש קלייבן אַרבעס. קערט זי זיך אויס אַ קוק צו טאָן, ווער ס'איז אַריין... אַ־האַ... ס'איז איך...

— שוין ווייטער ביכלעך? זע נאָר, אַ סך...

איך דאַנק גאָט, וואָס זי איז אויף מיר קיין קאַפּל נישט בייז. נאָר זי לאָזט מיך נישט טראָגן די קראָם צו מיר אין קאַבינעט אַריין.

— וווהין שלעפּסטו? גיב נאָר אַהער... — און זי שאַרט אָפּ די שיין־צעשאָטענע אַרבעס, וואָס אין זייער אומאָרדענונג פילט זיך אַ צעקייקלטע אָרדענונג.

זי לאָזט איבער דעם אַרבעס, צעבינדט ביידע פעקלעך ביכער און נעמט זיי איבערקוקן. איינציקווייז, איינציקווייז עפנט זי אויף ס'טאָוועלע, טוט אַ לייען, טוט

אַ מיש — גוט... און ליגט עס אַוועק לעבן זיך, אַ מאָל אַפּילו אונטערן עלנבויגן, ווי עמעצער וואָלט וועלן ביי איר אַוועקנעמען. גוט... זי טוט אַפּילו אַ גערנדיקן שמייכל: — און דאָס דאַרפסטו אויף כּפּרות, — זאָגט זי, — אַבי שלעפּן אין שטוב אַריין און זיך אונטעררייסן ס׳געזונט. וויפל קאָסטן זיי?... ווּהין זשע נעמסטו זיי צו?

— איך וועל מאַכן פאַר זייערעטוועגן אַן אָרט אין שאַפע.

און איך צעשטעל אַ פּריילעכער, ווי נאָך אַ גוטן יאַריד, מיינע מציאהלעך, וואָס ווּהין ס׳געהער. קופּרינען רוק איך צונויף, ביאַליקן שטעל איך אַוועק פון פאַרנט, נעענטער צום גלאָז. אָסקאַר וואַיילדן... אָסקאַר וואַיילדן וואָלט איך גערן פאַרביטן אויף אַ בעסערער אויסגאַבע. בערדיטשעווסקי זאָל דאָ שטיין. און קנוט האַמסון, אַ רוח אין זיין באַבען אַריין, סאַראַ מין כּישוף־מאַכער, ווי אַזוי קיין איין וואָרט גייט ביי אים נישט לאיבוד. (פּונקט ווי מע זאָגט אויף רעמבראַנטן, אַז ער געהער נישט צו די קינסטלער, וואָס אויב זיין מאָדעל גייט אין אַ הוט, פאַרשפּאַרט מען שוין שרייבן דעם קאָפּ, און אויב די מאָדעל גייט אין אַ ראָק, פאַרשפּאַרט מען שוין שרייבן די לאָפּעטקע און די פּלייצע אינעם ראָק: ער באַנוצט זיך נישט מיטן איינשפּאַרן, ביי אים איז אַלץ אויסגעשריבן, זיין פּענזל האָט גאָרנישט דורכגעלאָזן)... דאָס זעלבע געפיל האָב איך, ווען איך לייען דעם דאָזיקן נאָרוועגער. וואָס מער דו לייענסט אים אַריין, אַלץ מער נייס אַנטפּלעקט זיך פאַר דיר, אַלץ מער געהיימעניש, מיט וועלכע דאָס לעבן איז פול. אויב ער באַשרייבט דאָס מענטשיש לעבן — איז דאָס שוין באַשריבן. איך האָב פון אים דאָ אַ פולע אויפלאַגע, און פון אונטן, אין שאַפע, האָב איך פיר בענד זיינע, מיט אַ געפּרעסטן איינבינד. מיר זענען טייער אי די, אי יענע. ס׳ווילט זיך מיט זיי נישט שיידן. בלאָקן האָב איך צוויי מאָל, ביאַליקן האָב איך כּמעט דריי מאָל, כאָטש ביאַליק לעבט שוין נישט, נאָר זיינע ווערק זענען נאָך ביי מיר נישט אין גאַנצן צונויפגעקליבן. ס׳פעלן קלייניקייטן, נאָר ווער וועט זיך דערוועגן זאָגן אויף ביאַליקס קלייניקייטן, אַז זיי זענען קלייניקייטן? הזהרו בגחלתן של תּלמידי חכמים. אַי, ביאַליק, ביאַליק! געציילטע חברים, אַז זיי טרעפן אים ביי מיר, פאַרשטייען זיי ווי צו באַוווּנדערן די רייכקייט, וואָס איך פאַרמאָג. אויפן ערשטן שרייבער־צוזאַמענפאָר האָט ביי סאַשע ביטערזאַלץ * געקלעקט טיפּשות אַ געשריי טאָן פון זאַל צו גאָרקין: — אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש, ער איז דאָך אַ פּאַשיסט!... האָט אים גאָרקי געענטפערט: — אַנטשולדיקט, אָפּט קלייב איך זיך נישט פּינקטלעך פונאַנדער אין פּאָליטיק, נאָר אין ליטעראַטור פאַרשטיי איך נאָך אַ ביסל: ביאַליק איז געניאַל...! דעם ערשטנס טיפּשות איז פּשוט מקנא צו זיין: אַליין כּלומרשט אַ פּאָעט און אַזוי פאַרשטייט ער ביאַליקן... ס׳איז אַ מדרגה פון אַ שטיק האָלץ!

אַ מאָל דוכט מיר: גענוג איך זאָל האָבן ביי זיך אין שאַפע איין ביאַליקן!

---

* געמיינט — איציק פעפער.

זיין שירה, פּראָזע, דברי ספרות (איך האָב אויך די אַגדות) — קען איך זיין באַזאָרגט מיט רוח־הקודש אויף אַ צייט. און ווייטער: טאָלסטוי און טשעכאָוו זענען אַנטיקלעך. מאָפּאַסאַן, זאָל מיר נישט פאַרשטערט ווערן, פלאָבער... צי דען איז ער געווען אַן אַלטער בחור?

ווער, ווער, אַז איך פּאַרקע זיך לעבן שאַפע, גלוסט זיך דעם אַ גלעט געבן, צו דעם טוט זיך ביי דיר אינעווייניק אַ צי „מיר זאָל זיין"... און אָט שטייען ביי מיר דער גרויסער תּנך מיטן קליינעם תּנכל, און אָט אַ ביסעלע נישט אויף קיין בכבודיקן פּלאַץ שטייען ביי מיר 6 משניותן. רבונו־של־עולם, ווי אַזוי מאַרקירט מען אויס, אַז אַלע שאַפעס מיט אַלע פּאָליצעס זאָלן זיין גאָלע אויבנאָן, גאָלע מזרח־וואַנט. יעדערער איז עס אויף זיין אופן ווערט. און וואָס מיינט איר: אויב האָפּשטיין און יעסעניןֿ, לייוויק און מאַני־לייב, משה־לייב און זינגער, נסתּר און פּרץ מאַרקיש — אויב די מערסטע פון זיי זענען היינטצייטיקע, וואָס קומען מיט מיר צוזאַמען אין איין און דער זעלבער שעה אין פאַרלאַג אַריין שענדן דאָס פּנים ביי אַ נבזיקל אין קאַבינעט, כאַפּן אַ שטיקעלע פּרנסה, אַן איבערזעצונג, אַן אָפּמאַך, אַן אַוואַנס, וועט איר זיך דערלויבן קלערן, אַז אין שאַפע ביי מיר וועלן זיי האָבן אַ מאַנגל אינעם פּלאַץ? אוי, מיינע טייערע, איר האָט דאָך דאָס זיכער נישט געקלערט! ס'לויכט מיר און ס'שפּיגלט מיר פון זיי. ביי יעדן האָב איך וואָס צו לערנען. פון יעדנס פּנים שיינט צו מיר אַראָפּ די שכינה און זיי זעטיקן מיך מיט גייסטיקן תּענוג.

מיינע שאַפעס זענען רייך, אויב די חברימס ווערק הויזירן ביי מיר. אויב מיינע שאַפעס זענען רייך — בין איך רייך. דבורהל ווייסט, ווער ס'איז מיר ליב, כאָטש זי האָט נאָך נישט אויסגעלערנט דאָס לשון, זי וועט עס אפשר קענען. ביילקע און דער געלינקער הערשעלע, ווייסן ווער ס'איז מיר טייער, זייענדיק אין אַ יידישער שול. לייבעלע זעט אויך וועלכן ספר איך גלעט מערער און טו צו אים אַ לויף ער זאָל דאָרט נישט צעבייגן אַ טעוועלע.

אַנדערסאָן איז ביי אונדז דאָ? ווי דען!? דאָ! יהודה שטיינבערג? אַ ביסעלע איז דאָ. איך וועל אים אפשר נאָך צונויפשלעפּן... די קליינע ענציקלאָפּעדיע, וואָס קומט מיר שטאַרק צו נוץ, איז אויך דאָ. פּאַר געטריישאַפט ווייס איך גאָר נישט ווו זי צו שטעלן. רייזינס לעקסיקאָן איז ב"ה אויך דאָ. זאָל ער לעבן און זיין געזונט דער האַרעפּאַשניק, דער תּלמיד חכם, די איידעלע נשמה. ער האָט דאָך מיר אויך איינגעטיילט עמודימלעך, הייסט עס, אַז ער האָט מיך אויך געלאָזן איינשטיין צווישן גרעסערע און קלענערע, באַליבטע און שטאַרקע, אָנגעליטענע (אין דער מערהייט) און געקעכלטע (ווו ניט ווו)... ס'איז אויך פאַראַן די יידישע ענציקלאָפּעדיע אין רוסיש. יעדער יידישע שטוב וואָלט זי דאַרפן האָבן. ווען איך בין נישט אַזוי פאַר־נומען, וואָלט איך טאָג־אויס טאָג־איין איבערגעשטעלט די ספרים אויף די פּאָליצעס. און ווו איז טשערניכאָווסקי? ווער האָט ביי מיר גענומען טשערניכאָווסקין? איך האָב

דאָך אים נאָר איינעם. אפרים קאַגאַנאָווסקין האָט איר עפּעס? איר מעגט זיך מיט אים באַקענען. און גנעסינען — גאָט באַהיט איך זאָל אים עמעצן אַוועקגעבן אויף לאַנג. גנעסינען? איר האָט דען אַ באַגריף אין אָט דער רייכער אַנגעליטענער נשמה? ווו זאָל איך אים אַוועקשטעלן? דערצו האָב איך נאָך אַ שאַפע מיט אַ ביסעלע מאָלע־ריי, מאָנאָגראַפּיעס, רעפּראָדוקציעס, געשיכטע פון קונסט. ס'איז נאָך ווייט פון אַ סדר, נאָר יעדער קאָלירט ווערק איז אַליין פאַר זיך אַן אוצר...

דבורה נעמט מיך אַראָפּ פון די הימלען. זי רופט מיך עסן מיטאָג. זי זאָגט: „שוין דאָס דריטע מאָל, אַז זי רופט מיך און קען זיך צו מיר נישט דעררופן"... נו, גוט. מיר גייען עסן מיטאָג. אם אין קמח אין תורה. נאָך אַ נס, וואָס ס'איז דאָ מיטאָג. נו, אַ דאַנק גאָט. די קינדער זענען שוין געקומען? וועל איך צעוואַשן די הענט און לאָמיר טאַקע גיין עסן.

## אין אַזאַ שיינעם וווּנדערלעכן פרילינג־טאָג

ווען מיר האָבן זיך באַקענט מיט דבורהלען, איז נאָך אפשר דאָס אָרט זיינס געווען וואָרעם...

אַוועק איז ער אין מײַ, געטראָפן האָבן מיר זיך מיט דבורהלען אין יוני. ווען מיר פלעגן גיין מיט איר אויף לוקיאַנאָווער בית־עולם, פלעג זי זיך שוין די ערשטע אָפּשטעלן דאָרטן. אַזוי אויך צוריקגייענדיק פלעגן מיר זיך דאָרטן פאַרהאַלטן אַ ביסעלע לענגער און מערער, און, פאַרשטייט זיך, שווייגן.

נאָר מיר האָבן, דוכט זיך, אָנגעהויבן פון צו נאָענט. לאָמיר זיך אַ קער טאָן צום „פרי:ער".

אין וואָלפּע — אַ שטעטעלע אין דער ליטע — איז צום סוף פון פאָריקן יאָר־הונדערט (1898), אין אַן אָרעמער יידישער משפּחה, געבוירן געוואָרן דאָס צווייטע יינגעלע. צו די אַכט טעג האָט מען אים געיידישט און אַ נאָמען געגעבן, ווי ס'פּירט זיך ביי יידן, מרדכי (מאָטל, מאָטעלע). שפּעטער זענען נאָך קינדער געקומען אויף דער וועלט. אין שטוב — דחקות, ענגשאַפט, מען זיט טוטין, דאָס שטיקל ברויט קומט אָן מיט קריעת ים־סוף. אָבער קינדער זענען אַליין אַן אוצר פון פרייד, וואָס מע ציילט עס גאָרנישט יעדן טאָג. עס קוועלט ווי פריש לויטער וואַסער אומבאַ־מערקטערהייט.

אָט דער מאָטל — אַ גרויסינקער, אַ ליכטיק געזיכט, אַ לויטערער מוח, האָט זייער גוט געלערנט אין חדר און דערנאָך אין ישיבה. ער האָט געקוקט אויך אין היינטיקע ביכער. דעם טאַטן הערלעך געהאַלטן, די מאַמע ליב געהאַט. זיך דערפרייט מיט דער רעוואָלוציע אַזוי ווי אַלע. זיך אָנגענומען מיט שווערקייטן אויך אַזוי ווי אַלע. אַ קליינִיקייט: די צייט פון דעניקינען אין כאַרקאָוו, ווען ער האָט געלערנט

אין גראָדנער לערערשול און דער טיפּוס מיט דעם נישט־דערעסן האָבן געוואָלגערט פון די פיס אי חברים, אי לערער; ווען דאָס לעבן איבער די וויסע רויבערס און קוילערס האָט געהאַנגען יעדער טאָג אויף אַ האָר. און דאָך — זיך אויסגעגלייכט! און דאָך — געקומען צו אַ וועג!

מאָטל איז געווען אַ געטרייער לערער און אַ גוטער חבר. זיך געקאָכעט אין שרייבער און האָט שוין אַליין פיל געלייענט און געשריבן, געזאָפּט אין זיך, וואָס חברים און עלטערע שרייבער האָבן געשאַפן. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ דיכטער, פאַרפאַסט לידער לויט זיין אייגענעם געשמאַק. אין זיי האָט ער געזען — קינדהייט, לויטערע ווייטן, ליבע צו די עלטערן, יונגע ליבע צו פרויען. ער האָט געפירט אַ קאַמף אין זיינע שורות און טיף איבערגעלעבט פאַר דער קריוודע פון דעם אָרעמאַן. מיטן האַרץ און מיטן מאַרך פון די ביינער האָט ער געהאָפט און שטענדיק באַמיט זיך אַריינטראָגן אויך זיין חלק אין דער אויסלייזונגס־ליד.

די צייט פונעם בירגערקריג, די שווערע גילגולים פון לעבן האָבן נישט ווייניק צעשמעטערט דעם מאָטאָר אין זיין וווקסיקן ראַסיקן קערפּער. און ער האָט אַזוי ווי נישט געהאַט קיין צייט זיך שטעלן אויף רעמאָנט. גאָט האָט אים צוגעשיקט אַ גלייכן פון אונדזערע שטעטלעך — אַ טרייסט אין אַלע אברים. פון צוויי זענען זיי אין גיכן געוואָרן, אין אַ גוטער און מזלדיקער שעה — דריי: אַ געלינק מלא טעמדיק יינגעלע, אַ הערשעלע.

דאָס לעבן האָט זיך אַזוי פיין איבערגעפלאָכטן מיט אמתער פּאָעזיע, אַז גאָט און לייט האָבן הנאה געהאַט אויף זיי קוקנדיק. נאָר האַרעוואַניע איז אויך צוגעקומען אַ פּוד — לערער־אַרבעט און דערציִונגס־אַרבעט אין אַ גרויסן יוגנטהויז. די שילער האָבן אים געשעצט און געגלויבט אין אים. ער האָט שטענדיק געפילט זייער אָפּענע און באַהאַלטענע ליבשאַפט.

אין אַ צימער אין יוגנטהויז האָט ער געוווינט מיט פרוי און קינד. דערנאָך דערלעבט די פרייד פון קריגן אַליין אַ צימער, אָבער דער האַרצפעלער האָט אים אַנידערגעלייגט אויף וואָכן. און טאָמער איז ער דאָך אַרויס אויף דער אַרבעט, האָט עס אים אין אַ קורצער צייט אַרום אַוועקגעלייגט אויף חדשים. דער פּראָפעסאָר, דער מענטשנפריינד איסערסאָן, האָט נישט פאַרפעלט קומען אַ טאָג איבער אַ טאָג. אויך געפּרוּווט רופן אַ קאָנסיליום פון אָנגעזעענע פּראָפעסאָרן. נאָר נחת איז שוין שווער געווען פירצוזען...

אָט דער יונגערמאַן, וועגן וועלכן מיר רעדן איצט, דער הויכער און שטאַלטנער שאַטען, וואָס האָט געוווּסט אַ פרייז פאַר אָרנטלעכקייט (מעג אויף אים אַ פלינקערער און געשיקטער קאָפּקע־ליבהאָבער קוקן ווי אויף אַ „נאַר", עס האָט אים דער גראַשן נישט איין מאָל גוט געפעלט, נאָר ער האָט פאַר יענעמס „חכמה" געהאַט אַ פרייז) — אָט דער מאָטל איז געווען מיינער אַ חבר. ער פלעג מיך כמעט ביי יעדער באַגע־

געניש אונדזערער ליב האָבן שטאַרקן אין מיין אַרבעט. ער איז אויך געווען מיין שוואָגער — פריידקעס מאַן, הערשעלעס טאַטע (און אַ געטרייער מיטגליד פון אונדזער משפחה). שוין אַפילו אין די לעצטע טעג פלעג ער צורופן צום קראַנקנ־בעט פריידקען און איר זאָגן מיט אַ צעלויכטענעם גלויביקן בליק, אַז ער איז זיכער, זאָל אים נאָר גאָט געבן אַ גאַנצע רפואה, דאַן וועט ער זיך אין גאַנצן אויסגלייכן און וועט געבן דעם ווייב מיטן קינד אַזאַ שיין לעבן, אַזאַ לעבן, וואָס די וועלט האָט עס נאָך נישט געזען... און ער פלעג אַפילו אויסרעכענען זאַכן, וואָס קענען מאַכן רייך דעם מענטשנס געמיט.

אין איינעם אַ פאַרטאָג איז צו מיר געקומען פריידקע אַ פאַרוויינטע... מיט קיין ווערטער האָט זי מיר גאָרנישט געזאָגט. אין האַרצן האָט זיך ביי מיר עפּעס אָפּגעריסן (כאָטש מע איז שוין געווען גרייט צו דעם). איך האָב זיך פאַר איין רגעלע אָנגעטאָן און מיר זענען אַוועק...

עס זענען געקומען שרייבער. לערער זענען געקומען, קינסטלער, שילער און אַפילו געוועזענע שילער — איצט שוין דערוואַקסענע. דער טאָג פון דריטן מיַי 1931סטן יאָר איז געווען שיין, אַזוי שיין, אַז אין אַזאַ טאָג דאַרף אַלץ נאָר לעבן און בליִען און עטעמען פריי.

די יִדישע מלוכישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט גענומען דעם דיכטער שאַפּיראָס לוויה אויף איר חשבון און האָט אויך צוגעשיקט אַן אָרקעסטער. מיר איז אַ מאָל שווער פון צו פיל „אָנגעזעענקייט״ סיי פאַר זיך, סיי פאַר מיינע נאָענטע. אין אמתן טאַקע, צו וואָס דאַרף מען אַן אָרקעסטער ?... פריידקע האָט זיך בכלל נישט געמישט אין קיין זאַך. אָבער איך בין געווען נישט גערעכט. אָט דער שטילער, אָרנטלעכער, הויכוווקסיקער יונגערמאַן איז שוין גראַדע ווערט געווען דעם כּבוד, וואָס מען האָט אים אָפּגעגעבן. און אַלע האָבן איצט אָפּן געזען, אַז פאַר זיין ווינציק דורכגעלעבטן לעבן האָט דער יונגערמאַן אין זיין ערלעכקייט זייער פיל באַוויזן.

דאָס מעש גיסט ברייט זיינע אין האַרצן־גייענדיקע קלאַנגען. די שפּעדיק צע־פלאָסענע קלאַנגען צעגייען זיך איבער די זון־באַגאָסענע גאַסן אין דער הויך און אין דער ברייט. די וויברירנדיקע לופט ווערט איינגעזאַפּט אין די קלאַנגען און די קלאַנגען — אין דער לופט און אין דעם ים מיט זונענשיין. דער קאַטאַפאַלק באַוועגט זיך מיט אַ געזעצלעכער לאַנגזאַמקייט. און פונקט מיט אַזאַ לאַנגזאַם־צעמאָסטענעם טראַט זענען ביי אַ הונדערט מענטשן געגאַנגען דורך גאַסן און גאַסן, דורך ברייטע און שמאָלע, בערגיקע און גלאַטע. דורכגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אומעטיק באַגלייט אונדז מיט די בליקן אַזוי ביז צום לוקיאַנאָווער פעלד. צו פיל לעבן איז געווען אין דעם אַרום, אַז דער טויט, וואָס האָט אַוועקגענומען צו זיך אַ נאָענטן מענטשן, זאָל זיך דאָ קענען אָנזען.

אַ סך יונגוואַרג. אַ סך אינטעליגענץ יִדישע, שיינע, מיט וועמען ס'איז ליב זיך

טרעפן ביי וועלכע אומשטענדן ס'זאָל נישט זיין. אַלע זענען געווען באַהעפט צווישן זיך, זענען אויך געווען צונויפגעזונגען מיטן לייכטן זוניקן דרויסן, האָבן זיך אַפילו מיט דער מינדסטער פּניה נישט אָפּגעריסן פון דעם, וואָס איז באַרוט געלעגן אויס־געצויגן אינעם נייעם אָרון, אויף דעם רייכן קאַטאַפאַלק, און וואָס מע האָט אים נאָך אַ פּאָר שטילע רעדעס אונטער די רייכע קלאַנגען פונעם צעלויכטענעם מעש, איבערגעגעבן דער מאַמע־איביקייט — דער מאַמע־ערד...

און דער אַלץ־באַהערשנדיקער רייכער פרילינג האָט באַפעלעריש גערופן און אָנגעפילט דעם אַרום מיט דער ליכטיקסטער שיינקייט: — לעב! און לעבן דיר זאָל נאָך לאַנג שוועבן דעם יונגן שאַפיראָס ליכטיקער אָנדענק!

## מיטן קינד אויף די הענט

דבורה, וואָס איר קענט זי שוין אַ ביסל, אַ פרוי פון אַ יאָר זעקס־זיבן און דרייסיק, אַ הויכע, אַ שטאַלטנע, אַ פעסטע, זייגט אַ קינד. זי מיט איר מאַן, מיט אייזיקן וווינען נאָך אויף טאַראַסאָווער גאַס, אויפן זעקסטן שטאָק, אָן אַ ליפט. דער מאַן איז ערגעץ אַוועקגעגאַנגען. אין שטוב איז ווי אויף צו להכעיס נישטאָ קיין קאָפּיקע ביי דער נשמה. קריגן, לייען, ברענגען — דאָס איז שטענדיק זיין טועכץ. וועט ער קומען אַרום צוויי־דריי ביי טאָג. מעגלעך, אַז מע וועט נאָך היינט אויסצאָלן אין פאַרלאַג האָנאָראַר... דערווייל קער ער זיצן ביי זיין באַקאַנטער, בליומען, ס'איז נישט ווייט פון דאָרט. זי לאָזט אים איבער די שליסלען. ביי איר אין צימערל איז רויִקער, אַרבעט ער דאָרט. דער פאַרלאַג האָט ביי אים באַשטעלט עפּעס אַן איבערזעצונג. אויך אַן איינקומעניש.

דאָס וויכטיקסטע איז גראַדע געווען אין שטוב. ס'האָט זיך מער נישט געפּאָ־דערט, ווי נאָך אַ שטיקל קעז... דאָס עלטערע מיידל איז געווען אין שול, האָט זיך די פרוי געיִישובט, געיִישובט, גענומען דאָס קינד אויף די הענט, נידעריקער מיט צוויי שטאָק אָנגעקלונגען צו די שכנים, געליגן דאָרט דריי רובל און אַוועק מיטן קינד אויפן וולאַדימירער מאַרק. ס'איז פאַלג מיך אַ גאַנג! נאָר אַז מע פועלט ביי זיך — גייט מען. דער הויכער שטאָק איז אַ ביסל סטראַשנע, זיך שטופּן מיטן קינד ביי די פּאַרקויפערינס איז נישט פון די געוווּנטשענע זאַכן, נאָר אַז מע דאַרף — דאַרף מען. ווען נישט די צוואַנציק מינוט אויפן מאַרק, וועט דער גאַנג זיין פאַררעכנט פאַר אַ שפּאַציר. מיטן קינד דאַרף מען דאָך שפּאַצירן אויף דער לופט.

דער פרימאָרגן איז געווען אַ וואַרעמער, ווי מע האָט זיך געריכט. מע האָט געמעגט דאָס קינד אָנטאָן גרינגער, און אויף זיך אַליין האָט זי אויך געמעגט ווינציקער שלעפּן. נאָר פאַרפאַלן. צוריק אויפן זעקסטן שטאָק וועט זי צוליב דעם נישט הייבן זיך. פריִעט מען, שוויצט מען, און מע גייט ווייטער. ס'הייסט נישט

געגאַנגען, ס׳הייסט זיך געשלעפּט... צו עמעצן וואָלט זיך געוואָלט אויסלאָזן דעם כּעס. אמת, ס׳איז נאָך נישט פון די גרויסע טראַגעדיעס, נאָר אויפן האַרצן וואָלט פון דעסטוועגן מעגן זיין בעסער.

זיך דערשלעפּט צום מאַרק. זי פילט ביי זיך אַראָפּגעפאַלנקייט קעגן אַנדערע ווייבלעך: מ׳וואָלט נישט דאַרפן שלעפּן ס׳קינד אין דער מאַרק־ענגשאַפט, מע וואָלט מעגן האָבן ביי זיך מער ווי אַ צוגעציילט געליגן דרייערל, אָבער זי שרייט אויף זיך אָן: גענוג מאַכן אַ רחמנות־פּנים איבער אַן אויסגעבלאָזן איי! גיכער קויפן, זיך צעצאָלן, און אַרויסטראָגן פון דאַנען דאָס קינד.

זי האָט אָפּגעזוכט ביי אַ ברייטער הענדלערקע גוטן קעז, זיך אויסגעגלייכט מיט דער פּרייז — טאַקע אַ דרייערל... באַצאָלט, יענע וועגט איר אָפּ. דערווייל האָט זיך צוגעשאַרט אַ הפקר־יינגל, אַ בעזפּריזאָרניק (די גאַס און דער מאַרק זענען איצט אין די הונגעריאָרן פאַרפּלייצט מיט צען־פופצן־יאָריקע הונגעריקע קינדער). אָנגעטאָן איז ער אין קרוע־בלוע, פון די שמאַטעס זעט זיך אויס שטיקער נאַקעט לייב. ס׳יאַטל האָט ביי איר עפּעס אַ כאַפּ געטאָן, די הענדלערקע האָט זיך נאָך אים אַ יאָג געטאָן — אָן דערפאָלג! יענץ איז אַנטלאָפן און זיך ערגעץ אויסגעמישט מיט זיין שטיק צוגערויבטן שפּייז. ער לייגט נישט אָפּ אויף לאַנג. ער שלינגט שוין נישט צעקייטערהייט גאַנצע שטיקער. די הענדלערקע קערט זיך אום צום ווייבל מיטן קינד, דערוועגט איר ס׳קעז. זי איז צעטראָגן, בעט פון ס׳ניי געצאָלטס.

— איך האָב דאָך אייך ערשט אָפּגעגעבן ס׳דרייערל!

— ווען דרייערל? וואָס דרייערל?... איך ווייס נישט פון וואָס צו זאָגן!... דער כּעס און דאָס צעטראָגנקייט גייען פון נאָרוואָסיקן אָנשיקעניש מיטן הפקר־יינגל, און דאָ איז שוין דער קאָפּ צעמישט און זי מאַכט נישט קיין שהיות, טוט אַ ריס ביי דבורהן (מיטן קינד אויף די הענט) דאָס פּאַפּירל מיטן קעז.

— געזען אַ ביסל?! זי וויל שוין אויך אומזיסט?! און קיין חרפּה איז ביי דעם נישטאָ!... אַוועק פון דאַנען!

דבורהן, מיטן קינד אויף די הענט, מיטן גרויען קאָפּ האָר, ליבן יונגן פּנים, שטעלן זיך טרערן אין די אויגן: אָט דאָס האָסטו דיר פאַרן שווערן גאַנג, פאַרן טראָגן ס׳קינד אין דער היץ, פאַרן לעצטן געליגענעם דרייערל...

ווי אַ צוגאָב זאַלצן נאָך צו די שכנהשע הענדלערקעס:

— ווער וואָלט זיך גאָר ריכטן אויף אַזאַ פיינער דאַמע...? — און מען שאָקלט מיט די קעפּ, מען סמאָטשקעט נאָך צו מיט די ליפּן.

ווען ס׳עפנט זיך פאַר מיין ווייבל אַ גרוב, וואָלט זי אַנידערגעלייגט אָן אַ זייט ס׳קינד, און וואָלט אַליין אַהין אַריין. נישט נאָר ס׳איז ביטער און קלאָגעדיק אויפן האַרצן, נאָר ס׳איז נאָך אַ פינצטערער בזיון זיך אָפּרייסן פון אָרט און אַוועקגיין.

אפשר איז דער מאַן אין דעם געגעבענעם פאַל קיין האָר נישט שולדיק? גוט,

ער איז נישט שולדיק... אָבער ווער דען איז שולדיק? פונעם זעקסטן שטאָק מיטן קינד אויף די הענט אין דער היץ אַזאַ וויַיטן וועג צו דער שמוציקער ענגשאַפט פון מאַרק... וועלכער לייטישער מענטש דערוועגט זיך שלעפּן מיט אַ ריין אויסגעבאָדן קינד אַהין צו? און נאָך אַלע גאָלדענע גליקן, נאַ דיר אַזאַ וויסטער און פינצטערער פאַרבייסן! און ער זיצט דאָרטן ביי בליומען אין דער שטיל, אין דער ריין און... גיי ווייס צי מאַכט ער טאַקע די איבערזעצונג, צי ער פאַרנעמט זיך מיט אַנדערע מעשׂים־טובים?!...

ריכטיק. דער מאַן איז גראָדע דאָ גאָרנישט געווען שולדיק, נאָר סיי ווי האָט ער זיך געפילט פאַר אַ גורם אין אירע טרערן, צעוויינטע, צעהיצטע באַליידיקונגען, וואָס ווען זיך נישט פאַרגעסן דאָס גאַנצע לעבן. און דאָס קינד, אַז ס'וועט אויסוואַקסן, וועט אויך פון דעם מעגן וויסן. יאָ, יאָ, הלוואי זאָל זיך אַזוינס נישט טרעפן, ווי ס'טרעפט. ביטע, די פאַרדראָסן, וואָס שטעקן דיר אָט אין האַלדז, דושען דיך און דו קענסט זיך פון זיי נישט אַרומשאַרן.

## גאָט און לייט

יעדער אָפּגעדרוקט זאַכעלע מיינס פרייט מיר: מיין נאָמען שטייט דערויף, מיין סלאָוועשנער, מיין טאַטנס און מאַמעס סלאָוועשנער זונס נאָמען.

אַ פונק פון מיינע ליבע עלטערן (און עלטערנס עלטערן) האָט זיך ערגעץ אַריינגעגנבעט אין מיר, וואָס טליִעט און וואַרעמט און לעשט זיך נישט. זידלט מען מיך יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, אין די זעלבע צייטונגען און צייטשריפטן, וועלכע האָבן מיך נעכטן געדרוקט און וועלן מיך מאָרגן דרוקן, אַז איך שרייב ווינציק, אַז איך פאַרטיף זיך ווינציק אין מיין שרייבן. נאָר מע זעט נישט, אַז ס'זאָל זיך ביי מיר עפּעס פאַרליגן אָנגעשריבנס און נישט געדרוקטס. איך זע אין דעם אַ חסד פון דעם אויבערשטן. עפּעס פאַרלאָזט ער מיך נישט. אַלע קענען מיך פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט קיין מאָל נישט געאַרבעט „איבער זיך". אַלע ווייסן, אַז עפּעס אַ שטיינדל אויבן אויף איז שטענדיק גרייט פליִען צו מיר אין מיין שוואַך־באַאַרבעטן גערטל אַריין. און אַלע שוינען מיך פאַר עפּעס. און וויל איך אַליין זוך נישט קיין כּיבודים, שטופּ זיך נישט צו די אויבנאָנס, איז מען מיך גראָדע אָפּט מכבד מיט אַ וואַרעמען „זייט־זשע מוחל". מע זאָגט מיר נישט „רוקט זיך אָפּ", מע זאָגט מיר גראָדע „רוקט זיך צו".

אמת, שמעון דאָבין און זיין אידעלע פרוי רחל, די איינציקע אַריסטאָקראַטן פון גייסט, וואָס איך קען פערזענלעך, וואָס איך האָב דעם כּבוד צו זיין אָן איינגייער ביי זיי אין שטוב (זיי, אַז זיי טוען מיך אַ טשעפּע, איז עס פאַר מיר אויך דער ליבסטער גלעט), אָט זיי קענען מיר אַ מאָל זאָגן: „ביז וואַנען איז דער שיעור זיין

אַזוי פאַרנעחיהעוועט? איר האָט דאָך אויף זיך אַליין קיין רחמנות נישט״ — און איך גיי אַוועק פון זיי פול מיט געשטאַרקטער און גוטער האָפענונג, וואָס פעסטיקט זיך פון אינעווייניק. שמעון האָט מיר געזאָגט: „איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַז מע וועט אייך שמייסן, וועט מען אייך שמייסן נישט דערפאַר, וואָס איר זענט נישט טאָלסטוי, אָדער ביאַליק, בודאַ און משה רבינו. מען וועט אייך שמייסן — זאָגט ער מיר, צעשטעלנדיק די קלאַנגען, ווי אין קורסיוו — וואָס איר זענט נישט איר...״ און ער רופט מיר אָן מיין טאַטנס זונס נאָמען און פאַמיליע, אָט די, וואָס איך זע גאַנץ אָפט איבער אַ ביכל און איבער זאַכעלעך און פאַרשיידענע צייטשריפטן.

און זי, רחל, האָט מיר אַריינגעזאָגט אין שטייגערזאַכן פון מיין לעבן:

— אוי — זאָגט זי — וואָלט איך זיך מחיה געווען, ווען אַ ווייבל אָדער אַ מאַן, לאָזן אייך אַראָפּ אַ געשמאַקע פּאָר פּעטש... ס׳וואָלט געווען אַזוי ווי געוווּנען!

— טייערע רחל — ענטפער איך איר — שטעלט אייך פאָר, אַז איך האָב עס שוין לאַנג פאַרדינט... פאַר וואָס ציִען זיי אָפּ מיטן געצאָלטס, ווייס זיי דאָס גוטע יאָר...

אַז איך בענק נישט נאָך אַזאַ געצאָלטס, וועט מען מיר גלייבן אָן אַ שבועה אויך, נאָר איך האָב זי ליב, אונדזער ליבע רחל, און ווייס, אַז זי איז מער ווי גערעכט.

זי איז עפּעס נישט געווען געזונט און איך האָב זי מבקר חולה געווען. איך האָב זי נישט געפרעגט, וואָס איר איז, איך זע נישט אין דעם קיין נוץ פאַר איר. איך ווייס אין דעם גאָרנישט. זי האָט זיך עפּעס צערעדט און זאָגט צו מיר צווישן אַנדערן:

— ...צו מיין לויה וועט איר ברענגען אַ טעפּעלע בלומען...

ס׳איז געווען געזאָגט נישט אין קיין שפּאַס. זי איז מיר טייער. זיי זענען מיר ביידע זייער טייער. מיר איז אויסגעקומען זען, ווי זיי באַגייען זיך מיט זייער ייִדישער שטוב־אַרבעטערין. אַזעלכעס זע איך דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן! זי לערנט זיך. זי קאָכט פאַר זיי אָפּ, קויפט איין, זי ראָמט, און זיי האָבן זיך אַזוי אַוועקגעשטעלט, אַז זי פילט זיך ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער קליינער משפּחה: טו, וואָס דו דאַרפסט, קויף, וואָס דו פאַרשטייסט, ראָם, ווען דו געפינסט פאַר נייטיק, נאָר צום מיטאָג זאָלן אַלע זיין ביים טיש... און אַזוי ווייטער און ווייטער.

איך גלייב נישט, אַז מיינע ווערק זאָלן פאַר עפּעס האָבן אַ ממשות, אָבער פאַר יעדער אָנגענומענעם כתב־יד נעם איך אָפּ אַ ביסל געצאָלטס און ברענג אין שטוב אַריין. איז אַ מאָל דאָ אויף דער הוצאה, נישט פון געליגענעם. אַז איך דערזע אין זשורנאַל, צי אַלמאַנאַך אָדער צייטונג, אַז איך בין דאָרט פאַראַן, פרייט עס מיך און ס׳זעט אויס ביי מיר אין די אויגן אַ סך אָפּגערוקטער פונעם כתב־יד. דער כתב־יד איז, דוכט זיך, געווען מער אייגן ווי אָט־דאָס־אָ... נאָר אָט־דאָס, וואָס איך זע אין פּירקאַנטיקע אותיות, איז מער אויסגעבאַקן ווי דער כתב־יד. ס׳טויג שוין צום פאַרדייען. און אפשר האָט עס שוין עמעצער גענוצט און אַ גוטן שמייכל געטאָן צו מיר פון דער ווייטנס.

פון דער ערשטער שעה און ביז איצט איז ביי מיר אָפּגעמאַכט, אַז איך בין נישט קיין שריפטשטעלער, בין אַפילו נאָענט צו קיין שריפטשטעלער נישט געשטאַנען, און דאָך שטיי איך מיטביידע פיס אין דער שרייבערישער סביבה. זאָל זיין, אַז איך בין שוין דער פאַרגרינטער צילברעט, וווהין נישטן שליידערן זייערע שלעכט־שמעקנדיקע פיילן, נישטן, וואָס האָבן פרנסה פון זייער נישטיקייט, שלעכטיקייט און אויסגעשפּראָכענער געמיינקייט. קאָמפּאַניעס זענען דאָ אַלע מאָגנטיק און דאָנערשטיק. אינעם 35סטן יאָר האָט מען מיך אַפילו זייער שיין אויסגעשלאָסן פונעם פאַראיין. מען האָט מיר עפּעס צוגעקלעפּט אַ „שיר־המעלות״ צו דער פּלייצע. פון דעם איז געווען געדרונגען, אַז איך פּאַס זיך נישט איין אין מיין „בכבודיקער״ סביבה. דערלאַנגט מען מיר מיט אַ קני אין הינטן און... און איך פלי פון אַלע טרעפּ!

אַן אַלטער שכן מיינער, אַ שריפטשטעלער, אַ לערער, אַן עלטערער גוטער־פריינד, האָט וועגן דעם אין אַ צייט אַרום מיר דערציילט: ער ווייסט שוין וועגן דער לוזשע פּאַמיעס, וואָס מען האָט אַ פליוכע געטאָן אין מיין זייט... זי וועט שוין באַלד זיין לעבן מיין טיר און לעבן מיין שוועל. נאָר מיך אַליין האָט מען נאָך דערווייל נישט מתרה געווען, צו מיר וועט מען זיך ערשט נעמען... זעט ער מיך ווי אַזוי איך גיי פון גאַס אין דער ריכטונג פון אונדזער הויז, אויף איין האַנט האַלט איך ס׳קינד לייבעלען, אַ קינד פון אַ יאָר צוויי, און אין דער צווייטער — האַלט איך אַ קיילעכדיקן פרישן לאַבן ברויט (דאָס גיי איך אַזוי פון קראָם אַהיים צו זיך). האָט ער אַ טראַכט געטאָן:

— וואָס קען נאָך שענער זיין אינעם מענטשנס לעבן פון די צוויי באַשטאַנדטיילן: אויף איין האַנט — ס׳קינד, אונטער דער צווייטער — אַ פריש לעבל ברויט פאַר דער שטוב וועגן?!

ביי מעטערלינגן איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי אַ דאָרפישע משפחה זיצט ביי זיך אין שטוב אָוונטצייט... דורך די באַלויכטענע פענצטער זעט מען פון גאַס, ווי אַזוי זיי גרייטן זיך שוין מאַכן נאַכט. מען האַלט שוין נאָך אָוונטברויט, מען האָט זיך שוין אַ ביסל געוואַרעמט ביי דער הרובע. די טאָכטער וועט שוין קענטיק בלייבן נעכטיקן אינעם צווייטן דאָרף ביי די אייגענע פון יענער זייט טייך. דער טאָג איז אַוועק אַן זאָרג — מהיכא תיתי... נאָר דאָ אויף דער גאַס שלייכט זיך צו זייער הויף, צו זייער טיר און פענצטער, דער אומגליק: פויערים האָבן אַרויסגעצויגן פון טייך זייער טאָכטער אַ דערטרונקענע. זיי האָבן אויסגעהאַקט אַ פּאָר דינע לאַנגע שטאַנגען, מיט צווייגן פאַרבונדן, און אויסגעפלאָכטן אַ בעטל צום טראָגן, און מע טראָגט דעם יונגן קרבן אַהיים צו די עלטערן. מען ווייסט נאָך נישט, ווער וועט זיי דער ערשטער זאָגן וועגן דעם...

דאָס, וואָס מיין שכן, דער שריפטשטעלער, האָט מיר דערציילט, האָט מיר שטאַרק דערמאָנט אָט די זאַך מעטערלינגס: דער אומגליק גייט שוין אַ גרייטער,

אַ פּאַרטיקער, צו דיר אין שטוב אַריין, און דו, ווייל דו ווייסט נישט פון גאַרנישט און ריכסט זיך אויף גאַרנישט, ביסטו זיך גוטמוטיק פּאַרטאָן אין געוויינלעכע אומ־שולדיקע שטייגערזאַכן.

יאָ, איך בין נאָך קיין שרייבער נישט, אָבער איך שטיי מיט ביידע פיס אין דער שרייבערישער סביבה, אינעם וואָכעדיקן הו־האַ פון די שרייבער, איך וווין אין אַ שרייבערישער דירה, לייבעלע וועט גיין אינעם קינדער־גאָרטן, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט ביי אונדז אין שרייבערהויף...

אַגב, דער שטאַרקסטער ווייטיקדיקסטער קלאַפּ איז געווען פאַר מיר נישט די ידיעה, אַז איך בין אויסגעשלאָסן פונעם שרייבער־פאַראיין, ווייל ס׳האָבן דאָס אויפ־געפאָדערט איציק שלומאָוויטשעס * אַרטיקעלעך קעגן מיר, שרייבעכצן, וואָס זענען אויסגעזויגן פונעם פינגער, וואָס האָבן נישט קיין שום אָנשפּאַר אונטער זיך. דער שטאַרקסטער קלאַפּ איז געקומען אויך נישט פון דעם, וואָס אייניקע באַקענטע שרייבער באַמערקן מיך נישט און איך מייד זיי אויס, כּדי זיי זאָלן זיך פאַרשפּאָרן מיט מיר גריסן. אַ מאָל זענען זיי אויס אין מיינע אויגן נעבעכדיקער ווי דו אַליין: דו זשאַלעוועסט מענטשן, וואָס וואָלטן דאַרפן האָבן אַ ווערט פון מענטשן און זיי ווייסן אַפילו נישט פון דעם. דער טיפסטער ווייטיקדיקסטער קלאַפּ איז געקומען פון ערגעץ אַנדערש: אין איין מאָנטיק אין דער פרי גיט מען אונדז אָפּ פון קינדער־גאָרטן לייבעלען אויף צוריק — זיין נאָמען איז נישטאָ אין צעטל פון די קינדער... די אויפזעערינס און דערציערינס, וואָס האַלטן זיך קנעכטיש פאַר יעדערן דינסטמיידל פון אַ שרייבער, שטעקן אָפּ דער ווייב מיינער דאָס קינד אונדזערס... ווייל ס׳איז מיט עפּעס „מינדערווערטיק״...

ווי שולדיק האָב איך זיך דערפילט אַנטקעגן מיין קליינעם זונעלע! אַך, ווי קליין און נישטיק!... דעם ווייב האָב איך יאָ געקענט קוקן אין די אויגן, און זי מיר אויך, אָבער וואָס קען מען דעם קינד דערציילן, און וואָס וועסטו זאָגן אַ פרעמדן מענטשן?...

אָט ווו דו האָסט דערפילט דעם טעמפּן אומריינעם אויסגעוואַטשקעטן מעסער ביים סאָמע האַלדז...

איך האָב זיך איבערגעטאָן און בין אַוועק אין שרייבער־פאַראיין. געטראָפן דאָרט אַ „בעל־הבית״ איינעם. עפּעס איז צו אים דערגאַנגען, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז אין אַ שעה אַרום מעגן מיר ברענגען ס׳קינד צוריק אין קינדער־גאָרטן.

דעם ווייב און דער טאָכטער האָב איך עס דערציילט אין פראָזאַישע אויסדרוקן: דער „בעל־הבית״ וועט אָנקלינגען אין ליטפאָנד, די סעקרעטאַרין וועט אָפּדרוקן אַ פרישע רשימה פון די קינדער, וואָס באַזוכן אונדזער קינדער־גאָרטן, לייבעלעס

---

* גערמיינט — איציק פעפער.

נאָמען וועט דאָרט צוריק זיין אויפן זעלבן אָרט ווי פריִער, ביי דער פּאַרוואַלטערין און דערציִערין פון קינדער־גאָרטן וועט די גראָבקייט ווערן ווי מיט הענט אָפּגע־נומען... און לייבעלע? לייבעלע איז נאָך אַ קינד, אפשר האָט ער עס אַזוי שאַרף נישט אויפגענומען ווי מיר.

## פון אַ דאָרף, ווו כ׳בין קיין מאָל נישט געווען

פראַסיע, כאָטש זי איז נישט שטאַרק פליישיק, איז אָבער ווייט נישט קיין דינע, קיין איידלינקע. זי איז פון מיטעלן וווקס. האָר שוואַרצע, דאָס געזיכט — אַ שטיקל פלייש מיט אויגן (אַזוי זאָגט מען אָפּט אין פאָלק און דעם פאָלקס וואָרט האָט דאָ אַ גוטע צופּאַסונג). קינדווייז האָט איר אַ לאָשעקל געטראָפן מיטן שאַרפן טלאָ אין מויל אַריין און אַ פּאָר ציין אויסגעזעצט. איצט די קינבאַקן עפּענען און פאַרמאַכן זיך שלעכט. ס׳קומט אויס דורך אַ פּאָר אויסגעשלאָגענע ציין דורכשטופּן דאָס עסן. זי איז נאָך אַ מיידל. אָנגעטאָן אַלטמאָדיש, דאָרפיש, נאָר פאַר אונדז איז אַ געווינס, וואָס זי איז ריין אַרום זיך.

פראַסיען האָט אונדז רעקאָמענדירט דער זינגערין טאַראַראַנאַוועס אַרבעטערין, אַ ליבע מאַנאַשקעלע אין אַ שוואַרצן קאַפּטיכל, וואָס קליידט איר כסדר, אַ קליינס, אַ דינס, פון אַ יאָר 35—40 און ווייט נישט קיין מאַנאַשקע. פראַסיע איז פון איר דאָרף. אַז זי האָט זי צו אונדז אַריינגעפירט האָט מיך דבורה אַ רוף געטאָן אין קיך אַריין. זי האָט אויף שטום־לשון מיר דערציילט אין וואָס דאָ גייט. איך האָב אָנגעקוקט אונדזער נייעם מענטשן. איך האָב לייכט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דבורה האָט גע־שמייכלט און ממזריש מיך דורכגענומען מיט אַ קלוגן בליק. איך האָב אויך גע־שמייכלט. און פראַסיע, אָט דאָס שטיקל פלייש מיט אויגן, אָט דאָס 40־יאָריק מיידל פונעם אָפּגעשטאַנענעם דאָרף פּעטרושי, די פראַסיע, וואָס זאָגט „יאָני״ אויף „אָני״,* (זיי) וואָס קען קיין בריוול נישט איבערלייענען און קיין אַדרעס נישט אָנשרייבן, איז ביי אונדז מיט דער צייט געוואָרן אַן אייגענער דערוואַקסענער מענטש.

זי האָט זיך איר פאַרשטאַנד, איר לעבנס־דערפאַרונג און פאָלקס־חכמה. אַז זי דערציילט אונדז פון איר שווערגערין כיוורע הערן מיר זי מיט אָפענע מיילער. זי האָט ליב אין דאָרף איר ברודער מיט זיינע קינדער, נאָר קיין נחת האָט זי נישט פון זיי. דער ברודער איז שלאָף מיט שווינדזוכט, קרענקט שוין אַ שטיקל צייט. זי קריגט דאָ פּאָר אים רפואות און שיקט אים איבער. בעט זי זיך אָפּ אויף אַ וואָך צייט צו זיי אין דאָרף אַריין. לעצטן מאָל איז זי געקומען צוריק אַ פאַרוויינטע: דעם ברודער האָט זי שוין באַוויזן אָפּפירן אויף יענער וועלט. זי האָט ליב די פּלימעניקעס,

---

* Они.

זי רעדט פון זיי, דערציילט פון זייער שטוב. דאַרפשטייגער איז ביי איר אַן אַרגאַ־נישער באַשטאַנדטייל פון איר אין גאַנצן. מיר קענען שוין (אויף אויסנווייניק) אַ סך נעמען פון אירע דאָרפסלייט, וואָס טיילן זיך אויס וועך מיט זייער לייטישקייט און פאַרנעם, ווער מיט זייער פאַרדאַרבנקייט און ווער מיט פאַרנאַרישטקייט און נישט־צוגעפּאַסטקייט צום לעבן. מיר ווייסן אַפילו פון איינעם, וואָס דאָס גאַנצע דאַרף רופט אים מיט אַ פאַרצויגענעם נאָמען „מיכאַליאַק", ווייל די מאַמע זיינע האָט אים שפּעט, ביז אַרום פיריאַריקן עלטער, געזויגן. און ווי אַזוי די מאַמע האָט אים גערופן, אַזוי רופן אים איצט אַלע. און מיר ווייסן אַפילו ווי אַזוי ער איז צוליב אַ קליינינקייט (שוין אַליין אַ טאַטע פון אַ חתונה־געהאַטן זון) געגאַנגען זיך טרינקען, ווי אַזוי ער האָט זיך געגרייט און ס'האָט אים דאָך ביים סאַמע סוף נישט אָפּגעגאָלטן. ער אַליין דערציילט וועגן דעם אויף קאַסאָוויצע, ווען מע פרעגט ביי אים אויס צוליב שפּאַס. אין די אָוונטן, אַבי ס'איז נאָר דאָ צייט, פרעגט זיך ביי איר אויס דבורה און זי דערציילט... לייבעלע שלאָפט שוין, ביילקע מאַכט די אוראַקן און הערט זיך איין, איך קום אויך צו צו זייער געזעלשאַפט און בלייב לעבן זיי...

מיט פראַסיען איז אונדז גוט. זי גופא פילט זיך ווי אין אַן אייגענער שטוב. דאָך אַז זי פאַלגט נישט, וואָס מע זאָגט איר אָן, האָט זי דערנאָך חרטה און די שטראָף קריגט זי נישט פון אונדז, נאָר פון איר אָפּגעטאָנענעם גרייז.

— זעט איר שוין ?... וואָס האָבן מיר אייך געזאָגט ?... — און זי וויינט און לאַכט און טרערן פאַלן ביי איר פון די אויגן, גרויסע ווי באָב.

מיר האָבן זי געלערנט, אַז זי זאָל די טיר נישט לאָזן אָפן. ווען זי גייט אַרויס פון שטוב אַפילו אויף אַ ווײלע, זאָל זי נעמען מיט זיך דעם שליסל. קומט דבורהלע פון גאַס און טרעפט פראַסיען אויף די טרעפּ לעם דער פאַרמאַכטער טיר אַ דער־שראָקענע און אַ פאַרוויינטע.

— וואָס איז ?

זי איז געגאַנגען אויסטרייסלען די סטעזשקעס אויף איין ווײלינקע... האָט זי געלאָזן אָפן די טיר. נו... די פענצטער זענען אויך געווען אָפן, האָט דער ווינט צוגעקלאַפּט די טיר. שטייט זי שוין אַ שעה צייט פון דעם דרויסנזייט מיט די אויס־געטרייסלטע סטעזשקעס... און זי וויינט שוין ווייטער. דאָרט אויף דער פּליטע, אויב די האַלץ האָבן אויסגעברענט, איז גוט, אויב נישט — איז דאָרט דער וואַרעמס מיט די כלים צוזאַמען פאַרברענט געוואָרן. דבורה איז שטאַרק נישט צופרידן. ס'קען נאָך אַרויסקומען אַ היזק אַן ערגערער : צו דער שטוב בויט זיך דאָ אַ זעקסטער שטאָק, די רעשטעוואַניעס גייען פאַרביי אונדזערע פענצטער, און אויב די פענצטער זענען אָפן, די שטוב איז אַליין און עמעצער פון די אַרבעטער האָט פאַר זיך דאָרטן עפּעס אָנגעקוקט...

פראָסיע איז אַוועק, האָט דורך די רעשטאָוואַניעס „זיך אַריינגעגנבעט" אין שטוב אַריין, געעפנט די טיר און אַריינגעלאָזט דבורהקן. שרייען שרייט אויף איר קיינער נישט. אויפן פּליטע איז נאָך אויך אָן סכּנות. לאַכט זי שוין פראָסיע אין מיטן ווייגען. לאַכט און וויינט, און ווי אַן אייגענעם מענטשן גלוסט זיך זי אַ גלעט געבן.

---

איך האָב געקויפט אַ ביסל ביכער. אַ טייל האָב איך געבראַכט, אָפּצונעמען די רעשטע טייל האָב איך געשיקט פראָסיען. ס'איז נישט שטאַרק ווייט פון אונדז, לינקס פון דער אָפּערע. אויסגעמאָלט, אָנגעשריבן, איר געגעבן אַ צעטעלע... אַ האַלבע שעה, אַ שעה — נישטאָ פראָסיע, ווי אין וואַסער אַריין! אין אַ שעה צוויי אַרום — זי קומט צו גיין אַ פאַרלאָרענע, אַ מידע, מיט ליידיקע הענט. זי איז געגאַנגען, געגאַנגען, זי איז אַזש פאַרגאַנגען אויף פּאָדאָל און זיך אין ערגעץ נישט געקענט דערפרעגן...

— מיר האָבן דאָך איך אָנגעשריבן! געדאַרפט געווען אָפּשטעלן אַ דורכגייער און באַווייזן?!

— איך האָב זיך נישט אָנגעשטויסן.

און זי איז צוויי מאָל באַטריבט, וואָס זי האָט זיך אומזיסט אַזוי פיל אָנגעגאַנגען און וואָס זי האָט דעם באַלעבאָס געוואָלט פאָלגן אַ גאַנג און ס'האָט זיך גאָרנישט באַקומען. זי איז גוט צו אונדז אַלעמען און צום באַלעבאָס נאָך מערער ווי צו אַלעמען, כאָטש זי זאָגט עס נישט. נאָר מיר וויסן עס אָן ווערטער.

ס'זאָל נאָר זיין שטיל אויף דער וועלט איז אונדזער נעסטל ווויל פאַרפעסטיקט. און אַלע זענען איינס צום אַנדערן גוט צו דער מאָס.

פראָסיע קען זיך מיט אַ סך דינסטמיידלעך אין הויף. און וואָס סע טוט זיך ביי אַ צווייטן שרייבער אין הויף, מעג ער זיין ווי ווייט אָפּגעטיילט פון אונדז, סיי לויטן פאַרנעם, יחוס, פאַרמעגלעכקייט, סיי לויט אַלעס איבעריקס, איז כאָטש מיר שטרעבן נישט וויסן אַקוראַט וועגן זייער שטוב-אויפפירונג, וועגן דעם ווען מע קושט זיך מיטן ווייב און ווען פאַרקערט — ס'פליִען שיסלען אין פּנים און אין קאָפּ אַריין און די קינדער ווייינען דערשראָקענע — ווייסן מיר ביז אַ פּיצעלע. פראָסיען איז עס ציקאָווע און פראָסיע דערציילט, ווען דו ווילסט און ווען דו ווילסט נישט.

מיט פראָסיען זענען מיר פריינד און מיט איר דאַרף פּעטרושי זענען מיר נאָענטע מחותּנים. אַזוי איז עס שוין אַ צייט און ס'איז גאָר נישט שלעכט.

## ווי אַזוי האָב איך זיך עס דערוועגט

...שלמה מיכאָעלס. ער האָט מיר אַרויסגעוויזן ליבשאַפט. און עד־היום ווייס איך נישט, צי ער האָט עפּעס געליינט מיינס, צי אפשר איז פאַר אים גענוג געווען

ער זאָל הערן פון בערגעלסאָנען, פון דאָברושינען און טאָמער אַפילו פונעם נסתר אַליין, אַ גוט וואָרט וועגן מיר. ביי אונדזערע זעלטענע באַגעגענישן פלעגט ער מיך אַרומנעמען, שטאַרק דריקן צום האַרצן, מיר קוקן אין פנים אַריין, לאַנג נישט אַרויסלאָזן מיין האַנט פון זיינער. איך האָב אין האַרצן געדאַנקט גאָט דערפאַר, וואָס איך בין ביז גאָר געווען גערן און באַלוינט. אָבער ביי דעם פלעג עס בלייבן. ביי מיינע באַזוכן אין מאָסקווע האָב איך נישט געגלויבט, אַז איך מעג אים זוכן, ביי אים אָפּנעמען צייט. ביי זייערע גאַסטראָלן אין קיעוו פלעג איך נישט דורכלאָזן זיינע אַרויסטרעטונגען. נאָר מקבל־שלום זיין פריוואַט פלעג אויסקומען נאָר אויף אַ צו־נויפקום, אויף אַ באַנקעט (אויב איך בין אויך געווען פאַרבעטן).

אין איינעם אַ זומער ביי זייערע גאַסטראָלן האָב איך אַ זאָג געטאָן דבורהלען:

— „וואָס וואָלט געווען, ווען מיר פאַרבעטן מיכאָעלסן מיט זוסקינען אויף טיי?"
אין גאַנצן אומגעריכט פאַר מיר האָט דבורה ממש מיט פרייד זיך אָנגעכאַפּט אין מיין פאָרשלאָג. אונדזער פריינדין בליומע מיט מיין שוועסטער פריידקען האָבן געהאָלפן גרייטן דאָס געבעקס. די געבעקסן זענען געווען געראָטן להפליא! דער עיקר האָט בליומע אַהין אַריינגעלייגט אַלע כוחות. כ׳בין געווען אין האָטעל — איז זוסקין עפּעס נישט ביים בעסטן געזונט. גייט נאָר איין מיכאָעלס. שמעון דאָבין איז אויך געקומען אַליין. רחל, זיין פרוי, איז געווען פאַרנומען אויף דער אַרבעט אין ביבליאָטעק. בליומען האָב איך געמוזט גיין רופן אויף ס׳ניי. האָרעווען זיך ביים באַקן און גרייטן האָט מען זי נישט געדאַרפט לאַנג בעטן, אָבער דאָ, כ׳זאָל זיך ריכטן, אַז צום סאַמע פּיק וועט זי זיך אָפּטראָגן און זיך פאַרשטעקן ביי זיך אין צימערל — און בשום אופן נישט!... ערשט איצט הייב איך אָן צו פאַרשטיין, ווי גרויס ס׳איז געווען איר פאַרלאַנג דווקא יאָ זיין אין איין שטוב מיט מיכאָעלסן. זי איז אָבער געווען זייער אַ שעמעוודיקע: נאָך וואָס וועט זי גיין? וואָס וועט זי טאָן דאָרט?...

דבורה קען קיין ייִדיש נישט רעדן, איז זי געווען אויסער דעם שמועס. זי האָט גערן און מיט גוטן אָפּשיי געשמייכלט צום גאַסט, ווען זי האָט אים דערלאַנגט דעם כיבוד, און ער האָט איר געדאַנקט און געזאָגט „ווי אָטשען ליובעזני!"* (איר זייט זייער פריינדלעך). דעם „ווי אָטשען ליובעזני" בין איך נישט אומשטאַנד איבער־צוגעבן. זיין טיפער אויסדריקלעכער בליק, זיין יומטובדיקער אויסזען האָבן גערעדט אַליין פאַר זיך. דאָס, וואָס שמעון איז געזעסן ביים טיש, האָט אונדז איטלעכן זייער אַרויסגעהאָלפן. זיי זענען געווען פאַרטיפט אין אַן ערנסטן שמועס, און צום שיין באַשטעלטן טיש איז עס געווען דער שענסטער צוגאָב.

מען דערציילט אַ מעשׂה וועגן כאַטאַיעוויטשן און מיכאָעלסן: כאַטאַיעוויטש איז דאַן געווען באַלעבאָס איבער דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנט. בעת דער ייִדישער

* Вы очень любезны.

קאַמער־טעאַטער האָט גאַסטראָלירט דאָרטן, איז מיכאָעלס געווען ביי כאַטאַיעוויטשן אויף אַן אויפנעם:

— איר האָט נאָך קיין איין ספּעקטאַקל אונדזערן נישט געזען?

— ניין... הייאַר האָט אויף די פעלדער נישט געראָטן...

מיכאָעלס האָט אים באַטראַכט אַ ווײַלע מיט זיין אַלץ אַרומנעמענדיקן בליק און נאָך אַ קליינער פּויזע, וואָס ביי מיכאָעלסן רעדט זי אויך פיל, האָט ער געענטפערט:

— זייט איר, הייסט עס, אין אַ גינסטיקערער לאַגע פונעם אַקטיאָר...

— מאַי משמע? — האָט כאַטאַיעוויטש שווייגנדיק געפרעגט.

— אָט דאָס, — האָט אים מיכאָעלס קאַטעגאָריש געענטפערט, — דעם אַקטיאָר העלפן נישט קיין תירוצים. ער מוז מאַכן טעאַטער אַפילו ביי דער ערגסטער גע־רעטעניש...

כאַטאַיעוויטשן האָט מען נישט געדאַרפט טייטשן. ביי זיין גרעסטער פאַרנומענ־קייט האָט ער אָנגעהויבן באַזוכן דעם טעאַטער און ס׳איז אויסגעוואַקסן צווישן זיי אַ גרויסע פּערזענלעכע פריינדשאַפט...

דער גאַסט האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס ער קען נישט זיצן לענגער: ער שפּילט היינט בנימין דעם דריטן. אויב מיר קענען היינט קומען, וועט ער פאַר אונדז באַזאָרגן פּלעצער... ווען ער האָט דערזען אונדזער אַפּהענטיקייט, האָט ער אַליין פאַר אונדז געפּסקנט: — זעקס?...

— אויב שמעון מיט רחלען וועלן קענען קומען, — האָב איך געענטפערט — וועלן מיר זיין... זיבן...

דבורה מיט ביילקען וועלן לאַנג געדענקען די שפּיל פון בנימינען מיט סענדער־לען. בליומע מיט פריידקען האָבן זיך געפילט אין טעאַטער פרייער ווי אין דער היים, און צו זייער גליק איז קיין גלייכן נישט געווען. איך גופא קען נאָך ביז איצט נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי האָב איך זיך עס דערוועגט פאַרבעטן מיכאָעלסן צו זיך אין שטוב אויפן זעקסטן שטאָק (אָן אַ ליפט), ווי האָב איך דאָס געעפנט אַ מויל?... שמעון זאָל לעבן! ער האָט מיך אויסגעלייזט. ביי זייביידן איז אַ סך ווערט געווען די שעה, וואָס זיי האָבן געקענט שמועסן אָן אַ שטער. און פאַר מיר — זיצן און זיך איינהערן פאַרגאַפט אין זייער שמועס, איז שוין גראָד כּדאַי געווען.

## ווען פרייט זיך דער אָרעמאַן

זומער פאַרנאַכטלעך. אַזוי ווי אַ באַרוי?קטער נאָכן טאָג אַרבעט, נאָכן באַשיי־דענעם, שטילן, היימישן מיטאָג, האָב איך זיך איבערגעטאָן אינעם בלויען גאַרניטער. ער איז ביי מיר נאָך ווינציק גענוצט און איך פיל זיך אין אים אַ ביסעלע אַזוי

ווי באַנייט, אַזוי ווי עטוואָס יום־טובדיק. דער גאַנג מיינער אין אַזאַ גאַרניטער זעט אויס לאַנגזאַמער, חשובער. אַנדערש קען עס נישט זיין, אויב ס'איז דאָ נאַטירלעכקייט אויף דער וועלט.

גיין, גיי איך אין „סאַיוז" אַריין (שרייבער־פאַראיין). דאָרט, אויב ס'גייט דיר נאָר אָפּ געמיטלעכקייט, קענסטו זי געפינען: אויפן צווייטן שטאָק — ווייך מעבל, ווייכע שטילע טעפּיכער אויף די טרעפּ. אויף די ווענט, אינעם מיטלסטן צימערל, וואָס זעט אויס ווי אַ קאַנטיק פּעסעלע האָניק, הענגען גרינע ליכטיקע געמעלן. ווער האָט עס אויסגעבויט אַזאַ פּיין דירהלע? קיין פולע דריי שטאָק נישטאָ און אַ סך געמיטלעכקייט אויף יעדן טראָט. אַנדערע גבירים האָבן אַליין געהאָט געשמאַק, אַנדערע האָט מען אונטערגעזאָגט. דריי צימערלעך אויפן צווייטן שטאָק זענען דאָ אַזעלכע, וואָס נישט קיין טירן טיילן זיי אָפּ איינס פונעם צווייטן — בלויז פאָרהאַנגען, נישט קיין שאַרסטקע, נישט קיין רוישנדיקע, בלויז ווייכע, בלויז באַרוּיִקנדיקע און שטילע.

אַז איך קום זומער פאַר נאַכט אין מיין בלויען ווינציק געניצטן גאַרניטער, ציט עס מיך, נאַטירלעך, גלייך צו די דאָזיקע דריי חדרימלעך אויפן צווייטן שטאָק. איך בין דאָרט אי אַליין, אי נישט אַליין. אָט טרעף איך אויף די קאַנאַפּקעס יונגע לייט און יונגע דיכטערינס, דווקא ייִדישע. מן הסתם האָבן מיר היינט עפּעס אַ צוזאַמענטרעף. דער עולם איז אַ יונגער, די מערסטע טייל — ייִנגערע פון מיר. איך האָב נאָך דאָ גאָרנישט פאַרשפּעטיקט, מע קלייבט זיך ערשט... מיר האָבן נאָך צייט, מיר קענען נאָך גלעטן זיך איינס דעם צווייטן ביים אַרבל, שמועסן פון גאַנץ זייטיקע זאַכן.

נאָר מע רופט מיך עפּעס צום טעלעפאָן. די סעקרעטאַרין האָט מיך געפונען און דאָס מיר געזאָגט.

— יאָ, שוין גיי איך...

דער טעלעפאָן איז אויך אין טונקעלן, ווייזט אויס, אין מיטלסדיקן פּירעקעכדיקן חדרל, אויף אַ קליין טישעלע — אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט, ווייך באַהאַנגען פון אַלע זייטן. קענסט זיך שטיל רעדן, קיינער שטערט דאָ נישט.

— יאָ, איך הער!...

פראַסיע רעדט. זי גיט איבער דאָס טרייבל דבורהן. דבורה רעדט: לייבעלע האָט זיך געשפּילט אין הויף, וועוויאַרקעס ייִנגלעך האָבן דאָרט אומפאַרזיכטיק געוואָרפן מיט אַ פּילקע, לייבעלען האָט געטראָפן אַ שטיינדל אין אויג, ס'איז געבליבן דאָרט אַ זאַמדיק הרודקעלע, ס'טוט אים שטאַרק ווי, מען דאַרף שוין גיין אויף פראַנקאָ־גאַס צו אונדזער אויגן־דאָקטערין... ווי אַזוי איז איר פּינקטלעכער אַדרעס?

— גוט, איך גיי גלייך אַהין...

די יום־טובדיקייט איז אַראָפּ פון גאַרניטער. זי האָט זיך אין גאַנצן אויסגע־

דעמפט פונעם האַרצן. מיט אַ מאָל — גאָלע גרויע שטאָף, גרויע וואָכעדיקייט, אין גאַנצן נישט צו דער צייט. איך וויל ס׳זאָל לייבעלען נישט ווי טאָן. יעדן פאַלס וויל איך, און מע מוז לויט אַלע פונקטן, ס׳זאָל נישט זיין קיין גרונט פאַרן אַכזריותדיקן וואָרט „סכּנה״. לייבעלעסביידע אויגן זענען אונדז טייער, און מען דאַרף ביידע זאָלן אים לויכטן, אים — דאָס איז אונדז.

איך גיי אויף די וואָכעדיקע טרעפּ צו דער דאָקטערין.

אויב צו דער דאָקטערין, זענען די טרעפּ אפשר נישט קיין וואָכעדיקע. אַ דאָקטערין איז עפּעס מערער. אַך, ווי טייער זי איז מיר אין דער שעה און ווי נייטיק, אָט די באַיאָרטע פרוי. זי איז זיכער נישט לאַנג געקומען אַהיים נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט. יאָ, ס׳איז שוין אָוונט. ליכט איז דאָרט ווינציק דערווייל. מיר זענען שוין אין דרייען, זי — אַ פערטע אין קאַבינעט ביי איר. לייבעלעס הענטעלע האַלט איך אין מיינער, אַזוי איז אים עפּעס גרינגער. נאָר ער איז איינגעשוויצט אי פון אַנגסטן, אי פון ס׳ניי ווערן וויינען.

מינוטן האָבן זיך אונדז אויסגעצויגן פאַר יאָרן. די דאָקטערין, זאָל איר גאָט געבן געזונט, זאָגט, אַז ס׳איז ערנסט. זי האָט אונדז דערלויבט 8 אין דער פרי קומען די ערשטע צו איר אין קליניקע אַריין אין דער קינדער־אָפּטיילונג. די קליניק איז נישט אונדזערע, נאָר זי וועט אָנזאָגן מען זאָל אונדז אַריינלאָזן. לייבעלען איז אפשר גרינגער. ער כליפּעט זיך אָפּ, קענטיק, אַז ס׳איז אים גרינגער. ווי אַזוי ס׳ווילט זיך אויסקושן ביים קינד אַלע גלידערלעך. איין אויג איז ביי אים ווייך און מיט אַ סך מאַרליע אַרומגעבינדן. דאָס צווייטע, מעג איך שווערן, האַלט ער פאַרמאַכט, ווייל ער גייט צווישן אונדז. און אפשר שטרענגט ער זיך אָן און קוקט מיט אים אין דער טונקל. מיר האָבן אַ האַרץ אויף די וועוויאָרקעס. זיי הערן אויף זיך קיין וועלט נישט. מעגלעך, אַז זיי עסן שוין ביי זייער באַלויכטענעם טיש אָונטברויט און מיר ליגן זיי אַפילו נישט אין דער לינקער פּאה, זיי געדענקען אַפילו נישט וווהין מיר זענען געגאַנגען און מיט וואָס פאַר אַ האַרץ מיר גייען איצט.

ביילקע האָט אונדז באַגעגנט מיט אַ רחמנות־בליק. זי האָט אָן ווערטער געגלעט לייבעלען ביים קאָפּ. פראָסיע האָט אונדז עפּעס איבערגעפּרעגט און געגעבן עסן. מיר האָבן באַגלייט לייבעלען שלאָפן. מיר זענען גרייט ס׳זאָל אונדז ווי טאָן פאַר אים. און מיר בעטן גאָט, אַז די נאַכט זאָל אונדז גיכער דורכגיין. אין דער פרי זיבן וועלן מיר שוין זיין אין טראַמוויי אויפן וועג צו דער קליניק, וועלכע איז כּמעט אין סאַמע עק שטאָט. מיר ווייסן נאָך נישט אַקוראַט ווו די קליניק איז, ווו ס׳געפינט זיך דאָרט די קינדער־אָפּטיילונג, און צי די דאָקטערין אונדזערע וועלן מיר טרעפן אַזאַ געטרייע ווי געווען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווער האָט וועמען געוועקט דער ערשטער? דאָס איז קיין חילוק נישט. פּראַסיע האָט אונדז געגעבן צו האַלבע גלעזער מילך. ביי לייבעלען איז די מאַרליע דורכ־געפּעטיקט און געל פונעם זאַלב, וואָס מע האָט אים געגעבן אין אויג אַריין. מיר זענען גרייט אַ לעק טאָן די זאַלב, אפשר וועט זיין אונדזער קינד אַ רפואה...

מיר זענען געקומען. מיר האָבן זיך דערפרעגט. די דאָקטערין איז נאָך נישטאָ. ס׳איז קיין חידוש נישט: מיר זענען געקומען אַ סך פריִער פון דער אָפּגערעדטער צייט. אָבער אָט־אָ איז זי שוין אַליין... זי ווייזט אונדז, אַז מיר מעגן גיין נאָך איר. דאָ איז שטרענג. זי וואַשט די הענט, זי פּאָרעט זיך מיט אונדזער קינד. מיר ציטערן, נאָר מיר שווייגן.

דער דורכגעפּעטיקטער באַנדאַזש ליגט אין אַ ריינעם טאַז, וואָס איז שוין נישט ריין. ביי לייבעלען איז דאָס אויג אָפן! זאָל זי גאָט דערפרייען. זי ווייסט גאָר נישט אַליין ווי זי האָט אונדז דערפרייט: דאָס זאַמדיקע שטיינדעלע איז נאָך ביי נאַכט אַרויס מיטן זאַלב...

— זאָל אייך גאָט געבן געזונט!

זי האָט אונדז ליב און מענטשלעך אָפּגעלאָזן.

אַהיים גייען מיר נישט. מיר גייען אין זאָאָ־גאָרטן. אָט איז עס, דער אַנדערער פּלויט. וועמענס האַנט מיר האַלטן נישט, דריקן מיר זי מיט ליבשאַפט און פרייד. מיר דאַנקען דער השגחה, דאָס האַרץ איז פול מיט פרייד און יום־טוב, כאָטש אַנגעטאָן האָבן מיר זיך פּראָסט.

— לייבעלע, ווילסט אייזקרעם?

— און דו וועסט עסן? גוט, לאָמיר אַלע עסן...

וועוויאָרקעס יינגלעך! מיר וועלן זיי גאָרנישט נישט זאָגן, נאָר סע ווילט זיך אין זייער זייט נישט קוקן. ס׳גייט זיי גאָרנישט אָן. אַפילו אונדזער פרייד איז פאַר זיי קיין פרייד נישט. אַהיים האָבן מיר אַנגעקלונגען: זאָל פּראַסיע וויסן און זאָל ביילקע וויסן, אויב זי וועט זיך אומקערן פון שול פריִער ווי מיר.

— דער אייזקרעם איז געשמאַק?

— לאָמיר נעמען נאָך?

— ניין, לאָמיר נעמען צו איינע קליינע זעמעלעך, און אייזקרעם שפּעטער, אַז מירן שוין דאַרפן גיין אַהיים.

געלויבט איז דער אויבערשטער, וואָס ער קען פאַרגרייטן פאַרן מענטשנס וועגן פּעק מיט טיפער שטילער פרייד.

## מיט לייבעלען ביים פּאָסטקעסטל

אַז איך גיי מיט לייבעלען שפּאַצירן און דאַרף אין איין וועגס אַריינוואַרפן אַ בריוו אין פּאָסטקעסטל, בין איך, פאַרשטייט זיך, מיט דער דאָזיקער אַרבעט מכבד

דאָס קינד. דערצו דאַרף איך אים מיט בײדע הענט אונטערהײבן אונטער די פּאָכוועלעך, אויפֿהײבן דאָס דעקל פֿונעם פּאָסטקעסטל וועט ער מיך נישט לאָזן — דאָס דאַרף טאָן ער אַלײן. די בריוו אַרײַנוואַרפֿן — אויך אַלײן! נו, און איצט... איצט דאַרף ער נאָך גוטווינטשנדיק אַ קלאַפּ טאָן אינעם בלויען ווענטל פֿונעם פּאָסטקעסטל, אַזוי איז שוין בײַ אונדז אײַנגעפֿירט, דאָס איז פּונקט ווי מיר וואָלטן נאָכגערופֿן: אַ גליקלעכע רײַזע!...

לײבעלע פֿרעגט מיך צי דאָרטן ליגן איצט נאָך בריוו. ענטפֿער איך אים:

— יאָ, אין משך פֿון טאָג לײדיקט מען אויס דאָס קעסטל עטלעכע מאָל, אָבער פּאַר צוויי־דרײַ שעה קלײַבן זיך אָן בריוו פֿון פֿאַרשײדענע הײמען, פֿון פֿאַרשײדענע הענט אַראָפּגעלאָזן, פֿון פֿאַרשײדענע טאַשן אָדער טעקעס אַרויסגענומען. פֿון אָנפֿאַנג דוכט זיך זײ, די בריוו, אַז ס'איז פֿינצטער אין קעסטל, און ס'איז זײ אַוודאַי אומהײמלעך, נאָר גיך געוווינט מען זיך צו מיט דער שכנהשאַפֿט פֿון נאָך בריוו, פּאָסטקאַרטלעך, פּאַקעטן און מען פֿאַרפֿירט אַפֿילו צווישן זיך אַ געמיטלעכן שמועס: אײן פּאָסטקאַרטל האָבן לאַנגזאַם געשריבן גאָר־גאָר אַלטע פֿינגער. אַ ווײלע געקנײטשטע באַבינקע מיט וואַרעמער ליבשאַפֿט אין בליק און אין האַרצן, שרײַבט צו אירע קינדער אײן מאָל אין וואָך — דינסטיק. אירע קינדער האָבן שוין אַלײן קינדער און אײניקלעך, נאָר בײַ איר זענען זײ נאָך אַלץ קינדער און אין איר האַרץ איז דאָ אַ סך צאַרטקײט און בענקשאַפֿט נאָך זײ... אַלע בריוולעך שטופּן זיך נײַגעריק צום דאָזיקן פּאָסטקאַרטל, וואָס איז באַדעקט מיט אַ געבראָכענעם, נאָר ליבן כּתב, שאָקלען צו פֿאַרגעניגנדיק און מיט גוטן מיטגעפֿיל צו דער אַלטעטשקערס רײד, אַלץ גײט יעדן אין האַרצן אַרײַן. אײן בריוו איז מיט אײדעלע פֿאַרפֿיומען אָנגעשמעקט, פּערלדיק געשריבן און זאָרגהאַפֿט פֿאַרקלעפּט. ווער ס'איז אַלט נישט מער ווי זעכצן יאָר און זײַן פֿרײַנט איז כּמעט פֿון זעלבן עלטער, לערנט אין אַן אַנדער שטאָט און ביז די קאַניקולן איז נאָך ווײַט... דער פֿילט די ווערטער, וואָס אין אַזאַ בריוו זענען אַרײַנגעגעבן: צאַפּלדיקע יונגשאַפֿט, ליבע, באַהאַלטענע זאָרג. און צווישן די פֿירעקיקע קאָנווערטן איז דאָרטן דאָ אײנער אַ שמאָלער קאָנווערט. ער איז נאָך פֿײַכט פֿון נישט קײן אויסגעטריקנטע טרערן: צוויי געליבטע שוועסטער, ווען זײ זענען נאָך יונג געווען, האָבן זײ זיך גאָרנישט פֿאַרגעשטעלט, אַז זײ וועלן אַפֿילו אײן טאָג קענען זײַן צעשײדט. איצט אַנטשולדיקט זיך די, וואָס איז אין קיִעוו, פֿאַר דער, וואָס איז אין אָמסק, אַז אירע לײדן לאָזן זי נישט אין דער צײַט געבן צו וויסן וועגן זיך...

לעם יעדן בריוו איז דאָ אַ מענטש און עטלעכע מענטשן, איז דאָ אַ לעבן און עטלעכע לעבנס. די מערסטע בריוו וואָלטן גערן אויסדערצײלט, וואָס ס'פֿרײט זײ, וואָס ס'קימערט זײ. דער געמיטלעכער ברײטער שמועס האָט זיך ערשט פֿאַרנומען, נאָר דאָ... קומט די פּאָסטאַרבעטערין מיט אַ רײנעם זאַק, וואָס האָט אויבן אַ פֿיר־

עקעכדיק מעטאַלן טירל, און פאַרנעמט אין מיטן שמועס די גאַנצע גוט־צונויפגעלעבטע קאָמפּאַניע. שמועסן געמיטלעך איז טאַקע גוט, אָבער מען וואַרט דאָך אויף זיי דאָרט, וווהין זיי זענען געשיקט געוואָרן!... וואָס איז? מיין מאַמע און דיין באָבע וואַרט נישט אויפן בריוו, וואָס מיר האָבן איר ערשט אַראָפּגעלאָזן?

לייבעלע הערט אַ פאַרגאַפטער...

## הירשקע

חברימלעך האָב איך אויך שרייבערישע: כאַסקל טאַבאַטשניקאָוו, עלינקע קאַהאַן, הירשקע דיאַמאַנט. מיט כאַסקלען און עלינקען שפּיל איך דאָמינאָ. מיט הירשקען רעד איך אָפט וועגן אמתע שרייבער, אַפילו פון אונדזער סביבה, וואָס מען מעג האַלטן פאַר אַ כבוד, ווען דו זיצסט אַ מאָל מיט זיי אויף אַן אסיפה, ווען דו הערסט זייערס אַ וואָרט, וואָס אויב מעסטן זיך, איז נאָר מיט זיי. מיר האָבן אויך אין די צענדליקער נישטן, וואָס גייען אין נייע קאַפּעליושן, האָבן זיך אויסגעלערנט טראָגן זומער־הענטשקעס, און גאווה פּודנווייז איז שוין דאָ ביי זיי, ווי ביי אַ הונט פליי, נאָר אין קאָפּ קיין געדאַנק אַפילו אויף אַ רפואה און אין די ביכער קיין איין צוציִענדיקער שטעל.

הירשקע איז פיל ייִנגער פון מיר, נאָר מיר טרעפן זיך מיט אים אָפט, מיר לייענען איבער וואָס ס׳נישט איז איינער דעם אַנדערן. אַז ס׳שפּראָצט ביי אונדז אַרויס עפּעס אַ פרישׁ צווייגעלע מיט קלעפּיקע קנאָספּן באַשפּרינקלט, דאַן פילן מיר דעם פרילינג אַפילו אין מיטן ווינטער. מיר ווערןביידע פול מיט האָפענונג און מיט פאָרכט. ס׳איז טאַקע עפּעס... צי... ס׳איז נאָך דערווייל גאָרנישט?...

ער איז, ווי געזאָגט, ייִנגער פון מיר, נאָר טיפער. ער האָט אַ טיפערן קוק אויף זאַכן. אין פּושקינען האָט ער אַ גרעסערן חלק פון מיר. ביי היינען קען ער עפּעס גיכער געפינען ווי איך. אין געוויסע שטעלן איז ער שוין אַ גאַנצער, אַ היימישער כּל־ולך, און ביי די בעסערע היינטצייטיקע שרייבערס ווייס ער מיט וואָס זיי האָבן זיך איבערצונעמען. ער שפּילט נישט אין דאָמינאָ און נישט אין שאַך. ווען איך בין פאַרנומען מיט אַ חברל ביי אַזעלכעס, קומט ער אָפּ מיט אַ „גוט מאָרגן", גייט צו צו איינער פון די ביכער־שאַפעס, נעמט אַרויס אַ ביכל, וואָס איז קענטיק געווען ביי אים פאַרגרייט אין געדאַנק נאָך פריִער, אַז דאָ דאַרף ער עפּעס אַ קוק טאָן.

ער רעכנט נישט אויס אויף די ייִדישע צייטשריפטן מען זאָל אין זיי קענען עפּעס אָפּדרוקן. און דאָרט דווקא איז גאָלע באַקענטער עולם. פריִער וווּנדערט מען זיך נישט, מען איז זיכער, אַז ער וועט עפּעס אַריינברענגען, דערנאָך נעמען שוין די באַלעבאַטים פונעם צייטשריפט מאָנען מיט אַ שטיקל פאַרדראָס געמישט מיט אַמביציע:



איציק קיפניס, פייגעלע דיאַמאַנט, און איר ברודער, דער דיכטער הירש דיאַמאַנט.

— הירשקע, פאַר וואָס זאָלסטו עפּעס נישט ברענגען? ברענג אַ פּאָר זאַכן, פאַר דיר איז דאָ פּלאַץ אַפילו אינעם נאָענטסטן נומער...

הירשקע ענטפערט עפּעס אַפּ כּמעט מיט האַלבע ווערטער, מען זעט נישט ער זאָל זיך דערפרייען, מע זעט נישט ער זאָל זיך אָפּזאָגן. באַקומט זיך אַזוי ווי ער וואָלט געזאָגט: — מיר'ן זען... מע וועט עפּעס דאַרפן אַ קוק טאָן...

נאָר מיר, די וואָס קענען אים, ווייסן, אַז ער וועט נישט ברענגען. ס'קען דאָך אים ווערן ליכטיק אין די אויגן נאָר פונעם ביסל האָנאָראַר. ער האָט נישט אויף קיין מיטאָג, ער האָט נישט אויף קיין פּאָר הויזן, נאָר ער האָט זיך קענטיק איינגערעדט עפּעס אַ שגעון (יעדער דיכטער, און אמתער דיכטער, מעג דאָך זיך פאַרגינען האָבן זיין אייגענעם שטיקל שגעון). אַז ער איז איבּערזיכטיק צו זיינעם אַ ליד, ווי איינער, וואָס איבּערט זיין געליבטסטע. ער וויל דאָס ליד זאָל אַריינקומען אין דער זאַמלונג, וואָס וועט מן־הסתּם מיט דער צייט דערשיינען אין איר יונגער ריינקייט, אין איר זויבערסטן און סאַמע באַטעמסטן אומשולד.

ער פילט עס מער ווי ער זאָגט עס אַרויס.

ער האָט לידער וועגן געגאַרטע מיידלעך, וואָס זייער יונגשאַפט און צאַרטע זויבערקייט איז אויך אויף זיבן שלעסער, פון וועלכע זיי ווייסן אַליין נישט. ער האָט אין זיי אַ געפיל.

הירשקע האָט ברידער, שוועסטער, שוועגערינס, פּלימעניקעס. הירשקע האָט אַ מוטער וואָסערע הונדערט ווערסט פון קיִעוו. ער וווינט צוזאַמען מיט די שוועס־טערלעך, וואָס דאַרפן אין גיכן פאַרענדיקן די הויכשול. ווילע קינדער, געראָטענע, מיט שיינעם פאַרשטאַנד. זיי מאָנען נישט, פאָדערן נישט קיין סך, נאָר סיי ווי ווערסטו נישט זאָגן, אַז זיי פילן נישט זייער אינעווייניקסטן ווערט. זיי האַלטן פון אים. זיי זענען אַלע אין דער טבע מער שוויגעריש ווי באַריידעוודיק. זיי ווייסן ביי אים אַלץ, אויב אַפילו נישט אַלץ דערציילט ער זיי, און זיי וואָלטן בפירוש געזאָגט, אַז ס'איז קרום, וואָס ער פאַרדינט נישט צו אין די צייטשריפטן אויף דעם נויטיקסטן, ער ליידט דאָך דערפון.

יאָ, הירשקע איז פאַר מיר ווייט נישט אַבי־וואָס און נישט אַבי־ווער. מיט אים איז אַ מאָל גוט זיצן אַ האַלבע שעה און שווייגן. צו זיין אינעווייניקסטער וועלט וואָלט נישט שאַטן זיך אַ מאָל דערגראָבן. אפשר וועט זיך עס מיר איינגעבן טאָן מיט וועמען פון זיינע נאָענטע פריינד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט אָפּט גייען מיר מיט דבורהלען אין טעאַטער. פאַר מיין הוצאה איז עס אַ ביסעלע — ניין, נישט קיין „ביסעלע" — ס'איז פשוט צו טייער. אויף היינט האָבן מיר בילעטן, מיר מעגן זיך אויספּוצן. אמת, ס'איז נאָך פרי. מיר האָבן נאָך קנאַפּע צוויי שעה, נאָר ס'קלייבט זיך שוין אין אונדז אָן ערב יום־טובדיקער, כּמעט יום־טובדיקער צושטאַנד. דאַרף זיך אָבער מאַכן אָן איבערשלאָג: הירשקע, וואָס נעכטיקט ביי אונדז לעצטנס, איז נישט געקומען צוויי טעג און מיר ווייסן נישט ווו ער איז. זיין ברודער, וואָס איז עלטער פון אים מיט אַ פּאָר יאָר, שטאָטישער, זאַכלעכער אין לעבן, וווינט מיט דער פאַמיליע פון יענער זייט בריק, אין דאַרניצע. ער איז אַריינגעלאָפן צו אונדז אויף געציילטע מינוטן. איך האָב אים דערזען ווי אַן אויסלייזונג.

— הירשקע איז נישט געקומען אַהיים, נישטאָ אים שוין דעם דריטן מעת־לעת...

איך לאָז איבער דבורהן זיך פּוצן. אין צווייען מיטן ברודער איז מיר גרינגער. לאָמיר ערגעץ אַ לויף טאָן. מיר זענען פאַרגאַנגגען צום דיכטער האַרצמאַן. מען ווייסט דאָרט גאָרנישט: נישט געווען, נישט געזען. מיר זענען אַריינגעלאָפן אין רעדאַקציע „שטערן". איצט איז שוין דאָרט שטיל, געטראָפן די סעקרעטאַרשע, דעם קאָרעקטאָר, נאָך עפּעס אַ מיטאַרבעטער, וואָס שוויצט איבער אַן אַרטיקל און וועט מיט אים אַריינפאַרן שוין אין שבת אַריין (דער גאַנצער נומער פון זשורנאַל איז שוין אין זאַץ)... ניין, נישט געווען הירשקע, קיינער האָט אים נישט געזען. די סעקרעטאַרשע שטעקט זיך אָן פון אונדז מיט אומרו, זי איז שוין אויך דערשראָקן, שטעלט אָן אויף אונדז אַן אומרויִקן בליק: — וואָס איז???...

מיר האָבן שוין געקלונגען אין דער גיכער הילף, אין מיליציע, אין מאָרג... ביי נאַכט האָט מען געבראַכט אַ יונגן מענטשן...

— די סימנים?...

ניין, די סימנים גייען נישט צו. מיר גייען מידע מיט ליידיקע הענט און מיט אַ טעמפּן, גאָרנישט וויסנדיקן מוח אַהיים... דבורה איז שוין אַנגעטאָן און באַגעגנט אונדז אַ פריילעכע: הירשקע איז דאָ!... שטיל ראָמט זי אונדז איין, אַז ווי ער איז נאָר אַ פאַרטראַכטער אַריינגעקומען האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער פאָדערשטוב און וויל שוין צוריק אַוועקגיין.

— ניין, — זאָגט זי, — קומט אַריין, איך דאַרף אייך עפּעס האָבן. — און זי האָט אים מיט נאַרישע, גאָר נישט וויכטיקע רייד, פאַרהאַלטן.

איך בין שוין נישט מיד. שוין גייען מיר אין טעאַטער. מיר׳ן נאָך גרינג באַוויזן צום אָנהייב.

איך לאָז איבער די ברידער זיי זאָלן זיך דעררעדן. זיי האָבן זיך שוין דעררעדט: הירשקע וועט פאָרן אויף אַ פּאָר טעג קיין דאַרניצע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

געגנעכטיקט האָט ער צוויי נעכט אין זאָאָ־גאָרטן, אין אַ זייטיקער אַלעע, אויף אַ קאַלטער פייכטער באַנק. נישט אַזוי די קאַלטע עלנטע נעכט, ווי די געדאַנקען, וואָס קומען אַ מאָל אומגעבעטן און באַזעצן זיך צו פעסט ביי דיר אין מוח און אין האַרצן אויף צו פרי מאַכן אַ סוף, אונטערפירן די אונטערשטע שורה... פון „דעם" ווייסט קיינער נישט, פון „דעם" רעדט קיינער נישט, נאָר די אייגענע מענטשן ברענגען אַ מאָל אַרויס מיט נויט אַ האַלבן נישט־דערזאָגטן וואָרט...

## אַ יינגערע אויף אַ סך

— פון וואַנען ווייסטו, אַז ביסט אַ נאַריש מיידל?

— מן־הסתם ווייס איך, אַז איך זאָג.

איך בין געגאַנגען אין אַ שיינעם זומערדיקן בייטאָג איבער אונדזער לענין־גאַס אַהיים צו זיך. איך קען נישט זאָגן, אַז ס׳איז מיר געווען איבעריקס גוט אויפן האַרצן. שלעכט איז מיר אויך נישט געווען. אַ דאַנק גאָט כאָטש דערפאַר, וואָס ס׳איז דאָ. אָבער אָט שיקט ער דיר צו אַ גוטע געשמאַקע באַגעגעניש. ס׳איז דיר גאָר איצטער אין זינען נישט געלעגן און דו דערפרייסט זיך מיט דעם. ס׳ווערט דיר גוט, גרינג און ליכטיק אין אַלע אברים.

אַזוי ווי איך גיי אינעם שיינעם לינדן בייטאָג דערזע איך, ווי ס׳זיצט אויפן צעמענטענעם טרעפּל פון איינעם אַן איינשטאָקיקן הויז פייגעלע.

אַרום און אַרום איז עס אַ צווײ, אויב אַ סך — איז עס אַ דרײ הונדערט שפּאַן פון מײַן הויף.

— פײגעלע, וואָס טוסטו דאָ? — דערפרײ איך מיך מיט איר און לאָז זיך אויך אַראָפּ לעבן איר אויפן קילן טרעפּל.

— גאָרנישט, איך בין אַ נאַריש מײדל.

זי ווײסט, זי פילט שטענדיק, ווי ליב זי איז מיר. און איר איז אויך געוואָרן גרינגער מיט מיר און לעבן מיר.

אָן ווערטער האָב איך פאַרשטאַנען פאַר וואָס זי האָט זיך דאָ צוגעשפּאַרט. איך ווײס — זי האָט אַ מאָל צו טאָן מיטן האַרצן (אַ ליב טײער הערצעלע, אַ ווײכטיקער טײל פון איר אין גאַנצן), און זי איז געווען געצווונגען אין מיטן וועג זיך אַ ביסל צוזעצן.

— מיר׳ן גײן צו אונדז?

— אפשר, שפּעטער אַ ביסל. איצט האָב איך אַ לעקציע, דערנאָך בין איך פרײ די גאַנצע צײט.

— וועסטו בײ מיר נעכטיקן?

— אויב איך וועל זאָגן אין דער הײם, ווו איך בין, וועל איך אפשר נעכטיקן אויך.

בײ אונדז איז אַ שטילער ראַיאָן. אי אין צענטער פון שטאָט, אי שטיל. איר צימער איז שוין אַנדערש: בײ זײ גײען אַרויס די פענצטער אויף וולאַדימירער גאַס, אַנטקעגן דער אָפּערע. און די טראַמווײען האָבן זיך שוין באַוויזן גוט אײנגעסן אין די בײנער: אַז זײ גײען דורך פאַרבײ אירע פענצטער הרימען זײ אַזוי, קלינגען און טראַסקען מיט די רעדער, אַז מען דאַרף טאַקע זײן פון אײזן מען זאָל פון זײ קענען אויסהאַלטן. איצט קען זי נעכטיקן בײ אונדז אַפילו עטלעכע וואָכן דורך אַנאַנד. מײנע לײט זענען לעם וואַרזעל. דבורהל וועט גאָרנישט האָבן קעגן. מיר פאַרהאַלטן זיך גוט מיט איר משפחה און דער יונגער עולם איז צו אונדז גוט.

...גײ דערצײל מיט וואָס איז מיר פײגעלע אַזוי ליב. איך בין איר אויך מיט עפּעס נאָענט. זינט איך קען זיך מיט איר האָב איך נאָך קײן אײן מאָל קענטיק נישט איבערגעכאַפּט די מאָס. עלטער בין איך פון איר קוים אויף צווײ מאָל אַזוי פיל. אויב איך בין אַלט פערציק און האָב שוין אַ טאָכטער פון אַ יאָר 16, איז זי אַלט עפּעס העכער פון 20 און איז שוין אַ לערערין פון געאָגראַפיע. זי ווײסט שוין אויף געוויס, אַז פאַר טעווקען וויל זי נישט חתונה האָבן. ער איז איר ברודערס אַ חבר, וואָס וווינט איצט אין מאָסקווע. ער וויל זי דאָס חיות, און זי האָט שוין לאַנג אַלץ איבערגעוווינגן: „פאַר״ איז גראָדע דאָ נישט ווינציק, אָבער זי קלערט שוין פון דעם נישט. אויב זי זאָגט אויף זיך, אַז זי איז אַ „נאַריש מײדל״, האָט דאָ דער דאָזיקער באַשלוס אויף „נײן״ אויך אַ היפּשן חלק...

פֿייגעלע, מיר זאָל זײַן פֿאַר דיר! פֿאַר וואָס ביסטו מיר אַזוי טײַער? און אַז איך טוליע זי צו מײַן ברוסט, טוליעט זי זיך אויך מיט איר גאַנצן קינדערשן באַוווּסטזײַן. זיך מאַכן תּמעוואַטע און צושלעפּן אַהער פֿלאַטאַנען פֿאַר אַ שותּף, זענען מיר נישט אויף אַזוי פֿיל צניעותדיק, און מיר גײטיקן זיך, קענטיק, נישט אין דעם. איך בין איר נישט פֿרעמד. מײַנע קושן זענען איר נישט דערווידער און איך דערוועג זיך נישט צו פֿיל. איז אונדז ביידן, וואָלט איך געזאָגט, זייער צום טעם דאָס ביסעלע שיכּרות, דאָס ביסעלע אַרײַנגעגנבעט אײדל פֿאַרגעניגן, וואָס איז נאָך קיין זינד נישט. איך זאָג „איידל״. פֿאַראַן אַ מאָל אַ גראָבער ביסן, וואָס פּילסט אין אים אויך אַלע טעמען. אָבער דערפֿון ווערט נישט דער ביסן איידעלער. און דאָס, פֿון וואָס מיר רעדן איצט, איז אַזאַ דינע איידעלע מאַטעריע, אַזוי דעליקאַט אויפֿן ריר און אויפֿן טעם... און כאָטש דו ווערסט פֿאַרשלונגען אינעם געפֿיל, איז עס איינס אין דער גאָרער וועלט: אַזאַ צאַרט, אַזאַ אײדל און וואַרעם פֿייגעלע, מיטן פּיסקעלע, מיטן הערצעלע, מיטן וואַרעמען בליק און מיט אַלעמען...

וואַרט איך אויף איר! און זי קומט צו גיין, ווי אַ מענטש, וואָס קומט צו זיך אַ היים, ווײַל ווען אַלע זענען אַפֿילו אין שטוב, צעוואַשט זי אויפֿן קיך אַ גלאָז מיט אַ שאָל, ווען זי וויל אַ טרונק. זי האָט די מעגלעכקייט זיך פֿילן היימיש נישט נאָר לפֿנים ווען. אַז איך וועל זײַן אין וואַרזעל, וועל איך פֿריי קענען דערציילן, אַז פֿייגעלע וועט מעגלעך ביי אונדז זיך אויפֿהאַלטן אַ פּאָר וואָכן און זי וועט אפֿשר באַווייזן אויספּרעגלען פֿאַר אונדז אַ ביסל וויינשל־איינגעמאַכטס. זי איז אַ גאָלדענע באַלעבאָסטע, טוט אַלץ גרינג, נישט געכאַפּט און שמירט זיך נישט אויס לעבן דער אַרבעט.

פֿייגעלע טײַערע! ווען איך קען איבערגעבן כאָטש אַ העלפֿט פֿון דעם, וואָס איך פֿיל, וואָס דו ביסט פֿאַר מיר, וואָס דײַן אָנוועזנהייט מאַכט מיט מיר. איך האָב דאָך דאָס קיין מאָל אין ערגעץ נישט פֿאַרזוכט. אונדזער פֿאַרהאַלטן זיך איז דאָך אין קיין פּרט נישט קאָמפּליצירט און ס׳איז אַלץ אַזוי מילד, אַזוי איידל באַטעמט און דערהויבן...

מיר האָבן געגעסן מיטאָג אין קיך. זי האָט געוואַשן ס׳געפֿעס. איך האָב איר געלייענט אַ ייִדישן בלאַט — דאָס בעסערע, וואָס האָט זיך דאָרט אָפּגעשפּאָרט פֿאַר אַ גאַנצער וואָך. אַז מיר האָבן פֿונאַנדערגעשטעלט ס׳געפֿעס, האָט זי געזאָגט, אַז זי וועט זיך צולייגן אפֿשר אויף אַ שעה, נישט מער. זי האָט זיך אויסגעקליבן אַ ביכל פֿון דעם, וואָס איז געלעגן אויפֿן טיש. איך האָב איר צוגעשטעלט אַ שטולכן צו דער קושעטקע, אָנגעקגעלייגט איר אַ קישעלע אַ ריינס, איר געגעבן עפּעס איבערטאָן.

פֿאַר וואָס זאָל איך איר נישט אַ קוש טאָן אין פּנים, אין די אויגן, אַז מיר זענען אַזוי היימיש, פֿריי, און זי נעמט גרינג אויף דאָס, וואָס זי איז מיר ליב. מיר האָבן זיך אויף אַ היפּשער ווײַלע געזעגנט מיט אַ ווייכן נויג פֿון קאָפּ. איך האָב שטיל

פֿאַרמאַכט די טיר נאָך זיך. אַרויס בין איך אויף די שפּיץ פֿינגער מיט אַ זייט. איך וויל נישט גיין מיט דער פֿלייצע צו איר. פֿייגעלע, אײדלינק פֿייגעלע, טייערס, רו זיך אָפּ! ס׳זאָל דיר זיין צו רפֿואה און געזונט...

וואָס איז געווען דערנאָך?

דערנאָך איז אַזעלכעס גאָרנישט ניט געווען.

אין שטאָט איז געגאַנגען אַן אַלטער פֿילם „זאַנג". זענען מיר פֿון תּחילת אָוונט געווען אויפֿן פֿילם... אין דער היים — אַ לייכטער אָוונטברויט. דאָס געפּעס ריין און רויִק צעוואַשן און צעווישט. ס׳איז געווען שבת צו נאַכטס אַנטקעגן זונטיק. איז די רויִקייט נאַטירלעך.

איך האָב זי געהאַלטן אַ ביסעלע אַרומגענומען. ביידע זענען מיר געשטאַנען אַזוי אין טונקעלן שלאָפֿצימער. מיר האָבן געפֿונען מיט וואָס פֿרישן צו פֿאַרשפּרייטן איר אויפֿן בעט, מיר — אויף דער קושעטקע.

מיר האָבן לאַנג־לאַנג געשמועסט פֿון אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך נאָר געגלוסט. „ער" און „זי". „איך און וואָס סע גלוסט זיך מיר אָפּט" — האָבן אָפּגענומען אפשר די גרעסטע טייל פֿון אונדזערע רייד. אַז איך האָב געבענקט נאָך איר זויבער ריין און אײדל העמדעלע, נאָך איר צאַרטן וואַרעם־קלאַפּנדיקן הערצעלע און אַז ס׳האָט מיך אָן אַ שיעור אַהין געצויגן, פֿאַרשפּאָר איך באַהאַלטן. איך האָב אָבער פֿאַרשטאַנען, אַז כאָטש זי וויל אויך עפּעס, איז איר מיינונג דערביי, אַז אַזוי איז דערווייל גלייכער. און אַרום איינס ביי נאַכט, ווען אירע ענטפֿערס זענען שוין געווען בלייכער און צעצויגענער, האָב איך געוווּסט, אַז זי שלאָפֿט שוין. אין געדאַנק, נאָר אין געדאַנק, האָב איך זי צאַרט אַרומגענומען און זיך צו איר אין גאַנצן געטוליעט. אָט אַזוי האָב איך אויפֿן אַנטקעגנדיקן געלעגער זיך אויך פֿאַרגלויבט דעם שלאָף...

צוויי טייערע קינדער, יעדערער אויף זיין געלעגער, אַליין אויף אַ גאַנצער שטוב, שלאָפֿן מיט אַ זיסן שלאָף. אייזיקל, פֿון אַריבער פֿערציק, וואָס האָט נאָך טאַטע־מאַמע און איז אַליין אַ טאַטע פֿון אַ גאַנצן געזינד. נאָר מערער איז ער קינדעריש־פֿריי, ווייסט נישט פֿון קיין תּכלית, ווייסט נישט, אַז מע מעג שוין אַ מאָל ווערן ערנסט און מיט עפּעס וויכטיקס זיין פֿאַרטאָן. און פֿייגעלע, פֿון אַריבער צוואַנציק, וואָס וואָלט שוין קענען זיין אַ מאַמע, און דאַרף נאָך באַהילפֿיק זיין איר אייגענער מאַמען, וואָס ווייסט שוין פֿון שווערקייטן און נויט נישט לויט די יאָרן און נישט לויט די כּוחות, וואָס גייט אַרום ריין, נישט ערגער פֿון אַ פֿאַרמעגלעך קינד, זי ווייסט נאָך אויך נישט פֿון קיין תּכלית, נאָר זי טראָגט אים, טראָגט אויף זיך דעם יאָך, איז ערנסט פֿאַרטאָן, באַנעמט דאָס לעבן טיף, און דאָך גלייבט עס, דאָס אײדל ציכטיק פֿייגעלע, אין דעם, וואָס סע זאָגט, אַריינקוקנדיק טיף אין זיך: „איך בין אַ נאַריש מיידל"...

געזונט זאָלט איר מיר זיין, טייערע אײדעלע קינדער מיינע, און גאָט זאָל אייך קיין מאָל נישט באַנאַרישן.

## צי איז עס פאַר מיינע געדאַנקען, מאַמע, זאָג ?!...

מיר גלוסט זיך באַקומען בריוו, מיר גלוסט זיך ברענגען אַהיים ביכלעך, מיר גלוסט זיך זען עפּעס מיינס אָפּגעדרוקט. איך זאָל זאָגן, אַז מיר גלוסט זיך אָנשרייבן עפּעס אַ גוטע זאַך... ס׳טרעפט אָפט אַנדערש: אין מיטן שרייבן צעבענק איז זיך מיט אַ זיסער בענקשאַפט צו די געשטאַלטן, וואָס לעבן אויף ביי מיר אויפן בייגעלע פּאַפּיר, כ׳ווער פול מיט זייער גליק אָדער מיט זייער שלימזל. אויב די זאַך איז מיר ליב און זי האָט זיך איינגעמאָסטעט אין געדאַנק צווישן מיינע בעסערע זאַכן, איז דאָס ביי מיר טייער און איך וויל שוין, אַז מענטשן מיט פאַרשטאַנד זאָלן עס האָבן איבערגעלייענט, וואָס וועלן זיי מיר זאָגן ?... כאָטש אין דער אונטערשטער שורה, וואָס און ווי אזוי זיי וועלן נישט זאָגן, וועט עס זיך אויסדרייען ווויל.

מיר האָבן גערעדט, אַז איך האָב ליב קריגן בריוו. דער מאַמעס בריוו זענען מיר שטענדיק גוט. דער מאַמעס בריוו קומען אָן רעגולער. איך קען איר כּתב, איך קען אירע צעפּאָרענע קרומע קאָטשערעס אויפן אַדרעס. פּרווו אויף זיי געפינען אַ חסרון — נישטאָ! נישטאָ דאָרט קיין איין ביינדעלע, קיין איין זעמדעלע. פון די צוויי קעסטלעך בריוו, וואָס זענען ביי מיר געדיכט אָנגעפּאַקעוועט און מען דאַרף שוין גרייטן אַ דריטס, זענען די געדיכטע מערהייט בריוו טאַקע אירע. איך האָף נאָך אַ מאָל זיי צענעמען, אויסגלעטן, צעסדרעווען און צונויפפלייגן אין פּאַפּקעס, איך זאָל ווען עס איז קענען זיי לייענען פון אָנהייב. ס׳איז איינער פון די בעסטע מאכלים. דערנאָך זענען דאָרטן פאַראַן נאָך בריוו און בריוו. פון יעדערן ווינציק און אין איינעם — אַ סך. ס׳זענען אַפילו דאָ בריוו אויף שרייב־מאַשינקעס. יענע מאַכן זיך גרויס מיט זייער אַריסטאָקראַטישקייט, ווי שטאָט־אויסגעפּוצטע לייט, ווען זיי פאַלן נאָך עפּעס אַראָפּ אין אַ וואָכעדיק שטעטל אַריין. איך האָב געציילטע בריוו אויף קנאַקנדיקן פּאַפּיר, מיט בעסערן טינט, ווי ביי אונדז. די באַלעבאַטים ווייסן אַפילו נישט, אַז זייער טינט איז בעסער, זיי באַמערקן עס נישט. ווען זיי שרייבן זענען זיי פאַרנומען מיט וויכטיקערס. למשל, יוסף אָפּאַטאָשו. איר ווייסט ווער דאָס איז? נו, און לייוויק האַלפּערין (ה. לייוויק) — טרעפט, ווער קען דאָס זיין? היינט טשאַרני? כאָטש ער איז אַליין אַ „טשאַרני”, קומט אויס אויף אים זאָגן „ניגערס ברודער”. מיינע חשבונות זענען קליינע, צו מיינסטנס דריבנע: אייזיק, לייב דעם האַרבערס זון פון סלאָוועשנע, און אַפילו אַז מיין מאַמע איז (איר ווייסט דאָך שוין ווער מיין מאַמע איז)... קומט דאָס אַלץ פון סלאָוועשנע. איז אויב אַזעלכע מענטשן שרייבן צו מיר אָן אַ בריוול אויף מיין אַדרעס, רופן מיך אָן ביים נאָמען און טוען עס ווואַרעם, רעדן, ווי צו אַ גלייכן, צו אַ ייִדישן (דאָס הייסט — זייערן) שריפט־שטעלער, רעדן פּשוט און היימיש, ווי שרייבער צו שרייבער, און ווייטער און ווידער אַ מאָל שרייבער, אָבער איך ווייס דאָך געוויס, אַז איך טויג צו דעם נישט... צו שטאַרק

איז ביי מיר איינגעוואָרצלט דאָס ווערטעלע „גאָט, הייב מיך נישט אויף און וואַרף מיך נישט אַראָפּ"... צו וואָס דאַרף איך עס? איך קען זיך באַגיין אָן דעם... דאָס אַלץ איז אמת. און פון דעסטוועגן, צי טאָר איך נישט האָבן קיין פאַרגעניגן פון אַזאַ מין סאָרט בריוו, ווען איך בין מיט זיך אַליין, ווען די בריוו זענען טאַקע אָנגעקומען צו מיר, אויף מיין נאָמען און מיין דירה? זיי זענען אַפילו צו יעדן מיטגליד פון מיין משפחה, ווייל ווי באַלד עס איז מיינס — איז עס אויך זייערס. נו, פאַרשטייט זיך, איך לייען יעדן פון זיי דאָס בריוול, ווען עס קומט אָן. דבורהן זעץ איך איבער, ביילקען און דעם געלינקן לייען איך גלייך, ווען זיי האָבן נאָר צייט. פאַר לייבעלען וועל איך עס באַהאַלטן ער זאָל לייענען, ווען ער וועט אויסוואַקסן. און סאַניע ביט... (געווען ביי אונדז אַ יידישע אַרבעטערין), יענע, ביי אַזעלכע פאַלן פלעג אַ פּיר טאָן מיט דער האַנט און ענטפערן מיט אַ שמייכל: „לאָזט מיך געמאַך, ס'איז נישט פאַר מיינע געדאַנקען". גיי, דערצייל איר אַז פאַר מיינע געדאַנקען איז עס אויך נישט אַזוי אָנגעמאָסטן...

נישט איין מאָל פּאַסירט אַזאַ מין סאָרט געמיש: איך עפן אויף אַ צייטונג און טרעף דאָרט, ווי איך האָב פריִער געזאָגט, מיין נאָמען און מיין אַ זאַך. בין איך באַלוינט און שטראַלנדיק געוואָרן. איך בין געוואָרן צוויי מאָל: ערשטנס, דערפאַר, וואָס אין צייטונג איז דאָ אַ קינסטלעריש ווערק, אַ געדיכט, אָדער אַ דערציילונג (אַפילו אַ גוטע רעצענזיע, איז עס שוין אויך אַ נאַשעריי). צווייטנס, איז עס דאָך מיין בלוט און פלייש, מיין לייב און לעבן, דער לויטערער, ריינער, געשליפענער שפּיגל, וווּ איך זע זיך און נישט אין קיין נעבעכדיקן אויסזען... טרעפט זיך אָבער, אַז איך עפן די צייטונג און מען שרייבט דאָרט וועגן עמעצן נישט פויגלדיק, מען רייבט אים מיט זאַמד. איך טו גיכער אַ זוך וועגן וועמען רעדט זיך עס? און דערזע, אַז בסך־הכל מיינט מען עס מיך, מען שייערט מיך דורך הייסן, בייסיקן זאַמד... עס רייסט זיך מיר אַפּ אין האַרצן, ס'ווערט מיר אויף זיך אַליין אַ רחמנות; אוי, וויי, און מיך פאַר וואָס?... ביי מיר איז אַזאַ געפיל, אַז עמעצער, אַן אומגעריכטער (נאָר היינט איז ער שטאַרק) האָט מיך אַ נעם געטאָן פאַרן קאָלנער און שלעפּט מיך גלייך אין מיליציע אַריין...

אַזאַ „כבוד" האָב איך איין מאָל געקראָגן פון אַ ייִדן, וואָס איך ווייס אים נישט און קען אים נישט, און הלוואי זאָל איך טאַקע פון אים נישט וויסן, אַלטשולער הייסט ער. ער האָט זיך צעלייגט אין „עמעס" אויף צוויי „קעלערס" מיט איינע טענות צו מיר און אַפילו נישט נאָר צו מיר — אויך צו די, וואָס זענען געווען אַזוי „ליבעראַל", אַזוי „קורצזיכטיק", זיי זענען אויך ערגער פון ערגער, אויב זיי לאָזן זיך פון אַזאַ „שווינדלער" פאַרפירן און דרוקן אַזאַ סרחהדיקע זאַך, וואָס אַפילו אַ קליין קינד דאַרף עס באַמערקן...

איך עק זיך שטילערהייט מיט דער נשמה. ס'איז מיר שפּל אויפן האַרצן. ס'איז

מיר אַ רחמנות אויף מיר, אויף מיין מאַמעס זון, וואָס רוקט זיך קיין מאָל נישט צום אויבנאָן... זענען טאַקע, אויב אַזוי, שולדיק יענע, וואָס האָבן מיין זאַך אָנגענומען צום דרוקן. וואָס איז? איך וואָלט זיי דען געזאָגט אַ קרום וואָרט, ווען זיי שיקן עס מיר אָפּ צוריק: איינער מיינט — קריכט נישט, פֿאַניע אייזיק, פֿאַרנעמט זיך נישט מיט אַזעלכע זאַכן. ס'איז נישט פֿאַר אייערע געדאַנקען, און גענוג...

איך בין איינער אַליין אין שטוב. איך ליג אויף דער קאַנאַפּע מיט אַ געעפֿנטער צייטונג, ס'איז מיר אָנגעזאָלעט אויפֿן האַרצן אַזוי ווי הינט וואָלטן געריסן מיין לייב... קלאַפּט אָן די שכנה — קוטשערענטשיכע הייסט זי — און דערלאַנגט מיר אַ פּאַר בריוו מיט אַ קאַרטל. איין קאָנווערט דערקען איך גלייך מיט זיין נאָבעלער פּעסטקייט, גוטן טינט, „פּנימדיקע" מאַרקעס. ס'איז פֿון יוסף אָפּאַטאָשו! יאָ, געזונט זאָל ער זיין, ס'איז ער! וויפֿל באַרויִקונג האָט ער מיר געבראַכט! די איבלדיקייט, דעם האַרצווייטיק, ווי מיט דער האַנט האָט דיך אַ גלעט געטאָן. אַ גוטע, צאַרטע האַנט האָט דיך אַ גלעט געטאָן. דו געדענקסט, אַז ביסט פֿון עפּעס געווען באַטריבט, נאָר ס'איז דאָך אַ פּוסטע קלייניקייט, ווייס איך וואָס... געזונט זאָלט איר מיר זיין, טייערער ר' יוסף, אין וועלכער שטאָט וווינט איר? וועלכעס ווייבל איז אייער פֿריינט? ווער זענען אייערע גוטע ברידער? דער טיש, אויף וועלכן איר שרייבט, קען איך שוין גוט? געבוירן זענט איר אין פּוילן און לעבט איצט אין אַמעריקע. ווי אַזוי זעען אויס אייערע רעדאַקציעס? ווי קוקט מען אַרויס אויף אייך? ביי וועלכע מלמדים האָט איר קינדווייז געלערנט? איר זענט דאָך אַזאַ טיפֿער ייִדישער קענער! אַזוי פֿיל ייִדישקייט איינגעזאַפּט אין זיך. אַן אמתער בן־תורה, אַ ליכטיקער קאָפּ, אַ בליק פֿול מיט ליבשאַפֿט צום פֿאָלק, צו זיין שפּראַך, צוביידע שפּראַכן... ער זאָרגט זיך פֿאַר דער ליטעראַטור. ער האָט חברים, ער האָט קעגנערס. קלעצקין דרוקט זיינע געקליבענע ווערק, ס'גייט שוין אַרויס דער 18טער באַנד. זיין „טאָג אין רעגענסבורג" איז פֿאַר מיר אַ געדיכטער פּעטער פֿלאָדן, וואָס צעגייט זיך אין מויל, צעגייט זיך אין אַלע אבֿרים.

איך מעג שוין עפֿענען דעם בריוו און לייענען, הערן, וואָס דער גרויסער ליבער ייִד רעדט צו מיר. אָבער, ניין, איך וועל נאָך צווואַרטן. אָט איז דער מאַמעס אַ בריוו...

נו, מאַמע, דיר האָב איך ליב אַלצדינג דערציילן. נישט אויף אַלצדינג ענטפֿערסטו מיר גלייך, אַפֿילו, ווען מיר רעדן פּערזענלעך... דו פֿאַרעסט זיך אין קיך ביים אויוון, ביי דעם לענגיכיקן מילכיקן טאָפּטשאַן און איך פֿאַרברענג מיט דיר. ס'זעט כּלומרשט אויס, ווי דו ביסט פֿאַרטאָן, ס'גייט דיר נישט אין קאָפּ, אָבער איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט קיין איין וואָרט מיינס נישט דורכגעלאָזט. איך ווייס, אַז שפּעטער, פֿאַר נאַכט, ווען דו וועסט זיצן אויפֿן בענקעלע אין שטאָל און מעלקן די בהמה, וועסטו אויך אַרומטראַכטן אַלץ און קומען, ווי שטענדיק צום אויספֿיר: זאָל זיך דערווייל גיין, ווי ס'גייט. דאָס לעבן אַליין איז גענוג שטאַרק. די צייט היילט.

די קרומע, שטיינערדיקע שטיקלעך וועג, די בלאָטקעלעך, וועלן דורכגיין און ס'וועט זיך אויסשפּרייטן פאַר דיינע קינדער אַ גלייכער, אַ גרעאַמער, אַ ליכטיקער וועג מיט הויכע, שלאַנקעביימער פון ביידע זייטן.

## אַ גאַסט אויף אַ ווילע

דריי באַזונדערע געסט, פאַרשיידענע מענטשן, אין פאַרשיידענע צייטן, און עפּעס פאַראייניקט זיי: יעדן פון זיי האָט אָפּגעגאַלטן — זיי האָבן מיך נישט געטראָפן אין דער היים. זיי האָבן געטראָפן דבורהלען.

יפתח אין זיין דור — שרייבט זיך ערגעץ — איז געווען, ווי שמואל בדורו (ווי שמואל אין זיין דור). סלאָוועשנע האָט פאַרמאָגט אַ מאָל רבנים שיינע, געהויבענע ייִדן. דער איצטיקער רב שלמה בעלילעווקער איז אויך אַ ווילער ייִד, איז אויך אַ ווילער רב. פאַר דער איצטיקער סלאָוועשנע איז ער נאָך אַפילו צו גוט. דער טאַטע האָלט אים אַ מאָל אונטער מיט אַ נדבה, ווי ס'פּאַסט פאַר אַן אײדעלן ייִדן.

ס'איז געווען אין דער הונגערצייט אויף אוקראַינע. אין איינעם אַ פרימאָרגן שטעלט זיך אַריין צו דבורהלען אַ ייִד מיט אַ באָרד, נאָך נישט שטאַרק קיין אַלטער.

— ווו איז אייזיק?

— אייזיק איז נישטאָ אין דער היים.

— איך בין פון סלאָוועשנע, דער ראַבין. כ'האָב צו אים אַ גרוס פון די על־טערן...

צי פון דרך־ארץ צו מיר, און נאָך מער פון דעם, וואָס איז שייך צו מיר, צי זי פאַרמאָגט אַליין אַן איינגעבוירענע איידלקייט, פרעגט זי אים, צי וועט ער אויס־טרינקען אַ גלאָז טיי. זאָגט ער, אַז מיט אַלע כבודן, און אַפילו די אויגן האָבן געזומען ביי אים בלישטשען. זי האָט אים אויפגעזאָטן אַ גלאָז טיי, באַשמירט אַ פּאָר שטיקלעך ברויט מיט פּוטער און דערלאַנגט אויף אַ טעלערל. זי איז פאַרליבט אינעם רב, שפּיגלט זיך אין אים. ביי אונדז איז צוגעציילט אי דאָס שטיקעלע ברויט, אי דאָס פּיצעלע פּוטער, אי דער קאָפּ צוקער. נאָר געוואַקסן איז זי נישט אין קיין אָרעמקייט, איז ביי אונדז אין שטוב אויך אַוועקגעשטעלט, אַז מע זאָל זיך נישט טרייסלען איבערן ביסן. דאָס, וואָס ער האָט געטראָפן אין שטוב, זאָל ער עסן צו געזונט. זי שמייכלט נאָר צו זיך און רייצט זיך מיט מיר אין האַרצן, אַז צו איר קיין גלחים וועלן נישט קומען, ס'איז גאָרנישט געמאָלט אַזעלכעס, און צו מיר, דעם סאָוועטישן שריפטשטעלער, טרעפן רבנים, נאָך אַ מין טרעפן... ס'איז אַ דאַנק גאָט, נישט דאָס ערשטע מאָל.

דער רב, זאָל זיין געזונט, האָט נעבעך אָפּגעגעסן דאָס באַשמירטע ברויט ביז אַ ברעקל, אויסגעזייט די זיסע טיי ביז אַ טראָפּן. דער הונגער לאָזט זיך גוט פילן...

ער האָט געבעטן מיך גריסן, צוגעזאָגט אין דער היים איבערגעבן אַ גרוס, און... פֿרעגט שוין נישט, וואָס פֿאַר אַ גרוס ער האָט געבראַכט דעם טאַטן מײנעם. ער האָט מיט אים גערעדט אין בית־מדרש, ווו נאָך ייִדן האָבן געהערט, אַז די שנור זײַנע (אײַזיקס ווײַב) איז אַ לײַטישער, שײנער מענטש, אַן אמתע צדקת, מען זעט עס גאָרנישט אַזעלכעס אַפֿילו צווישן ייִדן... זי איז אַ קריסטלעכע? ס'מאַכט נישט אויס. יעדער צײַט האָט זיך איר חותם: פֿון הגרן איז אַרויס ישמעאל, פֿון בילההן מיט זילפּהן זענען אַרויסגעקומען ייִדישע שבֿטים, און פֿון תּמרן מיט רותן איז דען נישט אַרויסגעקומען דוד המלך?

דער טאַטע האָט זיך דערפֿילט אויפֿן זיבעטן הימל. פֿון דאַן אָן, ווען ער פֿלעג זײַן אין קיִעוו צו גאַסט, פֿלעג ער פֿאַרברענגען בײַ דער שוועסטער אַ טאָג און בײַ אונדז דרײַ. נאָך דעם רבס גרוס האָט ער באַקומען אַ באָדן אונטער די פֿיס.

וואָס מערער, טײַערע דבורהל, אַזעלכע געסט!

אָבער אָט איז אַ צווייטער גאַסט — „קלאַניאַיעטסיאַ"* (באַגריסט). דאָס איז דער זאַליאַזניטשקעס אַ מײדל. זי האָט זיך געזאָלט אײַנאָרדענען אין יעקאַטערינאָ־סלאַוו און ס'איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. פֿאָרט זי מיט לײדיקן צוריק אַהײם. זי האָט זיך דערפֿרעגט צו אונדז אויף טאַראַסאָווער, מיך נישט געטראָפֿן אין שטוב. דבורהל האָט זי אויפֿגענומען, ווי אַ מענטשן. דבורהל קען זי אין גאַנצן נישט, איך וואָלט זי אויך נישט דערקענט. אַז איך בין אַוועקגעפֿאָרן פֿון דער היים איז זי נאָך געווען אַ שנעק. דבורהל האָט איר געגעבן אָפּעסן. זי האָט זיך געבעטן, אַז זי וויל זיך צולייגן ביזן באַן. דבורהל האָט זי באַלייגט אין שלאָפֿצימער אויף דער קושעטקע און אַליין איז זי אַוועק מיט לײבעלען אַ ביסל אויף לופֿט. פֿאַרן אַוועקגײן האָט זי דאָס מײדל אַ שלאָפֿנדיקע פֿאַרשלאָסן. אין אַ פֿאַר שעה אַרום איז דבורה געקומען מיטן קינד. יענע איז שוין אויף די פֿיס, זי גײט שוין צום וואָקזאַל...

— וואָס איז דאָס אײַלן זיך? אײַער באַן גײט אָפּ ערשט פֿאַר נאַכט?

— נײן, זי וועט בעסער דאָרטן צווואַרטן... זי וועט דאָרטן פֿרעגן, צי איר בילעט איז גילטיק...

זי האָט גענומען איר שטרויענע קאָרזינע, זיך געזעגנט, באַדאַנקט, צוגעזאָגט איבערגעבן אַ גרוס אין סלאָוועשנע און איז אַוועק.

פֿאַר נאַכט, בײלקע איז געקומען פֿון שול. מיר עסן מיטאָג. בײלקע זאָגט, אַז די יויך איז גאָלע וואַסער.

— וואָס איז? — שרײַ איך אָן אויף איר — אַ גאַנצע פּריצטע? געהערט אַ ביסל? אין אַ הונגעריקער צײַט אַ פֿליישיקער מיטאָג, וואָס נישט אַלע מאָל האָבן מיר אים, איז בײַ איר וואַסער, „גאָלע וואַסער"...?!

---

* Кланяется.

מיר איז אויך די יויך וואַסערדיק, די לאָקשן — שיטער, נאָר ס׳איז אַ נייס ביי גאָט היינטיקע צייטן?

דער אַלטער קוטשערענטשיכעס יונגע טאָכטער (מיר האָבן זי גערופן „ס׳פּיס־קעלע״ — אַ שפּיציק מאָרדעלע, שפּיזלדיקע אייגעלעך), דערציילט אין אָונט דבורהן אין קיך, אַז דאָס מיידל, וואָס איז ביי אונדז געווען... אַ גאַסט אָדער וואָס?... ווען דבורהל איז אַוועק מיטן קינד, האָט זי געהערט, ווי עמעצער גייט אַרום ביי אונדז אין שטוב... האָט זי זיך נישט געפּוילט און אַריינגעקוקט אין שלאָפצימער און געזען: עפּעס אַ מאָדנע מיידל!... אויפן קאַפּלענעם פּליטקעלע איז געשטאַנען אַ געקעכץ ביי אונדז, האָט זי, די פּרעמדע, געטרונקען פון קאַסטרוליע, אַרויס־געכאַפּט מיט דער זשמעניע עטלעכע מאָל לאָקשן און געגעסן. דערנאָך האָט זי אָנגענומען פון עמער אַ קווערטל וואַסער און צוגעגאָסן צום געקעכץ...

הייסט עס, אַז ביילקע האָט גאָרנישט גערעדט פון וועג. ס׳איז טאַקע וואַסער, נאָך אַפילו נישט קיין איבערגעזאָטענע, און לאָקשן זענען געבליבן אין געקעכץ קוים אויף אַ רפואה...

— אָט האָסטו דיר, — זאָגט דבורהל, — דיין „קלאַניאַיעטסיאַ״...

אין דער פרי האָט זי געוועז דערציילט דבורהלען, אַז איך בין זייער אַ גוטער, אין שטעטל האַלטן אַלע פון מיר. אַז איך קום צו פאָרן „קלאַניע״ איך זיך אין גאַס צו איטלעכן, אַפילו צו אַ קליין קינד.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט דבורהל געוואָלט באַנייען אירע גומענע באָטן. נישטאָ די באָטן! זיי זענען דאָך געליגן ביי איר אין שאַפע פון אונטן, וווּ זשע זענען פאָרט די באָטן? זי האָט זיך לאַנג געדרייט דעם קאָפּ ביז זי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז עס איז דער „קלאַניאַיעטס״ אַרבעט. דאַרף מען שוין ווייטער קוקן. געקוקט ווייטער — זענען נישטאָ די זעקס סערוועטלעך און דאָס געשטריקטע סערוועטל, שוין עטלעכע מאָל אַ גענוצטע. אַז מען וויל איז נאָך די „קלאַניאַיעטסיאַ״ אַ לייטישער מענטש. מעגלעך, אַז זי האָט נישט געהאַט אויף קיין בילעט אַהיים. בעטן האָט זי זיך געשעמט, האָט זי „פּאָ באָזשעסקי״ געבאַלעבאַטעוועט אין שטוב ביז דבורה האָט זיך אומגעקערט פון גאַס מיטן קינד, און אַזוי ווי אויפן גנב ברענט דאָס היטל, האָט זי געכאַפּט איר רענצל און איז הענדום־פּענדום, נישט דערוואַרטנדיק זיך אויפן „גוטן״ אייזיקן אַוועק צום וואָקזאַל.

מן־הסתם האָב איך זיך נישט איינגעהאַלטן און געשריבן אַהיים פון דעם, וואָס ס׳האָט זיך פּאַרלאָפן, ווייל איך האָב באַגעגנט רבקה פּעסיע־שמערלס, האָט זי מיט מיר גערעדט אין גאַס אַ פינף מינוט.

— ס׳איז דאָך אַ וויסטער בזיון, — זאָגט זי, — אייזיק, אַריינגיין צו דיר אין שטוב אַריין! דיין ווייבל וועט מיינען, אַז סלאָוועשנע באַשטייט פון גאָלע לויטערע גנבים... שלמה דער רב האָט דאָך געבראַכט אַזאַ גוטן גרוס פון דיין שטוב און דאָ...

דיין ווייב האָט זי דען נישט אָנגעהאָדעוועט? זי האָט דאָך אַ ווילד פרעמדן מענטשן, וואָס זי האָט קיין מאָל נישט געזען אין די אויגן, אַריינגעלאָזן...

— שטעלט אייך פאָר, רבקה, — האָב איך איר געענטפערט, — אַז זי האָט זיך נאָך געפירט לייטיש... טאַקע אַן אומגעריכטער היזק, און די צייט איז נישט קיין גערוימע, נאָר אין שאַפע זענען געווען בעסערע זאַכן, דאָס איז איינס. צווייטנס, זענען די סערוועטלעך נישט קיין נייטיקע זאַך. זיי זענען געלעגן אַ האַלב יאָר נישט גערירט און אַזוי האָבן זיי געקענט ליגן נאָך אַ יאָר זעקס.

די זאַליאַזניטשקע זאָל האָבן צוגעזאָגט, דורך לייטן, אַז זי וועט אָפּשיקן וויפל עס באַטרעפט... זי האָט נישט אָפּגעשיקט. נאָר זי איז, נעבעך, אַן אַלמנה, באַזעצט מיט קינדער, און זאָל זיי גאָט נישט רעכענען. מיר זענען זיי מוחל, אמת, רבקה איז גערעכט: אַנטקעגן דבורהן איז עס אַ ביסל אַ חרפה. די „קלאַניאַעטסיאַ" האָט זיך טאַקע נישט שיין אויסגעהאַנדלט, אָבער דבורהל אַליין האָט אויפגעגעבן: טאָמער האָט, נעבעך, דאָס קליינע אָנשיקעניש געדאַרפט אַ בילעט?

איצט קומט גאַסט נומער דריי.

אונדזער אַ חברטע, די ייִדישע לערערין און אַפילו אַ ביסל אַ דיכטערין, אַנאַ פּיאַטיגאָרסקי, האָט מיר אַ מאָל צוגעשאַרט אַ שטיקל מצווה: איינעם אַ קאָלאָניאוס — אַ קינסטלער, אַ מאָלער, אַ גאַנץ פעיִקער, נאָר אַ „פלאָכאָניע", אַ שוואַך אָרגאַ־ניזירטער מענטש. אים גליקט עפּעס נישט אין לעבן. ער האָט שוין אַפילו אויס־געגומען ביי אַ נישקשהדיקער אוקראַיִנישער אַרטיסטין. ביי אירע פאַרדינסטן, וואָלט ער שוין קענען רויִק אַרבעטן. האָט דער שׂטן מקטרג זיך אַריינגעמישט. ער האָט בגנבה אָנגעהויבן לעבן מיט דער ווייבס טאָכטער. יענע איז, אַגב, נישט קיין קלענערער שלימזל פון אים. איז זי פאַרגאַנגען אין טראָגן (דערויף זענען זיי נאָך געווען פעיִק). דאָס ווייב (קענטיק, אַן אָנשטענדיקער מענטש) האָט זיי איבערגעלאָזט דאָס צימער, האָט זיך איבערגעפירט אין כאַרקאָווער טעאַטער און איז אַוועקגעפאָרן פון דאַנען.ביידע שלימזלען זיצן אין דער קעלט און נישט אַלע מאָל האָט מען דעם ביסן ברויט צו זעט. אַנאַ פּיאַטיגאָרסקי קען אים פון פריִער, שאַרט זי זיי צו פון מאָל צו מאָל עפּעס.

איין מאָל האָט זי אים צוגעשיקט מיט אַ צעטעלע צו מיר, דעם „גביר", און געבעטן איך זאָל אים געבן אַ צוואַנציק שטיקלעך האָלץ. ער איז געקומען מיט אַ צווייערדלדיק וועגעלע. מיר האָבן מיט אים אַראָפּגעטראָגן אַ ביסל האָלץ און אים אָפּגעלאָזט אַהיים. אָט דאָס איז די גאַנצע באַקענטשאַפט אונדזערע און מיר האָבן זיך מיט אים נאָך דעם יאָרן נישט געטראָפן.

איין מאָל קום איך אַהיים, זאָגט מיר דבורה: עפּעס אַ נאָענטער חבר דיינער, וואָס האָט זיך מיט דיר 16 יאָר נישט געזען, וואַרט...

— ווו איז ער? — כאַפּ איך זיך אָן.

זי שמייכלט און פירט מיך אַריין שטיל אין שלאָפצימער. טרעף איך דאָרטן אַ „נפש" — נישט זינדיקן זאָל איך מיט די רייד — אָרעם, קויטיק, דריבנע, שלאָפט מיטן פּנים אַראָפּ און אָנגעסלינעט נישט ווינציק אויפן ריינעם ציכל. ער ליגט אין די שיך. די צעפּאָרענע אויסגעטראָטענע זעלן קוקן אויף אַרויף און „בעטן קאַשע". איך גיי אַרום אויף די שפּיץ פינגער, קוק זיך צו, וויל דערקענען. דוכט זיך, אַז ס'איז קאָלאָניאוס...

אַז ער איז אויפגעשטאַנען האָט ער זיך גענומען פּאַר מיר אַנטשולדיקן. דאָס איז טאַקע ער, יענער קאָלאָניאוס, וואָס איך האָב אים אַ מאָל געראַטעוועט מיט אַ ביסל טרו'קן האָלץ... ער האָט אויסגעטראַכט דעם ווייב מיינעם אַ ליגן, אַז מיר זענען אַלטע גוטע פריינד, 16 יאָר זיך נישט געזען... ער האָט נישט געוווסט, צי מען וועט אים אַריינלאָזן אין שטוב אַריין... דאָס איז אין גאַנצן.

— נו?

— גאָרנישט... ער קומט איצט פון קרים אָן אַ קאָפּיקע געלט... זיין ווייבל איז אים געשטאָרבן. דאָס קינד, אַ יינגעלע, האָט ער איינגעאָרדנט אין אַ קינדערהויז... אין קרים איז ער געווען אַ לערער אין אַ שול, נאָר ער האָט צו זיין קלאַס קיין מזל נישט געהאַט... די קינדער פלעגן זיך אויסשטעלן אין גאַס אין אַ שורה און נאָכשרייען אים (אין אַ כאָר) כריו־כריו־כריו...

גערעכט, ס'איז אַ זיס לעבן!

מיר האָבן אים אָנגעקאָרמעט.

ער פלעג קומען פון מאָל צו מאָל און אָפּעסן אַ ביסל וואַרעם געקעכץ (אין דער קיך פון אונדזער הויז־קאָאָפּעראַטיוו). טאָמער בין איך געווען פאַרנומען, האָב איךביילקען געגעבן די צוויי־דריי רובל און זי איז מיט אים געגאַנגען אַהין.

איין מאָל האָט אים דבורה געזאָגט שולדיקלעך, אַז אין שטוב איז דאָ נאָר ברויט...

ער האָט זיך געזעצט צום טיש, גענומען קייען ס'ברויט און אויך שולדיקלעך געפרעגט: אפשר איז נאָך דאָ אַ ביסל זאַלץ? דבורה האָט אים געגעבן דאָס זעלצערל. ער האָט געטונקען דעם פּענעץ ברויט אין זאַלץ, געגעסן מיט אַלע טעמען. דבורה האָט אים דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער. ער האָט אויף איר געקוקט מיט אַ דאַנקבאַרן פייערל אין די אויגן און ער האָט געשווירן, אַז ער געדענקט נישט, אויב ער האָט אַ מאָל אין זיין לעבן אַזוי געשמאַק אָפּגעגעסן. דער עיקר איז נאָך געווען ס'ביסעלע זאַלץ...

דבורהל איז דאַן געווען אויף דער צייט מיט לייבעלען. זי איז געזעסן און האָט באַטראַכט קאָלאָניאוסן, ווען ס'איז באַשערט געווען אָפּצועסן מיט אַזאַ גרענעצ־לאָזן פאַרגעניגן אַ געשמאַק פּענעצל ברויט באַטרייסלט מיט זאַלץ און פאַרטרינקען מיט אַ גלאָז פרישע וואַסער. זי איז געווען זיכער, אַז זי טראָגט ביי זיך אונטערן

האַרצן נאָר אַ יִנגעלע און... צי דען איז עס אַ קינסטלער, אַ מאָלער און אַ פּאַרטיקער קאַלאַניוס ?... זי האָט עס אויך שפּעטער איבערגעחזרט נישט איין מאָל. און ווי ווען עס אויסקומען אין דערווירקלעכקייט, דאָס איז שוין אַ גאַנץ אַנדער זאַך.

ס׳האָט אויך פּאַסירט, אַז דבורה האָט נישט אויסגעהאַלטן. לייבעלע איז שוין אַלט געווען צוויי חדשים. זי האָט זיך געקליבן תּחילת אַוונט אויסבאָדן דאָס קינד. ס׳איז אַ גרויסע און שווער אַרבעט אין אונדזערע דירה־באַדינגונגען אויף טאַראַ־סאַווער, אויפן זעקסטן שטאָק. אויף די ווענט, דער עיקר אין די ווינקלען, איז געווען אַ סך ווילגאַט (פייכטקייט). מע הייצט אָן די שטוביקע קאָפּל־פּליטקע — איז פון די בלעכענע טרויבן הייס, דערנאָך קילט זיך אַלץ גרינג אויס. מען זאָל דאָס עופּהלע נישט פאַרקילן דאַרף מען אָנווענדן אַ סך קאָמבינאַציעס און שׂכלדיקע דראַטאַרבעט. פון די שטובלייט האָט זי נאָר איין ביילקען לעבן זיך. נו, קומט אין מיטן דרינען אַריין (נישט אין זיין געוויינלעכער צייט) קאַלאַניאוס... דבורהל ווערט אויפגעבראַכט (אויך נישט צו דער צייט און נישט לויטן אַדרעס). זי האָט שפּעטער פיל מאָל חרטה געהאַט דערויף, נאָר ס׳איז שוין פאַרפאַלן: דאָ צעפּירט זי דאָס וואַסער אינעם צינקענעם מולטער, דאָ שפּרייט זי אויס ווינדעלעך אָנגעוואַרעמטע נישט ווייט פון דער פּליטע, דאָ וויל זי דאָס קינד זאָל זיך אַליין פונאַנדערוואַכן און דאָ — נאָ דיר, דער דערוואַקסענער, אומבאַהאָלפענער גאַסט, וואָס איז פאַר איר אַ מין שפּיגל פון דעם, וואָס איר וואָלט זיך נישט וועלן זען אַפילו אין הונדערט אַכט און צוואַנציק יאָר אַרום... ער שטייט לעבן טיר שוין פון אינעווייניק. זי קערט זיך צו אים נישט אויס אַפילו אויף קיין פּערטל און זאָגט:

— ווי איר ווילט זיך, האָט יאָ פּאַראיבל, האָט נישט קיין פּאַראיבל, איך קען זיך מיט אייך נישט פאַרנעמען — נישט איצטער, נישט אַפילו אַן אַנדערש מאָל. און עס שטייען שוין אַפילו ביי איר טרערן אין די אויגן. ס׳איז נישט פאַר איר קיין אַרבעט שטיין ביי אַ נעבעכדיקן מענטשן איבערן האַלדז און נאָך מיט אַ טעמפּן מעסער... אָבער זי האָט שוין אַלץ אָפּגעזאָגט, און ער שטייט נאָך אַלץ לעם טיר פון אינעווייניק און אַוועקגיין גייט ער נישט אַוועק, און קיין טראָט נעענטער מאַכט ער נישט.

זי האָט זיך אומגעקוקט צו אים שוין נעענטער אַ ביסל.

— וועראַ פעדאָסייעוונאַ, — האָט ער שטיל אָנגעהויבן, — איך בעט אייך, האָט אויף מיר קיין פּאַראיבל נישט... איך בין געקומען נאָך אַן אַנדער זאַך... מעגלעך, אַז מען וועט מיר אָרגאַניזירן אַן אויסשטעלונג, ס׳איז גאַנץ מעגלעך... האָב איך געוואָלט פרעגן, ביי מיר וואָלט עס געווען זייער טייער, ווען איר און אייזיק נאָום־לוואָוויטש, און אַפילו מיט ביידע קינדער, ווען איר קענט אָפּזוכן צייט און קומען אויף דער דערעפענונג...

ביי דבורהן איז דאָס האַרץ פאַרשטיינערט געוואָרן. זי האָט זיך אויפגעהאַלטן,

ווי מיט צוואַנגען, זי זאָל נישט עטפערן מיט מערער כּעס. נאָר ס'איז אַזוי אויך געווען גענוג. זי האָט אים געענטפערט:

— איר זעט נישט, אַז ס'ליגן מיר נישט אין קאָפּ אַזעלכע זאַכן? איך ווייס גאָרנישט ניט. איך בעט אייך, לאָזט מיך צו רו...

מעגלעך, אַז איר רעפּליקע איז פּאַקטיש געווען אַ קורצערע, נאָר ווי קורץ זי זאָל נישט האָבן געזאָגט, איז דער אינהאַלט געווען דאָס, וואָס ס'איז דאָ נאָר וואָס דערמאָנט געוואָרן.

קאַלאַניאוס האָט געזאָגט מיט אַ סך אויפריכטיקייט אין זיין שטילן קול:

— אַנטשולדיקט מיר, איך בעט ביי אייך זייער אַנטשולדיקונג, איך ווייס איר זייט געדערכט... — און ער איז שטיל, כּמעט אַן אַ „זיי געזונט", אַוועקגעגאַנגען.

טרערן זענען געפאַלן ביי דער מוטער פון די אויגן גלייך אין קינדס באָד אַריין. זי איז אַלץ געווען אין כּעס, פאַר וואָס גאָט האָט זיך צו איר גענומען פון אַלע זייטן און פאַר וואָס עפּעס איצטער? איצטער, ווען אַפילו אין דער ענגשאַפט און אין דעם אַליין־זיין וואָלט מיט קיין זאַך נישט געדאַרפט פאַרשטערט ווערן איר געזעצלעכער פאַרגעניגן, ווען דאָס קינד צאַפּלט מיט די הענטעלעך און פיסלעך אין דעם וואַרעמען וואַסער לעבן אירע הענט און עס מרוקעט אַזוי געשמאַק.

---

די אויסשטעלונג איז פאַרגעקומען. זאַכן אין דער גרעסטער מערהייט נישט קיין דעראַרבעטע. נאָר פאַכלייט זאָגן, אַז ס'זענען געווען אַרבעטן פון אַ טיף טאַלאַנטפולער נאַטור, נאָר דער טראַגיזם האָט זיך דאָ צעגאָסן טיף, נאָך טיפער, ווי דער מענטש־לעכער עלנט, טיפער פון דעם ים אַליין. די אויסשטעלונג איז פאַרגעקומען צוויי וואָכן נאָך קאַלאַניאוסעס טויט. געשטאָרבן איז ער אין דער לאַווורע, אין קונסטמוזיי, וווּ ער האָט לעצטנס געאַרבעט און געוווינט. געשטאָרבן איז ער מיט אַ הונגערטויט, וואָס האָט אים געמוטשעט, זאָגט מען, דריי מעת־לעת נאָך אַנאַנד.

אַנאַ פּיאַטיגאָרסקי האָט אונדז דערציילט אַ סך איינצלהייטן. זי האָט גערעדט מיט קינסטלער, זיינע קאָלעגן. קורץ נאָך זיין טויט זענען אָנגעקומען אויף זיין אַדרעס פון מאָסקווע פונעם ייִדישן קינסטלער העפּטער אַ וואָגיק פּעקל: אי שפּייז, אי קליידונג. העפּטער האָט אין דער יוגנט זיך געלערנט מיט אים און קאַלאַניאוס פלעג אים אונטערהאַלטן גאַנץ אָפט מיט אַ ביסן און מיט אַ ביסל מינץ, וואָס זיין פאָטער, דער נאָטאַריוס, פלעג אים שיקן. אַנאַ פּיאַטיגאָרסקי האָט אַוועקגעלייגט אַ ביסל טירחה מע זאָל דאָס פּעקל נישט אומקערן, נאָר איבערגעבן אין קינדערהויז, וווּ דאָס קינד זיינס געפינט זיך.

דוכט זיך, אַז וועגן פּירדואָסי ווערט דערציילט, אַז דעם שייך זענען געפעלן געוואָרן דעם דיכטערס ווערק. האָט ער אויסגעריכטעט צום דיכטער רייכע מתּנות — ביכער, זיידנס, טייערע פּרוכטן, גוטע בשׂמים. די קעמלען מיט די מתּנות זענען

אַריין אין טויער פון איין עק שטאָט און די אָרעמע לויה פונעם עלנטן דיכטער איז אין דער זעלבער שעה אַרויס פונעם טויער אין צווייטן עק שטאָט...

## אין אַ זומערדיקן טאָג

איך בין געווען אין סלאָוועשנע מיט מיין געלינקן פלימעניקל, מיט מיין רויט־האָריקער טאָכטער, ביי מיינע ליבע טאַטע־מאַמע. האָט זיך מיר פאַרוואָלט גיין קיין סטאַרבעני צו פוס, צען קילאָמעטער אין גאַנצן. אָבער מעג זיין אַפילו צען, רעדט זיך עס אויס גרינגער, ווי סע טוט זיך אויף. פריִער האָט דער געלינקער געזאָגט, אַז ער וויל אויך גיין. איך האָב אים געוואָרנט, אַז מירן דאַרפן אויפשטיין פרי, גאָר פרי. גאָר פרי. אין אָוונט, פאַרן שלאָפן גיין, האָט ער שוין כמעט אין גאַנצן פאַרגעסן אָן דעם. בין איך אין דער פרי אויפגעשטאַנען און בין אַוועק אַליין.

דער וועג איז שטויביק, נאָר די זייטן וועג זענען דערפרישנדיק און מחיהדיק גרין. יעדעס ביימעלע אין פעלד נאַרט און מאָנט צו זיך — נעם מיך אַרום, איך וועל דיך גלעטן מיט מיינע קילע בלעטער, זיץ לעבן מיר. דער הימל באַהעפט זיך דאָרטן ווייט מיט דער קיילעכדיקער ערד. די ווייט רופט אויך צו זיך. נאָר מיין גאַנג איז אָן אַ „צוליב וואָס" און אָן אַ „נאָך וואָס", סיידן איך זאָל דערציילן עמעצן, אַז איך האָב ביז מידקייט שפּאַצירט אין פעלד. איך האָב מיך אַזוי פאַרטראַכט ביז איך בין פאַרגאַנגען אין שכנישן שטעטעלע אַריין. אַזוי ווי איך בין יונג אַוועק פון דער היים, אַזוי האָבן מיינע באַקענטע פונעם שטעטל, ווּהין איך גיי, אין זייער צייט זיך צעפּאָרן. יעדערער איז געווען פעסט איינגעגלויבט, אַז זיין גליק, זיין באַרוף וואַרטן אויף אים ערגעץ „דאָרטן". די איצטיקע סטאַרבענער איינוווינער זענען מיר אין גאַנצן נישט באַקענט. מען קען אַריינגיין אין אַ ביכערקראָם עפּעס אַ קוק טאָן. מען קען אַריינגיין אין גאָרקיך — נישט ווייל איך בין הונגעריק, נאָר לאָמיר אַ קוק טאָן, וועלכע מיידלעך באַדינען דאָ די געסט, אָדער ווי אַזוי שמעקן זיי די היגע מאַכלים...

בעסער איז מיר שוין געווען אויף צוריק וועגס. אָט בין איך אַרויס פון דאָרף, וואָס טיילט אָפּ יענץ שטעטעלע פון מיינעם. אָט איז אַ פונאַנדערגעצוימט הייפל, וואָס אויב מע וויל, איז עס שוין אַ טייל פון די פעלדער מיט דער שטייענדיקער תּבואה. דאָ שטייען אויך אַ פּאָר ווײַנשלבײמער מיט רויטע ווײַנשעלעך באַשפּרענקלט, ווײַנשעלעך, וואָס איר פּילט שוין זייער טעם ביי זיך לעבן שלונג און אויפן גומען. אַ יאָ, גוט?! שוין איין מאָל גוט! די דינע ביימעלעך, ווי זיי ווילן גאָר גרעבער נישט זיין, מיט זייערע דינע באַקליידעטע צווייגעלעך, אָנגעפּיקעוועטע מיט רויטע גנבישע אייגעלעך... זיי האָבן אויף זיך אָן ספק אַ באַלעבאָס און דאָך זענען זיי הפקרדיק פריי. און אָט, ווי איך דערנענטער זיך צו זיי, זע איך, ווי ס'שטייט לעבן אין ביימל אַ יונגע פּויערטעלע... אַז מע וויל, איז עס איינפאַך גאָרנישט: זייער

פשוט געקליידט, אָן גלאַנץ, וואָס קען דיך דאָ צו איר ציִען ? און אַז דו טוסט איין קלייניקן קלער און זעסט איר לייוונטענעם העמד, איר בוזעם, וואָס איז נישט רעשיק צעעפנט, נאָר אויך נישט שטייף פאַרשפיליעט און נישט פאַרמאַכט, און ס׳איז אַזוי גרינג דערלאַנגען צו אירע גלוסטיקע נאַקעטקייטן, וואָס האָבן פון דיר ביז איצט נישט געקלערט, אָבער בעטן זיך אַגרירן אָן זיי (פאַרליר נישט די האָפענונג !). וויפל שותפישער פייער וועט זיך ביי אייך ביידן אויפוועקן און אייך ביידן באַהעפטן... איך רעד צו איר געוויינלעך שטיל, זי רעדט צו מיר געוויינלעך שטיל. זי דערלויבט מיר עסן פון דעם, וואָס זי האָט אָנגעריסן און אויב איך וויל — מעג מען גלייך פון בוים. זי געהער, אָן ספק, צו עמעצן. נאָר דאָ־אָ, אין דעם אָפענעם וועלט־אינדזל, איז זי אויך הפקר, יונג און פריי. רבונו־של־עולם, ווי אַזוי ס׳איז גוט, וואָס מיר זענען ביינאַנד מיט דער אַרומיקער נאַטור — די נאַטור אַליין און קיינער שטערט אונדז נישט.

איך וועל זיך אין דער היים קיינעם פון די חברים נישט באַרימען, נאָר פון מיין שפּאַציר וועט מיר זיין גוט וואָכן לאַנג... פאַר וואָס איז דאָ אַזוי שטיל ? פאַר וואָס האָט מיר דער אויבערשטער צוגעגרייט אַזאַ גרויסן שטיק רוים ? נישט קיין אַכסניה, נישט קיין שייער, נאָר ער קען זיך פאַרגינען אויפנעמען זיין גאַסט אין אַ באַרוטן ווינקל־וועלט : צווישן אַ סך פעלדער — איין פעלד, צווישן אַ סך ברייטקייטן — איין ברייט, און ער האָט, ווייזט אויס, שׂכלדיק באַוואָרנט קיינער זאָל אונדז אַ צייט נישט שטערן... אַפילו קיין אויסגעפּענטעט פערד איז נישט צו זען, וויפל דאָס אויג קען כאַפּן, קיינער איז נישטאָ. אַפילו ער אַליין האָט זיך ערגעץ פאַרקוקט. ער וויל דעם גאַסט נישט שטערן. זי מיט די וויינשל־ביימעלעך זענען מיין כּיבוד, און איך בין דער גאַסט. מעגלעך, אַז איך בין אַפילו דער געווונטשענער גאַסט...

פאַר נאַכט בין איך געווען אין דער היים אין דעם צוגעבויטן חדרל אונדזערן, וואָס מיר האָבן גערופן די „פּאָסטרויקע״. די הילצערנע ווענט זענען געווען גע־טונקעוועט און נאָך נישט געשטוקאַטורט. אויך דאָ איז געשטאַנען אַן אויוון, וואָס האָט זיך געהייצט. אַלע האָבן זיך געמאָסטיעט אין דער „פּאָסטרויקע״ און איינער דעם צווייטן האָט נישט געמאַכט ענג. די מאַמע האָט צוגעשטעלט אַ טעפּל געשיילטע קאַרטאָפל. ראובן דעם טראַסקערס ט׳געבראַכט אונדז פון שטאָט אַ פונטעלע פּוטער. ער האָט גלייך אויפן אָרט געקראָגן געצאָלטס, נאָר ער האָט נאָך צייט אַ ביסל צו זיצן און שמועסן מיטן טאַטן. מע הערט אַלץ, וואָס זיי רעדן, סע קען זיין שייך אַפילו צו מיר, נאָר מיין אויער נעמט נישט אַריין אין זיך קיין איין גאַנץ וואָרט. איך זע דעם רויטן פלאַם, איך האָב שוין, ווייזט אויס, צעוואַשן די פיס ביז איבער די קני, צעוואַשן די הענט מיטן פּנים, מיטן האַלדז מיט דער ברוסט. איצט זיץ איך אויפן פּראָסטן אייזערנעם בעטל האַלב־ליגנדיק. דער רויטער פלאַם־פייער אין אויוון פאַרנעמט מיין בליק. איך ווייס אַפילו, אַז מירן באַלד, נאָך ביי גיט קיין אָנגעצונדענעם

לאָמפּ, עסן די אָפּגעזייטע קאַרטאָפל, צוגעשמאַלצן מיט פרישער פּוטער, וואָס ראובן (דעם טראַסקערס פולבלעכער אײדעם) האָט געבראַכט. איך ווייס נישט צי ער רעדט נאָך, צי ער איז שוין נישטאָ. אַז ס׳וועט שוין זיין נאָכן אָוונטברויט, וועט די מאַמע מיר פאַרריכטן דאָס געלעגער און מיר זאָגן „אַ גוטע נאַכט". אַלע וועלן שוין זיין יעדערער ביי זיך, נישט אויף דער „פּאַסטרויקע". דאָ וועל בלייבן איך איינער אויפן אייזערנעם בעטל, צווישן די הילצערנע געטונקעוועטע נישט־געשטוקאַטורטע ווענט, דעם אויסגעברענטן אויוון, דעם וועג, די ווינשל־ביימלעך, זי... מיינע נישט איבער־געציילטע כתבים, וואָס כ׳ווייס נישט ווער ס׳דאַרף זיי, פאַר וועמען זיי האָבן אַ ווערט... און די מידקייט... און דער שלאָף, וואָס פרעגט נישט און באַהערשט, ווי מיט צוואַנגען, אַלע מיינע גלידער.

## קען ער עס אויך

ס׳טרעפט: כאַטש דו ווינסט אין שטאָט און ביסט פריי, און אַ בלוטיק נאָענטע זאַך, וואָס אַלע ווייסן שוין פון דעם — די צייטונג־בלעטער זענען פול און פול, זיי גייען אַזש אַריבער, די גאַנצע וועלט טרומייטעט וועגן דעם — און צו דיר זאָל עס אָנקומען ערשט נאָך אַלע היומס...

ווען איך האָב נאָך געוווינט איינער אַליין אויף טאַראַסאָווער אויפן 6סטן שטאָק, האָב איך געהאַט איינעם אַ זעלטענעם טאָג: ס׳האָט ביי מיר פאַרבראַכט רבקה זשוקאָווא. איך האָב זיך געזעטיקט מיט איר שטיפערישן פרויזיש־רייצנדיקן שאַרפזין, זיך געגערט מיט איר אויסערגעוויינלעכער שיינקייט. ס׳איז געווען אַ געשמאַקע זאַרגלאָזיקייט... צייט האָסטו, פריי ביסטו, פאַרגעניגן גיסט זיך דיר אַליין אין האַרצן אַריין.

דעם טאָג פאַרבראַכט, איז זי צו פאַר נאַכט צו אַוועק. איך האָב זי באַגלייט. זיך שיין געזעגנט. אויף צוריק וועגס אַהיים האָב איך זיך באַקלערט, אַז איך קען זיך פאַרגינען אַריינגיין צו מיינע פריינד די טאַמאַשעווס. אַזוי האָט זיך מיר פאַרוואָלט. דאָרט בין איך שטענדיק „צו דער צייט" און קען זיך פילן אַ היימישער: דער סאַמאָוואַר זידט אויפן טיש, אַ פרישע גלאָז טיי שטייט שוין לעם מיר...

דער באַלעבאָס האָט נאָך דעם געוויינלעכן „ברוך הבא" אָפּגעלייגט די בלאַט־צייטונג, זיך אויסגעקערעוועט צו מיר, אויסגעטאָן די ברילן און אַ זאָג געטאָן:

— וואָס וועט איר עפּעס זאָגן, ר׳ אייזיק, דערויף, וואָס די שרייבער האָבן זיך אָנגעהויבן שיסן?

— ס׳וועט נאָך בלייבן איבערגענוג פאַר אונדזערט וועגן אויך, — ענטפער איך אים לייכטמוטיק.

— וואָס איז, ס׳טוט אייך נישט באַנג?

— וואָס דאַרף מיר דאָ אַזעלכעס באַנג טאָן?
— איך ווייס? ער איז דאָך נישט אַבי ווער, מאַיאַקאָווסקי?
— וואָס עפּעס ער אין מיטן דרינען?
— אפשר איז גאָר ניט אין מיטן דרינען? ער האָט עס געטאָן אָן כאַפּעניש...

צוריק מיט פינף יאָר, ווען יעסענין האָט זיך גענומען דאָס לעבן און ס'האָט מיר שטאַרק ווי געטאָן, האָב איך זיך געוועןן פאַר איינעם אַ חבר צעדרשנט (איך ווייס נישט פאַר וואָס עס איז מיר אַריין אין געדאַנק):

— נישקשה, ביי מאַיאַקאָווסקין וועסטו אַזעלכעס קיין מאָל ניט פּועלן??!

האָט מען ביי אים, הייסט עס, אויך געפּועלט... אַ מעשׂה!...

איך בין אַוועק אַהיים. נאָך אַלץ געוועןן אַזוי ווי גלייכגילטיק. איך האָב נאָר געקלערט: הער נאָר, אין די רעדאַקציעס האָט מען שוין געוווּסט נעכטן ביי טאָג, אין די שערערייען האָט מען שוין וועגן דעם דערציילט נעכטן פאַר נאַכט, און אַלע צייטונגען (צוזאַמען מיטן דיכטערס בילד, מיט זיין צוואה־ליד, מיט אַלערליי אָפּ־האַנדלונגען) האָבן פאַרפּלייצט אַלע שטעט נאָך פון גאַנץ פרי, און איך ערשט אַרום צען אין אָוונט, נאָך אַלע היומס, ביי אַ רויִק גלעזל טיי, ביי היימישע באַקענטע, האָב איך זיך קוים אויסגעקליבן עפּעס דערגיין... אַ שיינער תּנא!

אין דער היים בין איך געוועןן אַליין. איך האָב זיך גענומען דערמאָנען אין יעסענינען, אין מאַיאַקאָווסקיס שטאַרק ליד צו יעסענינס טויט, ווו ער האָט איבער־פּראַזירט יעסענינס באַוווּסטע שורה אויף זיין אייגענעם אופן:

* „Сделать жизнь значительно трудней..."

איך צייל אין געדאַנק, וויפל מאָל ס'איז מיר אויסגעקומען זען און הערן מאַיאַ־קאָווסקין גראַדע ביי אונדז אין קיִעוו: סטודענטן האָבן זיך געשפּאַרט אין זאַל אַריין אָן בילעטן, מע האָט זיך לאַנג געאַמפּערט, ביז ס'איז צו אים דערגאַנגען... איז ער גלייך אַראָפּ פון דער בינע, אַ שטאַלטנער, הויכער, ווי שטענדיק פריי אין זיינע באַוועגונגען, און זיי אַריינגעלאָזן אַ גאַנצע מחנה. קיין פרייע פּלעצער זענען אין זאַל נישט געוועןן, האָבן זיי פאַרנומען אַלע דורכגענג, און פריילעכע, יונג־זיגעריש, זיך אויסגעזעצט אויף די טרעפּ, אויף אַלע זייטן פון דער גרויסער פּירעקיכיקער בינע, און דער אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן.

ס'איז שיין, ס'איז גרויסאַרטיק, ס'עטעמט מיט גבורה, און ס'ליגט מיר נאָך ביז איצט אין טעם!

און צענומען האָט עס מיך ערשט אין דער פרי. איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט איבער די קיאָסקן און האָב אָנגעקויפט פאַרשיידענע צייטונגען פאַר נעכטן און פאַר

---

* שאַפן ס'לעבן איז שווערער נאָך אַ סך. ביי יעסענינען: „שטאַרבן איז שווערער נאָך אַ סך".

היינט. ס'האָט מיך אַפילו געלאָקט דער גרייז, וואָס איז אַזוי ווי קיין גרייז נישט: אין איין בלאַט שרייבט זיך — „לאָדקאַ ראַזבילאַס אַ ביט", אין אַ צווייטער — „אַ ביק", און ליבהאָבער גיבן שוין צו „אַ בריק"*, און ער בעט ביי דער „חברטע רעגירונג" זי זאָל באַזאָרגן אַ דערטרעגלעך לעבן פאַר זיין מוטער און די שוועסטער...

זעלטענע באַשיידענע איבערגעגעבנקייט. און ווי אַ מענטש קען זיך האַלטן! ס'האָט זיך אין מיר צעשפּילט די געטריישאַפט, די צוגעבונדנקייט צו אים, דער דרך־ארץ, דער אָפּשיי און די גרויסע און טיפע פאַרערונג: אַ קאָלאָס, אַ טריבון!

אַז דו רירסט זיך צו צו זיין ליריק, קענסטו זיך קיין אָרט נישט געפונען. ס'איז באמת געווען אַ ריז, וואָס האָט געלעבט אין אונדזער צייט. (בלאָק גייט מיר אויך שטאַרק אָפּ, און גנעסין אויך, צי יונג זיינען זיי פון אונדז אַוועק)...

וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש! דער מאַן פון אומגעהויערע גרויסע מעגלעכקייטן! און אַז ס'איז געקומען צו אַזעלכעס — קען ער עס אויך...

## און דאָס לעבן האָט אַרויפגענומען אַ קינד אויף דער פור

אויף די הונגעריקע צייטן, וואָס מיר אַליין האָבן איבערגעלעבט, מיינסטו איצט, אַז ס'איז אַן אויסטראַכטעניש. אפשר האָבן זיי זיך נישט איינגעשניטן אַזוי טיף ביי דעם שיכט, צו וועלכן מיר געהערן. אַ מאָל צעגראָבסטו אַ לאַנגע בייט און די ערד איז ערטערווייז פייכט, ערטערווייז — טרוקן און האַרט. די זעלבע בייט, דוכט זיך, זי ווייס נישט פון קיין אויסנאָרן און אַריינכאַפּן און דאָך איז זי נישט דורכויס פון איין און דעם זעלבן האַטונאַק.

דאָ רעדט זיך וועגן די הונגעריקע פאַר יאָר אויף אוקראַיִנע. דעם דאַרף האָט זיך אָנגענומען נאָך מער ווי דער שטאָט. דאָרפסלייט האָבן זיך אומגעשלעפּט, ווי די טויטע פאַרטשאַדעטע פליגן אי איינציקווייז, אי גאַנצע משפחות. וויפל מאָל האָט מען געפונען אויף די טרעפּ אַ הונגעריקן, וואָס האָט געמיינט ווי עס איז איבערנעכטיקן אויף זיי, אויב דער הויפצוזעער וועט אים נישט דערזען. אָבער ער איז דאָ, נעבעך, אויף די טרעפּ אין עלנטקייט פאַרקאַליעט געוואָרן און ס'האָט גענומען אַ סוף צו זיינע ליידן און אפשר אויך צו די פריידן, וואָס ער האָט זיי נישט דערלעבט.

לעבן אונדז אויף זשעליאַנסקי, אינעם קליינעם אָפענעם סקוועריקל, האָט זיך די לעצטע פאַר יאָר געווען אויסגעבילדעט אַ קליין מערקל: אַ פלאַש מילך, אַ פערטל עוף, אַ קאָפּיקע־צוקערקע, אַ פונט קעז, אַ הערינגל, אַ פישל, אַ דאַר ברויטל. ביז

---

* Лодка разбилась о быт... о бык.... о Брик.

אין דעם ווערטערשפּיל ווערט אויסגעדריקט די השערה, אַז מאַיאַקאָווסקי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוליב זיין פריינדין און געליבטע לילי בריק.

האַלבן טאָג איז געגאַנגען דער מסחר, נאָך האַלבן טאָג פֿלעגן דאָ הויזן די אָנגעלאָפּענע פֿון די דערפֿער — הונגעריקע, בלייכע, אָפּהענטיקע, גלייכגילטיקע. צווישן מענער און פֿרויען האָט זיך כּמעט נישט געפֿילט קיין אונטערשייד. קוים־קוים וואָס עס האָט זיך גערירט אַן אבר. די מער „קרעפּטיקע״ האָבן ערגעץ געבעטלט איבער די הייזער. מיט דער אָנגעקליבענער חיונה איז מען געקומען אַהער זיך טיילן מיט די אייגענע. און אָט־אָ צווישן איין הייפֿל מענטשן און מענטשיכעס ליגט שטרענג אויסגעצויגן אַ פֿרוי מיט אַ וואַקסענעם פּנים אַרויף, אין האַנט אַ ברענענדיקע ליכט. אין מיטן טאָג זעט זיך דאָס פֿייער קנאַפּ אָן. די דאָזיקע פֿרוי האָט נאָך געהאַט אַ בכּבֿודיקן טויט צווישן אייגענע. מעגלעך, אַז דער איידעלער אָרנטלעכער געדאַנק האָט איר געדינט ביזן סוף לעבן.

אַ צווייטן טויט האָב איך געזען אַן ערגערן אַנטקעגן מיין שטוב, ביי די קאַראָלס הינטער די פֿענצטער. אַ מאַנספּאַרשוין, אַ קאָלטנדיקע באָרד, מיטן פּנים אַרויף, די פֿינגער אויפֿגעקאָרטשעט האָבן זיך קענטיק קרעמפּענדיק געגראָבן אין דער ערד. נאָר ס׳איז שוין אַלץ געענדיקט, אַלע אבֿרים זענען שוין פֿאַרגליווערט, זיך פֿאַרהאַקט און געבליבן „פּאַס״ אין שוידערלעכן מוראדיקן אויסזען.

ביידע טויטע, צווייען פֿון אַ סך, כ׳האָב פֿאַרגעדענקט זיי אויף לאַנג. ס׳איז שווער צו רעדן. ס׳טוט ווי דאָס האַרץ. זיי האָבן דען נישט געקענט דערלעבן צו אַ בעסערער צייט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איוואַן, אַנטאָן, וואַסיל, פּעטראָ, מיכאַיִל — אָט דאָס זענען דבֿורהס ברידער.

איוואַן (אַ שמיד, אַ ירושה פֿונעם פֿאָטער) און פּעטראָ, נאָך אַ גאַנץ יונגער, אַ מאַן פֿון אַ פֿרוי און אַ טאַטע פֿון קינדער, האָבן שוין נישט געלעבט, ווען מיר האָבן זיך גענומען מיט דבֿורהלען. וואַסיל, אַ פֿליישיקער, אַ שווער־גופֿיקער, אַ פֿאַרמעגלעכער ערדאַרבעטער, אויך אַ מאַן פֿון אַ ווייב און אַ טאַטע פֿון קינדער, האָט געמאַכט אַ שטאַרב שוין אויפֿן וועג אַהיים פֿון דער פֿאַרשיקונג. פֿון אַלע ברידער זענען לעבן געבליבן נאָר אַנטאָן — איינער פֿון די עלטסטע און מיכאַיִל — דער ייִנגסטער פֿון זיי.

(אַ סך סאָלדאַטן אין דער צאַרישער אַרמיי האָבן זיך, נעבעך, געגנוג אָנגעמוטשעט ביז זיי האָבן פֿאַרגעדענקט די נעמען פֿון דעם קיסרס משפּחה: אַ מאַמע, אַ ווייב, אַ נאַסלעדניק, אַ ברודער, אַ גרויספֿירשט און אַזוי ווייטער... מיך האָט קיינער נישט געלערנט און נישט געצוווּנגען אויסלערנען דעם טאַבעל פֿון דבֿורהס משפּחה און ס׳איז מיר ליב וועגן זיי צו געדענקען, זיי אויסרעכענען ביי די נעמען, איבערדערציילן, וואָס מיט וועמען ס׳איז פֿאָרגעקומען. איך טו עס מיט חשק).

אַנטאָן איז אַ „בידאָלאַכע״. אי פֿאַרשטענדלעך, אי מענטשלעך, אַ מאָל אַפֿילו מיט אוקראַיִנישן הומאָר און שאַרפֿזין. אָבער ער האָט דורך אַ פֿאַרזען זיך באַשטעלט

צום שלימזל אין „חדר", איז ער געווען אין סאָלדאַטן, און דערנאָך אין דער צאַרישער אימפּעריאַליסטישער מלחמה — אָפּגעווען אַן אַכט יאָר, שיִער נישט טויב געוואָרן לעבן די האַרמאַטן. דאָך געקומען אַהיים אַ לעבעדיקער. חתונה געהאַט שפּעטלעך. נישט קיין שלעכט שטיל ווייבל געגומען, האָט זי אים געהאַט אַ צווילינג. צו קיין רעכטער ווירטשאַפט זיך נישט דערשלאָגן. אַ מאָל איז עס בעסער: בעתן קאָלעקטי־ווייזירן דאָס דאָרף איז ביי אים נישט געווען וואָס צו נעמען און ס'איז נישט געווען פאַר וואָס אים אַרויסשיקן. אָבער דאָס ווייבל איז יונג געשטאָרבן און ער איז געבליבן מיט צוויי קליינע קינדער ריַיקע און קאָליע... וויפל ס'איז מעגלעך, האָלט ער זיך לעבן דער מוטער. אָבער אין יענע קאַנטן האָט דער הונגער אויך געבושעוועט, איז די מאַמע געשטאָרבן פון עלטער און פון נישט־דערעסן. (איך האָב צו איר אַ פּאָר מאָל געשריבן, אַ פּאָר מאָל עפּעס געשיקט, אָבער אַוועקוואַרפן די היים און זיך איבערקלייבן צו אונדז האָט זי ביי זיך נישט געקענט פועלן. נישט באַשערט געווען מיר מיט איר זיך באַקענען נאָענט. איך האָב עס זייער געוואָלט).

מיכאַיִל — דער יִינגסטער פון אַלע — איז אַ פיינער, אַ שטאַלטנער מיט אַ שטילער נאַטור, אַ געבילדעטער. אַן זיין ווילן איז ער אַריינגעפאַלן אין אַזאַ אומאָנ־גענעמלעכקייט: ער האָט נישט געוואָלט גיין מלחמה האַלטן. אָבער מען האָט אים מאָביליזירט און ווערליק אַ מענטש מיט בילדונג קען ער דען זיין קלענער פון אַן אָפיציר? גאָט האָט אים געהאָלפן און ער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעדרייט פון די ווייסע. ס'זענען געקומען די רויטע, דאַרף ער זיך ערשט אָנהייבן אויסבאַהאַלטן — ס'טייטש, אַ צאַרישער אָפיציר... ביז ס'איז אים נמאס געוואָרן זיצן פאַרשטעקט, איז ער אַוועק און האָט זיך אויסגעגעבן. האָט מען אים אַן רעש און אַן טומל פאַרשיקט קיין סיביר. ער האָט געהאַט אין יוריעוו־פּאָלסקי, ווייט פון דער היים, אַ דיק אויסגעפּאַשעט ווייבל וואָס פלעג זיך מיט אים שאַפן מעשה פּריצטע. ווען מען האָט מיכאַיִלן פאַרשיקט, האָט זי פון אים הערן נישט געוואָלט און זיך צעזעגנט מיט אים (אפשר האָט זי שפּעטער חרטה געהאַט, נאָר ס'איז שוין פאַרפאַלן). אין מאַריאַנסק, אַהין ווייטער פון נאָוואָסיבירסק, ווו ער איז געווען, האָט ער זיך גענומען מיט פאַשען (פּראַסקאָוויאַ סעמיאָנאָוונאַ), אַ טרוקענע, נישט קיין שיינע, נאָר זי היט אים אָפּ ווי דאָס אויג אין קאָפּ. דאָרט איז ער זיך אַריינגעוואַקסן צווישן אירע פריינד, איז ער נישט עלנט. מיט די היימישע פריינד שרייבט ער זיך דורך. אויף דער אַרבעט האָט מען אים ליב, ער איז אַן אָנגעזעענער בוכהאַלטער. קיין קינדער זענען נישט געווען און זענען נישטאָ. אַ קינד וואָלט ער גראַדע וועלן האָבן.

ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די הונגער־יאָרן, בעט זיך מיכאַיִל פון סיביר, שלאָגט זיך אָן, מע זאָל אים שיקן ריַיקען, אַנטאָנס טעכטערל, וועט ער זי צו זיך צושרייבן, ווי אַ טאָכטער. יענע ווינען אויף כערסאָנשטשינע, מיר אין קיִעוו, און ער מיכאַיִל — אין סיביר... דאַרפן מיר זיך אַריינמישן, מיר זענען דער מיטלפּונקט.

אַ חבר, אַ באַקאַנטער, וואָס קלייבט זיך קיין ביראָבידזשאַן, איז געוועזן צו אונדז גוט און צוגעזאָגט נעמען רײַיקען מיט זיך. דאָרטן איז שוין מאַריאַנסק אויפן מיטוועג, וועט מען אין מאַריאַנסק אַרויס צו דער באַן און זיי באַגעגענען. מיר האָבן זיך צונויפגעשריבן מיט אַנטאָנען און ער האָט מיט דורכפּאָרנדיקע מענטשן, באַ־קאַנטע זיינע, איבערגעגעבן רײַיקען צו אונדז.

איך קום צו גיין אין איינעם אַ פרימאָרגן אַהיים אויף טאַראַסאָוועד און דבורה מיט ביילקען באַרימען זיך פאַר מיר מיטן גאַסט: אַ מיידעלע פון אַ יאָר 6—7, אַ שוואַרצע, אַן אָפּגעבערענטע, אַ דאַרינקע, די אויגן בלישטשען און דאָס נעזל סטאַרטשעט, אַ באָרוועסע, אַ קורץ בונדעלע אויפן נאַקעטן לייב — ווילסטו איז עס אַ קלייד, ווילסטו איז עס אַ העמד. און מער האָט זי מיט זיך גאָרנישט געבראַכט צו פירן, נישט קיין קלימעקל, נישט אין די הענט עפּעס... בלויז פאַרחידושקייט און אימפּעט. אַלצדינג וווּנדערט זי, פון יעדער פּיצל ווערט זי איבעררעאַשט. און מיר האָבן שוין פון איר אַ „פּאַמאַשטש״, זי וויגט צו לייבעלען, זי ווישט אויס אַ גלאָז, ווישט אויס אַ טעלער.

ביילקע גיט זי אונטן־אַרום אָפּט אַ שטורכע. זי האָט אויף איר אַ האַרץ. מיר וואָרפן איר אויס: ווו האָט זיך רײַיקע געלערנט? ווער האָט איר געוויזן? זעסט, ווי זי קען נישט ליידן ס׳זאָל זיך אָנקלייבן קויטיק געפעס!...

ביילקע האָט טאַקע שטאַרק „ליב״, אַז מע גיט איר צו פאַרשטיין דאָס, וואָס זי יאָגט זיך נישט צו פאַרשטיין. און ווער איז אין דעם אַלעמען שולדיק? דאָס קליינע „אַנשיקעניש״ רײַ־קע! אָבער ס׳מאַכט נישט אויס. אין קלוב אַריין אויף דעם ערשטמײַיִקן פרימאָרגן נעמען מיר מיט ביידע מיידלעך. טאָרבעלעך מיט נאַשעררייען גיט מען אונדז אַרויס פאַר זייערעט וועגן צוויי און פאַר לייבעלען אַ דריטס. מע קומט אַהיים — איז מען איבערגליקלעך. מע ציילט די צוקערקעס, באַזונדערס די קיכעלעך, מע פאַרפּאַקט זיי צוריק אין די טאָרבעלעך, מע פאַרבינדט זיי און מע טוט נאָך אַ גלעט דאָס ביסל גבירעשאַפט.

דבורהל צעפרעגט זיך אָפט ביי רײַיקען אויף דער מאַמען, אויף די פריינד. אַז מע זעט נישט, כאַפּט זי אַראָפּ אַ טרער פון די ווײַעס. מיר פילן זיך זינדיק אַנטקעגן איר מאַמען. מיר האָבן געקלערט „מיט דער צייט״, „מיט דער צייט״... און די צייט האָט ניט געוואָלט וואַרטן...

רײַיקע דערציילט, אַז זי מיטן ברודער האָבן זיך אויפגעהאַלטן ערגעץ אין אַ פרעמדער קיך: „טאַ פרישלי, טאַ וויהנאַלי״...* האָבן זיי אָפּגעזוכט עפּעס אַ פאַרלאָזט הייזל און געמיינט, אַז זיי האָבן שוין אַ דאַך איבערן קאָפּ — „טאַ פרישלי, טאַ וויהנאַלי״... האָבן זיי געקראָגן אַ פּאָר קראַליקעס און געמאַכט אַ לעבן. נאָר דאָ

* איז מען געקומען און מ׳האָט אַרויסגעטריבן.

איז געפאָרן דורך קיִעוו נאַדיע דעם באָנדאַרס, האָט דער טאַטע זי איינגעבעטן און זי האָט מיטגענומען רײַקען. איז זי מיט איר געפאָרן, געפאָרן, געפאָרן און געפאָרן און געקומען צו פאָרן...

„רייך" זענען מיר געווען, אָבער ס'שטערט נישט. רײַקע האָט ביי אונדז פון קיין נויט נישט געוווּסט. פון אַנדערע קינדער איז זי נישט געווען אָפּגערוקט. מיר האָבן שוין אַפילו געהאַט אַ יִישוב און נישט געוואָלט זי אָפּלאָזן קיין סיביר צו מיכאַיִלן, וואָס אייגנטלעך סאַמע נאָך דערויף איז זי געקומען. מיר האָבן נאָר געדאַרפט זיין פאַר אירעט וועגן אַן איבערגאַנגס־פּונקט.

איך האָב געקויפט פאַר רײַקען אַ פאָר לייכטע שיכעלעך פון דינעם לעדער. ס'איז געווען אַ חן צו קוקן, ווי אַזוי זי גייט מיט אונדז ערגעץ און יעדער ווײלע שטעלט זי זיך אָפּ אין מיטן גיין, טוט זיך אַ בויג און ווישט אָפּ מיט די הענטעלעך דאָס לעקעלע שטויב, וואָס זי פלעג באַמערקן אויף דעם אָדער יענעם שיכעלע. זי האָטווירקלעך נישט געלאָזט קיין שטויב אויף זיי פאַלן.

מיך האָט זי אויך ליב באַקומען. איין מאָל האָב איך פאַרשפּעטיקט צום מיטאָג — דעם טאָג איז פאָרגעקומען אַן אומגליקספאַל אין שטאָט: אויף קרוגלאָ־אוניווערסי־טעטער גאַס האָט זיך אַראָפּ אַ באַרג אָפּגעריסן אַ טראַמוויי־וואַגאָן און ס'זענען געווען אַ סך טויטפאַלן. אין דער היים האָט מען זיך שוין באַאומרויִקט, וואָס איך קום נישט אַזוי לאַנג. ווען רײַקע האָט מיך דערזען, איז זי צוגעלאָפן, מיך אַרומגעכאַפּט פאַר די קני: „אַ מי דומאַלי שטשאָ וואַס זאַריזאַלאָ" *. זי האָט עס אַרויסגעזאָגט מיט אַ שׂמחה, וואָס ס'איז אַ דאַנק גאָט נישטאָ קיין „זאַריזאַלאָ", וואָס איך בין גאַנץ און זי וועט מיר באַלד גרייטן צום טיש און אַוועקשטעלן אַ ריינעם טעלער, כּדי די מומע זאָל מיר גיכער געבן עסן...

בערטשיק האָט אונדז געלאָזט וויסן דעם טאָג און די שעה, ווען ער פאָרט אָפּ. מיר האָבן זיך מיט אים באַראָטן, וואָס מע דאַרף רײַקען מיטגעבן אויפן וועג, אַ טייל מיט עסנוואַרג, אַ טייל מיט געלט. מיר האָבן זיך לאַנג געעצהט צי מע דאַרף פאַר איר אַ באַנבילעט, צי מע וועט אויף איר נישט לייגן קיין אַכט און די באַן וועט זי פירן אומזיסט. אויף יעדן פאַל האָבן מיר איר מיטגעגעבן דעם אויסשטייער. בערטשיק איז אַ ווילער מענטש — וואָס איז ער מיט אונדז געווען ? — און ער האַלט זיך ווי אַן אייגענער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די צייט רוקט זיך פּאַוואָלינקע.

ביז מען האָט זי אויפגעזעצט אויף דער באַן, ביז די באַן איז פאַרפאָרן און בערטשיק האָט איבערגעגעבן דעם אָנפאַרטרויטן „פאַרשוין" לויטן ריכטיקן אַדרעס,

* און מיר האָבן געמיינט, אַז ס'האָט אייך אויף טויט איבערגעשניטן.

ביז רײַקע האָט זיך צוגעווינט רופן מיכאַילן טאַטע און פּאַשען — מאַמע, ביז רײַקע איז געוואָרן אַליין אַ לערערין און האָט שוין אַליין אַ זון פון זעקס יאָר דאָס זיבעטע (מישע „גוואַרדיאַן" רופט מען אים)... אַ סך וואַסערן זענען פאַר דער צייט אָפּגעלאָפן. מען זאָגט „וואַסערן" און ס'איז עפּעס אַזוי ווי אַ פאַרברעכן אַרויסרעדן מיט געוויינ־לעכע ווערטער „טייכן בלוט", שאַכטעס פאַרשטאָפּטע מיט הרוגים פון אַלערליי מינים, הונגער און פאַרפּייניקטע אויף פאַרשיידענע פונקטן פונעם ערדקיילעך. נאָר די צייט גייט, דאָס לעבן ווירבלט. די לעבעדיקע ווערן עלטער און די פּאַטשט ברענגט אונדז צו יעדער ערשטן מײַ און נײַיאָר אַ באַגריסונגס־קאַרטל פון רײַען, ווו זי שרייבט אונטער אַלע פריינד. אַ שטאָפּעט פּליט אַנטקעגן מיט אַ באַגריסונג צו מיכאַילן, פּאַשען, רײַען, און פאַר מישענקע גוואַרדיאַן אַ גאַרניטערל — וואָס דאָ איז עס גרינגער צו קריגן — און אויך אַ שאַכטעלע געפּוצטע נאַשערייען...

צייטן בייטן זיך. דאָס איז ריכטיק, נאָר דאָס לעבן איז סיי ווי אָנגעפּילט מיט ליידן און פריידן. יאָגן און ניינען אויפן פּוד, פונעם וויגעלע ביזן גריבעלע און מיט דער צייט ווערן די גריבער פאַרוואַקסן און דאָס לעבן ווימלט אויך אַרום זיי, אויך אַרום זיי...

## ביז די הייליקע פרייד וועט נתגלה ווערן

מצות באַקט מען אַלע פאַר פּסח.

— דערלעבט איבער אַ יאָר!

— גם אתם! דערלעבט אויך איבער אַ יאָר!

איך האָב ליב די צייט פון מצה־באַקן. אַ ייִד מיט אַ ייִדענע טראָגן אין אַ קלאָר־ווייס ציכל נאָך וואַרעמע, שמעקנדיקע מצות, און אין האַרצן איז דאָ אַ דערמאָנונג: יום־טוב־געפיל און באַהאַלטענע פרייד. איך וואָלט נאָכגעגאַנגען נאָך אַזאַ מין פּאַרפאָלק די גאַנצע גאַס און דערנאָך וואָלט איך צוריק פאַרקערעוועט צום הינטער־געסל, ווו טיף אין הויף אין אַרבעט דאָרט, אין אַ נידעריקער שטוב, אַן אויוון, אַן אָנגע־גליטער אויוון, אין קיך שיט מען מעל, מע גיסט וואַסער, די מאַשין וועלגערט און רעדלט, דער שיבער שיבט, די באַלעבאַטים גיבן אַכטונג...

ווי אַזוי, דערציילט מיר, אַדרבא, זאָפּט מען זיך אָן מיטן באַזונדערן נחת, אַז ס'זאָל גאַרנישט גיין אין ניוועץ און ס'זאָל זיין מיט וואָס זיך דערנערן ביזקעלע איבער אַ יאָר און מען זאָל ווייטער, אם־ירצה־השם... נו, טאַקע ווייטער און נאָך אַ מאָל דערלעבן איבער אַ יאָר געזונטערהייט...

---

אין פאַרלאַג גייען אַרויס ביכלעך אַ קיילעכדיק יאָר — אויך נייע, אויך פרישע אָט ליגן אין איינבאַנד באַהאַלטן מיינע עטלעכע שאַפונגען. אויפן רוקן איז אָפּגעדרוקט

מיין נאָמען. אויפן שער־בלאַט — מייך נאָמען און דער נאָמען פונעם בוך. אויפן צווייטן־דריטן בלעטל — אויך מיין אַ פּאַטאַ. ס'איז נישט קיין קלייניקייט! דאָרטן איז אויכעט אַ סכום פון אויסגעבראַכטע כּוחות. עפּעס דאַרף דאָ זיין פון דער מדרגה, אָדער פון דעם באַגריף „זאַמלען האַרבסטצייט אין שייער אַריין״ ...נאָר, טייערע מיינע, ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען איך געפין דאָ פרייד ענלעכע צו דעם, וואָס נערט מיך, ווען איך שמייע אַרום אין דעם ענגן קיכעלע און אַלקערל מיט יידן און יידענעס, כּמעט פאַרמעליקטע, מיר נאָענטע, כאָטש ווינציק באַקענטע...

ווי אייגן און טיף ס'איז איינגעבאַקן דאָס ווינטשוואָרט „דערלעבן איבער אַ יאָר!״ דאָס וואָרט וויל דיך אַרויסהייבן פון פּאַגראָמען און בלוטבעדער, פון שלענג און פון שינאה, פון קלעמעניש און פון חרפּה. עפּעס לויכט עס צו דיר זוניק און וויל דיר מבטיח זיין פון טיפן האַרצן, אַז כאָטש דו ביסט געוווינט צו רדיפות און צו שלעק אויף אַלע שטרעקעס פונעם ערדקיילעך, דאָך זאָג איך דיר: „אַל תּירא עבדי יעקב״ — מען וועט זיך נאָך מיט דיר אַרומטראָגן, ווי מיט אַ מעזיניקל, ווי מיט אַ געראָטן קינד, כּלי חמדה — אַ טייער, הייליק־געגאַרטער חפץ!...

און מיין אייגן, פריש אָפּגעדרוקט, ערשט־דערשינען ביכל אין כאַרקאָוו, אין מאָסקווע, אין קיִעוו, מינסק, ווילנע, אין ניו־יאָרק?!? ערשט איצט וואָלט זיך מיר ווערלן וויסן, ווי אַזוי האָט טאָלסטוי באַגעגנט זיינע ווערק? נישט ווען ער האָט זיי געשאַפן, נאָר ווען מען האָט זיי אים געבראַכט פון דרוק. איך מיין, אַז פילן האָט ער געפילט, ווי אַזוי ער איז געהייכט און געקרוינט ביי יעדן, ווי אַזוי ביי יעדן אין האַרצן זיצט ער אין אַ שכינה־שיידעלע געהילט. נו, און וואָס ביאַליק, און היינע, און האָפּשטיין, און רבי יהודה הלוי, און דער רמבם אַליין?... איינס פון די ביידע: אָדער ס'איז איין און דער זעלבער בלויז ביי יעדן — צו קיין איינעם ווייזט זיך נישט די פרייד אין דער פולער מאָס, אָדער זי איז דאָ, זי איז אומעטום דאָ, נאָר צו מיר דערגייט זי נישט, איך האָב ווענן איר אַ פאַרשטעלונג בלויז ווי זי וואָלט דאַרפן זיין...

ווען מען טרעט וויין אין די קעלטערס, טראָגן זיך פון דאָרטן זיגרייכע אויסרוף־געשרייען, דער גומען שאַלט; אַז מען באַקט שמירה־מצות, זאָגט מען הלל יונג און אַלט... דער גוף איז נאָך אפשר אין גלות, נאָר די נשמה, דער גייסט האָט זיך אַרויס־געריסן אויף דער פריי: „לבשי בגדי תפארתך עמי... קומי אורי, עורי עורי שיר דברי, כּבוד ה׳ עליך נגלה...״ דאָס איז געזאָגט געוואָרן שוין לאַנג ביז אונדז.

העלף אונדז, אַלמעכטיקער, אַז אויך מיר זאָלן געפינען דאָס הערלעכע וואָרט, וואָס דריקט אויס הייליקן עקסטאַז פון באַפרייטן גייסט!

---

פאַר קינדער פראַוועט מען געבוירן־טעג, מע מאַכט דעם זון אַ בר־מצווה. נאָט אייך אַפילו אַזעלכעס: אַז אַ מענטש לאָזט זיך אָנשרייבן אַ ספר־תּורה, פראַוועט ער

אַ סיום, מען פרייט זיך, מען באַגלייט די ספר־תּורה מיט קלעזמער און פרייד אין בית־המדרש אַריין.

ווען עס דערשיינט אַ ווערק, אָנגעשריבן דורכן שריפטשטעלער מיט אַ גוטער כּוונה, מיט דערהייבנקייט און קדושה, וואָלט אפשר אויך נישט געשאַדט פּראַווען אַ סיום, באַגלייטן דאָס בוך, מיט שׂמחה אים איבערגעבן אין ביבליאָטעק אַריין...

אָט דער פּונק, וואָס דער בורא האָט מיך מזכּה געווען, זאָל דורך דער ביבליאָטעק גיין צו די לעזער און ווערן זייער אייגנס, כאָטש איך ווייס, אַז כ'בין נישט די ערשטע כּלי... און איך ווייס אויך, אַז דער פּונק, וואָס איז דורך מיר אַריינגעבראַכט, איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק די פרזיערדיקע, פאַר מיר געוועזענע דורות.

## ...און אויסגעפּיקט האָט זיך אַ שלאַנג

וואַסיע איז פיל יינגער פון מיר. זי וווינט נישט ווייט פון אונדז, אַ צוויי־דריי קוואַרטאַלן אין גאַנצן. זי איז נישט קיין שלעכט מיידל, ווּוקסיק צו דער מאָס, שטאַלטנע, אַ קלוגער קוק, ווייל זי רויכערט, דאַרף איך זיך אַ ביסעלע אָנשטרענגען ביז איך געוווין זיך צו צו אירע קושן, אָבער די גלוסטיקייט איז אַלע מאָל גובר.

זי אַרבעט אין אַן אָפּטיילונג פון דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע און איז דאָרט, קענטיק, אויף איר פּלאַץ. אַז איך קום צו איר אין דער אָפּגערעדטער אָדער נישט־אָפּגערעדטער שעה, באַגעגנט זי מיך מיט אַן איינגעחזרטן ברוך־הבא: „אַ, דער רבי איז געקומען"!... איך פרעג זי נישט איבער פאַר וואָס עפּעס האָט זי מיך געקרוינט מיטן נאָמען „רבי". פאַרשטיין קען מען עס אַזוי: אין פאָלק האָלט מען אָפּט, אַז אַ יונגער רבי, נישט געקוקט אויף זיין הייליקן שטאַנד, טויג זיך זייער גוט צו אַ ווייבל. דערצו בין איך אָנגעטאָן ריין און נישט אויסגעדאַרט, פאַרקערט, אַפילו אויסגעקיילעכיקט, וועדליק אַ יונגערמאַן, וואָס נעענטערט זיך שוין צום מיטעלן עלטער.

גוטע צענדליקער יאָרן זענען שוין אַוועק פון די טעג, וואָס איך דערצייל דאָ, אונדזערע באַגעגענישן מיט וואַסיען זענען אונדז קיין מאָל נישט געוווען דערווידער, אָבער... אויסגעפּיקט האָט זיך אַ שלאַנג! ווען עמעצער זאָל עס מיר זאָגן, וואָלט איך אין קיין פאַל נישט געגלויבט! און קיינער וואָלט דאָס נישט גלויבן! ס'איז דאָך נישט דער מענטש. און אויב ס'איז דער, איז עס שוין קיין מענטש נישט...

וואַסיע האָט מיר ביי איינער אַ באַגעגעניש אונדזערער דערציילט (כּמעט ווי זי וואָלט עס פאַר פריער אויסגערעכנט, אַז דאָ איז נישטאָ אין וואָס זי צו באַשולדיקן און בכלל, כאָטש זי איז געבילדעט, שטאַלטנע און שטאָטיש געקליידט, שטאַמט זי דאָך, ווי פיל פון איר גלייכן, פון דאָרף), אַז דאָ נישט לאַנג האָט ביי איר געגאַסטיע־וועט אירע אַ שוועסטער מיטן נאָמען פאַליע. פון סיביר געקומען. עטוואָס עלטער

פון איר, נאָר רויִקער, געשטעלטער, אַ ביסעלע מענערישער. אַ ווייב פון אַן אינזשע־ניער. זי איז געקומען אַהער מיט אַ גרויסן קאַסטן (ביי אונדז פלעגט מען אים רופן „שליאַבאַן") אָנטאָן־זאַכן, קלימקעס, אַפילו אַ יעגערביקס...

— צי קלערט זי נישט זיך איבערציִען אויף אוקראַיִנע ?... — דערציילט וואַסיע ווייטער — אויב זי פאַרט נאָר צו גאַסט, טאַ צו וואָס איז דאָס פירן אַזאַ פּאַק מיט גוטס ?

גוט, שיין, פיין... און דאָ דערציילט שוין וואַסיע, אַז די מעשׂה איז אַ סך קאָמפּליצירטער : דער שוועסטערס מאַן, דעם אינזשעניער, האָט מען אַריינגעזעצט. די שוועסטער האָט באַשטימט זיך אָפּרוקן פון דאָרטן. זי האָט נאָך נישט באַשלאָסן צי זאָל זי וווינען דאָ, ביי וואַסיען, אָדער זיך פאַרשטופּן אין דאָרף צו אייגענע...

מילא, הערן מיר... וואָס זשע ווייטער ? וואַסיע וויל מיט דעם נישט האָבן צו טאָן ! ס׳גייט איר נישט אָפּ ! איז זי זיך מישב און גייט אַוועק אין אַן אויפּזיכטס־אַנשטאַלט און לאָזט זיי וויסן פּשוט און פּראָסט : היות איר שוואָגער אין סיביר האָט מען אַריינגעזעצט און די שוועסטער איז געקומען צו איר מיט די זאַכן, מאָרגן פאָרט זי שוין אין דאָרף אַריין... נו, און טאָמער איז דאָ נישט אַלצדינג גלאַט, האַלט זי פאַר איר חוב וועגן דעם געבן צו וויסן... איז מען די זעלבע נאַכט געקומען, מען האָט איבערגעטרייסלט די זאַכן, צו וואַסיען האָט מען זיך נישט אָפּגערופן, ווי זי וואָלט דאָ אין גאַנצן נישט געווען, און פאַליען, די שוועסטער, האָט מען צוגענומען...

— איך האָב אַזוי געקלערט, — גיט עס מיר וואַסיע צו פאַרשטיין, — איז זי אין גאָרנישט ניט שולדיק, וועט איר קיין זאַך נישט געשען און אויב זי איז אין עפּעס פאַרמישט, דאַרף מיר דערפאַר דער קאָפּ נישט ווי טאָן... אַ־יאָ, ריכטיק ?

— און אירע זאַכן ? — האָב איך געפרעגט, אַבי עפּעס זאָגן.

— די זאַכן בעטן קיין עסן נישט. זי וועט קומען, וועט זי זיי צונעמען. אויב זי וועט נישט קומען, וועט זיך געפונען אויף זיי אַן אָרט...

צי דאָס האָב איך אַזוי מורא געהאַט פאַר וואַסיען, צי זי איז מיר פּשוט געווען איבלדיק און שרעקלעך דערווידער... אָן שום ספק, פון מורא בין איך אויך געווען נישט פריי. דער „רבי" איז ביי זיך נישט אַזאַ גרויסער מיוחס : „אַז מען שערט די שעפּעלעך — ציטערן די לעמעלעך"... דערשטיקן זי אויפן אָרט ? דאַרף מען דאָך קענען ! איך בין פּעזיק הרגענען מיטן נאָגל אַ לויז, צעקוועטשן אַ וואַנץ. מער האָט מען מיך נישט געלערנט.

און אין האַרצן האָב איך זיך געקלערט : רבונו־של־עולם, היט מיך אויס פון דעם אַלעמען...

אין דער מחשבה בין איך געווען פריינד מיט פאַליען. זי איז די גערודפטע. אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער אַנאַליז גענומען דרייען דעם ענין אין אַ פאַרקערטער

ריכטונג: רבי טייערער, וואָרט נאָר צו אַ ווײַלע. אויב מיט פּאַליעס מאַן, חבר און פרײַנד האָט זיך געטראָפן אַן אומגליק, פאַר וואָס האָט זי זיך אַזוי גלײַך אָפּגעפּאַר־טיקט און אָפּגעטראָגן פון דאָרטן? נאָר כּדי צו ראַטעווען די אייגענע פּעל?... אַן אמתער חבר, אַן אמתער פרײַנד, פירט זיך נישט אַזוי...

אויב אַזוי, איז מיר שוין גוט פון ביידע זײַטן.

פאָרגעקומען איז דאָס, ווי געווײנלעך, אינעם יאָר 1937.

## כאָטש אַן אָרעמע — פאָרט אַ מומע

איך בין געווען איינגעלאַדן קיין כאַרקאָוו אויף אַ קאָנפערענץ פון קינדער־ליטעראַטור. צוצײַענדיקער פון אַלץ איז פאַר מיר געווען דער בילדונגס־פאָלקס־מיניסטער פון אוקראַיִנע, זאַטאָנסקי. אַ קלוגער, געבילדעטער מאַן, אַן אָפן קלוג געזיכט, און אַז ער עפנט דאָס מויל, איז אַלע מאָל דאָ וואָס צו הערן. פון קיִעוו, פון די ייִדישע חברים, איז מיטגעפאָרן דער חבר בנימין גוטיאַנסקי. מיר האָבן געהאַט אויף עטלעכע טעג אַ פײַנעם צימער אין אַ פײַנעם האָטעל. פון מאָסקווע און פון לענינגראַד זענען געקומען טשוקאָווסקי, מאַרשאַק און באַרטאָ.

איך קוק זיך צו צו מענטשן. איך באַזוך געוויסנהאַפט די זיצונגען. אינעם ייִדישן ווי אויך אינעם אוקראַיִנישן פאַרלאַג, האָב איך עפּעס באַוויזן אויפצוטאָן. גוט, וואָס כ׳וועל קומען אַהיים נישט מיט קיין ליידיקע הענט. ביי דער שלוסזיצונג רוימט מיר איין אַ פירנדיקער חבר, אַז איך בין איינגעלאַדן אויפן באַנקעט 8 אין אָוונט דאָרט און דאָרט.

— זאַטאָנסקי וועט אויך זײַן?

— אַוודאי.

איך זוך אָפּ בנימינען. איך פרעג צי מען האָט אים אויך עפּעס אײַנגערוימט.

— ניין.

ע... דאָס איז שוין נישט גוט! איך זוך אָפּ קוויטקאָן און דערצייל אים.

— מן הסתּם איז איינגעלאַדן אַ באַגרענעצטע צאָל מענטשן...

— ווי די מעשׂה זאָל נישט זײַן, וועל איך, אַ חבר, נישט איבערלאָזן אים אין אומוויסנהייט. דאָס גרינגסטע וועט זײַן, אויב איך וועל אויך נישט וויסן פונעם באַנקעט.

— איר זייט גערעכט. איך וועל באַלד זען דעם חבר קאָפּילענקאָ.

געווען אײן נישטיקע קלייניקייט, אַז אַ מענטש זאָל זיך דערפילן אומרויִק. נאָר אַן־אַ זוכט מיך שוין קאָפּילענקאָ. ער איז אַ ווײַלער מענטש.

— איר זאָלט אומבאַדינגט קומען אין צווייען.

— גוט, אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ רייכער באַלויכטעגנער זאַל. די טישן געדעקט מיט אַלעם גוטן. די פלעשער זענען נאָך פול, די כּוסות בליאַסקעווען.

לעבן אונדזער טיש זיצט פּעטראָ פּאַנטש. ער גיט אונדז אַ לעקציע ווי אַזוי טרינקען און נישט שיכּור ווערן. ער האָט עס מקבל געווען פון פּיאָדאָר גלאַדקאָוון.

זאַטאָנסקי שפּאַצירט אַרום די טישלעך. צו טשוקאָווסקין קלעפּן זיך אונדזערע ווייבער, די שרייבערינס. צווישן זיי איז זאַבילאָ טאָקע די שענסטע.

אָן אַ רעדט מען שוין. זאַטאָנסקי זאָגט:

— איך האָב די ערע אייך צו מעלדן, ליבע חברים שרייבער, אַז די צאָל ברויט־עשאַלאָנען איז שוין געזיכערט. דאָס גיט אונדז די מעגלעכקייט איינשטעלן פולע אויפמערקזאַמקייט אונדזער שול, אונדזער קינדער־ליטעראַטור, אונדזער קינדער־טעאַטער...

זע, וויפל פאַראַנטוואָרטלעכקייט און וואָג סע פילט זיך אין יעדער אַרויס־געזאָגטן וואָרט. איך בין אויף אַן אמת שטאָלץ, וואָס איך זיץ דאָ אויך אין דער יום־טובדיקער סביבה. און דאָס, וואָס אַזאַ געהויבענער מלוכה־מענטש האָט חבריש אונדז אָנפאַרטרויט, האָט אַ שייכות צו אַלעמען און צו יעדן באַזונדער, צו מיר אויך.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון כאַרקאָוו אַהיים איז איין נאַכט פאָרן. די רעדער קלאַפּן אונטער די ברעטער פון דיל און מיר דוכט זיך, אַז איך טראָג זיך אויף פליגלען צו מיין הויזגעזינד אַהיים. איך פיר זיי גוטע נייס. און אויך אַ מתּנה יעדערן באַזונדער.

מיינע יינגערע חברים עלינקע און כאַסקל וועלן ביי מיר אויכעט אויספרעגן — וועמען געזען? וועמען געהערט? וואָס געהערט?... הירשקע פרעגט שווייגנדיק... איך וועל דערציילן פאַרגינענדיק און וועל גערן אויסשיטן פאַר זיי אַלץ, מיט וואָס איך בין רייך. נאָר איין זאַך, וואָס וועט פאַרקומען ערגעץ אַנדערש, אויף דעם האָב איך נישט קיין גענוג פּאַסיקע ווערטער איך זאָל געגוי איבערגעבן מיין געפיל...

דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק אין מיין געבוירן שטעטל, אין סלאָוועשנע: איך האָב שוין אייגענע געדרוקטע ביכער, נאָר איך באַנעם נאָך נישט די פולע שייכות, וואָס איך, אַליין אַ האָרבער און אַ זון פון האָרבאַרניקעס, האָב צום געדרוקטן וואָרט.

ווינטער אין דער פרי איז דאָס געווען. איך גיי נאָך עפּעס אין שטעטל אַריין און באַגעגן איבער דער ליסטוועגער גאַס צוויי דאָרפסקינדער — יינגעלעך. זיי גייען מיט די לייווענטענע רענצעלעך ביכער איבער די פּלייצעס. דער פראָסט סקריפּעט אונטער די פיס. זיי זענען אַוודאי פון נאָענטן דאָרף טכאָרין און גייען צו אונדז אין „שקאָלע" אַריין. דער פרימאָרגן איז פריש, די בעקעלעך זענען רויט. מיך דערזען — טוט איינער אַ וויז מיטן בליק צום צווייטן און זאָגט:

— אָט דער, וואָס איז אַוועק איז אַ שרייבער... „פּיסמעניק״...

שמואל ניגער האָט וועגן מיר עפּעס געשריבן. דוד בערגעלסאָן און יצחק נוסינאָוו האָבן עפּעס געזאָגט. מאיר ווינערס וואָרט איז פאַר מיר אַ ליבע תּורה. נאָר ווער וואָלט זיך ריכטן, אַז אַזעלכע ברעקלעך קינדער, ייִנגסטע שולייִנגלעך, זאָלן וויסן, ווי ס׳רעדט זיך אויס אַזאַ וואָרט „פּיסמעניק״ און זיי זאָלן אָנווייזן אויף מיר ?!

דאָס האַרץ מײַנס האָט געזאָגט צו די דאָרפישע קינדערלעך: „מיר זאָל זײַן״!... און ס׳גייט זיכער נישט אין דעם ווי גרויס ס׳איז די ליבע פונעם קינדס מויל. איך זאָג זיך נאָר:

— נעם זיך אָן מיט מוט און פאַרקריך ביי זיך אין זיכּרון, אַז דער חוב, וואָס אַזעלכע ווערטער לייגן אויף דיר אַרויף, איז גרעסער, טיפער און בכּבודיקער פון אַלע אַנדערע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לייב קוויטקאָ איז אין אַ צייט אַרום געקומען צו גאַסט קיין קיִעוו. זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט און אַ ביסעלע געפּעסטעט ביים מזל. ער האָט זיך געטראָפן אין גאַס מיטן חבר בנימין גוטיאַנסקי. זיי האָבן אַ ביסל אַרומגעשפּאַצירט, געשמועסט פון פאַרשיידענע ליטעראַרישע ענינים. דער גאַסט האָט מיך געלויבט. מיך, אָדער מיינע ווערק, ס׳איז כּמעט אַלץ איינס.

— אפשר קען מען צו אים אַרייַנגיין, צו קיפּניסן ? וווּ וווינט ער ? ווייט ? נישט ווייט ?

בנימין איז געווען גערן.

— קומט, — זאָגט ער, מיר קענען צוגיין. ס׳איז נישט ווייט.

דער אַלטער „גאַנער״ מיט דער „גאַנדז״ זענען נישט געווען אין דער היים. ס׳זענען געווען נאָר די קליינע „גענדזעלעך״: ביילקע מיט אַ פאַרבונדענעם האַלדז, לייבעלע איז געשטאַנען אין וויגבעטל און געטרייסלט דאָס ווענטל פון דער וויג. דער טיש איז געווען נישט צוגעקליבן און אין שטוב האָט די פּאַרטישקעווטע לופט געשמעקט זייער.

לייב האָט זיך אויסגעפרעגט ביי די קינדער, פאַר וואָס זענען ביי זיי די העלדזער פאַרבונדן, ער האָט געגעבן אַ קנופּ לייבעלען אין בעקל און געפרעגט ווי אַזוי מע רופט אים. איך שטעל זיך פאָר לייבן: ביי אים זענען אַזוי אויך שיינע צוויי אויגן, און אַז ער דערזעט קינדער פאַר זיך, צעעפענען זיי זיך ביי אים נאָך ברייטער, דאָס פּנים נעמט שיינען, די ציין אין מויל שמייכלענדיק בלישטשען.

— איר זאָלט גריסן דעם טאַטן מיט דער מאַמען. מירן זיך נאָך מסתּמא זען מיט זיי...

ס'איז דען אַ נייס, אַז מיר זענען מאַטעריעל געענגט? ס'איז, פאַרשטייט זיך, קיין נייס נישט, און ס'איז נישט קיין גרויסער חידוש. נאָר בעת דעם באַזוך פון אַזאַ ליבן גאַסט, האָט די שטוב געקענט אויסזען אַנדערש. ביי אונדז איז תּמיד צוגעקליבן אין שטוב, די קינדער זענען אַרומגעבונדן איין מאָל אין אַ יובל. אויך אויף לייבעלען איז דאָך ליב צו קוקן...

אַ שאָד, אַ שאָד, צו וואָס דאַרפן מיר עס, אַז קוויטקאָ זאָל אַוועקטראָגן אַ רחמנות־געפיל צו מיר, צו מיין שטוב און צו מיין גאַנצן הויזגעזינד?!

## „מינינעס" און טעג פון אַ גאַנץ יאָר

ס'האָט אונדז אָפּגעגליקט מער ווי מען קען זיך פאָרשטעלן מיט אַ גרויסער דרייצימערדיקער דירה.

פאַרן אוקראַיִנישן שרייבער קאָפּילענקאָ האָט זיך אויסגעבויט אַ בעסערע, און מיר האָט מען אָפּגעגעבן זיינע. פאַר זיי איז יענע אַ בעסערע, פאַר מיר איז די אַ בעסערע. זי איז אי אַ גוטע, אי אַ שיינע, אי געראַמע, כאָטש די פריִערדיקע צווייצימערדיקע דירה אונדזערע האָבן מיר אויך געזשאַלעוועט איבערלאָזן. כ'געדענק, ווי מיר האָבן זי די ערשטע באַנייט און זיך געפרייט מיט איר, ווי קליינע קינדער וואָס קוועלן אָן פון אַ שיינער צאַצקע מיט אַ געשמאַקער נאַשעריי צוזאַמען. ווען דאָס הויז האָט זיך געהאַלטן אין פאַרענדיקן, האָט שוין יעדערער פון די איינוווינער געוווּסט, ווו וועמענס דירה ס'איז. פלעגן מיר קומען, איך מיט דבורהלען, מיט ביילקען — און אויך לייבעלען האָבן מיר געטראָגן מיט זיך — און קוקן ווי די שטוב ווערט פאַרענדיקט. אויף די דילן איז נאָך פול געווען מיט היבלעוואַניע, די ווענט האָט מען געקאַלכט, מיר זענען צוגעגאַנגען צו אַ קראַן, אים אַ דריי געטאָן אַזוי ווי אויף צו־כּלומרשט און... גאָט מיינער, ווי אַזוי מיר האָבן זיך פריידיק דערשראָקן: ס'ליאַפּעט אמתע וואַסער! ס'זעצט אַ שטראָם! האָבן מיר געגלעט דעם קראַן, האָלובעט די ווענט, די נייע אייגענע ווענט. לייבעלע האָט געקליבן סטרוזשקעס. צוויי צימערן מיט אַ קיך, אייגענע, אייגענע אָן שכנים. אַליין! מיר זענען ייִנגער געוואָרן אויף הונדערט יאָר. מיר זענען געוואָרן רייך, אַז נישט געפינען צו אונדז קיין גלייכן.

און אָט איז די אָנפירונג פון שרייבער־פאַראיין ביי דער פרישער טיילונג געווען גוט צו אונדז (אונדזער געזינדל האָט זיך דאָך פאַרגרעסערט — ס'זענען צוגעקומען דער שוועסטערס געלינקער און די שטובאַרבעטערין) מע האָט אונדז געגעבן דריי צימערן, אַנשטאָט די גוטע צוויי, און אויך אַליין, אויך ליכטיקע, אויך באַזונדערע. דאָס איז אַ גליק, וואָס נישט אַזוי אָפט זוכט זיך עס אָפּ. פארשטייט זיך מיר האָבן זיך איבערגעקליבן. ביילקע איז געווען איבערגליקלעך. דער געלינקער

אויך. דבורהל האָט אַ ביסל געקרימט מיט דער נאָז: ווער וויל עס אָװעקגיין פון אַ שיין באַקוועם דירהלע, וואָס מיר האָבן אַליין באַניט?...

דאָס קלענסטע פון די צימערלעך, דאָס שמאָללענגעכיקס, — איין גרויס פענצטער — איז מיינס. ביי איין ברייטער און איין שמאָלער וואַנט שטייען עטלעכע שאַפֿעס ביכער. דאָס זענען מיינע טעפּיכער, מיין גאָלד און זילבערנע אומאָפּשאַצבאַרע אידלשטיינער. חוץ דעם אַ קליין שרייבטישל, אַ קאַנאַפּע ביי דער אַנטקעגנדיקער ברייטער וואַנט און עטלעכע בענקלעך. מיר האָבן נאָך אַ באַװעגלעך טישעלע. אַ גרינגס ווי אַ פעדערל. וווהין מען דאַרף — אַהין נעמט מען עס. די טירן לאָזן עס גרינג אַריין, לאָזן עס גרינג אַרויס. מערער נוצט עס מיר און מיינע חברים אויף אַ שפּיל אין שאָך אָדער אין דאָמינאָ, אויף אַ פאַרלעזונג אין אַ קליינער סביבה, אויף אויסטרינקען מיט חברים אַ גלעזל טיי און ווען אַ כּוסעלע וויין, אָדער י״ש, מיט אַ קליינעם, כּמעט כאַלאָסטיאַקישן צובייס.

תּחילת אָוונט. מיר זיצן מיט די יינגערע חברים כאַסקל, עלינקע — אַ פּערטער איז ווער עס טרעפט זיך — און מיר זענען פאַרטיפט אין אַ פּאַרטיע דאָמינאָ: מע צײלט, מע רעכנט, מע פאַרשרייבט, מע היצט זיך. עלינקע, אַ מינסקער אַליין, ענדיקט די אַספּיראַנטור אין יידישן אינסטיטוט, קלוג ווי אַן אַלטער, און יונג ווי אַ מיידל, מיט גרויסע פלוימען־אויגן — צוויי פלוימען, קײלעכדיקע, שוואַרצע, גלאַנציקע, וואָס שפּריצן מיט געלעכטער. און אַ האַרציקער, וואָס קען אויסקומען מיט יעדן. אַז ביי עלינקען איז נישטאָ קיין „שטיין" אויף שטעלן, זאָגט ער:

„Вы просите песен — их нет у меня..." *

די טיר צו אונדז, אין מיין קליין צימערל, האָט זיך שטיל געעפנט. ביילקע און דער געלינקער האָבן זיך אַריינגעגנבעט. זיי שטייען און וואַרטן, שטיקן זיך פאַר געלעכטער (דער „נאַר שטופּט"), נאַר איבערשלאָגן וועט מען זיך נישט דערוועגן. בפרט וועןביידע זענען „פּראָסיטעליעס"... מען האָט זיך אַנגעקלערט און מען איז געקומען פּועלן אַ וויכטיקע זאַך.

אַז איך האָב זיך ענדלעך אומגעקוקט, איז ביילקע שטיפעריש צוגעלאָפן צו מיר, שיִער וואָס זי שיסט נישט אויס קיין געלעכטער. דער געלינקער, עטוואָס אָפּגערוקט, איז אויך צוגעגאַנגען עטלעכע שריט נעענטער. ער איז אויך פול מיט שמייכל אי שטיפעריש געטרייען, אי ווי מען וואָלט זיך געקליבן מיר אָפּטאָן אַ שפּיצל. זיין אַרבעט איז צושאָקלען מיטן קאָפּ, אַז וואָס ביילקע זאָגט איז תּורהס אמת, ריכטיק ווי דער טאָג. און אַזוי איז עס טאָקע.

ביילקע רוימט מיר איין — און סע שטופּט זי אַזוי צום לאַכן, אַז זי קען קוים אויסרעדן אַ וואָרט — קורץ: זיי האָבן זיך שוין לאַנג באַקלערט, אַז סע ווילט זיך

* לידער פאַרלאַנגט איר — איך האָב נישט אַזעלכעס.

זיי עפּעס אַ גוטע זאַך. אַלע אַרבעטן זענען שוין אָפּגעטאָן, די לעקציעס אַלע גרייט. שוין באַלד צייט גיין שלאָפן און ס'האָט זיך זיי זייער פאַרוואָלט עפּעס אַ גוטע זאַך...

— ווו זענען אַלע?

ווער זענען די אַלע?... לייבעלע שלאָפט שוין. פראָסיע פליקט פעדערן און דבורהל האָט אַוועקגעלייגט דאָס לייענען און שטיקעוועט אויף דעם אָפּגעדעקטן עסטיש פאַר לייבעלעס וועגן אַ קליין פּידזשאַקל, וואָס זי וויל אויסקאָמבינירן פון מיינעם אַן אַלטן אויסגעריבענעם פּידזשאַק.

— וואָס זשע טוט מען? טאַקע, אויב איר ווילט, קינדער, איז גאָר־גאָר נאָענט מיין געבורטסטאָג (אין איינעם פון די נאָענטסטע חדשים).

— ווען איז דיין געבורטסטאָג, ווען? — האָבן זיך שוין בײדע לעבעדיק אָנגעכאַפּט.

— איך געדענק נישט אַקוראַט. ס'איז ביי מיר ערגעץ פאַרשריבן. אויב איר ווילט קען מען אַפילו איצט... טאָ נאָט אייך דריי קערבלעך, ס'זאָל זיין אויף צוקערקעס און אויף געבעקס. נאָר... נאָר מע דאַרף נאָך אפשר אַ פרעג טאָן ביי דבורהלען?

— זי איז מסכּים!... זי האָט געזאָגט, זי וואָלט אויך אַ בעלן געווען אויף עפּעס אַ גוטער זאַך...

— איצט גייט אַ צוויי־זעקס, — זאָגן מיינע חברים. זיי פאַרשטייען, אַז מען מעג שוין פאַרזעצן. די שפּיל האָט נישט ליב קיין צו גרויסע הפסקות.

— איך האָב, — זאָג איך, — איך האָב אי אַ צוויי, אי אַ זעקס. נאָר ווי וואָלט געווען, ווען מיר שליסן זיך אויך איין אין די „מיניניעס"? איך זאָג אייך גאַנץ אָפן, ווען ס'איז נאָר פריי אין קעשענע, קען איך פראַווען מיינע „מינינעס" אין וועלכן טאָג ס'ווילט זיך...

עלינקע האָט אַן חשק אַרויסגענומען פון קעשענע פאַרשמאַלצעוועטע עטלעכע קערבלעך, אַ שליסל און נישט גאָר קיין ריין טיכעלע. אָבער איך האָב געפּסקנט, אַז אַלץ זאָל זיין על חשבון הגביר. איך בין אַוועק צו דבורהלען, מיר האָבן זיך אַ סודע געטאָן, פראָסיע האָט געקראָגן באַראַטונגסרעכט און ס'איז געוואָרן ליהודים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער אָוונט האָט זיך פאַרקיילעכדיקט, וואָס בעסער דאַרף מען גאָרנישט. אויב ס'איז שטיל אויף דער וועלט, אויב מיר זענען נישט שטאַרק פאַרשולדיקט, אויב איך האָב דעם טאָג ווויל געאַרבעט, טאָ וויפל איז ווערט דער אָוונט פון וואַשן זיך?

פראָסיע וועט זיך וואַשן די לעצטע. די קינדער — לויט דער ריי — די ערשטע. וועש איז דאָ ריינע פאַר אַלעמענס וועגן. בעטוועש בייט מען אויך ריינע.

מעגלעך, אַז ביים קיסר אין שטוב איז אויך דאָ אַ טאָג פון וואַשן זיך. נאָר נישט אַזוי גיך וועט ער פילן אַ פאַרגעניגן ווי מיר. נישט ביי מאָטיען! ביי אונדז

אין שטוב איז כ׳ווייס וויפל טעג שלום. אַמפּערן קען זיך נאָר אַ מאָל דער אַלטער „גאַנער" מיט דער „גאַנדז" פאַר אַ נישטיקער קלייניקייט, און די קריג פאַרגייט קיין מאָל נישט צו ווייט, אין אַ ווײַלע אַרום איז מען צוריק שלום.

איצט זיצן מיר אויסגעבאָדענע אין מיין קליין צימערל אויף דער קאַנאַפּע. דבורה — אין אַ גראָמער ליכטיקער מילטענער נאָכהעמד. ווער איז איצטער צו איר גלייך? אַ קיסרינע? אַ גענעראַלשע? אַ פּאָסעסאָרשע? אייסעך וואָס!... ס׳איז אונדז גוט אָן אַ סוף. מיר זיצן זיך אין דער ריין, אין דער ליכטיק, אין די ווייכע שטעקשיך אויף די באָרוועסע פיס. מיר פילן מיט ליבשאַפט איינער דעם צווייטנס אַקסל. ס׳איז אונדז נישט מער און נישט ווינציקער ווי גוט פון דעם. מיר האָבן צעלייגט אויפן קליין פאַרשפּרייטן טישעלע לייבעלעס אַ גאַנץ פּעקל פרישע פּאָטאָקאַרטעלעך. ווייכע קוטשערלעך, אַ לויכטנדיק, קינדעריש געזיכט. טייערע אָפענע אויגן, אַ מלאך... אייגנטלעך, וואָס איז אַזעלכעס אַ מלאך? אַ מלאך דאַרף זיך גאָר נעמען אַ מוסטער פון לייבעלען, ווי אַזוי מען קען זיין שיין, ריין, באַטעמט. פון יעדער קוק, וואָס מיר טוען, צעגייט זיך אַ ליבשאַפט אין אַלע אברים. דבורה רירט אָן איר אַקסל עטוואָס נעענטער צו מיינעם. זי בויגט צו איר קאָפּ צו מיינעם לייכט, גרינג, אַזוי ווי זי וויל עפּעס זאָגן. זי ווייסט דאָס שוין פון לאַנג, צייט האָבן מיר, זי דאַרף זיך נאָר אַזוי נישט איילן. איך הער דייטלעך ווי זי ציילט אויס מיט שטילע, פּאַמעלעכע ווערטער (יעדעס וואָרט איז אויף דער וואָגשאָל פון גאָלד):

— פאַר איין זאַך... וועל איך דיר זיין דאַנקבאַר... דאָס גאַנצע לעבן... זאָלסט מיך נאָר ניט פרעגן פאַר וועלכער...

איך האָב די מעגלעכקייט, דאָס רעכט און דעם פולן פאַרלאַנג זי קושן שטיל און לאַנג.

ביי אונדז איז היינט אַ טאָג פון וואַשן זיך, אַ טאָג פון וואַרעמען שלום. די קינדער שלאָפן שוין. פראָסיע באָברעט זיך שטיל אין וואַנע. זי וועט אויך באַלד גיין שלאָפן. זי איז אויך גערן, ווען זי פילט דעם שלום אין שטוב. שלום און געזונט און ווינציק חובות. מיר האָבן זיך שוין אַלע געוואַשן און געביטן וועש. פאַר וואָס האָבן מיר נאָך אַזוי פיל צייט? פאַר וואָס איז אונדז אַזוי גוט? פאַר וואָס זיצן מיר אין צווייען אין מיין קליין צימערל און ס׳איז אונדז דאָ אויך גערשם... עפּעס אַ קלייניקייט צו זיין ביי זיך? מיר זענען אין גאַנצן ביי זיך.

## פאַר געזונט און קום געזונט

דבורה שעמט זיך נישט און זאָגט עס אַפילו פאַר איטלעכן אין די אויגן:

— וויפל איך בעט אים נישט ער זאָל ערגעץ פאָרן און וויפל מען רעדט מיט אים נישט, קען מען אים פון שטוב נישט אַרויסשטופּן!...

אַ זייטיקער קען עס אָננעמען פֿאַר אַ שטאָכוואָרט אין אַ שטיפֿערישן שפּאַס. נאָר מיר, די נאָענטסטע, ווייסן, אַז זי זאָגט עס אין אַ גוטן מוט, און אַזוי ווי ס׳גייט איר טאַקע צוליב עפּעס אָפּ. אָט האָב איך אַ סימן: אַז איך פֿאַר ערגעץ אַוועק (וואָס ס׳טרעפֿט זעלטן) פֿאַרבענקט זי זיך, דבורה נאָך מיר. ווען איך דאַרף שוין קומען, גייט זי מיט וועמען פֿון די קינדער צו דער באַן מיך באַגעגענען. אין שטוב טרעף איך אַלץ ריין פּונעם גאַסטס וועגן צוגעקליבן, די דילן אויסגעוועקסלט, די גלעזערס איבערגעשפּרייט. און צו מיטאָג — פֿרישע געפֿילטע פֿיש, אַלערליי אויבסן, קאָמ־פּאָט... איך זאָל נאָר קומען געזונט!

...איך בין געפֿאָרן מיט נוח לוריע און מאָטל האַרצמאַן קיין זווענינאָראָדקע, זאָלן מיר שוין מער פֿון אַזעלכע נסיעות נישט וויסן. אינעם דערמאָנטן שטעטל זענען אָרגאַניזירט געוואָרן עטלעכע ייִדישע ליטעראַרישע אָוונטן אין צוזאַמענהאַנג מיט די וואַלן. זענען אַרויסגעפֿאָרן אַהין צוויי פּראָזאַיִקער און איין דיכטער (איינער פֿון די פּראָזאַיִקער האָט וואָס צו זאָגן אויך פֿאַרן קינדער־לייענער).

צו דער באַן איז געקומען אַ פֿאָרשטייער פֿון שטאָטראַט (אָדער דאָרפֿסראַט) אונדז צו באַגעגענען. מיר זענען געפֿאָרן צווישן זומערדיקע פֿעלד־ער אויף אַ גוטער פֿור. שיין, לופֿטיק, אַ מחיה. אַ פּראָווינציעלער איינפֿאָרהויז, אַ הילצערנע דירה, שמאָלע חדרימלעך — ווער ס׳איז געוווינט צו אַזעלכע נסיעות, ווער ווייניקער, ס׳מאַכט נישט אויס. ס׳איז זומער, ס׳איז גוט.

דער ערשטער אָוונט אינעם זומער־טעאַטער. אָט איז דער פּאַרק, אָט איז דאָס טעאַטער. צווישן די פּרעזידיום־לייט אויך אַן אַלטער שוסטער. אַ ווײַלער ייִד מיט אַ גרויסער שיינער באָרד, אַנגעלייענט, סאָליד, רעדט צו דער זאַך. די רעדעס, די פֿאָרלעזונגען זענען דורכגעגאַנגען ווי אין אַ חלום, אַ יום־טובֿדיקער חלום. איך בין נישט איבעריק געוווינט צו דעם. וועלן מיר זיך ווען עס איז צוגעוווינען.

געענדיקט שפּעט. אַרום צוועלף. נוח וויל אין הויף, אין רונדוק, עפּעס בעמען צו דער טיי. מאָטל שפּאַצירט אַרום מיט די לערערקעס. ער איז יונג, אים ווילט זיך פֿאַרברענגען, כאַפּן אַ שפּיל... איך וואַרט אויף נוחן. ערשט איז ער דאָ געשטאַנען. אָט איז דער רונדוק. אמת, ס׳איז טונקל, שוין אַפֿילו צו טונקל נאָכן באַלויכטענעם זאַל. אָבער איך זע נישט נוחן. לעבן רונדוק איז קיינער נישטאָ. ס׳איז עפּעס אומ־היימלעך. איך לאָז זיך גיין. אין גאַס וועל איך אים אָניאָגן, אָדער ער — מיך. מאָטל האַרצמאַן וואַרפֿט אַוועק די מיידלעך, כאַפּט מיך אָן פֿאַר דער האַנט.

— איר האָט נישט געזען, ווו איז נוח.

— ניין, ער איז עפּעס ביי מיר אַזוי ווי פֿון אונטער די הענט אויסגערונען...

— יאָ, — זאָגט מאָטל, — מיר האָבן שוין גוט אָפּגעגלאָנצט!...

ס׳איז עפּעס קאַלעמוטנע אויפֿן האַרצן, נאָר איך ווייס נאָך נישט אַקוראַט פֿון וואָס ער רעדט. מיר קומען אין דער אַכסניה. דער באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע

(אַן אַלט יידיש פאָרפאָלק) טוט צו אונדז עפּעס אַ שטילן ווונק. מיר זעען: ביי אונדז פונעם שמאָלן חדרל, גייט אַרויס אַ פּאָרל, מען אַנטשולדיקט זיך פאַר אונדז, מע טראָגט אַוועק מיט זיך נוחס רענצל. מאָטל איז דערהרגעט, איך בין דערשלאָגן. מאָטל האָט אַ טראַגיש־קאָמישע טענה צו גאָט: ס'טייטש, צוריק מיט אַ וואָך האָט ער, מאָטל, געהאַט אַ פאָרלעזונג אין דער יידישער ביבליאָטעק און נוח איז געווען פון די, וואָס האָבן זיך אַמוואַרעמסטן אַרויסגעזאָגט וועגן זיינע לידער... (איז ווייטער שלעכט?).

— נו, טאָ איז וואָס?...

— איך בעט אייך, הערט אויף זיך צו „מאַכן", ער האָט דאָך מיך אַוועקגע־קוילעט...

— און איר זייט שוין אַזוי זיכער, אַז נוח האָט אויף זיך עפּעס, אויסער אַ חשד?!

— אַ חשד, נישט קיין חשד, איר וועט שוין זען, וואָס מירן דערפון האָבן!...

אָ... נאָך דער יום־טובדיקייט פונעם ליטעראַרישן אָוונט אין אַ פיין אוקראַיניש שטעטל, איז עס טאַקע צו אַ גוטער פאַרבייסן!

אין דער פרי. אונדזערע באַלעבאַטים פונעם יידישן דאָרפסראַט רופן אונדז נישט פרישטיקן. זיי דערמאָנען נישט פון די וויטערדיקע צוויי אָוונטן, וואָס מיר דאַרפן דורכפירן, רעדן נישט פון קיין הוצאות אויף צוריק וועגס. אַ שטומעניש, אַ טויבקייט אַרום, אויף אונדזערע שונאימס קעפּ!...

מאָטל קאָכט זיך, עסט זיך אָפּ דאָס האַרץ:

— קומט, מירן גיין צו די באַלעבאַטים אַליין (ד"ה אינעם ראַיאָנעם פאַרטיי־קאָמיטעט).

— קומט, לאָמיר גיין. — מיר איז נישט שיין פאַר מאָטלען, וואָס איך בין נישט קיין רעדנער, נישט קיין טוער. לאָמיר זיך כאָטש נאָכשלעפּן, אויב ער רופט זיך אויס עפּעס טאָן.

מיר זענען אין פאַרטיי־קאָמיטעט. די געביידע געפינט זיך אין אַ שיינעם גרינ־באַוואַקסענעם הויף. איך פיל די חשיבות פון דעם פּלאַץ און פון די מענטשן, צו וועמען מיר גייען. מען האָט אונדז גלייך אויפגענומען. זייער גוט און צו דער זאַך גערעדט:

— אַן אַבסורד!... — זאָגט דער ערשטער סעקרעטאַר. — וואָס? אפשר אונטער־רייסן די וואַלן? ווער נעמט זיך דאָס רעכט אייך אַרויסווייזן אומצוטרוי?...

ער האָט גלייך אָנגעקלונגען, אָנגעשריגן אויף וועמען מען דאַרף, געווונטשן אונדז דערפאָלג, און מיר זענען אַוועק דערמונטערט. מאָטל איז טאַקע גערעכט, נישט קיין פאַרשלאָפענער בחור. ווען ס'זאָל קומען אויף מיר, וואָלט מאָך אויף מיר געוואַקסן.

אין אַכסניה איז געקומען צו אונדז דער נעכטיקער יונגערמאַן פון יידישן

דאַרפֿראַט. ער רעדט שוין מיט אונדז, כאָטש מען פֿילט, אַז ער איז נאָך אַלץ דער־שראָקן (מען וואָלט געקענט מיינען, אַז מיר זענען נישט דערשראָקן). ער לאַדט אונדז איין פֿרישטיקן, גיט אונדז הוצאות אויף צוריקוועגס. קיין צווייטן אָוונט וועלן מיר נישט האָבן, פּונקט ווי מיר וואָלטן אים וועלן האָבן... מיר ווילן שוין גאָר נישט. מיר וועלן נאָר האָבן אַ קינדער־מאָרגן אין שול אַרום צוויי ביי טאָג. אין אָוונט, אויב מיר זענען גרייט פֿאָרן, וועט קומען נאָך אונדז אַ פֿור און אונדז נעמען צו דער באַן. דער נעכטיקער עלטערער שוסטער פֿון פּרעזידיום האָט זיך אויף אונדז זעדוואָרט און ער פֿרעגט אונדז אָפּהענטיק:

— וואָס זשע טוט זיך עס דאָ אַזעלכעס ?... — אין זיין בליק איז דאָ אי טרויער, אי מיטגעפֿיל. נאָר גיי זיי אַזוי קלוג און וויס, וואָס צו ענטפֿערן. מיר האָבן אים איינגעלאַדן, אויב ער וועט האָבן צייט, זאָל ער קומען אין דער יידישער מיטלשול אויפֿן קינדער־מאָרגן.

אין שול איז טומלדיק, ווי געוויינלעך. האַלב הערן מיר, האַלב איז דער קאָפּ ביי אונדז ערגעץ אַנדערש. דער פֿאַרוואַלטער שיקט אַ ייִנגעלע ער זאָל קויפֿן סיטראָ אונדז מכבד צו זיין. דאָס ייִנגעלע איז פֿלינק און רירעוודיק, נאָר ער כאַפּט דערוויייל אַ פֿרייע רגע און טוט אונדז אין דער גיך אַ פֿרעג:

— און ווו איז דער דריטער ?...

ער דאַרף נויטיק מיר זאָלן אים אויסמאָלן מיט אַלע פּישטשעווקעס „ווו איז איצט דער דריטער אונדזערער" ? אפֿשר איז ער געווען נישט קיין „דריטער", אפֿשר איז ער געווען אַן „ערשטער" ? ? ?...

אַזוי גליטשט מען זיך אַ מאָל אויס אויף אַ גלייכן וועג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער היים האָט מען אונדז באַגעגנט אומרויִק און דערשראָקן. איך פֿאַרשפּאַר זיי דערציילן : ביילקעס חברטע איז געקומען און דערציילט ביילקען בסוד סודות, אַז ביי נוחן איז מען געווען ביי נאַכט (מיר זענען דאָך געווען אַוועקגעפֿאָרן ערשט נאָך האַלבער נאַכט)... האָט מען שוין אים נישט געטראָפֿן. איז מען נישט אַוועק פֿון דאָרטן (קיינעם נישט אַריינגעלאָזן, קיינעם נישט אַרויסגעלאָזן) ביז מע האָט טעלעפֿאָניש זיך צונויפֿגערעדט מיט זוועניגאָראָדקע און ביז מע האָט זיך נישט דערוווּסט, אַז אַלץ איז אין דער געהעריקער מאָס אָפּגעטאָן. נו, און נוחן — ווייסט מען שוין... אָבער מיין הויזגעזונד און מאָטלס וויב קוקן זיך אויס די אויגן. מען גייט אַרום דערשראָקענע און מע סודעט זיך, מע איז פֿאַרזיכטיק, מע זאָל זיך נישט אויסרעדן פֿאַר קיין זייטיקן ביי אונדז אין הויף, כאָטש די „זייטיקע" ווייסן שוין אַלץ פֿון פֿריִער און דערציילן שוין דיר ; וואָס זאָלן מיר דערציילן נוחס וויב, אַז זי האָט זיך דאָ פֿאַרן מעת־לעת אָנגעקוקט אַ ביסל מער ווי מיר...

## גדליה

מײַן מיטלסטער שוועסטערס מאַן גדליה האָט זיך אויפגעצויגן אין יתומשאַפט. אין דער קינדהייט און אין דער יונגשאַפט האָבן אים אַוודאי אויסגעפעלט דער מאַמעס האַנט, דעם טאַטנס בליק. נישט קיין הויכער, אַ געזעצטער, שוואַרצע, בולטע אויגן, ברייטע געדיכטע ברעמען, אַ מויל ווייסע ציין, די ליפּן עטוואָס פליישיקע. אַ גוטע נאַטור, אַן אָרנטלעכע נשמה. מיט ברכהלען זענען זיי אַ גוטע פּאָר. זיי האָבן שוין אַ זון מיט אַ טאָכטער. די טאָכטער — זיבן־אַכט יאָר. דער זון — אַ יאָר צוויי, אַ קאַדובל־גראָב און קורץ. אַז ער טוט אַ זאָג „כליבאַ" (ברויט) מוז מען אים געבן. ער וועט עסן. ס'איז אומר ועושה...

גדליה האָט געדינט עטלעכע יאָר אין פּלאָט אין קראַנשטאַט. ברכהלע איז צו אים געווען געפאָרן און אפילו אַ צייט דאָרטן געוווינט. איצט וווינען זיי און אַרבעטן אין דאַרניצע (אַ פאָרשטאָט פון קיִעוו), אויף דער זיידפאַבריק האַלט מען פון אים. די אַרבעטער פילן אין אים אַן אייגענעם מענטשן. אָפט ווײַלט מען אים אויס אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס מיט צוטרוי און ליבשאַפט.

אַז גדליה נעמט בײַ מיר אַ בוך, ברענגט ער אים אָפּ צו דער צײַט. אַזוי האָט ער פאַמעלעכן איבערגעלייענט גאַנץ שלום־עליכמען. אין דער היים, ווען ער האָט צײַט, וויגט ער צו דאָס קינד, טראָגט אַרײַן אַ בערעמאָק האָלץ. אין דער היים איז ער נישט קיין שני למלך, ווי אויף דער פאַבריק. אין דער היים איז ער אַ פּראָסט און פשוטער טאַטע, אַ מאַן, אַ חבר און אַ הילף.

ווען מען האָט מיך, נישט היינט געדאַכט, אַרויסגעדאָסלט פון שרייבער־פאַראיין איז בײַ זיי זייער ביילעלע פאַרשלאָפט געוואָרן מיט סקאַרלאַטינע. מע האָט זי צוגענומען אין שפּיטאָל. ברכהלע איז געווען לעבן איר, און גדליה פלעג צוויי מאָל אין וואָך פאַר נאַכט נאָך דער אַרבעט גיין אַהין געוואָר ווערן וואָס איז מיטן קינד. די היים איז שוין נישט קיין היים ווי מען דאַרף, נאָר אַ ברירה האָט מען ?... דערצייל איך עס אַנטקעגן דעם, וואָס דעם 5טן פעווראַל איז געווען לייבעלעס געבורטסטאָג. מיר געדענקען. מיר שאַפן פאַר קינדס וועגן עפּעס יום־טובדיקס, אָבער אויפן האַרצן איז געגנוג אָנגעזאָלעט. דער יום־טוב פאַרדינט טאָקע צו זיין אַ יום־טוב, נאָר די ראָם איז אַ טונקעלע, אין שטוב הענגט אַ כמאַרע.

תחילת אָוונט. אַ שטילער קלונג. מיר גייען צו דער טיר, גדליה שטייט. ער איז אַ ביסעלע אין אַ פאַרלעגענהייט: ער גייט פון שפּיטאָל מיט אָנשטעקנדיקע קראַנ־קייטן, בײַ אונדז זענען דאָך אויך קינדער, נאָר... ער טוט דאָרטן אָן אַ כאַלאַט.

עס האָט אונדז אַלעמען געריכט זיין געדענקען אין אונדז, אונדז נישט לאָזן עלנט אין אַ שווערער שעה. אין דער זעלבער צייט ווייסט ער נישט, ווי אַזוי וועלן מיר קוקן, וואָס ער גייט פון שפּיטאָל...



ברכהלע מיט איר מאַן גדליה שײנפעלד.

מיר האָבן געזאָגט, אַז דאָס קען אונדז נישט אָפּשרעקן. דעם מאַנטל זײַנעם וועלן מיר אויפהענגען אין וואַנע־צימער.

— איך וועל אַליין אויפהענגען, — זאָגט ער מיר. ער האָט זיך אײַנגעוואָשן און דער טיש איז שוין בײַ אונדז געווען באַלעבטער און באַלויכטענער.

נישט געקוקט דערויף, וואָס גדליה מיט ברכהלען האָבן געקראָגן אין דאַרניצע אַ דירה פון צוויי צימערן מיט אַ באַלקאָנדל, מיט שטאָטישע באַקוועמלעכקייטן, האָבן זיי זיך לאַנג געעצהט וועגן זייער ווייטערדיקן לעבן. לויט דעם אַרבעטס־פּראָפיל וועט שוין זיי טאַקע אויסקומען לאַנג וווינען אין דאַרניצע. און אַזוי ווי ס׳וואַקסן אונטער קינדער, ווילן זיי באַדאַי קריכן אין חובות, כאָטש די באַקוועמלעכ־קייטן וועלן זײַן ערגערע, דאָך וועלן זיי זיך שטעלן בויען אַן אייגן דירהלע. דער דאָרפּראָט טיילט אויס פּאָר אינדיווידועלע בויונגען קליינע נחלהס ערד, דער באַנק גיט אין קרעדיט ביז צען טויזנט רובל. קאָסטן וועט געהילץ, ציגל, בלעך מיטן דאַך, מיט טירן און פֿענצטער, מיטן דיל און דער סטעליע, מיטן אויוון — אַלץ מיט אַן אַנדער (מע וועט נאָך אַליין נישט קאַרגן קיין האָרעוואַניע) צוואַנציק, פֿינעף און צוואַנציק טויזנט רובל. ס׳וועט אָבער זײַן אַ שטיקעלע אייגנס.

און דאָס גוטע, ליכטיקע, שטאָטיש־אויסגעשטאָטענע דירהלע מיטן באַלקאָן איבערלאָזן פאַר אַנדערע? איז דאָך עפּעס נישט קלאָר... אַדרבה, גיט מיר צו פאַר־שטיין דעם שׂכל: אי קיין גבירים זענען זיי נישט, אי פון אַ בעל־גוף איז ער ווייט. ער וועט די קינדער נישט דערציִען אין אַ בעל־גופישן אייגנטימערישן גייסט. און אַזאַ דירה, ווי ער האָט איצט געקראָגן, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, קען מען האָבן נאָר אין חלום...

אָבער אַן אַנצוהערעניש האָב איך פון דעסטוועגן יאָ געכאַפּט: אין 37סטן יאָר האָט מען אַריינגעזעצט זיינע צוויי ברידער, עלטערע פון אים, טאָקע די עלטסטע. ער האָט זיי ליב געהאַט און געהאַט פאַר זיי אָפּשיי. אויב מע זאָל נאָך געדענקען, אַז ער איז געוואַקסן אין יתומשאַפט, וועט קלאָר ווערן זיין באַציִונג צו די עלטערע ברידער. אים פּערזענלעך האָט זייער אַרעסט, על פּי נס, מיט גאָרנישט נישט פאַרטשעפּעט. זיין ריינע אָרנטלעכע נאַטור האָט נישט דערלאָזן ער זאָל עס אויסבאַ־האַלטן פון זיינע פּאַרטיי־אָרגאַנען. ווו מע האָט געדאַרפט, האָט ער וועגן דעם געמאָלדן...

וואָכן נאָך אַנאַנד איז ער ביי זיך געווען שטאַרק געפאַלן. מ׳איז שוין אויך אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט אַ וואָכן זעקס, ביז מע האָט אים געגעבן אַרבעט אין דאַרניצע. נישט איין נאַכט האָט ער זיך געקאַטשעט אויפן געלעגער און קיין שלאָף האָט זיך צו זיינע אויגן נישט גענומען. און כאָטש איצט האָט ער שוין אַרבעט, און מע האָט אים ליב, און די אַרבעטער אַכטן אים, און, ווי מיר זעען, האָט ער שוין אַזאַ דירה — אַ מלכות! און נאָר פאַר געטרייער האַרעוואַניע, אָבער... פון יודלען מיט גרשונען, זיינע ברידער, הערט מען נישט, ווי זיי וואַלגערן אין וואַסער אַריין, און דאָס זויגט אים ביים האַרצן זייער און זייער אָפּט. ער איז זיכער אין זייער אומ־באַפלעקטקייט, אין זייער אָרנטלעכקייט. אויב אָבער ס׳האָט זיך געקענט טרעפן מיט זיי, ווער קען גאַראַנטירן, אַז ס׳וועט נישט פּאַסירן נאָך מיט עמעצן? שווערע זעק מיט זאַמד אויף די פּלייצעס איז נאָך גרינגער צו טראָגן, ווי טיפע גרענעצלאָזע זאָרג מיט פּחד געמישט. אין קלייניקייט: נישט זיין זיכער מיט דעם, וואָס ס׳טראָגט מיט זיך דער מאָרגנדיקער טאָג...

דאָס ווייב מיט די קינדער זענען אים טייער. ס׳איז גאָר שווער אָפּצושאַצן ווער־מערער. דערפאַר האָט ער עקשנותדיק ביי זיך געפּועלט, אַז מע וועט שפּאָרן, מע וועט צוהאָרעווען, מע וועט זיך אַ ביסל פאַרלייען און זאָלן ווייב און קינדער האָבן אַן אייגן ווינקל. דער אופן פון בויען זיך ווערט אין לאַנד געשטיצט און אונטער־געהאַלטן. דאָס הייסט, אַז פאַר קיין פאַרוואורפן, שלעכטע נאָכרייד איז נישטאָ וואָס מורא האָבן. אינדיווידועלע בויונגען זענען אַ מאָסן־דערשיינונג. געוואויגן און גע־מאָסטן האָט ער זיך מער ווי געוויג און ביים ווייב מיט די קרובים האָט ער געפּועלט.

ווו אַ פרייע שעה האָט ער אַריינגעלייגט אין דער בויונג, ווען מיט אַ פאָר

גערונגענע אַרבעטער, ווען אַליין. איך קום אַ מאָל צו פֿאָרן, גיי איך צו אַ קוק טאָן, ווי אַזוי מײַן שוואָגערל פּאָרעט זיך מיט פּליים, מיט קענטשאַפּט. פֿון אײן באַזוך מײַנעם ביזן צווייטן זע איך וויפֿל קובאָמעטער ערד ער האָט באַוויזן אויסגראָבן און אַרויפֿטראָגן אויפֿן בוידעם. די לעזשניעס אויפֿן דיל זענען שוין גרייט אויפֿצונעמען אויף זיך נײַע ברעטער. צוועקעס זענען שוין דאָ. ברעטער האָבן מיר שוין אויך. נאָר היבלעווען און צוטרייבן. ער ווײַזט מיר, ווי אַזוי די שטוב וועט זײַן צעטיילט אויף חדרים. אָט דאָ וועט זײַן אַ קיך, דאָס וועט זײַן אַ וואַשצימער, און מיט דער צײַט וועט זיך דאָ צובויען אַ שטעלכל, דאָ אַ וועראַנדע... ס׳טוט מיר הנאה. איך שטעל אויך אונטער אַן אַקסל. און ער שמייכלט. ס׳שמייכלען בײַ אים די אויגן און דאָס גאַנצע פּנים מיט די ווײַסע ציין, וואָס זאָגט זייער אַ סך: — איך ווייס, ס׳קומט אָן שווער... נאָר נישט געזאָרגט, אַבי געזונט...

מײַן ייִנגסטע שוועסטער הינדעלע מיט איר מאַן מײַשקען און קינדער האָבן אויך געוווינט אין דאַרניצע. מיר פֿלעגן פֿאָרן צו זיי אַ מאָל אין אַ יום־טוב, אַ מאָל אין אַ זונטיק און אויך אין דער וואָכן, ווען ס׳איז עפּעס געווען אַן ענין.

מײַן מעשהלע „האָז־פּרעס־גראָז״,* וואָס האָט מיך אין שווערע צײַטן געגעבן מאָראַלישע אויסלייזונג און אין מאַטעריעלן זין גרינגער געמאַכט, האָב איך אָנגעשריבן אויך אַ דאַנק איינער פֿון מײַנע קליינע רייזעס קיין דאַרניצע. איך בין פֿאַרגאַנגען אין טראָגן און געבוירן בײַ דעם זעלבן אונטערוועגנס נאָך צוויי זאַכן — אַ קינדערזאַך און אַ דערציילונג פֿאַר דערוואַקסענע. די דערציילונג, וואָס האָט געוווּנקען צו מײַשקען, הירשקען און זייערס אַ שטובמיידל, וועל איך נאָך שפּעטער אָפּזוכן. ס׳איז געדרוקט אין אַ זשורנאַל. ס׳וואָלט געווען גוט עס אויפֿשטעלן לויטן זיכּרון, ווײַל חן פֿאַרמאָגט עס אין זיך.

מײַן דערציילונג „4 מיט 68״ האָט אויך אַ שטיקל שײַכות צו דאַרניצע. בײַ מיר איז שוין נישט פֿון ערשט אַזוי — ווו די קינדער אונדזערע וווינען, ווערט מיר דאָס אָרט אייגן. שפּעטער וועט באַיאַרקע זײַן מײַנע. איצט איז דאַרניצע מײַנע, ווײַל אונדזערע ייִנגסטע צוויי שוועסטערלעך מיט די מאַנען און קינדער וווינען דאָ.

## פֿרישע גערלע הרודעס לײַם

אונדזער באַלקאָן איז איין שטאָק מיטן באַלקאָן פֿון דער שכנישער דירה. איבערגעצוימט איז ער מיט אַ נידעריק אײַזערן פּלויטעלע. מיט דער צײַט האָט מען

---

* פֿאַר דעם מעשהלע איז איציק קיפּניס באַלוינט געוואָרן מיט דער ערשטער פּרעמיע פֿון אוקראַיִנישן בילדונגס־מיניסטעריום.

זיך צוגעווינט און עס איז נישט אָפּגעגאַנגען נישט אונדז, נישט די שכנים קוקן, וואָס עס טוט זיךביים צווייטן. אין דער שכנישער דירה האָט געוווינט דער היגער קאָרעספּאָנדענט פון „פּראַוודאַ״ וואַדים אַכרעמענקאָ מיטן ווייב און אַ מיידעלע פון אַ יאָר 15–16 — אַ שיינהייט: לאַנגע שוואַרצע ווײַעס, וואָס פאַרבויגן זיך אַרויף, שיינע אויגן, אַ שלאַנקס. מען האָט זי שיין געקליידט. זי האָט זיך נאָר שטאַרק פאַרהיקעט. דאָס האָט געשטערט אַ ביסל, נאָר מיט אונדז האָט זי כמעט קיין מאָל נישט גערעדט, און שוויגן איז אַ צירונג אַפילו פאַר אַ געזונטן מענטשן.

וואַדים איז אויך אַ נאָוועליסט און נישט קיין שלעכטער. ער איז אַ הויכער, איינפאַך געקליידט, קנאַכיקע הענט און אַקסל, אַזוי ווי דאָרפיש, נאָר איידל אין דער נאַטור און צו אַלע זאַכן ביז גאָר באַשיידן און שעמעוודיק. אַ מאָל, אַז ער פלעג טרעפן די טיר פון זיין דירה געשלאָסן, פלעג ער אָנקלאַפּן צו אונדז און שעמעוודיק פרעגן, צי מיר וועלן אים דערלויבן איבערגיין פון אונדזער באַלקאָן צו זיין אָפּענעם באַלקאָן. ער גייט אַוועק צו זיך, און מיר לאָזן שוין נישט דורך די געלעגנהייט אַ שמועס טאָן וועגן אים. מיר שמייכלען צו אים גערן. ער געפעלט אונדז אין אַלע פּרטים. איין זאַך נאָר (וואָס איז נישט קיין נייס ביי גאָט), עפּעס האָט ער אין דער זייט אַ ווייבל. דאָרטן איז שוין, דוכט זיך, דאָ אַ קינד, אַ מיידעלע פון אַ יאָר פינף. מעגלעך, אַז ער וועט איבערלאָזן די דירה דער איצטיקער פאַמיליע און אַליין וועט ער איבערגיין אַהין. די וועלט ווייסט, די וועלט רעדט. ס'איז דאָ נאָך עפּעס: אַ גאַנץ יונגע דיכטערין טאַניאַ דניעפּראָוואַ (שרייבט אין רוסיש) איז אין אים פאַרליבט. אַז מען וויל, זאָגט זי, אַז איר יאַטל, אַ יאָר 6 אַלט, איז נישט פון איר מאַן, נאָר פון וואַדימען... נו, נו, זיי פליִען זיך צו אים אָן ווי באַבעלעך צו אַ ברענענדיקן לאָמפּ. און ער איז, אָן לצנות, אַ גוטער אין דער נאַטור. ער קען זיי קיינעם גאָרנישט אָפּזאָגן. טאַניע האָט מיר באַוויזן אירס אַ ליד, נישט קיין שלעכטס, ווי ער גייט צום נישט-געליבטן ווייב אָפּפּטרן דעם אָונטברויט, וואָס קריכט אים נישט אין האַלדז אַריין.

שכנים, נישט אַלע מאָל קלערן זיי, וואָס מע רעדט וועגן זיי אַליין. אַבי זיי האָבן, וואָס צו דערציילן וועגן יענעם...

...האָט געטראָפן אומגלויבלעכס! יאָ, דאָס לעבן וואַרפט אַרויס שטיק — גלויב יאָ, גלויב נישט: אָבער דאָס אָפּגעטאָנענע איז שוין נישט צום איבערמאַכן.

די וואַנט, וואָס טיילט אָפּ אונדזער עסצימער פון זייערן, איז גאָר נישט אַזאַ גראָבע. אַז וועסט לעבן שטיל, וועט מען נישט איבעריק הערן. אַז עס רוקט זיך דער טיש, ס'פאָרן אַרום בענק — הערט מען. נאָך אַ מין הערן... פאַר טשיקאַוועס שטעלט מען נאָך אָן די אויערן.

אַרום פיר נאָך האַלבן טאָג איז עס געווען. דבורה זאָגט: — ס'האָט דאָרט עפּעס אַ זעץ געטאָן. וואָס קען עס זיין? — אין פינף מינוט אַרום האָט שוין געוווּסט דער

גאַנצער הויף, קיינער גלויבט נישט, נאָר מען ווייסט, אַז ס'איז שוין אַזוי: וואָדים האָט זיך דערשאָסן!...

וואָס עפּעס אין מיטן דרינען? מאַלע וואָס מען קען פרעגן!... זאָג בעסער, צי ווייסטו דאָ עפּעס קענען פאַרריכטן? אַ נאַר וואַרפט אַריין אַ שטיין אין גרוב, און קיין צען קלוגע קענען אים דערנאָך נישט אַרויסנעמען. און דער עיקר — אַן אָפּגעהאַקטער דונער, אַן אָפּגעהאַקטער בליץ, און ס'איז קיין כמאַרע נישט געווען... מאַקסים פאַדייעוויטש רילסקי איז ביי אים געזעסן, מען האָט גענומען אין קאַבינעט צו ביסלעך משקה. זיי שיידן זיך אונטער אינעם עלטער, נאָר מען האָט זיך פאַרהאַלטן גוט. פאַרן אַוועקגיין האָבן זיי נאָך איינער דעם אַנדערן געזאָגט, אַז אין אָוונט גייען זיי אין פאַראַיין אַריין. זיי וועלן, פאַרשטייט זיך, גיין צוזאַמען... ווער צו וועמען וועט אַריינגיין?... מען וועט שוין אַ קלונג טאָן דורכן טעלעפאָן... דערנאָך האָט וואָדים צעעפנט דאָס טישקעסטל, טאָמער האָט זיך ערגעץ פאַרוואַלגערט אַ ציגאַר, אים האָט זיך געוואָלט רויכערן, און די פינגער האָבן זיך פאַרטשעפּעט אין די קילע רעבערעס פונעם רעוואָלווער. נו?... ס'איז טאַקע משוגענערוויז בליץ־שנעל פאַרגע־קומען... אַזעלכעס, וואָס קיינער האָט נישט געדאַרפט און קיינעם וואָלט עס אויפן געדאַנק נישט געקומען.

מאַקסים פאַדייעוויטש איז נאָך אַפילו נישט אַראָפּ פון אַלע טרעפּ, ווען ס'האָט זיך דערהערט דער קנאַק. זיין פרוי, נאַטאַליאַ פּעטראָוונאַ, איז אַרויסגעלאָפן אויף די טרעפּ מיט אַ געשריי. מאַקסים האָט זיך אויפגעהויבן אויף די טרעפּ צוריק. די טיר האָט זיך שוין נישט פאַרמאַכט...

— „נאָפּאָוואָל"? (אויף טויט)!... וואָס עפּעס פּלוצעם?...

דבורהל זאָגט, אַז זי האָט געהערט דעם קנאַק. מיר דוכט זיך, איך וואָלט שוין אַפילו געמעגט שווערן, אַז איך האָב אויך עפּעס געהערט.

ס'איז געקומען אַ לאַסטמאַשין, אַ שוואַרצע (אינעווייניק) פון קוילן, מען האָט גיך אַרויפגעוואָרפן אויף איר שוין אַן אַנדער וואָדימען און גלייך אין דער אַנאַטאָמקע אַריין. נישט שיין, נישט גוט... שוין אַזוי גיך זיך מיאוסן? פון וועמען? פון אַזאַ פיינעם חברה־מאַן?...

ביז שפּעט אין אָוונט האָבן געבאַלעבאַטעוועט אין די ביכער־פּאַליצעס, אין די שופלאָדן, אין די פּאַפּירן צוויי פרעמדע שוויינגדיקע ברוגזלעכע יונגעלייט. עפּעס האָבן זיי דערויף צו שאַפן... איין רגע, און ס'האָט זיך אַלץ אַזוי ווי איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ.

מיר זענען געגאַנגען מיט דבורהלען צו דער לויה. מען האָט אים געפירט פון דעם אָקטיאַבער־שפּיטאָל. מיר האָבן דאָרט געטראָפן נישט ווינציק מענטשן. די מערסטע טייל באַקענטע פּנימער און געשטאַלטן, מיט וועמען דו האָסט קיין מאָל קיין וואָרט אויף קיין וואָרט נישט פאַרביטן, נאָר דו קענסט אים אַן „אָפּגעשוונדענעם".

און אַנדערע זענען פון דיין הויף, מיט וועלכע דו טרעפסט זיך יעדן טאָג צו עטלעכע מאָל.

דער הויף איז זומערדיק געראַם. אַנדערע שטייען אין רעדלעך. אַנדערע שפּאַצירן זיך לאַנגזאַם פאַרלעכוויז. דער אַרון שטייט אין הויף אָן אָפענער אויף אַ צוגעפּאַסטן געריימען טאַפּטשאַן. דער איז שוין נישט פריי. ער איז שוין באַוויינט. ער איז שוין, אַזוי צו זאָגן, פאַרנומען. דורך וועמען?... מע קען אַ קוק טאָן. דער צוגאַנג איז פריי.

פריי און נישט אין גאַנצן פריי. אין די ווינטלעך פון אָרון האָבן זיך איינגעקלאַמערט, ווי עמעצער וואָלט זיי וועלן פון דאָרט אָפּרייסן, אַ פּאָר פרויִשע הענט. די פרוי אַליין, צו וועמען די צוויי פאַרעקשנטע הענט געהערן, איז קלענער פון מיטעלן וווקס. נישט שטאַרק קיין יונגע. זי קוקט צו קיינעם נישט. זי הערט אויף זיך קיינעם נישט. צי קלערט זי נישט אַ מאָל, אַז אויב שוין יאָ אַזוי געענדיקט, איז טאָקע גלייכער, וואָס אין דער אַלטער שטוב, איידער ער איז אַריבערגעגאַנגען צו איר אויף אַ נייעם לעבן? ניין, דאָס איז איר אויפן געדאַנק נישט געקומען. זי איז אָן דעם אויך גענוג פריטשמעליעט. זי קען ביי זיך אַפילו נישט פועלן דאָס, וואָס ס'איז שוין פאַר אַלע אַרומיקע קלאָר, אַז ס'איז אַלץ אָפּגעהאַקט, נישט איבערצומאַכן. גאָט אַליין, ווען ער איז דאָ, וואָלט זיך אויך נישט אונטערגענומען עפּעס דאָ איבערצומאַכן. ס'קען זיין ס'אַרט זי אַפילו, וואָס קיינער באַלאַגערט זי נישט, קיינער קומט זי נישט אָפּצוטרייבן פון דאַנען, ווו זי האָט זיך אַזוי שטאַרק איינגעקלאַמערט.

טאַניע טיילט זיך אויס צווישן עולם. זי רויכערט איין ציגאַר נאָכן אַנדערן. דאָס נעזל איז צוגעשוואָלן און נאַס פון טרערן. די אויגן אויך אַזוי. זי שפּאַנט אַרום איבער דער מיט ציגל אויסגעפּלאַסטערטער סטעזשקע. זי קנעט שוין אין די פינגער אַ צוגעגרייטן פרישן ציגאַר, וואָס זי וועט צורויכערן ביי זיך אַליין פון דעם, וואָס וועט זיך שוין באַלד ענדיקן... זיך שעמען, פרוי טאַניע, ווילסטו נישט פאַר די באַקאַנטע, נישט פאַר דיין מוטער די אַלמנה, נישט פאַר דיין מאַן, דעם געזעצלעכן און אפשר פאַקטישן פאָטער פון דיין זון, און נישט פאַר אימסביידע ווייבער, וואָס איינע האָלט זיך איינגעקלאַמערט אינעם אָרון, און די צווייטע, די סאַמע געזעצלעכע, טאַקע די סאַמע אומגליקלעכע און פאַרשעמטע אויף ביידע וועלטן, וועט מן־הסתם באַלד קומען אַהער?!.. שעמען מעגסטו זיך אין דיין ווייטן האַלדז. ס'איז דאָך גאָר נישט אַזאַ הפקרע וועלט, ווי דיין פאַרשטאָפּטער מוח האָט ביי זיך געפּועלט...

פאַר וואָס זשע פאָרט מען נישט? אויף וואָס וואַרט מען? נו, מילא, מען ווייסט שוין... דאָרט, ביי די ווייבער, איז איין מלוכה. דאָ, ביי די, וואָס שאַפן זיך, וואָס פירן אָן און וואָס זאָגן דעות, איז אַ קעניגרייך פאַר זיך: מען האָט געבראַכט פון באַגרעבער־קאַנטאָר אַ קאַטאַפאַלק, געשפּאַנט מיט איין נעבעכדיקן פערדל, דאָס אָרעמסטע און קבצנישסטע, וואָס קען נאָר געבן. ווינאָגראַדאָוו, דער באַלעבאָס פון ליטפאָנד,

דורך וועמענס הענט עס ווערן אויסגעגעבן מיליאָנסקע סומען, שטייט צוגעגרייט צו אַלץ. ער איז טאַקע ווירט פון ליטפאָנד, נאָר סוף־כּל־סוף, באַדינט ער דאָך נאָר דעם שריפטשטעלער... אויף זיך האָט ער מורא געהאַט שטעלן: אַ לוויה פון אַ זעלבסטמערדער ?... אויב די שריפטשטעלער וועלן הייסן... מיט אַלע כּבודן... דאַן וועט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט נישט פאַלן אויף אים... מען האָט, פאַרשטייט זיך, געהייסן. מען האָט אַפילו אָנגעשריגן. און אין אַ האַלבער שעה אַרום איז געקומען דער קאַטאַפאַלק, אַ גרויסער, מיט גלעזערנע טאָפּליעס, מיט פיר פערד אין שפּיץ, מיט ווייסע רייכע פּאָפּאָנעס איבער זיי. לעבן די פערד — פיר באַדינער אין ספּעציעלע קאַפּעליושן, ספּעציעל געקליידט, יעדערער פירט זיין פערד פאַר דער זייט פון צוים. נו, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש... אין הויף האָט מען זיך לייכט אַ רודער געטאָן. איינע אַ „גבאיטע” איז צוגעגאַנגען צום פרעמדן ווייבל, וואָס וויל איר מת קיינעם נישט אָפּטרעטן, און זאָגט צו איר פאַר איטלעכן אין די אויגן: — זייט אַזוי גוט, חברטע, גייט אָפּ אויף אַ ווײַלענקע... די פרוי מיט דער טאָכטער ווילן צוגיין זיך געזעגענען...

— וווּ זשע זענען זיי די פרוי מיט דער טאָכטער ?... אָט־אָ גייען זיי...

נישט זיי גייען, נישט זיי שטייען, נישט זיי שוועבן... די ווירקלעכע אַלמנה איז געל ווי וואַקס. אַ שענערע נעמט מען פון קבר אַרויס! דאָס שיין טעכטערל מיט די לאַנגע כּישופדיקע וויִעס — נישט איבעריקס פאַרווייגט, נאָר ביז גאָר וואָכעדיק אָנגעטאָן, האַלט די מוטער אונטער דער האַנט. די מוטער גייט, ווי אין הינערפּלעט. זי זעט פאַר זיך נישט קיין דרויסן, נישט קיין לעבן, נישט קיין מענטשן.

דאָס פרעמדע ווייבל האָט לכתחילה אַ פאַרעקשנטן צוק געטאָן מיט די אַקסלען, איינער מיינט: „ראַסטאָפּטשו, ראַזאָרווו” (כ׳וועל צעטאָפּטשען, צערייסן) — „ניע פּאָדכאָדי!” (וואַגט נישט צוגיין), און פונקט מיט דער זעלבער האַסטיקער באַוועגונג האָט זי זיך געגעבן אַ ריס אָפּ פונעם אָרט, ווי זי וואָלט אים שיִער נישט אַוועקגעריסן מיט זיך. זי האָט זיך אַ קער געטאָן מיטן רוקן צום ווייבל און איז געבליבן שטיין צוויי טריט פון דאַנען, צווישן די ביימלעך, קענטיק מיטן באַשלוס אויף זיך אומקערן צוריק צו איר פריִערדיקן פּלאַץ, וואָס לויט איר מינע, איז עס געוואָרן איר פּלאַץ, וווּ זי וועט קענען שטיין פון אייביק ביז אייביק!!!

אָבער די וועלט פירט זיך דען אַזוי! בכּבודיקע פריינד וואַדימס, אַ מענטשן זעקס, זענען צוגעגאַנגען נעענטער צום אָרון. מע האָט עפּעס געזאָגט. דער פאַר־זאַמלטער עולם איז, קענטיק, מיט אַלץ מסכּים. קיינער האָט מיט גאָרנישט ניט דערווידערט. מען האָט גענומען דעם אָרון אויף די אַקסלען. טאַניע גייט נישט מיט אַלעמען. זי גייט ביי אַ זייט, דאָס נעזל איז נאָך מער אונטערגעשוואָלן. זי קוקט אויף קיינעם נישט, אָבער גיין גייט זי אין דער ריכטונג, וווהין אַלע גייען. מיר זענען אַרויס פון אַראָפּבאַרגיקן גרויסן שפּיטאָל־הויף. דער קאַטאַפאַלק האָט צוגענומען

דעם אָרון מיט דעם, וואָס אין אים. די פערד טאָפּטשען זיך אויף איין אָרט אַזוי לאַנג ביז די פיר קברים־לייט האָבן נישט גערירט פונעם אָרט. פיר שיינע שטאַלטנע ריינע פערד קענען נישט גיין אַזוי לאַנגזאַם, אַזוי פּאַמעלעך, נאָר אַז מע דאַרף — דאַרף מען...

פון וואַנען האָט זיך גענומען דער מעשענער אָרקעסטער? זע, ווי דער מעש בליאַסקעוועט! הער נאָר, ווי ס׳האָבן זיך אַ גאַס געטאָן טרויער־קלאַנגען! איך גלויב, אַז ס׳איז נישטאָ קיין איינער, ביי וועמען ס׳זאָל זיך עפּעס נישט אַ ריר טאָן אין האַרצן. זייטיקע דורכגייער שטעלן זיך אָפּ און קוקן...

ווי? דאָס פרעמדע ווייבל איז שוין עפּעס נישטאָ?...

ס׳איז קיינער נישטאָ, און אַלע זענען דאָ...

מיר גייען כּמעט אַלע צו פוס. איבערגעהאַקט דעם צענטער, הייבט אָן די גאָס אונדז פירן אַרויף אַ באַרג. דורך איר און דורך ווייטערדיקע זומער באַלויכטענע גאַסן וועלן מיר גיין אויף לוקיאַנאָווקע. מיר מיט דבורהלען האָבן שטיל איינגערוימט איינס דעם צווייטן, אַז מיר זענען הונגעריק. זענען מיר אויף קאַלינין־פּלאַץ אַריינגעגאַנגען אין אַ טייהויז, איבערגעכאַפּט גרינג, וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט. מיר האָבן מיטן טראַמוויי אָנגעיאָגט די לוויה און זיך פון ס׳ניי באַהעפט מיט איר.

לוויות פון יעדן מין זענען מיינסטנס געראָטן איינע אין דער צווייטער. די זונהעזעלעך, פון וואַנען האָבן זיי זיך אַהער גענומען, טוען אַ שווינדל ווו אויף אַ בוים, ווו אויף אַ מצבה. מיר זענען מיד, נאָר מיר האָבן נאָך בדעה אויף צוריק וועגס כאָטש אויף אַ מינוט צען אָפּקערעווען אויפן יידישן בית־עולם. מיט אים זענען מיר אויך אַ ביסל פריינד...

און דאָ טוט זיך אַלץ, ווי ס׳פאָדערט זיך. אָט הערן מיר, ווי מאַקסים פּאַדייעוויטש זאָגט עפּעס. ער האָט קיין סך נישט גערעדט, נאָר זיינס אַ וואָרט פאַרגעדענקט זיך...

— איך בין זיכער, — זאָגט ער, — אַז צווישן אַלע, וואָס זענען דאָ פאַראַן, וועט זיך נישט געפינען קיין איינער, וועמען וואַדים איז נישט געווען ליב. — אַזוי אמתדיק און אַזוי פּשוט זאָגט ער עס... איך טו אַ רעכן איבער אין געדאַנק און זע, אַז אַזוי איז עס טאַקע.

רעדעלעך ליים, פרישע געלע הרודעס, אַן אָפּגעהילכטער שלוכץ...

מיר זענען אַוועקגעגאַנגען די לעצטע און מיר האָבן געזען, ווי דאָס פרעמדע ווייבל איז צוגעפאַלן צום פייכטן פרישן קבר. איינער אַ יונגערמאַן, (זעט אויס פון יידישן אָפּשטאַם), עלטער פון איר אויף אַ יאָר צען, אפשר אַ פעטער אירער, אפשר אַ געשוועסטערקינד, האָט זיך באַוויזן עטלעכע שפּאַן פון איר. ער האָט געוואַרט אויף איר. אַ דאַנק אים, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין זיך די נויטיקע רויִקייט, וועלכע דערלויבט דעם מענטשן פאַרשטיין, אַז אַלץ אין דער וועלט האָט זיין ענד: זי וועט זיך וועלן זעגענען מיט דער פייכטער ערד נאָך אַ מינוט זעקס, אַ האַלבע

שעה — איז אַ האַלבע שעה. מיר פילן, אַז זי האָט גאָרנישט קעגן, אַז כאָטש אַ שאָטן פון אַ לעבעדיקן מענטשן זאָל איר נאָכגיין אויפן וועג אַהיים. ווי אַזוי רופט מען איר מיידעלע, ווייס איך נישט. דערווייל אין דער רגע איז דאָס מיידעלע אַפילו קיין טויזנט חלק נישט פאַריתומט פון דעם, וואָס די מוטער איז אַליין. דאָס עלטסטע מיידעלע זיינס — מייק שכנהלע מיט די שוואַרצע לאַנגע פאַרדרייטע וויִעס — איז אויך נישט אַזוי פאַריתומט, ווי איר מוטער, די געלע ווי וואַקס, און צעחלשטע ביזן לעצטן. און טאַניעס ייִנגעלע פאַרמאָגט אַ גענזעצלעכן טאַטן, אַ לעבעדיקן. וויפל זי וועט זיך נישט איינרעדן, און דעם זון, און אַלע איבעריקע, אַז זיין אמתער טאַטע איז שוין אין פרישן פייכטן קבר, וועט עס איר דען העלפן ?... נישט איין מאָל טרעפט, אַז איינער זאָגט דיר אַפילו אַן אמת, נאָר גיי זיי אַ בריה און גלייב, ווען ס׳גלייבט זיך נישט... בפרט, ווען דאָ איז דער אמת איבערגעפלאָכטן און צעקאַרבט מיט אַ סך אָדערן, וואָס רופן אַרויס צווייפל.

## פּליטים

מיר זענען (דאָס הייסט אונדזער מלוכה איז) מיט היטלערן גוט. ס׳קערט צו דער גאַל פון אַזאַ גוטסקייט, נאָר אַ האָפענונג איז דאָך דערביי פאַראַן: ער וועט זיך ערגעץ ברעכן דעם קאַרק אין ענגלאַנד אָדער אין פראַנקרייך. ער וועט איינעמען די מפּלה און מירן זיך דערווייל אַרויסדרייען פון אַ בלוטבאָד. מיר גייען אַריין אין לעמבערג און אין ווילנע, קיין ביאַליסטאָק און קיין פינסק. מיר שיקן דעם דייטש פוטער — די בעסטע, עופות — די פרישסטע. פרעסט און ווערט דערוואָרגן פאַר־בינדעטע, „טייערינקע" און „ליבינקע"!... אונדזער מיניסטער פאָרט אַהין און איז פאָטאָגראַפירט מיט דער טומאה אַליין, מיט היטלערן, איינס לעבן צווייטן — די לעצטע גוטע ברידער! ריבענטראָפּ פאָרט אַהער, מען נעמט אים אויף פאַר אַ גרויסן גאַסט...

אָבער סיי ווי איז ביטער און פינצטער. בריוו רייסן זיך דורך פון „דאָרט". איינע אַ ווייבל שרייבט, ווי אַזוי זי גייט אויס מיט די גלידער — איר צוועלפיאָריק ייִנגל דאַרף מען מאָרגן סטעריליזירן (קאַסטרירן), אים „אַנטשעדיקן", די ייִדישע ראַסע זאָל זיך אָפּשטעלן. אַ מלאָש שלאָגט צו צום האַרצן. די פּאָגראָמען מאַכנאָס און פּעטליורעס, קאָזיר־זירקעס און דעניקינס זענען דאָך אויך געווען אַ „זיסער" ביסן, מע זאָל מער קיין מאָל פון דעם נישט הערן און נישט וויסן. אָבער דאָס פלייסן זיך פונעם איצטיקן, כאָטש מיר זענען ווייט און באַפרייט פון אים, רייסט ביים האַרצן, וואָרעם וועלכן פינגער מע זאָל נישט איינשניידן — טוט שרעקלעך וויי. דער האַמבורגער ייִד איז נישט מיינער אַן אָבר, דאָס קעלצער ווייבל איז נישט מיינע אַ לייבלעכע שוועסטער, אָבער בזיון, דערנידעריקונג, אַז ס׳איז נישט מעגלעך דאָס נעמען

אויפן געדאַנק, נישט מעגלעך פאַרן מויל עס צו ברענגען. גאָטעניו, אויב דו ביסט ערגעץ יאָ פאַראַנען, ווי אַזוי קוקסטו עס צו?! היטלער איז אויך דיינס אָ באַשעפעניש? און צווייפיסיקע באַשעפענישן ווען אים דאָך באַלד אָנהייבן פאַרגעטערן. ס׳מאַכן זיך רגעס, ווען אַלץ איז אַזוי מטושטש, צעבויטעט, אַז דו קענסט נישט משיג זיין, ווו איז די גרענעץ צווישן משוגעת און ריינעם געדאַנק אַפילו ביי דיר אַליין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳האָבן זיך אַריינגעוויזן צו אונדז פּליטים... ביי טאָג האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן, דורך די נעכט פלעגן זיי גיין. דאָס גאַנצע לעבן, דאָס גאַנצע זיין האָט זיך געהאַלטן אויף אַ האָר, און די האָר איז שוין אויך באַלד נישטאָ. און דאָך האָט מען זיך דערלאַנגט אַהער קיין ראַטנפאַרבאַנד. וואַנדאַ, באַמזע, טודאָר, אַשענדאָרף, פּערלע און אַליצקי מיטן ווייב. איך רוף אָן מענטשן פּוילישע און יידישע פון אונדזער פאַך — שריפטשטעלער, זשורנאַליסטן, אַקטיאָרן. ווי נאָר זיי האָבן זיך אָפּגעחיהט זענען זיי געוואָרן אונדזערע — איין משפּחה. מיר לייענען זייערע זאַכן, מיר באַקענען זיך מיט זיי. זייערע כּתבים דערזעען אין אונדזערע אויסגאַבן די ליכטיקע שיין. ס׳זענען דאָ אונטערשיידן אינעם לשון, אין דער אינטאָנאַציע, אינעם באַוויזענעם שטייגער, נאָר מע חברט זיך, מע איז באַפריינדט.

פּערלע, באַמזע, מיט נאָך אַ חבר זענען אַריין צו אונדז בסך־הכּל דעם ערשטן אָוונט פּסח. אוי, ס׳איז גוט! זיצט! פאַרברענגט אַ ביסל! איך דאַרף צוגיין אין יידישן קלוב אויף אַן אָוונט. דאָס, וואָס איך האָב אָפּגעקליבן צו פאָרלעזן, דאַרף אָפּנעמען אַ 20 מינוט, דער גאַנג אַהין און צוריק — 40 מינוט. וועל איך גיך קומען, מירן ברענגען אַ פלאַש וויין, מירן מאַכן אַ „פרעזשעניצע״ פון מצה מיט אייער און מירן זיך מאַכן פריילעך... אין אַזאַ אָוונט וויל אַ נאַש בראַט זייער מיט עפּעס זיך באַהעפטן צום שטעטל, מיט דער קינדהייט, מיט דער היים, און בפרט מיט מענטשן, וואָס קומען גאָר פון אַן אַנדער סביבה און פון אַן אַנדער שטייגער.

איך זע פּערלע דרייט זיך אַרום פאַרטראַכט. ער נעמט אַרויס פון פּאָליצע אַ ספר, צעעפנט אים, קוקט, אָבער פרעגט אים צי האָט ער געכאַפּט, וואָס דאָס איז פאַר אַ בוך, וואָס שרייבט זיך דאָרט אויפן צעעפנטן בלאַט, וועט ער נישט וויסן וואָס צו ענטפערן. זיינע געדאַנקען זענען איצט ווייט פון דאַנען... זיין פרוי, אַ זעלטענע שיינהייט, האָט זיך גענומען דאָס לעבן נאָך פאַר היטלערן, פאַר אַלע געשעענישן. די סיבה איז נישט איטלעכן באַוווּסט. ס׳איז אָבער קלאָר, אַז דער ווייטיק זיינער איז איינגעטונקען אין בושה. ער איז נישט מחויב קיינעם אָפּצוגעבן דין וחשבון, נאָר אַלעמענס אויגן פרעגן ביי אים. זיין זון איז ערגעץ אַנדערש ווו מגלגל געוואָרן, ער איז געווען אין דער פּוילישער אַרמיי. צי לעבט ער כאָטש? און איצט איז ער צווישן פרעמדע מענטשן, דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אין אַ שטאָט מיט זייער

אַ גוט באַקענטן נאָמען. ווער פון די ייִדישע שרייבער האָט נישט געהערט וועגן קיִעוו? און ס׳פאַרגייט פסח...

אין אַ שעה אַרום בין איך שוין אין איילעניש געווען אין דער היים. געבראַכט צוויי פלעשער ווייַן — מעג דאָס געלט זיין געליגנס, אָבער פאַר אַזעלכע געסט!

איך בין געווען איבערצייגט, אַז כ׳וועל זיי טרעפן. כ׳האָב שוין געפילט די היימישע וואַרעמקייט פון צימער, און ביי מיר איז שוין געווען גרייט אויפן צונג „אַ־אַ, איצט וועלן מיר אַזוי שיין און אַזוי ברייט״... אָבער ווי גרויס איז געווען מיין אַנטוישונג, וואָס אַפילו די שיין אין קאַבינעט, וווּ איך האָב איבערגעלאָזן די געסט, איז געווען אויסגעלאָשן. ס׳איז געווען שטיל. דבורה איז געזעסן אין דריטן צימער אויך אין שטילקייט און זי האָט מיר דערציילט, אַז אונדזערע געסט האָבן זיך לאַנג נישט פאַרהאַלטן. זי האָט זיי דווקא געבעטן צוואַרטן, נאָר זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן נאָך ערגעץ פאַרגיין.

אייזיקל טייערער, האָט דיר, הייסט עס, נישט אָפּגעגאָלטן. האָסט געהאָפּט דערפילן דעם טעם, וואָס אברהם אבינו האָט אַ מאָל געפילט ביים אויפנעמען אורחים בכבודיקע, געגאַרטע. דו ביסט נישט אַזוי פאַרמעגלעך, ווי אברהם איז געווען בשעתו, נאָר דאָס קאָפּעלע וואָלט געסטייעט, ווייל די אורחים זענען אַנגעלייגטע. איצט זענען זיי אָן אַ היים, און ס׳פעלט זיי דאָס ביסעלע וואַרעמקייט, וואָס דו האָסט פאַר זיי און ווילסט זיי מקרב זיין מיטן גאַנצן האַרצן.

ניט באַשערט געווען, אַז דער פסחדיקער צוזאַמענטרעף צווישן אַ סאָוועטישן און פוילישע ייִדישע שריפטשטעלער זאָל צושטאַנד קומען. אַ שאָד!

## בין מנחה למעריב

... — קיין לוואָוו וואָלט איר געפאָרן?

וואָס פאַר אַ מחותּן בין איך מיט לעמבערג? צו וואָס דאַרף איך אַהין פאָרן?

די ייִדישע שרייבער־אָרגאַניזאַציע האָט מיך אַהין אַרויסגעריכט צוזאַמען מיט אברהם וועלעדניצקי — אַ דיכטער און ליטעראַטור־פאָרשער — און מיט פּעטיען (פּסח אַלטמאַן) — אַ טוער פון קאַבינעט פאַר ייִדישער קולטור. דאַרף מען, הייסט עס, פאָרן קיין לוואָוו.

— אָט האָט איר אַ קאָמאַנדירונג, אָט האָט איר רייזע־הוצאות און פאָרט. (אַ טייל פון דעם געלט וועל איך, פאַרשטייט זיך, לאָזן אין דער היים. אַזוי פירט זיך עס ביי מיין גרויס־גבירעשאַפט).

איך געדענק נישט נאָך וואָס נעמלעך האָט מען אונדז געשיקט אַהין. ווען מערב־אוקראַיִנע האָט זיך „פאַראייניקט״ מיט אונדז. איך געדענק אָבער, אַז איך האָב דאָרטן געזען אַלטער קאַציזנע, אַשענדאָרפן און באַמזען. מיינע צוויי חברים

קאָמאַנדירטע זענען נאָך ערגעץ ווייטער געפאָרן. איך האָב זיך באַנוגנט מיט לוואָוו אַליין. אַ שיינע שטאָט, שיינע דירות. איך בין איינגעשטאַנען אין אַ פּריוואַטער שטוב. מיר זענען געפעלן געווען די גלעזערנע הענטלעך ביי די טירן, די קאַפּעלנע ווענט אין וואַנע־צימער. מיר איז אויך געפעלן דאָס שטובמיידל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַניענקע און אויך די באַלעבאָסטע, אַ יאָדערדיק ווייבל, וואָס איז געווען גוט צו מיר און האָט גערעדט מיט מיר יידיש.

אַ באַקענטער זייערער, וואָס איז אַריינגעקומען צום באַלעבאָס הערן ראַדיאָ, אויסרייכערן אַ ציגאַר און אויסרעדן אַ וואָרט, האָט מיך באַטראַכט פון אַלע זייטן און איינגערוימט דעם באַלעבאָס:

— זאָגט איך, וואָס איר ווילט, דיזער הער (דאָס מיינט ער מיך) כאַפּט אַן אָנבליק פון אַן אמתן ווינער יידן... ביי זיי, זעט אויס, אַז אַ ווינער ייד איז די נאָבלקייט און די סאָלידקייט אַליין. איך בין אין ווין קיין מאָל נישט געווען. ווי אַזוי ס׳זעען אויס ווינער יידן — האָב איך קיין פאָרשטעלונג נישט.

אין לוואָוו האָב איך געהאַט אַ פאָרלעזונג, בין געווען אין שרייבערהויז. זונטיק בין איך געגאַנגען מיט דער באַלעבאָסטע אויפן מאַרק עפּעס איינקויפן פאַר מיינע היימישע. דאָ האָב איך געזען בונטע סחורות, קרישטאָלענע וואַזעס, אַנדערע גוטסע־רייען, וואָס נאָר אַ מויל קען אויסרעדן, צעלייגטע אויף דער ערד אָדער אויף טעפּיכער. די אומגאַנגשפּראַך — פּויליש. די פּאַניעס און די פּאַניענקעס זענען עפּעס נישט אויסגעשלאָפן. דער טייל, וואָס פאַרקויפט אויס די זאַכן, האַלט זיך אַזוי, ווי מען וואָלט שוין געווען מיט איין פוס אין וועג...

אין קעשענע איז ביי מיר געווען גאַנץ פּוסט, נאָר פאָרן אַהיים מיט ליידיקן ווילט זיך נישט. האָב איך געקויפט דבורהן אַ געאַרבעטן שאַל, אַ וואָלענעם, אין ווייכע שיינע קאָלירן, און אַ פּאָר שיך, וואָס נישט איז — די קינדער, וואָס ס׳נישט איז — די שוועסטער. כ׳וועל נאָך קויפן עטלעכע קילאָ שפּעק אַהיים, וועל איך דעם ברודער מיט זיין געזינד אויך איינטיילן אַ חלק. בין איך שוין כמעט גרייט צוריק אין וועג אַריין.

וואָס איז אַן „אָגאָנעק”, ווייסט איר?

אַן „אָגאָנעק” הייסט זיך שטעלן גאַנץ פרי, כמעט פאַר טאָג, ווען ס׳איז נאָך שטאַרק פינצטער אין דרויסן, אין דער ריי. פיל זאַכן זענען דאָ זייער צוטריטלעך, אַפילו ביליק, לויט אונדזערע פּרייזן. אָבער נאָך אייניקע שפּייז און לעבנס־מיטלען שטעלט מען זיך פון פאַר טאָג אין אַן „אָגאָנעק”. דאָס לעבן איז דאָ ווי אין אַ פיבער: אַ טייל איז פריילעך און מונטער, פילט עפּעס אַן אויפלעבונג, אַן איינגענעמען באַ־וייונגס־גערודער. און אַ טייל איז פאַרלאָרן און צעפּוזשעט, מען גייט נאָך פּאַפּירלעך — דערלויבענישן אויף איבערפאָרן צום דייטש.

איך בין אַריינגעגאַנגען צו מנחה־מעריב אין אַ שול אַריין. גרויס, געראַמיק, געניג

לופט. דאָ איז עפּעס אַן אַנדער סאָרט ייִדן. אייניקע גאַנץ שיינע, נאָך יונגע און שטאַלטנע, גייען אין ווייסע זאָקן ביז די קני, גרינגע שיך, די פּיאות, ווי לאַנגע פּייפּעלעך, אויסגעקרויזט — אַ חן צו קוקן. בערד — אי יונגע, אי אַלטע. ס׳איז אַ וואָכעדיקער אָונט. מיך דערזען, וויל מען ביי מיר עפּעס דערגיין אַ טאָלק וועגן אייניקע „פּאַראַנדקעס״. אַרום מיר האָט זיך אַרומגעשטעלט אַ רעדל. איינער טענהט צו מיר, ווי איר וואָלט געווען דער הויפּט־צד: „נו, גוט, אַוודאי זענען מיר גליקלעך. מירן זיך ראַטעווען פונעם דייטש...״

— יאָ, ריכטיק, מיר האָבן זיך שוין געראַטעוועט — האַלטן אים אונטער עטלעכע שטימען.

— אַוודאי זיך שוין געראַטעוועט. נאָר זאָגט אונדז, אַדרבא, אָט האָב איך אַ גרויסע בייטלמיל, איך גיב זי אַוועק דער מלוכה, איך גיי אַוועק לעבן פון געהאַלט, אָבער בלייבן אַ דירעקטאָר אויף מיין אייגענער מיל, אַן אַן אויפזעער, אַ באַפעל־געבער, מעג איך, אָדער נישט?... און דעם געהאַלט וועל איך נעמען דאָס, וואָס מען וועט פאַר מיר איינשטעלן?...

איך פיל, אַז ס׳ברעכט זיך אַ וועלט, אַ לעבנס־שטייגער, נאָר קיין רעכטע שטעלונג האָב איך נישט וועגן דעם. איך ווינטש זיי אין האַרצן ס׳זאָל ביי זיי צוגיין אַלץ בשלום. איך פרעג, וועלכע שולן זענען נאָך דאָ פאַראַן.

— איר האָט נאָך נישט געזען די „גאָלדענע רויז״? — וווּנדערן זיך מיינע גלויבנס־גענאָסן. און איך דערוויס מיך, אַז דאָ איז פאַראַן אַ שול, וואָס האָט אַן אַלטע שיינע געשיכטע: צוריק מיט דריי הונדערט יאָר איז די טאָכטער פון איינעם אַ ייִדישן גביר אין אַ עת־צרה פאַר ייִדן, נישט היינט געדאַכט, געגאַנגען אַריינפאַלן צום שׂררה אין די הענט אַריין. זי איז געוואָרן אַ קרבן, נאָר זי האָט מיט איר לעבן אָפּגעראַטעוועט אַן עדה מיט ייִדן. האָט מען פאַר איר נשמה־וועגן אויסגעבויט אַ גערוימע שול און מע האָט איר אַ נאָמען געגעבן — דאָס מיידל, די צדקת, האָט געהייסן רויזע — האָט מען די שול אָנגערופן „די גאָלדענע רויז״. און אַזוי הייסט זי ביז צום היינטיקן טאָג.

אַז דער עולם האָט זיך געשטעלט מעריב דאַווענען, בין איך שטיל אַרויס פון שול. איך בין אַ גאַנצן וועג געגאַנגען איבער די נישט־באַקענטע גאַסן פאַרזונקען אין מחשבות. אַ פינצטערער תהום איבער מיר, אַ טיפער און אַ ברייטער. דאָרטן לייכטן זיך שטערנדלעך. פון איינעם צום צווייטן איז ווייט. און אין מיטן לייכט זיך שוין קרוב דריי הונדערט יאָר אין אַ ייִדישער שטאָט אַ ייִדישע שול מיט אַ דאַך, מיט טירן, מיט פענצטער, ספר־תורות און אַן אָרון־קודש, און אַ בעלעמער מיט געקאַלכטע און געמאָלטע ווענט... וויפל דורות האָט די דאָזיקע שול איבערגעלעבט? וויפל שווערע צייטן? און זי שטייט נאָך, און זי באַקרוינט נאָך אַלץ די יונגע צדקת רויזען מיטן ליכטיקן נאָמען „די גאָלדענע רויז״.

## דער מאַמעס טויט

די מאַמע איז אין 39סטן יאָר שלאַף געוואָרן, געלעגן אין בעט עטלעכע חדשים און אַוועק צו אירע פּאַטערס און עלטער־פּאַטערס.

די עלטסטע פון די שוועסטער, פריידקע, זאָל זיין געזונט, האָט טיפער און ווייטיקדיקער פון אונדז אַלע און מיט מער איבערגעגעבנקייט איבערגעלעבט דער מאַמעס שטאַרבן.

זי האָט זיך אָפּגעבעטן פון דער אַרבעט, אָפּגעבעטן ביים ביז קרענקלעכקייט ווידערזיכטיקן מאַן און איז אַוועקגעפאָרן אין שטעטל צו דער שלאָפער מאַמע אין דער אַלטער היים. זי האָט צו מיר שפּעטער געשריבן וועגן דעם: „די שטוב איז געווען זייער פאַריתומט, פינצטער, קויטיק, מיסט ביזן האַלדז. איך האָב זיך נישט אָפּגערוט פון דער פור, כ׳האָב פאַרקאַטשעט די אַרבל, גענומען דעם בעזעם, אויס־געקערט אַ סך בערגלעך מיסט, און איך האָב עס אַרויסגעטראָגן מיט דעם הילצערנעם מעסטל עטלעכע מאָל. דערנאָך האָב איך צעוואָשן די הענט, געמאַכט וואַרעם וואַסער, געהאָלפן דער מאַמע זיך אַרומוואַשן און זי איבערגעטאָן אין פרישן ריינעם וועש. איבערגעצויגן פריִער בעטוועש און... מיר האָבן אַלע פרייער אָפּגעאָטעמט. די מאַמע האָט מיט איר שמייכל מיר אויסגעזען ווי אַ מלכּה...".

איך בין געווען אין דער היים געציילטע טעג נאָך דער מאַמעס שטאַרבן. די שטעטללייט, אַלע נאָענט־באַקענטע, האָבן זיך באַצויגן צו מיר אי היימיש, אי מיט אַ שטיקל אָפּשיי. ביי מיר, ביי זייער בן־עיר, זענען דאָ געדרוקטע ביכלעך, און איך בין דאָך אַ זון פון מיינע עלטערן, וואָס ווינען אַלע יאָרן מיט זיי צוזאַמען, בין איך אַ חלק פון זיי, נאָר וואָס יאָרן פון ווינען אין שטאָט טיילן שוין אָפּ צו ביסלעך.

כ׳בין געקומען פרייטיק. דער טאַטע האָט מיך אויפגענומען שטיל און וויל. די שטוב איז געווען פאַראָבלט.

די מאַמע האָב איך געפילט אי לעם אויוון, אי לעם בעט, אי לעם שאַפקע מיט גלעזער און ספרים, און איר סידור, מחזור און טייטש־חומש זענען נאָך געווען גאַנץ, נאָר זי איז שוין געווען אין דאָלינע אונטערן באַרג.

צו דער מאַמע בין איך געגאַנגען ערשט זונטיק אַרום ניין אין דער פרי. דעם ייִדן, וואָס איז געגאַנגען מיט מיר, האָב איך געבעטן, ער זאָל צווואַרטן פון אונטן. מיר האָט זיך אַלץ אויסגעוויזן, אַז די מאַמע איז דאָ. זי איז פאַרשעמט, איך בין פאַרשעמט, נאָר זי פילט מיך, און אויב קיינער שטערט אונדז נישט, וועלן מיר זיך וועגן עפּעס דעררעדן, כאָטש קיין סכסוכים זענען צווישן אונדז נישט געווען. נאָר אפשר וועט איר אומעטיק געזיכט ביי מיר עפּעס בעטן וועגן די ייִנגערע קינדער (מיר זענען ביי איר אַלע געווען דאָס אויג פון קאָפּ), זי וועט אפשר מיר אַליין אונטערזאָגן וואָסער וועג איז גלייכער אין לעבן, און ביידע קינדער מיינע קען זי...

מיינע אינגעווײדן האָבן זיך צעוואַרעמט. טרערן זענען דאָ נאָענט לעם שלונג. די מאַמע... מיין מאַמע, מיין איינציקע פון אַלע אייביקייטן.

איך האָב זיך אָפּגעשיידט פון בערגל, בין אַוועק מיטן ייִדן — ער האַלט ביי זיך דעם שליסל פון בית־עולם. אויף דעם זעלבן באַקענטן בית־עולם האָב איך נאָך ווי זיך אָפּצווווענדן, נאָר איצט בעט דאָס האַרץ מען זאָל צו אים מער קיינעם נישט צולאָזן אויסער מיין איין און איינציקער מאַמע, וואָס איז שוין אין אַן אַנדער וועלט. אַלץ איז אַזוי פּראָסט, אַזוי קלאָר און דאָך, אוי, ווי נישט גרינג צום באַגרייפן...

## אין מאָסקווע

אין מאָסקווע בין איך נישט אַזוי אָפּט. איך בין דאָרטן גאָרנישט אָפּט.

אויב איך קום קיין מאָסקווע אין האַרבסט, דערפריי איך זיך: ביי אונדז איז נאָך נישט געווען קאַלט און דאָ טרעף איך אויפן פּעראָן די מילכיקערינס אַרומגע־בונדן אין וואַרעמע שאַלן און אונטער די נייע שיינע וואַליקלעך סקריפּעט דער פראָסט געשמאַק. איך אויסמאָלן, ווי מילכיקערינס אַפילו פון אַן אומבאַקאַנט אָרט זענען באַטעמט, פאַרשפּאַר איך. איר ווייסט עס אַליין. איך פיל מיין פריינדשאַפט און אויך זייער צוגעלאָזנקייט צו מיר נישט נאָר דאָ אויפן פּעראָן אונטערן באַגלאָזטן דאַך, נאָר אַפילו ביי זיי אין די דערפער, ביי זיי אין די היימען... אי מיך, אי זיי האָט די באַן ערשט געבראַכט קיין מאָסקווע. אי איך, אי זיי זענען שטאָלץ, מיר זענען ביי זיך עפּעס מער, ווי מיר זענען נאָר וואָס געווען מיט דעם, וואָס מיר אָטעמען מאָסקווער לופט, די לופט פון דער „בעלאָקאַמענאַיאַ סאָראָק סאָראָקאָוויך"...

כּמעט ווי איך ווייס, וווהין כ'וועל פאַרפאָרן. איך ווייס אַ פּריִער, אַז מיינע באַלעבאַטים וועלן מיך אויפנעמען וווויל. אָבער ניי איז עס פאַר מיר אַלע מאָל. פון אַלערליי געהיימע יצר־הרעלעך מיינע ווייסט איר שוין פון לאַנג. נאָר מעגלעך, אַז איינע אַ שטענדיקע און שטאַרקע גלוסטונג מיינע איז אייך נאָך נישט באַוווסט: לעם וואָקזאַל, פון דער אינעווייניקסטער זייט, ווען איך האָב נאָך נישט איבערגע־טראָטן איבער זיינע שוועלן קיין מאָסקווע, וווהין איך בין ערשט געקומען, קוק איך שוין בגנבה, טו אַ כאַפּ אַ מעסט — ווו שטייט ער ערגעץ דער פאַראָוואָז (לאָקאָ־מאָטיוו), ווו רוען זיי ערגעץ די רעדער זיינע, וואָס וועלן מיך אין גיכן, אם ירצה השם, פירן צוריק אַהיים קיין קיִעוו?... אַלע באַנען זענען גוט, נאָר די באַן, וואָס פירט מענטשן אַהיים, איז די בעסטע פון די בעסטע!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ מאָל שטיי איך ביי די טייטשס. ווילע מענטשן. אי די אַלטע, אי די קינדער. אַ מאָל שטיי איך ביי בליומעס שוועסטער. זעלטענע מענטשן. ביי זיי קען מען

זיך באמת פילן ווי אין דער היים. אַ מאָל שטיי איך פון אַלע גליקן אײַן אין אַ ביליקן צימער פון אַ האָטעל. דאָ ביסטו ביי זיך. נישט נאָר איך לייג זיך מיטן אָנטאָן אויפן בעט, ווען איך וויל — נאָר אַפילו מיט די שיך און מיטן אָנטאָן און קיינער וועט מיר קיין דעה נישט זאָגן. דאָרטן זענען יעדן טאָג אפשר מער שכנים, ווי אין די פּריוואַטע דירות, נאָר איך ציטער נישט איבער, אַז אין וואַשצימער וועט עמעצער אָנוואַרפן און מען וועט נאָך, חלילה, זאָגן אויף מיר, עמעצער וועט אָנקאַפּען און מען וועט מיינען, אַז ס׳איך. קורץ, אין מאָסקווע האָב איך סיי דאָ, סיי דאָרטן, זיך נישט געפילט ווי אַ מאָל אַ דערשלאָגן קינד ביי אַ ווילדער שטיפמאַמע, ווי ביי מיין ברודערס שווער און שוויגער, וואָס אויב איך קום אויף אַ וואָך, ווערן זיי ברוגז מיט אַן אמת: וואָס הייסט עפּעס אויף אַזוי ווינציק? (איך האָב דאָך אויך אייגענע געשעפטן און אייגענע געזנג), ווען זשע וועלן מיר באַווייזן צווישן זיך אויסרעדן אָ וואָרט, גיין ערגעץ אין איינעם?... מער נישט, ווי איין וואָך? אויסגעשלאָסן!...

אויב איך קען אַרומגיין איבער מאָסקווע אַליין, טו איך עס גערן. אין זאָאָ־גאָרטן ווייס איך אַ סך שטעגן. איך ווייס, אַז מיטן זעלבן בילעט מעג מען נאָך אַריינגיין איבער דער גאַס צו דעם „קליינוואַרג״. מען גיט זיי דאָרט אָפּ אַ סך אויפמערקזאַמ־קייט. קליינע בערעלעך, יונגע לייבעלעך, פּיצלעך קראָליקעס און העזעלעך — דאָרטן איז דער יאַריד אַ קלענערער, נאָר ס׳דאָ מיט וועמען שליסן באַקענטשאַפט, אַפילו פריינדשאַפט. אינעם גרויסן חיות־גאָרטן זענען דאָ שטיקלעך נייסן. אין איי־ניקע שטעלן זענען די חיות כלומרשט נישט אַרומגעצוימט מיט קיין פּאַרקן, מיט קיין שטייג, נאָר כּדי זיי זאָלן נישט אַנטלויפן, נישט מזיקן איינס דאָס צווייטע, זענען דאָ אַזעלכע נאַטירלעכע איזאָליר־מיטלען, אָבער לפנים זעט מען נישט קיין אייזערנע קראַטן, וואָס פאַרשטעלן די לופט און דעם הימל. ס׳קומט אויס, אַז די חיה איז אָפּגעדעקט אי פון זייטיקן אויג, אי אַליין דאַרף זי זיך אויך נישט רייבן אין די האַרטע, זשאַווערדיקע אייזנס.

דער מעטראָ איז אויך כסדר מיינער בשעת איך קום קיין מאָסקווע. קיינער פרעגט מיך נישט צי איך פאָר ווייל איך דאַרף, צי מיר גלוסט זיך פשוט אַרומהעצקען.

מאָסקווע איז רייך, האָט פיל וואָס צו ווייזן דעם פרישגעקומענעם. נאָר איך גופא האָב ווינציק גיריקייט און זייער אַ קליינעם קרייז פאַרלאַנגען. די טרעטיאַ־קאָווקע איז מיינע? מיינע! אויסערלעך איז די געביידע כלל נישט איבערראַשנדיק. שוין אַפילו צו באַשיידן. כמעט אַ שטיק דאָרף אין מיטן דער הויפּטשטאָט. אינע־ווייניק איז זי רייך און קאָן דיך זעטיקן און נערן. אַ מאָל איז גענוג פאַר דיר איין ווּרובעל. אַ מאָל זענען גענוג פאַר דיר לעוויטאַן פאַר זיך און אַנטאָקאָלסקי פאַר זיך. אַ מאָל פאַרליבסטו זיך אין די עלטערע. קיינער נעמט ביי מיר נישט אָפּ קיין חשבון צי בין איך אַ גענוגנדיקער מבין אויף קונסט. וויפל איך כאַפּ אויף — מיט אַזוי פיל באַנוגן איך זיך.

נישט אַלע מאָל קען איך זיך פאַרגינען זיין אויפן נאָוואָ־דיעוויטשער בית־עולם. נאָר אַז סע גליקט מיר אָפּ און איך כאַפּ אַהין אַריין אַ שפּאַציר, איז עס פאַר מיר אַ רייכקייט. נישט יעדערער וועט מיך ווען פאַרשטיין, נישט מיט יעדערן וועל איך זיך שטעלן אויסטענהן, נאָר וואָס איך האָב דאָרטן געזען, וועלכע צוימען ס׳האָבן מיך שטאַרק צוגעצויגן, דאָס איז פאַרחתמעט ביי מיר אין האַרצן. פון דאָרטן גלוסט זיך מיר לאַנג נישט אַוועקגיין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין פאַר נאַכט, בעת איינעם פון מיינע באַזוכן אין מאָסקווע, בין איך פאַרגאַנגען צו מיינע גוטע־פריינד. זי איז אַ ליטעראַטור־קענערין, ער — אַ קינסטלער, אַ מאָלער. כסדר נעמען זיי מיך זייער וואַרעם אויף. איצטיקס מאָל איז זי עפּעס געווען פאַר־קרימט און צו מיר קוים זיך אָפּגערופן.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, טייערע, אפשר בין איך צו איך אַריין נישט אין דער צייט... וואָס איז איך געשען?

— דו ווייסט דען נישט, צי דו מאַכסט דעם אַנשטעל, אַז דו ווייסט נישט?

— ניין, דערווייל ווייס איך פון גאָרנישט.

— דו ווייסט דען נישט, אַז זעליקן* האָט מען איינגעזעצט?

— מינסק?

— מינסק.

— און וועמען נאָך?

— עלינקען!**

— איצט, ווען דאָס פייער האָט זיך איינגעשטילט?

— אָט דאָס איז עס דאָך!...

און מען האָט מיך באַקענט מיט זעליקס ווייבל. אויסערלעך איז אַפילו שווער צו דערקענען, אַז ס׳איז ביי איר געשען אַן אומגליק.

אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די קליינע קער זיך מיט אַלעמען אַן זייער נאָענט. אין קלייניקייט — איטשע־מאיר ווייסענבערגס אַן אייגן טעכטערל!

איך האָב זי אַ קוש געטאָן און זי האָט זיך צו מיר צוגעטוליעט. אויף מאָרגן בין איך מיט איר געגאַנגען אין זאָאָלאָגישן גאָרטן. זאָל זי זיך צעשטרייען אַ ביסל. זעליק איז דעם מאָלערס אַן אייגענער ברודער און מיינער אַ יינגערער ליבער גוטער־פריינד. ביי אים זענען דאָ אַ פּאָר שורות אין אַ ליד, אַז אין וואַגאָן, אויפן וועג פון סוויסלאָטש דעם טייך צום שוואַרצן ים, דערהערט ער אין מיטן ביי נאַכט דעם טרויעריק ליבן נאָמען „סלאָוועשנע״... איך רעד נישט מיט איר קיין סך וועגן

* זעליק אַקסעלראָד, אַ מינסקער יידישער דיכטער.

** עלי קאַהאַן, אַ מינסקער יידישער פּראָזאַיקער.

אים. אויך עלינקע איז מיר נאָענט. דער זעלביקער עלינקע, מיט וועמען איך האָב איך שוין אַ פּאָר מאָל באַקענט. ס'טרעפט אַ לאַגע, ווען יעדעס אַפּילו אמתדיק וואָרט קלינגט אָפּ נישט אויפריכטיק...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר זענען געפאָרן פון שרייבער־פאַראיין אַ פערציק־פופציק מענטשן אויף דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג אין מאָסקווע. מיט אונדז איז מיטגעפאָרן אַ מענטש פון ליטפאָנד. איז יעדערער פון אונדז געווען „אַן אידעם אויף קעסט", טאַקע אויף אַלעם גרייטן: אַ בעטל אין גרויסן האָטעל „מאָסקוואַ", באַנבילעטן אַהין און צוריק — דאָס איז נישט אונדזער זאַך. מינץ — (ממתקים) אויף אַרומפאָרן איבער מאָסקווע און אויף קויפן אַריינגאַנג־קאַרטן אויף דער אויסשטעלונג און נאָך און נאָך — אויף אַלץ האָט אונדז געגעבן דער פאָרשטייער פון ליטפאָנד. אויף דער אויסשטעלונג האָבן מיר אַפּילו געזען בירָאָבידזשאַנער פּרוכטן.

וואָס האָבן מיר דאָרט נישט געזען? חוץ אַלעמען האָבן מיר זיך דאָרט געטראָפן מיט פאַרשיידנקאָליריקע פּנימער, מענטשן, וואָס זענען, ווי מיר, געשיקט געוואָרן אַהער פון אַנדערע סאָוועטישע רעפּובליקן. פאַרשיידענע קליידונג, פאַרשיידענע לשונות, און יעדערער מיט אַלע זייניקע פילט זיך באמת ווי ביי זיך אין דער היים. יעדער פּאַוויליאָן איז אויפגעפּאַסט און אויסגעשטאַט לויטן סטיל און געשמאַק פון זיין רעפּובליק. גרויסאַרטיק, ריין און חידושים, וואָס נעמען אָפּ דאָס אויג.

יצחק נוסינאָוו האָט מיך איינגעלאַדן מיט נאָך אַ פּאָר מאָסקווער חברים מיר זאָלן אין אָוונט, ביי אַ גלעזל טיי, פאַרברענגען און איך זאָל עפּעס פאַרלייענען.

איך האָב די איינלאַדונג גערן אָנגענומען. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט, געשמועסט, געלייענט — אַלץ ווויל. מיין הנהגה און מיינס אַ וואָרט איז שטענדיק ווי ווייט מעגלעך, אויפריכטיק. מיינע עלטערן זענען דאָך קיין ליגנערס נישט געווען, וועל איך אויך דאָ נישט אָנקומען צום ליגנערישן וואָרט. נאָר, צום באַדויערן, איז אַלץ מיט אַנאַנדער געווען דורכויס ליגן. די מעשה איז אין דעם (פאַר אונדז איז עס שוין נישט קיין נייס), וואָס עד־היום ווייס איך נישט וווהין טויג מיין שרייבן, צוליב וואָס דאַרפן מיינע זאַכן געדרוקט ווערן?... גוט, איך וועל פירלייענען, חברים וועלן זיך אַרויסזאָגן, אָבער איך ברענג זיי נישט ווילנדיק צו אומאויפריכטיקייט... עפּעס בין איך אומגערן אַריינגעקראָכן אין אַ משא־ומתן.

איך שרייב. פאַרלאַגן גיבן אַרויס, ביבליאָטעקן קויפן עס איין, אָבי וועלכער לעזער רופט זיך אָפּ (געזונטערהייט, ער מעג, ער טוט דאָך עס נישט צוליב פּרנסה). נאָר טוט מיך אוממיסטן אַ פרעג, צי איז עס מיין אמתער לעבנסבאַרוף, מיין לעבנס־מוז? איך וואָלט שוין מער ניחה געגאַנגען דערויף, אַז עמעצער זאָל די זאַכן מיינע אָנשרייבן (אָט אַזעלכע, ווי זיי זענען) און איך זאָל זיי לייענען. אפשר וואָלט איך פאַר זיך די בעסערע פון זיי נישט אָפּגעוואָרפן, און איך אַליין, איך גופא, זאָל צוליבן

לעבנסמיטל, צוליב אויסשלאָגן חיונה, זאָל איך האַנדלען מיט לעדער, אָדער אויס־אַרבעטן לעדער (ווי אַ מאָל גאָר) און אויסהאַלטן מיין שטובגעזינד!... ס׳איז אַזוי פיל דאָ שיינס און תּוכיקס, וואָס צו לייענען, אָן מיין שרייבן, און אויב שוין יאָ שרייבן, איז נאָר דאַן, ווען איך זאָל פילן, אַז ס׳איז פאַר מיר אַ טיפע און אָרגאַנישע נויט־באַדערפטיקייט, אַזוי ווי ביים גוטן זינגער זיין געזאַנג, ביים גאָטס געבענטשטן מאָלער — זיין מאָלעריי. איך אָבער, איך קרים זיך דאָך נאָר נאָך שרייבער. איך טו זיי נאָך. גאַנץ מעגלעך, אַז איך וואָלט אויף אַזאַ מין אויפן געקענט שפּילן טעאָטער, אָדער שרייבן פּיעסן. העלף מיר גאָט איך זאָל זיך להבא ווינציקער גריבלען אין דער דאָזיקער פראַגע. שרייבן — ווען ס׳שרייבט זיך, לייענען — ווען ס׳לייענט זיך, דרוקן דאָס, וואָס מען נעמט אָן און זיך באַנוגענען אין דער שטיל מיט דער טרייסט, אַז איך בין נישט דער איינציקער טאַנדעטניק, נישט דער איינ־ציקער כאַלטורע־מאַכער. דער יאַריד איז גרויס. אַ סך לאָ־יוצלחס דרייען זיך אַרום, מאַכן אַ לעבן פון דעם, וואָס אין זייער אָנוועזנהייט טיילן זיך בעסער אויס די אַרבעטן פון די גוטע מייסטערס. אלא ווי דען, טאָמער איז מיר באַשערט, אַז מיין „שרייבעכץ" זאָל מיך איבערלעבן, וועלן דאַן אפשר מיינע אייניקלעך איבער מיר נישט ליידן קיין אומכּבוד...

יאָ. אין דער הויפּטשטאָט האָב איך געלייענט ביי נוסינאָוון. חברים האָבן צו מיר געשמייכלט און זיך אַרויסגעזאָגט, נאָר אַ צווייט מאָל, אויב ס׳וועט מיר אויסקומען פאַרברענגען אין מאָסקווע, טאָ לאָמיר זיך שוין בעסער טרעפן אויף נסתּרס אַ פאָרלעזונג. דאָרט וועט שוין געוויס זיין וואָס צו הערן, און ס׳וועט שוין געוויס זיין וועגן וואָס זיך אַרויסצוזאָגן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איין־און־איינציק מאָל פון אַלע מיינע מאָסקווער באַזוכן בין איך תּשעה־באב אין דער פרי אַריינגעגאַנגען אין שול אַריין...

וואָס ?...

גאָרנישט...

ס׳האָט זיך מיר געגלוסט וויינען... תּשעה־באָב איז תּשעה־באָב. דער זיכּרון דרימלט נישט, פּירט אָרויף אויף עפּעס...

ייִדן... די פרעמדע ייִדן זענען דיר אייגן (אַ מאָל זענען די אייגענע — פרעמד). כ׳פאַרפיר מיט קיינעם נישט קיין איבעריקע שמועסן. די שול איז גרויס. פון דער אַריינגאַנגסטיר ביזן אָרון־קודש איז אַ מהלך אַ ווייטער. ס׳איז אומעטום, אויף יעדן אָרט, מקום קדוש. בלייבט די וואָכעדיקייט לעבן טיר, לעבן האַנטפאַס, נישט צו פאַרגלייכן מיט דער חשיבותדיקייט אַרום דעם אָרון־קודש. פאַרנעמלעכע לייט גייען אַליין און פאַרנעמען אַן אָרט ביי דער מזרח־וואַנט. אַ באַלמעלאָכישער, אַן אָרעמער גראַד, פאַרגייט אַליין נישט ווייט, סיידן ער דאַרף נאָך עפּעס צום שמש.

ס׳האָבן געדאַווענט עטלעכע מנינים ייִדן אַזוי ווי באַזונדער. עולם איז געווען ווינציק. שוין אַפילו צו לויז. נאָר מיך האָט פאַרטשעפּעט אַ פּרט, וואָס איז ביי היינטיקע יאָרן אַן אויסנאַם. פּרווו שטעל זיך נישט אָפּ אויף אַזעלכעס, טאָ וואָס זשע ביסטו דאַן אין גאַנצן ווערט ?...

אין דער העלפט, וואָס איז נעענטער צו דער טיר, רעכטס, וואָס, אַז מען וויל, איז עס אויך גענוג טיף און גענוג חשיבותדיק, האָב איך באַמערקט אַ ייִדן מיט אַ באָרד. אַ ייִד פון אַ יאָר 45—50. דאָס געזיכט און דער בליק זאָגן וועגן אַ סך שיינעם מענטשלעכן און ייִדישן אינהאַלט. ט׳ באָב איז מען טרויעריק, דאָס איז קיין חידוש נישט. נאָר אין מיטן דער וואָך איז נאָך אַ פראַגע, צי אויף דעם דאָזיקן געזיכט קען זיך אָפּט באַווייזן אַ מונטערדיקער שמייכל. יאָ, דאָ איז פאַראַן עפּעס פון טיפער ערנסטקייט. און... לעבן זיין רעכטער האַנט שטייט אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר צען. אַ ייִדיש ייִנגעלע. איך וואָלט אַפילו מעגן שווערן, אַז דעם פאָטערס האַנט איז געלעגן אויפן קינדס קאָפּ. נאָר נישט מיט זיין שווערקייט פון אָנלייגן זיך, נישט מיט רוגז אויף דאַרפן איינהאַלטן עמעצן... איין ייִנגעלע איבער דער גאַנצער שול! אפשר איז עס איין ייִנגעלע איבער דער גאַנצע שטאָט? און צי איז עס נישט איין ייִנגעלע אינעם גאַנצן לאַנד ?...

ס׳האָט מיך פאַרנומען פאַרן האַרצן. ס׳זענען מיר געשטאַנען טרערן אין די אויגן. ווען איך האָב אַ ביסעלע מערער דרייסטקייט און געשטעלטקייט און וואַרט צו ביז נאָכן דאַווענען און פאַרפיר באַקאַנטשאַפט מיט אָט דעם־אָ ייִדן, וואָס איז מיר אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן. האָב איך עס אָבער נישט געטאָן...

צי בין איך פרום? מן הסתם נישט. אָבער צי דען גייט עס בלויז אין פרומקייט און ייִדישקייט? ס׳איז דאָך דאָ נאָך אַ וואָרט — ייִדנטום!

## אין מיטן העלן טאָג

דער זומער 1941 האָט זיך שוין אַזוי ווי אָנגעהויבן. מיר האַלטן שוין אין יוני, נאָר אונדזערע אָפּרו־פּלענער זענען נאָך נישט באַטראַכט ענדגילטיק. די מאַטעריעלע זייט האַלט ביי אונדז אַלע מאָל גאַנץ שמאָל. אָבער אַזוי ווי אין זומער־אָפּרו קענען מיר זיך אַ ביסל אָנשפּאַרן אויף די ליטפּאָנדן, איז עס נישט קיין שווערע פּראָבלעם. עפּעס וועט מען קענען צוטראַכטן און אויספּלאַנירן.

דערווייל פאָרן מיר מיט דער גאַנצער משפּחה זונטיק, דעם 22סטן יוני, קיין דאַרניצע צו מײַנע שוועסטער ברכה און הינדע. אַ מיטאָג וועט זיין אַ גוטער, מיר וועלן זיך אַלע זען, מען וועט אַ ביסל עטעמען מיט פרישער לופט און אויב מיר וועלן האָבן חשק, וועלן מיר נאָך דאָרטן אַרומגיין איבער די שניטקראָמען. ס׳טרעפט, אַז מען געפינט דאָרט גיכער, ווי אין די שטאָטישע קלייטן, אַ צייגעלע, אַ פּאָר שיך אָדער אַ פאַרטיקן מלבוש, אין וועלכן די שטוביקע נויטיקן זיך. פּראָסיע, פאַרשטייט זיך, גייט אויך אַריין אין חשבון. זי האָט אָנגעזאָגט דבורהן און ביילקען מען זאָל זי אין זינען האָבן מיט „קראַסני טאָוואַר” פאַר איר און פאַר אירע פּלימעניקעס אין איר היימדאָרף פּעטרושי. ווי ענג עס זאָל אונדז נישט זיין אין געלט, איז דריי זאַכן צאָלן מיר אין דער ערשטער ריי — פּראָסיעס חודש־געהאַלט, דירה־געלט און וואָס ס׳קומט אַ מאָל פאַר די קינדער אין קינדער־גאָרטן אָדער אין שול. אַזוי אַז פּראָסיע באַזיצט שטענדיק אַ שטיקל קאַפּיטאַל און זי באָרגט אונדז אַפילו אַ מאָל אויס אַ פּאָר מזומנים־רובל אויף אַ וואָך צי אויף צוויי.

פאַר טאָג האָט ערגעץ געדונערט, אַזוי שטאַרק, אַז אונדזער פינפשטאָקיק הויז האָט זיך געטרייסלט. דבורה האָט געמיינט, אַז ס׳גייען ערגעץ מאַנעוורעס פון יענער זייט דניעפּער. ס׳האָט געזעצט גאָרנישט אויף קאַטאָוועס, ס׳איז שוין אַפילו ווייט נישט קיין שפּיל... מילא, כאַפּט עס דער רוח! — ביי אונדז פרעגט מען דאָך נישט, ווי אַזוי זיך שפּילן אין מלחמה. מען וועט אונדז דערציילן גרייטערהייט.

פרישטיק האָבן מיר געגעסן שוין האַלב אויסגעפּוצטע אין וועג אַריין, די דערוואַקסענע — אויף זייער אופן, די קינדער — אויף זייערן. דבורה זאָגט איך זאָל מיטנעמען נאָך אַ פּאָר הונדערטער, טאָמער וועט זיך עפּעס מאַכן צו קויפן אין דאַרניצע. זאָל נישט זיין קיין אָפּהאַלט אין געלט.

ביי ליפּע רעזניק האָב איך אַלע מאָל קרעדיט. ווען איך דאַרף זיך דורכדרייען

מיט עטלעכע רובל, נעם איך אַראָפּ דאָס טרייבל און קלינג צו אים אָן. אין דער צייט איז ער נאָך אין שטוב. ס'איז זייער איינפאַך: איך דאַרף אים נאָר אַ זאָג טאָן וויפל און אויף וויפל — קיין מאָל טראַכט ער נישט קיין איבעריקע רגע. דערפאַר האָב איך כּלל נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער דרייט זיך דאָרט אַזוי לאַנג... ער פאַרשטייט מיך נישט, צי ער ווייסט נישט, וואָס איך וויל פון אים?

— אויף וואָס דאַרפסטו איצט געלט?

— איך ווייס אַפילו נישט אויף זיכער צי מיר דאַרפן. מיר פאָרן צו די שוועסטער קיין דאַרניצע פאַרברענגען דעם טאָג. אַ מאָל מאַכט זיך דאָרטן עפּעס אין די שניט־קלייטן.

— איר פאָרט קיין דאַרניצע? פאַרברענגען?...

— יאָ, מיר האָבן זיך אויסגעקליבן אַלע, איין פּראָסיע בלייבט אין דער היים.

— איך פאַרשטיי נישט, — שטאַמלט ליפּע, — וווּהין פאָרט איר עס? ס'איז דאָך מלחמה... ביי נאַכט האָב איך זיך צופעליק פאַרזעסן ביים ראַדיאָ־אויפנעמער, האָב איך געהערט ווי דער טייוול האָט געשריִען, כ'האָב געמיינט דאָס קעסטל וועט צעריסן ווערן אויף שטיקער. נו, און אין דער פרי האָט שוין געזעצט, מן־הסתּם האָט איר אויך געהערט... קום אַריין. אין טעלעפאָן איז אפשר נישט באַקוועם צו רעדן.

איך האָב אַ בורקע געטאָן פאַר מייניקע, אַז מיר פאָרן, דוכט זיך, שוין נישט. איך וועל באַלד אַריינגיין. און איך בין איבערגעלאָפן צו ליפּען.

ליפּע איז בלייך. זיין שטים איז עפּעס אַזוי ווי צוגעלעגערט. שייך צו זאָגן, אַז ער גלויבט זיך אַליין נישט. אָבער גיי זיי אַ בריה און גלויב נישט... פיר שטעט באַמבירט, די גרענעצן זענען שוין פאַרנומען. איינע פון די פיר שטעט איז קיִעוו. ס'זענען געפאַלן באָמבעס און ס'זענען שוין דאָ געטראָפענע, צוועלף אַ זייגער וועט אונדזער אויסערן־מיניסטער מאָלאָטאָוו רעדן, ס'איז שוין געמאָלדן...

כ'בין געקומען צוריק אין שטוב אַריין. עפּעס שטויסן זיי זיך שוין אָן אַליין, דאָס איבעריקע דערצייל איך... אַלעמענס פּנימער זענען אויסגעצויגן. איין לייבעלע פאַרשטייט נישט אין גאַנצן קלאָר צו וואָס דאַרף מען זיך צוריק איבערטאָן. אַבי ער האָט געקלערט, אַז מיר וועלן דעם גאַנצן טאָג אין דער היים נישט זיין, מיר וועלן ערגעץ פאַרברענגען, מיר וועלן אַפילו אָנגענעמען מיד ווערן פון פאַרברענגען.

מיר היטן און טשאַטעווען דעם ראַדיאָ־אויפנעמער. צוועלף אַ זייגער וועט מען רעדן. אָבער ס'איז שוין קלאָר, אַז דער אומגעלומפּערטער פאַלשער שׂונא האָט אָן אַ וואָרענונג געבראָכן דאָס וואָרט, אָפּגענאַרט דעם צוטרוי. יעדער איינער פילט, ווי שולדיק מיר זענען. וועמען האָט מען עס געפונען צו גלויבן?... היטלערן מיט זיין טשאַטע? זענען מיר שוין נישט קיין מיוחסים אַנטקעגן אַנדערע לענדער אין אייראָפּע. און מיר, סאָוועטישע ייִדן, זענען... וואָס זענען מיר?... ניין, מיר האָבן

אין זיך זיכערקייט. מיט קיין זאַך זענען מיר נישט אָפּגעשיידט פון אַנדערע פעלקער אין אונדזער פאַרבאַנד, און אויב דאָס ליכט פון טאָג האָט זיך מיט אַ מאָל געמינערט, איז עס פאַר איטלעכן אַ קלאָג. אמת, כּל זמן מיר ייִדן זענען נישט אַריינגעפאַלן אין זיינע ד׳ אמות. דאָרטן איז שוין די שפּיל מיטן מלאך־המוות, און דערפון אַליין גייט מען אָפּ מיט טויטשוויס. היטלערס „צושפּיל״ איידער מען טרינקט אויס דעם בעכער סם ביזן דעק, דאָס איז גאַנצע בערג פּחד און גרויל: עקן זיך פאַר די אויגן פון קריסטלעכע שכנים, פאַר מענער, פרויען און קינדער ביי וועמען ס׳ברענט נאָך פייער אין אויוון, וועלכע זעצן זיך נאָך דריי מאָל אין טאָג צום טיש, וועלכע שלאָפן נאָך אויף אייגענע געלעגערס, ביי וועלכע ס׳ווערן געבוירן קינדער אין געבורט־הייזער און גרעסערע קינדער באַזוכן נאָך שולן...

יאָ, דער ראַדיאָ רעדט שוין. אַלע האָבן זיך אויפגעקליבן אינעם קליינעם צימערל הערן. מען איז צוגעפאַלן צום ראַדיאָ־אויפנעמער. מען היט זיך נישט דורכלאָזן קיין איין וואָרט אין דער צייט, ווען אַלע ווערטער זענען שוין אַזוי אויך באַוווּסט און ס׳שלאָגט אַ מלאָש צום האַרצן... צי דען וועל איך גלייך דערפילן אין הויף, אַז ס׳איז דאָ אַן אונטערשייד צווישן שכנים — ייִדן און באַלעבאָטים נישט־ייִדן? ניין, דאָס איז נאָר מיין קראַנקע פאַרשטעלונג, וואָס איז פאַרשטאָכן מיט פּחד נאָך פון באַגדאַן כמעלניצקיס צייטן אָן. קיינער איז דאָך מיר נישט קיין שׂונא.

ביי זיך אין שטוב האָב איך צוויי נפשות נישט קיין ייִדישע — פראָסיע און דבורה. מיט זיי איז דאָך מיר גרינג. אַפילו מיין צעהיצטע פאַנטאַזיע איז נישט אין שטאַנד עפּעס אין זיי אָפּצוסמען. דבורה איז אַליין דערשלאָגן נאָך מער, ווי איך. פראָסיע האָט זיך נישט גענומען קיין אַרויסגאַנגטאָג. זי האָט אָפּגעקאָכט פרישע קאַרטאָפל צום צווייטן פרישטיק, די קינדער זיצן שוין ביים טיש. זי האָט נישט קיין ווערטער אין מויל. זי איז נישט דרייסט. נאָר מען דערקענט אין איר שטיין ביים טיר פונעם קליינעם צימערל, אַז זי רופט אונדז מיט איר וואַרטן מיר זאָלן גיין עסן: זי האָט זיך מטריח געווען, זי האָט געקאָכט, זאָל דאָס עסן נישט פאַרקילט ווערן, נישט פאַרהילצערט ווערן.

## אחריות פאַרן כּלל און די פאַרכט פון זיין אַליין

אין אָוונט, אויב מע וויל צינדן שייַן אין שטוב, דאַרף מען שטייף פאַרהענגען און פאַרשטעלן די פענצטער, אַז קיין איין שפּעלטיקל זאָל זיך נישט דורכלויכטן. ס׳איז סכּנות־נפשות. אויב דעם שׂונאס פלימאַשינעס וועלן עס אַפילו נישט דערזען, וועלן די אייגענע באַפאַלן מיט האַרבסטער שטראָף: „צינד גיט קיין שייַן! ווינקסט דעם שׂונא אַפילו מיט איין שטראַלעכל ליכט! געדענק, אַז די אַלגעמיינע געפאַר איז אַ גרעסערע ווי דיין אייגענע!״

יאָ, ס׳שטאַרקט זיך די אַחריות פאַרן כּלל, פאַרן אַלגעמיינעם. לעבן יעדער הויז און אויך אויף די בוידעמער דאַרפן זיין קאַסטנס מיט זאַמד. מיט זאַמד איז גוט צו לעשן דעם שׂונאס צינדבאָמבעס?! זיי פאַרזיכטיק, זיי געהיט, נאָר זיי שרעקלאָז און זיי געשיקט און עמפּינדלעך, וועסטו ראַטעווען איטלעכן! אויך דיין קאָפּ וועט בלייבן גאַנץ און די סטעליע איבערן קאָפּ וועט נישט איינפאַלן! איך זע ווי יוגנטלעכע באַשיצן אונדז.

מאַגנטיק אין דער פרי. באָמבעס רייסן זיך איבער אונדזער שטאָט. דיין געהער נאַרט דיך: דיר ווייזט זיך אויס, אַז ס׳איז אָט־אָ אינעם שכנישן הויף, צום סוף איז עס אין פאַרשטאָט. דער שׂונא צילט זיך צו אַ פאַרשטאָטישן נויטיקן אָביעקט.

מיר האָבן אַ מקלט אינעם קעלער פון דוד דעם האַפּשטיינס הויז. אַלע הויף־איינוווינער זענען שוין דאָרט מיט קינדער און זויגקינדער. אַלטע, בלייכע מענטשן מיט קני, וואָס ברעכן זיך אונטער, זענען אויך אַוועק אַהין. איינס, וואָס וואָלט מיך אַהין געצויגן — איך וואָלט געזען אונדזער געזינדל, די באַוווינער פון די פינף־און־זעקסשטאָקיקע סעקציעס און איך וואָלט קענען אַן שטערונג אַריינקוקן אין פּנים אַריין וועמען איך וואָלט נאָר געוואָלט, פונעם הייצערס משפּחה ביז די סאַמע פאַר־מעגלעכע און אויסגעאיידלטע מיוחסים. אָבער אַן אַנדער מין פאַרגעניגן — אַ גרעסערער — לאָזט מיך נישט טאָן עס: אַלע אונדזערע זענען אַראָפּ מיט פראָסיען צוזאַמען און איך האָב זיך איינגעעקשנט און בין פאַרבליבן אין שטוב אויפן פערטן שטאָק. איך בין נישט נאָר אין אונדזער דירה איינער אַליין, איך בין איינער אַליין איבער דער גאַנצער סעקציע מיט צוויי־ענדיקע קעגנאיבערדיקע דירות פונעם ערשטן שטאָק ביזן פינפטן, אַפילו מיטן שטויביקן בוידעם און מיט די לעזשאַקעס צוזאַמען. ס׳איז אַ מורא און אַ פאַרגעניגן. די באָמבעס פאַלן נישט אָפּט, נאָר זיי פאַלן און רייסן זיך אויף מיט חורבן און מיט ערד־ציטערניש. אָט פיל איך ווי מיין שטאָק וויגט זיך מיט מיר צוזאַמען. ס׳איז שרעקלעך, נאָר ס׳איז מיר מוראדיק גוט, וואָס כ׳האָב לעבן זיך קיינעם נישט. איך האָב קיינעם נישט מיטגעצויגן אין דער סכּנה.

מע קלאַפּט אין טיר. פראָסיע איז געקומען. זי באַדויערט מיך. סע קען זיין, אַז זי איז געקומען לויט איר אייגענער איניציאַטיוו, נאָר זי שעמט זיך עס זאָגן. זי זאָגט, אַז די באַלעבאָסטע האָט זי געשיקט מיך רופן. דאָרטן אונטן זענען אַלע, אַלע... איר בליק איז צעשראָקן און צעשמייכלט פון ליבשאַפט צו מיר און צו מיין געזינד. איך האָב זי איינגעבעטן זי זאָל צוריק אַראָפּגיין. זי האָט מיך פאַרשטאַנען. מיר איז דאָ בעסער. ס׳ציט מיך צו מענטשן, נאָר כ׳שעם זיך פאַר מענטשן.

דערווייל האָט ווידער ערגעץ נאָענט אַ ריס געטאָן אַ באָמבע. וואָס איז אַזעלכעס אַ באָמבע? ס׳איז אַ לעבעדיקע זאַך, אַי אַ מוראַדיקער משחית מיט אַ גרויסער, גאָר־גאָר גרויסער און הויכער קראַפט, וואָס פּאַטופּעט זיך יאָ און פּאַטופּעט זיך נישט אין מענטשלעכן געדאַנק. און... מיין פערטער שטאָק וויגט זיך ווידער...

פּראָסיע איז אַוועק, נאָר איצט האָט שוין לאַנג נישט געדויערט און אַלע אונדזע־רע זענען געקומען אויפגעלעבטע און אָפּגעפרישטע. אַלע שטאָקן האָבן געהודעט, קליין און גרויס האָט זיך געהויבן צוריק אויף די טרעפּ. דער אָנפלי האָט זיך געענדיקט!... איצטער קען מען אַפילו עסן פרישטיק, צי מיר האָבן זיך שוין צו עפּעס צוגעוווינט, צי ס'איז אָנגענעם הערן, ווי מיינע שטובלייט, וואָס זענען שוין מיט מיר צוזאַמען, דערציילן פון דעם אַלגעמיינעם אַלאַרמישן צונויפקום: צווישן אַזוי פיל פאַרשיידענע מענטשן באַמערקן זיך אויך אָן אַ שיעור קאָמישע מאָמענטן. ביי וועמען ס'איז געווען פון דערשרעק און איילעניש איבערגעדרייט דאָס קאָפּטל מיטן פאָרנט פון הינטן. ווער ס'האָט געהאַלטן די זאָקן אין די הענט, די זאָקן מיט די זאָקנבענדלעך און נאָך אַ טייל פונעם וועשטואַלעט — אי אָנטאָן נישט באַוויזן, אי נישט געכאַפּט מיטן געדאַנק, אַז מ'האָט עס געקענט לאָזן דאָרטן, ווו ס'איז געלעגן, ווייל דאָס וויכטיקסטע איז דאָך נישט אין דעם...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז דינסטיק אין דער פרי. איך האָב נאָר וואָס געכאַפּט מיין געפיל דייטלעך, קלאָר און אָפּגערייניקט פון יעדן צומיש: נישט געקוקט דערויף, צי איך וועל עס דערלעבן (איך און מיינע נאָענטע), אָבער... איך בין איבערצייגט אין היטלערס מפּלה. איך בין שטאָלץ מיט דעם און פולקאָם באַפרידיקט.

איך בין נעכטן פאַר נאַכט געלעגן איינער אַליין אין שטוב. די באָמבעס, ווי דערציילט, רייסן זיך ערגעץ גאָר נאָענט, און איך בין עפּעס רויִק. אפשר איז עס אַ צושטאַנד פון ערב משוגעת? אַז איך בין געגאַנגען אַהין, וווהין דער קיסר גייט צו פוס, האָב איך מורא געהאַט — ס'ווערט טונקל און איך בין פון דעסטוועגן איינער אַליין. אייגנטלעך, פאַר וואָס האָב איך מורא געהאַט? בלויז פאַרן איינאַלייניקן אָפּהילך פון מיינע טריט...

מיר דערמאָנט זיך, אַז אין סלאָוועשנע, ווען די ווייספּאָליאַקן זענען געווען נאָענט און די רויטאַרמייער האָבן זיי אָפּגעטריבן, האָבן זיך דאַן אויך געריסן האַרמאַטן־קוילן, די ערד האָט געברענט און געשריגן נישט מיט איר קול. אין דער שטילקייט צווישן איין ריס און דעם צווייטן האָט מען קיין מאָל נישט געקענט באַשטימען און מען האָט נישט געוווּסט צי ס'וועט זיך באַלד איבערחזרן. מיר האָבן זיך דאַן באַהאַלטן אין אַ גאַנץ קליין קעלערל ביי אונדז אונטער דער צוגעבויטער סוכּה, מיר און דער מומעס שטובלייט. געדענק איך, אַז מיין שוועסטערקינד מרדכי איז געווען נישט לאַנג נאָך אַ טיפוס. האָט ער געשלעפּט זשאַראָכווינעס (קליוקווע) ביי אונדז פון מולטערל און בהדרגהדיק געלייגט אין מויל אַריין. און די מומע לאה האָט געזאָגט, אַז זי גייט איבערטאָן פרישע וועש, טאָמער טרעפט זי אַ קויל, זאָל זי זיין אין ריינעם. און נאָך האָט זי געזאָגט, אַז אין בית־הכּיסא אין הויף איז זי

געזעסן אין אין מורא: אויב דער אומגליק וועט זי וועלן אָפּזוכן, זאָל ער זי געפינען כאָטש ערגעץ אַנדערש, נישט אין אָפּטריט אויפן זיצבענקעלע.

מעגלעך, אַז מיין אָפּטרעט־ווינקל, ווי ריין עס זאָל נישט זיין, האָט מיר אויך עפּעס דערמאָנט אינעם סוף. איך האָב זיך נישט געאיילט, נאָר איך האָב אים פאַרלאָזן מיט אַ גרינגערן האַרצן. די טונקלקייט אין שטוב פאַרשאַרפט נאָך דעם עלנט. די לעמפּעלעך אין אַלע צימערן האָבן מיר אָפּגעדרייט, מיר זאָלן אומגערן זיי נישט אָנצינדן כּל־זמן די פענצטער זענען ביי אונדז נישט פולשטענדיק פאַרהאָנגען.

אין איינעם פון די טעג, דוכט זיך, מיטוואָך, איז דבורה זיבן אין דער פרי אָוועק דעזשורען אין הויף. און ס'האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ באָמבעריי — אַ סך שטאַרקער ווי ביז איצט. וועקן דאָס קינד? אפשר איז נישט כּדאי?... אין אַ מינוט פּופּצן אַרום האָט זיך לייבעלע אַליין פונאַנדערגעוועקט מיט אַ רוגזה, פאַר וואָס וועקט מען אים נישט אויף? ביילקע האָט אים געהאָלפן זיך אָנטאָן און זיי זענען ביידע אַראָפּ אין איינבינדעריי — אַ גרויסער, זייער געראָמער קעלער. דער דיל אונטער מיר אין צימער האָט אַ פּאָר מאָל אויפגעציטערט. נישט דער דיל אַליין, נאָר טאָקע די ווענט און די סטעליע אויך. די באָמבע־אויפרייסן רעדן מיט אַן אייגענער שפּראַך און ביי מיר טוען זיך אַ קרום די יאָסלעס מיט די באַקביינער אין איינעם. אַ רגע... אַ האַלבע רגע... אָבער מיין אויבנאויפיקע זאָרגלאָזיקייט, אָדער ליידיקגייערשאַפט, איז מיר גוט באַקאַנט. איך האָב עס אַ מאָל איבערגעלעבט, ווען דאָס לעבן איז געהאָנגען אויף אַ האָר טאָקע אינעם נאָר וואָס דערמאָנטן ניינצטן יאָר. ס'איז ביי מיר, ווייזט אויס, אַ נאַטורזאַך — ווינציקער אויקען און זיין גרייט אָנטקעגן דעם שלונג פון גרויליקן שיקזאַל. און האָט ער נישט דיך געדאַרפט — איז אויך נישקשה.

פונעם רויך, וואָס איך זע פון דער ווייטנס, כאַפּט אַן ביים האַרצן אַ גרויסער צער: דאָרטן האָט זיך שוין ווער פון אונדזערע גלייכנס געזעגנט מיטן לעבן. דאָס אחריות־געפיל פון כּלל איז טאָקע פאַראַן, נאָר וואָס איז עס? פונקט איצט זוכט דאָס האַרץ ערגעץ אין געהיים די וועגן צו גאָט. אַז מע וויל איז עס פאַרשטענדלעך: אין אַן ענגער אומאויסגאָנגלעכער שעה נויטיקסטו זיך אינעם אָנשפּאַר, וואָס איז אויסגעדיכטעט געוואָרן פון דורות. די השגחה עליונית איז שטאַרק, איבערמעכטיק. פון איר איז אַלץ געווענדט. אין בלאָז און ס'קען ווערן פונעם שונא אַ הויפן מיט אַש. נאָר פונעם זעלבן פאַלקסגייסט קומט אַ צווייטער באַגריף: „נאַ באָגאַ נאַדעיסיאַ, אַ סאַם ניע פּלאָשאַי״* (פאַרלאָז זיך אויפן אויבערשטן, נאָר היט אַליין זיך אָפּ).

די נאָכט אָנטקעגן 27סטן וואָך געווען פון דריי ביז פינעף ביי אונדז אין הויף. פון פינעף ביז צען — אין שרייבער־פאַראיין. ס'איז גראַדע געווען לויטער אין

---

* „На Бога надейся, а сам не плошай".

דרויסן. שטיל, ליכטיק און עטוואָס אָנגעשטרענגט. נאָר איך אַליין בין עפּעס פאַר־טשאַדעט. ס'איז נודנע אויף דער נשמה, נודנע צום חלשן. פאַרנאַכטלעך האָב איך זיך צוגעלייגט אַ ביסל. די ווייבער אין הויף האָבן מיט אַ דערשלאָגענעם געמיט פּירגעזאָגט דאָס ערגסטע און דאָס שווערסטע. ס'וואָלט זיך וועלן, אַז אויך דער טאָג זאָל שוין וואָס גיכער אויסרינען און אַוועק אין דער אייביקייט. צי האָב איך אַ דרימל געטאָן צי נישט, נאָר פאַרן פאַרטראַכטן בליק מיינעם האָב איך דערזען גדליהס פּנים אַ טויטס. די באַקן זענען אַ ביסל באַקלעפּט מיט דינעם ליכטיקן זאַמד, נאָר דאָס געזיכט איז אין זיין פולער גרויס — ריין, באַשיינט מיט יונגשאַפט... (דאָס באַווייזט, אַז די נערוון זענען שוין ביי מיר היפּש אָנגעצויגן). יאָ, ווו איז ער איצט אין דער רגע? שוין דער צווייטער טאָג, אַז זיי קלינגען נישט פון דאַרניצע. אויב ער איז שוין אַוועק מיט מיישקען אין דער אַרמיי, טאָ וואָס טוען, נעבעך, די קינדער דאָרט — ברכהלע, הינדעלע און דאָס קליינוואַרג? — ברכהלע איז אויף דער צייט מיטן דריטן קינד, צוויי קליינע חברהניקעס האַלטן זיך ביי דער מאַמעס קלייד, פון ביילעלען דערציילן זיי, אַז זי האָט מורא, זי וואָלט אַ גאַנצן מעת־לעת נישט אַרויסגעגאַנגען פון שויך־קעלער. ס'איז אַ צער אי פאַר קינד, אי פאַר די עלטערן. נאָר קינדער שפּילן זיך דאָך... „די שטוב ברענט און דער זייגער גייט". דערצו איז ברכהלע אַלע יאָר שוואַך אין געזונט און אין געמיט. געמיינט האָט היינט צופאָרן צו זיי קיין דאַרניצע, אָבער איצט איז שוין אַ מורא זיך לאָזן אין אַזאַ נסיעה: ווער ווייסט מיט וויפל אַנפליִען איז דער היינטיקער דרויסן שוואַנגער? אין הימל־רוים פליִען אַרום פייגל, ווי ערב אַ שטורעם, זיי זענען אומרויִק און ווייען אַן מרה־שחורה אויף דער ערד.

כ'בין געווען ביי בליומען אין ביבליאָטעק. פאַרגאַנגען נישט אויף לאַנג. מיר בייטן זיך איבער מיט אַ וואָרט. זי איז אַן אמתער גוטער־פריינד. איר בליק איז פול מיט וואָרעמער געטריישאַפט. אָבער ס'פילט זיך, אַז מיר ווייסן ביידע נישט צי אונדזער גאַנץ לעבן איז אין דער איצטיקער רגע ווערט כאָטש אַ האַלבע קאָפּעקע. קען זיין, אַז ס'איז אַפילו נישט ווערט קיין שאָלעכץ פון קיין ציבעלע.

מיין ברודער הערשעלע איז שוין מאָביליזירט. טאַקע לויט זיין פאַך, ער געפינט זיך אַ שעה זעקס פאַרעכץ פון דער היים. ער האָט געקלונגען.

פריידקע איז ביי אונדז געווען פאַר נאַכט. מיר רעדן לעצטנס צווישן זיך ווינציק. איר זונעלע הערשעלע איז שוין מיט איר. זיכער פרייט זי זיך, וואָס זי זעט אונדז לעבעדיקע.

נעכטן איז ביי אונדז געווען פייגעלע. זי איז זייער עלנט און פאַרלוירן — זיי ווייסן נישט, וואָס הערט זיך ביי הירשקען. ער איז דאָך אין סאַמע פייער! צי איז ער גאַנץ און נישט פאַרוווּנדעט? און צי איז ער בכלל נאָך ערגעץ דאָ אויף דער וועלט?

כאַסקל טאַבאַטשניקאָוו האָט נעכטן געקלונגען, אַז ער גייט גאַנץ פרי אַוועק און מיר וועלן זיך, קענטיק, אַפילו נישט געזעגענען. צוריק מיט אַ שעה האָט ער געקלונגען, אַז ער קלערט, ווו גייט מען עפּעס איבערבייסן. זיין שטים איז צוגעטויבט. ער איז געגנוג אַפּהענטיק ביי זיך.

די אינפאָרם־ביוראָ גיט איבער וועגן העלדישע מעשׂים פון אונדזערע קריגער און פליער. ס'ווערט גרינג אויפן האַרצן, ווען דו הערסט דאָס. אָבער ווען דו נעמסט זיך פאַרשטעלן פון וואָס באַשטייט מלחמה, זעסטו פאַר זיך אַ ריזיקן פייערקנויל פון יסורים, מהומה און געהאַקטע ליידן. אַלע זאָגן, אַז היטלער וועט זיך דאָ ברעכן דעם קאַרק, נאָר אַלע פילן, אַז קאָסטן וועט עס אַ גוזמה מיט לעבנס.

נעכטן איז געווען אין אָפּערע־טעאַטער אַ מיטינג פון דער אינטעליגענץ, ריכטיקער געזאָגט, פון קינסטלער, אַרטיסטן, מוזיקער, שרייבער. מען קלייבט ביכער פאַר די שפּיטאָלן. עטלעכע טעג מלחמה און די שפּיטאָלן זענען פול, ווי ס'וואָלטן שוין דורכגעגאַנגען חדשים, און מען וואָלט קענען מיינען, אַז קיעוו וועט לאַנג זיין הינטערלאַנד. מע קלייבט אויך געלט אויף צו טראָגן מתנות די פאַרוווּנדעטע. מע איז אויך געקומען פון קינדער־גאָרטן נאָך 36 רובל כּדי קויפן פאַר לייבעלען אַ קעגן־גאַזמאַסקע... מיין קאַפּיטאַל האָט נעכטן באַטראָפן 13 קאָפּעקעס! איך בין געגאַנגען צו פוס פון שטאָט, ווייל אַ בילעט אין טראַמוויי קאָסט 15 קאָפּעקעס. פון פרישע חובות בין איך שולדיק 50, 70, און 200 רובל.

ווען כ'זאָל שוין אַלט זיין 70—80 יאָר, וואָלט מיר אפשר געפּאַסט מיין איצטיק אָרט לעבן. און אַזוי איז מיר אַ חרפּה אַפילו פאַר זיך אַליין. נאָר אַ קלער טאָן, וואָס ס'טוט זיך איצט אויף דער וועלט. און איך? כּל־זמן מע נעמט מיך נישט אָן פאַר דער פלייצע, צי פאַרן לאַץ, נודע איך זיך, וויפל ס'גייט אַריין. אמת, איך קוויק זיך צו ביסלעך. מיט וועמען? דווקא מיט טשעכאָוון! איבערגעלייענט היינט צוויי זאַכן זיינע. פון אַלע ביכער, וואָס איך פאַרמאָג, קומט מיר עפּעס אין האַנט נאָר ער. „דאַמאַ ס סאָבאַטשקאָי". — זאָל זיין „ס סאָבאַטשקאָי"! איך צי זיך אַריין אין אים און בין אים עפּעס שטאַרק מקנא: אמתדיק, טיפער פאַרשטאַנד פאַר אינטימע מענטשלעכע געפילן, פונקט ווי ער וואָלט געווען ביי ביידן ביי זיי אין האַרצן.

## לייד און פרייד

איך ווייס נישט צי דאַנקערשטיק אָדער פרייטיק האָבן מיר געזען אַ פּנים חדשות.

אין לוואָוו איז טודאָר דערהרגעט געוואָרן אין אַ קאַפּעהויז. אינעם זעלביקן הויז, אין דער זעלביקער שעה, ביי דעם זעלבן אַנפלי איז רחל קאָרן ניצל געוואָרן: זי האָט זיך אַנגעבויגן און דער טיש האָט זי פאַרשטעלט. פאָרעד, בלוט און געשרייען. און נאַ, זע, אַז ס'איז באַשערט לעבן בלייבן!

רחל איז געקומען קיין קיִעוו מיט איר טאָכטער, אַ מיידל פון אַ יאָר 15 אָדער 17. צי רחל האָט געהאַט אַ מאַן, צי זי האָט אים גישט, ווייס איך נישט, נאָר זי האָט זיך אַרויסגעריסן אַ לעבעדיקע מיט איר ליבער בת־יחידה. אין קיִעוו וועט זי זיין געציילטע טעג און פאַרן ערגעץ ווייטער, ווייטער פונעם פראָנט און פון די שטאָלענע רויבפייגל. דאָס האַרץ רוקט זיך אָפּ פון זיין אָרט, ווען סע הייבט זיך אָן זייער זשום. באַלד דערהערט זיך אַ הילכעריי, מען צילט זיך אין זיי, זיי צילן זיך אין אונדז...

מיר האָבן זיך באַקענט מיט רחלען און דערפילט אויסערגעוויינלעכע וווּנדערלעכע נאָענטקייט איינער צום צווייטן. מיר האָבן אַזוי פיל געהאַט צו שמועסן פון קעגנשטאַנדן, וואָס זענען אונדז נאָענט — פון דיכטונג, פון גוטע, ליבע נעמען. רחל טייערע, צי דען האָסטו אַן אַנונג, דעם מינדסטן גלויבן, אין דיין אייגענער צויבערקראַפט? דו ביסט אי דיכטערין, אי פרוי, דו ביסט אַ מאַמע פון אַ ווייל, צאַרט קינד, און אַ טאָכטער פון אַן אַלטן פאָלק, וואָס דיין ליבשאַפט איז צו אים גרויס. דו האָסט שוין אָנגעהויבן אָפּריכטן גלות און דיין האַרץ איז פאַרקלעמט.

געטראָפן נאָך אַ פּאָר יונגעלייט — יִדישע פּוילישע ליטעראַטן. שלום עליכם! עליכם שלום! (איך זאָל זאָגן, אַז איך האָב זיך באַקענט אין הויף מיט איינעם פון די ברידער אַליצקי? די האָפּשטיינס וועלן מיר זאָגן, זייער הויז איז אַן אָנגעזועענס, צו זיי טרעפט מען צום סאַמע ערשטן). די פּוילישע שרייבער זענען עפּעס מער באַשעפטיקט, מער פאַרנומען. יענע זעען שוין אַזוי גיך אויס צו זיין פאַרוואָגלט. אָבער אַז מען וויל צוריק רעדן, האָבן יענע מער פאָרשריט: זיי האָבן שוין גובר געווען די ביטערקייט פון פאַרלאָזן די היים, דאָס איינגעזעסענע ווינקל. איידער דו וועסט אויפמישן די פּרשה „לך לך”, וועסטו אָפּגיין מיט אַ טויטשוויס, און זיי האָבן שוין דערפאַרונג. זיי קענען שוין עפּעס דערציילן און זאָלסט זיך ביי זיי עפּעס אויספרעגן, דו דאַרפסט עס אומבאַדינגט דערלערנען.

ס'איז שוין דאָ אַ געיעג נאָך שפּיאָנען, אי ווירקלעכע, אי אויסגעטראַכטע. מען דערציילט שוין פון איבערגעטאָנענע פיינטלעכע פליִערס, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ אויף פאַראַשוטן אין גאַנצן איבערגעטאָן ווי רויטאַרמייער. אַפילו אַז מען שעפּטשעט זיך נישט, מע וועקט דיך נישט, קיין באָמבעס רייסן זיך נישט, וואַכסטו זיך פונאַנדער אַ סך פריִער, ווי מען דאַרף, ווי אַ זינדיקער, ווי אַ שולדיקער, ווי דו וואָלסט קיינעם נישט געווען נויטיק און זיך אַליין אויך נישט. נישטיקייט, פאַרעוודיקייט, אי ס'איז דיר שפּל אויפן האַרצן, אי דאָס האַרץ גופא טוט דיר וויי.

דערווייל דערמאָנסטו זיך, אַז ס'איז זונטיק אין דרויסן. האָבן מיר שוין אַ קימאַ לן פון אַכט טעג מלחמה. וויי, וויי, אַכט טעג! ווי אַזוי ס'איז נישט צו פאַרגלייכן פאַראַכטאָגיקן זונטיק גאַנץ פרי מיטן היינטיקן: ווי דו זאָלסט צוגלייכן אַ צעבראָכענעם אומריינעם טאָפּ מיט אַ דורכזיכטיקן בלומען־בעכער פון קרישטאָל.

נעכטן אויסגעקליאַנטשעט אין פאַרלאַג הונדערט רובל. מען מיינט, אַז דעם

צווייטן יולי זאָל מען נאָך קענען באַקומען עפּעס געלט. ס׳קומט מיר דאָרטן, נישקשה, נאָר ס׳האָבן זיך אויף אַזאַ ווייט אָפּגערוקט די גרענעצן און באַגריפן, אַז דער, וואָס האָט דאָרט גאָרנישט, קען מען אים עפּעס צווואַרפן, און דעם, וואָס ס׳קומט אַ מטמון, קען פון אים זיין פריי. און קיינער וועט נישט זאָגן, אַז ס׳איז קרום. מיר אָבער, גייט איצט נאָך די שטענדיקע מאַטעריעלע געענגטקייט אין שטוב, ווי אַ שאָטן נאָך דער ערנסטקייט פון די געשעענישן.

אַ סך אַנשטאַלטן אַרבעטן אויך איצט אַ איגעם היינטיקן אָפּרוטאָג. דערווייל נאָך נישט אַלע. אַז ס׳גייען אַוועק צענדליקער יאָרן און מען ווייסט נישט אין לאַנד פון קיין מלחמה, וווּנדערסטו זיך — צו וואָס דאַרף מען האַלטן אַן אַרמיי? זי עסט דאָך אָפּ דעם קאָפּ! פּלוצעם שיסט אויס אַ מלחמה און אין איין טאָג הייבסטו אָן צו פאַרשטיין די נויטיקייט פון דעם פאַר אַלע צוואַנציק יאָר מיט אַ מאָל.

ביילקע האָט מיך אויפגעהאַלטן און נישט דרייסט געזאָגט, אַז אַלע מאָל ווען דאָס שיסעריי הייבט זיך אָן און אַלע לויפן זיך באַהאַלטן אין מקלט אַריין און נאָר איך איינער בלייב אויפן פּערטן שטאָק, קערט זי זיך אום אין שטוב מיט אַ מורא, — ס׳דוכט זיך איר, אַז זי וועט מיך טרעפן ליגן מיט אויפגעשניטענע אָדערן. איך האָב זיך מיט דעם נישט פאַרנומען אַזוי קאָנקרעט, נאָר אירע פאַרדאַכטן האָבן אונטער זיך אַ שטיקל גרונט. פון אַלץ, וואָס מע נעמט זיך איצט אַרויף אויפן געדאַנק, איז דאָס דאָס ליבסטע שוין זיין אויף יענער וועלט. אַפילו נאָר די אויסזיכט צו ווערן אַ „בעזשענעץ״ איז גענוג, בפרט, אַז מע הערט זיך אָן וועגן היטלערס „גן־עדן״, וואָס ער ברענגט מיט זיך אין די ערטער, וווּהין ער קומט, שרעקט און שווידערט. אָבער ווען דו טוסט אַ קלער, אַז אויך אויף אים קען נאָך קומען די מהומה, דעמאָלט ווילט זיך שטאַרק, זייער שטאַרק לעבן און דערלעבן עס זען מיט די אייגענע אויגן.

מיר זאָלן זיך גיין באַשטעלן אויף אַרבעט? דבורה, ביילקע, איך?... וואָס פאַר אַן אַרבעט סע נישט איז... ווען מען זאָל גלייבן, אַז קיעוו וועט זיך האַלטן. נאָר איך האָב דערווייל געקראָגן אַ פּאָוועסטקע אויף מאָרגן אין וואָיענקאָמאַט* אַריין. אויך מיר אַ סאָלדאַט! איך האָב נאָך אויף מיין לעבן קיין ביקס נישט געהאַלטן אין דער האַנט.

געזען היינט אין טראַמוויי אַ ליב קליין קינדעלע אויף דער מוטערס שויס. אַזאַ פיין קינדעלע פון אַ חדשים אַכט. די מוטער איז גענוג פאַרטשאַדעט, נאָר דאָס ברעקעלע לעם דער מוטערס האַלדז איז אַזוי לויטער געקליאַרעוועט מיט גריבעלעך אין די בעקעלעך און פילט זיך נאָך אויסגעצייכנט. דו קוקסט, כאָטש דו שמייכלסט צו דעם, אָבער אין האַרצן ביי דיר שטיקט זיך אַ געשריי: די דאָזיקע לעמעלעך, וואָס זענען זיי, נעבעך, שולדיק?!

---

* קריגסקאָמיסאַריאַט.

געלייענט טשעכאָווס „מוזשיקי״. אַ ביסל פֿרעסט די זאַך אויפֿן געמיט פֿונעם לעזער, נאָר ס׳וואַרפֿט זיך אין די אויגן, ווי אַלגאַ, די שנור פֿונעם אָרעמען פּראָסטן הויז, זאָגט: „מען דאַרף קיינעם נישט אָנרירן צום בייזן, קיינעם אין דער וועלט. נישט קיין פּשוטן מענטשן, נישט קיין דייטש, נישט קיין ייִדן, און אַז ווײַ איז אַפֿילו צו דעם, וואָס שווינט נישט קיין הייליקייט״.

ס׳איז אַ דושנער פֿאַרנאַכט. אין דרויסן דונערט צו ביסלעך. ביילקע האָט געמיינט, אַז מען שיסט. צי דען נאָר ביילקע? אָבער איצט זענען עס טאַקע אמתע דונערן. קאַרג מענטשן שרעקן זיך פֿאַר אַ בליץ? מען קען נאָך, חלילה, דערהרגעט ווערן! אָבער דער גלייכער געדאַנק קומט אָן, רוימט דיר אײַן אויפֿן אויער: נאַרעלע, הלוואַי! שיין, ריין און ציכטיק. פֿון גאָטס האַנט און נישט פֿון קיין מענטשנס... און אין דרויסן שפּילן דערווייל קינדער, טומלען, הילכן, כרוקען און יאָגן זיך איינס נאָכן צווייטן. ווען איך קען עס כאָטש פֿאַררעכענען פֿאַר אַ גוטן סימן?!...

## שוין אַוועק אַ גאַנצע וואָך

דעם ערשטן יולי אין דער פֿרי איז ביילקע אַוועקגעפֿאָרן קיין דאַרניצע. זי וואָלט וועלן ערגעץ אָנקומען אויף אַרבעט. פּראָסיע וועט אויך מוזן גיין אויף אַ מלוכישער שטעלע צוזאַמען מיט פֿיל אַנדערע שטוב־אַרבעטערינס. ס׳רעדט זיך אַזוי — אַ שטעלע. מיינען מיינט עס: גראָבן אָקאָפּעס, אָדער העלפֿן אויף די פֿעלדער אין דער לאַנדווירטשאַפֿט. זי וויינט פּראָסיע. כאָטש זי ווייסט, אַז מען מוז גיין, און זי ווייסט נאָך אַפֿילו נישט צי ס׳וועט איר דאָרט זײַן שלעכט, ווײַל אויב ס׳רעדט זיך וועגן פֿעלדאַרבעט, האָט זי עס גראַדע ליב. זי איז אויסגעוואַקסן מיט דעם.

לייבעלע שטייט אויף פֿון שלאָף. דבורהל דערציילט אים, אַז מען רופֿט מיך אין וואָיענקאָמאַט. האָט ער זיך גאָר דערפֿרייט: „נאַקאַניעץ טאָ״! (סוף־כּל־סוף). ער איז זייער אָרנטלעך פֿון דער נאַטור. ער פֿאַרשטייט, אַז אויך מיר דאַרפֿן טראָגן אויף זיך אַ טייל פֿון דער שווערקייט. איז ווער וועט גיין אויף דער מלחמה, אויב נישט דער טאַטע? דערצו דאַרף ער נאָך עטלעכע אויסגעשאָסענע פּאַטראָנעס אָדער גילזעס. האָט ער מיך גלייך גערופֿן אין שלאָפֿצימער אַרײַן און געבעטן איך זאָל אים אָן תּירוצים אײַנשאַפֿן אַזעלכעס.

געווען אין וואָיענקאָמאַט. מען האָט איבעררעגיסטרירט דעם בילעט און איך קען זיך גיין וווּהין איך וויל. די היים ציט נאָך צו זיך. גוט איז אַ חיי־שעה...

מײַן באַציִונג, בעסער געזאָגט — מײַן ציִונג צו דער שענערער העלפֿט צו אונדזערער, איז גאָרנישט צו באַשרײַבן. און פֿון דער צווייטער זײַט קוק איך איצט אויף פֿרויען, אויף קינדער, און אַפֿילו אויף אונדז מענער, און איך זע אויפֿגעשניטענע בײַכער מיט אַרויסגעלאָזטע קישקעס — דעם דייטשס ליבסטע טועכץ. און ווען

מען וויל באַקלערן, איז עס נאָך אפשר גוט... ערגער איז, אַז מען לאָזט לעבן אין חשכות און פוילעניש, אין וואַנזין, פּאַרלייזיקט, הונגעריקע און דערפרוירענע, מען זאָל זיך פון דיר אָפּקערן, ווי מען קערט זיך אָפּ פון אַ שטיק געלן אומריינעם לייכעץ אויסגעשפּיגענעם אויפן ברוק.

אַ מאָל איז געווען אַ גאָט, איצט איז דאָ געשיכטע. אָבער צו וואָס נוצן זיי, דער גאָט אָדער די געשיכטע, די טייכן בלוט, די אוממענטשלעכע פאַרצווייפלונג אין געהאַקטע ווונדן און דערנידעריקונג? און היינט, אַז איך האָב געוויזן מיין פּאַספּאָרט אין וואַיענקאָמאַט האָב איך דערזען — נאַציאָנאַליטעט? — ייִד — און ס'האָט מיך אינעווייניק אַ וואַרעם געטאָן אַזאַ שטראָם פון ליבשאַפט, אַז איך בין גרייט געווען קושן זיך, מיין פּאַטאָקאַרטעלע. יאָ, ס'שרייבט זיך דאָרטן „יעווריי!" ס'איז מיינס. ס'איז דערווייל אפשר דאָס נאָענטסטע, וואָס איך פאַרמאָג.

פראָסיע איז דערווייל געבליבן אַ שטוביקע. נאָר זי יישובט זיך, אפשר זאָל זי גאָר פאַרנעמען אירע זאַכן און פאָרן קיין פּעטרושי — אַהיים צו זיך און אַן עק זאָל עס נעמען. זי איז מיט אונדז זייער געוווינט. אַז זי דערמאָנט זיך אַז זי וועט דאַרפן אונדז פאַרלאָזן און ס'איז נאָך אַזאַ צייט — ווער ווייס צי ס'וועט נאָך אויס־קומען אַ מאָל זיך זען — גיסן זיך ביי איר טרערן פון די אויגן. אין מיטן וויינען טוט זי שולדיק אַ לאַך: זי איז דאָך אַ דערוואַקסענער מענטש, איז איר דען קיין חרפּה נישט זיך צעוויינען, ווי אַ קליין קינד?!

מיר זענען איר שולדיק דריטהאַלבן הונדערטער. האָבן מיר איר געגעבן געלט אויף אַ באַנבילעט און פאַר דעם איבעריקן — אַ שטיקל צייג, וואָס קאָסט אונדז אין קראָם דריי הונדערט מיט ניין רובל. און לאָמיר האָפן, אַז די וועלט לאָזט זיך נאָך נישט אויס.

אַהיימגייענדיק היינט פון וואַיענקאָמאַט האָב איך געטראַכט וועגן זיך אַליין: מע וועט זיך זיכער אַלע צעפאָרן. נו, און מיינע כּתבים, מיינע ביכער, וואָס כ'האָב אָנגעזאַמלט פולע שאַפעס מיט פולע פּאָליצעס, וואָס כ'האָב זיך אַזוי געקאָכעט אין זיי?... די ביכער זענען דאָך אַ סך נישט דערעסענע וואַרמעסן. און ס'טוט מיר דאָך נישט די וואַרמעסן באַנג. דערנאָך קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז אינעם צווייטן האַלבקיילעך, ווו מענטשן וויסן נישט פון קיין קריג, איז דאָך מעגלעך, אַז אין שריפטשטעלער זאָל אַ זאָג טאָן צו אַ צווייטן: געווען דאָרטן איינער אַ גוטער שרייבער קיפּניס... אַ יאָר פינעף און פערציק אין גאַנצן... און צווישן די יונגע איז געווען אַ גוטער פּאָעט דיאַמאַנט...

נאָר וואָס האָט מען אָנגעקלונגען פון פאַראיין, אַז איך דאַרף דאָרט אויף זיין די נאַכט פון 9.30 ביז 4.30 און דעם דריטן יולי זיין אויף דער וואַך ביי נאַכט ביי אונדז אין הויף. דער דריטער יולי האָט זיך צוליב איינעם אַ פּרט פאַרגעדענקט. איך בין אויף געווען אַ צוויי־דריטעהאַלבן שעה אין הויף ביי אונדז. פּונקט אין דעם

משך האָבן אייניקע שרייבער־משפּחות פאַרלאָזן די שטאָט — פאַנטש, רילסקי, מאַלישקאָ, פּעפּער און אַנדערע. מיר, געציילטע, וואַכלייט, האָבן געזען, ווי יענע שורשען איבער די פינצטערע טרעפּ, שלעפּן פּעק און גנבענען זיך צו דער מאַשין. אָן אויטאָבוס איז נאָך זיי געקומען פון פּאַראַיין. געגנבעט האָבן זיי זיך נישט פונעם שונא, וואָס לאָקערט. דער שונא איז נאָך, זעט אויס, נישט אַזוי נאָענט. זיי האָבן זיך געגנבעט מיט זייערע נישט אין גאַנצן געוויסנהאַפטע פּריווילעגיעס. זיי האָבן זיך אַזוי ווי געשעמט פאַר אונדז, פאַר די געציילטע עדות, וואָס האָבן עס געזען.

אַגב, וועלן היינט ביי טאָג אַרויספאָרן פרויען און קינדער פון די שרייבער, וואָס זענען אַוועק אויפן פראָנט. אַז ס'מעגן און ס'דאַרפן אַרויספאָרן פאַמינס ווייבל מיט צוויי קליינע קינדער, איז ביי קיינעם קיין פראַגע נישט. נאָר צו וואָס כאַפּט זיך אַזוי גיך אַרויספאָרן אַזאַ געזונטע, אויסגעפּאַשעטע שקאָפּע, ווי מיקאָלאַיטשיכע? איינע אַליין, אָן אַ קינד, אָן אַ רינד? דאָ קומט שוין דער פּאַרדראָס, און דאָס האַרץ איז צעוויטיקט ווי אַ נאָסע ווונד.

## און אַהער אויב דו'סט גיין, וועסטו שטאַרבן...

די נאַכט אַנטקעגן דעם פערטן יולי איז געווען אַ שרעקלעך שווערע. די גאַנצע וועלט זעט דיר אויס פוסט און פאַרצווייפלט. דאָס פייניקט דיך אומרחמנותדיק. צו פאַר טאָג צו — אַ האַרץ־אַטאַקע! און דערנאָך איז דורכגעגאַנגען און איך בין גרייט זיך פילן גרינגער.

איך באַגעגען אַ סך פאַרטשאַדעטע מענטשן, ווי אין אַ הייסן שווערן תענית. מען שטעלט זיך אָפּ, מען רעדט ווינציק. אין פאַרלאַג געזען עטלעכע יום־כּיפּורדיקע פּנימער. צווישן זיי האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין בלייכקייט דער אַלטער בער סלוצקי, באַגעגנט ליפּען. ער איז שרעקלעך פאַרלאָרן, כּמעט פאַרצווייפלט. איך זשאַלעווע אים. מע קען קלערן, אַז מיר איז בעסער.

וווהין אַרויספירן די געזינדן? די שרייבער עוואַקוירן זיך טיילוויז קיין סאַמאַרע. הבורהס מיט ליאָניעס רייז איז נאָך נישט געקומען. זי איז שטאַרק אומרויק. ס'קען פאַרדריסן אויך: אין דער רשימה זענען דאָ פאַרפאַלקן, וואָס האָבן נאָך אַפילו נישט קיין קינדער. פאַר וואָס קומט זיי אַרויספאָרן פריער?

די פּערספּעקטיוו פון איבערלאָזן די אייגענע נעסט, די שאַפּעס ביכער, דעם טיש און דעם געלעגער און זיך אַוועקלאָזן אין אַ געענגטן האַלב־בעטלערישן לעבן. אויב ס'געפעלט דיר נישט, קענסטו בלייבן... ווי אַזוי דערציילט זיך עס דאָרטן אינעם פאָלקס־מעשהלע? איינער איז געקומען צו אַ שיידוועג. אַהער, אַז דו וועסט גיין, אויפן ערשטן וועג, וועט דיך אַ וואָלף צערייסן. אַהער, אַז דו וועסט גיין, אויפן מיטלסטן וועג, וועלן דיך גזלנים טויטן. און אַהער, אַז דו וועסט גיין, אויפן עקסטן,

וועסטו אַליין שטאַרבן!... איצט זיי אַ קלוגער און קלייב פאַר זיך אויס.

פאַר נאַכט האָט זיך צעטראָגן אַן אומגעריכטע הייסע ידיעה, אַז לעמבערג (לוואָוו) האָבן מיר אָפּגעשלאָגן אויף צוריק! קען דען עפּעס זיין בעסער? אויב ס'איז טאַקע אמת, זאָגט דבורה, איז זי גרייט פונאַנדערפּאַקן די זאַכן און אין ערגעץ נישט פאָרן!... הלוואי!

נחום באַמזע איז געווען ביי אונדז אין הויף. ער קען שוין אויף זיך באמת זאָגן „אני הגבר ראה עני". ער איז אַ סך קילאָמעטער געגאַנגען צו פוס, ביי טאָג זיך אויסבאַהאַלטן אין דער שטייענדיקער תבואה און ביי נאַכט זיך געגנבעט. מיט ניסים אַרויסגעטראָגן דאָס לעבן פון אַזאַ שׂרפה, וואָס ווייסט נישט, וואָס רחמנות הייסט.

געווען ביי אונדז איינער אַ ייִד — גאָלדבוים. ער האָט גערעדט וועגן מיינע ווערק אי מילד, אי היפּש. ס'איז אונדז ביידן געווען אַ חידוש, וואָס קיינער צווינגט אונדז נישט און פּלוצעם — נאַ דיר, אין אַזאַ שעה, רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן... נייִן, צוויי משוגעים דאַרף מען אויסשרייבן און אונדז ביידע אַריינשרייבן.

יוסף האָט גערעדט. אַ סך מענטשן האָבן זיך געקליבן אַרום די הויכרעדערס. יעדערער וויל עפּעס הערן. ווען גאָט העלפט און מען הויבט אָן אַרויסקנאַקן דעם דייטש פון דאַנען. ווי, וויפל מענטשן זענען פריטשמעליעט?... וויפל לאַסטמאַשינעס מיט ווייבער, קינדער און געפּעק גרייטן זיך רודערן אויפן וועג קיין כאַרקאָוו! ליפּע מיט דער פאַמיליע זענען שוין נעכטן אַוועקגעפאָרן.

דבורה האָט צו מיר מיטלייד. זי זעט, אַז מיין אָפּגעלאָזנקייט איז נישט מיין שולד. ס'איז מיין קרענק. זי איז קיין מאָל נישט קיין גייערין צו די שרייבער. נאָר דאָס מאָל האָט זי זיך איינגעשטעלט און איז אַוועק אין פאַראיין. זי וועט זיך צע־ווייגען, זי וועט פרעגן ביז וואַנען איז דער שיעור? צי דען וועט מען דערלאָזן, אַז איר קינד זאָל דאָ בלייבן?...

די גרעסטע, אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים פון פאַראיין האָבן מיט איר גערעדט ווי מיט אַ גליכן, אמת אָנטרויעריש. „איר וועט אַוועקפאָרן פריִער, ווי איר קלערט אַליין", — האָבן זיי איר געזאָגט, — „זייט גרייט..." דערנאָך האָט איר דער יונגער באַלעבאָס אַ זאָגן געטאָן: — „ס'כמאַרעט זיך אין דרויסן, גייט נישט אַוועק. אין צוויי־דריי מינוט אַרום פאָרן מיר, וועלן מיר איך צופירן צו דער שטוב." אויף רוסיש באַקומט זיך עס נאָך בעסער — „פּאָדבראָסים" — און זי איז אַוועקגעפאָרן מיט גרויסער נאַטשאַלסטוואָ... אויפן האַרצן איז איר געוואָרן גרינגער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

טעג זענען אַוועק גאָר ווינציק, נאָר אויסגעצויגן האָבן זיי זיך זייער לאַנג. דבורה האָט עפּעס געגרייט עסן אויפן וועג. ווי געענגט מיר זאָלן ניט זיין מאַטעריעל, זענען דאָך דאָ קלייניקייטן וואָס מ'וואָלט געקענט מיטנעמען. זומערצייט האָט מען,

ווי עס דאַרף צו זיין, אָנגעפּרעגלט אַ ביסל איינגעמאַכטס, מע האָט זיך ווי ביי לייטן פאַרגרייט אַ האַלבן פודל צוקער אין קאָרידאָר אין שאַפּקעלע אויף דער אויבערשטער פּאָליטשקע, אָבער וווהין וועט מען עס איצט פירן? אין ערגעץ נישט. מען וועט עס איבערלאָזן אויף הפקר. ווער וועט עס צונעמען? ווער ס׳וועט וועלן. ווער וועט עס עסן? אויב מענטשן מענטשלעכע — זאָל זיי זיין צו געזונט.

## ווען די היים איז שוין קיין היים נישט

שרייבער, וואָס האָבן געוווינט ערגעץ אויף אַנדערע גאַסן, האָבן זיך געקליבן צו אונדז אין הויף אַריין. צענדליקער פאַמיליעס האָבן געגעכטיקט אין הויז פון „ראַליט",* ווער ביי באַקענטע און ווער ס׳איז ערשט געוואָרן באַקענט. די בלאָשטיינס האָבן געגעכטיקט ביי אונדז. פייגעלע מיט איר שוועסטער ליאַליע און זייערע אָן אָנגעפּאַרענע פלימעניצע זענען אויך געקומען צו אונדז. זאַכן, וואָס מ׳האָט צוריק מיט אַ חודש טייער געהאַלטן, זענען הפקר. מיינס איז נישט מיינס, דיינס איז נישט דיינס. וווהין וועסטו עס שלעפּן, ווער וועט דיר אַריינלאָזן מיט גרויסע פּעק? ווער וועט דיר די גרויסע פּעק העלפן טראָגן?...

שוין! מע פּאָרט שוין!

אַזוי גיך? ס׳איז דאָך נאָך זייער פרי?!...

גיכער!

מען האָט אויסגערופן אונדזער נאָמען — פיר מענטשן. האָט מען דען פריידקען נישט געקענט נעמען? און בליומען אויך נישט? סיידן גיין מיט ליגונים, מיט אָנשטעל, מיט אָפּנאַרעריי? באַקומען קורווישע אויגן און קופּערנע שטערנס?! גערעכט! וואָס נעמען? וואָס איבערלאָזן? איך האָב זיך געבייזערט אויף דבורהן: — נעם נישט קיין איבעריקע זאַכן! דו קוילעסט מיך! אַלץ איז פאַר אונדז אומגעריכט, אַלץ איז פאַר אונדז נישט אַזוי ווי מיר האָבן געקלערט: די פּעק אונדזערע האָט מען גענומען אויף מאַשינעס. אַליין זענען מיר געגאַנגען צו פוס. ווער ס׳וויל נאָר אויף אונדז אָנשרייען — שרייט אָן, ווער ס׳וויל זיך שאַפן מיט אונדז — איז עס דאָס גרינגסטע צו טאָן.

אַ כמאַרנער פרײַטאָג. אין מיטן דרינען אַן אומגעבעטענער אַלאַרם. איצט איז די צייט פון אַן אַלאַרם? מיר האַלטן זיך באַנאַנד. מיר גייען שוין אין גלות אַריין. אייניקע שטאָטלייט, וואָס זענען פרי אויפגעשטאַנען, שטייען אין די הויפן, קוקן אויף אונדז און זענען אונדז געוויס מקנא, אייניקע — באַדויערן, אַנדערע — באַגלייטן

---

* „ראַליט" — „ראַדיאַנסקאַ ליטעראַטוראַ" — אַזוי האָט געהייסן דאָס הויז, ווו עס האָבן געוווינט די שרייבער.

אונדז מיט פאַראַכטונג. און דו האָסט גאָרנישט קיין צייט אויף דעם אַלעמען זיך אַרומקוקן, דאָס אָפּשאַצן ווי געהעריק. מיר זענען שוין אויף פאָדאָל, ערגעץ לעבן דניעפּער. מיר פרעגן זיך אויף עפּעס אַ טוראָווער גאַס. אַזוי פיל יאָרן וווינען אין קיִעוו און נישט וויסן, אַז דאָ איז פאַראַן אַ גאַס מיטן נאָמען „טוראָוו". מיר זאָלן כאָטש נישט פאַרבלאָנדזשעט ווערן, מען זאָל אָן אונדז נישט אָוועקפאָרן. צו אונדזער גאַס שטייען מיר שוין מיט די פּלייצעס. מיר זאָלן זיך צו איר ווען האַלטן אייגן, קענען מיר שוין נישט. און זי צו אונדז — ווער ווייסט?...

אָט איז זי די שיף! ס'איז אונדזער שיף! אָט דאָרטן פון אויבן זענען שוין אונדזערע מענטשן. אָן זענען די, וואָס שאַפן זיך, וואָס ציילן אונדז. אַז מען וויל קען מען מיינען (אַנדערש דערוועגן מיר זיך אַפילו נישט צו קלערן), אַז מען האָט זיי אַוועקגעשטעלט פאַר אָרדענונג־האַלטער. אין דער אמתן אָבער איז צו גלויבן, אַז ס'האָבן זיך אויסגערופן אַזעלכע, וואָס ווען אַ דאַנק דעם קענען דורכשלעפן מער פעקלעך, וואָס וועלן אַריינשמוגלען מער מיט אַ מענטשן. איך קען נישט האָבן קיין טענות צו זייערע מענטשן, נאָר פאַר וואָס האָב איך זיך נישט דערוועגט בעטן פאַר פריידקען מיט איר געליבקן זון? זיי זענען דאָך לייב פון מיין לייב. אָט־אָ זענען דאָך דאָ מענטשן וואָס זענען ניט געווען פאַררעכנט מיטן צעטל. נאָר איך בין ביז גאָר אָנגעשראָקן, אַז מען זאָגט פיר — איז פיר...

די שטופעניש איז נישט געווען נויטיק. די שיף האָט אונדז אויפגענומען רויִק און איז אָפּגעשווימען פון ברעג, ווען אַלע זענען שוין געווען פון אויבן. ביים גאַנצן נישט וועלן אַוועקפאָרן פון דער היים, איז דאָך פאָרט געוואָרן גרינגער... היטלער, ימח שמו! זאָל ער ברעכן רוק־און־לענד און נישט דערלעבן קומען אַהער! אָבער ער גייט דאָך מיט זיינע קוילערס. און די שיף, ווי זי איז נאָר אָפּגעשטיגן, איז עס שוין געווען פאַר אונדז אַן אָנזאָג, אַז די מאַשינערעדער און די געוואַסערן טראָגן אָפּ ווייטער פון אים, פון דער קללה און דעם פחד.

סיי אויף דער שיף, סיי אויפן אייזנבאַן (דערנאָך דעם) האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דבורה האַלט אונדז אויף די פיס. מיר טרינקען פון דער פלאַש, וואָס זי האָט מיטגענומען, מיר עסן דעם ביסן, וואָס זי האָט פאַרפאַקט. מיין דאַנקבאַרקייט לייענט זי אין מיין בליק און ענטפערט מיט אַ פאַרשטאַנדיקן שמייכל. זאָל איר גאָט געבן געזונט און גוטע יאָרן! זיי געבענטשט! מעגלעך, אַז איך גופא בין שוין נישט ווערט דו זאָלסט אויף מיר פאַרשווענדן דיינע כּוחות, אָבער די קינדער?! ביילקע און לייבעלע, דו ראַטעוועסט דאָך זיי!

איך באַמי זיך אויפקלייבן אַלע כּוחות און אויסזען צווישן מענטשן נישט פאַרלאָרן. מיט וואָס בין איך ערגער פון לייטן? זיי אַלע האָבן דאָך אויך פאַרלאָזן די שטאָט! אָט איז יוכים מאַרטיטש — אַ יידיש־אוקראַיִנישער שרייבער מיט זיינע עלטערן. אָט איז דער באַלעבאָס פון ליטפאָנד — ווינאָגראַדאָוו מיט זיין פרוי. דאָס

מיידל, וואָס זיי פירן מיט זיך און גיבן זי אָן פאַר אַ פלימעניצע, האָט זיך פשוט אונטערגענומען זיי העלפן שלעפּן דאָס געפּעק. און פּעק האָבן זיי פאַר זיך באַזאָרגט מער פון אַלעמען. אָט־אָ פאָרן דער באַרימטער דראַמאַטורג מיט דער פרוי פון דער פינפטער דירה. פון איר האָט מען געהערט אַזעלכע רייד, וואָס איך האָב זיך נישט געקענט גלויבן לאַנג־לאַנג: ס׳געפעלט איר נישט די שיף, ס׳געפעלט איר נישט די טיי, זיי וועלן זיך אין דניעפּראָפּעטראָווסק קויפן בילעטן און וועלן פאָרן ווי מענטשן... הערט אַ מעשה!? צי דען איז עס מעגלעך? צי דען עקזיסטירן נאָך קאַסעס מיט באַן־בילעטן? און אַ מענטש, אויב ער האָט נאָר פאַר וואָס, קען זיך קויפן אַ בילעט און אַפילו דער טרעגער, דער וואָקזאַל־משרת, קען עס פאַר זייערט וועגן קריגן?... ווינאָגראַדאָוו, וואָס זיין חוב איז אַכטונג געבן אויף אונדזערע פאַמיליעס און אונדז ברענגען צו אַ ברעג, אַפילו ער פרעגט מיך: — איר האָט מער נישט ווי 300 רובל אויפן וועג? ווי אַזוי הייבט זיך אויף אַ פאַמיליע פון פיר מענטשן מיט דריי הונדערט רובל אין אַזאַ וועג אַריין?!

זיינע רייד האָבן מיך געזוכט צו פאַרשעמען. איך האָב אים געענטפערט מיט פאַראַכטונג: — „אויב איך האָב מער נישט געקענט צונויפשאַרן ווי דריי הונדערט, האָב איך בעסער געדאַרפט בלייבן מיט די קינדער און זיך דערוואַרטן אויפן דייטש?"
— ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און איז אָפּגעגאַנגען ערגעץ ווייטער.

די שיף האָט אונדז געפירט. לעבן מאַשינטייל האָט געאָטעמט מיט היץ. ווייטער־צו איז געווען פריש. איך האָב זיך צוגעקוקט צו אונדזערע מענטשן. אַנדערע קען איך, פון אַנדערע ווייס איך נאָר דאָן, ווען מע רופט זיי מיר אָן. איך האָב ביי ביילקען געפרעגט אַ זאַך, וואָס קיין קלאָרער וועט עס נישט פרעגן. איך האָב אַלע ביכער איבערגעלאָזט, נישט גענומען מיט זיך קיין תנכל, נישט גענומען קיין כתבים, נישט אַריינגעלייגט אין טאַש קיין באַנד ביאַליקס, קיין קליין ביכעלע יעסענינס, און דאָ פרעג איך ביילקען, צי טאַבאַטשניקאָוו האָט אומגעקערט דאָס ביכל, וואָס ער האָט ביי מיר געבאָרגט? ביילקע האָט מיך פר:ער אָנגעקוקט, דערנאָך האָט זי מיך אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און געענטפערט מיט אַ טרויעריקן שטילן שמייכל:
— יאָ, ער האָט, דוכט זיך, אָפּגעבראַכט...

אַזוי טרעפן זיך אין אַ גרויסער שׂריפה ביי מענטשן קינדערשע אומבאַטראַכטע געגנג. אויב איך בין נאָך ביים זינען, וועל איך מיינע קינדער מער אַזעלכע פראַגעס נישט פאַרגעבן.

## אין שטוב און אין דרויסן

איך בין אַ ווינציקער פאָרער. געשעפטלעך קומט זעלטן ווען אויס צו פאָרן. אומרייזן צוליב וויסן, אָדער צו פאַרווילן זיך, קומט אויך נישט אויס. ווען כ׳זאָל

זיין אַ ביסעלע מוטיקער, וואָלט מען אויך פון דער איצטיקער גלות־נסיעה עפּעס געקענט נאַשן: אי אויף וואַסער פאָרן מיר, אי לעבן האַפּנס שטעלן מיר זיך אָפּ, אי אייגענע מענטשן זענען דאָ אַרום. דניעפּראָדזשערזשינסק איז שוין נאָענט צו דניעפּראָפּעטראָווסק. קוימענס ריזיקע פּיפּקען דאָ נישט מיט קיין רויך, נאָר זיי אָטעמען מיט פּייער. קיין פויגל וועט איבער די דאָזיקע קוימענס נישט פליִען — ער קען גלייך אויפן אָרט פאַרברענט ווערן. אויך די פלימאַשינעס, אויב זיי ווילן דאָ פאַרבייפליִען, דאַרפן זיי זיך אויפהייבן גאָר הויך. דעם מענטשנס בליק רייסט זיך צום אויסערגעוויינלעכן. ס׳איז גראַנדיעז. און די מלחמה? יאָ, טאַקע ווייל ס׳איז אַ מלחמה, אַרבעט מען מיט גרעסערן אימפּעט.

אין דניעפּראָפּעטראָווסק דאַרף מען זיך זעגענען מיט דער שיף. די ביטערניש פון פאַרוואָגלט ווערן פילט זיך נאָך שטאַרקער, ווייל די שיף מאַכט דאָך נאָך אַ רייס צוריק קיין קיִעוו. היינט וועט זי אָנלאָדן קוילן, נאָך נויטיקע זאַכן, מאָרגן איז זי שוין אַ שיף, וואָס שווימט קיין קיִעוו. אפשר פאַרקריכן ווי אַ זשוקעלע אין אַ שפּאַרונע און פאָרן צוריק אַהיים? אייגנטלעך, ווי מיט שפּראַכן, איז נאָך מערער מיט מיינע הימען: ארץ־ישׂראל — אַ היים, כאָטש איך בין דאָרט פיזיש קיין מאָל נישט געווען. סלאָוועשנע איז די היים, וווּ מען איז געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן. קיִעוו איז די היים, וווּ מיינע קינדער זענען געקומען אויף דער וועלט, וווּ מיינע ווערק האָבן דערזען די ליכטיקע שיין, וווּ צוואַנציק יונגע און מיטעלע יאָרן מיינע זענען אַוועק.

קופּקעלעך, קופּקעלעכווייז האָבן מיר זיך פאַרנומען ערטער אויפן וואָקזאַל און האַפּנפּלאַץ. אָן־אַ זיצן די פּינטשעווסקיס מיט זייער איינציקן זון. זי איז אַ שיינע, כּסדר בליט זי. אָט־אָ זענען די בלאָשטיינס מיט זייער איינציקער טאָכטער. אָן־אָ איז טערעשטשענקאָ, אָט איז אילטשענקאָ, אָט איז דער באַלעבאָס פון ליטפאָנד מיט זיין ווייב, פאָטער און מוטער און „פלימעניצע”.

מע פרעגט איינער דעם צווייטן, מע וויל וויסן, וואָס שטייט וויטער פאָר?

ווען מע וויל קען מען זיך אַ ביסל איינוואַשן. פון קראַן פליושקעט זיך דאָס וואַסער צום ברוקירטן ברעג. דאָס וואַסער איז מיט פעטקייט פון די שיפן, וואָס שווימען נאָענט. נאָר די זון שפּיגלט זיך אין דעם וואַסער און דאָס וואַסער שפּילט קוועלנ, קומט צו דיר מיט אַ באַזונדער מין וואַרעמקייט, ווי זי וואָלט זיך צו דיר געלאַשטשעט. אפשר זיך אַרומוואַשן, עפּעס אַרויסנעמען צום איבערבייסן. אַז מען פאָרט אויף אַ קוראָרט, איז מען דאָך אויך אין וועג. נאָר וואַשן וועט מען זיך דאַרפן לויט דער ריי. ווער סע וועט בלייבן לעבן די פּעק, און ווער סע וועט גיין צום ברעג זיך אַרומוואַשן.

די אַלבערטאָנס ווינען דאָ אין שטאָט. ס׳איז געבליבן, אַז איך מיט לייבעלען גייען אַהין נעכטיקן. דבורה מיט ביילקען וועלן בלייבן מיט די זאַכן. אפשר וועט אין אָוונט איינע פון זיי אויך קומען צו די אַלבערטאָנס. די שטאָט איז נישט איבעריקס

אויסגעפּוצט, נאָר די מויערן זענען פעסט באַפּעסטעטערט, די גאַסן זענען ברייט־ברוקירטע. די שטאָט איז זיך אַ שטאָט. קיין טומל פילט זיך נישט. אפשר בין איך פאַרטומלט פונעם פאָרן.

די אַלבערטאָנס וווינען אויפן פערטן שטאָק. זיי האָבן אונדז אויפגענומען אַ ביסל צוגעשטילט, נאָר היימיש. לייבעלע קען זיך מיט זייערע ביידע קינדער פון אירפּענער פּיאָנערן־לאַגער. מיר האָבן זיך נישט באַוויזן אַרומקוקן, ווו די קינדער זענען שוין אַליין פאַר זיך אַ קאָמפּאַניע. זיי שפּילן זיך אינעם שכנישן צימער און דערציילן עפּעס איינס דעם צווייטן. די עלטערע רופן צום טיש. מען עסט אָונטברויט און מע רעדט אויך. קיין איבערפאַל פון הימל איז נאָך דאָ נישט געווען.

אַ רעגן איז אַראָפּ אַ שטאַרקער. ווי אַזוי שלעפּן זיך דאָרט אַרום אונדזערע מיט די פּעק? ווער העלפט זיי? מען האָט פאַר אונדז געמאַכט באַזונדערע געלעגערס. מיר שלאָפן שוין.

און גיי גלייב, אַז דאָס האָבן מיר געבראַכט מיט זיך אַ שיסעריי?! יאָ, דער רעגן האָט זיך טאַקע איינגעשטעלט, דער דרויסן איז פריש און צעגייט זיך אין יעדן אֵבר, נאָר פּלוצעם האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַלאַרם. שוין דאָ אויך? אַלבערטאָן מיטן ווייבל און מיט די קינדער זענען שוין אָנגעטאָן. מע וואַרט נאָר אויף אונדז. איך זאָג זיי שטיל, אַז זיי מעגן גיין, מיר זענען שוין געוווינט און איך וועל מיין יאַטל נישט וועקן, ער שלאָפט זייער געשמאַק, טאָ זאָל ער אָפּרוען. זיי האָבן אַ ווײַלע געקנייטשט מיט די אַקסלען, נאָר זיי זענען אַוועק.

מע זעט אין די פענצטער ווייטע בליצן. פון יעדן זעץ טוט זיך אַ טרייסל דער פערטער שטאָק. איך קוק ווי אַזוי מיין קינד שלאָפט געשמאַק. די הענט צעוואָרפן. ער איז אַ גרויסינקער. דבורה, איך — זענען ווזקסיקע. וועט ער אויך זיין אַ ווזק־סיקער. ער וועט מיך איבעריאָגן. לאָמיר נאָר דערלעבן ער זאָל אונדז אויסוואַקסן. ביי יעדער זעץ קומט אויס אַ קלער טאָן, אַז ס׳איז מן־הסתם נישט קלוג זיך חנען, מע וואָלט דאַרפן אויפוועקן דאָס קינד און גיין מיט אים אַראָפּ. כאָטש איך בין דאָ אין אַ פרעמדן הויז און ווייס אַפילו נישט, וווהין מע דאַרף גיין. וואָס טוען איצט מיינע לייט דאָרטן אויפן וואָקזאַל?...

די מינוטן ציִען זיך אויס פאַר שעהען, נאָר אַ דאַנק גאָט, זיך דערוואַרט! אָט הערט מען שוין באַלעבטע שטימען אויף די טרעפּ. אַלבערטאָן מיטן ווייבל און מיט די קינדער זענען שוין געקומען פון באַהעלטעניש. זיי פרעגן ביי מיר צי ס׳לוינט זיך אויסטאָן און גיין שלאָפן, צי מע קען זיך ריכטן אויף אַ פרישן אַלאַרם?...

אין דער פרי איז געקומען דבורה זיך איינוואַשן. איבערגעביסן. זי דערציילט אָפּגעכאַפּטערהייט, וואָס ס׳האָט זיך פאַרלאָפן. מ׳האָט איר צוריק אויסגעבעט מיין געלעגער, און איך מיט לייבעלען זענען אַוועק צו ביילקען און צו אַלעמען.

דבורה האָט דערציילט, ווי אַזוי דער אַלאַרם איז אויך דאָרטן צוגעגאַנגען מיט

שרעק. צום בריק האָבן די דייטשן נישט געטראָפֿן. די באָמבע איז אַרײַנגעפֿאַלן אין טייך אַרײַן, פּינטשעווסקיס בנאָקל האָט געשריגן, אַז דער פֿאָטער זאָל פֿאַלן אין שוץ־קאַנאַווע אויף אים און אים שיצן מיט זײַן קערפּער. ס׳איז אָדער אַ נאַטור אַזאַ, אָדער די דערציִונג גיט עס.

ביילקע דערציילט מיר, אַז פֿונעם גאָסרעגן האָבן זיי זיך מער אָנגענומען, ווי פֿונעם אַלאַרם. פֿון די זאַכן וועט ווערן אַש און פֿאַרעך אונטערן אָפֿענעם הימל.

פֿאַר נאַכט איז געוואָרן אַן אויפֿלעבונג. מ׳האָט אונדז צוגעפֿירט פּראַכטוואַגאָנען. דעכער — נישט. וועט זײַן הימל, וועט זײַן לופֿט, בלאָטע, שטויב און רעגן. וואָסער? דאָס וועט מען שוין זען גרייטערהייט.

מ׳האָט אויסגערופֿן ווער אין וועלכן וואַגאָן ס׳גייט. אויף די ווענטלעך איז פֿון דרויסן געווען אָנגעשריבן מיט קרייד — 7, 8, 11, 13. שלאָפֿן וועט מען אויף דער ערד. ווער זענען מײַנע שכנים? אַ ווײַלגעפּאַקט קריסטלעך מיידל מיט איר טאַטן, אַלגאַ. זי איז אַן אָנגעשטעלטע אין קאַנצעליאַריע פֿון אונדזער פֿאַראיין. וווהין מיר פֿאָרן ווייסט זי נאָך אויך נישט. דערווײַל האָט אונדז אַ צופֿעליקער דאַמפּער אָפּגעפֿירט פֿון האַפֿנוואָקזאַל צום אײַזנבאַנהויף.

ס׳איז געוואָרן אָוונט. ס׳איז שוין שפּעט אין אָוונט. מע האָט ערגעץ זייער נאָענט געשאָסן און מיר זענען געזעסן אונטער די וואַגאָנעס. ס׳איבלט, פֿאַרשטייט זיך, ווען דו פּילסט, ווי אַזוי דו שמירסט דאָס אָנטאָן לעבן די פּעטע רעדער. ס׳איז פֿינצטער, ס׳איז ענג און אייניקע ווייזן אַרויס זייער מורא נישט אויף קיין שיינעם אופֿן. ווער ס׳הוילט, ווי אַ חיה, און ווער ס׳שרייט אָן: — „שטיל זאָל זײַן, שאַט!" — דער, וואָס שרייט, שרייט אויך שטיל, מע טאָר פֿון זיך נישט לאָזן הערן.

די אַלטע שטוליאַניכע לאָזט זיך אויס, אַז זי קען מיך.

— שאַ־שאַ, — מאַכט זי צום מאַן, — מירן עס נאָך איבערלעבן און דער חבר קיפּניס וועט נאָך אָנשרייבן פֿון אונדז אַן אינטערעסאַנטע דערציילונג און מירן נאָך אים אַלע קלאַפּן בראַוואָ!

איר ווייסט נישט, פֿאַר וואָס שלאָגן מיר די דאָזיקע זיסע רייד צו דער גאַל? איך ווייס אויך נישט. נישט איבעריקס טרוים איך אַפֿילו איצט כ׳זאָל עפּעס לייענען, און דאָ קלײַבט זי זיך נאָך „קלאַפּן מיר בראַוואָ".

דבורה איז שיִער נישט געהרגעט געוואָרן אונטער די רעדער פֿונעם אָפּגייענדיקן באַן: די באַן האָט אָנגעהויבן גיין, דאָס לייטערל האָט זיך אַ גליטש געטאָן פֿון אונטער אירע פֿיס און זי האָט דערפֿילט, אַז אָט־אָט איז איר עק. בלאָשטיינס פֿרוי איז נאָענט געשטאַנען און מיט אירע שוואַכע כּוחות געהאָלפֿן דבורהן אַרויפֿקלעטערן. מײַנע, שוין שטייענדיק אויפֿן פֿעסטן וואַגאָנדיל, האָט געלאַכט און געוויינט. און ווו בין איך געווען? איך בין געלעגן אויף אונדזער חלק דיל און געהאַלטן ביים אײַנשלאָפֿן.

## ס׳פּעלט אונדז שטאַרק אויס

אין ראָסטאָוו, הינטער באַטייסק, איז ביילקע פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן מיט 40 גראַד היץ. נישט מער! דערנאָך האָט זי זייער שאַרף אַ כאַפּ געטאָן דער מאָגן. ס׳איז זייער ענלעך צו דיזענטעריע. אויב מיר וועלן שווייגן, וועלן די איבעריקע נישט שווייגן! טעם גן־עדן! אין אַ וואַגאָן אָן אַ דאַך, אָן בענק, אָן אַ קלאָזעט, אין ענגשאַפֿט, צווישן מענטשן פֿון פֿאַרשיידענעם שטאַנד און פֿאַרשיידענעם עלטער.

אַן עצה אַהער, אַן עצה אַהין און מיר זענען טאַקע אַראָפּ אין באַטייסק. אַ גוטער ביסן! אַ מחיה! אַלע פֿאָרן ווייטער און מיר בלייבן אָן קיינעם און אָן גאָרנישט! נאָר אַן אַנדער ברירה האָבן מיר?

דבורה איז געגאַנגען איינע אַליין אין דער פֿינצטער ערגעץ ווייט נאָך אַ קעסעלע איבערגעקאָכט וואַסער פֿאַר דער שלאָפֿערס וועגן. דבורה האָט זיך דערפֿרעגט צו אַ שפּיטאָל, ווו מע האָט אַריינגעגעבן ביילקען, און מיר אין דרייען זענען אַוועק אין אָבסערוואַציע־פּונקט. דעם טייטש פֿונעם וואָרט ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז איך בין פֿאַרשוויצטערהייט געגאַנגען צו דער מלוכה, פּשוטער געזאָגט — אין שטאָטראַט, און מע האָט אונדז אַריינגענומען אין אַ שיינער ריינער צוזאַמענוווינונג, וואָס איז געעפֿנט געוואָרן פֿאַר דורכפֿאָרנדיקע פּליטים, אַזעלכע ווי מיר זענען.

ריינע אייזערנע בעטלעך, ווייסע וועש, אַ גוטע און מילדע באַציִונג. דריי מאָל אין טאָג הייס געקעכץ, פֿריש ברויט אָנגעשניטן ביים טיש — עס וויפֿל דו קענסט! קיינער ציילט דיר נישט! פֿרישע צייטונגען זענען אויך דאָ. דער הויף איז אַ גראַ־מער. אין הויף זענען דאָ שטילע הינט. דאָ איז עפּעס פֿאַראַן אַ ווירטשאַפֿט נישט קיין פּריוואַטע. מיר האָבן זיך אָנגעפֿרעגט ווו צו נעמען אַלע טאָג פֿרישע מילך. ווען ס׳איז נישטאָ קיין מלחמה, איז עס פֿאַר מענטשן מיט באַשיידענע פֿאָדערונגען אַ גן־עדן אויף דער ערד. אייניקע פּליטים, אונדזערע גלייכנס, פֿירן זיך נישט שיין, האַלטן זיך אומריין, גייען אויף „קליינס״ און אַפֿילו אויף „גרויס״ נישט ווייט פֿון דער גאָרקיך און נישט ווייט פֿון די שלאָפֿצימערן. מיר טוען נישט אַזוי, נאָר די שולד וועלן מיר טראָגן באַגלייך מיט זיי. און ס׳איז נישט שיין.

דער שפּיטאָל איז אין אַ שיינעם אָרט, זעט אויס ווי אַ זומער־ווױנונג. ביילקע פֿילט זיך בעסער. מיר איז גוט, אַז איך זע זי.

מיר גייען אַרויס אַלע מאָל צום וואָקזאַל. עשאַלאָנען שטעלן זיך אָפּ, מענטשן פֿאָרן פֿאַרשיידענע, מערסטן טייל פּליטים. ס׳איז זומערלעב. די זון באַקט. מענטשן לויפֿן אַראָפּ מיט די קענדלעך נאָך אַ קעסעלע אָקרעפּ.

וויפֿל מאָל האָט זיך געוואָלט מיטפֿאָרן מיט די דאָזיקע מענטשן! וויפֿל מאָל האָט זיך געקענט אויסווייזן לויט מיין האַלטן זיך, אַז איך בין אַ היגער תּושב אַ באַטייסקער, אָדער פֿאַרקערט, אַז איך בין אַ שטילער מיטפֿאָרער פֿון אַ דערנעבנ־

דיקן עשאַלאָן.

ביילקע האָט זיך אין פיר טעג אַרום אויסגעשריבן. אייגנטלעך, וואָלטן מיר שוין דאַרפן פריי לאָזן אונדזערע ערטער אין צוזאַמענוווינונג. נאָר ביים דאָקטער סאָקאָלאָוו האָבן מיר מיט עפּעס נושא־חן געווען און ער האָט אונדז געגעבן נאָך פיר טעג. פון זיין זייט איז עס אַ גרויסער גמילות־חסד, איידל און גוטהאַרציק. אָבער צי האָבן מיר רעכט נעמען אַזאַ טובה? גרינגער איז געוואָרן, ווען זיי האָבן זיך צונויפגערעדט מיט דבורהן זי זאָל זיי מאַכן אויף אונדזער שרייבמאַשין די וואַנטצייטונג. כאָטש מיט וואָס ס'נישט אָפּדינען.

די משפּחה פון פיר מענטשן ווייסט נישט אויף וועלכער וועלט מען איז. עשאַ־לאָנען מיט עוואַקויִרטע פאָרן דורך יעדן טאָג צו דריי, צו פיר. מע פאָרט, ערגעץ פאָרט מען דאָך! אפשר זיך אויך אויפהייבן און פאָרן? אָט האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַ בינטל אייראָפּעיִש־געקליידטע מענטשן — צוויי יונגעלייט און איין פרוי. זיי האָבן מיט מיר געשמועסט. זיי זענען פּליטים פון פוילן. זיי קלייבן זיך פאָרן קיין מיטל־אַזיע. זיי וועלן קויפן באַנבילעטן און וועלן פאָרן דורך... זיי האָבן אָנגערופן דעם מאַרשרוט און איך בין זיי מקנא.

האָבן מיר פּלוצעם זיך אויך אָנגעקלערט אויף נעמען דאָס ביסל געפּעק אין דער זאַכנקאַמער און אַרויסגיין צו דער קאָליע. ווו מע וועט אונדז נאָר אַריינלאָזן אין אַ וואַגאָן, דאָרט וועלן מיר זיך זעצן.

מיר זענען אַוועק זיך געזעגענען מיטן דאָקטער סאָקאָלאָוו. ער איז געווען פאַר־נומען, האָבן מיר אים איבערגעגעבן אַ גרוס מיט אַ דאַנק. מיט די מער ליבע פון דער דינערשאַפט האָבן מיר זיך פריינדלעך צעזעגנט.

מיר האָבן אין וועג אַריין פאַרכאַפּט עפּעס ברויט, צום ברויט און... מיר גלויבן זיך אַליין נישט — לייבעלע איז שוין אין וואַגאָן, ביילקע אין וואַגאָן, אונדזערע זאַכן זענען אַרויפגעשלעפּט! און מיר האָפן שוין טאַקע! הערסט?... מען האָט אונדז גענומען אָן רייד, וועסט גלויבן אַזעלכעס? מיר האָבן אַזאַ גוטן גאָט, צי דאָס זענען אונדז צוגעשיקט געוואָרן אַזעלכע גוטע מענטשן?

גרינגער פון גרינג איז אונדז אָנגעקומען דאָס זעצן זיך אויפן באַן. מעגלעך, אַז דאָס איז נישט קיין אָרגאַניזירטער עשאַלאָן, וואָס האָט נישט אויף זיך קיין דירעקטן באַלעבאָס, ווי דאַן אונדזער שרייבער־אָרגאַניזאַציע, אָדער ביי אַ צווייטן — אַ טרעסט. קענטיק, אַז ס'זענען אויך דאָ עשאַלאָנען, וואָס נעמען נישט־אָרגאַניזירטע פּליטים, דאָס הייסט, אַלערליי מענטשן, אַזעלכע, וואָס האָבן מורא זיך באַגעגענען מיטן דייטש, און דאָס איז פאַר אונדז סאַמע אָנגעמאָסטן.

אונדזערע שרייבער זענען שוין געוויס ערגעץ אויף אָן אָרט. מיר איז גוט מיט זיי — קאָלעגן, היימישע מענטשן, נאָר צו מאָל איז מיר בעסער אָן זיי. איך שעם זיך אָפּט מיט מיין שטענדיקער מאַטעריעלער פאַרענגטקייט. העלפן וועלן זיי מיר נישט,

און פון זייערע רחמנות־בליקן ווערט נישט גוט אויפן האַרצן. אַזוי אַז באַלד ס׳האָט זיך שוין אַזוי געטראָפן, וועלן מיר זיך פּרוּוון באַגיין אָן זיי.

פון פּראָגנט פירט מען איבערגעבונדענע פאַרוווּנדעטע יונגעלייט — קאָמאַנדירן און אַרמייער. ווער ס׳וועט זיך צוהיילן, וועט אין חדשים אַרום זיך אומקערן אויפן פראָנט, און ווער ס׳איז שוין אַן אינוואַליד אויף אייביק, וועט בלייבן אַ היימישער. און איך ?... נישט פון רשעות און נישט פון עגאָיזם, אַוודאי נישט פון שלעכט־האַרציקייט, נאָר ס׳איז ביי מיר אַן אומהיילבאַרע קראַנקייט אַזאַ, אַז אין די שווערסטע צייטן קען איך זיך ווענדן צו גאָט און צו ליבשאַפט, וואָס פאַרפילט מיך ווי גרויס איך בין. נאָך גוט, וואָס איך האַלט עס אין זיך און קלעטער נישט אויף די גלייכע ווענט.

פון די קנאַפּע ידיעות, וואָס מיר האָבן דאָ אויפגעקליבן, פאָרן מיר, דוכט זיך, אויף קובאַן. מיר פאָרן דורך סעסטראָרעצק. דורך סעסטראָרעצק איז דער קרוק אַ קלענערער, נאָר סעסטראָרעצק איז אַ ביטער ניסל. ביי סעסטראָרעצק דאַרף מען בעטן גאָט מען זאָל גיכער אַריבערפאָרן בשלום. ס׳איז אַ פאַרצווייגטער אייזנבאַנקנופּ. מיר געפעלט זייער דער נאָמען סעסטראָרעצק — שוועסטער־טייכן. ס׳איז מיר עפּעס אי ווייבלעך, אי באַשיינט מיט דער נאַטור — באַלעבט און באַליבט. אָבער פּאָר וואָס מיינען די מערגעניטע פאָרערס, אַז מע דאַרף זיך אַזוי היטן, אַז ס׳וואָלט אפשר געווען גלייכער אָנלייגן וועג און פאָרן אַרום און אַרום. באַטייסק איז נאָך אונדז נאָענט, נאָר מיר זענען שוין איינע פונעם צווייטן פריי, און ס׳איז גוט אַזוי, אַזוי דאַרף זיין. סעסטאָרעצק איז שוין נאָענט. ווען מען קען אויספירן אין סעסטאָרעצק נישט שטיין קיין סך, און אויב זיך פאַרהאַלטן — איז אַ ביסל שטיין ערב דער גרויסער קנופּ־סטאַנציע און אַ ביסל שוין דערנאָכדעם, אַרויספאָרנדיק פון דאָרטן.

ביז מען קלערט, ביז מע רעדט — שיסט מען שוין! עמעצער אַ דרייסטער שאָפט זיך. עמעצער באַפוילט. ווער ס׳לויפט מיט זאַכן, ווער ס׳פאַרגלויבט זיין רעשט ביסל פאַרמעגן דער השגחה. דבורה טראָגט איר שרייבמאַשינקע — זי איז פאַרטאָ־טיוו, באַקוועם און אין לעצטן פאַל וועט מען דערפאַר עפּעס קענען נעמען. מיר ווייסן נישט, ווו ס׳איז בעסער זיך באַהאַלטן. דריי מענטשן — פינעף עצות אין איין און דער זעלביקער משפּחה. שלעפּט דער אַהער און דער אַהין און... ס׳איז פּאָר אַלעמען קלאָר, אַז די שפּיל איז פאָרן טייוול. וועט מען צעזעצן איינעם פון די באַנען, וועט מען אונדז אויסהרגענען. וועט מען צעבערעכן די קאָליעס, איז ווי אַזוי וועלן מיר אַרויספאָרן פון דאַנען? און יעדער זעץ, וואָס ס׳גיט, זענען מיר זיכער, אַז ס׳איז געצילט אין אונדז און נאָר אין אונדז. אָך, ווי ס׳דונערט! נישט איינער זאָגט ווידוי, נישט איינער זעגנט זיך מיט די נאָענטע, אי מיט די, וואָס זענען דאָ דאַנעבן, אי מיט די, וואָס זענען ערגעץ ווייט. דבורה האָט זיך איינגעקלאַמערט אין מיין אָרבל אַזוי, אַז די פינגער זענען איר פאַרקליאַנעט געוואָרן...

און אַזוי ווי שלום-עליכמס רב ר׳ יוזעפל זאָגט, אַז צו אַלץ קומט אַ סוף, האָט גענומען צום אָנפלי אויך אַ סוף. ס׳איז גאָרנישט צו גלויבן, אַז אַלץ, וואָס מיר דאַרפן נויטיק האָבן, איז כּמעט גאַנץ. מיר האָבן זיך צונויפגעקליבן פון פאַרשיידענע זייטן. באַלד פאָרן מיר... אוי, מען שיסט שוין ווייטער! נו, וואָס-זשע וועט איצטער זיין? מיר הערן ווי דער באַן אונדזערער קווענקלט זיך — פאָרן, בלייבן שטיין? אַ דאַנקען גאָט, מיר פאָרן, און מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון דער געפערלעכער זאָנע. יעדערער איז גליקלעך אויף זיין אופן. פאַראַן צווישן אונדז זויגקינדער, פאַראַן צווישן אונדז שוואַכינקע, קלייניקע אַלטע לייט. געבענטשט זאָלן זיין זייערע קינדער, וואָס ביי זיי האָט געסטייעט מוט, כּוח און גוטער געדאַנק, אַז וואָס ס׳וועט זיין מיט אַלעמען, וועט זיין אויך מיט די עלטערן. אָבער אַלע פילן עס, די אַלטינקע אַליין פילן, אַז אין עפּעס זענען זיי, מיט דעם, וואָס זיי לעבן נאָך, „שולדיק” אַנטקעגן זייערע חתונה-געהאַטע קינדער, וואָס האָבן שוין אַליין קינדער און זיי זענען מחויב טראָגן אַלטע לייט אויף זיך.

### פאַרגעדענקט, מיינע טייערע, — נישט סטאַנציע, נאָר „סטאַניצאַ”

אַ נאַכט מיט אַ טאָג און שוין אַזוי גיך געקומען צו פאָרן. מע דאַרף אַרויסקריכן פון די איינגעזעסענע וואַגאָנעס. פריִער איז געווען שווער אָנוועקגיין פונעם צוזאַמענ־וווינונג. איצט גלוסט זיך נישט שיידן מיט דער צופעליקער ענגער היים — מיטן וואַגאָן.

ווו זענען מיר? מענטשן ווייסן שוין ווו מיר זענען: סטאַניצע לאַבינסקאַיאַ. אויב אַ סטאַניצע — ווינען דאָך דאָ קאָזאַקן! וועלן מיר זען לעבעדיקע קאָזאַקן מיט קאָזאַטשקעס! אַנדערע זאָגן, אַז דאָס אָרט, ווו מיר געפינען זיך איצט, הייסט קאַווקאַז, צפון-קאַווקאַז. געהערט אַ ביסל?! קאַווקאַז!... זאָגן אָבער אַנדערע, אַז קאַווקאַז איז פּשוט זייער נאָענט. אַ מאָל איז „נאָענט” אַ גוטע זאַך. איצט איז „נאָענט” אַ סכּנה.

און אַרמאַוויר זענען מיר שוין דורכגעפאָרן? אַ־אַ, אַרמאַוויר!... איך בין אַ מאָל געפאָרן אין אַ סאַנאַטאָריע, האָב איך דאָ געזען אַ טייכל, זייער אַ ביסטרע טייכל און אַ פּאָר בופל-אָקסן זענען געשטאַנען אין וואַסער און האָבן עפּעס געטאָן. וואָס דאַרפן זיי, אייגנטלעך, טאָן? טרינקען? שווימען? ליגן און קייען אַ זשויקע? אָדער כאָטש באַלעקן איינס דאָס צווייטע?... אַרמאַוויר! יאָ, ס׳איז קאַווקאַז. איצט זעען מיר דאָ אַ סך אויסגעליידיקטע וואַגאָנעס, ד״ה מענטשן מיט זייערע משפּחות, מיט זייערע קלומקעס, וואָס האָבן זיך אויסגעשאָטן און געמאַכט ליידיק די וואַגאָנעס. ווילן מיר — זענען מיר אַן איין דורכויסיקע קופּע מיט מענטשן, און אַז מיר ווילן, זענען מיר אַ סך באַזונדערע קעמערלעך פון איין הויפן.

דאָ, אין לאַבינסקאַיאַ, רודערט זיך שוין עפּעס. צעטלעך, נעמען, ציפערן, ברויט.

מע גיט יעדער משפּחה ברויט. אַ צוואַנציק משפּחות וועט צונעמען צו זיך די סטאַניצאַ וולאַדימירסקאַיאַ, — נישט ווייט פון דאַנען, 10 אָדער 15 קילאָמעטער. דאָ איז, ווייזט אויס, דער ראַיאָן — אַ מין צענטער. און דאָרטן איז אַ גרויס דאָרף.

אָט־אָ זיצן מיר שוין אויף אַ לאַסטמאַשין מיט אונדזער ביסל געפּעק. נאָך עטלעכע משפּחות פאָרן מיט. אומבאַקענטע מענטשן, ייִנגערע און עלטערע. די ווייבלעך זאָגן אַלע מאָל „פּאַזשאַלוסטאַ”. דאָס זענען נישט קיין אונדזעריקע ייִדן. דאָס זענען בעסאַראַבישע ייִדן, וואָס מיר האָבן נישט לאַנג איבערגענומען ביי דער רומענישער מאַכט. זיי זענען כּלומרשט קולטורעל און פאַר יעדן אַרויסגעזאָגטן וואָרט האָבן מיר פון זיי אַ „פּאַזשאַלוסטאַ”. זיי זענען געווויס דאַנקבאַר, וואָס זייער לעבן איז אָפּגעראַטעוועט. איינס אַ הויך יונג ווייבל געפעלט מיר זייער. זי אָנערקענט מיך, מיט אירע אויגן ווענדט זי זיך אַלע מאָל צו מיר — „פּאַזשאַלוסטע”. איך וויל טרעפן ווער איז דאָ איר משפּחה? די איבעריקע זענען דאָ אַלע אירע, מען איז פון איין קאַנט, אַנדערע אַפילו — פון איין שטעטל.

מיר פאָרן צווישן שיינע פעלדער. די תּבֿואות זענען שוין צייטיק. היינט־מאָרגן גייען אַרויס די שניטערס אין פעלד אַריין. די פעלדער זענען שוין אַ ביסל אונדזערע.

מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך גוט צוגעוווינען צו דער לאַסטמאַשין, ווו מיר זענען געוואָרן איינגעקוואַרטירט מיט אונדזערע קינדער, מיט אונדזער „האָב און גוטס”, ווי מיר זענען שוין געקומען קיין וולאַדימירסקאַיאַ.

— פּאַזשאַלוסטע? — פרעגן די בעסאַראַבער.

— יאָ, פּאַזשאַלוסטע, מיר מעגן שוין אַראָפּגיין.

קאָזאַקישע פּויערים — מענער און פרויען און קינדער — באַגעגענען אונדז. ווער ס'איז ספּעציעל באַשעפטיקט מיט אונדז, און ווער ס'פּטרט צייט פאַר ריינער נייגעריקייט וועגן.

— ביי אייך איז שוין געווען די מלחמה?...

— ניין, נאָך נישט, נאָר די דייטשן האָבן שוין געדאַרפט באַלד אַריין.

איך שעם זיך אַ ביסל: פרעמדע מענטשן, דאָס פאָלק, דאָס אָרט, די הלבשה, דער שטייגער לעבן, נאָר מע האָט זיי געזאָגט, אַז מיר זענען אומגליקלעך, מיר זענען היימלאָז, פּאַריתומט. און, שטעלט זיך פאָר, אין זייערע הערצער האָט זיך אָפּגעזוכט אַ גוטער קער צו אונדז. און די האַנט, וואָס האָט אָרגאַניזירט, טוט זיך ווייטער אירס. ס'ער קאָלווירט האָט געגעבן פלייש, ברויט און גרינס, האָט אויסגעטיילט אַ ליידיקע שטוב און מענטשן, און מע האָט אונדז מכבד געווען מיט אַ שיינעם, פרישן, זאַטן מיטאָג — הייס געקעכץ, שיסל, טעלער, גאָפּלען. די פּויערטעס, וואָס דערלאַנגען, ווייזן אונדז אַ שיינעם פּנים: — נאַט, עסט, קאָרגט אייך נישט, ס'איז דאָ!

מיר זענען אַרויס מיט די קינדער פון די טישן. אָט־אָט קען מען אונדז פאַרגלייכן מיט מחותּנים, וואָס זענען איינגעלאַדן אויף אַ מאָלצייט. דערנאָך האָבן מיר ווייטער

געזען צעטלען און פרישע פּנימער. מען האָט אויסגערופן ווער וווהין ס׳גייט וווינען. מיר קוקן זיך איבער מיט דבורהן און מיט די קינדער: וווהין וועלן מיר מגולגל ווערן?

מיר זענען אַהער געקומען נאָך אַ רעגן. די לופט איז פריש. אייניקע הייזער שטייען אונטער בלעכענע דעכער. גרויסע גערטנער כּמעט לעבן יעדער הויז. אַט זענען זיי, אונדזערע באַלעבאַטים מיט דער באַלעבאָסטע: ביי די זעכציק יאָר יעדע־רער. זי איז פול און ווייך מיט אַ גוטן צעשמייכלטן געזיכט. ער וויל ס׳זאָל שוין גיכער זיין אָוונט, וועלן זיי אונדז בעטן צום טיש און מע וועט שטעלן בראָנפן. דאָס וועט זיין דער ערשטער אַזוי ווי אַפּגעשמועסטער ברוך הבא. זיי האָבן קינדער אויסגעגעבענע, איין משפחה אין דאָרף און איינע אין אַרמאַוויר. זיי האָבן אַ שיינעם הונט אין הויף, אַ גרויסן. ער איז גוט צו אונדז כּמעט פון דער ערשטער שעה. מען גיט אונדז אָפּ אַ צימער, אַ טישל, אַ פּאָר שטולן, זיי וועלן אונדז אויך קענען געבן אַ הילצערנע בעט. ס׳איז זי שווער אַריינצוטראָגן — די בעט אַליין איז אַ קליינער צימער — זי שטייט אין שטאָל. נאָר אָט איז די בעט שוין אין שטוב. מיר צעבינדן אייניקע פון אונדזערע קלומקעס. די באַלעבאָסטע באַטראַכט אונדז און אונדזער באַלעבאַטישקייט. שטאַרק נתפּעל איז זי נישט, נאָר שטאַרק אַנטוישט — אויך נישט. מיר ווייסן שוין, אַז זי האָט אַ קו. פרעגן מיר זי, פון יוצא וועגן, צי מיר וועלן קענען ביי איר קויפן עפּעס מילכיקס, פאַר געצאָלט, פאַרשטייט זיך.

— מירן זען, — ענטפערט זי. האַלץ, זאָגט זי, וועלן מיר זיך דאַרפן אַליין באַזאָרגן.

ערשט איצט זע איך איין, אַז ביימער זענען דאָ אַ זעלטענע דערשיינונג. אינעם גאַנצן הויף מיטן גרויסן גאָרטן איז אפשר דאָ איין בוים. דאַרף מען אים שוין „אירצן״.

דאָס קיכעלע שטייט אין הויף. פּשוט אַ פּליטע, נישט קיין קיך. מיר עצהנען זיך. אַ פענדל אָקרעפּ וועט מען מעגן אָפּקאָכן דאָן ווען ביי דער באַלעבאָסטע הייצט זיך און אויף דער פּליטע וועט זיין אַ פרייער אָרט? האַלץ... קויפן... וויפל וועט עס קאָסטן?... צי איז עס גרינג צו קריגן? צי וועלן מיר עס בכלל אויף לאַנג באַדאַרפן?... מיר זענען אי אין אַ שטוב, אין אין אַ באַזונדער צימער, אי נישט ביי זיך. ווען מיר זענען מאַטעריעל וויפל ס׳נישט איז באַוואָרנט, וואָלט עס געווען אַ צייטווייליקער „ביי זיך״. און אַזוי זענען מיר זייער קוואַלע. גוט, וואָס דאָס געזונט האַלט זיך צו ביסלעך. די קינדער זענען אויך נישקשה.

אַ בית־הכּיסא?... קיין בית־הכּיסא איז דאָ נישטאָ. מע שפּאַנט אַריבער איבערן גאָרטנפּלויט, מע גייט איבער דער שמאָלער סטעזשקע צווישן דעם גרינס כּמעט ביזן סאַמע עק גאָרטן, דאָרטן דאַרף מען אַריבערשפּאַנען אַ שמאָל, פון ביידע זייטן באַוואַקסן, אמתדיק טייכל — דאָס טייכל איז אַ לעבעדיקס, ס׳קער גיין טאַקע צום זעלבן פאַרשייטן ביסטרעם טייך, וואָס איך האָב אַ מאָל געזען אין אַרמאַוויר, און

דאָרטן איז צווישן גראָז דאָ אַן אָפּגעטיילט ווינקעלע, וואָס איז נישט שטאַרק פאַרברודיקט. דאָרט קענסטו זיך אָפּריכטן.

מיר האָבן אָפּגערעדט מיט די קינדער מיר זאָלן אָפּהיטן ריינקייט. ווען איך בין געזעסן דאָרטן אין ווייטן ווינקעלע, האָב איך געקלערט: וואָס, אויב ס׳גייט אַן עמעצער פון די באַלעבאַטים? דערווייל האָב איך דערזען זייער הונט לעבן זיך, לעבן מיין נאַקעטקייט. ער איז געשטאַנען רויק, מיך באַטראַכט. ווען איך בין געגאַנ־גען דורך דער לאַנגער סטעזשקע צוריק אין הויף אַריין, האָב איך פאַר אים אַ ביסל מורא געהאַט. נאָר אַ דאַנק אים, ער איז געווען גוט צו אונדז.

## ביי לייטן פירט זיך אַזוי

מען האָט מיך טאַקע אויפגעהויבן פון געלעגער. מע רופט אונדז מיר זאָלן ווי געסט גיין צום טיש עסן אָוונטברויט. איצטער, גראָדע איצטער, גייט עס אונדז נישט אָפּ, נאָר מע קען קיין חזיר נישט זיין. איך בין אויפגעשטאַנען פון מיין ערדענעם געלעגער, דבורה האָט עפּעס אויף זיך אַרויפגענומען, דערנאָך האָט זי זיך אומגעקוקט און זי האָט גענומען מיט זיך אַ קעסטל פיש־קאָנסערוון, און מיר זענען געגאַנגען צום טיש. איך האָב זיך אָפּגעבעטן ביים באַלעבאָס און ביים „קום״, וואָס איז געווען פאַרבעטן צוליב אונדזער כּבוד וועגן, אַז איך טאָר קיין בראָנפן נישט טרינקען. מיר זענען געזעסן אַוודאי אַ האַלבע שעה צוזאַמען און ביי ביידע צדדים איז דער מאַלצייט דורכגעגאַנגען מיט ווינציק הנאה. נאָר אַ דאַנק גאָט, אין דער פרי האָט מען זיך סיי ווי אָפּגעגעבן אַ „גוט־מאָרגן״.

לייבעלע האָט געקליבן צווייגעלעך צוגעוועלקטע אָדער טרוקענע. ווען מיר וועלן קאָכן טיי, זאָגט ער, וועט זיין וואָס אונטערצוואַרפן צום פייער.

מיר האָבן באַגעגענט יידישקעס פּונעם שכנישן הויף, וואָס זענען נעכטן מיט אונדז צוזאַמען געקומען. צווישן זיי אַן אַלטע מוטער, קען קיין רוסיש נישט רעדן, דערציילט זי אונדז, אַז זי האָט נאָך היינט „נע וואַראַלאַ אי נע פּעקאַלאַ״ (גאָרנישט געקאָכט און גאָרנישט געבאַקן).

די לופט איז דאָ אַ גוטע. אָן אונדזער וויסן מאַכט זי עפּעס גרינגער דעם געמיט. צום ביישפּיל, אומעטום, פאַר די פינעף וואָכן מלחמה, פלעג מיר אין דער פרי זיין שטאַרק שווער. פאַר נאַכט פלעג זיך אַראָפּרוקן דער שטיין פונעם האַרצן. ביי נאַכט אָבער פלעגן ווידער קומען חלומות און טראַכטעניש, וואָס האָבן נישט געלאָזן אָפּכאַפּן דעם אָטעם, און פאַר טאָג האָט ערגעץ טיף געשטאָכן אין האַרצן. דאָ האָב איך עס כמעט נישט. ווען דבורה וואָלט נאָך געהאַט דעם מינדסטן חוש פאַר צוגויפּ־געלעבטקייט מיט מענטשן און זי זאָל זען ס׳זאָל די באַלעבאַטים אונדזערע פון מאָל צו מאָל עפּעס איבערפאַלן — אַפילו דאָס מינדסטע — וואָלטן מיר דאָ געניסן פון פיל

קליינע נויטיקע באַקוועמלעכקייטן, וועלכע גייען אָפּ אינעם לעבנס-שטייגער. נאָר דבורה קען עס נישט. זי קען נישט, ווייל זי האָט נישט מיט וואָס. אָבער פאַר נויט טראַכט מען עפּעס צו, אָבער אויף אַזעלכעס איז זי נישט פעיִק. ליידן מיר איבער דעם אַלע, און ביי איר גופא פּטרט זיך אָפּ די שטימונג.

ביילקע גייט שוין דעם צווייטן טאָג אויף קאָלווירטישע גערטנער. האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן אויף דער וואָג אַלץ צו ביסלעך — מעל, ברויט, נאַפט, פליש, פּאָמידאָרן, קאַרטאָפל. דבורה איז אויך אַ פּאָר מאָל געגאַנגען אויף אַרבעט און פאַר נאַכט געבראַכט אַהיים אַ ביסל פרישע, מאַנכעס מאָל פון פולקייט, צעפּלאַצטע פּאָמידאָרן. זי ווייסט, וואָס ס'הייסט לאַנדווירטשאַפט, ערדאַרבעט, גאָרטן, פעלד. נאָר זי האָט זיך שוין באַוויזן אָפּגעוווינען. אַ טאָג אַ זומערדיקן — פון זונאויפגאַנג ביז זונאויפגאַנג — איז איצט איבער אירע כּוחות. זי קומט אַ מידע, אַ צעבראָכענע.

סיי דבורה, סיי ביילקע האַלטן, אַז איך דאַרף זיך נישט אָנהייבן מיט דער פעלדאַרבעט. די שרייבערשע מאַרקע קען צושאַרן עפּעס אויפמערקזאַמקייט פון דער דאָרפסמאַכט און, ענדלעך, אויב אַרבעטן, וועט מען דאַרפן צוזוכן עפּעס אַנדערש.

איך האָב אָפּגעזוכט דעם וועג אין ביבליאָטעק אַריין. ס'איז אַ גרויסע שטוב, נישט קיין הויכע. אַ מאָל האָבן דאָ געוווינט שטאַרק פאַרמעגלעכע קאָזאַקן. איצט זענען זיי ערגעץ ווייט. דאָס צימער, וואָס איז מן-הסתּם אויך אַ קלוב, איז גאַנץ גרויס און גערעם. איך וואָלט קענען שפּילן אין שאַשקעס און שאָך, נאָר מיט וועמען? אפשר מיטן פאַרוואַלטער אַליין? איך טו אַ קוק אַ בלאַט. אין דערמאָן מיך, אַז אין שפּאַלט פון טיר דאָרטן אין קיִעוו וואַרפט די בריוטרעגערין טאָג נאָך טאָג צייטונגען גאַנצע פעק. נו, און די בריוולעך? נישט קיין געעפנטע און נישט קיין געלייענטע, ליגן זיי דאָרט ביים שוועל... ווער האָט עס נישט ליב קיין בריוולעך? און איך — אַוודאי! פון אַפּאַטאָשען שוין אפשר עטלעכע בריוו — דאָרטיקע קאָנווערטן, דאָר־טיקע מאַרקעס, גלאַט, פעסט פּאַפּיר, גוטער אויסדריקלעכער טינט. פון טאַטן זענען דאָ בריוו? מן-הסתּם דאָ. וואָס קלערן וועגן אונדז די פאַרלאָזטע צימערן — די קיך, די פּליטע, ס'קליינע שמאָלע קאָרידאָרל? איך האָב צעשיקט קאַרטלעך. די גרעסטע טייל זיכער אין דער וועלט אַריין. מיר ווייסן נאָך נישט ווו זענען ברכהלע, היִנדעלע, הערשעלע, פריידקע מיטן געלינקן זון אירן. אַ ווייבל אין באַטייסק האָט אונדז געזאָגט, אַז בלומע איז דעם עלפטן יולי אַוועקגעפאָרן פון קיִעוו. איז ווו איז זי? ווו איז כאַסקל? פייגעלע דיאַמאַנט — אויך דאָס זעלבע? די האָפּשטיינס וועלן מיר ערגעץ האָבן נאָענט.

דאָס גיין אין ביבליאָטעק נעמט אָפּ הין און צוריק אַ שעה אַנדערהאַלבן. אַ גרויס דאָרף, אַ לאַנגע גאַס, נאָר אַ ביסל אַן אויסגעבויגענע. גאָט שיקט צו דעם שיכּור זיין ווייַן און דעם וועבער זיין לייַן: אויף דער פּאָטשט זיך געטראָפן מיט אַ וווּקסיקער, גוט-געקליידטער, אויך אַן אָנגעפּאָרענער פרוי. אַ קריסטלעכע, קענטיק.

לאָזט זיך אויס, אַז דאָ, אין לאַבינסקאַיאַ, האַלטן זיך אויף אַ סך פאַמיליעס פון דניעפּראָפּעטראָווסקער אייזנבאַנער. אויב ס׳וועט דאָ ווערן אומרויִק, וועט די באַן־פאַרוואַלטונג צושיקן אַן עשאַלאָן און די פאַמיליעס וועלן פאָרן ווייטער. זי האָט מיך פאַרפירט צו זיך, זי איז דאָ מיט צוויי יינגעלעך. אָט איז נאָך אַן אַנגעפּאַרענע משפחה, וואָס וועט זיך דאָ נישט צוּוואַקסן. נאָך אַ פאַרנומענער צימער, וואָס די באַלעבאַטים טראָגן עס גרינג איבער.

פאַר וואָס בין איך אַזוי טויט און אַפּאַטיש? אַ ביסעלע מער מענטש, וואָלט איך דאָך פון קיִעוו געקענט עפּעס וואָס איבערשיקן דורך פאָסט קיין סיביר צו דבורהס ברודער מיט זיין פאַמיליע. די כּתבים אין דער ערשטער ריי. אַ ביסל ביכער אין דער צווייטער ריי. און פאַר וואָס נישט איינעם אָדער צוויי פּעקלעך בעסערע וויכע קליידונג? און פאַר וואָס נישט איבעראַדרעסירן אַהין די פּרעסע, וואָס איז אויסגעשריבן אויפן גאַנצן יאָר? ווען איך זאָל זיין קלוג היינט אַזוי ווי מיין ווייב מאָרגן...

נאָך גוטסערייען האָב איך זיך קיין מאָל נישט געיאָגט, אָבער די כּתבים נישט באַדאַרפט לאָזן. זיי זענען מיר מינוטנווייז אַזוי טייער, ווי דאָס לעבן אַליין. אַן עברה די כּתבים.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי מע קוקט זיך נישט אַרום, גייען שוין די ערשטע טעג אויגוסט. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך, דוכט מיר, אָנגעהויבן אין אויגוסט. איצט פלאַקערט אַ פייער אַ ביסל אַ גרעסערער.

נעכטן פאַר נאַכט האָט מען צעלאָזן דאָ אין סטאַניצע אַ קלאַנג, אַז דער דייטש בעט שלום אָדער שטילשטאַנד אויף 15 טעג. צי דער קלאַנג האָט אַ גרונט אונטער זיך, צי נישט, נאָרביים עולם צעגייט זיך אַ גרינגשאַפט איבערן האַרצן. ס׳הייבט זיך אָן חלומען די מעגלעכקייט צו פאָרן אַהיים...

אַך, ווי ס׳ווילט זיך ברענגען די משפחה אַהיימעניו! און אַליין דאַרט זיין און צוריק זיך טרעפן מיט אייגענע און נאָענטע... טרעטן איבער די אייגענע, נאָענטע גאַסן.

דבורה איז גאַנץ פרי געווען אויפן מאַרק. ס׳איז אַ פאָר קילאָמעטער גאַנג. דאָרטן רעדט אַ הויכריידער. זי האָט צוגעוואַרט אַ ביסעלע טאָמער וועט זי הערן עפּעס גוטס. האָט זי געהערט נאָר שלעכטס. מיר האָבן אָפּגעגעבן אַ גרויסע שטאָט אויף אוקראַינע... מען דאַרף נישט וויינען, זאָגט זי, נאָר ס׳ווייגט זיך סיי ווי פון זיך אַליין. ס׳איז אַ ריס פונעם האַרצן. וואָס וועט פון אונדז ווערן?

פאַר נאַכט רעדן מיר. אין אָוונט, אין דער טונקל פאַרן שלאָף, רעדן מיר אַ ביסל שטילער: וואָס וואָלט געווען, ווען מיר לאָזן זיך קיין סיביר צו דבורהס ברודער? צוריק מיט אַ פאָר יאָר האָבן מיר אַהין איבערגעשיקט די קליינע רייקע. זי וואָלט

אונדז געוויס פריינדלעך באַגעגנט. דבורה זאָגט, אַז זי וואָלט זיך נישט וועלן פאַרקלייבן אַזוי ווייט. און זי וויל נישט די דאָרטיקע קעלטן. ווייטער, זאָגט זי, וועלן מיר נאָך זען, וואָס וועט ער אונדז אָנשרייבן פון סיביר. מיר האָבן דאָך שוין אָנגעהויבן באַקומען בריוו. יעדע בריוו פון קיִעוו לייענען מיר צו צוויי, צו דריי מאָל. אַזעלכע בריוו זענען אַ דורכזיכטיקער זומערדיקער יום־טוב, ווען די טרערן זאָלן אים נישט דורכווייקן.

איבערגעלייענט דיקענסעס אַ בוך. ער איז אַ ברייטער צוואָקסענער שעפער מיט אַ סך וואָרעמקייט פאַר זיינע געשאַפענע געשטאַלטן. געלייענט אויך גאָרקיס אַ פּאָר זאַכן.

געוואָלט אָנהייבן שרייבן די דערציילונג „אין שטאַל״ וועגן סאָכווען, דער שטיפּטאָכטער, וואָס איז מיידלוויז געלעגן געוואָרן ביי פייגלען אין שטאַל. איך האָב עס שוין פון לאַנג אין זינען, נאָר ווען זיך איצט מיט דעם פאַרנעמען? ווער דאַרף עס?

ווען די געשעפטן אויפן פראָנט וואָלטן זיך אָנהייבן ממשותדיק צו פאַרבעסערן און ווען מען קען זיך שוין רוקן אַהיים, אַ?!...

## אויף גאָטס וועלט

מאָרגן גאַנץ פרי וועלן מיר איבערלאָזן די קינדער און וועלן זיך דורכגיין קיין לאַבינסקאַיאַ. ס'איז צוועלף אָדער עלעף קילאָמעטער פון דאַנען.

אונדז האָט אָפּגעגאָלטן. אַ ליכטיקער פרישער גאַנץ פרי. די יונגע זומערדיקע לופט — טרינק זי! אָטעם מיט איר! ביי יעדער געמיט־צושטאַנד איז זי דיר אַ געזונט אין אַלע אבֿרים. און מיר מיט דבורהן האָבן אַזוי אומגעריכטערהייט ביי זיך געפּועלט אַרויסגיין אויף דער פירגענומענער „רייזע״ אָן קלימקעס, אָן זאַכן און אויך די זאָרג מיט זיך נישט שלעפּן. בלויז עטלעכע קאָפּיקעס אין קעשענע און אַ לייכט קאָסינקעלע האָט דבורה געהאַלטן אין האַנט — אַז די זון וועט נעמען שטאַרק באַקן, זאָל זיין מיט וואָס פאַרדעקן די האָר. גוט זענען די מינוטן, ווען מיר זענען מיט דבורהן גאַנץ אין דעם, וואָס מיר טוען.

אין אונדזער גאַנג האָט זיך נאָך באַוויזן אַ יונגשאַפט. (וואָס ס'איז געווען, יענץ איז שוין נישטאָ און וועט זיך שוין קענטיק נישט אומקערן. נאָר זיין אָרט אין אונדז איז נאָך נישט אָפּגעקילט געוואָרן. אַ דאַנק גאָט. אַ גרויסן דאַנק דעם אויבערשטן פאַר דער מינוט יונגשאַפט). מיר גייען זיך ביינאַנד: זי — אין זאָקן, אין גרינגע שיכלעך, איך — וואָכעדיק אָנגעטאָן. נאָר ווער מאָנט אין אַן אַרבעטס־פרימאָרגן אַנדער אָנטאָן? באַזונדערס, ווען מיר גייען צווישן פעלדער, ווען פאַרביי אונדז פאָרן געפּאַקטע קאָלווירטישע פורן. אַ סך תּבֿואות זענען שוין אָפּגעשניטן און אויסגעדראָשן. די פורן, וואָס גייען צו צען, צו צוואָנציק אין אַ כּיתּה, זענען אָנגע־

לאָדן מיט שווערע קערנער, וואָס מע וועט באַלד צונויפשיטן אין אַן עלעוואַטאָר. ווען נישט די מלחמה, וואָלט עס געווען אַ ברכה. (ווען נישט די מלחמה וואָלטן מיר זיך אפשר מיט דער שיינקייט נישט באַגעגנט...). די שטויביקייט פון שליאַך איז אונדז אי שווער, אי גרינג. צו דבורהן ציט מיך אַזוי, ווי זי וואָלט מיר איצט געווען ניי און נאָך ווינציק באַקענט. אירע באַהאַלטענע גלוסטיקע ערטער זענען מיט ריינער ליבער זינד באַהויכט. ס'איז אַ פריידיקע מינוט: אַ טראָפּן וואַסער פאַרגלייכט מען אַ מאָל מיט אַ ים, אַ מינוט לעבן קען מען זיך אַ מאָל אויסמאָלן ווי אַ באַטעמטע אייביקייט. די קינדער זענען ביי אונדז אין געדאַנק, זיי זענען איינגעפלאָכטן אין אונדזער שמועס, נאָר מיר האָבן מיט זיך נישט מיטגענומען קיין שווערקייט. ס'איז, פאַרשטייט זיך, אַ גאָב פון גאָט. מיר וואָלטן אַפילו קיין שׂכל נישט געהאַט אַזעלכעס צו באַשטעלן, אויסצובעטן פאַר זיך. אַ מאָל גיט ער דיר עפּעס אַזוי פיל צו דער מאָס און צום טעם, און ס'איז דיר אַזוי גוט פון דעם, אַז די גוטסקייט אַליין סטאַרטשעט נישט אַרויס פון קיין שום זייט. זי איז נאַטירלעך איינגעזאַפּט אין אונדזערע הערצער.

ווער ווייסט צי בין איך איר איצט איר מאַן, נאָר אַ פּאָר בין איך איר זיכער. זי האָט מיך ביי דער זייט, און איך פיל מיט אַלע לעבעדיקע צעלן פון מיין קערפּער, אַז ביינאַנד מיט מיר גייט חוה, — די מתּנה, וואָס גאָט האָט געשענקט אָדמען, אַזאַ מתּנה, אַז ער וואָלט זיך גאָר נישט אָנגעשטויסן, אַז מען קען אַזעלכעס בעטן. מיר פילן אונטער אונדזערע פיס, אַן ערד אי אַ נייע, אי אַ פרעמדע. נאָר אין איין רגע קענען מיר ביי זיך פּועלן, אַז ס'איז אונדזערס, ס'איז אייגנס. דערצו האָבן נאָך גוטע מענטשן דערלויבט אונדז זיך פילן דאָ, ווי ביי זיך אין דער היים. זיי פילן אונדז מיט, זיי פאַרשטייען, אַז די נויט האָט אונדז דערצו געבראַכט. אַ דאַנק גאָט אויך דערפאַר.

(מע וועט מיך פרעגן, פאַר וואָס דערמאַן איך דאָ אַזוי אָפט גאָט?... נאָר ווי זאָגט עס דאָרט דער אַלטער קלוגער מאַן: אַז ווען ס'איז אין גאַנצן נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט, וואָלטן אים די מענטשן אַליין אויסגעטראַכט, אַליין געשאַפן. יאָ, אַזוי איז עס טאַקע! דאָס איז אונדזער גאָט, דורך מיר דער געבוירענער נאָר וואָס, און ער האָט איבער מיר אַזוי פיל צו שאַפן, אַז אָן אים וואָלט איך נישט ווערט געווען קיין צעבראָכענעם גראָשן. ער געוועלטיקט איבער מיר און אין דער זעלבער צייט פאַרגרינגערט ער מיר ס'לעבן אין אַזעלכע אוממעגלעך־שווערע וואָכן).

— דבורה, איך וויל דיך אַרומנעמען, זיך צוטוליען צו דיר און דיך קושן...

זי שמייכלט אַזוי ליב און אַלץ ווייסנדיק. זי וועט מיר נישט דערלויבן איצט מיט דעם זיך פאַרנעמען. נאָר דאָס גאַנצע ליבסטע גליק באַשטייט דאָך אין דעם, וואָס אויך זי וויל איצט איך זאָל זי אַרומנעמען, איך זאָל זי טוליען צו זיך און זי קושן. דערפאַר איז אונדז ביידן אַזוי ליב די וועלט.



איציק קיפּניס מיט זיין פרוי דבורהל (ווערא) אין 1940.

דער וועג איז אַ גלייכער. קיין דערפער באַגעגענען מיר נישט. אפשר זענען זיי ערגעץ דאָ ביי די זייטן, נאָר מיר זעען זיי נישט פון דאַנען. ס'ווערט שוין הייסער. וויפל זענען מיר אָפּגעגאַנגען?

— דיר דוכט זיך נישט, אַז ס'כמאַרעט זיך אַ ביסל? — פרעגט דבורה.

מיר זעצן זיך צו לעבן אַ הורע אויסגעדראָשענער שטרוי אָפּרוען אַ ביסל. מיר האָבן אָפּגערוט. איך האָב געקושט אירע הענט אי לעבן די עלנבויגנס, אי נידעריקער. הייסט עס, אַז אויב „ער" וויל, קען ער מאַכן ס'זאָל אונדז זיין פּשוט און איינפאַך גוט.

זי האָט גענומען איר קאָסינקע, זיך לייכט אָנגעשפּאַרט אָן מיר און אויפגעשטאַנען. דערנאָך האָט זי מיר דערלאַנגט איר האַנט איך זאָל זיך גרינגער אויפהייבן און מיר זענען אַוועק ווייטער. פאַרן צוזעצן זיך האָבן מיר זיך געמאַכט אַ סימן מיר זאָלן וויסן, אַז לאַבינסקאַיאַ איז אַהין און וולאַדימירסקאַיאַ — אַהער, טאָמער וועלן מיר אַנטדרימלט ווערן און פאַרפּלאָנטערן די יוצרות.

אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ ברונעם מיט אַן עמער. ס'איז צוגעגרייט געוואָרן נישט פון אונדזערעט וועגן, נאָר איצט האָבן מיר קיינעם נישט געדאַרפט איבערוואַרטן. מיר קוקן זיך איינס דעם צווייטן אין די אויגן. מיר זעען פאַר זיך הימל, און זון, און שליאַך און לופט.

אַרום ניין, האַלב צען, האָבן מיר שוין דערזען פון דער ווייטנס הייזער. דאָס איז לאַבינסקאַיאַ. צי דערקענען מיר דעם וועג, דורך וועלכן די לאַסטמאַשינעס האָבן אונדז פון דאַנען געפירט קיין וולאַדימיראָווקע? ניין. מע דאַרף זיך בלויז אָנשטויסן. דאָ זענען טאַקע געגאַנגען רעגנס. אויפן ברייטאַצקן שליאַך האַלטן זיך נאָך אין איניקע ערטער ברייטע לאַנגלעכע קאַליוזשעס — נישט קיין בלאָטיקע, נאָר וואַסער איז עס. אפשר זאַפּט זי זיך שווער איין אינעם באָדן. די גאַס איז לאַנג — לענגער פון עוג מלך הבשן. און ערשט איצט ווייסן מיר נישט, וואָס האָט אונדז אַהער געבראַכט, צו וועמען גייען מיר? מיר קענען דאָך דאָ קיינעם נישט. וואָס אַזעלכעס וואָלטן מיר וועלן איינהאַנדלען און ווו האָבן מיר דען געלט? אין הוילן פעלד, אונטערן פרייען הימל, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, איז אונדז געווען בעסער.

— לאָמיר דאָ זוכן, — שמייכלט צו מיר דבורה, — עפּעס אַ ייִדישע שטוב, אָדער אַ ייִדישן הויף.

אי ס׳פאַרנעמט פאַרן האַרצן, אי ס׳איז מיר גאָר ליב, וואָס דבורה (וועראַ סעריקאָוואַ, זי האָט קוים געהאַט ביי זיי אין דאָרף איין ייִדן אַ קאָוואַל, זי איז געווען חבר מיט זיינע מיידלעך), ווייסט זי דאָך, זי פילט, זי פילט גאַנץ טרעפלעך, אַז ייִדן זענען רחמנים בני רחמנים. נישט דעם אויסדרוק ווייסט זי, זי ווייסט דעם אינהאַלט, מיט וועלכן דער אויסדרוק איז רייך. און אין אונדזער לעבן האָבן שוין נישט איין מאָל געטראָפן צייטן, ווען מיר דאַרפן זייער נייטיק זיך טרעפן מיט גוטע מענטשן.

— גערעכט, — ענטפער איך דבורהן, — לאָמיר זיך טאַקע צוקוקן, ווו זענען דאָ ערגעץ פאַראַן ייִדישע הייזער?...

נו, צי דען וווינען דאָ נישט קיין ייִדן?... צי די ייִדישע הייזער טיילן זיך מיט גאָרנישט אויס פון די איבעריקע?...

מיר פאַרקוקן ביי אַ זייט גאַס אין איין הויף, אינעם צווייטן. לויט די כּלים, וואָס טריקענען זיך אין הויף, לויט די מענטשן, וואָס דרייען זיך אַרום, זעט מען נישט ס׳זאָלן דאָ ערגעץ זיין ייִדן. איצט איז עס שוין ביי אונדז געוואָרן אַ זעלבסטציל. פריִער וועלן מיר אָפּזוכן עפּעס אַ ייִדן, און דערנאָך וועלן מיר ווייטער צוקלערן מיט וואָס זיך פאַרנעמען ביז מיר וועלן זיך לאָזן גיין צוריק „אַהיים“.

מיר זעצן זיך צו אויף אַ בענקעלע ביים זייט גאַס, לעבן אַ הויף, נישט אַזוי פיל פאַר מידקייט — דאָס הייסט, לאָזן די פיס אָפּרוען שאָדט אויך נישט. און מיר וועלן דערווייל אויך האָבן צייט עפּעס צו טראַכטן, זיך צוהערן און זיך צוקוקן.

לאַנגע ברייטע קאַליוזשעס אויף דער גאַס. האָבן מיר אויסגעמיטן עטלעכע. די מענטשן זענען קענטיק אויף דער אַרבעט. דאָ איז דאָ אַ בוימל־זאַוואָד, אַ קאָנסערוון־זאַוואָד, אַ קאָלווירט, אַ שפּיטאָל, אַ פּאָר שולן, אַ ביבליאָטעק. וואָס נאָך — ווייס איך נישט. די גאַס איז דערווייל ליידיק. אָט־אָ זיצן מיר שוין ווייטער אויף אַ שמאָלער לאַנגעכיקער ברעטלבאַנק. מיר פאַרקוקן אין הויף.

— יאָ, ס'איז, דוכט זיך, דאָס, וואָס מיר זוכן...

מיר גייען אַריין אין הויף. אַ דיק, מיטליעריק ווייבל פאַרעט זיך לעבן דער פּליטע אין דרויסן אונטער אַ זומערדיק דעכל. זי ענטפערט אונדז העפלעך אויף אונדזער אומדרייסטער באַגריסונג.

— מיר זוכן, — זאָגט דבורה, — אַ ייִדישן מענטשן... מיר האָבן געטראָפן, צי נישט?

— געטראָפן, — ענטפערט דאָס ווייבל גוטמוטיק. — זיצט, ביטע, — און זי ווייזט אונדז אין הויף, נישט ווייט פון דער פּליטע, אַ טישל מיט עטלעכע אַריינגעקלאַפּטע בענק אַרום און אַרום.

זי טוט זיך איר אַרבעט און מיר צערעדן זיך דערווייל.

סעראַפימאַ מאַיסייעוונאַ (אַזוי הייסט זי) באַהאַנדלט אונדז מיט אַ גוטער הייִמישקייט, ווי מיר וואָלטן געווען שוין אַלטע באַקענטע. זיי זענען אויך נישט קיין היגע. זיי וווינען דאָ אַ יאָר צען. אַליין זענען זיי פון מייקאָפּ. דער מאַן אירער, דידענקאָ, איז אַ הויפּטמייסטער אויפן היגן וויין־קאָנסערוון־זאַוואָד. ער איז אַ קריסט. זיי האָבן געמאַכט אַזוי: ער זאָל זי יונגערהייט אַרויסגנבענען קעגן זיינע עלטערנס און אירע עלטערנס ווילן. זייער איינציקע טאָכטער, וואָס וואָלט שוין איצט אַליין געווען ביי די צוואַנציק, איז געשטאָרבן. „אָן־אָ איז איר בילד“, — ווייזט זי אונדז דורכן אָפענעם פענצטער פונעם איינשטאָקיקן הילצערנעם הויז... יאָ, מיר זעען אויפן פאַרגרעסערטן בילד אַ מיידל מיט צעלאָזענע צעקעמטע האָר (גיי גלויב, אַז אַזאַ יונגנט פוילט שוין לאַנג אין דער ערד). איצט ציִען זיי אויף איר שוועסטערס אַ טאָכטער.

— טאַמאַטשקאַ, — גיט זי אַ רוף, — קום נאָר אַהער. מיר האָבן געסט!

אַ פעסט געפּאַקט מיידל איז אַרויסגעקומען אויפן הילצערנעם גאַניקל. ס'איז אַ שילערין פון ניינטן קלאַס. זי איז אַראָפּ פון די טרעפּלעך און זיך היימיש געגריסט צו אונדז.

— טאַמאַטשקאַ, טראָג אַרויס גלעזער און גיב צום טיש ברויט, פּוטער.

פריִער מיט אַ האַלב שעה, ביי אונדזערע לייִדיקע הענט און ליידיקע מאַגנס, זענען מיר געווען פעסטער ביי זיך. די ערד אונטער די פיס איז געווען אונדזערע. און דאָ זיצן מיר ביי אַ פרעמדן טיש אויף אַ פרעמדער באַנק לעבן מענטשן, וואָס האָבן אויף אונדז רחמנות און ווילן אונדז געבן אַ גלאָז טיי און עפּעס איבערבייסן.

אָבער מיר זינדיקן נישט. ס'איז גוט, ס'איז גוט, וואָס מיר האָבן געפונען ייִדן, וואָס ס'האָבן אויף אונדז געוואַרט גוטע מענטשן (זיי פילן נאָך באַדערפעניש, אַז עמעצער זאָל אונטערלענען דאָס האַרץ לעבן זיי, לעבן זייער ברויט און זאַלץ)... ניין, מיר זינדיקן נישט, מיר דאַנקען אַפילו גאָט, וואָס ער האָט פון דעסטוועגן אָנגעגרייט אַ שטילן אינדזל פאַר אונדז. נאָר מע קען דאָך פונעם אמת נישט

אַוועקגיין: מיר זענען שוין גרייטע בעטלערס, צוויי אײדעלע פּאַרטיקע בעטלערס. דבורה האָט מיטעלע בילדונג, איר מאַן האָט אין טאַש דאָס מיטגלידס־ביכעלע פון שרייבער־פאַראיין... ניין, ניין, ס'איז קיין קלייניקייט, ווער זאָגט דען?

סעראַפימאַ מאַיסייעווונאַ פּאָרעט זיך לעם דער פּליטע און באַדינט אונדז, טאָמאַטשקאַ באַדינט אונדז אויך. מיר וואָלטן ביי אַנדערע אומשטענדן הנאה געהאַט פונעם צובייס, פון די ווילע מענטשן. אויב ס'איז עפּעס נישט „אַזוי", איז די שולד אין אונדז. מיר זענען די, אין וואָס מיר זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן. מיר זענען אײדעלע, נישט קיין דערקוטשליווע בעטלערס. מיר נעמען, וואָס מע גיט אונדז... וואָס איז דען? מיר זענען נישט גערן פון דעם, וואָס גאָט האָט אונדז צוגעשיקט?

ס'האָט זיך געעפנט דאָס הויזטירל. ס'איז אַריינגעקומען אַ מאָגערלעכער על־טערער מענטש מיט וואָנצעס, עטוואָס געבויגן אין די פּלייצעס. גוטע, קלוגע, נישט קיין אויסגעלאָשענע אויגן. ער האָט זיך געגריסט מיט אונדז.

— יאָ, — זאָגט סעראַפימאַ מאַיסייעווונאַ, — „סאַם פּרישאָל". דאָס איז דידענקאָ, מיין „באַלעבאָס", און דאָס זענען אונדזערע געסט, בעזשענצעס פון קיִעוו.

— איך קום באַלד צום טיש, — האָט ער אויך, ווי צו אַלטע באַקענטע געזאָגט, און איז אָפּגעגאַנגען אין אַ זייט וואַשן די הענט. טאָמאַ האָט אים אויפגעגאָסן.

אָט די ווילע מענטשן קענען אַ סך זאַכן און נאָך עפּעס: זיי קענען העלפן אַ נויטבאַדערפטיקן און קענען זיך האַלטן אַזוי, אַז ער זאָל זיך לעבן זיי נישט פילן פאַרשעמט. זיי רעדן מיט אונדז אַזוי געוויינלעך, אַז מיר פועלן ביי זיך אין דער שטיל: אויב מע לאָזט אונדז זיך פילן ווי מענטשן, פאַר וואָס זאָלן מיר עס פון זיך אָפּשטויסן? מע טאָר נישט זיין קיין גזלן אויף זיך אַליין. מע רעדט מיט אונדז אָפּ, אַז אויף צוריק וועגס זאָלן מיר ווייטער צו זיי פאַרגיין. ניין, ניין, מיר מאַכן זיי נישט שווער מיט קיין זאַך. אַדרבא, זיי זענען זשעדנע אַ מענטשן!

אַ ווילע זאַך לאַבינסקאַיאַ. מיר האָבן פאַרמאַכט נאָך זיך דאָס הויפּטירל. טאָמאַ האָט אונדז נאָך אַ מאָל געבעטן מיר זאָלן צוריק וועגס אומבאַדינגט ביי זיי אָפּרוען. זי האָט טאַקע אַזוי געזאָגט: „דאָ וועט איר זיך ביי אונדז אָפּרוען, זיך אָננעמען מיט כוחות און ס'וועט אייך זיין גרינג גיין צו די קינדער אַהיים".

דבורה האָט ווי אַ זיגער מיר אַ קוק געטאָן אין די אויגן: זי האָט דאָך די ערשטע זיך אָנגעשטויסן, אַז ס'וואָלט געווען גוט מיר זאָלן דאָ ערגעץ אָפּזוכן אַ ייִדן!...

מיר האָבן אַ שעה צוויי זיך אַרומגעדרייט אין לאַבינסקאַיאַ און גאָרנישט נישט געטאָן. אַריינגעגאַנגען אויף פּאָטשט, דאָרטן געזעסן אַ ביסל אי אויפן גאַניק, אי אינעווייניק. אין איין גאַנג האָב איך אָנגעשריבן אַ פּאָר קאַרטלעך קיין קיִעוו און קיין סיביר צו דבורהס ברודער. מיר זענען אַריינגעגאַנגען פון יוצא וועגן אין אַ פּאָר קראָמען. דבורה האָט געקויפט בייוועלעך, ווייסע און שוואַרצע — מיר וועלן עס

אפשר אין גיכן דאַרפן — און אין דעם האָט געשטעקט אַ שטיקל נבואה אויך, אַ נבואה אַן אונטערבאַוווסטזיניקע: מירן נאָך, מסתמא, אָנקומען צו דעם.

מיר זענען שוין מיד. ס'ציט צום אייגענעם דאַך. אַ מאָל פֿאָרסטו ערגעץ אין וועג, לאָמיר זאָגן, האָסט אין וואַגאָן דיין אָרט אויף אַנדערהאַלבן מעת־לעת, דיין שטיקל באַנק, דיינע שכנים, אין גאַנצן אַנדערהאַלבן מעת־לעת, נאָר דו פֿילסט, ווי דו דאַרפסט אים דעם דאַך איבערן קאָפּ, און אין האַרצן ביסטו גערן, וואָס דו האָסט אים. דאָך וואָלט זיך שוין אויך וועלן זיין אונטערן „אייגענעם" דאַך.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אָט זענען מיר שוין ווידער ביי סעראַפימאַ מאָיסייעוונאַ. זי זאָגט אונדז מיט אַ שמייכל, אַז איר מאַן איז דאָך אַ „כאָכאָל", מאַכט זי פֿאַר אים פּאַמפּושקעס פֿאַר־פּראַוועט מיט קנאָבל. זי וועט אונדז אויך געבן פֿאַרזוכן, מיר זאָלן זיצן נאָך אַ ביסעלע, ס'וועט באַלד זיין פֿאַרטיק. און ווי יעדע שטובווירטין זאָגט זי, אַז די ווייבערשע אַרבעט זעט זיך נישט אָן און אַרויסקריכן פֿון איר קען מען נישט — אַ גאַנצן טאָג, אַז זי טאָפּטשעט זיך. טאָמאַ איז צו אונדז צוגעלאָפֿן ווי אַן אייגענע. זי פֿירט אונדז אין שטוב אַריין מיר זאָלן אַ קוק טאָן ווו זיי וווינען. נישט ראַשיק: צוויי צימערן, געדונגענע, אין שלאָפֿצימער אויפֿן וואַנט הענגט דאָס בילד מיט די צעלאָזענע צעקעמטע האָר — דאָס איז זייער טאָכטער פֿון וועלכער מיר האָבן אין דער פֿרי געהערט. זי איז באַערדיקט אין מייקאָפּ, פֿון וואַנען זיי האָבן זיך אַהער אַריבערגעצויגן.

טאָמאַ פֿרעגט זיך פֿונאַנדער ביי אונדז אויף אונדזערע קינדער. איך פֿרעג זיך אויס ביי טאָמאַן, וואָס זי לייענט און וואָס זי האָט ליב צו לייענען. אַזוי האָבן זיי אונדז מיט גוואַלד, ווי מע זאָגט, פֿאַרהאַלטן ביז זיי האָבן אַרויסגענומען דאָס פֿריש אָפּגעבאַקענע ברויט פֿון פּאַרמוגע. ער שמעקט זייער שיין, און זיי זענען, אַגב, באַשטאַנען מיר זאָלן נעמען אַ הייסן לעבעלע ברויט.

— נישט פֿאַר אייערט וועגן! פֿאַר די קינדערס וועגן!

מיר האָבן נישט אין וואָס צו נעמען. דאָס ברויטל איז הייס, ס'בריט אין האַנט. האָבן זיי אונדז געגעבן אַ לייוונטענעם האַנטעך.

— קומענדיקן מאָל וועט איר אים אָפּברענגען.

אויף צוריק וועגס האָט אונדז ווייטער אָפּגעגאָלטן: אַ פֿור, וואָס איז געפֿאָרן לייזיק האָט אונדז אַ שטיק וועג אונטערגעפֿירט. לעבן באַקענטן ברונעם האָט מען די פֿערד אָנגעטרונקען, און אַראָפּגעלאָזן האָט מען אונדז כמעט לעבן סאַמע דאָרף. דאָרטן האָבן די אַנטרייבערס געדאַרפֿט אָפּקערעווען צו זיך אַהיים אין עפּעס אַ כוטאָר.

## פּאַמעלעכן איז שוין אויגוסט אין דרויסן

עפּעס בין איך קראַנק צו אַלדע רוחות. איך ווייס אַפילו נישט אַקוראַט, וואָס דאָס איז. ביי נאַכט כמעט אין גאַנצן נישט געשלאָפן. ס׳האָט געבראָכן דער רוקן, נישט איינער, נאָר אַזוי ווי אַ סך רוקנס וואָלטן געבראָכן, און דער שטרויענער געלעגער אויף דער ערד איז געווען עפּעס האַרטער ווי כסדר, עפּעס אַ סך פּיס סטירטשען פון מיין קערפּער, לענגערע און קירצערע. לאַנג האָט געדאַרפט אָפּנעמען ביז איך האָב פאַר זיך אויסגעקלאָרט, אַז אויף דעם שטרויזאַק שלאָפט אַרום און אַרום בלויז איין איינציקער מענטש — און דאָס בין איך. מיינע צוויי פיס, מיינע צוויי הענט — דאָס בין איך אַליין.

אין דרויסן איז שוין לאַנג טאָג. ביילקע איז אַוועק אויף די קאָלווירטישע גערטנער. לייבעלע שלאָפט אויף בענקלעך. דבורה איז גאַנץ פרי אַוועק אויפן מאַרק עפּעס איינקויפן. דאָרט האָט זי זיך פאַרזאַמט ביז מען וועט איבערגעבן די לעצטע נייס — טאָמער וועט זיין עפּעס אַן אָנצוהערעניש וועגן דער באַפרייטער היים. אָבער דאָס האַרץ האָט איר פאַרקלעמט נאָך שטאַרקער: מען רעדט שוין פון בעלאָצערקווער ריכטונג. פון בעלאָצערקאָוו ביז קיעוו — דריי שעה מיט דער אייזנבאַן. דאָס האָט מיך געמאַכט נאָך שלאַפער...

איך בין באַוואַקסן, מען דאַרף זיך אָפּגאָלן, נאָר די האַנט הייבט זיך נישט אויף דאָס טאָן.

דבורה דרינגט, אַז מיר דאַרפן זיך איבערציען כאָטש קיין לאַבינסקאַיאַ.

פון אַלע מיינע לעבנסזאַפטן איז אַ גוטע העלפט אָפּגענומען. ס׳איז אַ סברא, אַז אַפילו ביי זיך אין מיין אייגענער פאָרשטעלונג, בין איך נישט איך, נאָר אַ שאָטן פון עפּעס אַ מענטשן, וואָס דאָס איז געווען „איך”.

ביילקע איז שוין ווייטער שלאַף מיטן מאָגן. גאַנץ פרי איז די טעמפּעראַטור געווען אַ נאָרמאַלע, און דערנאָך, כאָטש זי האָט געבראָכן, האָט זיך דאָך די טעמפּע־ראַטור געהעכערט.

דבורה איז נישט דערצאָרנט פון דעם. דאָס איז נאָך אַ באַוויז, זאָגט זי, אַז מיר דאַרפן אַרויספאָרן פון דאַנען.

וואָס איז? איך בין דען קעגן? נאָר ווער וועט אונדז אַרויספירן פון דאַנעט? אַליין? אַדרבא, לערנט מיך אויס, ווי אַזוי נעמט מען עפּעס פיר אַליין.

היינט איז דער אַכטער אויגוסט. איך פיר אַ חשבון פון די טעג אויף אויסנווייניק, ווי דאָס האָט געפּאַסט פאַר ראָבינזאָנען בשעתו. צום באַדויערן, בין איך נישט אַזוי טעטיק און נישט אַזוי דערפינדעריש, ווי יענער, וואָס איז מיר פון אַלע יאָרן און ביז איצטיקן טאָג ליב און באַטעמט. דערפאַר אַליין מעג ער שוין זיין ליב, וואָס ס׳איז דאָ פון וועמען נעמען אַ ביישפּיל. איי, ראָבינזאָן, אַ געזונט אין דיינע ביינער,

פאַר וואָס בין איך נישט, כאָטש וויפל ס׳ניט איז, אין דיר געראָטן? מיין לאַגע וואָלט דאָך געוועזן פיל גרינגער פון דיינער!...

אין דרויסן איז אַ בלאָטע. אין שטוב איז טונקל. אין דער טונקל רעדן מיר מיט דבורהן בעסער, ווי אין דער ליכטיק. וואָס איז? וואָס שטערט אונדז דען דאָס ליכט? צי האָבן מיר עפּעס ביי װעמען געגנבעט? ניין! דבורה איז צו מיר נישט שלעכט. זי באַרעכטיקט מיך. ס׳איז נאָר, וואָס זי איז אַליין נישט פון די איבעריקס ענערגישע מענטשן, און דערצו איז דער טאַטע פון די קינדער אַזאַ „געליימטער״, נישט דאָ געדאַכט, און קיין אייגענע היים האָט מען נישט — קען מען דען ווייזן אַ שיינעם פּנים? און דאָך באַרעכנט זי מיך און זי איז צו מיר מער ווי גוט. זי מיט ביילקען אַרבעטן אויף די גערטנער, ווי פּריִער. די אַרבעט איז שווער. אַ מאָל קומען זיי פאַר נאַכט אָנגעגנעצט און דערפרוירן. אויב זיי זענען נישט אויפגעלייגט, איז נישט מיך מיינען זיי. (ביילקע, זאָל זיין געזונט, טוט, פאָלגט, סע זאָל נאָר זיין וואָס און לעבן וואָס צו טאָן). זיי אַליין ווילן מיך נישט לאָזן אויף די גערטנער. ס׳וועט גאָרנישט געבן. זיי זאָגן דאָס נישט, נאָר זיי האַלטן מיין שריפטשטעלערישע אַרבעט פאַר נויטיקער. און ס׳איז פאַר אונדז איטלעכן נויטיק אַפילו דער אָפּשיי פון זייטיקע מענטשן פאַרן שריפטשטעלער פון קיִעוו. נישקשה, ער וועט נאָך זיינס באַווייזן.

איך שעם זיך פאַר מיין פּאַסיווקייט און אָפּגעלאָזנקייט. איך בין דאָך אַ מענטש מיט הענט און מיט פיס. איז וואָס זאָל דאָס זיין — אומדרייסטקייט? אָפּהענטיקייט? קיינער האָט דאָך מיך נישט באַפרייט פון קיין זאָרג סיי פאַרן לאַנד (אין צייט פון מלחמה), סיי פאַר מיין געזינד.

איך זוך אַ מאָל דעם שרייבער אין זיך, דעם דערהויבענעם מענטשן, דאָס ביסעלע נשמה־יתרה. די רגע, ווען איך דערמאָן זיך און פרעג זיך אויף דעם, איז שוין אַליין מיט עפּעס אָפּגעשיידט פון אַנדערע. נאָר די וואָכעדיקייט (נישט די געזונטע, די שאַפנדיקע, די טעטיקע, נאָר דאָס סאַמע צעקראָכענע און ליידיקגייערישע) האָט פאַרנומען אַלע ווינקעלעך, ווי אַ קויטיקער טינטפלעק אויף צעריבענעם, גרויען און שיטערן פּאַפּיר.

איבערגעלייענט „קאַנאַוואַלאָוו״ גאָרקיס. די ערשטע העלפט מיט הנאה, „מאַלוואַ״ — אָן הנאה. איך לייען פון ס׳ניי שאַלאָכאָווס ערשטן בוך „טיכי דאָן״. ער איז קרעפטיק, ער איז שטאַרק. ווי אַ שרייבער פון די היינטיקע האָב איך צו אים קיין גלייכן נישט. אינטערעסאַנט, וואָס זאָגט גאָרקי וועגן אים?

## דער שטעקן און די האַנט ביים רוצח

דבורה האָט מיך נעכטן פאַר נאַכט טיף באַליידיקט, כאָטש ווען איך דאַרף זיך פאַר עמעצן לאָדן, וואָלט איך נישט געהאַט וואָס צו טענהן. קען זיין, אַז מיין געדריקטער

צושטאַנד האָט געהאַט צו זאָגן מער, ווי איר טשעפּ, וואָס זי האָט מיר געטאָן.

היטלער, ימח שמו, וואָס איז ער פאַר אַ באַשעפעניש? זינט איך הער פון אים, קען איך זיך אים נישט פאָרשטעלן ווי קיין לעבעדיקן מענטשן. איך זע אים מערער ווי אַ פאַרשטעלעניש, אַן אָנשיקעניש און פאַרזעעניש. אָבער וויפל פּיין, באַליידיקונג, דערנידעריקונג און פאַרלענדונג האָט ער גורם געווען מיין פאָלק.

ווער פאַרטיליקט, היטלער, מיט דיין פאָלק!... כאָטש איך בין געטריי דעם פאָלק דיינעם, ווי אַלע פעלקער, און ווייס פאַר אים אַ פרייז, וועט עס דאָך נישט ווילנדיק מוזן פאַרזוכן אַ ביסעלע, כאָטש אַ קליינעם חלק, פון דעם, וואָס איז פאַר־גאַנגען צו מיין פאָלק. אמת, דיינע מענטשן זענען נאָר געווען אַ שטעקן אין די הענט פונעם רוצח, אָבער שוין דעם שטעקן, וואָס שלאָגט, כאַפּט מען אַ מאָל אַרויס מיט כּעס, מען צעברעכט אים און מען צעטראָשטשעט אים איבער דער קני, און מען פאַרשליידערט אים צווישן די שטעכיקע קאָרטשעס. נישקשה, דייטשיש פאָלק, אויך ביי דיר מעגן זיך אַ קאָרטשע טאָן די געדערים! ווען דו זאָלסט וואָרפן אַ באַדאַכטן בליק אויף דיינע אויסגעשולטע הענקער, אויף די פאַשיסטישע פּרצופים דיינע, וואָס מאַכן זיך אַ שפּיל, ווען דער געקעכלטער גרויסער הונט רייסט אַ קינדערש גופעלע פאַר זיי אין די אויגן.

ס'טרעפט אַ שעה, אַ מינוט, ווען מיר דוכט זיך, אַז די בעסטע אַנטרינונג פון איצטיקן לעבן איז דער טויט. פאַר וואָס בין איך נישט געבוירן געוואָרן מיט אַ פופציק יאָר פריִער? איך וואָלט דאָך שוין איצט געוויס גערוט ערגעץ צוזאַמען מיט די אור־עלטערן. און דאָס איבעריקע דוכט זיך מיר, אַז ס'איז עפּעס לא, ס'איז נישט גוט אַזוי: ס'איז ליידיק און פּוסט אין קאָפּ און אין האַרצן. וואָס פאַר אַ שיינקייט פאַרמאָגט אַ גוף, וואָס טראָגט אין זיך אַ הוילע אויסגעליידיקטע נשמה? און אַז מע וויל אַ קלער טאָן, בין איך נאָך נישט ווייט פון דער היים... ווי, אויב ס'וועט זיך נאָך אַלץ אַ קער טאָן צום גוטן?... ערגעץ אויפן מיטן וועג פון קיִעוו קיין סלאָוועשנע שטייט דאָך קאַראַסטען מיטן שטענדיק פריילעכן וואָקזאַלעכל...

„דורען דומקאָיו באַהאַטיִע"* (דער נאַר פרייט זיך מיט זיין געדאַנק)... ווי אַ קינד טישע איך זיך מינוטנווייז מיטן חלום, אַז צוליב דעם אַליין קען קיִעוו בלייבן גאַנץ און נישט געשעדיקט. מיר וועלן זיך אַהין גרינג אומקערן און אַלצדינג טרעפן אויפן אָרט.

נישט גענומען מיט זיך דאָס תּנכל. אַזאַ אוצר! כ'האָב עס דאָך געקענט האַלטן אין טאַש. אַ ביסל איז עס פאַרשטענדלעך, ווייל ס'איז אין געוויסע פּרטים טייער, ווי דאָס לעבן. האָבן מיר דאָך שוין אַרויסגעזען, אַז אויך דאָס לעבן האָט ביי דיר אָנגעוווירן זיין חן און זיין אָבליגאַטאָרישע ווערט.

---

* „Дурень думкою богатіє".

ערשט איצט האָב איך זיך אַרומגעקוקט, ווי שפּאָט גרינג ס׳געוועזן אָפּשיקן וואָס ס׳נישט איז צו מישען (ווערעס ברודער) קיין סיביר, — די בעסערע ביכער, די כּתבים, די פּאָטאָבילדער און אַפילו איניקע חפצים... שאַ, שאַ, און דעם גוף מיט דער נשמה? אַהין איז דאָך נאָך דער וועג אָפן, אין גאַנצן אָפן!... פאַרטראָגן די לעבנס אויך אַהין?... 40—45 גראַד פראָסט! אַ רחמנות אויף די קינדער... און דבורה זאָגט, אַז מישען וועט זיין שווער אונדז טראָגן אויף זיך...

## דער לייבלעכער פּאָטער

נעכטן האָט מיך אַ גאַנצן טאָג נישט געאַרט, וואָס פאַר אַ טאָג ס׳איז אויף גאָטס וועלט. נאָר אַז כ׳האָב אָנגעמערקט אין העפט דאָס איינע וואָרט „שבת״, איז מיר געוואָרן שווער. דער עיקר איז דאָך, אייגנטלעך, וואָס שבת איז נישט קיין נאָמען, נאָר אַ ווערב — אָפּרו!... רו איך דאָך אַ גאַנצע וואָך! נאָר איצט, ווען איך דערלעב דעם אַלגעמיינעם רוטאָג איז מיר גרינגער: אַלע זענען פריי פון טועכץ, איך — אויך. איך גיי אַפילו אין ביבליאָטעק מיט אַ גרינגערן האַרץ.

אַ, טאַטע, טאַטע, טאַטע... נישט וועגן דעם טאַטן, וואָס ביי יעדן רייסט זיך אַרויס פון האַרצן יום־כּיפּור אין שול מיט אַן אָנגעבראָכענער שטים, רעד איך דאָ. ניין! עס נעמט אָפּט אָן אַ שאַרפע צוונג, אַ געטרייע זאָרג וועגן דעם לייבלעכן טאַטן אויף דער ערד. ער איז שוין אַזוי אויך אויסגעשטאַנען גענוג פאַר זיינע אָפּגעלעבטע פינעף און זעכציק יאָר. וואָס שטייט אים איצט פאַר?

אַגב, ווען דער יצר הרע קומט דיך אָנרעדן זאָלסט נישט אָפּלייגן אויף לאַנג, אָפּזוכן אַ מיטל און ס׳זאָל אַ סוף נעמען צו דיינע אייגענע יאָרן (און, ווי דער שטייגער איז, זוכט זיך דאַן אָפּ אַן אָפּוועגדונג: לייבעלע, ביילקע, הערשעלע, פריידקע, ברכהלע, הינדע, איך בין ביי זיי אַלע יאָרן אַ גרויסער „טייערונקע״) — באַווייזט זיך אויך אין געדאַנק דער טאַטע. ער פלעג דאָך האָבן מיט מיר געוויסע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן. איצט, אַז ס׳וועט צו אים דערגיין, אַז זיין עלטערער זון האָט זיך געסמט, אָדער דערטרונקען, וועט ער געוויס מיט קאַלטן סקעפּטיציזם נישט געאײַלט אַ זאָג טאָן: „קליינע גליקן״...

צוריק מיט צוויי יאָר, זומערצייט, די מאַמע איז שוין נישט געווען, בין איך געפאָרן אַ קוק טאָן אויפן טאַטן. ס׳איז אויך געווען שבת. מיר האָבן געגעסן מיט אים פון איין טעלער זאַכן, וואָס ער האָט אַליין געקאָכט און געבאַקן. ס׳איז געווען אַ צער, וואָס ער איז שוין די באַלעבאָסטע. ערשט דאַן האָב איך דערפילט, ווי די שטוב און דאָס לעבן זענען משונה פאַרענדערט. ער צעוואָשט די לעפל, ער הייצט אונטער דעם אויוון, ער שווענקט אויס אַ טעפּל און די שטוב איז טויב, — ס׳איז דאָ אָפּגענומען געוואָרן אַזעלכעס, וואָס נאָר וואָס ביסטו נאָך מיט דעם געווען איינס. נאָר איצט

שלאָג זיך עס אַרויס פון קאָפּ. און פון קאָפּ וויל עס ביי דיר נישט אַרויסגיין...

וואָס זשע הערט זיך דאָרטן איצט? ווער איז פון דאָרט אַרויסגעפאָרן? ווער האָט זיך דאָרטן אָפּגעשטעלט אויפן געוועלטיקערס חסד? דאָרט קער איצט זיין... אַלץ קער שוין דאָרטן זיין! אפשר פיטערט ער, דער דייטש, די פערד אויף די קברים פון מיינע נאָענטע, און די וועגן אַרום זענען פאַרשטעלט מיט פחד... ס׳ווילט זיך גאָר נישט נעמען אַזעלכעס אויף די געדאַנקען.

דבורה זאָגט, אַז גייענדיק גאַנץ פרי אויפן דאָרפישן מאַרק, הערט זי דאָרט די ראַדיאָ, אַז דער הויכרעדער טוט אַ זאָג: „גאַוואָריט מאָסקוואַ״ שטעלן זיך ביי איר טרערן אין די אויגן — ס׳איז אַן אוממיטלבאַרע נאָענטקייט צום באַגריף פאָטערלאַנד. איבער מאָסקווע שוועבן איצט אָפּט אַעראָפּלאַנען — נישט אַזעלכע, ווי ביי האָפּ־שטיינען, נאָר שלעכטע, בייזוויליקע, פיינטלעכע, וואָס טראָגן מיט זיך חורבן און טויט. „גאַוואָריט מאָסקוואַ״!!! ווען וועלן מיר שוין דערלעבן זאָלסט אונדז טראָגן פריידיקע ידיעות סיי פאַרן כּלל, סיי פאַר יעדן באַזונדער?!...

געלייענט אין צייטונג, אַז אין טיפן שיינעם עלטער איז געשטאָרבן ראַבינדראַנאַט טאַגאָר. אַ גרויסע ליכטיקע געשטאַלט. אין מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער איז געשטאָרבן לעאָנידאָוו. היינט האָבן מיך געפרייט נעמען פון יידן און ייִדישקעס, וואָס איך האָב געפונען אין דער רשימה פון די באַלוינטע פּאַרטיזאַנער. איך בין נישט געווווינט צו קיין פּאַרטיזאַנער און נאָך צו ייִדישע. תּחילת האָב איך געזוכט, צי וועל איך געפינען אין דער רשימה פּרויען. נאָר בגנבה האָב איך שוין אין איין גאַנג געוואָלט געפונען אי פרויען, אי ייִדן, אי ייִדישקעס, און ס׳איז טאַקע דאָ, — היטלערן אויף צעזעצעניש!

נישט באַקומען די לעצטע צייט קיין איין קאַרטל. זאָל איך זאָגן, אַז די צענזור לאָזט נישט דורך קיין ייִדישע בריוו, ווייל ס׳איז נישטאָ ווער ס׳זאָל לייענען? ס׳קען נישט זיין! מען וועט געפינען, איצט זענען דאָ עוואַקויִרטע ייִדן. ס׳זענען פאַראַן אי באַגלויבטע, אי פאַררעקאָמענדירטע. נישט אין דעם איז די מניעה... דערווייל שטערט עס מיר, ווי עמעצער וואָלט מיך פערזענלעך געוואָלט טרעפן.

גיין קיין לאָבינסקאַיאַ און צוריק איז שוין ביי אונדז אַ געוויינלעכער גאַנג. נעכטן, אויף צוריק וועגס, האָבן מיר געהאָט איבער זיך אַ רחבותדיקן הימל. פאַר איין רגע קען אַ מענטש אויפגעריכט ווערן און גלויבן, אַז די גאַנצע וועלט איז זיינע. אָבער איך בין ביי זיך געפאַלן. די שרעק פון דער תּוכחה איז דאָ. אויב נישט אין גאַנצן, איז אַ טייל פון איר דאָ די לעצטע וואָכן. איכה ישבה בדד... די אַגדה פון חורבן. אַ מאָל, אַז מיר זענען געווען אין דער היים, אויף דער פרייַ, האָט עס אָנגע־האַלטן נאָר אַ שטיקל צייט. דערנאָך איז געגאַנגען שבת נחמו און ס׳האָבן זיך געשפּילט חתונות. איצט אָבער זענען, דוכט זיך, אַזעלכע וואָכן צו פיל און צו לאַנג.

מיין ליידיקגייערישקייט זיצט אין מיר, ווי אַ פאַרברעכן, וואָס וועט נישט

אָפּגיין גלאַט. ניוסיע, דער באַלעבאָסטעס 18־יאָריק אייניקל (אין צווייטן צימער) איז אויך אַ ליידיקגייערין. נאָר דאָ איז עפּעס אַנדערש. יענע לאַנגווייליקט זיך נאָר, דרייט זיך אַנטקעגן שפּיגל, שטעלט אָן דעם הייזעריקן פּאַטעפאָן. אין אַן אַנדער צייט וואָלט איך צוליב איר וועלן זיין אַ ביסל יינגער און מיר זאָלן זיך פּאַרטשעפּען איינס מיטן אַנדערן. (יונגשאַפט איז אַ טייער גאָטס געשאַנק). נאָר איצט ציט מיך צו אַ ביסל אָקרעפּ. מיר הונגערן נאָך נישט אין פולן זין פון וואָרט, נאָר מיר האָבן נישט מיט וואָס צו הייצן און אַ הייס גלעזל אָקרעפּ איז אַ לוקסוס.

ס'איז מיר געקומען צו דער האַנט אַ ביכל פון אַ ראָסטאָווער שרייבער שטילמאַן. דאָס לעבן פון אַ יידיש יינגל — ער קלערט אַוודאי: „שלום־עליכם מעג און איך נישט?"... אין מאָסקווע וואָלט מען עס נישט געדרוקט. אין קיעוו — אויך נישט.

שלעכטע ידיעות וועגן קיעוו. ווו איז בעלאָצערקווע? ווו איז איסקאָרעסט? און דאָ עסט מיך די חרפּה פאַר זיך. שווער וועגן דעם צו רעדן, און שווער אַפילו, ווען עמעצער רעדט.

## וויין, פּלה־לעבן...

אין לאָבינסקאַיאָ זענען מיר בעטלעריש אָרומגעגאַנגען מיט דבורהן זוכן אַ דירה, דינגען אַן אַלקער אַ ווען ס'ניט איז. אויף קיין רעכטס האָבן מיר שוין גאָר קיין השגה נישט — ס'איז עפּעס אַ טויבע וועלט: צי מיר דערקענען נישט קיין לעבעדיקע מענטשן, צי די לעבעדיקע וועלט האָט מיט אונדז נישט וועגן וואָס צו רעדן.

נאָר אַ דאַנק גאָט, די דידענקעס נעמען אונדז אויף מיט דער פון אָנהייבס אָן געשאָפּענער געווינטשאַפט, ווי קרובים, אָדער ווי לאַנדסלייט. מיר האָבן נאָך קיין איין איבערדריסיקן וואָרט פון זיי נישט געהערט, קיין איין שלעכטע מינע נישט געזען. פּאַרקערט, שטענדיק בעט מען אונדז צום טיש. מיר זענען אין האַרצן ביי זיך בעטלערס, און זיי זענען מבינים דערויף און טרייבן עס פון אונדז. זיי זענען, וויזט אויס, איינגעשפּאַרט און רעדן צו אונדז נאָר ווי מע רעדט צו נאָרמאַלע און אָנשטענדיקע מענטשן. סעראָפימאַ מאַקסייעוונאַ האָט אַפילו אָפּגערעדט מיטן מאַן, אַז באַין ברירה וועט ער באַזאָרגן, אַז מאַטריאָנאַ סטעפּאַנאָווגאַ און וואַסיל דעניסאָ־וויטש זאָלן אונדז אַריינלאָזן צו זיך, — ס'איז זיינער, מיכאַיל פּיאָדאָראָוויטשעס, אַ חשבון־פירער אויפן זאַוואָד. די דידענקעס האָבן ביי זיי אַ וואָרט. און צוליב די דידענקעס וועלן זיי עס טאָן אַפילו אָן איבעריקע שוועריקייטן. דאָרטן זענען פּאַראַן ענגע צוויי צימערלעך. קיין קינדער זענען נישטאָ. מאַטריאָנאַ סטעפּאַנאָווגאַ האַלט די שטוב ריין. קאָכן קאָכט מען דערוויייל אין הויף, אַ שמאָל לענגיכיק הייפל, נאָר אַ ריינס. אונטער אַ דעכעלע שטייט נישט קיין גרויסע פּליטע. קורץ — ס'איז שוין

אַלץ אָפּגערעדט: וואַסיל דעניסאָוויטש (זיי זענען ביידע אין די פּופּציקער) איז אַ שטילער מענטש. מען הערט בכלל פון אים קיין וואָרט נישט, ווי ער וואָלט שטענדיק געדאַנקט דעם אויבערשטן מען זאָל נאָר אים נישט זאַטשעפּען. די גאַנצע דעה־זאָגערין איז זי. נאָר אויך זי האָט אונדז באַרויִקט: ווי באַלד סעראַפימאַ מאַיסייעוונאַ האָט איר געזאָגט ווער מיר זענען, איז שוין אַלץ אָפּגערעדט.

אויף צוריק וועגס אַהיים האָבן מיר ווייטער געהאַט רחבותדיקע ליבע ערד אונטער די פיס, אַ באַטעמטן הימל איבערן קאָפּ. ס'איז אַפילו שווער זיך משער זיין, אַז ס'קען געבן שלעכטס אויף דער ערד. און דאָך פּאַסן זיך אַזוי גרינג צו די ווערטער צו אונדז „ווייַן, כּלה־לעבן, וויין, היינט איז דיין צייט צו וויינען״...

פון וולאַדימירסקאַיאַ זענען פּאַר נאַכט אַוועק אַ סך מענטשן אויף דער מלחמה. די ווייבער, די שכנים, גייען זיי באַגלייטן. וועדליק דאָס דאַרף איז פּאַר מיר נישט קיין אייגנס, קען עס זיך ביי מיר אין מוח נישט אַלץ פּאַטויפּען, ווי אַזוי דאַרף עס אויסזען אין נאָרמאַלע צייטן. ווי איך זע, איז עס עפּעס אַזוי ווי אויף אַ חתונה: בראַנפן, סאַמאָהאָן, „פּראָוואָדעס״. און איך בין אַנגעשראָקן, האָב מורא די נאָז אַרויסשטעקן אין דרויסן, איך זאָל, ווי אַ פרעמדער, ווי אַ נישטיקער, זיי נישט אויפרייצן קעגן זיך, קעגן מיין ווייב מיט די קינדער. כאָטש נישט אַלע צייטן זענען ווי איין צייט. מיר זענען נישט באַוווּסט זייערע טרונק־הייזער... יתומים און אַלמנות נאָך ביי די נישט־אַוועקגעגאַנגענע מאַנען.

אין מוח שטויסן זיך פּחדים איינס פאַרענדערטער פונעם צווייטן. דערווייל שטייען מיר אויף אַ שוועל פון אַן ענדערונג אין אונדזער לעבן. מיר דאַרפן פאַרלאָזן די איינגעזעסענע וולאַדימירסקאַיאַ, זיך צעזעגענען מיט דער לייביקער גוטמוטיקער קאַזאַטשקע דער באַלעבאָסטע. זי איז אין אונדז נישט אָנגעהאַנגען, אָבער מיר זענען איר אויך נישט דערווידער. אין איר נאַטור איז בפירוש דאָ אַזעלכעס, וואָס מיט איין קליינער פאַרגיטיקונג קענען מיר אין איר געפונען וואַרעמע היימישע נאָענטקייט.

מיר האָבן אַ סך „גוטסערייַ״ צום איבערפירן: דעם שטרויזאַק, אויף וועלכן מיר שלאָפן, אַ פּאָר זעק מיט אָנטאָן און בעטגעוואַנט פאַר פיר מענטשן, דבורהס שרייב־מאַשינקע — איינגעפּאַקט אין אַ וואַפּעלנעם האַנטעך — און דער ווילשטוביקער טשעמאָדאַן איז פאַרנומען מיט אונדזער ביסל אָנטאָן און נאָך אַ פּאָר טאָרבעלעך שפּייז.

מיר האָבן זיך איינגעבעטן אויף אַ פור און זיך אַרויסגעגנבעט פון וולאַדימיר־סקאַיאַ, כּדי זיך אריינגנבענען קיין לאַבינסקאַיאַ. קיינע גנבות זענען דאָ נישט געווען. דאָס זאָגט בלויז עדות אויף וויפל מיר זענען ביי זיך געפאַלן, נישטיק, אָפּהענטיק. וילך יעקב מפדן ארם...

## מיינע דריי אַנשטאַלטן

געפעלט איך לאַבינסקאַיאַ? ס׳קען געפעלן. ס׳איז נישט ווייט פון קראַסנאָדאַר, ס׳איז נאָענט צו סאָטשי, אָט־אָ איז אַרמאַוויר.

ביי דיר אין די אויגן קומט אויס, אַז ס׳איז נאַריש זיך איינרעדן, אַז דאָס איז קאַווקאַז. אָבער דאָס אָרט, וווּ דו געפינסט זיך, קען שוין באַלד הייסן אַזוי.

ברייטע גאַסן אין לאַבינסקאַיאַ. זיי וואָלטן געפּאַסט איינשטיין אין אַ גרויסער שטאָט. די מאַנצבלעך גייען דאָ מערסטנס אין שקאַרפּעטקעס איבער די הויזן און אין זומער־שיכלעך. די קאַלאָשעס פון די הויזן זענען פאַררוקט אין די שקאַרפּעטקעס און ס׳באַקומט זיך עפּעס אַ מין פרייע טאַליע.

איך האָב דאָ אַנשטאַלטן, וווּ איך וואָלט געטאָגט און גענעכטיקט, כאָטש קיין טועכץ האָב איך דאָרטן נישט. דאָס ערשטע — די פּאָטשט. די פּאָטשט־געביידע, אַ ווייסע, אַ געראַמע, אַ הילצערן גאַניקל מיט פיר טרעפּלעך, וואָס האָט אַ דעכל איבער זיך, און אַפילו צוויי בענק ביי די זייטן, און דו שפּאַרסט זיך אָן אין די ברעטער, וואָס פאַרענדיקן די אונטערשטע האַלב־ווענטלעך און האָבן נישט אויף זיך קיין פענצטער, קיין שאַליוזקעס — פּשוטע ליכטיקע ווענט — ס׳איז ווי אינע־ווייניק און ווי אין דרויסן, און דו שטייסט לעבן מענטשן, זיצט לעבן מענטשן. אַלע — נישט קיין באַקענטע. אפשר זענען זיי אויך אָנגעפּאָרענע, אַזעלכע ווי דו ביסט. אין די חדרים פון פּאָטשט גופא איז דיר גוט, וואָס דו קענסט פריי אַריין און אַרויס. קענסט צוגיין צום פענצטערל, איינקויפן קאַרטלעך, פּאָסטפּאַפּיר, קאָנווערטן מיט מאַרקעס און אָן מאַרקעס. מען ענטפערט דיר, ווי דו וואָלסט געווען אַ גלייכבאַ־רעכטיקטער מענטש אויף דער גאַנצער וועלט. קיינעם בין איך נישט מחוייב אויסזאָגן, אַז איך בין עס נישט. איך וועל טאַקע בעסער קויפן צו איינציקע קאַרטלעך, צו איינציקע קאָנווערטן, איך זאָל קענען דאָ זיין וואָס אָפטער. ס׳איז מיר עפּעס גוט פונעם דאָזיקן אַנשטאַלט.

איך האָב נאָך אַן אַנשטאַלט. אַהין האָב איך עפּעס אַ פּאַפּירל מען זאָל מיר געבן צוויי קילאָ ברויט יעדן טאָג. ס׳איז אַזאַ שפּייזקראָם צווישן קראָמען מיט לענגעכיקע גאַניקעס, רויטע טירן און אַפילו רויטע ווענט פון דרויסן... די מענטשן זענען צו מיר דאָרטן נישט גוט און נישט שלעכט. ברוגז איז מען אויף מיר נישט, נאָר זען זעט מען מיך נישט. מערער טייל טרעף איך דאָ אַ שלאָס און אַן אויפשריפט־צעטל מיט די ווערטער „וואַרמעס״, „איבערררייס״, אָפט טרעף איך אַ קאַלטן ענטפער — „שפּעטער״, „נאָך צוויי״. מע זאָגט עס און מע קוקט אויף מיר נישט, מע זעט מיך נישט. איך קען ביי זיך נישט פועלן צי דאָס איז די מלוכה אַליין אַזוי, צי דאָס זענען נאָר אָנגעשעטעלטע און ערגעץ וווּ נייטיקן זיי זיך אַליין מען זאָל זיי קוקן גלייך אין די אויגן אַריין. ווי די מעשׂה זאָל נישט זיין, קויפן ברויט — איז מיין אַרבעט

(געלט נעם איך ביי דבורהן). אַהין נאָכן נייטיקן ביסל „ברענשטאָף" גיי איך מיט אַ שווער האַרץ, צוריק — מיט בײדע קילאָ ברויט (האַרטלעכן, שווערלעכן, נאָר, אַ דאַנק גאָט, נישט קיין רויען) — גיי איך גרינגער, נישט צו פאַרגלייכן. מיר דוכט זיך, אַז מיט דער צייט וועט מיר נישט זיין אַזוי שווער צו גיין אָפּנעמען דאָס ברויט.

און... נאָך אַ דריטן אַנשטאַלט האָב איך — די ביבליאָטעק. ניט קיין ענג הויז. אַליין אין אַ הויף, וואָס איז נישט קיין קיין בלומען־גאָרטן, נאָר ענלעך אויף אַ ביימער־גאָרטן. ווען איך האָב נאָר אַ ביסעלע שטאַרקייט ביי זיך, איז עס אין גאַנצן מיינס. אין אַזעלכע אַנשטאַלטן בין איך כּסדר אַ גאַנצער באַלעבאָס. נישט איך שאַף זיך, נישט איך זאָג דאָ דעות, ווייל מע דאַרף עס פּשוט נישט. איך קען זיך זייער גוט באַגיין אָן דעם. דאָס מיידל, צי דאָס ווייבל, וואָלט איך וועלן זאָל זיין מער מילד, מער אויפגעלייגט, מער צוגעלאָזט. עפּעס בין איך דאָך נישט אַבי ווער, איך בין דאָך דאָ כּולו פריינד. אָבער איך גיב זיך גלייך צו פאַרשטיין: גולם איינער, אַ ביבליאָטעקערין איז דאָך אויך נאָר אַ מענטש. וואָס איז, די מלחמה איז דען נאָר ערגעץ אויף דער וועלט, און נישט ביי איר? די שטוב אויף ווינטער דאַרף זי נישט צוגרייטן? און... וואָס איך בעט, קריג איך דאָ ביי איר, וואָס איך קער איר אום — נעמט זי צו, וואָס זשע וויל איך פון איר? ווען זי איז צו מיר נאָר אַ ביסעלע אויפגעלייגט, ווען זי טוט, ווי עס פּאַסט ביי אַזאַ אַרבעט, עטוואָס אַ שמייכל, וואָלט דאָך מיר מיין היגער „דאָברי־מזל" געווען אָן דעם מינדסטן שטשערב...

אויפן מאַרק גייען מיר נישט אָפּט. די משפּחה, ווי קליין זי איז, האַלטן מיר זי פאַר נאָך קלענער. דאָס הייסט, מען דאַרף ווינציקער קאָכן, מען דאַרף, וואָס ווינציקער עסן. מיר זענען נישט קיין פאַרדינערס. ווייטער איז עס נישט קיין צייט פון איבערפלוס. די מלוכה שפּאָרט אויך, און די באַפעלקערונג — אַוודאי. דער מאַנצביל איז אַוועק אויף דער מלחמה. די פּראָדוקטן גייען בילכער צו דער אַרמיי און צום פראָנט. פאַר די שפּיטאָלן גיבן אַלע מיטן גאַנצן האַרצן — אַפילו דאָס לעצטע. און פאַר קינדערהייזער דאַרף מען אויך.

דאָס מערקל דאָ איז נישט אַזוי גרויס. נאָר אַז איך גיי אַרויס עפּעס איינקויפן, אַ מאָל אַליין, אַ מאָל מיט דבורהן צוזאַמען, זעט מען, אַז דאָ איז אַ קאַנט פון זעט, פון מזל און ברכה. דבורהל קוקט אויף אַלץ אַרום און פרעגט:

— אפשר קויפן אַ האַלבע קילאָ ווײַנטרויבן פאַר די קינדערס וועגן?

די באַלעבאַסטע איז זי ביי מיר, נאָר פרעגן מעג מען.

— זע, סאַראַ שיינע ווײַנטרויבן. דאָס וואַקסן זיי דאָך דאָ!... אי מיר ווייסן, אי מיר חידושן זיך, וואָס נישט מיט אונדזער ווילן וווינען מיר אויף אַן ערד, וואָס גיט אַ סך ווייץ און ווײַנטרויבן.

מיר זענען צוגעגאַנגען צו די יאַטקעס. שיין שאַפּנפלייש — ס׳נעמט אָפּ אַן אויג און, נישט געקאַרגט. דבורה זאָגט:

— דאָ עסט מען מערער „באַראַנינע". ס'איז נישט קיין שווער עסן. זיי האָבן דאָ אַ סך שאָף.

ווען ס'איז דבורהן כאָטש אַ האַלבע שעה גרינג אויפן האַרצן, האָט זי ליב צו טרוימען:

— ס'זאָל זיין שטיל אויף דער וועלט, און מיר זאָלן זיך אפשר אַריבערציִען קיין קראַסנאָדאַר... אי די שטאָט איז אַ גרויסע, אי די זעט איז דאָ שטענדיק פאַראַן. און דער זומער איז לענגער, און ווינטער זענען די קעלטן ווייכער, שטילער. דו וואָלסט דאָ מיט דיין אַרבעט קענען זיך צו עפּעס צושלאָגן.

זאָל זי זיין געזונט, דבורה! אַז זי רעדט, רעדט זי נישט אין דער וועלט אַריין: זי זאָגט אַ גלייכע זאַך. איך הער זיך צו צו אירע רייד. ווען מיר געוווינען זיך טאַקע צו צו קראַסנאָדאַר?! אַן אָפּטיילונג פון שרייבער־פאַרבאַנד דאַרף דאָ אומבאַדינגט זיין, מיט קאַווקאַזער שרייבער קען מען זיך טרעפן, האַלטן אַ קאָנטאַקט. די פאַרלאַגן אין קיִעוו און אין מאָסקווע, אויך אין מינסק, וועלן נעמען מיינע זאַכן סיי ווי — מעג זיין פון צפון, מעג זיין פון דרום. אָט־אָ ווינט דאָך דאָ שלאָסבערג באַשטענדיק.

אמת, אַ סביבה, די אייגענע סביבה גייט אָפּ. נו, פאָרט מען אַראָפּ פון מאָל צו מאָל זיך זען. און די קינדער אונדזערע וועלן וואַקסן און זיך לערנען אַזוי ווייט און אַזוי ברייט ביז מירן מיט דער צייט ווערן, מירצעשעם, דיד דאַ באָבאַ.

נאָר אָט הודעט שוין ווידער מיט זייער אַ וויסטער נאָגנדיקייט... און ס'רייסט זיך אָפּ אין האַרצן: שוין, אויס, אויס קליין שיין מערקעלע.

מיר ווייסן נישט צי דאָ איז ערגעץ פאַראַן נאָענט אַ מיליטערישע אַוויאַ־שול אָדער וואָס, נאָר אַלע צען מינוט און האַלבע שעה, זייער אָפט אין משך פון טאָג, הייבט עס אָן נודנע צו הודען אין דער לופטן. וויפל וואָלטן מיר אָפּגעגעבן דאָס זאָל אויפהערן, מען זאָל עס אַוועקנעמען פון אונדז, אָדער אין גאַנצן אָפּשאַפן.

אַ מאָל דוכט זיך מיר ביי אַלע שוועריקייטן, ביי אַלע חסרונות, וואָס איך פיל אין זיך, אַז איך בין סיי ווי אַ געפעסטעטע קינד ביי גאָט. לאָמיר זיך נאָר איינשפּאַרן און זאָגן: „טאַטע אין הימל, איך וויל נישט, איך קען נישט אַזוי, וואַרף אַוועק, „זאַליש" — לאָז אָפּ — (ווי די אוקראַיִנער זאָגן), מאַך עס איבער אין גאַנצן..." — וואָלט ער עס צוליב מיר געטאָן! אָבער אויך דאָ מעג מען מיט אַ מאָס. און ווייטער פאַרשטיי איך דאָך, אַז ער איז אויך נישט קיין פאַרשלאָפענער. געדולד! ער ווייסט אַליין, ווען אָנהייבן און ווען עס דערפירן צו אַן ענדע. דער מבול איז אויך געווען אַ פאַרשלעפּטע זאַך און דאָך האָט ער עס דערפירט צו אַ ברעג. אַך, ווי גוט ס'וועט זיין, אַז די כוואַליע וועט סוף כל סוף אָפּגיין און דער ים וועט זיך אָנהייבן איינשטילן.

אַ פּאָר מאָל איז מיר מיט דבורהן אויסגעקומען זיך אָנטאָן ווילטאָג און אַריינגיין אין אַ שאָפּע, וואָס איז מיט ברעזענט אָדער מיט לייוונט איבערגעצויגן. דאָרט שטייען דורכויס איבערן ערדענעם דיל לאַנגע בענק, לעבן זיי זיצן מענטשן און

באַדינערס דערלאַנגען אויף גרויסע הילצערנע טאַצן וואַרעם געקעכץ פּאַר געצאָלטס. אין אַזעלכע פֿאַלן באַשטעלן מיר אויך עפּעס. אַ טייל עסן מיר אויפֿן אָרט און אַ טייל גיסן מיר צונויף אין די געברענגטע כּלים און טראָגן עס אָפּ אַהיים פֿאַר די קינדער וועגן. אויך דאָ טרעפֿן מיר פֿאַרשיידענע באַזוכער: אפשר הײמלאָזע, אפשר פּליטים.

נאָר מיר האָבן גיך אויפֿגעהערט גיין איבער אַ דערשרעק: עפּעס אַ פֿאַרשוין איינער, געענוג יונג, געענוג געזונט און וווקסיק, האָט איין מאָל אָנגעהויבן צו דבורהן רעדן, זי עפּעס אויספֿרעגן, און דבורה זאָגט, אַז ס'האָט איר גענומען קלאַפּן דאָס האַרץ — זי קען שווערן, אַז דאָס איז אַ שפּיאָן. אויף צוריק וועגס האָט זי מיר געזאָגט פֿול מיט שרעק אין די אויגן, אַז אפשר דאַרף מען צוגיין צו אַ מיליציאָנער און אים זאָגן וועגן דעם. ס'איז דאָך נישט קיין שפּילעכל אין אַזאַ צייט, ס'איז אַן אונטער־געשיקטער דייטש, וואָס קען רעדן רוסיש!

אַ פֿאַרפּלייצונג פֿון שפּיאָנען און אפשר אַ קרענק אויף שפּיאָנען־אויסדוכטעניש. אָבער די ברעזענטענע גאָרקיך, וואָס האָט זיך געפֿונען אַזוי ווי אין אַ פּאַרק, האָבן מיר גענומען וווייכן.

מאַטריאָנאַ סטעפּאַנאָוונאַ האָט אונדז אויסגעלערנט קאָכן אַזאַ ציקאָריע, וואָס איז באַטעמט, קאָסט נישט טייער, איז זעטיק און גוט פֿאַרן געזונט. אמת, ס'איז פֿאַראַן אַרום דעם אַ סך טירחה. ס'איז „טאַדזשיקסקי" אָדער „אוזבעקסקי" און אפשר גאָר „קאַלמיצקי" טיי, כאָטש ער באַקומט זיך ווי אַ געדיכטער מאָסקווער קוליש — טרינקט מען אים פֿון אַ גלאָז. איך וואָלט נישט זאָגן, אַז ס'איז פֿון די בעסטע מאַכלים, נאָר אַפֿילו פֿאַר די קינדער איז עס אַלע מאָל אַ שטיקל נייס מיטן גרייטן זיך, מיטן צוטרעפֿן און אָפּטרעפֿן, וואָס האָבן מיר נאָך אַהער צו דערגעבן? און סוף כּל סוף מוז מען זיך דערוואַרטן אויף מאַטריאָנאַ סטעפּאַנאָוונאַ ביז זי וועט זיך צוריקקערן פֿון מאַרק. זאָל זי זאָגן, צי ס'איז אַלץ ריכטיק? און מיר זענען זי אַלע מאָל מכבד, ווייל זי האַלט פֿון דעם מאַכל. אַז זי וויל, זאָגט זי אַפֿילו, אַז מיט דעם שפּייזן זיך אין אייניקע ערטער די געטער אַליין.

וואַסיל דעניסאָוויטש לאָזט זיך רעדן, אַז מע רופֿט זיך צו אים אָפּ. אין מיטן דער וואָך זעט מען אים ווינציק. ער איז גאַנצע טעג אויף דער אַרבעט. דערנאָך איז אָדער ער ליגט, אָדער ער לייענט. איך האָב נישט ליב, אַז מען שרייבט אויף די בלעטער פֿון אַ ספֿר, נאָר ביי אים איז עס אַ מין גאָטעסדינסט: ווו ער ענדיקט לייענען, שרייבט ער אָן מיט אַ דינעם בליישטיפֿט DCII דאָס הייסט — עד כּאן. ער האָט אויך גראָבע זשורנאַלן. מעגלעך, אַז ס'איז פֿון דער זאַוואָד־ביבליאָטעק. גאַנץ פֿרי, ווען ער קערט צו דעם הויף, כּעסט ער זיך אויף די הינער און טרייבט זיי פֿון אָרט אויף אָרט. דעם יונגן וווקסיקן און נאַרישן הונט זיינעם „דונייען" זאָגט ער אַלע מאָל צו, אַז ער וועט אים נעמען אויף געיעג, אַז ער וועט אים לערנען זאַכן,

וואָס זיין מאַמע (דוניס מאַמע) האָט גוט געקענט. אין אַלגעמיין איז ער נישט קיין שלעכטער פּערסאָנאַזש, גענומען פון גאַנצן מיט טשעכאָוון אין איינעם. דאָך איז עס אונדזער באַלעבאָס און איך בעט גאָט ער זאָל זיין גוט צו אונדז. ער פּאַרנעמט ביי מאַטריאַנען אַן אָרט פון אַ מאַן, כאָטש זי גייט אין די הויזן. אויפן זאַוואָד טרינקט ער צו ביסלעך משקה און שרייבט אַריין אין די ביכער. דידענקאָן פּאָלגט ער אויפן ווונק און... ס׳איז אַ מענטש און ס׳לעבט אויף דער וועלט.

## אַקסל ביי אַקסל

איך בין געקומען אַהיים פון דער ביבליאָטעק, רופט מיך דבורה איך זאָל גיכער הערן די ראַדיאָ... יאָ, אַזוינס קען אַ מאָל זיין דאָס איינציקע מאָל אינעם גאַנצן מענטשלעכן לעבן (כאָטש, אַז מען זאָל פּטור ווערן פון דער מלחמה, וואָלט מען אַן דער איינציקער געשעעניש אינעם מענטשלעכן לעבן זיך אויך גרינג באַגאַנגען): ס׳טרעטן אַרויס די אָנגעזעענסטע יידישע קולטור־טוער — אַרטיסטן, ליטעראַטן, קינסטלער און געלערנטע אויף אַן אַלוועלטלעכן יידישן מיטינג! דעם מיטינג האָט געעפנט מיכאָעלס. ס׳האָבן גערעדט מאַרקיש, בערגעלסאָן, קאַפּיצע, אייזנשטיין, שכנא עפּשטיין, מאַרשאַק און ערענבורג. עפּעס האָט מען גערעדט הויפּטזעכלעך צו די אַמעריקאַנער יידן. איך האָב נישט געכאַפּט אַקוראַטנע, וואָס מען האָט געמאָנט ביי זיי — סאָלדאַטן צי געלט. דעם אויפרוף צו די יידן פון דער גאַנצער וועלט האָט מען געלייענט אין יידיש, רוסיש און ענגליש.

איך, וואָס בין וואַכעדיק און שלעפעריק אי אינערלעך, אי אויסערלעך, בין שוין נישט אַריינגעקראָכן אינעווייניק אין טעלער פון דעם ראַדיאָ־אויפנעמער. איך ווייס נישט אויף וואָסער וועלט איך בין. מיכאָעלס, בערגעלסאָן און מאַרקיש, וואָס איך בין דאָך עפּעס לייב פון זייער לייב — שוין וואָס איך שריי נישט אויס צו זיי: טוט אַ קוק! אָט־אָ בין איך! איך שטיי דאָך אָט־אָ דאָ!

און פּאַקטיש בין איך אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, און אויך פון זיי, פון די נאָענטסטע. אַז איך דאַרף זיך אַפילו נישט איינשטעלן זאָגן פּאָר אַ זייטיקן, אַז דאָס זענען מיינע גוטע־פריינד, מיינע אייגענע, גאָר נאָענטע.

זיי האָבן דערמאָנט אַ זאַך, וואָס אַלע וויסן שוין פון לאַנג: אַז יידן זענען אַ ליידנדיק פּאָלק, וואָס שטייט אויס אין משך פון טויזנטער יאָרן דאָס סאַמע ערגסטע, וואָס נעמט זיך אַן ווען מען פון די פעלקער. אַ ווײַלע טוט מיך אַ קלעם מיין פּאַריתומ־קייט. אָבער איז דען מיר אַזוי שלעכט? בין איך דען ליידיק און נאַקעט, נאָר ווייל איך בין אַ ייד? איצט קומען מיינע ליידן און פּיין פון דעם, וואָס דאָס לאַנד, ווו איך בין אויסגעוואַקסן, ווו איך האָב געקראָגן די מעגלעכקייט זיך אויסלעבן ווי אַ שרייבער, אַ קולטור־טוער, ווו איך האָב דורכגעפירט די גרעסערע און בעסערע

טייל פון מיין לעבן, דאָס דאָזיקע לאַנד קאָרטשעט זיך איצט אין מלחמה־קראַמפּן. די מלחמה מאַכט מיך געליימט, ווי אַ טיילכל פונעם גרויסן גראַנדיעזן לאַנד, וואָס ציט זיך פון די צפון־שנייען ביז די דרום־היצן, וואָס שפּיגלט זיך אין אַזוי פיל טייכן און ימען. יאָ, ס׳טרעפט, און ס׳דאַרף נישט און ס׳טאָר נישט טרעפן, אַז איך לאָז אַרויס פון קאָפּ דעם ספרות היטלער, וואָס פרעסט אויף מיט זיינע אייזערנע קלאַמערן אַ גרויסע שטיק וועלט, און אומעטום אין די חורבות און די אויסגע־שניטענע לעבנס זעט זיך רויטער און רייכער אַן דער שטראָם פון ייִדיש בלוט.

יוליאַן טובים האָט עס אויך בולט דערפילט: דאָס בלוט אין די אָדערן און דאָס בלוט (וואָס צאַפּט זיך) פון די אָדערן. מיט אונדזער ייִדיש בלוט צאַפּן זיך אַן גאַנצע ירדנס. אָט די טייכן בלוט שטעלן צו ייִדן און ייִדישע פרויען און קינדער און זויגקינדער, און אַזעלכע, וואָס זענען נאָך נישט אַרויס פון דער מוטערס טראַכט, אַלטע ייִדן, גרויסע רבנים און פשוטע האָרעפּאַשניקעס־שוסטערס, שניידערס, שמידן און וואַסערטרעגער. אומעטום קאָרטשעט מען זיך אין די גאַזאויוונס, סמאַליעט מען זיך אין די ריזיקע קרעמאַטאָריעס, מען ציט אויס די גלידער אונטערן דייטשס גראָבן און שווערן שטיוול, ווי די עופהלעך, ווען מען טרעט אַן אויפן האַלדז נאָך דעם, ווי דער שוחט שליידערט זיי אָפּ, כּדי צו קוילענען די ווייטערדיקע קרבנות, וואָס זענען אויסגעשטעלט אין אַ ריי — קליינע און גרויסע קהילות ייִדישע; הייפע־לעך ייִדן אין די דערפער און טויזנט־קעפּיקע מחנות אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך; קינדער, וועלכע מען קאַסטרירט, זיי זאָלן מער קיין דור פון זיך נישט לאָזן; ווייבלעך, וואָס מע מאַכט זיי קינדערלאָז, צוליב וויסנשאַפטלעכע צוועקן, פּעק מיט ווייבערישע האָר, וואָס מע פּאַקעוועט אין טיוקעס... דער דייטש פאַרוואַנדלט אַלץ אין סחורה, און סחורה אין געלט.

ווי אַזוי האָב איך זיך געקענט אויף אַ רגע פאַרגעסן? איך האָב זיך באַנוגנט מיט דעם, וואָס איך בין אַ ייִדישער שרייבער אין אַ גרויסן לאַנד, ווו איך בין אין קיין זאַך נישט געמינערט פון זיינע הויפּטטיילן. און איצט בין איך אַ באַנומענער, ווייל דאָס לאַנד איז אין קלעם און דעם ספרות היטלער האָב איך אויף אַ רגע אַריינגעלאָזן. ס׳איז אַ טייוולאָנישע קראַפט, וואָס האַלט זיך אין איין שטאַרקן. ווו איז די געטלעכע ריינע קראַפט, וואָס וועט זיין בכּוח פאַראַליזירן דאָס אַל דאָס בייזעס?

אונטערן אויפרוף זענען אונטערגעשריבן אויך יונגע ייִנגלעך — הילעלס, זאַק און אַנדערע. אויב זיי זענען אַפילו גוטע מוזיקער און האָבן צווישנפעלקערלעכע פּריזן, מהיכא תּיתי, רעדן זיי עס אין נאָמען פון לאַנד צום אַלוועלטלעכן ייִדנטום? מן־הסתם איז עס געטאָן געוואָרן אין אַ געוויסער איילעניש און נישט באַטראַכט. איך דאַרף דעם נסתּר דערביי, די גנעסינס — זיי, געוויס, ביטע.

ווי געזאָגט, אויף אַזאַ מיטינג, אין דער פרעמד „ביי זיך" אין צימער, אַקסל

ביי אַקסל מיט דבורהן, מיטביילקען און לייבעלען, צווישן לעבן און טויט, ווו די פאַרגאַנגענהייט און די נאָך אומבאַוווסטע צוקונפט דאַרפן זיך איבעררופן, איז מיר אויך באַשערט געווען צו בייזיין. און ווי פיל מיליאָנען מענטשן, מיינע ברידער (שוין נישט גערעדט פון נאָך פעלקער, פריינד און פיינט, און גלייכגילטיקע) מעג איך זאָגן אויף זיכער, אַז ס׳איז אויפן גאַנצן לעבן.

נעכטן האָט מיר געצויגן דאָס האַרץ נאָך כאַסקלען. מען קען נישט גיט דער־מאָנען בעת מעשׂה הירשקען — ווו זענען זיי איצט? די מאַמע... די מאַמע איז שוין אין דער אייביקייט, איז זי פריי. אָבער ווו איז ערגעץ דער טאַטע?... צי דען „לעקט ער שוין האָניק״ ביי די דייטשן? פונקט ווי ס׳ווילט זיך אַ מאָל וויסן, וואָס טוט זיך פון יענער זייט טויט. ביי אַכמאַטאָווען איז פאַראַן אַזאַ שורה: „סקאַזשי, טשטאָ בילאָ פאָטאָם״* (זאָג, וואָס איז געווען דערנאָך), אַזוי טוט אַ צי זיך צו דערוויסן, וואָס קומט פאַר דאָרט, ווו דער דייטש טאָפּטשעט אונדזער ערד.

איטלעכן איז גוט ביי דעם „אויבערמענטש״, נאָר די ייִדן, וואָס ווען צו אים אַריינפאַלן... דער כּוס, וואָס איז גרייט פאַר זייערט וועגן, פאַר זיין טעם, פאַר זיין קאָליר זענען, דוכט זיך, נישטאָ קיין ווערטער. מערדעריי פון קוילערס, און פּיין פון געשאָכטענע זענען באַקענט זינט דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אויף דער ערד. לעבן יעדער דערשיינונג פון דער נאַטור און פונעם מענטשנס טועכץ זענען גלייך אויפן אָרט באַשאַפן געוואָרן זייערע שאָטנווערטער. נאָר וואָס קומט מיר, אויב איך וויל אָט די ווערטער נישט אַרויסרעדן אַזוי אָפט? איך וויל זיי נישט הערן! איך זאָל נאָר קענען גובר זיין די מחשבה, די אַרבעט פון מוח, און זאָגן צו זיך: זוך נישט די בילדער, זוך נישט דאָס טייטשוואָרט, ס׳איז אַזוי אויך איבער און איבער אַלע מענטשלעכע כּוחות.

רבונו־של־עולם, האָט דאָך רב לוי־יצחק בערדיטשעווער געזאָגט, „וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף דיין פאָלק ישׂראל?״ צי דען גלויבסטו אַזוי שטאַרק אין זיינע כּוחות און ביסט זיכער, אַז ער וועט אַזוינס אויך אויסהאַלטן? ואעבור עליך ואראך מתבוססת בדמיך ואמר לך בדמיך חיי, ואמר לך בדמיך חיי... רבונו־של־עולם, ווי דערלעבט מען שוין אויך אַזוי דעם לעצטן אַקאָרד?! אין בלוט האָט מען זיך פאַר־כּלינעט געגנוג. צי וועט עס נאָך קומען צום לעבן?

ביי מיין זון לייכט זיך אָפט דאָס פּנים מיט אַזאַ ערלעכער שיין, ממש ווי „קרן אור פּניו״. מיך קאָסט אָפט געזונט, וואָס ווען ער רעדט מיט מיר, האָב איך נישט דעם איינדרוק איך זאָל אים זיין ליב צו דער מאָס. דבורה זאָגט, אַז איך טרייב איבער. ער איז אַ קינד און האָט אונדז בכלל ווינציק אין זינען.

אין ביבליאָטעק האָב איך אין אַ נודנעם פאַרמיטאָג איבערגעקוקט עטלעכע

* „Скажи, что было потом“.

נומערן פון דער מאָסקווער ליטעראַרישער צייטונג. אויב ס׳גייען נאָך אַרויס ליטעראַרישע צייטונגען, קען זיך באַקומען, אַז דאָס לעבן האָט נאָך ערגעץ אַ נאָרמאַלן אויסזען. געזען דאָרטן באַקענטע נעמען. זיך אָנגערירט, ווי אין עפּעס אַ נאָענטס. אין אַזאַ רגע דערפילסטו אויך אין דיינע אייגענע אברים אַ לעבעדיקן דופק.

אין „פּראַוודאַ" פאַראַן אַ גענויער באַריכט וועגן יידישן מיטינג. מיכאָעלסעס ווערטער גייען, ווי אַלע מאָל, גוט אויף דער וואָג.

ס׳גייט צו האַרבסט. מיר שלאָפן נאָך אַלץ אויף דער ערד, כאָטש נישט דאָס איז דער עיקר. איך וויל נישט קיין מלחמה, איך וויל נישט קיין אומגליקן.

בין היינט געווען ברוגז אויף ביילקען, איר פירגעוואָרפן פאַר וואָס זי לייענט גאָרנישט. מיר נעמען זיך נישט צו קיין טועכץ. מיר ווייסן נאָך אַלץ נישט, צי מיר שטעלן זיך דאָ אָפּ. מיר וואָלטן שוין לאַנג פון דאַנען אַוועקגעפאָרן, ווען איך שעם זיך נישט שלעפּן די פּעק. אייגנטלעך זענען עס נישט אַזעלכע מסוכּנע פּעק. אין אַ נאָרמאַלער צייט איז עס פאַר פיר מענטשן וואָגאַן־באַגאַזש און נישט מער. אָבער די חרפּה פון פאַרשטויסנקייט ווירקט אויף מיר שרעקלעך: יידן אַנטלויפן מער פון איטלעכן, יידן האָבן מורא מער פון איטלעכן.

ס׳קען דען זיין אַנדערש? נאָר די אַרומיקע בליקן — נישט אַלע מאָל קענען זיי עס פאַרשטיין.

## שאָלעכץ פון יאָדערן

אין לאַבינסקאַיאַ זענען דאָ צוויי זאַוואָדן. דאָ, ווו דידענקאָ אַרבעט, מאַכט מען וויין, אַלערליי ווישניאַקס, פּרוכט און געוויסע קאָנסערוון. אויפן צווייטן זאַוואָד, אויך נישט ווייט פון אונדז, מאַכט מען בוימל. דאָרטן שמעקט כּסדר זייער גוט. כּמעט שטענדיק, ווען מיר גייען דאָרטן דורך, טרעפן מיר פורן מיט קערלעך פון זונרויזן — הויכע וועגענער, פאַרמאַכטע פון אַלע זייטן, און אָנגעשאָטענע ביז אַרויף מיט קערלעך. יאַטלעך שנאָרען אַרום לעם די פורלעך. בגנבה דראַפּעט מען זיך אַרויף און מע שאַרט אָן גיך־גיך אַן אַרבעלע, אַ זעקעלע, אָדער אַ פּאָר גרויסע אָנגענייטע קעשענעס מיט יאָדערן. די פורמאַנעס, ווער ס׳מאַכט זיך נישט ווויסנדיק, ווער ס׳טוט זיי אַ טרייב פון יוצא וועגן מיט דער בייטש.

די פערד פּאַסעט מען אונטער, און אַז מען עפנט דעם טויער, פאָרן די פורן אַריין אין הויף און לאָדן זיך אויס. עפּעס שטעל איך זיך פאָר, נאָר וואָס דאָרטן טוט זיך איז מיר נישט אויסגעקומען זען. ס׳שמעקט פון דאָרטן מיט גוטע געפּראַזשעטע יאָדערן און מיט וואַרעמע פעסער בוימל. מן הסתּם מאַשינעס אַזעלכע שיילן די יאָדערן, און אויף בלעכענע לאַנגעכיקע זיפּן ווערן די יאָדערן אָפּגעוואָרפן באַזונדער און די שאָלעכץ פליט באַזונדער.

די שאָלעכץ גייט אויף באַהייצונג. דידענקאָ האָט אונדז אַליין פאָרגעשלאָגן, אַז ער קען באַשטעלן פאַר אונדזערט וועגן אַ מאַשין מיט שאָלעכץ. מיר האָבן אים אַריינגעטראָגן געלט. מאַטריאָנאַ סטעפּאַנאָוונאַ האָט אונדז אָנגעוויזן אין שטאַל אַן אָרט ווּהין אַראָפּצושיטן. מיר האָבן איר געזאָגט, אַז זי וועט אויך קענען נוצן די באַהייצונג.

און מיר האָבן זיך טאַקע דערוואַרט. אין דער היים, קינדווייז, פלעג איך ליב האָבן טאָפּטשען היי, ווען מען האָט אים געוואָרפן מיט דערווילע צו אונדז אויף די ווישקעס. דאָ בין איך אויך מעשׂה מענטש געקראָכן אין זאַסיק אַריין און געטאָפּטשעט די שאָלעכץ פון די קערלעך. זיי זענען גליטשיק און שיטיק אונטער די פיס. אַ ביסל האָב איך זיך פאַרשטויבט, אַ ביסל זענען די שאָלעכץ פאַרקראָכן אין די שיך, אין די שקאַרפּעטקעס און די מאַנזשעטן פון די הויזן, אַפילו אין די קעשענעס — ס'האָט זיך אָנגעשאָטן אַ סך, אַ סך, כּמעט אַ פול שטעלכל. ס'איז אַ גרינגע און שפּאָרעוודיקע סחורה, נאָר ווי אַזוי הייצט מען מיט דעם, האָב איך זיך נאָך נישט קלאָר פאָרגעשטעלט.

אַפילו שטיינקוילן זענען פאַר מיר שטענדיק געווען אַ זאַך, וואָס איך האָב נאָר געלייענט אין די ביכלעך... ווי אַזוי הייצט מען מיט שטרוי און מיט קיזעקעס, האָב איך אין גאַנצן קיין פאָרשטעלונג נישט געהאַט. נאַרישע מענטשן — פלעג איך קלערן — איז דען נישט בעסער הייצן מיט האָלץ, בערעזע, דעמבענע, סמאָלאָווע, הראַב, אָלכע? גיי ווייס, אַז ס'זענען פאַראַן קאַנטן, וואָס ווייסן נישט פון קיין וועלדער, ווו ס'איז נישטאָ קיין שטיקל האָלץ אויף קיין רפואה.

איצט האָבן מיר אַ נייעם מין באַהייצונג. פיל שטיבער נוצן עס דאָ אין לאַ־בינסקאַיאַ. פאַר זיי איז עס קיין נייס. מיר האָבן זיך אויסגעקליבן מיט דבורהלען, ווען די באַלעבאָסטע איז אַוועק אויפן מאַרק פאַרקויפן אירע פלעשעלעך, גאַלקעס, קנעפּלעך, אַלטע שוכוואַרג. זי האָט ליב מאַכן געלט פון אַלץ. דוניאַ גייט אונדז נאָך פון דער שטוב צו דער שטאַל (דאָרטן צעיאָגן זיך פאַר אים די הינער), פון שטאַל צו דער פּליטע. די פּליטע שטייט אין הייפל לעבן גערטל, אַ צוואַנציק שפּאַן פון גאַניק. און דאָרט זענען מיר גרינג דערגאַנגען דעם שׂכל: דאָס טירל פון דער פּליטע איז ספּעציעל געמאַכט געוואָרן פאַר אַזאַ „סטרוי": דאָס אייזערנע „מויל" פון דער טאָפּקע, אויך אַ פּירעקיקער, איז געווענדט אַרויף. מיט אַ מיסטלעפל שיטן מיר אָן די גרינגע, דריבנע שאָלעכץ, וויפל דאָס אייזערנע „מויל" נעמט אַריין. מיר הייצן אונטער מיט אַ שפּענדעלע, אַ שטרויעלע, אַ שטיקל פּאַפּיר, מיט וואָס ס'מאַכט זיך. די טרוקענע פּעטע שאָלעכץ כאַפּט זיך גיך אָן און צעברענט זיך. און אָן־אַ לייכטן זיך שוין די שפּעלטעלעך צווישן די קיילעכדיקע פייערקעס... גיב גיכער אַהער, דערלאַנג וואָס צו קאָכן!!!

דער עמער מיטן פרישן וואַסער שטייען שוין דערביי אויפן זייטיקן בענקלע.

דערווײַלע קאָכן מיר וואַסער. באַלד וועלן מיר צוטראַכטן נאָך עפּעס. הײַנט האָט דבורהל חשק צו אַ יום־טובדיקן אָנבײַסן. ווּ איז די פּייערפּאַן? ווּ איז דאָס פּלעשעלע מיטן בוימל? גיב אַהער דאָס מעל, דערלאַנג אַן איי, אַ ביסעלע זאַלץ, אַ ביסעלע סאָדע... לײַבעלע מיט בײַלקען באַלעקן זיך אַזש! דונײַ האָט זיך אויסגעלייגט נישט ווײַט פון דער פּליטע, קוקט אַהער און רײַסט נישט אָפּ דעם בליק פון דאַנען. דאָס שאָלעכץ פּלאַקערט אין דער פּליטע, מיר שיטן אַלע מאָל צו, דער בוימל טרישטשעט אויף דער צעגליטער פּייערפּאַן, די לאַטקעלעך ברוינען זיך, פּאַרטיקע גייען אויפן טעלער, פרישע גיסן זיך אַרויף דער פּייערפּאַן מיט זייער נאַסער ווײַסקייט. און דער ריח פונעם מין באַהייצונג צעגייט זיך אַזוי שיין מיט אַ יום־טובדיקייט, אַז מיר זענען שוין גאָר פריידיק איבעררײַשט פון אונדזער דעראָבערונג. דונײַ קלאַפּט צו מיטן עק איבער דער ערד, ברומט אונטער אינווייניק, ווי דער בעסטער גוטער ברודער, ווען ער דערפילט אויפן טיש אַ ביסל משקה מיט אַ באַטעמטן צובײַסן.

ס׳פעלט נאָר אַ ביסעלע זיכערקייט אין האַרצן, אַ ביסעלע באַוווּסטזיין, אַז דו אַרבעטסט מיט לײַטן גלײַך דעם ערשטן האַלבן טאָג ביז מיטאָג, דעם צווייטן האַלבן טאָג נאָכן איבעררײַס, און דײַן ביסן איז בײַ דיר אַ כּשרער, אַ פאַרדינטער. יגיע כּפּיך כּי תאכל אשריך וטוב לך — און דײַן ווײַבל איז לעבן דיר, דײַנע קינדער זענען צוגעזען, אַ ווינקל האָסטו אַן אייגנס, מיט אַרבעט ביסטו באַזאָרגט מיט אַזעלכער, וואָס דיר איז ליב. פרײַ זיך, מענטש, און געניס פון דעם לעבן!

זאָלן זײַן געזונט די דידענקעס, זיי דערהאַלטן אונדז בײַם לעבן. בײַ זיי איז עס נאָר אַ גוטער מין, אַ פרײַנדלעכער קער אין אונדזער זײַט. און בײַ אונדז איז עס, ווי מען דערלאַנגט דעם פאַרשמאַכטן אַ פרישן טרונק וואַסער.

אָן ווערטער פאָרען מיר זיך בײַ דער פּליטע און מיר זאָגן איינס דעם צווייטן: פאַר דער איינער גוטער מינוט אַ גרויסן דאַנק אונדזערע ווילטוערס.

## וואַנדער־פייגל

שיינע, שיינע טעג שטייען אין דרויסן. נאָר אַז אין דער לופטן הייבט אָן נאָגנדיק הודען, ווערט דיר מיט אַ מאָל אַלץ פאַרשטערט. אַ געלע פינצטערקייט שפּרייט זיך פאַר די אויגן. ס׳דערמאָנט, ווי מען גיסט אַרײַן אַ חולה איבער גוואַלד אַ רעצעפּט, ווען מען איז נישט זיכער צי ער אָטעמט נאָך. דו גייסט אַרום איבער דער ערד ווי אַ דערמאָנונג פון אַ מענטשן, ווי אַ שאָטן.

דאָס ווינקל, ווּ מײַן ביבליאָטעק שטייט, איז אין אַנדערע ערטער מיט ביימער פאַרשטעלט און אין אַנדערע ווי עפּעס אָפּגעדעקט. בײַ אַ זײַט שטייט אַן איינשטאָקיקע ווײַסע געבײַדע. צי איז עס אַ מאָל נישט דער היגער טעאַטער? יאָ. אַזוי קער עס זײַן. דאָ זע איך איצט מענטשן, וואָס איך האָב שוין נישט איין מאָל געזען. נאָר איצט איז

צווישן זיי אַ ביסל אַ נערוועזע באַוועגונג, אַ מין אַרומשלאָנדערן פון איין רעדל צום צווייטן. איינע האָבן אַן אויסזען, ווי ס'איז שוין אַלץ גרייט אָפּגערעדט און מען דאַרף נאָר אַויסוואַרטן אויף דער אָנגעוויזענער מינוט. אַנדערע גייען אַרום אין אַן אומרויִקער פאַרזאָרגטקייט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז אויב זיי וועלן באַצייטנס נישט באַזאָרגן, וואָס מען דאַרף, וועלן זיי דערנאָך אויסן בלייבן.

(ס'טרעפט אָפט, אַז פייגל גרופּירן זיך אין היפּשע מחנות, בייטן זיך מיט די ערטער, פליִען אָפּ און פליִען צו, זיי פּילן, ווייזט אויס, אַז מע וועט זיך דאַרפן אויפהייבן אין וועג אַריין, ווי נאָר דער אינסטינקט וועט אַ רוף טאָן).

ענדלעך האָב איך אויסגעקלאָרט און ווייס שוין, אויב נישט אַלץ, איז כמעט אַלץ: ס'איז טאַקע דער טעאַטער־קאָלעקטיוו. אָט זענען די ווייבלעך, אָט זענען די מענער. ווער ס'איז נאָך יונג און גלוסטיק, ווער ס'איז שוין אין די מיטעלע און אַפילו אין די עלטערע יאָרן. ווו ס'איז דאָ אַ פייערל אין די אויגן, אַ שפּילעוודיקע מינע, ווו ס'הערשט נימאסער גלייכגילט. זיי האָבן שוין פּאַפּירן, זיי פאָרן אָרגאַניזירטערהייט... קיין טיומען.

אַזאַ נאָמען הער איך ס'ערשטע מאָל אין לעבן. נאָר איצט ווייס איך שוין — ס'איז אַ שטאָט אין סיביר. די דאָזיקע שטאָט וועט צונעמען דעם אוקראַיִנישן קאָלעקטיוו. זיי וועלן אים געבן אַ געביידע אויף צו שפּילן, דירות אויף צו וווינען. צייטווייליק וועט מען דאַרפן אויסרעפּעטירן רוסישע פּיעסן, און אַלע אוקראַיִנישע אויך, אָבער נישט אויף אוקראַיִניש, נאָר אויף רוסיש... הייסט עס, אַז אין סיביר איז נישטאָ קיין מלחמה, ס'איז הינטערלאַנד. דאָרט וועלן זיי קענען שלאָפן — ווער מיט זיין אייגן ווייב, און ווער מיט אַ געליִענער, אויב די עבֿרה וועט זיין געשמאַק, אויב זי וועט נאָך זיך נישט נאָכשלעפּן קיין געשלעג מיט קיין קריגערייען, קיין לאָדעניש מיט קיין אַריינמישונג פון העכערע, פון עלטסטע, פון די, וואָס קענען זאָגן אַ דעה. דאָרטן וועט מען אַרבעטן, זיך צוגעווויִנען צו די אָרטיקע אומשטענדן און בענקען אַהיים.

איך קוק צו די מענטשן. פיל פון זיי גייען אין גרינגע ליכטיקע מאַנטלען. אַז מע וויל, זענען זיי פאַרמעגלעך, אַז מע וויל, זענען זיי אָרעם, ס'איז נאָר צוגעדעקטע אָרעמקייט. איך קוק זיך צו פון דער זייט — ווער איז דאָ דער אמתער טאַלאַנט, וואָס טראָגט אין זיך דאָס געטלעכע ביסעלע פייער, און ביי וועמען איז עס „מצות אנשים מלומדה“. צי זענען זיי מיר פרעמד, ווי אַלע פרעמדע? מיך זעען זיי אַפילו נישט. אָבער אַלץ איז דאָך באַדינגלעך, קענסט עס אַ נעם טאָן אַנדערש: זיי זענען אַרטיסטן פון אוקראַיִנע, איך בין אויך אַן אָנגעפּאָרענער, אַ שריפטשטעלער פון אוקראַיִנע. אמת, ס'איז נישט קאָרנייטשוק, ס'איז ניט מאַלישקאָ, קאָפּילענקאָ, טערעשטשענקאָ, נישט יאַנאָווסקי. ווען מיין נאָמען איז אַ ביטעלע באַקענטער, צעשמועסט מען זיך מיט זיי, מע דערפרעגט זיך צום אָנפירער, מען דערציילט אים:

איך בין פיר מענטשן, בין איך. צוליב דער טאַכטערס שלאַפקייט זענען מיר אָפּגעשטאַנען פונעם שרייבער־קאָלעקטיוו נאָך אין ראָסטאָוו (אין באַטייסק). איצט איז אחינו אתה, אַזאַ גליקלעכער צוזאַמענטרעף, פאַררעכנט מיך — פיר מענטשן — און מיר פאָרן צוזאַמען, אַדרבא, פאַרשטייט אַליין, מיט וועמען קען איך דאָ בלייבן?... און זיי ענטפערן מיר, אַז ס׳קען גאָר אַנדערש נישט זיין, פאַרשטייט זיך, מירן פאָרן. ברענגט די פּאַפּירן און מע וועט עפּעס מאַכן.

עך, וואָלטן מיר געפאָרן! טאַקע אין די קאַלטע לענדער, נאָר מענטשלעך! אין אַ קופּירטן וואַגאָן! צווישן מענטשן — ווערט מען אויך אַ מענטש! דבורה זוכט זיך אָפּ באַקענטע אַקטריסעס פון איין שטאָט, צוזאַמען זיך געלערנט. די קינדער חברן זיך צונויף מיט די קינדער פון קאָלעקטיוו, זיי זענען דאָ אויך מיט די געזינדן. איך וואַרעם זיך לעבן אַ גרייטן פייער, איך נער זיך ביי אַ גרייטן טיש, איך טראָג אַריין מיין חלק, איך בין אַ מענטש צווישן מענטשן.

מקנא זיין ווייס איך נישט צי ס׳איז געווען ווער. זיך צוקוקן גוט צו זיי, האָט יעדערער געהאַט זיין נאָגנדיקן ווייטיק, זיין אייגן נישט וויסן, וואָס דער נייער טאָג וועט אים ברענגען. מע האָט זיך גענודיעט און געטריקנט אויף דער זון, און ס׳איז נישט געווען מיט וואָס דאָס האַרץ זאָל זיך דערקוויקן, ווי דער אמת איז.

יאָ, אַזוי איז עס. נאָר מיר איז דאָך נאָך ערגער. איך בין אין גאַנצן פאַרשמאַכט. צו די לאַנדסלייט האָב איך זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין האַלב וואָרט, ווי די צונג וואָלט ביי מיר געווען צוגעטריקנט אין מויל, און דאָס האַרץ שטעלט זיך אָפּ יעדע רגע. אין בין אָרעם, איך בין ליידיק. די אויגן זענען טרוקן, קיין טרער פאַר קיין אבל. לייטן פאָרן אַוועק אַזוי ווי מענטשן, און איך גיי, אויף לייטיש געלעכטער, זוכן פאַר לייבעלעס וועגן אַ פּלאַץ אין שול. ווער שול? וואָס שול? צי דען וועלן מיר דאָ זיין? צי דען וועט ער דאָ לערנען?

אין ביבליאָטעק בין איך געווען טויט. די ביבליאָטעקערין האָט עטלעכע מאָל געדאַרפט איבערפרעגן, וואָס איך רעד צו איר. אַהיים בין איך געגאַנגען אַ בלייכער, אַ פאַרקלעמטער. אויפן וועג האָב איך באַגעגנט אַ בעסאַראַבער פּאָרפּאָלק. פרעגן זיי מיך, צי קלערן מיר עפּעס טאָן?... יאָ, ס׳איז קיין תכלית נישט, לאַנג האַלטן זיך דאָ וועט מען נישט קענען. און אויב ערגעץ פאָרן, דאַרף מען באַצייטנס. איך פיל, אַז דאָס פּאָרפּאָלק איז געשיקטער פון מיר. חוץ דער קלוגשאַפט מיט דער ענערגיע, וואָס זיי האָבן אין קאָפּ, האָבן זיי נאָך עפּעס פאַרגרייט אין בוזעם־קעשענע און אין די פּעקלעך. צו חכמה און צו ענערגיע איז עס אַ וויכטיקער צוגאָב.

## אַ מיטינג אין קיִעוו

אַ נאַכט מיט עולם־הזהדיקע חלומות — גרינגע, באַטעמטע, לויטערע. ס'איז נאָר אַ חידוש, פון וואַנען נעמען זיי זיך אין איצטיקער צייט?! קען זיין, אַז ס'איז פון דעם, וואָס איך האָב זיך אויסגעבאָדן, אָנגעטאָן פריש וועש און ס'איז געווען וואַרעם צו שלאָפן. דער רוקן האָט נישט געבראָכן.

אין דרויסן מאַראַקעט אַ רעגנדל. ביי אונדזער איצטיקער לאַגע, וואָלט איך דעם האַרבסט מיטן ווינטער אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדערש מאָל. כאָטש מע קען נישט וויסן — אַ מאָל ברענגט אויך דער ווינטער חיותדיקע שעהען.

ביי די דידענקאָס האָט מען דערציילט, אַז אין ראָסטאָוו אויפן וואָקזאַל וואַלגערן זיך בעזשענצעס אין צענדליקער טויזנטער. די עשאַלאָנען זענען געפּאַקט מיט חייל, וואָס מען פירט אין ריכטונג פון באַקו. ס'קומען אום אַלע טעג אַזוי פיל נוציקע מענטשן, און מיר דרייען זיך דאָ אַרום שלינג־און־שלאַנג און וויסן נישט וווּהין צו ווענדן שטופט מען צו פיר נפשות — דבורהן, לייבעלען, ביילקען און אייזיקן...

דער, ווערמען מע נעמט צו אין אַרמיי, גייט אַוועק (צי מיט, צי אָן ענטוזיאַזם). ווי באַלד מע מוז — מוז מען, ווי באַלד מע דאַרף — דאַרף מען. נעכטן, זאָגט מען, האָט מען פונאַנדערגעטראָגן ניין הונדערט פּאָוועסטקעס.*

מאָנטיק דאַרף שוין לייבעלע גיין אין שול אַריין. ווו איז די פרייד? ווו איז די יום־טובדיקייט? ס'איז עפּעס אַלצדינג טויט. איך מיט ביילקען פרעגן זיך ערגעץ ווו אויף אַרבעט, נאָר ס'איז נישט ערנסט. אַבי אָפּצוקומען. מע פאַרקויפט אַ מלבוש און מע עסט אים דערווייל. פריִער אָדער שפּעטער וועט מען פון דאַנען דאַרפן פאָרן.

היינט אין דער פרי האָט זיך מיר אָנגענומען אַ ביסל כשרע פרייד. ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן וועגן אַ מיטינג אין קיִעוו. הייסט, עס, אַז קיִעוו איז נאָך אויפן אָרט! כאָטש מיט איין אויג אַ קוק טאָן אויף די געוווינטע קיִעווער היימישע גאַסן... ס'זענען אַרויסגעטראָטן באַזשאַן, ליסענקאָ, פּאָמענקאָ. פון וואַנען נעמט זיך צו באַזשאַנען מוט צו געפינען זיך אין סאַמע קאָך פון די געשעענישן? דער מוט איז אינעווייניקסטער, אייגענער? צי דאָס קומט פון דרויסן, פונעם פלאַץ, וואָס ער פאַרנעמט. די אומשטענדן פאַרפּליכטן, און אַז מע איז — איז מען שוין! דער וויכער האָט דיך אַריינגעשלעפּט און דו ביסט שוין אַ באַשטאַנדטייל פון די, וואָס שוועבן און דרייען זיך אין אים.

מיר שלעפּן זיך אַרום אַ מאָל מיט דבורהן אויף אַ זייטיקער גאַס און מיר טוען אַזעלכעס, וואָס מיר וויסן אַליין, אַז ס'איז קיין טועכץ נישט. צום ביישפּיל: מיר פאַרגייען אין אייניקע הייפן און פרעגן אויף אַ דירה. מאַטריאָנאַ סטעפּאַנאָוונאַ האָט

---

* רופמעלדונג פון קריגסאַמט.

דאָך אונדז אַריינגענומען נאָר אויף דערוויל — ביז מיר וועלן עפּעס צווזוכן. אמת, מיר האָבן זיך צוגעוווינט. מיר זענען איר נישט צו לאַסט. אָבער פאַר קיין באַשטענדיקער זאַך האַלט זי דאָס נישט. אָדער מיר וועלן אַוועקפאָרן, אָדער זיך ערגעץ איבערציִען. אויב מיר'ן נישט האָבן קיין אַנדער באַהייצונג, וועלן מיר מעגן צונעמען אונדזער שאָלעכץ־באַהייצונג מיט זיך.

מיר גייען מיט דבורהלען אין שול, וווּ מיר באַשטעלן לייבעלען, און פרעגן זיך אויף עפּעס אַן אַרבעט, למשל, אפשר קען מען באַשטעלן איינעם פון אונדז דרייען אין שול־ביבליאָטעק? כאָטש פאַרביילקען איז עס נישט קיין אַרבעט. אויב מיר וועלן דאָ קענען בלייבן, וועט זי גיכער פון אַלץ גיין אויפן זאַוואָד צו דידענקאָן — פּאַקעווען קעסטלעך, אָדער איבערנעמען סחורה, און אפשר אין קאָנטאָר עפּעס טאָן. (מיר זאָל זיין פאַר איך, מיינע טייערע קינדער). אויסערלעך זעען מיר נאָך אויס אַזוי ווי מענטשן, נאָר מיר זענען שוין קיין מענטשן נישט. אַדרבא, וואָס איז עס פאַר אַ טאַטע?! ער עסט אויף אַ גאַנצע פּאָרציע כל־זמן ס'איז נאָך דאָ וואָס צו עסן.

לייבעלע איז אַוועק מיט די ביכער אין שול אַריין. ער האָט נישט געוואָלט מיר זאָלן גיין מיט אים, זענען מיר אַרויסגעגאַנגען אויפן גאַניק און דערנאָך פאַרן הויפּטירל און אים נאָכגעקוקט. פאַר וואָס ווערט דאָס האַרץ צעקלעמט פון ווייטיק דווקא אין אַזאַ שעה, ווען מע דאַרף זיך פילן פייערלעך און געהויבן. עפּעס אַ קלייניקייט!? דער ערשטער טאָג פונעם לערניאָר! לייבעלען וועט שוין אין גיכן ווערן ניין יאָרעלעך. אַזאַ ליב קינד, אַזאַ פיינער אַדערויף אויף אַ צוקונפטיקן מענטשן. ער פאַרמאָגט אין זיך פאַרשטאַנד, שיינקייט, גלייכן קינדערשן שׂכל, געשטעלטקייט. מיר מעגן זיך טישען מיט אים, נאָר אים אַליין אויף אַזוי פיל דאָס נישט אַרויסווייזן. מיר וואָלטן מעגן און דאַרפן ווערן חבר מיט זיין לערערין, מיט זיין שול. נאָר מיר האַלטן זיך דאָ אויף היגערשע פיסלעך. דער דייטש פאַרפלייצט גאַנצע שטיקער לאַנד, אָפט מאָל, אַפילו אומגעריכט. דערצו איז נאָך לאַבינסקאַיאַ אַזאַ ווינקל, פון וואַנען ס'וועט אין דער לעצטער שעה זיין שווער זיך אַרויסרייסן — די אייזנבאַן פאַרגייט דאָ אין אַ טופיק (אַ טעמפּן ווינקל).

די קינדער אין שול האָבן זיך אַ ביסל פאַרמאַטערט: די לימודים האָבן זיך אָנגעהויבן נישט צוועלף, נאָר צוויי. ס'זענען געווען פינעף לימודים, אַזוי אַז לייבעלע איז געווען אָן עסן קנאַפּע אַכט שעה.

איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו שאָלאָכאָווס פערטער טייל פון „טיכי דאָן". דער טויט האָט זיך אַריינגענאַרט צו די מעלעכאָווס אין קורין אַריין. ס'פאַרנעמט פאַרן האַרצן. דאָס בוך לייענט זיך מיט גרויס פאַרכאַפּונג. אַ קרעפטיקער שרייבער און ער טרעפט מיר זייער צו. ער באַמערקט אויך קינדערשע תנועות, זוכט אָפט ביי זיינע העלדן דערינערונגען פון זייער קינדהייט. פיל מאָל ווער איך נתפעל פון זיין שרייבן.

ער איז דאָך פּאָרט אַ יונגער מענטש, אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק אין גאַנצן. דאָס ערשטע בוך האָט ער געקערט אָנהייבן אין 23־יאָריקן עלטער. איך בין אים מקנא פאַר זיין אַרבעטסזאַמקייט, עקשנות און ווילנסקראַפט. און דערצו יכולט ער — געזונט ווי אַן אייזן! ער איבערצייגט דיך אויף יעדן שריט. ס׳פילט זיך אויך אַ טיפע משפחהדיקייט, געדיכטע שיכטן פון קאָזאַקישן קאַנט, וואָס ווערט באַוויזן אי שטייגעריש, אי געשיכטלעך.

כ׳האָב אָנגעהויבן לייענען אין אַ געקירצטער אויפלאַגע זאָלאָס „זשערמינאַל״.

## נאָר נישט ביים רוצח אין די נעגל

אין לאַבינסקאַיאַ שטייען נאָך שיינע טעג. אמת, אויך אין קיִעוו איז סעפּטעמבער, זייער אַ שיינער חודש. גאָט האָט באַשאַפן די וועלט זיינע מיט שׂכל. בלויז די מלחמה, די פאַרוויסטונג און די אויסראָטונג מאַכן פון אַלץ אַ תּל. נאָר, ווייזט אויס, אַז ער מישט זיך נישט אין אַזעלכע זאַכן.

פּונקט ווי ס׳ווילט זיך אַ מאָל אין וויין פאַרטרינקען אַלע צרות, אַזוי וואָלט איך זיך נישט אָפּגעזאָגט צו פאַרפעסטיקן די גאָטהייט אויף דער ערד. פאַר אַזאַ מין פוילענצער, ווי איך בין, איז ביי דער אָנוועזנהייט פון אַ גאָט אָן אַן ערך גרינגער צו לעבן אויף דער וועלט: ס׳איז דאָ אויף וועמען זיך אָנשפּאַרן, אויף וועמען אַרויפוואַרפן יעדע שולד און... אַרויסקוקן אויף אויסלייזונג, הילף און טרייסט.

נו?! גאָטעניו, וועסט אַ מאָל מאַכן אַ סוף צו אונדזערעליידן?!

איך בין גרייט, אויף וויפל ס׳איז נאָר אין מיר געווענדט, דיך אָוועקזעצן אויפן העכסטן אָרט, דיר איבערגעבן אַלע פולמאַכטן. טו, מיר וועלן הנאה האָבן פונעם לעבן, און אין באַשטימטע צייטן לויבן דיין נאָמען...

טאַטע, דו לאַכסט?!

נעכטן אין דער פרי איז מיר אַרויפגעקומען אַזאַ מין דינגעניש מיטן געדאַנק: אויב דער באַשאַפונג איז ליב, אַז די דייטשישע חיה־רעה זאָל רייסן און צוקן, טאָ ווו שטייט עס געשריבן, אַז איך דאַרף זיך אויסהיטן און נישט אַריינגיסן מיין ציטעריק ביסל לעבן אינעם ים פון צרות, אַנגסטן, פּיין און אומקום פון מיין פאָלק? וואָס איז? איך בין ווינציק צוגעפּאַסט פאַר לעסטערונג און קידוש־השם?... פון דער צווייטער זייט ווייס איך קלאָר, אַז ס׳וועט קיינעם נישט ווערן גרינגער, אויב מע וועט צווואַרפן דער טומאה נאָך אַ הייפל קרבנות. פאַרקערט, מיט דעם ווערט נאָך געשוואָלענער און פאַרגרעסערט דער גרוב פון חרפּה, חרפּה און לעסטערונג פאַרן פאָלק, וואָס שלאָגן צום טויט. פון יעדער אָטעם, וואָס די דאָזיקע עפּושדיקע גרוב טוט, שלאָגט אַ מינוט צום חלשן.

דעם באַגריף פרייהייט האָב איך איצט דערפילט טיפער, ברייטער און אַלזייטיקער



פון לינקס אויף רעכטס: איציק קיפּניס׳ עלטסטע שוועסטער פריידקע, דער ברודער הערשל און די ייִנגסטע שוועסטער הינדע.

ווי כּסדר. אַהער גייט אַריין גאַראַנטיע פֿאַרן לעבן פֿון דיין ווייב און קינדער און פֿאַרן כּבוד פֿון דיין פֿאָלק.

מאָרגן ווערט צוויי חדשים (נישט קיין אייביקייט און נישט קיין האַלבע אייבי־קייט, בלויז צוויי חדשים) זינט מיר האָבן פֿאַרלאָזן אונדזער שיינע שטאָט, אונדזער היים, וואָס איז אונדז נאָענט, ווי דאָס אייגענע העמד צום לייב.

ס׳זענען שוין דאָ פֿון קיִעוו ידיעות, פֿון סאָוועטישן קיִעוו מיט סאָוועטישע איינ־וווינער. ס׳ווערט עפּעס אַזוי גוט אויפֿן האַרצן פֿון דעם און אַ גוטע בענקעניש כאַפּט דיך אַרום. מיר האָבן באַקומען אַ פּעקל בריוו פֿון דאָרט, פֿון אונדזערע שכנים. ס׳גלוסט זיך מיר טאַנצן און פֿרייען און זינגען: די שכנים האָבן צוגעשיקט דעם אַדרעס פֿון מיינע שוועסטערלעך — פֿריידקע, ברכהלע און הינדע — זיי זענען אין רוזייעווקע, מאָרדאָוויע; הערשעלע דער גרויסער (אַזוי רופֿן מיר מיין ברודער, אין אונטערשייד פֿון הערשעלען דעם גערלינקן, פֿריידקעס זון), איז ערגעץ לעבן כאַרקאָוו אין דער אַרמיי; און אַ בריוו פֿון גדליה, ברכהלעס מאַן, ער איז לויט דער פֿאַראָרדענונג פֿון דער פּאַרטיי געבליבן אין טיל. ער איז געזונט, אַרבעט אַ סך. עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ ידיעה?!... די שטימונג האָט זיך ביי מיר גלייך געביטן, די געדאַנקען פֿירן צו נאָרמאַלע צייטן, צו נאַטירלעכער אַרבעט, צו אַ רויִקן לעבן, צו פֿאַרהיילטע וווּנדן, צו שלום אויף דער גאַנצער וועלט. גדליה שרייבט, אַז ער איז געווען ביי אונדזער דירה, געזען דורך אַ שפּאַלט פֿון דער טיר דעם שראַנק מיט

ביכער ביי מיר אין קאַבינעט... אַזוי ווי טירן מיט פענצטער, מיט דילן, מיט סטעליעס זענען באַשטאַנדטיילן פון אַ שטוב, אַזוי זענען פאַר מיין צימער נישט־אָפּטיילבאַר שראַנקן מיט ביכער ביי די ווענט. אַך, ווען מיר טרעפן זיך שוין דאָרטן צוריק אַלע צוזאַמען! ווי דערלעבט מען עס?

היטלער, ימח שמו וזכרו!!! פון וואַנען האָט ער זיך גענומען אויף אונדזערע יאָרן?!

באַקומען אויך אַ קאַרטל פון שמעון דאַבין. אַ ליבער, ווי אַלע מאָל. איצט ווייס איך שוין עפּעס מערער פון מיינע חברים יידישע שרייבער: כאַסקל איז, דוכט זיך, אַרויסגעפאָרן מיט דער מוטער און שוועסטער. (אַן אַלטע קליינינקע יידענע, די מוטער זיינע. מיט צרות האָט זי זיך פאַר איר לעבן אָנגעזעטיקט אַריבער און אַריבער. אַ קליינער, שוואַכער מענטש, טראָגט גרויסע פּעק מיט זאָרג און מיט ליידן, טראָגט ווייט, טראָגט לאַנג. פרעגט נישט, ווו נעמט זי כוחות דערויף. דאָס איז העכער פון אונדזער פאַרשטאַנד, נישט פאַר אונדזערע געדאַנקען)... האָפּשטיין, ספּיוואַק, גערשענזאָן, אָרלאַנד, ליפע רעזניק זענען אין אופאַ; רחל קאָרן, דוכט זיך, אויך. לוריע און שעכטמאַן — אין קוסטאַנאַי; גוטיאַנסקי — אין כאַרקאָוו; קאַגאַנאָווסקי, פּינטשעווסקי, אַראַנסקי, בלאַשטיין — אין סאַראַטאָוו; סלוצקי, וועלעדניצקי, מאַר־שאַק זענען אין וואָראָשילאָווסק; נו, און הירשקע? ער קער שוין אויף דער וועלט נישט זיין! אָט האָסטו דיר אַ היפּשע רשימה פון קיִעווער יידישע סאָוועטישע שריי־בער. דאָרטן, ווו קאַגאַנאָווסקי איז, אַרבעטן די חברים צו ביסלעך. אין אַ געוויסער מאָס איז דאָרט דאָ די ווירקונג פון קאָלעקטיוו: קינאת סופרים תרבה חכמה...

אויפן טאַטן ריכט איך זיך שוין נישט. ער האָט פעסט געפּועלט ביי זיך נישט אָפּרייסן זיך פון דער היים. ער האָט לאַגיש געדרונגען, אַז ביים דייטש וועט טאַקע זיין שלעכט, אָבער דאָס לעבן וועט זיין געזיכערט. וואָס וועט ער עפּעס גיין טשעפּען אַן אַלטן מענטשן, אָדער קליינע קינדער? זיי פירן דאָך נישט קעגן אים קיין מלחמה... יאָ, לאָגיש איז עס און היילים. נאָר דער דייטש באַגייט זיך אָן לאָגיק, אַ בראָך צו זיינע יאָרן! ווו, אין וועלכע צייטן איז עס געהערט געוואָרן מע זאָל אָפּלייגן אַלע אַנדערע בעסערע אַרבעטן און זיך מאַכן אַ פּרנסה פון אויסקוילען אין יעדן ישוב, אין יעדער שטאָט, עלטערע מענטשן, קינד און קייט? זיי זענען נישט קיין באַ־וואָפנטע — איז וואָס? הילפסלאָזע, שוצלאָזע מיט וייב און קינד — נו, איז וואָס? זיי, די דייטשן, פאַרנעמען זיך מיט דעם, ס'איז פאַר זיי אַ באַשעפטיקונג אי אין טעאָריע, אי אין פּראַקטיק. איי, קיינער האָט דאָך נישט געגעבן אויף דעם קיין רעכט?! יאָ, דאָס איז אויך אַ קללה פון דעם, וואָס לעבט אייביק.

ביי נאַכט האָט מיר זיך געחלומט דאָס דאַרניצער קליינוואַרג, די פּלימעניטשקע מיט די פּלימעניקלעך, ברכהלעס און הינדעס קינדערלעך. דאָס איז גראָדע גרינג צו פאַרשטיין. איך האָב נעכטן געשריבן קיין רוזייעווקע, איך האָב דאָך שוין זייער

אַדרעס. ס׳האָט זיך מיר אויך געחלומט, אַז איך ווייס שוין פון פריִער, אַז הירשקע דיאַמאַנט לעבט און איז געזונט. איך האָב אין חלום אַפילו געהאַט פאַרדראָס אויף זיך אַליין, ווי קומט עס, איך זאָל זיך גאָר דערלויבן זיין אַזוי לייכטזיניק — ווי באַלד איך ווייס אַלץ אַזוי פעסט — צו וואָס איז דאָס נאָכפרעגן זיך אויף אים אין בריוו מיט אַזוי פיל אומרויִקייט ?!

אין דער היגער אויסגעווייסטער פאָטשט גיי איך שוין נישט אומזיסט. איך טראָג שוין אַהער בריוו קיין סיביר, קיין מאָסקווע, קיין רוזייעווקע און קיין קיִעוו. אין אַ פּאָסטקאַרטל צו אַ קיִעווער שכנה בעט איך זי זיך דערלאַנגען צו אונדז אין דער דירה און מאַכן עטלעכע פּעקלעך פון מיינע, אויף הפקר איבערגעלאָזענע, כתבים, פּאָטאָ־אַלבאָמען, און עס אָפּשיקן צו דבורהס ברודער קיין סיביר. אַ געווייני־לעך אָנגעשריבן פּאָסטקאַרטל לאָז איך אַראָפּ אין אַ געוויינלעכן (פאַר מיר זייער ליבן) פּאָסטקעסטל, אָבער צי שטעל איך זיך יעדעס מאָל פאָר וויפל טויטגעפאַרן עס שטייען אויס די, וואָס פאַרפירן דאָס דאָזיקע קאַרטל מיינס און שטעלן עס צו צום אַדרעסאַט ?...

איך דריי זיך דאָ אַרום צווישן בעסאַראַבער יִדן און אַנדערע, מיינע גלייכנס. זיי רעדן אויך מיט ליבשאַפט פון זייערע שטעט און שטעטלעך. און דאָ ווערן מיר אַלע לויטן קאָליר, וואָס ווייטער, אַלץ מערער געגליכן צו מיסט, צו אָפּפאַל. איך אויך... און פון דעסטוועגן זענען מיר גרייט זיך לאָזן ערגעץ ווייטער, כדי אָפּצוראַטע־ווען דאָס לעבן פאַר דעם פּרייז פון דחקות, קעלט, אָנגעוואָרפנקייט, שמוץ, און אַלערליי קרענק.

זיך באַקענט מיט אַ קאָראָסטישעווער ווייבל און זיך דערפרייט — מעשׂה זעמליאַק! פון קאָראָסטישעוו איז האָפּשטיין, אַ ביסל — שוואַרצמאַן, און מיין היים איז דאָך אויך נישט ווייט.

אין אויספּירקאָם אין וואַרטצימער אָנגענעם געשמועסט מיט אַן אָדעסער מיטל־יעריקער פרוי. זי פאַרמאָגט אַ גרויען קאָפּ האָר, נאָר דער האַלדז און דאָס געזיכט, דער בליק, די שטים און דאָס גאַנצע האַלטן זיך זענען נאָך יונג. מיר האָבן שטיל געשמועסט צווישן זיך. פון וואָס האָבן מיר נאָר וואָס גערעדט ? פון פוילקייט, פּאַסיוו־קייט, פאַרגעניגן, ערדענע טעלער, שפּאַצירן, זעלבסטמאָרד, פאַרפאָר־געפעס, יעסע־ניִנען. זי האָט אין אָדעס אויך געלאָזט אַ דירה מיט פאַרמאַכטע ביכער־שראַנקן, פּונקט ווי איך. אַז מען וויל איז איצט דאָס וואָרט „אָדעס" אַ צעשוווּמענער באַגריף. נאָר אַז מען וויל ליגן ביי איר אין בייטל די שלאַנקע שליסלען פון איר דירה אין איינעם אַ הויז, אויף איינער אַ גאַס, אין דער ליכטיקער ים־שטאָט אָדעס, און דאָרט איז איר רייך מעבלירטער גאַסטצימער, איר שלאָפצימער מיט אירע אמת היימישע בעטן, ביכער, שפּיגלען, איבער וועלכע ס׳וועבט זיך נאָך איר וואַרעמע שטים.

נאָר איצט זענען מיר געזעסן מיט איר אין אויפנעמצימער פון לאַבינסקער

אויספּירקאָם. זי איז געקומען עפּעס בעטן. ס׳איז אָנגעקומען איר ריי. זי איז אַריין צום פאָרזיצער. ווען זי וועט אַרויס, וועל איך דאַרפן גלייך אַריין, אויך עפּעס בעטן.

נעכטן געקוקט אין „פּראַוודאַ״ און אין „איזוועסטיאַ״. אַרטיקלען און נאָטיצן וועגן קיִעוו באַגעגנט מען אָפט אין דער פּרעסע. הלוואי זאָל עס גיין צום בעסערן און נישט צו פאַרערגערונגען. אַן אומגעזעענער משוגענער הונט זויגט דאָס האַרץ מיט זיין פאַרצויגענעם הוילן. וואָס דאַרף ער?

די טעג האָבן מיר אָפּגעגעבן טשערניגאָוו, און איצט קרעמענטשוג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מזל־טוב!!! ברכהלע לעבט און זי האָט געבוירן אַ לעבעדיק קינד. אַ מיידעלע. ליבע. די מאַמע אונדזערע.

אַ קליינינקס — שרייבן זיי — אַ ליבינקס. אַ שיינס. אין עלנט און אין אָרעמקייט. ווייט פון אַ היים. נאָר אַ דאַנק גאָט, וואָס מיט חסד. ברכהלען איז דאָך געווען אַזוי סטראַשנע. מע ווייסט נישט וווהין, מיט צוויי קליינע קינדער — אַ ייִנגעלע און אַ מיידעלע. זי איז גרייט אַלע מאָל אָפּטרעטן פאַרן שטאַרקערן און פאַר דאָס שווערע און אומברחמנותדיקע.

זי האָט נישט איין מאָל געזאָגט אין וועג שטיל און רחמנותדיק צו די שוועסטער:

— וווהין וועל איך פאָרן אין אַזאַ צושטאַנד? וואָס וואַרט דאָרט אויף מיר (שוואַנגער טיף אויף דער צייט)? איך וועל דאָ ערגעץ אַראָפּקריכן אויף אַ קליינער טויבער סטאַנציע, וועל אַוועקגיין אין פעלד, איך וועל זיך אַנידערלייגן און אויסגיין אין דער שטיל... און פאָרט זיך ווייטער. היט אָפּ די קינדער מיינע, היט אָפּ אייערע קינדער.

זי זאָגט עס אָרנטלעך, מיטן גאַנצן גלויבן אינעם אונטערגעבן זיך דעם שיקזאַל. ס׳גלוסט זיך וויינען אַפילו אַ זייטיקן, אַז מען דערהערט אַזאַ מין חשבון. נאָר די שוועסטער האָבן אָפּגעטריבן די טרערן. די שוועסטער האָבן מיט, ווי ווייט מעגלעך, רויִקע ווערטער געזאָגט: — „ביסט איינע? אויף דיר איינער איז שוין געפאַלן די גאַנצע וועלט? פאַראַן מענטשן אין שווערערע לאַגעס פון דיינער און זיי גיבן זיך אויך נישט אונטער. ווען דו ביסט, חלילה, איינע אַליין, וואָלטן אויך נישט געטויגט אַזעלכע געדאַנקען. בפרט מיר זענען אַלע צוזאַמען אי אין וואַגאָן, אי אין דרויסן, אי דאָרט, וווהין מיר וועלן קומען. נישקשה, מיר וועלן זיך נאָך פרייען אויף דיינע קינדערס חתונות״.

די קליינינקע טראָגעדיקע ברכהלע האָט אין דער ענגער טעפּלושקע, צווישן אייגענע, אָפּגעווישט די טרערן און געענטפערט: — „זאָל זיין אַזוי ווי איר זאָגט. אפשר וועלן מיר עס נאָך אַ מאָל איבערדערציילן אין פריידן״...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביילקע אונדזערע איז אין נעכטיקער שרעקלעכער היץ געגאַנגען קיין וואַ־דימיראָווקע און געבראַכט די אין קאָלווירט פאַרדינטע זעקס קילאָגראַם מעל (פיר — אירע, צוויי — דבורהס). דאָס איז אַן איינקומעניש. און נאָך האָט זי געבראַכט (פאַר־שריבענע, מיט פאָסטשטעמפלען פֿון דעקאַרירטע, שוין עטוואָס געלגעוואָרענע, נאָר בשלום געקומענע) פינעף פאָסטקאַרטלעך. איז עס נישט קיין עשירות? — פֿון מיישקען, פונעם געלינקן הערשעלע, פֿון פריידקען, פֿון גדליהן און פֿון בער סלוצקי.

בער סלוצקי איז בלייך, גרוי, געגאָלטע עקנייטשטע באַקן, בלעכענע ברילן, אַ ביסל אַ שפּראַכלער, אַ ביסל אַ שריפטשטעלער. זייער אַן אָרנטלעכער מענטש. צענדליקער יאָרן אָפּגעלעבט אַליין אין אַלט־בחורישן צימער. פֿאַר זיך אַלע מאָל אַליין אויסגעווישט אַ גלאָז. געהאַלטן די ביכער אין אָרדענונג. און אין 59־יאָריקן עלטער חתונה געהאַט (גיכער על־פּי רחמנות, ווי על־פּי ליבע) פֿאַר דאָבע נוסנזאָן. געהאָלפן אויפציִען איר 15־יאָריק טעכטערל. זיי ביידן — אי די מאַמע, אי די טאָכטער — געהאַלטן אין כּבֿוד. און איצט איז ער אַלס מיטגליד פֿון שרייבער־פֿאַראיין, און אַ ייִד דערצו, אַוועק מיט דער משפּחה פֿון דער היים אויף וואַנדער און אויף וואָגל. אויב פֿאַרלויפן מיט די געשעעענישן אַ ביסל אויף פריִער, טאָ זאָל דאָ געשטעלט ווערן זיין פּרוי דאָבען אַ מצבה: זי איז געשטאָרבן אויפן שיף. מען האָט איר טויטן קערפּער אין מיטן וועג איבערגעגעבן אויף פרעמדע הענט. און בער איז געפאָרן ווייטער מיט דער טאָכטער מינעלען. מינעלע האָט אונטער זיין השגחה זיך נישט געפילט עלנט, ביז ער האָט זי אויסגעלערנט, חתונה געמאַכט, גליקלעכער, ווי ס׳טרעפט אַ מאָל מיט אַן אייגן קינד.

מיט בערן האָט זיך ביי אונדז געפירט אין משך פֿון די עטלעכע לעצטע יאָר אַ וועגעטאַריאַנישע גוטפריינדשאַפט. אין אַלגעמיין — אויפמערקזאַמקייט, אָנשטענ־דיקייט, ריינע באַציִונג פֿון איינעם צום צווייטן, אויפריכטיקייט. אַלע מאָל גערן איינער פֿונעם צווייטנס אַ דערפֿאָלג. אַלע מאָל עפּעס פֿאַרזאָרגט, אויב ס׳טרעפט ביי איינעם פֿון אונדז צוויי אַ שוועריקייט. דערצו איז ער שמעון און רחל דאָבינס אַ לאַנגיאָריקער פריינד, און זיי זענען ביי מיר דאָס יום־טובדיקסטע און געהויבנסטע צווישן מיינע פריינד און באַקענטע.

אויך דאָ אין דער עלנטער פֿאַרוואָגלטקייט האָבן מיר נישט אַרויסגעלאָזן פֿון אויג איינס דעם צווייטן. אַליין די אָנוועזנהייט פֿון ריינע און ערלעכע צווישנבאַציִונגען שטאַרקט מיך סיי אין שעהען פֿון גאַנצקייט, סיי אין אַ צייט פֿון צעבראָכנקייט.

### דער סוד פֿון טויט און פֿון געבורט

ווערדליק די בעסאַראַבער ייִדן האָבן געזאָגט, דאַרפֿן מיר מאַנטיק האָבן דעם ערשטן טאָג ראש־השנה. אַז איך דערזע מיט די אויגן פֿון דער קינדהייט די דאָזיקע

טעג, ווערט עס אין גאַנצן אויס מאָנטיק. ווי באַלד ס׳איז ראש־השנה, האָט עס שוין גאָר אַן אַנדער קאָליר און אַן אַנדער האַטונעק. ווי אַזוי זאָגט עס דאָרטן יעסענין —

*) „Стыдно мне, что в Бога я верил,
Горько мне, что не верю теперь".

דאָ גייט מיר אַרויף אויפן געדאַנק, אַז ס׳איז נישט מיין שולד דערביי, וואָס אין דער קינדהייט האָט מען מיר געוויינלעכע טעג געמאַכט פאַר אויסערגעוויינלעכע. מען האָט זיי מיר באַהויכט און באַשיינט מיט הייליקייט, פאַרהייליקטן און טיפ־באַלויכטענעם אַרום־און־אַרומיקן פאַרגעניגן. און איצט? צי זענען מיר עס אַזוי זינדיק און שולדיק, וואָס ס׳האָט זיך אין אונדז אַזוי פיל איינגעגעסן זשאַווער מיט דער וואָך?

שטעטל, טאַטע־מאַמע, חברים און פריינד! איר ווערט דאָך מיר אַלע אַזוי נאָענט אין דער שיין פון דערינערונגען. ווען מען קען אין אַזאַ צושטאַנד אויסגיין שטיל און גרינג, אומבאַמערקט איבערגיין פון וואָר צו שלאָף און אַזוי אַרום איינ־שלאָפן אויף אייביק!

מיר האָבן אַ היים געהאַט, מיר זענען קינדער געווען...

די אינפאָרמיר־ביוראָ טוט אַ שטיקל פעלער מיט דעם, וואָס זי רעכנט אויס אַלע טאָג אַ צעטל מיט רציחות, פאַרגוואַלטיקונגען און דאָס גלייכן. טאָג־טעגלעך עס איבערחזרן ווערט עס ביי די צוהערער מער נישט האָבן די נויטיקע ווירקונג. ווייטער באַליידיקט עס די אומגעקומענע, ס׳פאַרשוועכט די הייליקייט פון זייער פיין.

נאָר ווי די מעשׂה זאָל נישט זיין ווילט זיך נישט אַריינפאַלן צום דייטש. זאָגן „ס׳ווילט זיך נישט" הייסט עס נאָך גאָרנישט ניט געזאָגט. אימה אויסגעקנאָטן מיט אומדערטרעגלעכער דערנידעריקונג און חרפּה נעמט דיך אַרום דורך און דורך. אויב אַזוי וואָלט מען שוין פון לאַנג דאַרפן אַוועקפאָרן פון דאַנען. נאָר וואָס? צו דעם פעלט ענערגיע, ס׳פעלן געלט־מיטלען. וווּ וועסטו זיך אַהינטאָן און ווי אַזוי וועסטו זיך אַן עצה געבן מיט פיר נפשות?

ווען מען רופט מיך אויך אין דער אַרמיי, וואָלט איך דאָרטן פאַרשוווּמען געוואָרן. איך האָב אויף מיין לעבן נישט געהאַלטן קיין ביקס אין דער האַנט. צו אייניקע זאַכן בין איך נישט צוגעפּאַסט, און קיין מוז, קיין צוואַנג, וואָלטן מיר אויך נישט געהאָלפן.

אַן עוף, אַ דריבנע חיה, אַ באַשעפעניש און... אַזאַ ווי איך... ווען איך שטעל צו די מענטשן מינימאַלסטע פאָדערונגען, איך זאָל זיי צוליב דעם אַליין שוין קענען אַכטן, דאַרפן זיי פון מיר אויך נישט פיל פאָדערן. זיך קען איך נישט מוחל זיין,

* אַ חרפּה איז מיר, וואָס אין גאָט כ׳האָב געגלויבט,
ביטער איז מיר, וואָס איך גלויב נישט אַצינד.

וואָס איך בין אַזוי אַנמעכטיק אַנטקעגן דער צייט, אַנטקעגן דעם גורל. וויפל נפשות, לעבנס, מענטשלעכע לייבער זענען שוין אַוועק (צעפּליקט, צעדרויבלט, געשענדט, פאַרפּייניקט, מיט אַרויסגעלאָזענע געדערים, איינגעטראָטן אין קויט). אָט אַזוי איז מען אַוועק אין דער אייביקייט.

אויסער שטשורעס, טאַראַקאַנעס, סטאָנאָהעס, וואַנצן און ענלעכע האָב איך דאָך אַזוי ליב אַלץ, וואָס לעבט. אַפילו דער טויט, וואָס קומט אין רעזולטאַט פון לאַנגע יאָר, איז ביי מיר אויך אַ רינג אינעם בייט פון לעבנס. דער טויט איז אַזוי סודותדיק, ווי דאָס געבורט. כ׳געדענק, ווי כ׳האָב זיך דערשראָקן אויף טויט, ווען מיינע אַ קרובה האָט פאַר מיינע אויגן געזאָלט געלעגן ווערן. אַזוי האָב איך זיך יינגלוויז דערשראָקן, ווען איך האָב פלוצעם דערזען ביי אונדז אין שאָפע, ווי אַ חזירטע ליגט אויסגעצויגן אין קימפּעט־אַנגסטן: זי איז געווען פאַרמאַטערט און פאַרטראָגן, און פון דער טראַכט אירער קריכט לאַנגזאַם אַ האַלבגעבוירן באַשעפעניש, און ווען דאָס וועט אַרויסקריכן, וועט אָנהייבן קומען אויף דער וועלט אַ צווייטס און אַ דריטס... מיר האָבן נישט געהאַלטן קיין חזירים. דאָס איז אַ שכנישע חזירטע אַהער פאַרקראָכן און קען שוין נישט אַוועקגיין פון דאַנען, ווייל זי האָט אָנגעהויבן גיין צו קינד. איך בין געווען אַ יינגל — שוואַכמוטיק, ווי איצט און ווי שטענדיק. איך האָב זיך דערשראָקן (און אַפילו איבער עפּעס געמיינט, אַז ס׳איז אַ חרפה עס ברענגען פאַרן מויל און דערציילן עס פאַר די שטוביקע).

דעם „בעל־פּינקס״ איז מיאוס און זייער שלעכט אויפן האַרצן. ס׳איז דאָ פון וואָס. טויט און אומקום פילט זיך אַפילו לעם שלונג.

אין ראַדיאָ גיט מען איבער, אַז דער שונא האָט מיט פאַרשטאַרקטע כוחות זיך דורכגעריסן צו די פאַרשטעט פון קיעוו. די באַשיצונג־ליניע איז דורכגעריסן. אַזעלכע ידיעות ווערן איבערגעגעבן מיט קנאַפּע אויפגעהאַלטענע אויסדריקס־מיטלען. אין דער ווירקלעכקייט זעט אויס „אַ ביסעלעקעלע״ האַרבער. ס׳גוססט אַ שטאָט! אַ פרישער מת ליגט שוין פאַר די אויגן, און נאָך אַזאַ אייגענער, אַזאַ נאָענטער.

איך וויל נישט, אַז די באַלעבאַטים, אונדזערע הויזווירטן, זאָלן דערפון וויסן. פונקט ווי פון דעם קען זיך עפּעס איבעראַנדערשן...

היינט איז ביילקעס געבוירנטאָג. סאַראַ גרויסע טאָכטער, קיין עין־הרע, איך פאַרמאָג שוין, געלויבט דער אויבערשטער! מיין טייערע טאָכטער מיטן געלן גאָל־דענעם געדיכט געקרויזלטן קאָפּ האָר! אויב מאָנטיק איז ראש־השנה, פאַלט עס צונויף אויך מיט דער יידישער ציילונג. טאָכטער מיינע! קיין תכליתים האָב איך פון דיינעט וועגן נישט פאַרזאָרגט. טאָ זאָל דיר כאָטש דיין אייגענער מזל לויכטן. אַפילו אין גוטע יאָרן ווייסט נישט דער מענטש, וואָס שטייט אים פאַר אין דער צוקונפט, בפרט איצט...

ס׳זענען דאָ איין בריוו און צוויי קאַרטלעך פון מיישקען, פון גאלינקן הערשעלען. פון ברכהלען — אַ גאַנץ קאַרטל! איך וואָלט זיך אַפילו נישט דערוועגט בעטן זי זאָל אַזוי פיל אָנשרייבן. די קינדער האָבן צוגעשיקט פייגעלעס אַדרעס. מיר האָבן ליב פייגעלען. זי איז צאַרט, ווי אַ קינד, איידל, ווי אַ מלאכל, קלוג און באַדאַכט, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ פּאָלנעם מענטשן, אַ מענטשן מיט העכערער בילדונג. אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט, האָט זי אַליין פאַרהאָרעוועט, אויסגעטראָגן אויף אירע אייגענע פּלייצעס. איך טוליע זי צו מיין האַרצן און פיל איר איידעלע וואַרעמקייט. אַז פייגעלע קען זיך מיט מיר טיילן, ווי מיט אירס אַ גלייכן, איז עס ביי מיר אַ גאַנצער אוצר. אַזאַ מין אָנערקענונג איז פאַר מיר כּסדר אַן אומגעריכטע עשירות.

הערשעלע דער גאלינקער יאָרט זיך דעם 16טן סענטיאַבער. נעכטן איז אים געוואָרן אַכצן. חי — צום לעבן.

## אַ ריס פון האַרצן

דריי חדשים קריג ביי אונדז אין לאַנד, העכער צוויי יאָר — אויף דער גרויסער וועלט. ראַדיאָ גיט איבער — האַרטנעקיקע שלאַכטן אַרום קיִעוו. אפשר איז נאָך נישט אַלץ פאַרפאַלן?

די געשיכטע הנאָיעט זיך אויף מענטשישע ביינער. מענטשן יונגע, שטאַרקע, דרייסטע פאַרניכטן איינס דאָס צווייטע.

היינטיקע ראַדיאָ האָט אָפיציעל איבערגעגעבן, אַז קיִעוו איז פאַרביי... ביי וויפל מענטשן האָט זיך אָפּגעריסן אין האַרצן פון דער דאָזיקער אָפּגעהאַקטער ידיעה? מיר אין פּירן האָבן עס אויך געהערט. לייבעלע מיט זיין גאַנצן קינדערישן גלויבן, אַז עס טאָר נישט זיין שלעכט, ס׳עט מוזן זיין גוט, האָט אַ פאַרצווייפלטן אויקע געטאָן. מיר האָבן אַלע נישט געקענט קוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן. מיר האָבן לייבעלען נישט געלאָזן וויינען. מיר האָבן אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַ סך זאַכן קענען נאָך פאַררירכט ווערן. ער אַליין האָט צוגעגעבן: — און ווי, אויב מע וועט פאַר נאַכט איבערגעבן, אַז מען האָט זיי אַרויסגעטריבן אויף צוריק?!...

דאָס האַרץ זעגנט זיך אין דער שטיל מיט זייער אַ נאָענטן וועזן. קיִעוו איז געוועזן גרויס, נאָר ווייל ער איז דיר ליב, זעסטו אים אין מיניאַטור. עפּעס אַ מאָדנע פאַר־יתומטקייט כאַפּט דיך אַרום אין דער צייט, ווען מיר זענען אַזוי אויך געווען אומ־באַהאָלפן.

איך ריכט זיך נאָך אויף אַ סעריע בריוו פון קיִעוו, וואָס איז אונדז אַרויסגעשיקט געוואָרן איידער די צאָרנדיקע שעה איז געקומען. פריינד מיינע, ווו האָט איר זיך ערגעץ צוגעטוליעט? איר וואָרט צוגעשטילטערהייט, אַז דער אומגליק וועט מיט אַ מאָל אַ פלייץ טאָן, ווי אַ צעגאָסענער טייך...

ס׳גייען ווייטער אַרום קלאַנגען וועגן שלום־אונטערהאַנדלונגען, וועגן אַן אַכט־טאָגיקן וואָפנשטילשטאַנד אויף די פראַנטן. נאָר קיינער גלייבט נישט אין דעם.

געוווינט זיך שוין אויף אַ שטיקל פּאַפּיר — די דערלויבעניש — דאָס איז מער נישט ווי אַ שטרוי, אין וועלכער דער זיך־טרינקענדיקער פּרוּווט זיך אָנכאַפּן.

דאָ צו בלייבן איז אַ סכּנה. און זיך ערגעץ רירן נעמט אָן אַזאַ מורא. פולע אומבאַהאָלפנקייט און ס׳לאָזן זיך אַראָפּ די הענט. מיר קלייבן זיך טאַקע באַזעצן אין אַרמאַוויר. געזאָלט געוווען נעכטן פאָרן, נאָר נעכטן האָבן מיר זיך נישט גערירט פון אָרט — ס׳איז געוווען נאָס אין דרויסן און ס׳האָט האַרבסטיק געגאָסן ביים האַרצן. וועגן אַוועקפאָרן היינט — איז דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק, אַז ס׳איז שבת און קיינער טרייבט אונדז נישט אין האַלדז־און־נאַקן.

מיר פּאַקעווען די זאַכן, וואָס זענען אונדז שוין נימאס, ווי ווינציק זיי זאָלן נישט זיין. נאָר אָן זיי, ווייסן מיר דאָך, וועט זיין נאָך ערגער.

די נסיעה ציט זיך אָפּ פון איין טאָג צום צווייטן. איך בין גרייט קלערן, טאָמער איז עס צום בעסערן. דבורהל איז צוגעשטילט. זי רעדט צו אונדז נישט. מען פאַרשטייט עס — ס׳איז איר שלעכט אויפן האַרצן. פאַראַן זאַכן, וואָס איך וואָלט זיי דאַרפן טראָגן אויפן קאָפּ, נאָר זי זעט שוין גוט, אַז אין אַ נויטיקער שעה וועט מען זיך אויף מיר קיין מאָל נישט דערוואַרטן. גערעכט איז זי. זי איז נאָך אַ צדקת, וואָס זי עסט מיך נישט אויף קיין לעבעדיקן.

## צום הינטערלאַנד דאַרף מען נאָך פאָרן

איך האָב צעשיקט קאַרטלעך „בכל תּפוצות ישׂראל״, אַז מיר פאָרן קיין קויבישעוו (סאַמאַרע). אומגעריכט איז ביי אונדז באַשלאָסן זיך באַזעצן דאָ בשכנות — די צווייטע, צי די דריטע סטאַנציע פון דאַנען — אין אַרמאַוויר. אָבער עס רעגנט און מיר פאָרן דערוויל ערגעץ אין נישט.

ס׳גייען אום קלאַנגען, אַז מען וועט עפענען צוריק די פאַרמאַכטע אָפּגעשאַפענע קלויסטערס. אַ לאָגיק איז דאָ אין דערינען, נאָר קיין נחת איז עס נישט קיין גרויסער — דאָס פּשוטע פאָלק זאָל זיך מיטן האַרצן אַ קער טאָן נענטער צו דער מלוכה, צום ווילשטאַנד פון פאָטערלאַנד. אַ מאָלעבען, אַ פרײַדיקונגס־רעדע פון אַ גלח גייט איצט אין האַרצן אַריין מער, ווי צען הייסע לייטאַרטיקלען אין די גרעסטע בלעטער. ווען זשע טראָגט מען שוין זויערשטאָף צום חולה? ווען דער חולה איז מסוכן קראַנק...

דבורהל בלאָזט זיך די גאַנצע צייט, וואָס מיר זענען נאָך נישט געפאָרן. די טעג

זענען כמאַרנע. פון לאַבינסקאַיאַ האָבן מיר זיך שוין לאַנג אויסגעמאָלדן. ווער ווייסט צי מע וועט אונדז געבן פונעם ערשטן אָקטאָבער ברויט? צי מע וועט אונדז אין אַרמאַוויר וועלן צושרייבן? צי מיר וועלן קריגן אַ דירה? צי ס׳איז בכלל כּדאַי זיך באַזעצן אין אַזאַ נאָענטקייט צום שונא?

די שטימונג קען זיך פון אַזעלכע אומשטענדן נישט אויסלייטערן.

נעכטן געהערט שטיקער פונעם יוגנטלעכן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. אינעם טעמפּ, אינעם אָטעם פילט זיך, אַז יוגנט איז אַ כּוח. איינער האָט געזאָגט, אַז לויט די יאָרן איז ער ייִנגער פון דער רעוואָלוציע. און דו חידושסט זיך אַליין — טאַקע, זע נאָר אַזוי גיך און ס׳איז אַ מענטש אַן אָנגעזעענער, אַ וויכטיקער אַרבעטער, און זיין נאָמען איז באַקענט דעם גרויסן לאַנד אונדזערן.

נישט ווייט פון ביבליאָטעק האָט מען פאַרנומען אַ קולטור־געביידע פאַר אַ שפּיטאָל. ער איז שוין אויסגעשטאַט. און צוריק מיט אַ טאָג אַכט האָט מען אַהער געבראַכט אַ פּאַרטיע פאַרוווּנדעטע אַרמייער, וואָס זייער געזונט פאַרבעסערט זיך. ווער ס׳וועט זיך אומקערן אין אַ חודש, אין זעקס וואָכן אַרום צוריק אויפן פראָנט, און ווער ס׳קען שוין קיין געווער נישט טראָגן. ער וועט גיין מיט מיליצעס, אָדער מיט אַ פּראָטעז. זיין ליד, ווי אַ מיליטערמאַן, איז שוין געענדיקט. אָבער אויב עס ברענט ביי אים אַ פונק אין האַרצן, וועט ער אויך אין הינטערלאַנד אַרבעטן צוליבן פראָנט. אַזעלכע זענען דאָ אין די צענדליקער טויזנטער. דאָס האַרץ טוט ווייַ אין צווייען: פון איין זייט, איז שווער צוצוקוקן ווי אַזוי מלחמה האָט שוין צעבראָקט אויף לאָקשן יונגע קרעפטיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך ערשט געגרייט גיין אין לעבן אַריין. דו זעסט באַשיימפּערלעך סאַראַ גרויסן חלק פון זייער לייב און לעבן זיי האָבן אָפּגעגעבן דעם פאָטערלאַנד אויף נישט אומצוקערן זיי, און דו פרעגסט זיך, ווי אַן אומריין באַשעפעניש, וואָס לעבט אויפן חשבון פון די דאָזיקע יוגנטלעכע און פון אַנדערע העראָפּאַשניקעס — דו ברענגסט לחלוטין גאָרנישט נישט אַריין, נאָר דיין חלק ברויט קאַלופּעסטו און עסט אויף טאָג־איין טאָג־אויס.

ווי אַ גרוב וואָלט זיך געעפנט פאַר מיינע אויגן איז געווען דאָס בילד, וואָס איך האָב דערזען: מע הייבט אָן אַרויספירן די פאַרוווּנדעטע פון דאַנען צוריק צום וואָקזאַל, און מיט דער באַן וועט מען זיי פירן אין הינטערלאַנד. גרויס און דערהויבן איז די זאָרג פון דער מלוכה פאַרן געזונטווערנדיקן פאַרוווּנדעטן. אין דער זעלבער צייט איז עס אויך אַ קלאָרער סימן, אַז דאָ קלערן מיר זיך לאַנג נישט פאַרהאַלטן. פאַראַן אַ האַנט, וואָס אָרגאַניזירט, פאַראַן אַן אויג, וואָס זעט אַלץ. מען היט זיך נאָר, נישט אָנצוּוואַרפן קיין שרעק אויף דער באַפעלקערונג.

די טרערן זענען צוגעשוומען. דערלויב זיי נאָר, וועלן זיי זיך אַ גאָס טאָן. וויין זיך אויס וויפל ס׳וועט אין דיר אַריין, וועט דיר ווערן ליכטיקער אין דיין געביין...

ס׳איז געווען אַ פּאַסיקע מינוט דערצו: איך האָב דערציילט די מייניקע ביים

טיש, ווי אַזוי ס׳פלעג אויסזען דער טאָג פון ערב יום־כּיפּור אין שטעטל בשעת איך בין נאָך געווען אַ קינד. ס׳איז מיר אַלע מאָל געווען אַזוי נאָענט און באַקענט, ווי אָט־אָט קומט עס פאַר אויף ס׳ניי פאַר מיינע אויגן. ביז איך בין געקומען מיט מיין דערציילן צו דער מאַמעס ציַנדן און בענטשן ליכט. אינטערעסאַנט, אין פאָלק זאָגט מען „זיך געשמאַק אויסוויינען״... הייסט עס, אַז צווישן אַלע געשמאַקע זאַכן אין דער וועלט, איז וויינען אויך אַ באַטעמטער ביסן.

איך ווייס נישט פאַר וואָס האָבן מיר זיך אַריינגעשטעלט אין געדאַנק האַפּשטיין, פייגע, זייער גאַנצער אַרום...

היינט זענען די דעכער, די פּלויטן, די טישעלעך אין סעדל ווייס פון פראָסט. אין די פעסלעך וואַסער, וואָס שטייען לעם די הויפן, איז שוין דאָ אַ גראָב דעקל אייז. ביי נסתּרן אַ מאָל געלייענט וועגן צווי קרײַעס אייז — אַ גרויסע און אַ קליינע. ער האָט זיי געמאָלט ווי לעבעדיקע.

דער טאָג הייבט זיך סיי ווי אָן מיט פוילקייט און מיט פוסטקייט. סיידן זיך אָפּראַ־זירן און גיין פאַרלענגערן דאָס ברויט־קאַרטל (די שיין אויף נעמען ברויט אַלע טאָג), אויב מ׳וועט קענען, ווייל אויפן פאַספּאַרט איז אָנגעוויזן, אַז מיר זענען שוין אויס־געמאָלדן פון דאַנען.

היינט איז דבורהלס געבורטסטאָג. הערסט אַ מעשׂה?! קיילעכדיקע פערציק! אַ דאַנק גאָט דערפאַר. פון דעסטוועגן איז עס אַ שטיקל סכום. מיט וואָס נישט איז וואָלט מען עס דאַרפן באַצייכענען. זי איז נאָך נישט געקומען פון מאַרק. איך האָב אַרויסגעשיקט ביילקען אָנשניידן עטלעכע בלימעלעך. גאָט מיינער, דו האָסט באַשאַפן מענטשן לויט דיין געשטאַלט, און דער עיקר לויט דיין געשמאַק. טאָ שענק זשע זיי פרייד!... ס׳איז אָפּט צו באַמערקן, אַז גרויסע קינדער, פונקט ווי קליינע, דערפרייען זיך און פאַרשפּילן זיך מיט זאַכן, וואָס קאָסטן גאָרנישט אַזוי טײַער, זאַכן, וואָס לאָזן זיך געפונען אויף שריט און טריט.

שוין געקומען דבורה. זי באַגריסן מיט איר געבורטסטאָג?... לייבעלע האָט זי שוין באַגריסט. אים איז פון פרימאָרגן עטלעכע מאָל געווען שלעכט אויפן האַרצן. אויפן מאַרק מיט דבורהן זענען אים שטאַרק געפרוירן געוואָרן די הענט. שפּעטער האָט ער געוואָלט עסן און ס׳איז נאָך נישט געווען גרייט. דערנאָך האָב איך זיך אויסגערעדט (און נישט באַמערקט, אַז די באַלעבאָסטע איז געשטאַנען דערביי), אַז ער איז אַ „מאַמענקין סינאָטשעק״. איך האָב עס געזאָגט אָן אַ שלעכטן מיין. אָבער אים האָט עס פאַרדראָסן. שוין ביים עסן האָט ער אַ זאָג געטאָן שטיַער נישט מיט טרערן אין די אויגן: — נישקשה, אַז איך וועל אויסוואַקסן, וועלן מיר פּראַווען דיין געבורטסטאָג אַ ביסל שענער, ווי היינט!

ער האָט אויך געזאָגט אַ נאַרישקייט (אין שייכות מיט דבורהס געבורטסטאָג):

— „פון היינט אָן, — האָט ער געזאָגט צו דער מוטער, — וועסטו אויפהערן זען און הערן”... מיינען האָט ער געמיינט, אַז אין אַזאַ עלטער, אין וועלכן די מאַמע טרעט איצט אַריין, הייבן אָן בהדרגהדיק אָפּגעשוואַכט ווערן אי דער געהער, אי די ראיה...

לייבעלע האָט זיך אַ גאַנצן פרימאָרגן געהאַלטן קעגן מיר מיט עפּעס אַ מין פאַראַכטונג, אָדער אָפּענע איבערדראָסיקייט, מעג זיין קינדערישער... מיך קאָסט עס כסדר געזונט. בכלל פאָלגט ער מיך, וואָס איך זאָל אים נישט הייסן. נאָר פאַר דער מוטער שטעלט ער זיך מערער איין און האַלט איר צד. מיר דוכט זיך, אַז זי וואָלט דאַרפן ביי אים מערער איינפלאַנצן ליבשאַפט צום פאָטער, שמועסן מיט אים אין מיין אָנוועזנהייט. ס'איז ביי איר אין די הענט. ווער ווייסט וויפל ס'איז אונדז באַשערט לעבן און פון אַזעלכעס געניסן, אויב מיר וועלן עס אָפּילו דערגרייכן.

ביילקע איז נאָך צוויי שעה שטיין אין ריי געקומען מיט ברויט אויף צוויי טעג און אויך געבראַכט אַ שטיק וואָכעדיקן קוכן מיט פּאָווידלע. ס'איז געוואָרן איטלעכן ליכטיקער אין די אויגן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אָט זענען שוין יום־טובים־טעג! וויסן קען מען וועגן דעם אפשר (אַ מאָל) אין פּוילן און איצט אין אַמעריקע. אַמעריקאַנער ייִדן קען עס נאָך ליגן אין קאָפּ. מער קיינעם נישט. די פּוילישע ייִדן זענען, נעבעך, אַזוי פאַרפּייניקט און אָנגעשטאָפּט אין די געטאָס. מען שטאַרבט אין דחקות און אין נויט, מען גייט אויס אָן קאַרטאָפל און אָן אַ שטיקל ברויט, אָן אַ שטיקל האָלץ אויף אָנוואַרעמען אַ קאַפּ וואַסער. די בייטש און די שווערד פאָכען איבערן קאָפּ אין גאַס. די וויטיקן, די ענגשאַפט, די עפּידעמיעס, דער הונגער און די קעלט באַלאַגערן די שטוב. נאָר דער חסידישער פּוילישער ייִד מיטן ווייב געדענקען נאָך די תּפילות אויף אויסנווייניק. מען פרעגט דעם רבונו־של־עולם: צו וואָס האָסטו אונדז דערפירט, אַז מיר קענען דיר אַפילו דיינס נישט אָפּגעבן צו דער געהעריקער שעה? דער שפּין אויף דער וואַנט איז דיין באַשעפעניש, דער וואָלף, וואָס האָט פאַרצוקט דעם לאַם, איז פון דיר, און די גרויל, די כמאַרע, די דייטשישע פּעסט, איז זי דען נישט פון דיר?

יום־כּיפּור פאַר נאַכט פלעגן מיר גיין אין קלויז באַגעגענען די מאַמע נאָכן תּענית און זי אָפּפירן אַהיים. איצט דעקן מיר זיך איין אין דער מאַמעס שאַל. איך ווייס זייער גוט, אַז יעדערער, ווער ס'איז אַוועק פון דער וועלט, איז שוין פריי פון שלעק און פלאָגן, וואָס זענען אומפאַרמיידלעך, באַזונדערס אין קריגסצייט, פאַר גרויסע מענגעס מענטשן אין דער גאַנצער וועלט. און דאָך בענקט זיך מיר אָפּט נאָך אונדזער טייערער מאַמען און ס'רייסט מיר דאָס האַרץ אויף איר, וואָס דער פייכטער קבר איז איצט איר היים — נישט קיין בליק אינעם געזיכט, נישט קיין וואַרעמקייט אינעם לייב, אַלץ שטום און פאַרגליווערט, אַלץ צעפאַלן און טויט, בלויז ווייסער אַנטבלויז־טער געביין. אָט דאָס איז איצט מיין מאַמע. און מיר שלאָפן אויפן דיל, צו וועלכן מיר

האָבן זיך שוין אַ ביסל צוגעוווינט. נאָר אין גיכן וועלן מיר זיך אויך מיט אים דאַרפֿן שיידן. מיר דעקן זיך צו מיט מאָגערע קאָלדרעס, מיט מלבושים אונדזערע און פֿון אויבן מיט דער מאַמעס ווייכן, ליבן, קעסטלדיקן שאַל...

פֿון סלוצקין אַ קאַרטל. ער מאַטערט זיך, ווייזט אויס, מאַטעריעל. מיר זענען אַלצאיינע „גבירים". כאָסקל איז טאַקע דאָרטן, אויך אַ גרויסער „נגיד".

אין צייטונג אַ וואַרעמער אַרטיקל וועגן אָדעס. די מענטשן האָבן צוגעגרייט די קאַטאַקאָמבן. אויב ס'וועט אויסקומען אַוועקגיין אין אונטערערד, איז עס אַ גרויסער מקום־מקלט. די איינוווינער, — שרייבט זיך אין אַרטיקל, — זענען דאָרט גרייט צו אַלץ, און מ'איז ווייט, — שרייבט זיך דאָרט, — פֿון פּחדנות, גריבלעריי און כניקעריי.

אַ ביטערע אומגעריכטע ידיעה: פּאָלטאַווע פֿאַרלאָזן... פֿון וואַנען נעמט זיך צו „אים" אַזוי פֿיל שטאַרקייט? צוויי יאָר אַז ער האַלט מלחמה, איז וואָס אויב אַפֿילו ניצחונות? ניצחונות מאַטערן דען ניט אויס? כּסדר אין פֿרעמדע לענדער.

און היינט ווידער אַ שלעכטע ידיעה: ראַדיאָ האָט געמאָלדן וועגן אַריאָל. איך זשאַלעווע אַזוי אונדזערע מענטשן, וואָס פֿאַלן אַריין צום שׂונא אין די הענט. רבונו־של־עולם, צי דען איז עס אמת, אַז מלחמות זענען אַ מוז־זאַך, אַז אָן זיי קען די וועלט קיין וועלט נישט זיין? אָבער רציחה און בלוטדאַרשטיקייט זענען דאָך פֿאַרט העסלעך! אַפֿילו אַ מענטש מיט אַ גוטער נאַטור מוז דאָך אויך ווערן אַ גזלן! דאָס געזעץ פֿון „אויב איך אים נישט, וועט ער מיך..." הערשט דאָך איבער אַלץ. אין אַזעלכע צייטן ווערט כּסדר רציחה און מאָרד — בריהשאַפֿט און העלדישקייט, גיבורים ווערן געהויכט און געקרוינט אין אַלע צייטן. אָבער איך קען עס נישט. איך טויג צו דעם נישט.

## די לאַנגע אַלץ ערגער און ערגער

נעכטן זענען געווען ביי אונדז די מאַרגוליסעס (שכנים, אויך עוואַקואירטע) און מיט זיי — אַ יונג מיידל מיט זאַפּטיקע שוואַרצע אויגן, אַ גוט יאַדערדיק פּנים, פּעכקע באַקן און ליפּן. ביי איר איז פֿון געבוירן איין פֿוס קירצער. זי מיידט נישט אויס צו רעדן וועגן דעם מיט אַ קליינעם צומיש פֿון איראָניע. דער פֿעלער אירער ברעכט איר ביים גאַנג די גאַנצע פֿיגור. ווען די מאַרגוליסעס האָבן אונדז געזאָגט, אַז מע רופֿט זי אַליע, האָט זי פֿאַרריכט און אויסגעבעסערט, אַז מע רופֿט זי גאָלדע. אויך דאָס האָט איר צוגעגעבן חן: אַליע איז שיין, און גאָלדע איז נאָך שענער, ווייל ס'איז אייגן און נאַטירלעך.

די שוועסטער מאַרגוליס האָבן אויף אונדז אָנגעוואָרפֿן גאַנצע בערג מיט שרעק: אי אַזעלכע נייעסן, וואָס מע קען זיך אויף זיי ריכטן, אי נייעסן אין גאַנצן אומגע־

ריכטע. זיי האַלטן, אַז דער שונא מוז אַהער קומען, צעברעכן זאָל ער זיך פריִער רוק און לענד, לייב און לעבן.

גוואַלד, וויפל קען עס דער מענטש איבערטראָגן אויף זיך מלחמות פאַר זיינע געציילטע עטלעכע צענדליק יאָר?! נאָר צו וועמען וועסטו טענהן (האָפשטיין: — „איך מאָן נישט, איך פרעג נאָר")... כי באו מים עד נפש?... דערווייל נאָך נישט. נאָר ס'הערט זיך שוין, ס'פילט זיך שוין דאָס דערנענטערן זיך, דאָס קומען. באַזונ־דערס איז שווער דבורהס פאַרזאָרגטקייט פון די קלאַנגען, וואָס צעטראָגן זיך איינס ערגער פונעם צווייטן: לעבן בריאַנסק שלאָגט מען זיך, דאָרט גייען מוראדיקע שלאַכטן; דער פראָנט נעענטערט זיך צו מעליטאָפּאָל; ראָסטאָוו וויל ער אָפּשניידן פון מאָסקווע; צוגן פון ראָסטאָוו גייען אָפּ נישט אַנדערש, ווי אין דער באַגלייטונג פון אונדזערע אַעראָפּלאַנען; אויף דער שטאָט פאַלן באָמבעס...

איך בין נאָך נישט אין גאַנצן פאַרטשאַדעט, נאָר ביים האַרצן נאָגט.

לייבעלען האָבן מיר אָפּגענומען פון שול. דאָס איז נישט קלוג. ער לאַנגווייליקט זיך גאַנצענע טעג. מען האָט דאָך עס געקענט טאָן די לעצטע שעה.

די לעצטע צייט בלייבן מיר פאַר נאַכט צו אָן ברויט. 8—9 אין דער פרי הייבן מיר אָן אַרויסקוקן, אַז ביילקע זאָל זיך אומקערן און שוין עפּעס ברענגען. אָבער דאָס איז נאָך אַפילו נישט קיין סימן פון אמתן הונגער. מיר שטייט נאָך נישט אָן, אַז די באַלעבאָסטע זאָל הערן, אָדער זען, ווי מיר ציטערן איבערן ביסן ברויט.

מיט אמתער בענקשאַפט ציט מיך צו מיין כתב־יד „אונטערוועגנס", וואָס איז נאָך אין ערגעץ נישט געדרוקט, און ער שטייט איצט אין סכנה באַגלייך מיט אונדזערע לעבנס, און אפשר נאָך אין אַ גרעסערער, ווייל צואַמען מיט די שטובזאַכן קען ער פאַרפאַלן גיין אין דער ערשטער ריי. אַ מאָל גייט מיר דורך אַ געדאַנק, אַז ווען מען שטעלט פאַר מיר אַן אויסוואַל — אָדער איך וועל בלייבן לעבן, אָדער דער כתב־יד וועט בלייבן גאַנץ, וואָלט איך געבעטן דער כתב־יד זאָל בלייבן גאַנץ. וועט מען דאָך מיר זאָגן — ס'טייטש, אויב דו וועסט זיין ביים לעבן, וועסטו אָנשרייבן אַנדערע און אַפילו בעסערע?! וועל איך אייך זאָגן, דאָס איז אַלץ גערעדט „אויב", און דאָס דאָזיקע ווערק איז שוין ביי מיר אָנגעשריבן. איך וועל אים דערווייל אויף קיין זאַך (אויסער אויף אָפּגעדרוקטע אין בוכפאָרם) נישט פאַרבייטן. ער איז מיר טייער. אפשר אים אָפּשיקן קיין רוזייעווקע צו די שוועסטער?...

ביז די אָקטיאַבער־טעג איז שוין געבליבן ווינציקער פון אַ חודש. הלוואי זאָלן זיי אונדז נישט פאַרשטערט ווערן.

דעם זיבעטן איז געוואָרן דריי חדשים זינט מיר זענען אַוועק פון דער היים.

דער עולם איז זיך צעגאַנגען. איך בין געבליבן איינער אַליין אין שטוב. בריאַנסק האָט מען שוין אָפּגעגעבן. מעליטאָפּאָל, ווייזט אויס, אויך. דאָס לאַנד נייטיקט זיך אין יעדן איינעמס הילף. איך טו גאָרנישט. איך בין אַ בעזשענעץ. דערצו אַ מענטש,

וואָס איז נישט געשולט אין מלחמה־זאַכן, אַ מענטש, וואָס אויסער די טאָג־טעגלעכע התחייבותן באַגלייט אים נישט מער ווי איין געדאַנק: צי וועלן מיר טאָקע מוזן אַריינפאַלן צום דייטש אין די הענט אויף באַשפּיגן און צעטראָטן ווערן?

און נעכטן איז געווען אַזאַ שיינער טאָג. אַזוי פיל אמתע הייסע זון, נאָר צו באַוווּנדערן. די העלע זון און ס׳ליכט פונעם טאָג האָבן ממש געהיילט דאָס האַרץ. אַ שיינער זונטיקדיקער טאָג. אין אַזעלכע טעג דוכט זיך: וואָס דאַרפסטו דען מער? דאַנק אָפּ דעם באַשעפער, וואָס ער האָט דיר צוגעשאַרט אַזאַ שיינעם גענוס. איצט זוך זיך אויס אַ רויִק ווינקעלע, לייג זיך אַוועק, פאַרמאַך די אויגן, צי אויס די פיס און שטאַרב אַוועק רויִק און צופרידן. ס׳איז גרינג צו זאָגן „שטאַרב״... אַדרבא, ווי אַזוי פועלט מען עס ביי גאָט און ביי זיך זעלבסט?

אַנטשלאָפן ווערן איז גרינג: איך טו מיך אויס, איך דעק מיך איין אויפן שטרויענעם געלעגער אויפן דיל און ווער אָפּט אַנטשלאָפן מיט אַ גוטן שמייכל. אַלע מאָל נאָכן גאַנצן טאָג שווערַיקייט, מורא, אומאויסגענגלעכע זאָרג, געפאַלנקייט ביי זיך, ברענגט מיר דער פאַרנאַכט און דער אָוונט אַ פאַרגרינגערונג.

געווען פון פייגעלען אַ קאַרטל. מיר האָבן איר גלייך געענטפערט. דבורה האָט געשריבן, איך האָב געשריבן —ביידע האָבן מיר געשריבן, ווי דער אמת איז. נאָר פון איין שרייבן האָט זיך געקענט פילן, אַז ס׳לעבט זיך אונדז ווי געוויינלעך איצטיקע צייט: נישט ערגער ווי לייטן, בעסער — אַוודאי נישט. דבורה האָט אָנגע־שריבן פּראָסט: „מיר פאַרקויפן דאָס ביסל אָנטאָן און מיר עסן. מיר שלאָפן אויף דער ערד. קיינער פון אונדז טוט דערוויל גאָרנישט״. דער עיקר איז זי שטאַרק מקנא די, וואָס פאָרן באַצייטנס אַוועק פון דאַנען. ריכטיק. פון דבורהס שרייבן קען מען טאַקע יאָ אַרויס ווייסנדיק.

פייגעלע שרייבט אויך דאָס, וואָס מיר ווייסן טיילוויז: איר אַלטע מוטער האָט אויף אַ פור זיך געשלעפּט פון זשיטאָמיר ביז כאַרקאָוו, אנטלויפנדיק פון דייטש; זי און איר שוועסטערל זענען לערערקעס אין אַ שול; זיי געפינען זיך אין גאַנצן וואָסערע פופציק קילאָמעטער פון אונדז און... זיי וועלן אין גיכן אַוועקפאָרן פון דאַנען; בריוו האָבן זיי פון איטלעכן פון זייער משפחה, אויסער הירשקען. גאָט ווייסט, צי ער איז ערגעץ דאָ אַ לעבעדיקער.

## ברוך ה׳ יום יום

אַ שיינער און וואַרעמער פרימאָרגן. אַ מאָל הייבט זיך אָן דער טאָג שלעכט און לאָזט זיך אויס גרינג. איצט האָט זיך דער פרימאָרגן אָנגעהויבן אַזוי שיין, אַז הלוואי זאָל עס ווייטער אויך גיין בשלום. ס׳ווילט זיך נישט אַריינפאַלן צום תּליון אין די הענט. אַפילו צו פוס ערגעץ אַוועקגיין איז אויך נישט קרום, בפרט מע קען אַרויספאָרן

מיט אַ לאַסטמאַשין (מיט דער באַן איז אויך נישט שפּעט), נאָר מיין נאַטור ווייס פון זיצן און אַרויסקוקן מע זאָל קומען צו דיר אין שטוב אַריין און דיר עפּעס פאַרלייגן אַזעלכעס, וואָס ס'לייגט זיך דיר אויפן געדאַנק. אמת, ס'איז מיר איבער דער טבע נאָכקריכן און דערקוטשען. אויב איר ווילט — נעמט מיך, טראָגט מיך, גיט מיר טראַנספּאָרט און אַ ביסל קעסט אויפן וועג, וועל איך ביי זיך פועלן און אַרויספאָרן.

„סע שפּראָצט אַ טאָג — אַ פרישער דאָרן" — ערגעץ איז דאָ ביי האָפּשטיינען אַזאַ שורה וועגן טעג פון פּאָגראָמען, ווען דו ווייסט נישט אין דער פרי, וואָס ס'וועט זיין מיט דיר ביי טאָג.

מאַריופּאָל אָפּגעגעבן. דבורה זאָגט, אַז דאָס איז אַ האַפּנשטאָט אויפן אַזאָווער ים. מע שלאָגט זיך לעם קאַלינין, בריאַנסק, וויאַזמע. דאָס איז אַלץ נאָענט צו מאָסקווע. און... אויך צו מיר.

ביי דבורהן, ביילקען און אַפילו לייבעלען זענען די נערוון אָפּגעשוואַכט. איך בין נישט קיין אויסנאָם. און אויב יאָ אויסנאָם, איז נישט אויף בעסער, נאָר אויף ערגער.

זיך זעגענען מיטן לעבן אויפן אייגענעם אחריות...? אי יאָ, אי ניין. „יאָ" איז בלויז דאָ איין תּירוץ: מיט איין מאָל פּטור ווערן פונעם לעבן און פון אַלץ מיט אַן אַנדער. אויף „ניין" זענען דאָ צענדליקער תּירוצים. דער וויכטיקסטער, וואָס איך בין נישט אַליין. לייבעלע, דבורהל און אַלע איבעריקע פריינד און גלייכנס וועלן מיך דערזען אין אַ מיאוסער לאַגע, דאָס איז איינס. צווייטנס, זיי וועלן קריגן פאַר זיך נישט קיין געזונטן ביישפּיל. דאָס געזונטסטע און אָנשטענדיקסטע איז זיך שלאָגן פאַרן לעבן. בערגעלסאָן האָט צווישן אַנדערן געזאָגט אויפן מיטינג: „ס'איז נישט קיין מוז מיט זעלבסטפאַרניכטונג העלפן היטלערן, אים פאַרגרינגערן ביים אומ־ברענגען דאָס יידישע פאָלק"...

מיר איז ליב צו באַגעגענען מענטשן פון מיין שטאַנד איבער די לאָבינסקער גאַסן. נאָך ליבער איז מיר צו איבערצייגן זיך, אַז זיי זענען גאָרנישט אַזוי דערהרגעט ווי איך.

איינער פון מיינע בעסאַראַבער באַקענטע איז ביי דער מיינונג, אַז מע דאַרף זיך אויף לאַסטמאַשינעס איבערכאַפּן פון ישוב צו ישוב און מען דאַרף נישט זיין ביי זיך אַזוי געפאַלן. ער איז גערעכט. נישט איין מאָל האָב איך אויך אַזוי געקלערט. ס'איז אָבער נאָס און קויטיק אין דרויסן. און אויפן האַרצן — נאָך מער.

דבורהל לערנט לייבעלען ער זאָל געדענקען איר ברודער מישעס אַדרעס אין סיביר: „טאָמער בלייבסטו, מיין קינד, אַליין, — בילדעט זי אים איין, — זאָלסטו זאָגן פאַר מענטשן דעם פעטערס אַדרעס, וועט ער דיך איבערנעמען צו זיך".

פון אירע רייד האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז מיר שטייען פאַרצווייפלטע אויף

דעם דעק פון אַ שיף, וואָס טרינקט זיך. אָט־אָט גייט זי צום גרונט און מיר געדענקען נאָך, אַז מען דאַרף אָפּגעבן די לעצטע פאַראָרדענונגען.

אונדזער באַלעבאָסטע איז אַריין נאָך מיין בלויען גאַרניטער. זי וועט אים אָפּטראָגן צו אַ רייכן קונה. זי איז געקומען צו לויפן אין דער פרי מיט דער פינצ־טערער ידיעה, אַז ראָסטאָוו איז שוין אָפּגעגעבן. נעכטן האָט זי געקויפט אַ האַלבן באַראַן. איצט האָט זי געוויזן לייבעלען דעם באַראַנס האַלבן קאָפּ, וואָס איז קונציק אָפּגעהאַקט (נאָך מיט דער וואָל און פעל צוזאַמען) מיט איין האָרן, איין אויג אַן אָפּנס, איין באַק, אַ האַלבער צונג, ציין און אַזוי ווייטער און ווייטער. איך האָב זיך אויף איין רגע פאַרגעשטעלט אַ העלפט פון מיין אייגענעם קאָפּ מיט דעם האַלבן צונג אין מויל.

דער באַגריף פון די „עשרה הרוגי מלכות" איז מיר פאַר די לעצטע חדשים דורכגעגאַנגען אין געדאַנק נישט איין מאָל. די שרעק האָבן מיר נאָך אין איר נאַקעטקייט נישט געזען. נאָר זי איז דאָ. זי איז אַ ממשותדיקע און רוקט זיך אַן אַלץ נעענטער און נעענטער.

דבורהל רעדט מיט מיר גראָבע רייד. און ביי מיר קלייבן זיך טרערן אין האַלדז נישט אַזוי דערפאַר, וואָס ס'באַליידיקט, נאָר דערפאַר, וואָס ס'איז טראַגיש. זי האָט צו מיר גערעכטע טענות: פאַר וואָס זענען מיר נישט געפאָרן, ווען מע האָט געקענט? זי זאָגט: „געוויס וועסטו הענגען אויף אַ טעלעגראַפן־סטויפּ און מען וועט דיך אַפילו נישט לאָזן באַגראָבן". איך ווייס גראָד, אַז זי באַדויערט מיך, און אין די גרוילן, וואָס דער דייטש טראָגט מיט זיך, גייען איר אָן מיינע מער, ווי עמעצנס. נאָר סטראַשען וויל זי מיך. אין מיטן דרינען זאָגט זי: „איך ווייס דאָך, דו מיט ביילקען וועלן זיך אויפהייבן, מיטנעמען אַ פּאָר קליינע קלימקעלעך און אַוועקגיין. איך וועל דאָ פון זינען אַראָפּ און לייבעלע וועט בלייבן אַ קיילעכדיקער יתום".

ווען איך בין אַליין אין צימער, וואָלט איך זיך געשמאַק אויסגעוויינט, אַזוי... פון „פאַרגעניגן" וועגן...

פאַר וועמען וועגן פאַרשרייב איך דאָס אַלץ? פשוט. דער מענטש נערט זיך מיט בטחון: און טאָמער?! טאָמער וועלן מיר אַלץ איבערלעבן און דער העפט וועט אויך בלייבן גאַנץ, וועלן מיר אים אַ מאָל בלעטערן אין פריידן. ווען אַליין, און ווען מיט אַ חבר צוזאַמען. אויף דבורהלען דאַרף איך נישט זיין בייז. זי איז אַ גוטע. זי וואָלט וועלן זען גוטס אי אויף זיך, אי אויפן קינד, אי אויף אונדז. איך בין ביי איר נישט אָפּגעטיילט פון איר, און דאָס קינד — פון מיר. מיר אַלע פירן זענען פאַר איר שטענגעלעך פון איין גאַנצן לעבעדיקן געוויקס.

איך שרייב עפּעס ביים טיש. איך זינג אונטער אין דער שטיל אַ ניגון, וואָס באַרויִקט אי זי, אי מיך. זי האָט פון ס'ניי איבערגעפּאַקט אַ פּאָר טשעמאָדאַנעס. איצט זיצט זי נישט ווייט פון מיר און שטשאָבעט פאַר לייבעלעס וועגן אַ פּאָר

הענטשקעלעך פון אַן אַלטן וואָלענעם שאַרף: טאָמער וועלן מיר טאַקע ערגעץ פאָרן, זאָל לייבעלען זיין וואַרעם אין די הענט.

אַ מאָל דוכט זיך מיר, אַז ס׳קען נישט זיין! אינעם קלייזל פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור, און בכלל אין דער יידישער קולטור, קען מען מיך נאָך אַ מאָל דאַרפן צו אַ מנין...

אהרון קאָפּשטיין איז אומגעקומען אין שלאַכט מיט די פינער נאָך פאַר צוויי יאָרן. דער געדאַנק מאָנט: פאַר וואָס מיליאָנען — יאָ, און דו — נישט? פאַר וואָס מיליאָנען יידן — יאָ, און דו — נישט?... קומט אָבער דער אומפאַרמיידלעכער מתנגדישער געדאַנק און זאָגט: — זיי נישט קיין פערד. וועמען וועסטו גרינגער מאַכן, אויב דו וועסט די כפרה ווערן ווי אַן אומבאַשיצטער שעפּס? ווען דו שלאָגסט זיך כאָטש אויפן שלאַכטפעלד?... און מעגלעכקייטן אויף זיך ראַטעווען זענען נאָך דאָ.

לייבעלע האָט זיך פאַרשפּילט מיט אַ פּאָר קליינע פלעשעלעך. ער טרוימט וועגן פּולווער, ווייל ער האָט שוין אַ ליידיקן קאַפּסול און אַ פּאַטראָן. פּלוצעם טוט ער אַ זאָג:

— מאַמע, איך לעב איצט אַזאַ אינטערעסאַנטן לעבן, אַז לאָמיר נאָר אויסוואַקסן, וועל איך קענען אָנשרייבן אַ בוך, וואָס וועט הייסן „מיין לעבן״.

און קענטיק, כּדי מיר זאָלן אויף אים קיין פאַראיבל נישט האָבן, האָט ער צוגעגעבן: — פאַרשטייט זיך, אַז דער טאַטע און דו האָבן אויך אַן אינטערעסאַנט לעבן.

— מיך וואָלט נישט געאַרט, — האָט דבורהל געענטפערט, — אַז מיין לעבן זאָל איצט זיין ווייניקער אינטערעסאַנט.

מענטשן רעדן וועגן איבערפעקלען זיך אויף מאַשינעס קיין גראָזני, קיין מאַכאַטש־קאַלאַ. מיר דוכט זיך, אַז אַפילו דבורהלען איז געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן. איינער מיינט — ס׳איז נאָך נישט אַלץ פאַרפאַלן.

שוין מיט דעם האָט זי ביי אונדז אַראָפּגענומען אַ שטיין פונעם האַרצן. אַליין האָט זי זיך אין גאַנצן אַרויסגעשלאָגן פון שלאָף, קלערט און הערט נישט אויף צו טראַכטן. אַלע, חוץ לייבעלען, זענען מיר, ווער מער, ווער ווייניקער, אויף אַ סך געעלטערט געוואָרן. כּדי ס׳זאָל זיין מיט וואָס באַצאָלן די שאָפערן, האָט דבורהל אָפּגעשיקט מיט ביילקען אויפן מאַרק דעם צייג, וואָס מיר האָבן געקויפט נאָך אין קיִעוו אויף אַ זומערדיקן מאַנטל. מיר האָבן געוווּסט, אַז סיי ווי ווער איצט קיינער נישט קויפן. צום סוף האָט אונדז דער מאַרק דערפרייט: ביילקע האָט אָפּגעלייזט פאַר דער סחורה זיבן הונדערטער. אין גאַנצן דערלייגט נישט מער ווי דריי הונדערט רובל. איצט וועט זיין אויף באַצאָלן פורגעלט.

לאָזט זיך אויס, אַז ס׳זענען דאָ טויזנטער מענטשן אַזעלכע, וואָס האָבן נאָר מורא פאַר די ערשטע עטלעכע שאָס, ביז דער מלחמה־פּאַס וועט זיך איבעררוקן.

ווייטער האָבן זיי נישט קיין זאָרג. ס׳איז אַ סברה, אַז אַנדערע קוקן אַפילו אַרויס אויפן דייטש: זיי האָבן אַ מאָל געהאַט אייגענע מויערלעך און גרויסע געשעפטן אויף דער הויפטגאַס. גיי פאַרשטיי! אַזעלכע „טרוימען״ זענען פאַר קיין איין ייִדן נישט אָנגעמאָסטן –– נישט פאַר קיין דייטשישן ייִדן, נישט פאַר קיין פוילישן און פראַנצויזישן, נישט פאַר קיין היגן. דער דייטש איז פאַר אונדז שטיקנדיקער גאַז, טויט, גיפט. נישטאָ קיין שטאַרקע, נישטאָ קיין שוואַכע. נישטאָ קיין רייכע, נישטאָ קיין קבצנים. נישטאָ קיין יונגע און קיין אַלטע. אַלע גייען אין געטאָ, אין די גאַזקאַמערן, אין די קרעמאַטאָריעס. אַלע וועלן זיך ביז אַ צייט וואַלגערן ווי מיסט, ווי שפּייעכץ אויף די גאַסן. נישט אויף אַלע גאַסן, חלילה, נאָר אויף ענגע עטלעכע געסלעך, וואָס מען האָט פאַר אונדזערט וועגן אויסגעטיילט.

נעכטן פאַר נאַכט גייען מיר מיט ביילקען איבערן גאָס. שטייען רעדלעך, קופּ־קעלעך מענטשן פאַר די הייפן. מע רעדט, ווי מע וואָלט דערציילט אַ סוד. אָנגעשראָקן איז מען גרינג, נאָר נישט באַטריבט, אַזוי ווי זיי ווייסן שוין עפּעס... וווּ נישט וווּ נעמט מיך דורך אַ קריסטלעכע מיט איר בליק. זי פאַרשפּאָרט זיך גאָר שטויסן, זי ווייסט שוין, ווי צוויי מאָל צוויי, וואָס דער דייטש טוט איצט מיט ייִדן. איינע האָט אַזוי אַ קוק געטאָן, אַז זי האָט, דוכט זיך, דערזען מיינע קישקעס פונעם בויך אַרויס־געלאָזטערהייט. כאָטש אָט די צוגעשטילטע רעדלעך לעבן די הויפן רופן אַרויס אומהיימלעכקייט, בין איך עפּעס געווען אויפגעלייגט, מער ווי אַן אַנדערש מאָל, און אויף דער פרויס בליק פון שאָדנפרייד, האָב איך אין האַרצן איר אָפּגעענטפערט: „קופּע, גראָבער הינטן! איך האָב דיך אין דער ערד!...״ סיי ווי האָב איך אָבער מקנא געווען די, וואָס זיי האָבן קיין מורא נישט. דאָס לעבן זייערס פאַרמאָגט אי גרינגשאַפט, אי שווערקייט. אין דעם חלק, וואָס האָט זיך זיי אָנגענומען פון גאָט, גייט קיין מורא נישט אַריין. זיי ווייסן אַפילו נישט מיט וואָס מע עסט עס. דערפאַר דבורהל מיינע, אירע עלטערן זענען נישט געווען קיין ייִדן, זי איז נישט געוואַקסן צווישן ייִדן, זי האָט נאָר אין דרייסיקיאָריקן עלטער חתונה געהאַט פאַר אַ ייִדן, ציט אויף צוויי קינדער דעם ייִדנס, — אָט זי ווייסט שוין פון דעם טעם. דער קאָפּ קריכט איר אַראָפּ, אַז זי שלאָפט נישט קיין נעכט. און מענטשלעך איז זי, טיף מענטשלעך! זי האָט געקענט בלייבן אין קיִעוו. זי האָט זיך נישט ווינציק אָנגענומען פאַר די דריי חדשים נע־ונד זיין. קיינער שטערט איר נישט בלייבן דאָ, נאָר זי טוט עס נישט. זי איז אַזוי ערלעך אין אירע מעשׂים און אין אירע געדאַנקען, אַז מיינע איצטיקע מחשבות זענען אַ זינד קעגן איר. ס׳קומט אויס, אַז איך רעכן אונטער, איך אַנאַליזיר, ווו מיר האַלטן אין חשבון, און זי איז ריין פון דעם. איך וואָלט מעגן קנִיען פאַר אַזאַ מין ריינער אָרנטלעכקייט.

ס׳גייט ווייטער אַ מאָביליזאַציע. פון אַ סך הייזער הערן זיך געוויינען. דאָ דאַרף מען אַרויסבאַגלייטן אַ זון, דאָרט — אַ מאַן, אַ פאָטער, אַ ברודער. פון אַנדערע גייען

אַפילו צוויי מיט אַ מאָל. מיך רופט מען נאָך נישט. איך בין אַלט 45 יאָר, לויט פאַרגרייזטע פּאַפּירן — 47. דערצו האָב איך אַ בלויען בילעט. בין נישט געווען פּאַסיק פאַר דער אַרמיי, נאָך אַפילו אין ערשטן וועלטקריג. נאָר ס'פרעסט מיך דאָ די זאָרג מיט דער מורא. ס'עסט אָפּ די נשמה מיטן לייב אין איינעם. וויפל טערמינען אויף אָוועקצופאָרן האָבן מיר שוין דורכגעלאָזן, און ס'וועט דאָך נישט העלפן — סוף־סוף וועט מען מוזן אַרויספאָרן פון דאַנען און זיך דערלאַנגען צו אַ שטיקל האַפן. מ'וועט דאָך מוזן אַרויסראַטעווען לייבעלען, ביילקען, דבורהלען און זיך — אויך...

אין איצטיקע נאָוועמבער־טעג דאַרף ווערן 24 יאָר ראַטנמאַכט. פון אָן אַ שיעור לענדער פלעגט מען זיך ציִען אויף די דאָזיקע טעג קיין מאָסקווע, לעבינגראַד, קיִעוו. איצט ציט זיך די שפּין פון דער סוואַסטיק און זיי טרובען מיט פרעכער עזות און באַרימעריי, אַז מיטן פּאַראַד אין די נאָוועמבער־טעג וועלן זיי שוין אָנפירן! שמעו שמים!... ס'וועט נאָך צו דעם נישט דערגייין! — נאָר ס'איז שוין גענוג, אַז פון מאָסקווע עוואַקויִרן זיך פיל אַנשטאַלטן און משפּחות. ס'איז שוין גענוג די אָנגע־שטרענגטקייט אַליין.

אין ראַדיאָ האָט מען איבערגעגעבן, אַז דאָס מיליטער פון אָדעס האָט זיך לויטן באַפעל פון דער אויבערקאָמאַנדשאַפט עוואַקויִרט און איז בשלום געקומען אויף די ערטער, וואָס מען האָט זיי אָנגעוויזן. רבונו־של־עולם, וואָס האָב איך דאָ פאַר אַ ווערט צוזאַמען מיט מיין געזינד, און אַפילו מיטן פעקל בעסאַראַבער יידן, וואָס האָבן אויך אַהער אָנגעשפּאַרט, אַנטקעגן דער גרויסער דראַמע, וואָס שפּילט זיך איצט אָפּ?

איך ווער שוין איינגעדרעמלט, נאָר דער ראַדיאָ קאָכט זיך נאָך: לעבעדיקע מאַרשן! ס'זינגען כאָרן פון לעבעדיקע מענטשן, און דווקא פון מאָסקווע. אפשר איז נאָך אַלץ נישט שפּל ווי מע מאַכט עס ביי זיך אָפּ?

## דאָס גרויסע געווינס

פּיסאַרעווסקי, דער פאָרזיצער פון ריי־אויספּירקאָם, האָט אונדז איטלעכן געריירט און געהיילט מיט זיין אויפמערקזאַמקייט: נאָר וואָס האָט מען געבראַכט פון אים אַ צעטעלע, אַז מען וועט אונדז אפשר איינאָרדענען מיר זאָלן קענען אַרויספאָרן צוזאַמען מיט די אייזנבאַנער פון דניעפּראָפּעטראָווסק. אין אַ שעה אַרום זאָל איך קומען צו אים אין ריי־אויספּירקאָם.

ווי מען וואָלט אונדז אַריינגעבלאָזן אַ נייע נשמה! צי דען וועלן מיר טאַקע די נאָענטסטע טעג זיצן מיט מענטשן באַגלייך אין אַ באַן, וואָס פאָרט אָפּ פון דאַנען?!...

איך גיי אַרום אַן אויפגעריכטער. פּיסאַרעווסקי האָט מיך באַקענט מיט אַ קליינ־ווּוקסיקער פרוי העכער פון מיטעלן עלטער, אַן ענערגישע, נישט לויט אירע יאָרן. זאַקליאַפּענקאָ איז איר פאַמיליע־נאָמען. זי איז נאָר אין צווייען מיט אַ ייִנגל פון אַ יאָר

פופצן, גרעסער פון איר אין וווקס. זי איז נישט מער און נישט ווינציקער, ווי די נאַטשאַלניצע פונעם אייזנבאַנער־עשאַלאָן. ער האָט איר געזאָגט נאָך אַ מאָל פאַר מיר אין די אויגן: — דאָס איז אַ שרייבערישע משפחה. אין וועג איז די טאָכטער שלאָף געוואָרן, זענען זיי אָפּגעשטאַנען פונעם שרייבער־פאַראיין. זיי זענען אין גאַנצן פיר מענטשן. ס׳איז אונדזער חוב...

זי האָט געענטפערט קורץ, נאָר זאַכלעך, אַז מיר זאָלן זיין גרייט. דער עשאַלאָן וועט דאָ זיין מאָרגן־איבערמאָרגן. איך האָב זיך געזעגנט מיט פיסאַרעווסקין און מיט איר, איך זאָל נישט שטערן. איך האָב זיך באַמיט אַרויסגיין אויסגעגליכט, איך זאָל ביי איר אויסנעמען, זי זאָל זען, אַז זי האָט צו טאָן נישט מיט קיין קלויזניק, אַז איך בין אַ שריפטשטעלער פון דער אוקראַיִנישער הויפּטשטאָט און זי איז קוים פון דניעפּראָפּעטראָווסק.

גוט? קלוג?...

ניין, פעטער, מע קען אייך...

(צי וועל איך אפשר זיך פּאַקן אין איין וואַגאָן מיט יענעם וווקסיקן ווייבל, וואָס האָט אין וולאַדימיראָווקע פאַרפירט מיט מיר באַקאַנטשאַפט?... גוואַלד, אייזיקל, זאָג מיר, וואָס פאַר אַ מענטש ביסטו?...)

די נשמה הענגט אויף אַ האָר: וועט מען אונדז טאַקע נעמען, צי נישט? דעם 19טן איז קיין עשאַלאָן נישט געווען. דעם 20סטן בין איך געגאַנגען מיט ביילקען די פאָר קילאָמעטער צום באַנהויף. 5—6 פאַר נאַכט איז נאָך קיין עשאַלאָן אַלץ נישט געווען. אייזנבאַן־משפחות זענען שוין אויך מיט איין פוס אין דרויסן. זיי ווינען אין פאַרשיידענע סטאַניצעס אַרום לאַבינסקאַיאַ. מען איז קענטיק צונויפגעבונדן דורכן טעלעפאָן. פורן און מאַשינעס וועלן די דאָרפסראַטן געבן און פאַר אַנדערהאַלבן צוויי שעה וועלן די משפחות מיט די געפּעק זיין אויף לאַבינסקער וואָקזאַל. דאָס איז אמת, אָבער אומרויִק און צעדודערט איז מען. און מיר זענען שוין מיט ביידע פיס אין דרויסן. טאָמער, חלילה, פאַר הונדערטערליי און ס׳לאָזט זיך אויס אַ באָד, טאָרן מיר אַהיים צו אונדזערע פריִערדיקע באַלעבאַטים, צו די וואַסילעווסקיס, נישט פאָרן. זיי האָבן זיך געפירט מיט אונדז מענטשלעך, נאָר דאָס ציטווייליקע ווינען ביי זיי האָט זיך אַזוי אויך צו אויף לאַנג פאַרצויגן.

קלייניקייטן פאַרנעמען ביי מיר שטענדיק אַן אָרט. אויף די טאָוועלעך פון מיין העפט (בליומע האָט מיר אים געשענקט) האָב איך אָנגעשריבן אין רוסיש: באַם (אויב) דער דאָזיקער פאַרשריבענער העפט וועט מיט נאָך זאַכן אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט, בעט איך זייער דעם העפט אָפּשיקן קיין סיביר לויט דעם און דעם אַדרעס, אָדער קיין רוזייעווקע לויט אַזאַ און אַזאַ אַדרעס... דער שׂכל איז אַ פּשוטער: אַ מלבוש, אַ שטיקל וועש דאַרף מען אויך נייטיק, ווי דאָס לעבן. ס׳איז דאָך אַלץ דאָס לעצטע, וואָס מען האָט. דאָך איז עס, ווי מען זאָגט אין רוסיש „דיעלאָ נאַזשיוו־

נאָיע״ (אַ זאַך, וואָס מען קען דעראָבערן אין לעבן), און אַ פאַרשריבן פּאַפּירל, אַז ס׳וועט גיין צו גרונט, וועסטו עס שוין אָנקוקן, ווי דיינע אויערן. דערום האָב איך אויך „אונטערוועגנס״ אָפּגעשיקט קיין סיביר צו ווערעס ברודער. מיינע רייכטימער, וואָס איך וואָלט וועלן פאַרהיטן זענען אַ פאַרשריבן שטיקל פּאַפּיר...

לייבעלע האָט זיך שוין אויך אויפגעפּאַקט. אַ דאַנק אים זענען טאַקע גאַנץ געבליבן איניקע היימישע פּאָטאָס. ביילקע איז מיר אַ חבר. אַז זי טוט מיר אַ מאָל אַ קוק אין די אויגן, טרעפט זי מיר טיף אין האַרצן אַריין. אויב לעבן בלייבן, דערקען איך אין איר, אַז זי וויל מיט איר גאַנצער נשמה, מיטן גאַנצן לעבן אירן, איך זאָל אין די שלעפּעניש, אינעם נע־ונד, נישט צעזייען, נישט צעטרענצלען, מיין ביסעלע גייסט: „ורוח קדשך אל תקח ממני״. זי רעדט פון דעם נישט, נאָר מען דערקענט עס. אויך ביי איר האָט דאָס ביסל געפּעק נאָר דעם ווערט, וואָס ס׳האָט — נישט מער.

דבורה שאַצט עס אויך. איך מעג שווערן, אַז מיין אַרבעט איז ביי איר נישט קיין קו, וואָס מעלקט זיך. מע דאַרף טאַקע צונויפשלעפּן דאָס לעבנסמיטל, מע דאַרף די קינדער לערנען, מען דאַרף זיי אויפציִען, נאָר איך האָב עס שוין דערלערנט, דאָס איז ביי איר דער מוז, די נויטווענדיקייט און נישט דער עיקר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס עסן איז קיין עסן נישט, דאָס שלאָפן איז קיין שלאָפן נישט. מיט וואַסיל דעניסאָוויטשן האָבן מיר זיך געזעגנט, ווען ער איז אַוועק אויף דער אַרבעט. מיט מאַטריאָנאַ סטעפּאַנאָוונאַ האָבן מיר זיך צעצאָלט ענדגילטיק און אַרום צוועלף זענען מיר שוין טאַקע געווען מיט די זאַכן אויפן וואָקזאַל.

יאָ, דער עשאַלאָן איז שוין, געלויבט דער אויבערשטער, דאָ.

עטלעכע אָנפירער שטייען אין דער לענג פונעם פּעראָן מיט צעטלען אין די הענט. דבורה קוקט מיר אין די אויגן: — צי האָבן די צעטלען צו אונדז אויך אַ שייכות? די קינדער קוקן אויף מיר מיט שטומע בליקן: „טאָמער, גאָט באַהיט, זענען מיר נישטאָ אין דעם אָדער יענעם צעטל״? ס׳ווערט דיר אַנטפאַלן דער מאַמעס מילך, וואָס מען האָט אַ מאָל געזויגן. איך בין געווען גאָרנישט און בין געבליבן אַ גאָרנישט: צוגיין צו זאַקליאָפּענקאָ איז מיר שווער. מיר דוכט, אַז מיט דעם אַליין אַנטבלויז איך זיך פאַר איר, אַז כ׳בין נאָך אין ספק, בין נישט זיכער צי איך פאָר. אָבער עפּעס וויסן ווילט זיך דאָך?! באַצייטנס מעלדן וועגן זיך דאַרפן מיר?! זיי דאַרפן דאָך וויסן, אַז מיר זענען שוין דאָ מיט די זאַכן?!...

איך האָב זיך באַמיט זיך אָנשלאָגן אין איר בליק. יאָ, זי זעט שוין מיך! זי איז שטאַרק פאַרנומען... איך האָב ביי איר דעם שיינעם ווערט!... און ווי, אויב ס׳ביי איר שוין לאַנג באַשטימט, אַז מיר פאָרן? אויב די צעטלען זענען שוין מיט איטלעכן קאָנטאַקטירט — צי דען דאַרף זי מיך נאָך געדענקען אַחוץ, און זיין פאַרנומען בלויז

מיט מיר?... זי האָט באַמערקט, אַז איך גיי איר נאָך און האָט מיר אַ זאָג געטאָן, אַז מע וועט פאָרן נישט פריִער פון 6—7 פאַר נאַכט. אפשר האָבן מיר עפּעס וואָס צו דערליידיקן, וואָס צו פאַרגרייטן, קען איך זיין פריי.

— אין וועלכן וואַגאָן זענען מיר?...

— ערשט פאַר נאַכט וועט עס קלאָר ווערן, דערווייל ווייסט מען נאָך גאָרנישט... און זי רעדט שוין מיט איריקע מענטשן. זי איז שוין אַוועק אין איר פאַרנומענקייט.

מיינע קוקן אויס זייערע אויגן. זיי זענען נישט ווייט. זיי ווינקען צו מיר איך זאָל גיכער צוגיין, גיכער זאָגן, וואָס האָב איך דאָרט גערעדט? וואָס האָט זי מיר געזאָגט?

מיך סמאָקעט גוט ביים האַרצן. זי איז אַ גוטע פרוי די זאַקליאָפּענקאָ. זי איז אונדזער אויסלייזונג. אָבער ווען זי שטויסט זיך אָן מיט איין וואָרט אונדז צו פאַר־שענערן דאָס מזל. ווען זי זאָל מיר נאָר אַ קוק טאָן אין די אויגן — בלויז איין מאָל — און אַ זאָג טאָן: „איר פאָרט״!

סיי ווי האָבן מיר אָנגענומען פאַר ראַיעל אירע ווערטער, אַז ביז 6—7 זענען מיר פריי. מיר האָבן איבערגעביסן און איך בין אַוועק קיין לאַבינסקאַיאַ. צען־צוועלף גייט דאָך דורך דער בריוונטרעגער אָדער דאָס מיידל, וואָס טראָגט די פּאָטשט. ס׳איז אַ יצר־הרע נישט אַ קוק טאָן אין בריווקעסטל.

— זאָלסט זיך נאָר נישט זאַמען...

## מענטשן טייערע, רעדער, וועגט, אַ דאַך, אַ דיל

ס׳הייבט אָן נאַכט ווערן. מיר עקן זיך מיטן חיות און מיט דער נשמה, און דער זעלבער אומבאַשטימטקייט־צושטאַנד איז ביי אונדז אַלע פירן — סיי ביי לייבעלען, ביילקען, דבורהן און סיי ביי מיר. אויב ס׳איז ערגעץ דאָ אַ גאָט אין הימל, זאָל ער אונדז העלפן.

מע רופט אויס לויט די צעטלען מענטשן. עפּעס אַ קלייניקייט: וויפל צעטלען: וויפל מענטשן! פאַר יעדן וואַגאָן איז אָנגעמערקט אַן עלטסטער, און מיר — ווי מיר וואָלטן גאָר אויף דער וועלט נישט געווען: קיין זכר, קיין פּיפּס וועגן אַ משפּחה פון פיר מענטשן, קיִעווער, יאָ, קיִעווער, דורכן ריַיאויספּירקאָם צוגעגעבן...

פון אונדזערע אויגן צאַפּט זיך בלוט. מיר זוכן זאַקליאָפּענקאָ, ערגעץ איז זי אין וואָקזאַל, ערגעץ דערליידיקט זי די לעצטע ענינים... אָט איז זי דאָ, זי זעט אונדז שוין! זי זאָגט צעטראָגן „באַלד״... זי רעדט עפּעס מיט אַ מענטשן... מען דערלויבט אונדז גיין אינעם 12טן וואַגאָן... מיר שלעפּן די פּעקלעך מיט די לעצטע כּוחות.

— ווּהין איז?

— מען האָט אונדז געהייסן...

— וואַרט, מירן באַלד אַ פרעג טאָן... קיִעוו ? ! פיר מענטשן ? רייאָוויספירקאָם ? ריכטיק !

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַפילו אַ בלוטצאַפּעניש נעמט אַ מאָל אַ סוף ! מיר זענען שוין אין וואַגאָן. אינעם דורכגאַנג. אַלע זענען אויף זייערע ערטער. נאָר מיר בעטן גאָרנישט, מיר מאָנען גאָרנישט. דער וואַגאָן, וואָס שטייט אויף רעדער, האָט אַ דאַך איבער זיך, איז ער אונדז אין איין רגע געוואָרן אַ לייבלעכע רחמנותדיקע מוטער. אַוודאי גלוסט זיך נישט די באַלעבאַטים זאָלן דורכגייענדיק אַלע מאָל זיך פאַרטשעפּען אין אונדז און אין אונדזער געפּעק. מיר זענען גרייט זיך איינשרומפּן, זיך איינטוליען וואָס טיפער אין וואַנט, אָבער אין איינס זענען מיר שוין זיכער : קיינער וועט אונדז נישט אַרויסטרייבן פון דאַנען.

איך וויל גלעטן דבורהלען מיט די קינדער. איטלעכן באַזונדער טוליען צו זיך. אין וואַגאָן טוט זיך עפּעס. נאַגאַרני, אַ יונגער (פון אַ יאָר 35—40), אַן אייזנבאַנער, אַ הויכער, אַ שטאַלטנער, אין שטיוול, אין אַ פאַרמע, טונקעלע האָר, קאַרע אויגן — ער איז דער עלטסטער אין וואַגאָן. אַליין, ווי מיר שיינט, נייטיקט ער זיך נישט אין קיין שום זאַך. אויב ער טוט עפּעס, טוט ער עס פון איטלעכנס וועגן. איטלעכע — דאָס איז דער וואַגאָן מיט מענטשן.

נאַגאַרני איז צוגעקומען צו אונדז, און פאַרשריבן דבורהן, ביילקען, לייבעלען.

— קומט, — זאָגט ער, — וועל איך אייך ווייזן אייערע געלעגערס.

ס׳איז אין מיטן וואַגאָן. רעכטס. אונטער דער סאַמע סטעליע. דער דריטער שטאָק. דאָרטן גייען דורכויסיקע נאַרעס. גוט. בעסער קען נישט זיין. ער איז אַוועק. מיר טראָגן אַהין אונדזערע זאַכן. דבורהל קוקט צו מיר, פרעגט מיך אויפן ווונק אי מיט אַ שמייכל (וואָס איז ? זי איז דען נישט די גליקלעכסטע ? !), אי מיט אַ שטילער מורא (ס׳איז דאָ פאָר וואָס זיך באַאומרויִקן) :

— נו, און דו ?...

איך ווייז איר אויפן ווונק (איך בין אויך גליקלעך אָן אַ ברעג), אַז ס׳איז גוט, ס׳שטערט נישט. אַבי ס׳איז דאָ אַ דיל און ס׳זענען דאָ רעדער אונטערן דיל און אַ דאַמפּמאַשין פון פאָרנט. און גוטע מענטשן אַרום און אַרום. איך דאַרף נישט קיין געלעגער. אָט האָב איך אַ בענקעלע, וואָס בויגט זיך אָפּ פון דער וואַנט. אַ געשמאַק טייער בענקעלע ! אַ ליבע גוטע דורכויסיקע וואַנט, אַ באַרעמהאַרציקע, אַ צוגעלאָזטע — נישט געזאָרגט !

מיינע לייט האָבן אויסגעפּאַקט און געמאַכט זייערע געלעגערס. זיי ליגן שוין ווי די מלאכים. איז דען דאָ צו אונדז אַ גלייכן אין דער גאַנצער וועלט ? איך בין אַוועק דורכן שמאָלן דורכגאַנג צו מיין בענקעלע, צו מיין וואַנט. קיינער האָט עס דערוויל נישט פאַרנומען.

איך געדענק נישט צי דער באַן גייט שוין, צי נישט? ס׳איז גאַרנישט. ער איז שוין אונדזוערער. איך האָב זיך צוגעטוליעט מיטן קאָפּ צו דעם גוטן האַלץ פונעם דינעם וואַגאָנוועגטל, האָב מיט אַזאַ ליבקייט צוגעמאַכט די אויגן. אוי, ווי ס׳איז מיר גוט אַצינד!

דער הויכער און ליבער נאַגאַרני ווערט נישט מיד אומצושמייען הין און צוריק. ער איז נאָך אַלץ פאַרנומען. ער האָט נאָך אַלץ וואָס צו טאָן. ווי ליב איז דעם ווייב, וואָס האָט אַזאַ מאַן. ווי גוט איז די קינדער, וואָס האָבן אַזאַ פאָטער.

אָט איז ער שוין ווידער לעם מיר. קלאָר, אַז ער קען נאָך מיך נישט. און לויט אַלע סימנים בין איך נישט קיין געפּעלשעוועטער באַשטאַנדטייל פון זיין ווירטשאַפט.

— און איר האָט ווו צו שלאָפן? — פרעגט ער מיך.

— אָט דאָ, ווו איך זיץ, וועל איך שלאָפן, — ענטפער איך אים מיט גערנדיקער צופרידנקייט. — דער פרוי מיט די קינדער האָט איר דאָך שוין געגעבן געלעגערס...

— ניין, אַ געלעגער דאַרף יעדערער האָבן. קומט וועט איר מיר ווייזן, ווו זיי זענען.

איך לאָז אָפּ פאַמעלעך מיין ברעטל־בענקעלע, ס׳זאָל זיך נישט אָפּקלאַפּן הילכיק אין דער וואַנט און פאַרפיר אים צו מייניקע.

— אַ־האַ, — האָט נאַגאַרני אַ זאָג געטאָן, — דאָ שלאָפט לעם אייך איין מענטש, דער קינסטלער. וועל איך אים איבערנעמען אין עק וואַגאָן און איר וועט שלאָפן לעם אייערע.

אין אַ מינוט אין צוויי אַרום איז ער צוגעקומען מיט אַן עלטערן מענטשן, לויטן וווקס נאָך העכער פון אים, נאָר מאָגערער.

— איר קענט זיין באַקענט, — האָט זיך נאַגאַרני צו מיר אָנגערופן. — דאָס איז איוואַן איוואַנאָוויטש אַליאַבאָוו, אַ קינסטלער, אַ מאָלער. אין דער אייזנבאַנשול לערנט ער די קינדער מאָלן. איצט גייט ער אַוועק פון אייך, נאָר איר וועט פאָרן אין איין וואַגאָן און איך האָף, אַז די באַקענטשאַפט וועט אייך ביידן זיין ליב.

— זייער, זייער איינגענומען!

דער לאַנגער באַיאָרטער מענטש איזווירקלעך אַ צוגעלאָזטער און גוטער פאַר־שוין. איך האָב געמיינט, אַז איך טו אים אַן איבערשלאָג. צו וואָס באַדאַרף מען עס? אָבער ניין. ער האָט מיט מיר אויסגערעדט אַ פּאָר ווערטער. מיר האָבן צוגעזאָגט איינס דעם צווייטן אָנהאַלטן באַקענטשאַפט. ער האָט פאַרנומען זיינע זאַכן און מיינע לייט האָבן מיך מיט פרייד פאַרנומען צו זיך אין „געצעלט״ אַריין. לייבעלע האָט שוין, דוכט זיך, געדרעמלט, מיר זאָל זיין. ער האָט זיך גענוג אָנגעניודעט דעם טאָג.

דבורהל און ביילקע האָבן מיר געגעבן עפּעס איבערצוקייען, און זיי האָבן אַפילו געגעבן עפּעס צו פאַרטרינקען. מען האָט מיר געהאָלפן אַראָפּציִען פון זיך אַ פּאָר אויבערשטע בגדים און איך ליג שוין אויסגעצויגן ווי אַ גראַף.

איינס וואָלט איך נאָר וועלן וויסן (דאָס וועל איך צייט האָבן דערגיין שפּעטער אָדער מאָרגן): ווערמען האָט אונדז גאָט געגעבן פּאָר שכנים פון רעכטס, פון לינקס און פון אונטן? אויבן איז דאָך דער דאַך גאַנץ נאָענט צו אונדז, נאָר צו אים דאַרף מען נישט קיין „זייט זשע מוחל״, אַפילו ווען מיר כאַפּן אומגערן אַ זעץ אינעם קאָפּ פון דער נידעריקער סטעליע.

אַן אויוועלע איז אין מיטן וואַגאָן דאָ. מיר נייטיקן זיך נאָך נישט אין דעם, אָבער ס׳איז גוט, וואָס ס׳איז דאָ. אַ חדרל מיט אַן אוניטאַז מיט אַ לאָך אינעם דיל איז אויך דאָ. אַהין גייט מען, ווען איינציקערווייז און ווען משפּחהסווייז. דאָרטן קען מען זיך איינוואַשן. אַהער קומט מען אָן צוויי דריי מאָל אין מעת־לעת און מע איז צופרידן, אַז מע קומט עס איבער.

ביי אונדז איז געווען אַ שטיקל מיספאַרשטייעניש, כאָטש ס׳איז גאָר נישט פון די קלייניקייטן: ברויט?!... אונדזערע באַלעבאַטים האָבן געוווסט, אַז די רייזע איז נישט אויף קיין טאָג און אַפילו נישט אויף קיין וואָך. ברויט דאַרף מען קריגן און דאָס ברויט דאַרף מען פאַרטיילן אָרגאַניזירט. מע האָט זיך מיט אונדז אַ דינג געטאָן... די איינציקע אָנגעהעריקייט, וואָס מיר האָבן צום קאָלעקטיוו איז, אַז מיר אַנטלויפן אויך פונעם דייטש און מיר זענען אויך סאָוועטישע בירגער. האָט אונדז אַ ביסל אַ קאָלאָטע געטאָן אין האַרצן, אָבער... אויסגעלאָזן האָט זיך עס צום גוטן: מע האָט אונדז אַריינגעשטעלט אין די צעטלען פון ברויט און אַפילו פון אַנדער שפּייז, וואָס וועט נאָר מעגלעך זיין צו באַקומען ביי דער מלוכה לויט מלוכישע פּרייזן.

ווען מע קען זיך איבערדעקן קאָפּ און אָפּשלאָפן נישט קיין סך — דריי, פיר, פינעף וואָכן ביז דער צוג וועט אונדז ערגעץ פאַרפירן, דאָרט באַגליקט ווערן מיט שטיקלעך וווינונגען און אָנהייבן טראַכטן פון אַ טועכץ און פון וואָסער ס׳ניט איז לעבן. אויב אָבער מיר זענען באַזאָרגט מיט שלאָפן בלויז 12—14 שעה אין מעת־לעת, דאַרף מען זיך איינמאָסטיען אין דעם ענגן שטייג אַזוי, אַז מע זאָל יענעם נישט שטערן. דאָס איז ערשטנס. ווייטער דאַרף מען, אַז מע זאָל די קינדער עפּעס געבן עסן און אַליין נישט הונגערן מער ווי ס׳נעמט זיך אָן. מע דאַרף זיך צוקעמען, אָפּוואַשן, טאָן, וואָס לייטן טוען — זיך איינשאַפן אַ ביסל וואַרעם געקעכץ אויף די פּאָלוסטאַנקעס. באַמבירט האָט מען אונדז נאָר אויף איין גרויסער סטאַנציע, וואָס אויסמיידן זי, וואָלט מען דאַרפן אָנלייגן צו פיל וועג. אמת, מיר זענען באַלעבאַטים אויפן וועגאויסוואַל. דער עשאַלאָן פירט געזינדן פון אייזנבאַנער, וואָס אַ היפּש בינטל אָנגעזעענע אייזנבאַנער באַגלייטן זיי און זיי וועלן זיך שטעלן אויף דער אַרבעט בלויז דאַן, ווען די פאַמיליעס פון אַלע דניעפּראָפּעטראָווסקער אייזנבאַנער וועלן אָנקומען אויפן אָרט, וועלן באַזאָרגט ווערן מיט דירות, מיט אַ ביסל שפּייז און מיט אַרבעט. אָט דאָס הייסט, אַז מיר זענען באַלעבאַטים אויפן עצם מאַרשרוט. און ווען איך בין נישט אַזוי אָנגעשראָקן, אַז איך טאָר זיך אויף יענעם נישט אַרויפוואַרפן,

וואָלט מען קענען צו ביסלעך, צו קאַפּעלעך, זיך איינגלידערן אין אַזאַ מין גרויסן קאָלעקטיוו. און ביז מע וועט קומען צו אַן אָפּשטעל, זאָל מען שוין זיין אין משפּחה, און וואָס ס׳וועט זיין מיט „כּלל ישׂראל״, וועט זיין מיט „רב ישׂראל״.

נאָר אייזיק איז כּסדר אָפּהענגטיק ביי זיך און אים דוכט זיך, אַז ער מיסברויכט אַזוי אויך און פאַרטשעפּעט לייטן מיט דעם, וואָס ער לעבט אויף דער וועלט. וועט ער נאָך גיין נאָרן זיך און יענעם און מיט תּמעוואַטע גענג זיך איינגלידערן אין אַ גרויסער, צאָלרייכער און אַפילו באַזאָרגטער סאָוועטישער משפּחה ?!...

די סביבה אונדזערע באַשטייט, הויפּטזעכלעך, פון קריסטן. ייִדן זענען אויך דאָ, אַפילו ביי אונדז אין וואַגאָן : די משפּחה באַביטש, וואָס באַשטייט פון אַ פינעף־זעקס מענטשן. מיר פּרוּוון מיט זיי אַ שמועס טאָן. ס׳זענען דאָ נאָך. אַלע געהערן זיי צום קעניגרייך פון אייזנבאַנער. זיי האָבן דאָך זייערע שולן, זייערע קלובן, זייערע שפּיטאָלן, ביבליאָטעקן און נאָך און נאָך.

דער אַלטער קינסטלער איז שוין פון פרימאָרגן געווען לעבן אונדז. געפרעגט, ווי מיר פילן זיך. ער איז זייער באַרעדעוודיק, זייער צוגעלאָזט צו מענטשן און איז אַ געוווינס פאַר זיינע שכנים. אויב די שכנים זענען שווייגערס בטבע, אָדער אין דער מינוט גייען ביי זיי קיין רייד פונעם מויל, וועט ער זיך נישט באַליידיקן. ער קען רעדן פאַרביידן. דערצו איז ער גוטמוטיק, און אַז מע בעט אים ער זאָל זיך אָפּשטעלן אויף אַ רגע מיטן אויסרייד, אַז מיר דאַרפן עפּעס גרייטן אַ מין פרישטיק פאַר די קינדער, אָדער אַז מיר גייען זיך וואַשן, קען מען עס ביי אים גרינג פועלן. נאָך אַ וויכטיקע זאַך, שוין אויסער יעדן שפּאַס : ער האָט געקענט רעפּינען פּערזענלעך. ער פלעג מיט אים און מיט זיינע געסט זיצן ביי דעם קונציק צוגעפּאַסטן טיש, וועגן וועלכן ס׳איז נישט איין מאָל אויסגעקומען לייענען אין די זיכרונות פון רעפּינס מיטצייטלער — אַזאַ, וואָס איז אַליין דערביי געווען און אַליין פאַרבראַכט מיט אים. מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז פאַר מיר אַ לעבעדיק רייצנדיק בוך און איך וועל קענען אים בלעטערן אַ גאַנצן וועג און אַלע מאָל אויפמישן אַזאַ שטעל, וואָס אינטע־רעסירט מיך צום מערסטן.

אַ סך פאַמיליעס האָבן געהאַט די מענער לעם זיך. אַפילו גאָר אָנגעזעענע אָנפירנ־דיקע אייזנבאַנער, אינזשעניערן, דירעקטאָרן. ביי איניקע פאַמיליעס האָט זיך זייער אָנגעזעען זייער פאַרמעגלעכקייט. און אויך דאָ האָבן זיי זיך אויסגעפּאָדערט באַקוועמ־לעכקייטן, אפשר נישט אַזעלכע ווי אין דער היים, נאָר אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט יעדן אָנגעגענומען. דעם טאָן האָט פאַרגעבן איין ווייבל, די עקרת־הבית פון אַ יאָר 35. איר משפּחה — איין אָדער צוויי קינדער, אַ שווער און שוויגער, טאַטע־מאַמע און דער מאַן אַליין, וואָס איז געווען גוט און ריין געקליידט. אַלץ האָט געפּאָלגט און איז געווען גרייט צו דינען, ווי די יונגע מאַטראָנעסע האָט פאַרלאַנגט. ביי מיר אין די אויגן האָט זי געהאַט געגוג רייץ : אין אַזאַ ענגשאַפט, אין אַזאַ געדראַנג פון אַלערליי

משפחות, איז שוין גענוג, אַז זי איז רייך געקליידט, אַפילו אויסגעפּוצט. זי איז זאַט, ריין־אויסגעוואַשן און איר וואָרט איז אַלע מאָל באַפעלעריש, צו ווען זי זאָל זיך נישט אָפּרופן. אַפילו פאָטער און מוטער זענען איר געווען געהאָרכזאַם.

געווען נאָך אַן אַלטער פאָטער אין איינער אַ משפחה, וואָס איז געווען גענוג בלייך און געפאַסט תעניתים. ביי נאַכט, ווען אַלע כמעט שלאָפן, פלעג אים דאָס ווייב שטילערהייט עפּעס אונטערשטופן, ער זאָל וויפל נישט איז שטילן דעם הונגער, ווייל ביי טאָג פלעגן אים די שנור און די אייניקלעך האַלטן פון דער ווייטן און ער האָט עס אַלץ איבערגעטראָגן. ס׳איז געווען אַ צער אויף אים צו קוקן, נאָר נישט דאָ איז דאָס פּלאַץ פון מישן זיך. קוק און שווייג און פאַרשטיי, וואָס סע לאָזט זיך. צווישן זיך פלעגן מיר אַ מאָל אויפן ווונק אויסטייטשן אַ פרעמדע עוולה און שוין.

נאַגאַרניעס פאַמיליע איז געווען אַ ווילע, אַ מיטעלע. ס׳איז געווען אַ פרוי פון אַ יאָר 28, איינפאַך, ריין אַרום זיך.ביידע קינדערלעך — אַ מיידעלע און אַ יינגעלע — אויך ריין, צוגעזען און ווויל דערצויגן.

אין אונדזער וואַגאָן איז וויניציק געווען אַנגעזען אַ יונגע, ווייט נישט קיין פאַרמעגלעכע, פּשוטע, כמעט פּויעריש־געקליידטע פרוי מיט אַ מיידעלע, וואָס איז אַלט געווען הלוואי זעקס יאָר. דאָס מיידעלע האָט מיר צוגעטראָפן מיט איר לעבנס־פילאָסאָפיע. די מעשׂה איז דערפון אַזוי געווען. מיר וועלן באַלד קומען צו דעם.

### זיי ווילן פלייש? זיי קענען גיין אין יאַטקע...

דער „וועגעטאַריער" אין מיר האָט דאָ נישט איין מאָל געכאַפּט אין משך פונעם וועג שטאַרקע און אַכזריותדיקע קלעפּ.

געפאָרן זענען מיר צעקראָכן: מיר פאָרן אָפּ אַ זיבן־אַכט קילאָמעטער און מיר שטייען אָפּ אויף אַ זייטיקער קאָליע דריי־פיר שעה, אַ מאָל אַ האַלבן טאָג. אַ מאָל פאָרן מיר נישט אָפּ פון אָרט אַ גאַנצע נאַכט. דער עולם איז זיך גוט געשלאָפן און גאַנץ פרי, ווען מע הייבט זיך אָן גרייטן צום אויפשטיין, איז מען ביי זיך זיכער, אַז מע איז אָפּגעפאָרן צוויי־דריטהאַלבן הונדערט קילאָמעטער פאַר אַזאַ לאַנגער נאַכט. צום סוף דערזעען מיר פון דער ווייטנס די זעלבע געביידעס, וואָס נעכטן, די זעלבע שטיקער פאַרשמאָלצעוועטע קאָליעס. און דער קראַן מיטן געקאָכטן און קאַלטן וואַסער איז אויף דער זעלבער שטרעקע און אין דער זעלבער ריכטונג, ווי נעכטן פאַר נאַכט.

מענטשן באַזאָרגן זיך מיט שפּייז פאַר זייערע פאַמיליעס. מע צעלייגט אַ פייער נישט ווייט פון וואַגאָן, מע קאָכט אין אַ טשוהונענעם טאָפּ יעדערער, וואָס גאָט האָט אים געגעבן. ווער ס׳שיילט אַ קאַרטאָפל, ווער ס׳פאַרשיט אַ ביסל גרויפּן, ביי וועמען ס׳שמעקט אַ גוטער געבראָטנס. ביים קאָכן איילט מען זיך מערסטנס, טאָמער טוט

דער דאַמפּער אַ פּייף, כאַפּט מען דעם זודיקן טשוהון, מע כאַפּט די הייסע פּאַררוי־כערטע ציגל, וואָס נוצן צום אונטערשטעלן און מע יאָגט איבער איינס דעם צווייטן, כּדי גיכער זיך אַרויפכאַפּן אויף די טרעפּלעך.

ביי אַזעלכע אָפּשטעלן פלעגן, ווו מאַנצבילן ווו פרויען, זיך אַ לאָז טאָן אין אַ נאָענטן דערפל און קומען פון דאָרטן אין אַ פּאָר שעה אַרום יעדערער מיט זיינע מציאות. אַפילו מיר האָבן איין מאָל אויסגעביטן אַ „קרוזשאָק" שמאַלץ, וואָס איז געווען שוואַרץ ווי די ערד. אָבער דאָך איז עס געווען שמאַלץ און מען האָט געקענט צופרעגלען אַ ציבעלקע צום זופ, וואָס מיר האָבן אויך געקאָכט אין אַ טשוהונענעם טאָפּ. דעם טאָפּ האָבן מיר שוין געקויפט אין וועג און אים אָפּגעהיט, ווי אַן אוצר. אין וועג האָבן זיך אָפּט געמאַכט לעבן אַן אייזנבאַן־קלייטל בײַוועלעך, גומענע בענדלעך, זאָקנבענדלעך — האָבן מיר געקויפט. פון די פּעקלעך האָבן מיר אַרויס־באַקומען אַ פּאָר שטיקלעך וויסן וועשצייג, און אין די דערפער איז עס געווען אַ גאַנגבאַרע סחורה. איין מאָל האָבן מיר זיך אַפילו אומגעקערט פון דערפל מיט אַ שטיקל חזיר־שפּעק פון אַ 800 גראַם. ווערדליק אונדזערע מעגלעכקייטן און אונדזערע השגות, איז דאָס געווען אַ גרויס איינקומעניש. אמת, דאָס האַרץ איז אונדז אַרויסגעפאַלן אי דאָרטן, אי אויף צוריק וועגס (און אַ מאָל פלעגן מיר זיך צוואַנציק מאָל אומקוקן ביים אַרויסגיין), טאָמער גייט אַוועק אונדזער „תיבה" (נוחס קאַסטן, אין וועלכן מע האָט זיך געראַטעוועט פונעם מבול). ווען זי פאָרט אַוועק, איז עס, אויב מע קלערט זיך גוט אַריין, אויך נישט פון די גרויסע סכנות, ווייל אין אַכט און צען קילאָמעטער אַרום איז זי ווייטער געשטאַנען, און זייער לאַנג געשטאַנען. אָבער פאַר אַזעלכע גיבורים, ווי מיר זענען, איז עס אַלע מאָל געווען אַ ריזיקע מיט מורא און מיט אַרויסגעפאַלענעם געזונט. אַז מע דערלעבט קומען און מע דערזעט, אַז דאָס איז טאַקע אונדזער באַן, מיט אונדזערע מענטשן, און אָט זענען טאַקע ביילקע מיט לייבעלען (ווען לעם וואַגאָן און ווען, פשוט, אויפן געלעגער אונטער דער סאַמע סטעליע) — איז צו אונדזער גליק קיין שיעור נישט געווען.

איין מאָל האָט מען געטיילט שפּעטלעך אין אָוונט וויס ברויט. אמת ווייסן, פּוכיקן, פרישן, געשמאַקן אויף יעדער משפּחה אַזאַ און אַזאַ חלק. און לייבעלע איז שוין געשלאָפן. וואָס טאָן? אים אויפוועקן ער זאָל מיט אַלעמען באַגלייך זיך דער־פרייען און אַ צאַפּל טאָן איבער אַזאַ זעלטענער נאַשערייַ, צי מיר זאָלן אים לאָזן שלאָפן? אויב אַזוי זאָלן מיר אפשר אויך אין דרייען איבערלאָזן אונדזער חלק ביז אין דער פרי? צי זאָלן מיר אונדזערע חלקים אויפשלינגען און זיינעם איבערלאָזן?

אונדזער אונטערנעמערישקייט איז געווען ביז פאַרשעמטקייט אַ מיזערנע, אַ דריבנע, אַ נישטיקע אַנטקעגן די סאַמע אָרעמסטע מיטפאָרער אונדזערע. אָבער דאָס פאָלק זאָגט דאָך: גאָט גיט די קעלט נאָך די קליידער נאָך... טאָ זאָלט איר טאַקע וויסן, אַז מיר האָבן נישט געהונגערט. מעגלעך, אַז די קינדער אונדזערע האָבן

געשלונגען די סלינע, ווען ביי די שכנים פלעג מען פונאַנדערבינדן די שמאַטקעלעך פון דער קיילעכדיקער ליפּ פון אַ גרויסן טאָפּ און מע פלעגט גאַנצע לעפל נעמען פון דאָרט לויטער־אויסגעפּרעגלט שמאַלץ, וואָס האָט געהאַט דעם אויסזען פון ווייסע הירזשעלעך. אַז מע פלעגט צעבינדן אַ גלעזערנע באַנקע האָניק, איז דאָס אַוודאי פאַר די קינדער געווען שווער צוקוקן. אָבער אין תּוך פלעגן מיר אויך עסן אַ ביסל וואַרעם געקעכץ. מיר פלעגן אויך נעמען שטיקלעך צוקער צום ברויט פונעם פּאַיאָק, וואָס מע האָט עטלעכע מאָל געטיילט. און אַ מאָל האָט זיך אונדז אַפילו אָנגעקומען אַ פּאָר הונדערט גראַם פּוטער. מיר האָבן געשמירט עס ווייניק, נישט אָפט, אָבער דאָס איז געווען אמתע פּוטער. ס'איז אונדז געווען סטראַשנע דער מאָרגנדיקער טאָג, נאָר אין דער אונטערשטער שורה האָבן מיר מיט אונדזערע קינדער נישט געהונגערט.

ווי ווייט מעגלעך האָבן מיר אונדזער מאַנגל און געענגטקייט אויסבאַהאַלטן און נישט שטאַרק אַפּישירט פאַר לייטן, אַזוי אַז אונדזער ווירדע איז כּמעט נישט געווען געמינערט. ווען־נישט־ווען פלעג זיך אויף די דויערנדיקע אינטערוואַלן אָפּרופן צו אונדז אונדזער ווילטוערין זאַקליאַפּענקאָ. איך פלעג מיט איר רעדן ווי מיט אַ גלייכן, געפרעגט, אין וועלכן קלאַס איר 15־יאָריקער זון לערנט, צו וואָס ער האָט גוסט און וווהין קלערט ער גיין, ווען ער וועט ענדיקן די שול. עס וואָלט געווען גוט, אויב מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה, אַז אונדזער באַקענטשאַפט זאָל נישט איבער־געריסן ווערן. אונדז וועט זי קענען געפינען אין קיִעוו דורכן שרייבער־פאַראיין.

ווי ווייט דער דאָזיקער טרוים איז פון אונדז, איז גאָר נישט שייך צו רעדן. די מלחמה איבערלעבן... ווי, ווי ווייט ס'איז אַפילו יעדע מינדסטע אָנצוהערעניש! דיווירקלעכקייט איז דערווייל די פאַרשטיקטע לופט אינעם פאָרנדיקן וואַגאָן. דער דרויסן, ווען מיר שטייען לעם יעדער פּאָלוסטאַנאָק, ווו נאָענט, ווו ווייט פונעם קראַן; ווו מיר זענען אויסגעמישט צווישן אַנדערע עשאַלאָנען, צווישן טאָווארניאַקעס און איך מיט דבורהלען האָבן מורא מיר זאָלן נישט פאַרבלאָנדזשעט ווערן צווישן די באַנען, וואָס זענען ענלעך איינס אויפן צווייטן; באַנען, דרויסנס פאַרנאַכטיקע, בייטאָגיקע, אינדערפריִיקע; מסחר מיט שפּייַז, באַקומען און פאַרטיילן „פּאַיאָקעס"; די ריי צום אויוועלע, די ריי צום קלאָזעט — אָט דאָס איז אונדזער ווירקלעכקייט.

איין מאָל האָט מען מיך אויך אַריינגעשטעלט צווישן די, וואָס גייען ברענגען ברויט. ס'איז געווען אַרום ניין אין אָוונט. מען האָט אונדז געגעבן יעדן באַזונדער אַ ליידיקן זאַק און אַלעמען צוזאַמען — איינעם אַן עלטסטן. דער עלטסטער ווייסט, ווו צו גיין, וויפל צו נעמען. מיר זענען נאָר די שלעפּקראַפט.

אין אָוונט זע איך זייער שלעכט. אַפילו, ווען מע נעמט מיך צו דער מלחמה, וואָלט דאָס שלעכטזען ביי נאַכט געווען פאַר מיר דאָס ערגסטע. נאָר דאָ איז דאָך עס אַ געלעכטער. מיר זענען אין הינטערלאַנד. איך גיי מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע,

כאָטש די מענטשן פון די נאָענטסטע וואַגאָנען זענען מיר נישט באַקענט. איז דאָך עס אַ קלייניקייט. ווייטער גייען מיר אויפן גרייטן. אַזוי איז עס. נאָר פאַר מיר, אין מיין פּרט, איז עס געווען נישט אַזוי איינפאַך: אָוונט איז, פינצטער איז, ווייט איז עס, נאַסלעך איז. די רעלסן טשעפּען זיך פאַר די פיס. פון וואַנען האָבן זיי זיך אַהער אַזוי פיל גענומען? אָט פאַרשטעלט אונדז דעם וועג אַ פרעמדער באַן. איך זאָל זיך כאָטש נישט פאַרלירן פון די איבעריקע. זיך אָנהאַלטן ביי אַן אומבאַקענטן פאַרן אַרבל, וועט מען דאָך אויף מיר קוקן, ווי אויף אַ דולן, ווי אויף אַזאַ, וואָס טויג נישט אַ קאַץ אַן עק פאַרבינדן.

ביז גאָט האָט געהאָלפן, מיר זענען געקומען צו אַ יישוב: ווענט, הייפלעך, געדעקטע הייזער, קליינע פענצטער, וואָס לייכטן זיך צו ביסלעך. און שטעלט זיך פאָר, אַז מיר זענען שוין אין אַ פינצטערלעך קוים באַלויכטענער פּאָדערשטוב. דער עלטסטער האָט געפונען מענטשן. ער טענהט, דינגט זיך, שרייבט עפּעס אונטער. מע לייגט ברויט אויף דער וואָג. אַז מע וועגט אַ סך לעבלעך ברויט, וואָס דו און דיינע גלייכן וועלן פאַרנעמען מיט זיך, איז גאָר די זשעדנעקייט ערגעץ אין גאַנצן אויסגערונען.

— גיב אַהער, גיב דאָ, שטעל אָן דעם זאַק. גענוג? מע קען נאָך?...

פּריש ברויט. ס'שמעקט אַפילו צו זאַט און מע קען שוין גיין.

אין דרויסן איז די פינצטערניש נאָך געדיכטער. ווי נייטיק איך וואָלט דאַרפן אָפּרעדן מיט אַ גוט־זעעוודיקן ער זאָל מיך האַלטן אין אויג, ער זאָל פון מיר ווייט נישט אַוועקגיין.

קיינער פון די גייענדיקע קען מיך נישט און ביי מיר איז געפּועלט, אַז ס'קענען מיך אַלע, און מיין חרפּה וועט אַנטפּלעקט ווערן פאַר איטלעכן, אַז אַפילו „אַ קאַץ אַן עק קען עס נישט פאַרבינדן!"... ביז מיר האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון הייף, האָב איך זיך נאָך פאַרטשעפּעט אין אַ פּלויט. איך וויל צום טויערל... ווו זענען אַלע מענטשן? אָט גייען עפּעס מענטשן. צי זענען עס כאָטש מיינע מענטשן, אָדער איך וועל זיך אָנטשעפּען אין אַנדערע? אויסער דעם פאַרבלאָנדזשען, וועט מען נאָך זאָגן, אַז איך האָב געוואָלט ערגעץ פאַרטראָגן קהלשן ברויט. טאָמער וועט ערגעץ ביי עמעצן נישט סטייען, ווער וועט זיין שולדיק? איך זאָל כאָטש זיין אַן אייגענער, זיך אָנגעהערן צו די אייזנבאַנער, און דאָ האָב איך זיך אויף זיי אויסגעריסן, ווער ווייסט גאָר פון וואַנען!

דער שווערער זאַק האָט זיך היפּש אַראָפּגערוקט. אין האַנט האָב איך נאָר אַ קליינעם שטיקל טשוב. און ס'איז נישט שיין אויסצוזאָגן. דאָס ברויט באַקט מיר אין רוקן און נידעריקער פונעם רוקן. איין ברויטל איז וואַרעם, צוויי — זענען גוט וואַרעם, אַ סך לעבלעך — זענען הייס און אַפילו שטאַרק הייס און ס'בריט דיך דאָרטן פון יענער זייט נישט צום דערהאַלטן. אַראָפּלאָזן דאָס זעקל, זיך אָפּקילן

אַ רגע, ווען די פּאָדערשטע אַוועקגיין... נו, יאָ, מער פעלט מיר נישט! קיפּניסל, דו ביסט מיר שוין אויך אַ פּאַרשוין — אָדם אַ מענטש, קאַטשקע רוק זיך!... און גלויבן זאָלט איר מיר, אַז איך בין גאָרנישט אַזאַ מלמד. איך האָב ביי דרייצן יאָר געשלעפּט נאָסילקעס אין האַרבאַרניע, איבערגעוואָרפן נאַסע, שווערע פעל פון דער זאַלע, געטיסעווועט, געבאַקעוועט, געטראָגן צעבערס, געזעגט האָלץ, אין די גרויסע פּרעסט געגאַנגען איבערן הויף אָן אַ רעקל און מיט פּאַרקאַטשעטע אַרבל. אַז איך האָב עפּעס געטאָן, איז ביי מיר נישט געפאַלן פון די הענט... וואָס זשע טוט זיך עס איצט מיט מיר, הייב איך נישט אָן צו פּאַרשטיין... די פרעמדע סביבה, די שלעכטע ראיה, באַזונדערס דער ביינאַכט און איך זע כמעט גאָרנישט. טאָמער פּאַרליר איך זיך מיטן קהלשן ברויט, וועל איך אַליין זאָגן, אַז ס'קומט מיך שיסן, הענגען, טרינקען, צערייסן אויף שטיקער. און אַלס צוגאָב — דער שווערער זאַק! לייטן האָבן גענומען ווינציקער, און מיר האָט זיך פון אָנהייב געדאַכט, אַז ס'נישט שווער. איך בין געוווינט נישט דערשראָקן ווערן פאַר אַ שווערן פּעקל. איז גיי טענה, צו וועמען וועסטו טענהן? מיר טראָגן דאָך ברויט פאַר אונדזערע משפחות וועגן. ס'איז דאָך אַ מתנה פון זיין ליבן נאָמען! און נאָך פריש ברויט, ערשט פון אויוון, איז דיר נאָך שלעכט, ס'באַקט דיר גאָר, ס'בראָט דיך אַ לעבעדיקן?!... נו, מילא!

און אָט האָבן מיר שוין ווייטער רעלסן אונטער די פיס. דו פאַרטשעפּעסט זיך, גיי געהיט, גיי פּאַמעלעכן. און אָט איז ווייטער אַ באַן, וואָס פאַרשטעלט דיר דעם וועג. אַ באַן איז דאָך גוט, וועט שוין באַלד זיין אונדזערער. אָט זענען די איינריכ־טונגען מיט שטיקלעך געביידעס פון אונדזער סטאַנציע. ווי אַזוי הייסט זי? וואָס מאַכט עס דיר אויס? זיי האָבן דאָך יתרוס נעמען... גיי, גיי, אָן־אַ וועסטו איינלאָזן דעם לעצטן קאָמפּאַניאָן, וועט דיר בלייבן איינחזרן דעם אַדרעס... נו, ווי אַזוי איז דיין אַדרעס? „דער עשאַלאָן פון די דניעפּראָפּעטראָווסקער אייזנבאַנער" — וועסטו זאָגן...

איך בין שוין צוריק אויף דער וועלט! איבערגעגעבן די משׂא, צוגעציילט דאָס ברויט, איך געפין מיין וואַגאָן, דערזע מיינע לייט. זיי דערפרייען זיך מיט מיר. דבורהל פרעגט צי איך האָב אָפּגעבראָכן אַ שטיקל ברויט און אַריינגעלייגט אין קעשענע אַריין.

— מע מעג דען? — פרעג איך אַ פאַרוווּנדערטער.

לאָכט זי פון מיר, אויב נישט פון קהלשן, האָט מען דאָך געקענט אין בעקעריי אָפּברעכן אָן אָקרייעץ ברויט. דאָרט לייגט מען אויף אַזעלכעס נישט קיין אַכט...

— און ווען וועט מע טיילן דאָס ברויט?

ריכטיק! אַזאַ פּראָסטע זאַך נישט וויסן: ווען וועט מען טיילן דאָס ברויט? וואָרעמערהייט, צי מען וועט עס אָפּלייגן אויף אין דער פרי?... נאָך גוט, וואָס איך בין נישט קיין עלטסטער אויפן טיילן. בעסער זיין אַ טרעגער, העלפן ברענגען.

(אַז מ׳וועט דאַרפֿן, וועל איך ווייטער גיין). נאָר ביי גאָט וועל איך בעטן, ס׳זאָל אויסקומען ביי טאָג, וועל איך זיך אָנזען מיט פרעמדע ערטער און מיט פרעמדע מענטשן. אויף גאָטס וועלט ווילט זיך קוקן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יונגע לייט פלעגן קויפן אויף אַ סטאַנציע אַ זייט פלייש און צעטיילן צווישן זיך, אָדער צונעמען נאָך אַ פּאָר שותּפים.

איין מאָל האָט מען זיך צונויפגעלייגט און געקויפט אַ לעבעדיקן באַראַן. מען איז אים גלייך אַוועקגעגאַנגען קוילן. ס׳רעדט זיך אַזוי אַוועקגעגאַנגען. מען האָט ווייט נישט באַדאַרפט גיין, צום עק עשאַלאָן, אַפילו נישט אָפּגעטראָטן פון וואַגאָן. ס׳האָבן זיך אָנגעקליבן אַ סך בעלנים אויף קוקן, אויף געבן עצות. קינדער זענען זיך צונויפגעלאָפן פון אַלע זייטן. אַ קיכמעסער האָט מען געקראָגן, אויב נישט קיין שאַרפן — איז נישט קיין שאַרפן! מען האָט אַנידערגעלייגט דעם באַראַן, זיך אָנגעלייגט אויף אים מיט אַ קני און גענומען פירגען מיטן טעמפּן מעסער הין און צוריק איבערן האַלדז. דער באַראַן האָט געהאַלטן אָפן די אויגן, גיכער דאָס אויג, וואָס מען האָט געזען פון דער אויבערשטער זייט... שטומער צער פון אויפנעמען דעם פּיין, די ליידן פונעם שווערן טויט אומדערוואַרטערהייט. וויפל מאָל אין טאָג זאָגן מיר ביים דאַוונען „כצאן לשאל שתו״, „כצאן לטבח יובל״. אָט קוק און זע עס צו מיט דיינע אייגענע אויגן: ס׳איז צו אים געקומען דער טויט, איז ער אומגליקלעך און... פאַרפאַלן, מער גאָרנישט. דאָס אויג קוקט דאָס לעצטע מאָל פול מיט אומענדלעכן צער און פּיין. וואָס בעט עס זיך ביים קוילער? „האָב רחמנות״, גיכער שעכט, די ווייטיקן זאָלן זיך ענדיקן. אַזוי זעגנט מען זיך מיטן טייערסטן — מיטן ביסעלע לעבן... און אויך מיר ייִדן ווערן געטריבן אונטערן חלף מחנותוויז... מיר זעגענען זיך מיטן קאַפּעלע לעבן, ווי דער דאָזיקער שעפּס. אָט גיסט זיך שוין דאָס בלוט און דאָס אויג איז נאָך אָפן ביים לעצטן זשיפּע טאָן, ביים פאַרכלינען זיך מיטן אייגענעם בלוט... איך בין געשטאַנען נישט גאָר נאָענט. איך האָב געזען נישט קיין סך, נאָר געוואָלט זען ווינציקער. כאָטש מען מוז אַ מאָל: אַנטלויפן איז עפּעס נישט רעכט.

דער יאַריד האָט זיך געענדיקט. מע האָט דעם שעפּס אָפּגעשונדן, צעהאַקט, צעטיילט. וועגן איניקע טיילן איז געגאַנגען אַ רייד: די נאַסע פרישע פעל מיטנעמען אויסטריקענען, צי באַגראָבן צוזאַמען מיטן פאַרבלוטיקטן ביסל גראָז? די וואַרעמע גליטשיקע געדערעם ריין מאַכן, שאָבן, צי אויך באַגראָבן? אָן־אָ האָבן זיך צוגעשטעלט אַ פּאָר הינט. מיט וואָס זענען זיי ערגער פון אונדז? זיי קומט אויך עפּעס אַ חלק. אמת, זיי זענען אין אַ בעסערער לאַגע, ווי מיר. זייער הויף שטייט אויף אַן אָרט, זייערע באַלעבאַטים זענען אין דער היים, און מיר ווינען אין שטייגן אויף רעדער. די שטייגן אָט פאָרן זיי, אָט לאַנגווייליקן זיי זיך אויף די זייטיקע קאָליעס. נאָר סיי ווי, ווי ווינציק מיר זאָלן נישט פאָרן, זענען מיר אַלץ ווייטער און אָפּגע־

ריסענער פון דער היים. און די דאָזיקע כּלבימלעך, זיי זענען פעסט מיט זייער היים, מיט זייער הויף.

איין מאָל האָבן מיטרייזנדע (אייגנטלעך, בין איך זייער „מיטרייזנדער״, נאָר ס׳רעדט זיך אַזוי), געקויפט אַ גוטע, שיינע טעליטשקע פון אַ יאָר אַנדערהאַלבן און מען איז אַוועקגעגאַנגען זי קוילען, פאַרוואַנדלען זי אין אַ שפּייזפּראָדוקט. האָט דאָס מיידעלע פון יענער פּראָסטער יונגלעכער מוטער, וואָס זעט אויס נישט מער פון אַ יאָר זעקס און איז לעבעדיק, געשייט און באַרעדעוודיק, געהאַלטן אין איין שטשעבעטשען און עפּעס קלוג איינגעטענהט וועגן דער געקוילעטער טעליטשקע:

— אויף וואָס דאַרפן זיי הרגענען אַזאַ לעבעדיקע טעליטשקע? זיי ווילן וואַרמעס? זאָלן זיי גיין אין יאַטקע, וועלן זיי קויפן פלייש!...

איך גיי צום אַרויסגאַנג. זע איך, ווי זי צעלייגט עפּעס רויטע שמאַטקעלעך אַזעלכע און איך הער, ווי זי דערזינגט ווידער איר פּראָזע: „...קענען זיי דאָך גיין אין מאַרק און קויפן פלייש!״ דעם קינד האָט זיך, ווייזט אויס, גוט איינגעבאַקן אין האַרצן דאָס אַנזען, ווי אַזוי אַ הייפל גיריקע פאַרשוינען האָבן זיך אַנגעוואַלגערט אויף אַ יונג בילדשיין טעליטשקעלע און מען האָט ביי דעם מיט שווערקייטן, איבערגוואַלד, אַרויסגעריסן דאָס שטאַרקע איינגעשפּאַרטע לעבן. ביים קינד האָט געריסן דאָס האַרץ און ס׳האָט מיט ריינסטן פאַרשטאַנד די גאַנצע צייט געקעמפט קעגן דעם, כאָטש עלטערע זענען ביי איר אין די אויגן קלוג, עלטערע ווייסן, וואָס זיי האָבן צו טאָן. נאָר דאָ האָבן זיי בפירוש געטאָן זייער אַ קרומע זאַך. קרום פאַרן געוויסן, קרום פאַרן פאַרשטאַנד. „צו וואָס האָבן זיי געדאַרפט הרגענען דאָס טעליטשקעלע? זיי ווילן וואַרמעס, טאָ זאָלן זיי גיין אין יאַטקע און קויפן פלייש!...״

דעם קינדס רייד קלינגען מיר אין די אויערן. איך, דער אַלטער וועגעטאַריער, בין ווייט פון איר שׂכל נאָך נישט אַוועק אַפילו ביים 45־יאָריקן עלטער. און וויל גאָר נישט אַוועק פון איר ווייט, כאָטש דאָס קינד איז געבענטשט מיט קינדעריש חנעוודיקער תּמימותדיקייט: זי גלויבט דאָך מיט אַן אמת, אַז דער באַזיצער פון דער יאַטקע דאַרף נישט אָנקומען צו אַזאַ מיאוס שטיקל אַרבעט, ווי קוילען און שינדן שיינינקע טעליטשקעס...

## עוולות און אָרנטלעכקייט

קאַלט, ס׳איז קאַלט אין וואַגאָן. ס׳איז וואָכקע אין דרויסן. אָפּט לאָזן זיך אַרויס אונדזערע פאַרשוינען, מערסטנס ווייבער און קינדער, אויף „פּאַנג״: נישט ווייט שטייען פעלדער מיט נישט קיין אָפּגעשניטענע זונרויזן. זיי זענען שוין קויטיק און צוגעפוילט. טרוכקע קעפּ. אַ מאָל ברעכן זיי זיך אָפּ גאַנצע, אַ מאָל צעפּאַלן זיי זיך אין די הענט. און אַלע טראָגן צו זיך אין די וואַגאָנען אַריין זאַקרויב. מע שיילט

אָן קערלעך. די קערלעך וועלן מיר עסן רויע און מען קען זיי אַ טריקן טאָן אויפֿן אויוועלע (אין די זעלטענע שעהן, ווען דאָס אויוועלע איז פּריי) אויף אַ סקאָווערדע. אַ סקאָווערדע איז דאָ אַן אייגענע, אָדער מען באָרגט ביי די שכנים. איבער די וואַגאָנען איז אַ מיסט פֿון די איבערגעדראָשענע זונרויזן. איינווייניקער פֿון די נאָענטע דערפֿער און סטאַנציעס האָבן אַפֿילו אַזוי ווי אין גוטן מוט זיך געקלאָגט פֿאַר אונדז, אַז די עשאַלאָנען עוואַקויִרטע לאָזן נאָך זיך פֿון ביידע זייטן קאָליעס אויף שטרעקעס פֿון ווייטע ווערסטן אַ פֿאַרדאָסטן שפּור. הונדערטער דורכפֿאָרנדיקע מענטשן! אומעטום, ווו זייער עשאַלאָן בלייבט שטיין אויף אַ ווײַלע, שיטן זיי זיך אויס פֿון ביידע זייטן וואַגאָנעס און מע באַדעקט דעם וועג מיט קויט, מיט השתּנה, מיט אָפּפֿאַל, מיט מענטשנמיסט. ס׳איז אַ גרויסע אומריינקייט. סע קערט אויף ברעכן.

מיר זענען נישט אין גאַנצן ריין פֿון שולד. אַ געוויסע הפֿקרות שאַפֿט זיך אין דער נאַטור, אינעם אַרט לעבן. אָט־אָ זענען מיר אַלע אייזנבאַנער. און מיר אַליין פֿאַרנעמען זיך מיט אויסגעשפּראָכענער שעדיקעריי. מיר שמעקן אָן אויפֿן וועג, ווו מיר שטייען, שילדן פֿון צונויפֿגעשלאָגענע דינע ברעטלעך — „שטשיטן“, (שילדן) וועלכע די אייזנבאַן־אַרבעטער שטעלן אויס ווינטערצייט, בעת די זאַווייען מיט די זאַווערוכעס, אין אַ לאַנגן פּלויט, כּדי די שנייען זאָלן נישט פֿאַרשיטן די קאָליעס, דער באַן זאָל גיין אָן אַן איבערשלאָג. און מיר זענען אַלע אייזנבאַנער, אויסער דעם, וואָס מיר דאַרפֿן זיין מענטשן ביי יעדער מינדסטער מעגלעכקייט. אָבער אַז אונדזער וואַגאָן דערזעט, ווי אַנדערע וואַגאָנעס טראָגן שוין „שטשיטן“ צום באַהייצן, ווער גאַנצע, ווער אָנגעטראָשטשעטע אויף ברעטלעך און שפּענדלעך, לויפֿן מיר שוין אויך. מיר לויפֿן אין פֿעלד, מיר טרייסלען אָפּ די „שטשיטן“ פֿונעם שניי, מיר טרעטן אָן מיטן פֿוס און שעדיקן מיט אימפּעט — וואָס מער אָנטרעשטשען, וואָס גיכער אָפּטראָגן „אַהיים“. מע קוועלט, מע באַרימט זיך מיטן געראָטענעם „פֿאַנג“. אַ סך ברעטלעך לייגט מען ביי זיך אונטער די נאַרעס. הייצן דאַרף מען דאָך נישט נאָר דאָס אויוועלע, מען קאָכט נאָך אויך אין די טשוהונענע טעפּביים זייט וואַגאָן אויף קונציק אויסגעלייגטע שטיקלעך ציגל און אייזנדלעך. מע לערנט זיך אויס, מע פּאַסט זיך צו, איינער — מער, איינער — ווינציקער. די פּראַקטיק גיט זיך איבער פֿון די מער פֿעיִקע צו די ווינציקער געראָטענע. דאַרף מען באַהייצונג צום דרויסן אויך. „בעדאַ נאַוטשיט“* (די נויט לערנט) — אַזוי זאָגט דאָס שפּריכוואָרט.

ביי אונדז זענען, דוכט זיך, געווען מערער ברעטלעך אונטער די נאַרעס און ס׳איז געוואָרן ווינציקער. צי דען שלעפּט עמעצער פֿאַרטיק־צוגעגרייטע? קען מען דאָך לייען, אָדער כאָטש אַ פֿרעג טאָן?! נאָר אַלע מאָל פֿועלן מיר ביי זיך אין האַרצן, אַז מיר זענען דאָ איינגעבעטענע. און אויב ס׳איז דאָ אַ פֿאַרדראָס, אַפֿילו

* „Беда научит“.

נישט קיין אויסגעדוכטער, איז בעסער אים ביטער אַראָפּשלינגען, נישט אַרויסגעזעדטערהייט. און די שעדיקעריי — פון ברעכן „שטשיטן" (אַ מאָל פּאַקט מען זיך אויך און מע נעמט אָפּ, מען זידלט אָן. קומט מען צוריק ווי פאַרשעמט, אי מיט ליידיקן. קומען מיט גאָרנישט איז אויך אַן „עוולה", דאָס הייסט, אַז ווילנדיק נישט־ווילנדיק וועסטו שוין זיין עמעצנס אַן איזשדעווענעץ). אָבער צי מעג מען זיך בכלל אַזוינס דערלויבן? ווערליק מיר זענען אַליין אייזנבאַנער, האָבן מיר דאָך די מעגלעכקייט אָרגאַניזירן פאַר זיך באַצאָלטע האָלץ, אַפילו צעהאַקטע, איין סטאַנציע איבער דריי, איינע — איבער פינעף. וואָס איז, הייזעריקן זענען מיר? איך ווייס ביי זיך אין האַרצן, אַז מיין טענה איז אַ גערעכטע. שטיל אויפן געלעגער, אָדער גייענדיק אין דאָרף עפּעס איינהאַנדלען, רעד איך עס איבער פאַר דבורהלען.

זי איז מיט מיר מסכּים. נאָר ווען איך בין מער פאַרשטאַנדיק, וואָלט איך דאַרפן ווייסן, אַז נויט ברעכט אייזן, אַז גערעכט זענען „אַלע" נישט „איינער", אַז זייער „עוולה" איז מן־הסתּם באַרעכטיקטער פון מיין צעקראָכענער „אָרנטלעכקייט".

אויך צו דער דאָזיקער שיטה האָב איך זיך אַליין דערקלערט. אויך זי האָט מען געמוזט מיט גוואַלד אַראָפּשלינגען. אָבער טאַקע נאָר איבער געוואַלד. וואָס מע טאָר נישט — טאָר מען נישט, און וואָס מע קען אויסמיידן — דאַרף מען אויסמיידן...

## זאַקרויב

דער וועג האָט זיך שוין פיין אויסגעצויגן. די קעלטן זענען געוואָרן גרעסער. מיר זענען נישט געוווינט צו אַזאַ ענגשאַפט און די אומריינקייט וואַקסט און מערט זיך. די רגעס זענען שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וואָכן, און די וואָכן ציִען זיך אויס אין יאָרן. אין חומש שרייבט זיך, אַז „עלעף טעג וועג האָבן זיי געהאַט, און געגאַנגען איז מען פערציק יאָר". מיר האָבן אַפילו קיין איין מאָל נישט אַ חשבון געטאָן, אַז די וואַגאָנעס, די רעדער, דער לאָקאָמאָטיוו, ווי אויך דער מאַשיניסט, זענען אַלע נאַטירלעכע, געוויינלעכע. ווען מיר פאָרן, ווי אַ באַן דאַרף פאָרן, וואָלטן מיר פאַר דריי מעת־לעת, נו, פאַר פינעף, געווען דאָרט, וווּהין מיר קלייבן זיך. איצט איז שוין באַלד אַ חודש און מיר האַלטן נאָך נישט ביי קיין אָנהייב.

איך האָב איבערגעחזרט אַ געדאַנק, וואָס האָט מיך אַפילו פאַרדראָסן — סטייטש, טאָמער איז עס אַ רכילות! — וואָרעם חוץ גרענעצלאָזער דאַנקבאַרקייט קען איך קיין זאַך נישט פילן צו די אייזנבאַנער. זיי זענען מיר אַלע אומבאַקאַנטע, נאָר אַלע ביז איינעם — נאָענט. זיי ראַטעווען אונדז דאָס לעבן... נאָר איינער, אַ היגער טאַקע, האָט מיר אַ זאָג געטאָן, אַז דאָ באַגלייטן אונדז צענדליקער געזונטע און נאָך גאַנץ יונגע, לויט די יאָרן, מאַנצבילן און ס'גייט זיי נישט אָפּ מע זאָל זיך באַוועגן גיך.

פאַרקערט, וואָס מע ציט אָפּ מערער, וואָס מע האַלט זיך אין וועג לענגער, איז עס פאַר זיי וואָכן פון ריינעם געווינס. אַפילו ווען זיי גייען נישט אין מיליטער, נאָר זיי פירן חייל און פראַכט צום פראָנט, זענען זיי דורך דעם אויך כּסדר אונטער באָמבעס און אונטער קוילן. און דאָ קוילעט מען באַראַנעס, מע פרעגלט שמאַלץ, מע טרינקט זיסע טיי, מע איז לעבן די ווייבער מיט די קינדער און זיי האָבן אַ גוטע, אַ מילדע „פערעדישקע" (איבערגעכאַפּטן אָפּרו).

באַשולדיקן וויל איך זיי נישט, ס'שטייט זיי נאָך פאַר גענוג, נאָר מיר איז שוין נימאס דאָס שלעפּעניש.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט אונדז פאָרט אַ יידישע משפּחה. דער מאַן (אפשר איז ער אַ שמיד פון די אייזנבאַן־קוזניעס, נאָר ער איז ווינציק פאַרסאַזשנעט) — ליכטיקע האָר, אַ ליכטיקער, ווינציק אויסדריקלעכער בליק, אָרעם געקליידט און מאָנט גאָרנישט ביים אַרום. דאָס ווייבל האָט אַ ביסל לייב אויף זיך, נישקשה אויפן אויסזען, נאָר נישט זויבער אַרום זיך. רעדט, דערציילט, גיט אַ מאָל אַן עצה. צוויי מיידלעך ביי זיי פון זעכצן און פופצן יאָר, אָדער זעכצן און פערצן. דאָס עלטערע נישט מע זעט, נישט מע הערט. דאָס יינגערע — ווייט פון שיין. עפּעס אַ דין גרויסלעך נעזל, וואָס גיט נישט צו דעם יונגן פּנים קיין חן. נאָר אין די פאַרנאַכטן, ווען ס'ענדיקן זיך די טועכצן און סע ווערט גאַנץ לאַנגווייליק און אומעטיק אויפן האַרצן, דערהערט זיך אין דער טונקל אַ גוטע, מחיהדיקע שטים, וואָס גייט גלייך פון האַרצן. מיכליע הייסט זי, אָדער מאַרטע. דאָס זינגט זי אַזוי. רוסישע לידער, לידער פּאָפּולערע, לידער, וואָס חזרן זיך ביי איר איבער (אין איר רעפּעטואַר קען מען אָנציילן דריי אָדער פיר לידער, אויב אַ סך — איז פינעף). אפילו פריילעכע לידער אירע האָבן אין זיך אַ צעצויגנקייט, אַ פאַרבענקטע, און ס'צעגייט זיך אין אַלע אברים. אונדזער וואַגאָן מיט די דרייסאַכיקע נאַרעס, אונדזער באַפעלקערונג פון ביידע געשלעכטן — אַלטע, גאָר אַלטע, מיטליעריקע, קינדער און זויגקינדער, אַלע דריי שטאָקן ווערן צוגע־שטילט. מע הערט נאָר איר אויסגעצויגענע, אומגעצווונגענע, זיך גיסנדיקע אָפענע שטים, וואָס גייט פון דער טיף:

*) „А кто его знает, чего он моргает..."

און אַזוי ווייטער און ווייטער. אָדער די ווייסרוסישע ליד „זשיוויטיע באָגאָטאָ". איך בין זיכער, אַז מיר זענען איר אַלע דאַנקבאַר. מיר טיילן זי אויס און דאָך איז זי פון קיינעם נישט געקעכלט.

איך פּוץ זי אויס ביי זיך אין געדאַנק אין שענערן אָנטאָן. איך האַלט זי אין אַ שול פון געזאַנג, אין אַ קאָנסערוואַטאָריע. איך האָב זי שוין אַרומגעשטעלט מיט

* און ווער קען אים פאַרשטיין, וואָס איז דאָ זיין מיין...

לערער־מבינים, וואָס קאָכען זיך אין איר, וואָס היטן אָפּ און פלעגן זי: ס׳איז אַ כלי, ס׳נישט אַבי וואָס...

נאָר דיווירקלעכקייט טוט זיך אירס. איין מאָל, אין מיטן בייטאָג, איז זי געקומען צו לויפן מיט אַ גדולה: — „העי, אָט שטייט פון דער וויטנס אַ פּראַכטצוג. זי האָט דאָרטן אָנגעטאַפּט אַ וואַגאָן מיט ווייץ און מע קען שלעפּן צו ביסלעך ווייץ״.

— גיב אַהער עפּעס אַ טאָרבע, אָדער אַ שמאַטע!...

זי האָט זיך שוין געקערעוועט אַ פּאַרפּאַליעוועטע צווי מאָל. דבורהל קוקט צו ביילקען. ביילקע איז אויך גרייט אויף געיעג. אַפילו לייבעלע רופט זיך אויס, אַז ער וועט העלפן טראָגן.

אי מיר דאַרפן, אי מיר האָבן נישט קיין חשק צו אַזאַ מין אופן פון איינקומעניש, נאָר ביז מיר האָבן זיך געייִשובט, האָט ביילקע שוין אויך געבראַכט אַ פּעלענע מיט ווייץ. פון אַ צעריסענעם זאַק איינעם שלעפּט מען. דערווייל יאָגט זיך קיינער נישט נאָך זיי. אונדזער היישעריק איז שוין באַפּאַלן דעם וואַגאָן מיט ווייץ פון פאַרשיידענע זייטן. מע קען שיסן אויך פאַר אַזעלכע זאַכן. אַן אָנגעפּעלצטער מענטש מיט אַ ביקס שפּאַנט אַרום ערגעץ לעבן די ערשטע וואַגאָנעס...

וואָס וועט מען טאָן מיטן ווייץ? מע וועט עס קלאַפּן מיט אַ שטיין איבער אַ שטיין און מע וועט פּרווון קאָכן פון דעם קאַשע. ברויט איז דאָך עס געוויס. נאָר ווי אַזוי ברענגט מען עס צו אַ פאַרדייבאַרקייט? עצות הערן זיך פאַרשיידענע, און מיר זענען שוין „רייך״. האָבן מיר שוין, הייסט עס, עטלעכע קילאָגראַם ווייץ אויך. נישט קיין שלעכטער ווייץ. אַ פערד וואָלט זיך שוין מיט דעם אַן עצה געגעבן. און ברעטלעך פון צעבראָכענע שילדן, אַרויסגעריסענע פון אונטערן שניי, וואָס זענען על אפי ועל חמתי די גאַנצע צייט אין גאַנג, זענען אויך דאָ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביי נאַכט. מיר שטייען ווייטער ערגעץ נאָענט, אָדער ווייט פון אַ סטאַנציע. אין וואַגאָן פילט זיך אַן אויפלעבונג: גאָר נאָענט שטייט אַ לאָקאָמאָטיוו. אויפן טענדער זענען דאָ אַ סך קוילן. מען דאַרף נישט דורכלאָזן די געלעגנהייט. עס געדויערט נישט לאַנג און דער עולם טראָגט שוין קוילן. אויב די ברעטלעך זענען אַ פּריוואַטע זאַך (ווילסטו — גייסטו, ווילסטו נישט — וועסטו שלינגען די סלינע, ווען עמעצער וועט קאָכן), זענען די קוילן אַ קהלשע זאַך. שלאָפן קען איך נישט, נאָר איך בין גרייט זיך מאַכן, אַז איך שלאָף, אפשר וועט דורכגיין דער יאַריד. ס׳איז מיר אַ חרפּה זיך פאַרלאָזן אויף אַנדערע. ס׳איז מיר אַ ווייטיק און אַ מורא גיין גנבענען פון טענדער קוילן. אָבער עמעצער שלעפּט שוין מיך פאַר אַ פוס. יענער גלייבט טאַקע, אַז איך שלאָף.

— האַ, וואָס?

— קומט, מירן העלפֿן אָנטראָגן אַ ביסל קוילן.

מיר האָבן זיך אָנגעטאָן און זענען אַראָפּ מיט דבורהלען אין דער טונקעלער קעלט אַריין, אינעם נישט וויסן, ווו איז עס, וואָס איז עס. אָבער מענטשן וואַכע זענען שוין דאָ פֿאַראַן אַ סך. מע ווייזט אונדז וווּהין מיר דאַרפֿן גיין. און ס׳גליקט מיר. מע טרייבט מיך נישט אויפֿן טענדער, מע גיט מיר נאָר אַן עמער. איך דערלאַנג אַ ליידיקן, נעם צו — אַ פֿולן. דאָס איז מיין אַרבעט. גראַדע אויפֿן טענדער זענען אַרויפֿגעקראָכן אייניקע פּרויען — לעבעדיקע, ענערגישע — מיר זאָל זיין פֿאַר איך, ווייבעלעך ליבע, איר וועגט נישט און ציילט נישט וועמען ס׳איז בילכער צו קריכן אויפֿן אָפֿענעם „שלאַכטפֿעלד״. איך בין שוין גערן, וואָס מען האָט מיך נישט געלאָזט זינדיקן, שלינגען די חרפּה, און זיך מאַכן, אַז איך שלאָף. אַ האַלבע שעה, צום העכסטנס אַ שעה אַרבעט. אָפֿענע גנבה, גנבה אין וועלכער ס׳שטעקט מערער מורא, ווי בושה. די שטיקלעך קוילן שׂרפֿהן אין די הענט, קרישטשען אונטער די פֿיס, נאָר ס׳איז גוט. צי מען זעט און מע שווייגט אונדז, צי די, וואָס דאַרפֿן זען, זענען פֿאַרטאָן מיט גנבות פֿון אַן אַנדער מין און זענען פֿאַרנומען ערגעץ אַנדערש. נאָר סיי ווי, ווען ס׳קומט אויף מיר, ווען איך בין נישט מחויב דעם קאָלעקטיוו, וואָלט איך בעסער צוגעליטן קעלט. איך וואָלט געזוכט אַנדערע מיטלען און וואָלט מורא געהאַט גנבענען קוילן. אַ דאַנק די מענטשן, וואָס האָבן מיך „אויפֿגעוועקט״, אַ דאַנק גאָט, וואָס איך האָב אין זיך גובר געווען די מורא מיטן ווידערגעפֿיל. די קוילן זענען איטלעכנס, האָבן מיר שוין אין זיי אויך אַ „חלק״.

## זיי זענען מיר טויזנט מאָל ליב

ביי טאָג. מיר זענען נאָך אָנגעטאָן נישט ווינטערדיק, נישט זומערדיק, נאָר ס׳וועט נישט העלפֿן, די מאַנטלען וועט מען שוין מוזן אַרויסשלעפּן פֿון די פּעק. ביי נאַכט שלאָפֿן מיר אויף זיי, ביי טאָג גייען מיר אין זיי. מיר טרעפֿן זיך מיט גאָך עשאַלאָנען, אַ סך קלענערע מיוחסים ווי מיר, אָבער זיי פֿאָרן גיכער פֿון אונדז. ס׳איז, ווייזט אויס, אמת, וואָס מען האָט אונדז געזאָגט וועגן אונדזערע „באַלעבאַ־טים״... מילא, לאָמיר כאָטש נישט פֿאַרזינדיקן דאָס, וואָס ס׳איז דאָ.

אַן עשאַלאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט סאַמע לעבן אונדז, אַ געמישטער — אין עטלעכע וואַגאָנעס דורכויס סאָלדאַטעלעך יונגע (מע שפּרינגט אַראָפּ פֿון די טעפּ־לושקעס, מע פּוצט זיך אַרום, מען שפּיליעט זיך צו, מע לויפֿט מיט אַ קעסעלע נאָך אָקרעפּ, איינער פֿאַראָרדנט — דער צווייטער פֿאָלגט, אָדער — איינער לויפֿט נאָך וואַסער, דער צווייטער — נאָך ברויט) און נידעריקער אינעם עשאַלאָן גייען אַ פֿינעף־זעקס וואַגאָנעס, ווי אַ פֿרעמדער שטיק צוגעטאַטשעטער קערפּער, וואָס באַשטייט פֿון הוילע בעזשענצעס, ייִדן מיט בערד, ייִדענעס מיט פּאַטשיילעס.

מע פרעגט היימיש זיך אויס וועגן פאַרשיידנס. איך זע מע האָט עפּעס אַ ריכטונג, מע האָט אַ ציל. גיי דערציייל זיי, אַז איך ווייס נישט וווּהין מיר פאָרן. איך ווייס נאָר מיט וועמען מיר פאָרן.

— אַ־האַ, מיט די אייזנבאַנער?! — נו, פאָרט איר דאָך קיין באַרנאַול!

— ניין, זיי פאָרן קיין קוסטאַנאַי.

איך בין ממש אָפּגעפרישט פון די ייִדן, וואָס זענען אויס אַלטמאָדישער פון מיר. פּרצעס אייניקל פלעגט זאָגן: „זשידזשע סטאַראָזאַקאָני"... ייִדן, וואָס סיי דער קלסתר פנים, סיי די הלבשה זאָגן עדות: ייִדן, ייִדן, דורכויס ייִדן!

דער שיינער מזל אונדזערער!... נאָר מיר איז טויזנט מאָל ליב, וואָס ס'פּילט זיך אין זיי אַ שטייפקייט, ס'רירט זיך אין זיי אָן אַדער. מע איז אין וועג, אין אַ שווערן וועג, מע איז פאַרפּאַטיעט, פאַרהאַווּעט, נאָר מע לעבט. לעבן זאָלט איר מיר, מיינע טייערע, און געזונט זאָלט איר אונדז זיין, און מיר זאָלן זיך, למען השם, נישט פאַרמיאוסן ביי יענעם אין די אויגן.

— אייזיק! קום נאָר אַהער! דו פאַרסט אויך? וווּהין פאָרסטו?

— זע נאָר, יאָסל! יאָסל נאָטעס פון סלאָווּעשנע!

מיינע לאַנדסלייט. זיין ווייב איז אַ בעלאָקאָוויטשער. נאָך אין סלאָווּעשנע פלעגט ער גיין אַ קאַפּעליושל, דאָס הייסט — אַ היינטוועלטיש, אַ אינטעליגענט. זיין ייִנגל איז עפּעס נישט געזונט. אַ גוטער מאַטעמאַטיקער, זייער אַ פּעיִקער. און דאָס ווייבל? דאָס ווייבל איז עלטער פון אים. נישט קיין שיינע, נישט קיין ליבע. ער האָט זי גענומען אין אַ שמאַלצגרוב. איבער איר האָט ער אָפּגעלאָזן אַן אַנדער שידוך אין וועלעדניק. נו, דאָס שמאַלץ איז, ווי געוויינלעך, אויסגערונען, דער גרוב איז געבליבן. אָבער אָט האָבן זיי אַ געראָטענעם זון. עפּעס איז ער אַ ביסל לעמפּאַ־קעוואַטע, נאָר ער איז זייער פּעיִק.

פאָרן זיי אויך...

זיי האָבן געבעטן, טאָמער האָבן מיר אַ טשוהונענעם טעפּל אָן איבעריקן, וועלן זיי אונדז אומקערן דאָס געלט, וויפל ס'קאָסט.

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן זיי זיך אָנגעהויבן קלייבן אין די וואַגאָנען און מע איז טאַקע אַוועקגעפאָרן.

אין דרויסן, אַז מע רעדט, גייט פון מויל אַ פּאַרע. צו וואָס דאַרף מען דאָ סימנים ווייס איך אַליין נישט. וואָס איז? ס'איז דען אַ חידוש, וואָס ס'איז קאַלט? ס'פרירן די הענט, ס'פרירן די פיס. דער שניי איז אַ מאָל יאָ דאָ, אַ מאָל — נישט. נאָר ס'איז שוין ווינטער!...

האָבן מיר שוין געטראָפן לאַנדסלייט אויפן וועג. אויך דער וועג וועט זיך אַ מאָל מוזן ענדיקן. נאָר דערוויל איז ער אומענדלעך.

## ביי זייט וועג אַ צלם, אין מיטן וועג אַ באָד

כּמעט ווי מיר האָבן נישט קיין פּאַרטשעפּעניש מיט קיין שכנים. מיר באַרעדן נאָר אַ מאָל שטיל צווישן זיך, אויב מיר זעען ביי אַ משפּחה, אַז די קינדער גייען אומריין, אָדער, אַז זיי באַציִען זיך צו זייערע עלטערן, ווי צו שטיפקינדער. „דיעדושקו נוזשנאָ אוואַזשאַט״* (אַ זיידן דאַרף מען אָפּגעבן כּבוד) איז געוואָרן ביי אונדז אַן אומגאַנגוואָרט. אָט איז אַן אַלטער מאַן מיט אַ מיליצע, אָנגעטאָן נישט שלעכט. ער גייט אַריין אין דער רייכסטער משפּחה, וואָס די שנור זיינע אָדער די טאָכטער איז באַהאָנגען, ווי מע זאָגט, מיט גאָלד און מיט זילבער. מעגלעך, אַז ער האָט זיינער צייט, דאָס הייסט, אין די מיטעלע יאָרן, נישט אָנגעגרייט זיך (נישט פאַרדינט) קיין וואַרעמע באַציִונג אויף איצטיקער צייט — אויף דער עלטער. מעגלעך, אַז די יונגע נגידיתטע איז טאַקע האַרטלעך צו די עלטערן. נאָר ווען ער לאָזט אַרויס די קורצע רוגזדיקע טענה „דעדושקו נוזשנאָ אוואַזשאַט״, זאָגט ער עס מער צו די קינדער, ווי צו די אייניקלעך.

אַ צער צו קוקן און צו איבערלעבן איז געווען, ווען פון אַ צווייטן וואַגאָן האָט מען אַרויסגעטראָגן אַ בר־מינן פאַרוויקלט אין עפּעס, ווי מע האָט אויסגעגראָבן ביים זייט פעלד אַ קבר, באַערדיקט, אַפילו אויפגעשטעלט אַ הילצערנעם אויף גיך צונויפגעקלאַפּטן צלם. ווו־נישט־ווו איז געפאַלן אַ טרער. מע האָט ווינציק אויסגעפרעגט, נאָר יעדערער אין האַרצן האָט געטראַכט: אָט דאָס איז דער סוף פון מענטשן. מע האָט נאָך געטראַכט, אַז אונדזערע עשאַלאָנען באַצירן די זייטן פעלדער מיט איינזאַמע עלנטע שטילע צלמים („מע זאָל כאָטש טיפער באַגראָבן, די הינט זאָלן נישט אויסשאַרן״, — טוט עמעצער אַ זאָג). אָט דאָס איז אויך אַ „חן־פינטל״ פון דער צייט. אַנדערע, ביי וועמען דער מת איז ביים לעבן געווען טייער, פאַרגעדענקען דעם טאָג, דאָס אָרט. מע ווייסט אַפריִער, אַז מע וועט אַהער נישט פאָרן, נאָר מע פרעגט אויס און מע פאַרצייכנט ביי זיך דאָס אָרט. ביי די איבעריקע מענטשן אין וואַגאָן, ביי יעדער משפּחה פאַר זיך, גייט אַראָפּ אַ שווערקייט פון קאָפּ: טאָמער אַן אָנשטעקנדיקע קרענק, טאָמער וואָס — איז פאַרטיק און פּטור — אַ סוף! וואָס איז? אין דער היים לעבט מען דען אייביק? אמת, דאָ איז דער צער גרעסער, און דער מוסר, וואָס מע נעמט זיך אַראָפּ — ערנסטער. שווייגנדיק, נאָר טיף ווערט עס איינגעקאַרבט אין האַרצן.

מיר זענען געקומען אויף אַ סטאַנציע. אפשר האָט מען די ערשטע רגע געוווּסט, ווי אַזוי זי הייסט, נאָר דערנאָך דאַרף מען זי שוין נישט. דאָרפישע הייזער נישט קיין גרויסע. אַ שטיקל פלאַץ פאַר קלייטן. נאָר ס׳איז קאַלט. ס׳גייט אַ שניי.

* Дедушку нужно уважать.

אין אַזאַ שעה וואָלט מען זיך ליבערשט איינגענורעט אויפֿן געלעגער. אָבער ס׳איז אַראָפּ אַ „מאַניפֿעסט״, אַזוי ווי אַ בת־קול פֿון הימל. מיר ווייסן אַפֿילו נישט, ווער ס׳האָט אַזעלכעס אַרויסגעגעבן, ביי וועמען מע האָט געפֿועלט, מיט וועמען אָפּגערעדט, גיכער דערוווּסט מען זיך שוין איינס פֿונעם אַנדערן. מע זעט אַ באַוועגונג, מע זעט, וואָס איינע טוען, זענען די אַנדערע שוין גרייט נישט פֿרעגנדיק לאַנג נאָכטאָן און נישט אָפּלייגן אין דער לאַנגער באַנק... אָט אין דער קעלט און אין דער אומהיימלעכער שנייִקייט איז אַראָפּ אַ „בת־קול פֿון הימל״, אַז דער עשאַלאָן גייט אין באָד אַריין.

די באָד איז אַ קליינע, צו צען־פֿופֿצן מענטשן אויף אַ מאָל. פֿריִער אַ פּעקל ווייבער, דערנאָך אַ פּעקל מענער. אַ גרופּע וואַשט זיך און קוועלט אָן אינעווייניק פֿון אמתער נאַקעטקייט, פֿון אמתע שעפּעלעך וואַרעמען וואַסער, וואָס גיסט זיך אויפֿן גלאַטן נאַסן דיל אונטער די פֿיס. אַ גרופּע וואַשט זיך, אַ גרופּע וואַרט הינטער דער טיִר און גרופּעס אין די וואַגאָנעס גרייטן זיך. נישט איטלעכן ווילט זיך גיין אין שניי אַריין. צוליב אַזאַ אויסערגעוויינלעכער געשעעניש האָט דער שניי נישט געקענט איבערוואַרטן?

די מענטשן זעען אויס איינער דעם צווייטן אַנדערש ווי נעכטן און איינעכטן. אָנגעטאָן איז מען אויף דעם ווילדסטן אופֿן. ווער ס׳וואַרפֿט אַרויף אויף זיך אַ שאַל, ווער אַ פּלאַשטש. מע קוקט נישט דערויף, צי ס׳פּאַסט, צי ס׳איז לויט דער מאָס. כמעט אַלע געדענקען, אַז מע קען זיך נאָך גוט צוקילן. כמעט אַלע ווילן אַריינכאַפּן זיך אויסוואַשן פֿאַר וואָכן פֿריִער און פֿאַר וואָכן שפּעטער. איי‌ניקע שווענקען פֿאַר זיך אויס, אין איין גאַנג, אַ פּאָר העמדער, אַ פּאָר האַנטעכער, אַ פּאָר טריקאָ, וואָס ס׳לאָזט זיך נאָר. מען ווייסט, אַלע ווייסן, אַז מע טאָר קיין צייט נישט פֿאַרנעמען, אַז מ׳טאָר קיין צו פֿיל וואַסער נישט פֿאַרברויכן, נאָר יעדער כאַפּט אַריין.

רבונו־של־עולם! אַזאַ פֿאַרגעניגן, ווי אַ באָד מיט וואַרעמע וואַסער, ווו מע מעג זיך אומעטום שווענקען, אומעטום גיסן, אי אויף די בענק, אי איבערן לייב, אי דורכויס איבערן גלאַטן נאַסן דיל, וואָס איז באַוואָרנט מיט שעפּלעך; ווו דאָס וואַסער זאָל זיך אין איין צייט גיסן, אי פֿלייצן, אי אָפּלויפֿן; ווו דיין גאַנץ גלוסטיק צאַפּלדיק לייב זאָל זיין מיט דיר אָפֿן און היימיש און ליב. קען דען אַ באָד אַ מאָל אויך זיין אַ מוז, אַ דערקיקע, אַן אָפּקומעניש און אַן איבערקומעניש? זאָג אַליין, אָט די־אָ באָד, אויף דער אומבאַקאַנטער פֿאַרשנייטער סטאַנציע אין דער פֿרעמד, ווו איינער שטייט ביים אַנדערן איבערן האַלדז, ווו נישט נעמען זי — טאָר מען נישט, און נעמען — גלוסט זיך נישט, ס׳איז דיר איבער דער טבע. נו, זעסטו דאָך, אָט זענען דאָ אַזעלכע בעדער אויך.

דבורהל און ביילקע זענען אַרויס מיט אַ פּאַרטיע פֿרעמדע מענטשן. איך מיט לייבעלען זענען אַריין מיט אַ צווייטער פּאַרטיע פֿרעמדע מענטשן.

— זע, זאָלסט אים נישט צוקילן, — רופט זי צו מיר שוין אין טיר אַריין, וואָס איז נאָס און אַ כמאַרע דאַמף וואַלגערט פון איר. מיט אונדז גייט קעלט, אַנטקעגן אונדז גייט קויטיקע און נישט־גוט־שמעקנדיקע נעץ.

— גיכער, גיכער, איר וועט שפּעטער רעדן! — איך ווייס נישט צי מיר הערן עס, צי ס׳דוכט זיך אונדז נאָר אַזעלכעס.

טאַקע גיכער איבערקומען. טאַקע אָפּכאַפּן וואָס און וויפל ס׳לאָזט זיך. און טאַקע פאַר אַן אָפּקומעניש זאָל עס אונדז זיין.

ביים אַרויסגיין האָט אונדז אַ ווייבל אַ רוף געטאָן און אין דער גיך איבער־געגעבן פון די היימישע אַ שאַל און אַ שטיקל קאָלדערע מיר זאָלן זיך בעסער פאַרשטעלן פון דער קעלט נאָך דער באָד. הייסט עס, אַז דבורהל מיט ביילקען קוקן שוין אויף אונדז אַרויס.

שניי, ווי אָפּט ביסטו אַ פרייד פאַרן מענטשנס אָטעם, פאַר מענטשנס בליק. איצט ביסטו איינגעגעסן, דערקיטשלעווע, און רייצסט זיך מיט אונדז, ווי אַ צעקראַ־כענע אַלטע מכשפה, אַז מירן זיך אַוודאי צוקילן, מירן אַוודאי שלאַף ווערן, פאַר אַ צוגאָב צו אַלע אונדזערע טייערע פאַרגעניגנס.

## בעזימיאַנע אין איר גאַנצער פּראַכט

סאַראַטאָוו זענען מיר שוין דורכגעפאָרן. פאָרן מיר, הייסט עס, ווייטער. אויף איינער אַ סטאַנציע האָבן זיך אַריינגעבעטן צו אונדז אַ פּאָר פּויערים. זיי האָבן זיך מיט אונדז צערעדט. לויט זייער געדאַנק וואָלטן מיר דאַרפן מאַכן אַן עק צו דער נודנער רייזע. אַ פּאָר פאַמיליעס קענען זיי זייער גרינג איינאָרדענען ביי זיך אין דאָרף. דבורהל מיט ביילקען וועלן וואַשן די כלים אין גאָרקיך. הונגעריק וועלן זיי נישט זיין. איך וועל אפשר אַרויסגעבן נאָפּט (גאַזע) און בענזין פאַרן קאָלווירט, פאַר דער טראַקטאָרנער סטאַנציע. מירן נישט פאַרפאַלן ווערן. די ווילע אמת־גוטמוטיקע באַביטשעס עצהנען אונדז נישט אָפּרייסן זיך פון די אייזנבאַנער. די עלטערן פון ביידע מיידלעך, די עלטערע — ליבע, און די קלענערע — מיכליע, וואָס זינגט אַלע אָוונט, זאָגן, אַז זיי גייען אויך אַראָפּ. און מיר באַשליסן זיך אויף אַן אומפאַרזיכטיקן שריט. מיר זעגענען זיך. מיר באַדאַנקען אונדזערע שכנים. אונדזער חלק ברעטלעך מיט די ציגל לאָזן מיר איבער און מיר גייען אַראָפּ אויף אַ קאַלטער, פאַרפרוירענער, פאַרצאַרנטער סטאַנציע בעזימיאַנע (ווי באַלד דער נאָמען אירער איז אַן אַ נאָמען, וועט נישט זיין וועמען צו שעלטן). אונדזערע שכנים האָבן אונדז געהאָלפן אַראָפּדערלאַנגען די זאַכן, כאָטש אַלע זיי באַטראַכטן אונדז מיט נישט קיין באַהאַלטענער באַדויערונג. די צוויי ווינטערדיק אַנגעטאָנענע אַנגע־פּעלצטע פאַטראָגען אונדזערע האָבן אונדז געהאָלפן זיך אַריינמאָסטען אינעם רויטן

און טונקעלן וואָקזאַלעכל. און מיר רעדן אָפּ מיט זיי: צו זייער אָרט האָבן מיר 18 קילאָמעטער מיט דער פור. מאָרגן, נישט שפּעטער ווי 11 אין דער פרי, וועלן קומען נאָך אונדז איינע אָדער צוויי פורן גוט אויסגעבעט מיט שטרוי. און מע וועט אונדז אויך צושיקן אַ פּאָר גרויסע פּעלצן, מיר זאָלן אין וועג נישט פאַרפרוירן ווערן. אָט טאַקע די אויסגעבעטע שליטנס און די פּעלצן, וואָס מיר האָבן נאָך נישט געזען, גיבן אונדז צו פעסטקייט. ווי נאָר דער אָנהייב וועט זיין אַ גוטער, וועט דאָס ווייטער־דיקע אויך גיין, ווי ס׳באַדאַרף צו זיין.

דבורהל מיט ביילקען וועלן וואַשן דאָס געפּעס אין גאָרקיך. איך וועל זיך פּאָרען לעם דעם נאָפט, פאַרשרייבן מיט אָנגעפרוירענע פינגער וויפל נאָפט באַ־קומען, וויפל פּעסער לײדיקע אײזערנע אומגעקערט, וויפל אָפּגעלייזט, וועמען פאַרטיילט... פּאַפּירלעך, בלעטלעך פאַרפּעטיקטע, דאָקומענטאַציע... און די אַנדערע ייִדישע משפּחה מיט די צוויי טעכטער האָבן אין דער לעצטער רגע טאַקע חרטה געקראָגן און זענען געבליבן אין וואַגאָן בשעת מיר זענען אַראָפּ אין אַ הפקר־וועלט. מיר האָבן איבערגעלאָזן ביילקען מיט די זאַכן און זענען אַוועק זוכן דאָ אַ קיך צום איבערבייסן.

שטעלט אייך פאָר, אַז מיר האָבן זי געפונען נישט ווייט. ליידיק. וועגט נישט קיין געקאָלכטע. קאַלטע לאַנגע בענק. די טישלעך — נישט צורירן זיך צו זיי. קריסטלעכע דאָרפסמיידלעך האָבן אונדז אַזוי ווי באַדינט. גיך גענומען געלט, גיך דערלאַנגט אַ ביסל וואָכעדיקן וואַסערדיקן קוליש אין ליימענע טעלער. מיר האָבן גענומען פאַר ביילקען אויך אַ טעלער. לעפל דאַרף מען ברענגען אייגענע.

גוט. דאָס צווייטע מאָל וועלן מיר שוין וויסן. מיר האָבן זיך דאָ געטראָפן מיט אַ ייִדיש ווייבל, אויך אַן אָנגעפּאָרנס. זי האָט זיך דאָ איינגעאָרדנט אין אַ גרויסער שטוב. מע האָט איר אַפילו געוואָלט געבן אַ בהמה אויף אויסצאָלן. אָט האָסטו דיר אַ בילד, אַ שפּאָגל נײַס. די מעשׂה איז דערפון אַזוי: דאָ זיינען פאַרבליבן אַ סך ליידיקע הייזער פון די דייטשן, וואָס מע האָט אַרויסגעשיקט פון דאַנעט.

— נו ?...

— נו, ווייגען קענסטו דאָ, ווו דו ווילסט, נאָר ס׳איז קאַלט. מיט באַהייצונג איז גוואַלדיק שווער. צו לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט וואָלט מען דאָך דאַרפן זיין כאָטש וויפל ס׳נישט איז צוגעפּאַסט.

— און וווהין מיר פאָרן מאָרגן ?

— ס׳איז אומעטום גוט. אפשר וועט איר זיך צו עפּעס צושלאָגן.

דבורהל לאַכט מיט טרערן. איך האַלט זיך אָן אָן איר. לייבעלע שטייט אַ דער־פרוירענער פון דער ווייטנס.

אַראָפּגיין פונעם פונאַנדערגעצוימטן הייפל איז כמעט אוממעגלעך — אָנגע־פרוירענער אייז, ווי מיט נאָזלעכעץ גראָב באַשמירט אַראָפּ אַ באַרג. אומהיימלעך

און פרעמד. אַ שטיפמאַמע איז נאָך גאָלד אַנטקעגן דעם, וואָס מיר זעען פאַר זיך. אונדזער באַן איז שוין לאַנג אַוועקגעפאָרן. אפשר שטייט ער איצט ווידער גאָרנישט אַזוי ווייט — אַ צען־פופצן ווערסט פון דאַנען. דאָרט, לעם זיי, איז אַפילו דער דרויסן אַ וואַרעמערער.

מיר האָבן זיך גוט אויסגעקליבן אַ „גליקלעכן" חלק... אַליין, אַליין אויסגע־קליבן. קיינער האָט דאָך אונדז נישט צוגערעדט צו דעם. פאַרקערט, אונדזערע שכנים האָבן זיך צו אונדז צוגעווינט, און מיר זענען זיי נישט געווען צו שווער. זיך אַראָפּגעקליבן פונעם פאַרסמאַרקעטן בערגל אייז. איך וועל באַלד דאָ ווייטער זיין. וועל פירן אַהער ביילקען זי זאָל אויפעסן אַ טעלער וואַרעמלעך געקעכץ אויף די קאַלטע ליידיקע טישלעך.

די קיך מיט די קאַלטע הוילע ווענט באַטראַכטן מיר מיט אַנדערע אויגן. דבורהל און ביילקע פאָרן דאָך אַרבעטן מסתּם אין אַזאַ קיך. איינע וועט וואַשן די כּלים, די צווייטע וועט דערלאַנגען עסן...

ביילקע טייערע, דו זאָלסט אונדז דאָרט זיין רירעוודיק, ספּריטנע... אַז די הענט וועלן אַפילו זיין געפרוירן, דאַרפסטו די טעלער טראָגן, זיי נישט אַרויסלאָזן אין מיטן וועג, נישט צעפּליושקען דאָס געקעכטס...

איך זאָג עס איר נישט, נאָר קלערן קלערט זיך וועגן דעם.

אויף צוריק וועגס דאַרף מען אָפּזוכן לעם וואָקזאַל אַ ווינקל, אויב מע וועט דאַרפן אַרויסגיין ביי נאַכט. לייבעלען דאַרף מען אַפילו איצטער פירן... ס'איז גוט! ס'איז שטאַרק גוט! און ס'קען נאָך זיין ערגער.

מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז קיין געלעגערס וועלן מיר זיך איצט נישט מאַכן. מיר וועלן שלאָפן זיצנדיק אויף די פּעקלעך, אָנגעשפּאַרט אין אַ באַנק. אויסשלאָפן וועלן מיר זיך שוין דאָרטן אויפן אָרט. די מענטשן, וואָס האָבן אונדז צוגערעדט, זעען אויס צו זיין ווילע. צווייטנס, נייטיקן זיי זיך אין אַרבעטס־הענט. ס'איז געווען קענטיק פון זייערע רייד.

אין וואָקזאַלעכל זענען מיר נישט אַליין. ס'זענען דאָ נאָך געציילטע מענטשן. מען קובלעט זיך ווער דאָ, ווער דאָרט. אַלע מענטשן פון וועג, סיי פרויען, סיי מענער, מערער קריסטלעכער עולם. בלויז איינער פון דריבנעם ווו״קס מיט אַ קליין טונקל בערדל, ווילע טרויעריקע אויגן, איז אַ ייד, וואָס האָט זיך, קענטיק, ערגעץ פאַר־לאָרן פון אַ טראַנספּאָרט. ער איז צו לייכט געקליידט. ווערליק ער זוכט לעם דער בלעכערנער אָפּפאַל־אורנע און געפינט דאָרט אַ צוגעברענטע סקאָרינקע, פאַרשטייען מיר שוין סאָראַ שיינע מראה ער האָט. מיר לאָזן אים נישט אַרויס פון אויג, כאָטש ער פאַרפירט מיט אונדז נישט קיין מגע־ומשא. ווייטיקדיק און גרויליק, אָבער ס'איז צו זעען, ווי ער קראַצט זיך אָן אויפהער.

מע זעט, אַז ער איז שוין דאָ אַ שטיקל בן־בית. ער איז מיט קיינס און מיט

גאָרנישט ניט פאַרנומען און דאָך איז ער נישט פריי. דאָ שטייט ער און טראַכט פון עפּעס, דאָ גייט ער ערגעץ מיט אַ בלעכערן פּושקעלע נאָך וואַסער, קענטיק; דאָ שטייט ער און איז ווייטער פאַרטראַכט, קוקט אין פענצטער און קראַצט זיך כּסדר. נישט אַזוי מיט די הענט, ווי מיט די אַקסלען, וואָס באַוועגן זיך געשיקט און קונציק.

ווען דו קוקסט אויף זיין געזיכט בעשת ער קראַצט זיך, זעסטו אי זיסקייט אי צער. דו פילסט וויפל ער וואָלט אָפּגעגעבן, ווען ער זאָל קענען זיך צושטעלן מיטן פּלייצע צו אַ סטויפּ און זיך דאָרטן גוט, גוט אַ רייב טאָן. אָט דער סטויפּ וואָלט אים אפשר געראַטעוועט נישט ווינציקער, ווי אַ האַנט, וואָס שטרעקט אים אַ מאָל אויס אַ קיילעכדיק ממשותדיק מוציאלע ברויט.

אפשר זעט ער אונדז נישט. אפשר זוכט ער אונדז נישט. נאָר מיר לאָזן אים נישט אַרויס פון אויג. ער איז אונדז נאָענט. אַפילו טייער, נאָר ס'באַפאַלט פון אים אַ שרעק. נישט מיר קענען אים דערנעענטערן צו אונדז. אדרבא, ווער קען אונדז אַן ערב זיין, אַז מיר וועלן זיך אויך נישט דערקייקלען צו זיין צושטאַנד. מיר האָבן דאָך אויך נישט קיין באָדן אונטער די פיס...

ווי אַזוי רופט מען אים אָט דעם יונגנמאַן? זיידל? חנן? ביינוש? לייבוש? ווּעמען האָט ער? פון וועלכער משפּחה קומט ער אַרויס? צי איז ער נישט פון פּוילן, אָדער פון מערב־אוקראַינע? דאָס האַרץ ציט צו אים אַזוי...

ביי נאַכט האָבן מיר אי געדרעמלט, אי געוואַכט. אין וואָקזאַל האָבן מיר כּמעט ווי נישט געזען קיין באַלעבאַטים (וואָס זאָלן אונדז יאָ וועלן אָדער נישט וועלן לײדן). יעדער איינציקער פאַרשוין, אָדער בינטל פאַרשוינען, זענען זיך אַ מלוכה פאַר זיך. ווייזט אויס, אַז דער גרעסטער קאָלעקטיוו זענען מיר געווען: אַ טאַטע, אַ מאַמע, אַ טאָכטער און אַ זון, מיט אַ ביסל וואַנדער־פּעקלעך. דאָס איז איינס. און מיט אַ זיכערער באַוואָרענונג אין האַרצן — דאָס איז צוויי. מיר זענען באַוואָרנט, אַז אין דער פרי (טאָג וועט דאָך מוזן ווען ס'נישט איז ווערן) אַרום צען אָדער עלף וועט אָנקומען אַן אויסגעבעטער שליטן און אפשר צוויי, מיט גוטע היגע פערד, מע וועט אונדז דערלאַנגען געראַמע פעלצן און מע וועט אונדז, ווי „חתנס־צד" פאַרנעמען צו אַ גרייטער היים און דאָרטן, דאָרטן וועלן מיר מיט אונדזערע וואַנדער־פּעקלעך זיך צעלייגן, ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן. קיין קעסטקינדער וועלן מיר דאָרטן נישט זיין. מיר זענען גרייט צו טאָן אַלע אַרבעטן. ביילקע דער־לאַנגט עסן, דבורהל וואַשט די כּלים אין קיך, לייבעלע גייט אין שול, גרייט די לימודים, און איך בין אַ גאַנצן ווינטערדיקן טאָג ביי דער גאַזע. אַ קליינער נחת די גאַזע מיטן בענזין, נאָר אַרבעט איז עס. ליידיק גיין איז — פּע, בעסער זיין ביי אַן אַרבעט ביי וועלכער ס'נישט איז. אין אָוונט אין דער וואַרעמער שטוב מיט דיין ליב געזינדל וועסטו זיצן ביי אַ באַלויכטענעם טיש. אויב דו וועסט קענען אַ שעה אָדער צוויי שעה דורכן אָוונט עפּעס שרייבן, וועסטו זיך באַהעפטן מיט דער שכינה

און זאָל דיין „נר־תּמיד״, ווי דבורהל האָט עס ליב אָנרופן, זיך נישט אויסלעשן. דריי מאָל אין דער וואָך, אָדער צוויי מאָל אין דער וואָך, וועט די פּאָטשט אַהער קומען, וועלן זיך ווייטער אָנהייבן בריוו פון אייגענע און נאָענטע. ס׳וועט זיין אַ בלאַט־צייטונג אויך. ווו דער מענטש איז דאָ, דאָרט איז דאָ לעבן.

לייבעלע שלאָפט.ביילקע דרעמלט. איך מיט דבורהלען רוען לעם די פּעקלעך און מיר הערן. וואָס הערן מיר אַזעלכעס? ס׳מאַכט זיך אַ מאָל אַ זיסער פוילעניש־געשטאַנק, ס׳מאַכט זיך אַ מאָל אַ גרויליק משוגעת־געזאַנג... מיר הערן. אונדזער חבר און קרוב, דער לייכט־געקליידטער אויסגעהונגערטער יונגערמאַן מיטן טרויע־ריקן נאָר חנעוודיקן בליק קראַצט זיך געשמאַק פון שלאָף, אַזוי געשמאַק, אַז ער ווישטשעט אַזש אונטער מיט אַ ביי־ניגון, בשעת דו פילסט, אַז דאָס חיות גייט אים אויס פון מתיקות... ער איז, ווייזט אויס, אָפּגעשאָטן מיט קריכנדיק אומריינקייט. זיי עסן אים אויף אַ לעבעדיקן. ס׳קער אים שוין ווי טאָן אויך, נאָר ער קראַצט זיך מיט צו טיפן נחת און ער קען דעם נחת אין זיך נישט איינהאַלטן. ער פּישטשעט אים אויס פון זיך מיט אויסגעצויגענעם זיסן יציאת־הנפשדיקן געהויל. מען וואָלט אים דאַרפן אָפּשערן, פאַרברענען די האָר מיט די קליידער, גוט און געטריי אויסבאָדן און אים אָנטאָן אַ ריין העמד. צום אַלעם ערשטן אַ ריין העמד און דערנאָך פון אויבן ביז אַראָפּ אין ריינעם...

צי דען איז ער, אָט דער יִדישער יונגערמאַן (אַן אָפּשפּליטער פון דער גרויסער הויערנדיקער קללה) אַ מענטש פאַר זיך? אַליין אַ מלוכה און מאַכט שבת פאַר זיך אַליין?... איז ער שוין דאָ אַ תּושב, צי ער פאָרט נאָך ערגעץ, אַזוי ווי מיר?

און ווער בין איך אין פאַרגלייך מיט אים?

אַז מענטשן שטרעקן מיר אויס אַ האַנט בין איך דאָך נאָך אַ פאַלנער מענטש. אַפילו אַ נוצלעכער, אי פאַרן אַרום, אי פאַר זיך. אָן דעם בין איך אַ גרייטער קאַליקע מיט געליימטע הענט און פיס. אָבער אין דער אָנוועזנהייט פון מענטשן, ווען יעדער איינער טוט עפּעס (שווערער־גרינגער), נאָר מע לעבט, אין דעם פאַל זענען די חרפּה מיט דער קללה פון פאַרלאָזנקייט און וויסנלאָזיקייט אַ גרויל און אַ גרייטער טויט. נישט אַזוי דער טויט אַליין, ווי דאָס לאַנגזאַמע דויערנדיקע קייקלען זיך צו אים...

דער פרימאָרגן איז געקומען אויף חידושים קויטיק, הויל און אַרומגעפּרוירן, אַזוי אומהיימלעך און אַכזריותדיק פרעמד צו די דורכפאַרנדיקע מענטשן, וואָס ווייסן נעבעך אַליין נישט ווהין זיי פאָרן מיט וויב און קינדער. און דאָס ביסל זליבאָדע, וואָס דאַרף העלפן אויסקומען אין אַן ענגער שעה, איז אויך שפּאָט ווינציק. הער אַ מעשׂה: אויף זיך אונטערהאַלטן מיט דעם איז עס געגליכן צו גאָרנישט, און זיך אַרומשלעפּן מיט דעם — איז עס שווער, אומבאַקוועם און צעבלאָזן. בלויז

לייבעלע האָט איין באַקוועם שטיקל משׂא, דאָס איז די שרייבמאַשינקע. דערווייל היטן מיר זי אָפּ: אין אַ גוטן אופן וועט זי צו נוץ קומען ביי דער אַרבעט, און אין אַ שווערער שעה, וועט זיין וואָס צו פאַרקויפן.

מיר מעגן נאָך גיין אין דער הוילער אויסגעפּרוּוירענער גאַרקיך באַצאָלן און אויפעסן אַ ביסל וואַרעם געקעכץ? ווייל אויף די פורן אונדזערע איז נאָך פּרי אַרויסצוקוקן. צען, עלף, צוועלף, דאַן וועלן מיר איינמאָסטען אונדזערע זאַכן, זיך איינקוטען אין די צוגעשיקטע פּעלצן און פאָרן נישט ווי קיין אָנגעוואָרפענע. איר האָט דאָך אַלע געזען, אַז מען האָט אונדז אי צוגערעדט, אי געבעטן... אַרבעטן זענען מיר גרייט. וועלן מיר פון הונגער נישט שטאַרבן, און אַ דאַך איבערן קאָפּ וועט אויך זיין. דער ווינטער וועט דאָרט זיכער זיין אַ צעשויבערטער, אַ האַרט־נעקיקער, נאָר נישט קיין קויטיק־פאַרפרעמדטער. מע וועט קריגן פוּישטן אויף די פיס, מע וועט זיך אָנטאָן אַ ביסל וואַרעמער. מענטשן לעבן אויך אין דער טונדרע, אין דער טייגע. און דאָ איז נאָך אייראָפּע. ס'שטערט נישט.

מיר האָבן זיך באַקענט מיטן דרויסן, מיט אַ פּאָר אַרומגעריסענע הויפן, מיט געציילטע מענטשן, וועלכע האָבן קיין מורא נישט אַרויסצושטעקן די נאָז אויף דער גאַס.

אָן־אַ פּאָרט אַפילו אַ פור, אַזוי ווי צום וואָקזאַל... נאָר זי האָט זיך לעם וואָקזאַל נישט אָפּגעשטעלט. זי איז ערגעץ אַוועקגעפאָרן ווייטער.

מיר האָבן זיך גענודיעט אויפן וואָקזאַל און אויפן דרויסן. מיר האָבן שוין אָנגעהויבן אַרויסקוקן שטאַרקער. דאָס זענען נישט קיין מענטשן, וואָס וועלן אונדז אָפּנאַרן. אייגנטלעך, האָבן זיי דאָך נעכטן אויך געהאַט אַ פור, נאָר צו וואָס זאָלן מיר זיך ענגן זיבענען אין איין שליטן? ווייטער האָבן זיי געהאַט איידלקייט און זיי האָבן גלייך פאָרגעלייגט, אַז זיי וועלן צושיקן אַ פּאָר געראַמע פּעלצן...

ביז דער לעצטער שעה האָבן מיר אונדזערע „וואָרבירער" נישט געמאַכט שולדיק אין קיין זאַך. ס'קען דען נישט זיין, אַז פּונקט אין די פּאָר שעה זענען אַלע פורן פאַרנומען? איך האָב געהאַלטן, אַז זיי האָבן געדאַרפט אפשר אָנקלינגען צום נאַטשאַלניק סטאַנציע ער זאָל זאָגן און באַרוּ:קן די ק:עווער משפּחה...

דער טאָג איז קליין. דורכפירן נאָך איין שלאָפלאָזע נאַכט אויפן אויסגעקילטן וואָקזאַלעכל ווילט זיך עפּעס נישט.

מיר האָבן אָנגעהויבן פירנעמען דרייסטע פּלענער: קויפן באַנבילעטן פאַר דריי דערוואַקסענע. לייבעלע וועט פאָרן אַזוי. און זיך אומקערן קיין סאַראַטאָוו. סאַראַטאָוו, די גרויסע רוסישע גובערניע־שטאָט, וועט געוויס זיין אַ שטיקל שוץ.

ס'איז טאַקע פאַר אונדזערע כוחות! מיר זענען דאָך שוין איין מאָל דורכגעפאָרן סאַראַטאָוו. און איצט?... זיך אויפזועצן און פאָרן צוריק קיין סאַראַטאָוו? אָבער אַזאַ שטאָט האָט די ווערט מיר זאָלן זיך נישט קווענקלען...

מיר סודען זיך, ווי געניטע בעל־עברהניקעס. מיר האָבן זיך שוין דערפרעגט וויפל ס׳קאָסטן בילעטן, ווען ס׳גייט אַ באַן.

נו, אַז טאָן, זאָל זיין געטאָן!...

ווי אמתע זעלבשטענדיקע פאַרשוינען האָבן מיר אויסגעקאַלופעט געלטפּאַפּיר פון די בוזעם־ווינקעלעך. מיר שטייען שוין לעבן טויבן טיף־אַריינגעטאָנענעם קאַסע־פענצטערל.

...באַצאָלט!... געקויפט!!!

אַ פּאָר יונגע סאָלדאַטעלעך האָבן זיך אָנגעשלאָגן, אַז זיי וועלן אונדז העלפן אַרויפשלעפּן דאָס ביסל געפּעק. דער באַן פאָרט אָן, דער באַן וואַרפט זיך נישט מיט אונדז, און הער נאָר, הער נאָר אַ מעשׂה — מיר זיצן שוין אין פּאַסאַזשיר־באַן, אין אַן אמתן וואַגאָן און מיר פאָרן... אויס בעזימיאַנע! נישטאָ קיין בע־זימיאַנע...

דאָס דאָרף, וואָס מיר האָבן געוואָרט אויף אים, מיט זיינע מענטשן, מיט זיינע גאַסן, מיט דער גאַזע, מיטן בענזין, מיט דער גאָרקיך, וואָס מיר ווען דאָרט באַדינען — ער איז שוין אויך נישטאָ. אַפילו קיין איין מאָל נישט אָנגעקוקט. אַרום אונדז זיצן קריסטן פון אַלערליי עלטערס און שיכטן. ווער ס׳ליגט אויף אַן אונטערגעהויבענער פּאָליצע, ווער ס׳רויכערט, ווער ס׳האָט פריי־געלאָזן די קנעפּ פונעם גרויסן טולעפּ. דבורהל מיט ביילקען מיט לייבעלען זענען געזעסן אין איין קופּע. איך האָב זיך מיט אַ ביסל פּעקלעך איינגעמאָסטעט אויף אַ פרייען פּלאַץ, נישט ווייט פון מייניקע, אין אַ צווייטן קופּע.

נו, וואָס גייט דיר איצט אָפּ? וואָס ווילסטו? האָסט מורא, ס׳שרעקט דיך דאָס אומבאַוווּסטע?... ניין?... וואַרט צו, וואַרט צו נאָך אַ ביסעלע. יאָ, אַ מאָל איז באַשערט אַ מענטשן ער זאָל זיך פרעגלען נישט אויף יענער וועלט, נאָר אויף דער וועלט אין אַ קעסל מיט קאָכיקער אומריינקייט...

איינער פון די קריסטן, אַ האַלב דאָרפישער, האַלב שטאָטישער, האָט פאַרפירט אַ ברייטן שמועס וועגן ייִדן — ווי נידערטרעכטיק זיי זענען, געמיין, אָפּנאַרעריש, גיריק, פּחדנותדיק און נישטיק אויף דורך און דורך מיט זייערע ווייבער, קינדער און אַלטע לייט...

אַזוי ווי מע זאָל נעמען אַ מענטשן מיט אַ צעשניטענעם נאָך נישט־פאַרהיילטן לייב און מע זאָל אים אַ נאַקעטן טונקען אין געזאַלצענער פאַרזייערטער ראָפּע, אַזוי האָב איך זיך געפילט אויף מיין געראַמען פּלאַץ, אויף מיין באַצאָלטן אָרט, צווישן נאָך צווייפיסיקע, וואָס אויך זיי קלייבן זיך נישט עלטערן דאָ אין וואַגאָן. זיי וועלן פאַרפאָרן ביז אַ פּונקט, זיי וועלן אַראָפּגיין אויפצוטאָן זייער פאַרגעבונג, זיי וועלן זיך אויסמישן צווישן אַנדערע מענטשן. נאָר דאָ אין וואַגאָן האָבן זיי גענוג פרייע צייט און זיי לאָזן זיך ווילגיין מיט זייערע מיושבדיקע רייד. אויף מיר קוקט

קיינער נישט. אפשר בין איך פאַר זיי נישט דער ייִד, פון וועלכן זיי רעדן, אָדער בכלל קיין ייִד נישט. קיינער רירט מיך נישט אָן מיט קיין וואָרט, מיט קיין בליק פון פאַראַכטונג. ס'האָט ווירקלעך צו מיר נישט. און איך זיץ, ווי מע וואָלט פון מיר לעבעדיקערהייט געשניטן פּאַסן. גוט וואָס לייבעלע הערט נישט די „היילנדיקע" ווערטער. ווען ער זאָל הערן, וואָלט מיר געווען נאָך שווערער. דבורהל, זי מעג עס הערן. אַ מאָל איז זי אַפילו גרייט עס נישט צו פאַרשווייגן.

נאָר דאָ האָט מיר גאָט אַראָפּגעשיקט ממש אַ מלאך פון הימל: אויף אַ מיטל־סטער פּאַליצע איז געלעגן אַ קריסט אַ פשוטער. געקליידט ווי אַ מיטעלער האָרע־פּאַשניק אויף צווישן שטאָט און דאָרף. און ער האָט זיך אַריינגעמישט שטיל, רויִק, אָן סטירדעס און אָן קריג. און ביי מיר זענען אַראָפּ אַלע שטיינער פונעם האַרצן.

ער זאָגט:

— גלייבט מיר, איך באַגעגן זיך מיט ייִדן. איך האָב בכלל שוין געלעבט אַ ביסל אויף דער וועלט. אויב רעדן מיט אָן אמת, האָבן מיר דען אַיין פאָלק אַזאַ, אַז אַלע זיינע מענטשן זאָלן זיין ריינע, שיינע, פיינע, ערלעכע. אָט־אַ רעדט איר. איך קען אייך נישט. איר קענט מיך נישט. איין זאַך ווייסן מיר: מיר זענען ביידע רוסן! נו, קענען מיר דען זאָגן אויף זיכער, אַז מיר זענען די, וואָס מיר דאַרפן זיין, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געוואָלט מיר זאָלן זיין? וואָס אונדזערע לערער האָבן געוואָלט מיר זאָלן זיין? איצט רעדט איר וועגן ייִדישן פאָלק. איך בין מסכּים. נישט אַלע זענען ביי זיי פון איין שניט. אָבער זייערע דאָקטוירים, זייערע בעלי־מלאכות, זייערע לערער, וואָס לערנען מיט אונדזערע קינדער... איך דאַרף אייך זאָגן, אַז אַזעלכע איידעלע מענטשן מיט געטרייען אויספילן זייער אַרבעט וואָלט איך זיך געווונטשן. היינט וויפל מענטשן זייערע זענען אַוועק אויף דער מלחמה? וויפל טויט־ידיעות זענען שוין אָנגעקומען? איר איז איר זון אַזוי טייער, אַזוי ווי מיר און אים און אייך אונדזערע זין. אַפילו ביי די טויטן, און טאַקע ערשט ביי די טויטן איז איטלעכנס בלוט רויט, ריין בלוט, נישט קיין פאַלשס...

וואָס האָט ער אַזעלכס געזאָגט אָט דער מענטש פון וואָסערע פּופציק אָדער דריי און פופציק יאָר? ווי אַזוי האָט ער עס מיך אַרויסגענומען פונעם קאָכעדיקן עיפּוש? ער האָט מיר מיט אַ מאָל אויסגעהיילט מיינע ווונדן מיט ריינער אמתדיקייט, מיט רויִקן געדאַנק.

איך וועל שוין דערציילן דבורהלען. איך (ווי די שטומע לעלע) וועל ביי אַ געלעגנהייט עס איבערגעבן די קינדער, איבערדערציילן ווי ווייט מעגלעך ריכטיק.

וועט איר דאָך פרעגן, וואָס זשע האָט דער געזעצטער, באַפּעלצטער, זאַטער, קרעפטיקער ר'עדנער געענטפערט? טאָ הערט: ער האָט זיך נישט געקרימט, נישט געדרייט. ער האָט נאָר אַזוי ווי אַ קלער געטאָן און מיט צושטימיקייט געענטפערט

ווייטער בפני כל עם ועדה: „קאָניעטשנאָ, טאַק טאָ אָנאָ טאַק״* (פאַרשטייט זיך, אַזוי איז עס)...

און די ווייטערדיקע רייד זענען איבערגעגאַנגען צו די היינטיקע מערק, צו דעם, ווי אַזוי אַ גרויסער טייל פון דער געוועטעניש איז געבליבן אויפן פעלד נישט צונויפגעקליבן און פוילט אונטער די שנייען, אַז די מלחמה האָט זיך ערשט צעקאַטשעט, אַז אין די אָקופּירטע ערטער פילט מען שוין דאָס „גליק״, וואָס דער דייטש האָט מיט זיך געבראַכט.

איינער זאָגט, דער צווייטער ענטפערט.

אין וואַגאָן האָבן שוין געברענט ליכט. סאַראַטאָוו, זאָגן זיי ווייטער, איז שוין אַט־אָ. אָן־אָ זעען מיר שוין פייערן פון שטאָטישע ווייטערע און נעענטערע סטאַנציעס. און אָט זענען געקומען די צוויי יונגע בעזימיאַנער פריינד אונדזערע — די סאָלדאַטיקלעך (מעגלעך, אַז זיי זענען אַזוי פון בעזימיאַנע, ווי מיר זענען פון דאָרטן. מע איז פשוט דורכגעפאָרן דאָס אָרט) און זיי האָבן אונדז באַרויִקנדיק געזאָגט, אַז מיט זיי צוזאַמען וועט אונדז גרינגער זיין אַראָפּצושטייגן.

## ווייסע פאַרפרוירענע שעהען

אויך אַ רויטער וואָקזאַל, נאָר אַ גרויסער, פול מיט אַלערליי מענטשן, וואָס זשומען, ווי אין אַ בינשטאָק. די אויפדערנאַכטיקע פייערן, אַזוי ווי זיי ווייסן גאָרנישט פון קיין מלחמה. ס׳איז אַ שטאָט מיט איר האָב און גאָב, מיט איר אויף און אָפּ. מיר האָבן אין אַ שטיקל טומלדיקער ענגשאַפט אויסגעשפּרייט געלעגערס פאַר דער משפחה טאַקע אויפן דיל — בורא פּרי אדמה. נאָך אַ דאַנק גאָט דערפאַר אויך. מיר האָבן אַרום זיך, ווי ס׳זעט אויס, זייער ווילע שכנים, ווייל אין אַ גרויסן טייך זענען דאָ אַלערליי פיש. מע דאַרף זיין געהיט פון „טאַרבאָכוואַטן״, פון „קעשענע־גנבים״. דבורהל האָט זיך איינגעמאָסטעט מיט די קינדער און איך מעג גיין קריגן ערגעץ אַ זעמל אָדער אַ לעבל ברויט, כאָטש ס׳איז שוין באַלד אַרום צען אין אָוונט. גוט, שיין און ווויל. אָבער איך האָב נאָך נישט באַוויזן אָפּצוגיין, ווי עס זענען געקומען באַלעבאָסטעס, ראַמעריגס מיט די באַרשטן, מיט די עמערס וואַסער. צי מיר ווילן, צי מיר ווילן נישט — אַלע הייבן זיך פון די ערטער. אויך מיר קלייבן צו אונדזערע היימיש־געוואָרענע געלעגערס, צוריק פאַרוויקלען, צוריק פאַרפּאַקן און גיין דאַרפן מיר נישט ווייטער, נישט נעענטער, נישט איבערוואַרטן, נישט איבערשטיין. מיר דאַרפן גיין אויף גאַטס דרויסן אונטערן כמורנעם וואַרעמען הימל. יאָ, וואַרעמען! ביז מיר זענען פאַרפאָרן אַהער, האָבן מיר דאָ געטראָפן אַן אַדליגע.

* Конечно, так то оно так.

ס׳איז טאַקע נאַסלעך אונטער די פיס, נאָר ס׳איז וואַרעם. ס׳איז עפּעס ליב, איך ווייס אַליין נישט וואָס, מיר זוכן אָפּ אַ ברעטל, אַ שטיקל ציגל, די זאַכן זאָלן נישט נאַס ווערן אויפן סאַמע שניי. מיר האָבן אָנגעטראָפן אַ פּלאַץ אפשר אַ 15 מעטער די לענג, וואָס איז אויסגעלייגט מיט אַ סך ריינעם, שיינעם געפּעק. אַנדערע קריכן אַפילו איבער די פּעק. די מענטשן — ווער אין ברילן, ווער אין גרויסשטאָטישע ווינטערהיט און וואַרעמע ריינע וואַליקעס. אַ רויִקייט ווייעט פון די דאָזיקע לייט, כאָטש זייער טועכץ איז לויטן אונטערשלאַק נישט פון די רויִקע.

לאָזט זיך אויס, אַז דאָס זענען אייניקע מאָסקווער אַנשטאַלטן, וואָס ווערן אַרויסגעפירט אין אַ באַשטימטן אָרט. זיי וועלן קומען אין גרייטע דירות סיי פאַר די אַנשטאַלטן, סיי פאַר די משפּחות. האָט עס שוין גאָר אַן אַנדער טעם! מיר מעגן זיי בפירוש מקנא זיין. מיר זענען טאַקע אויך אויפן וואָקזאַל־פּלאַץ, אויך מיט געפּעק, אָבער מיר זענען אין גאַנצן הימלאָז. זיי זענען אין וועג. ביי זיי איז אַ געזעצלעכע צייטווייליקייט. און מיר האָבן נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ און גאָט ווייסט, ווען מיר וועלן אים נאָך האָבן, כאָטש מיר זענען שוין אין סאַראַטאָוו און כאָטש אַ געוויסע באַרויִקונג גיט עס אונדז — ס׳איז נישט בעזימיאַנע!

איצט זענען מיר אַוועק מיט ביילקען אויף פאַנג. און מיר האָבן אָן שום וויסן און פאַרשטאַנד זיך צוגעטשעפּעט עפּעס אין אַ געסל לעבן אַ בויד מיט ווענט און מיט אַ דעכל, וואָס לאָדט אויס ברויט און זעמל לעבן אַ קלייטל. אָבער דאָס קלייטל נעמט שוין קיין קונים נישט אויף. האָבן מיר אַ בעט געטאָן, אַ זאָג געטאָן, דערציילט פון וואַנען מיר קומען און... די לייט זענען געווען גוט צו אונדז. תּחילת האָבן זיי אונדז אָנגעקוקט און דערנאָך האָבן זיי אונדז אָפּגעשטעקט צוויי לאַנגעכיקע געקאַרבטע זעמל. מיר האָבן באַצאָלט, באַדאַנקט און גענומען זוכן איבער די ליידיקע גאַסן דעם וועג צוריק צום וואָקזאַל. מיר האָבן געהאַט די פולע רעכט אַ האַלבן זעמל אויפעסן גייענדיק. ווינטער? יאָ, ווינטער! אַ שטאָט? נאָך אַ מין שטאָט! לאָמיר אָפּזוכן דבורהלען מיט לייבעלען און לאָמיר זיך אפשר פון ס׳ניי אַריינגנבענען אין וואָקזאַל און וואַרטן אויף טאָג.

דער ערשטער געדאַנק אונדזערער איז געווען אָפּזוכן אַן עוואַקאָפּונקט — וועלן מיר דערווייל האָבן ווו אַוועקצולייגן די זאַכן, אפשר זיך רעגיסטרירן אויף באַקומען ברויט און אַנדערע שפּייז. און דערנאָך וועט מען ווייטער זען.

איצט פרעגט זיך: וויפל וועט קאָסטן צופירן די זאַכן צום עוואַקאָפּונקט? אַלץ דאַרפן מיר וויסן.

געפונען אַ פערד מיט אַ שליטן, זיך אויסגעדונגען. ווער ס׳פאָרט, ווער ס׳גייט נאָך נאָך דער פור צו פוס. אָבער דער בעל־עגלה האָט זיך געוואָלט קערעווען גיכער, האָט ער אונדז איינגעמאָסטעט איטליכן אויפן שליטן. מיר האָבן זיך אָנגעהאַלטן איינס פאַרן צווייטן מיר זאָלן זיך נישט אויסשיטן. דאָס פאַרעכץ איז

געוועזן נישט אַזוי זיס: די הענט פרירן, די פיס פרירן, ס׳פאַרבלאָזט אין די קני. אָבער מיר זענען געקומען. מיר גייען אויספרעגן, אויסקוקן. ביי דבורהלען איז דאָס פּנים צוריק פאַרזאָרגט: זי האָט געמיינט עפּעס געפינען און נאָך איידער עפּעס — אַלץ פאַרלאָרן.

— מיר׳ן אַהער נישט גיין, — רוימט זי מיר איין, — טיפוס און אַנדערע קרענק (אויך דאָס פעלט אונדז נאָך!) קענען מיר דאָ גרינג קריגן.

מיר זענען גיך אַרויס פון די נידעריקע גרויסע קאַזאַרמעס. איינציקע צעפּאַטלטע ווייבער האָבן אונדז נאָכגעקוקט. זיי האָבן, קענטיק, געוואָלט מאַכן אונדז די אמתע ברוך־הבא, אָבער מיר האָבן קיין צייט נישט געהאַט זיי אויסהערן. מיר זענען אַרויס אין הויף צו די זאַכן.

און ס׳איז ביי אונדז געבליבן, אַז ביילקע שטעלט זיך אָפּהיטן די פּעק. דער דרויסן איז נישט קיין מסוכן קאַלטער. דער גרויסער הויף איז פאַרמאַכט מיט אַ געפאַרבטן הילצערנעם טויער. אויף די דעכלעך לעבן איינציקע גאַנקעס הילכן הויכרעדערס. טאָמער האָבן מיר זיך פאַרבענקט נאָך אַ „סוואַדקע״, נאָך אַ ביסל הילכענדיקער מוזיק, קענען מיר עס קריגן בחינם, אומזיסט און אָן אַ קאָפּיקע געלט.

קורצע ווינטערדיקע טעג. מיר האָבן זיך נישט באַוויזן אַרומקוקן און ס׳איז שוין צייט איבערכאַפּן דעם צווייטן מאָלצייט. ביילקע איז מסכּים בלייבן און מיר גייען אַוועק אין דרייען זוכן עפּעס אַ „פּריפּינישטשע״ (ווו פאַרקלייבן זיך).

אין איין הויף ענטפערט מען אונדז, אין איינעם גיט מען אונדז עצות, נאָר צו עפּעס ממשותדיקס קומט עס דערווייל נישט.

מיר האָבן אין איינעם אַ הויפווינקל אַוועקגעשטעלט לייבעלען אָפּריכטן אַ קליינע באַדערפעניש און מיר האָבן ערשט פאַרשטאַנען, ווי קלאָגעדיק מיר זעען אויס: ס׳האָט זיך אים פאַר דער צייט פינף מאָל געגלוסט, צען מאָל איבערגעגלוסט. ס׳איז דאָך נאָך אַ קינד, און איצט ביז מיר האָבן אים צעשפּיליעט דאָס פּאַלטעלע, די הייזעלעך, שטייט ער, נעבעך, און ציטערט פאַר קעלט, אַ הונגעריקער, אַ מידער און קען נישט אָפּטאָן אַזאַ נויטיקע דריבנע באַדערפענישל. קוים געפּועלט ביי זיך, קוים פאַרשטאַנען, קוים אָנגעהויבן...

די מידקייט, דער הונגער, די אויסזיכטלאָזיקייט און דער ווינטערדיקער טאָג גייט אויס, ווי אַ ליכט. ווו וועלן מיר זיך אַהינטאָן?... ערשט צום סוף האָבן מיר געקראָגן אַ גוטע, אַ נוציקע עצה. אַ קלוגע פרוי האָט אונדז אונטערגעזאָגט: מיר קענען גיין אין הויז פונעם קאָלווירטלער — אַ געמויערטע געביידע מיט אַ גרויסן הויף, גרויסע זאַלן, דאָרטן וועלן מיר אָפּצאָלן פאַר אַכט טעג אָפּרי׳ער און מירן זיך קענען דערווייל אַריינצי׳ען.

יאָ, ס׳איז אַן עצה! וואָס איז אונדז דאָרט געפעלן געוואָרן? זיי פאַרמאָגן אַ גאָרקיך. די צימערן זיינען גרויס, געראַמים און כמעט ליידיק. מיר האָבן זיך

אויסגעקליבן אַ הויכן פּלאַץ — די בינע פונעם קלוב. דאָ וועלן מיר שלאָפן אויף דער ערד געראַם און ריין. לייבעלע האָט נישט קיין מורא דאָ בלייבן. מיר גייען אַוועק צו פוס צו ביילקען. זי איז שוין גוט דערפרוירן. ס׳קלאַפּט איר אַ צאָן אָן אַ צאָן. זי האָט דאָ געהאַט אַ געוווּנטשענע באַגעגעניש מיט לאַנדסלייט — חיים בלאַנקמאַן מיט ציפּורהן, אַליין געבוירענע אָוורוטשער. זיי האָבן אויך געוווינט אין קיִעוו. זיי פילן זיך פאַר אונדז אַ ביסעלע שולדיק. זיי האָבן דאָ זיינע אַ מוטער, אַ ברודער, אַ שוועסטער, נאָר זיי האָבן באַשלאָסן נישט אָפּשטעלן זיך דאָ. זיי פאָרן ווייטער.

— מיר׳ן איך ברענגען, — האָבן זיי געזאָגט, — אַ האַלבן ברויט.

און זיי האָבן מקיים געווען. דאָס ברויט איז פאַרפרוירן פון דער קעלט, נאָר מיר קייען און ס׳איז געשמאַק. נישט פאַרגעסן לייבעלען איבערלאָזן אַ חלק.

ביילקע איז שוין אַ ביסל געקומען צו זיך. איצט וועט זי גיין מיט דבורהלען און איך בלייב דאָ מיט די זאַכן. איינס אַ מיידל האָט צו אונדז צוגעפירט אַ שאָפער, וואָס באַדינט דעם עוואַקאָפּונקט. אַרום אַכט אין אָוונט באַפרייט ער זיך, וועט ער פאַרנעמען מיך מיטן ביסל זאַכן און פאַרפירן צום הויז פון קאָלווירטלער.

איצט טופּע איך אַרום די זאַכן. איצט בייס איך אַלע מאָל שטיקער פונעם פאַרפרוירענעם געשמאַקן ברויט.

סאַראַטאָוו איז אפשר פאַר אונדז צו אַ גרויס היטל, אָבער ס׳שטערט נישט. אַבי מיר זענען שוין דאָ. איצט האָב איך צייט קלערן, פאַרשטיין, איבערחזרן, באַנעמען. ווען איך וויל, קוק איך מיך אַפילו צו צום קאָנטינגענט מענטשן פונעם עוואַקאָפּונקט: הונדערט פּראָצענט ייִדן, מערער — הונדערט צוואַנציק פּראָצענט! ווי אַזוי זשע קען זיין הונדערט צוואַנציק? אפשר וועגן איבער די ווייבער מיט די קינדער? נאָר די קעלט האַלט זיי מער אין דער געביידע. שלאַפקייטן, שלעכט אָנגעטאָן, מערער זענען דאָ ייִדן פון די פּוילישע געגנטן. ס׳איז נאַטירלעך.

די הויכרעדערס ביי די דעכלעך האָבן לעבן זיך לאַמטערנעס. די לאַמטערנעס לויכטן. די הויכרעדערס הילכן. דער קאָפּ איז פאַרדולט. און אַזאַ פּראָסטע זאַך, ווי שלאָפן — גלוסט זיך. איך האָב נאָר אין דער רגע נישט פאַרשטאַנען, אַז איין נאַכט זענען מיר נישט געשלאָפן אין בעזימיאַנע, איין נאַכט זענען מיר נישט געשלאָפן שוין דאָ אין סאַראַטאָוו אויפן וואָקזאַל...

קאַלט איז כמעט אומעטום — אין פּלייצע, אין די פיס, אין די אַקסלען, אין די הענט, אין פּנים. דאָס ווינטל איז נאַטירלעך פאַרן דרויסן, פאַרן הויף, נאָר עס איז אומהיימלעך פאַרן מענטשן, וואָס איז נישט געוווינט זיין אַזוי לאַנג אויף דער גאַס און איינער אַליין היטן די פּעקלעך. ס׳קען אַ מאָל טרעפן עמעצער זאָל נאָך עפּעס צושלעפּן — דאָס איז דאָך, מישטיינס געזאָגט, באַלעבאַטישקייט פאַר פיר מענטשן אויף טאָג, אויף נאַכט, אויף זומער און אויף ווינטער. געלעגערס, שוכן, קליידער און עסן דאַרף מען דערווייל אויך פון דאַנען... בידנע, זייער בידנע. נישט איינער

האָט זיך שוין געחידושט ווי אַזוי קען אַ משפּחה פון פיר מענטשן נישט האָבן קיין פּאָר רובל אין אַ נויט, „אויפן שוואַרצן טאָג״, ווי מען רופט עס. און איך האָב איין ענטפער: בלייבן ביים דייטש האָבן מיר נישט געטאָרט. קיין חילוק נישט, צי האָסטו יאָ, צי האָסטו נישט קיין געלט.

די רעפּראָדוקטערס הילכן. זיי ווייסן נישט פון קיין הונגער, ווייסן נישט פון קיין קעלט. ס׳גלוסט זיך זיי נישט שלאָפן. מיין מוח איז פאַרדולט פון זיי. פון דער מלחמה ווייסן זיי יאָ, זיי האָבן איך משך פון די דריי שעה, וואָס איך דריי מיך דאָ אַרום, שוין עטלעכע מאָל איבערגעחזרט עפּעס איינס און דאָס זעלבע. איך ווייס נאָר נישט וואָס. דער קאָפּ נעמט נישט אויף. ס׳איז קאַלט, ס׳שלעפערט מיך. און דו ווערסט גלויבן — ס׳איז ערשט ניין אַ זייגער. נאָך אַפילו קיין פולע ניין נישטאָ. איצט גיי פאַרשטיי, וואָס עס הייסט אַ ווינטערדיקער אָוונט. ער ציט זיך אויס ווי אַן אמתע אייביקייט. איך האָב פאַרגעסן, אַז איך געפין זיך אין אַ מיט שטאָט, וואָס האָט אַזוי פיל צו טאָן און צו זאָגן. און איך מיין, אַז איך בין עפּעס אויף אַ פּוסטן שטיק פּלאַץ, וואָס איז באַלאָדן נאָר מיט לאָמטערנעס און מיט הילכערס.

אַ הונט איז לעבן מיר דורכגעלאָפן, האָט אַ שמעק געטאָן און איז אַוועק ווייטער. ווען־נישט־ווען שטעלט זיך צו אַן אינעווייניקסטער דורכגייער, ווי ער וואָלט געגאַנגען פון מנחה־מעריב, און פרעגט מיך עפּעס. ווי שלעפעריק און דערפרוירן איך זאָל נישט זיין, דאַרף איך נאָך זיין קלוג דערצו און נישט דערציילן אים אַלץ, וואָס ער פרעגט. איך קען אים דען און ווייס אים דען, ווער ער איז? ער קען זיך נאָך אַנרעדן מיט אַ שטיקל גנב און קומען אַהער עפּעס צושלעפּן ביי מיר.

ניין, פעטער, האָסט נישט געטראָפן!...

— באַלד, — ענטפער איך, — וועט מען מיר פון קאָנטאָר אַרויסטראָגן פּאַפּירן און מיך איינאָרדענען מיט די זאַכן.

זאָל זיין קאָנטאָר־שמאָנטאָר, פּאַפּירן־שמאַפּירן, אַבי זיך אָפּגעטשעפּעט פון פּוסטע נייגעריקע פראַגן. פאַר וואָס פאַרטשעפּע איך אים נישט מיט קיין פראַגן? איך וואָלט דאָך עפּעס מערער דאַרפן וויסן. איינער אַליין אין אַ ווילד־פרעמדער שטאָט. עפּעס אַ שאָפער האָט מיר צוגעזאָגט, צוגעזאָגט פעסט, פאַר וואָס זשע זע איך נישט קיין שום שאָפער?... אַן־אַ עפּנט מען דעם טויער, אַן־אַ פאָרט עמעצער אַריין, שפּעטער פאָרט עמעצער אַרויס, צי דען האָט ער אָן מיר פאַרגעסן, אַז איך בין דאָ ערגעץ אויף דער וועלט?

דאָס מיידל איז געווען אַ יידישס, דער בחור איז געווען אַ ייִד, זיי האָבן זיך אַליין אויסגערופן — רחמנות אָדער אַ חוב צו העלפן מענטשן אין אַ נויט. איך האָב שוין איינגעשטעלט, האָב אָפּגעטראָטן אַ רגע פון די זאַכן, צוגעגאַנגען צו אַ לייי־דיקער לאָסטמאַשין, עפּעס האָט מען מיר יאָ געענטפערט. וואָס? איך געדענק אַליין נישט. מע וועט קומען, מע וועט קומען, ס׳איז עפּעס געווען אַ מניעה.

ס׳איז ערשט צוואַנציק אויף צען. וויפל וועט זיך עס נאָך ציִען ?

איך צי אַרויס פון קעשענע אַ פּאָר ביסנס פאַרפרוירענעם ברויט. איך קיי און שלאָף. איך גיי אַרום און שלאָף. איצט פאַרשטיי איך שוין, ווי אַזוי מיליטער־לייט דערציילן, אַז זיי זענען געפאָרן אויף די פערד און זענען געשלאָפן. דער שלאָף האָט אין זיך אויך אַ כּוח... אָבער איך גיי דאָך אַרום. איך טאַפּ זיך ביי די פאַרפרוי־רענע הענט, איך טאַפּ זיך ביי דער נאָז, ביי די באַקן... ניין, די פּעקלעך, וואָס ליגן פאַר מיר, וואָס איך בין צו זיי צוגעבונדן מיט אומגעזעענע שטריק, די פּעקלעך זענען נישט קיין פּירעקיקע, זיי האָבן קיילעכדיקע, לעבעדיקע קאָנטורן. פון יעדער זייט זע איך פאַר זיך אַ געזיכט... אַ גרויס שיין געזיכט... אַ שטיקעלע מורא נעמט מיך אָן — ס׳איז מיין מאַמעס געזיכט!!! — אַ נאָז, אויגן, אַ גאַנץ פאַרענדיקט פּנים, נאָר אַ גרויס... פיר מאָל, פינף מאָל גרעסער, ווי אַ געוויינלעך מענטשלעך פּנים, ס׳איז אָבער פּאָרט דער מאַמעס פּנים... איך מוז צו אים צופאַלן און אים קושן...

נו, גיי שוין, — מונטער איך זיך אויף, — איך בין דאָך אין דער געגאַרטער שטאָט, ס׳איז דער הויף פון עוואַקאָפּונקט, אַ ווינטערדיקער, גערוימער (איצט ליידיקער), אויף נאַכט פאַרשטילטער הויף... אַ הויף מיט קאַזאַרמעס, וואָס זענען גרייט געווען אויסצופילן צו מיר זייער חוב. זיי האָבן מיר געוואָלט געבן אַ שטיקל קאַזיאָנע, הונגעריקע, ענגע, באַפּעלקערטע היים, מיר זאָלן אויך אומגיין צעפּאַטלט, נישט פאַרקעמט, פראַנק און פריי. איז עס אונדז נישט אָנגעשטאַנען, האָבן מיר נאָך נישט געוואָלט, מיר זענען געווינט געווען צו בעסערס... און ווידער זענען עס נישט קיין זייטן פון קיין טשעמאָדאַנעס, נאָר פּנימער, גרויסע, ליכטיקע, טייערע פּנימער... און אַלע האָבן זיי איין פאָרם, איין אויסדרוק, איין בליק: אַ גרויסער, אַ ריזיקער מאַמישער פּנים... מיין מאַמע, מיין טייערע מאַמע! איך וויל אַזוי צופאַלן צו איר, קושן זי... און די קני שטרויכלען זיך צום פאַלן, אָבער פאַלן טאָר מען נישט. ווען דו ווילסט, קענסטו זיך צוזעצן אויפן ברעג פון אַ ווייכן פּעקל, אָבער דו ווייסט גוט, אַז מע האָט דיך איבערגעלאָזט וואַכן. זעצסטו זיך נאָר אַוועק, אַזוי ווערסטו גלייך אַנטשלאָפן... הייסט עס, אַז צוויי־דריי שעה פון אַ ווינטערדיקן אָוונט אין אַ פּוסטן הויף, אין אַ פרעמדער שטאָט, צוויי־דריי ווייסע פאַרפרוירענע שעה זענען אויסגעוועבט פון מינוטן, און יעדער מינוט איז עפּעס אַזוי לאַנג, ציט זיך אַזוי אויס, אַז אַן אייביקייט איז קעגן זיי אַ שפּיל. פּנימער, בלויז פּנימער הייבן זיך אָן פון אַ בלייכן שאָטן און פילן זיך אָן, פילן זיך אָן מיט קאָליר און מיט לעבן...

אייזיקל, טרייסל זיך אָפּ, טרייסל אָפּ פון זיך דעם שלאָף! דערמאָן זיך, ווי אַזוי דו האָסט דערלעבט אַריינקומען אין לאַבינסקאַיאַ צו די אייזנבאַנער אין עשאַלאָן. אַלע זענען זיך מענטשן ווי מענטשן, נאָר דו, וואָס ס׳איז אַזאַ רחמנות אויף דיר, ביסט דער גליקלעכסטער אין דער וועלט, ווייל מע האָט דיך גענומען. דו ביסט שוין אין באַן, וועסט פאָרן... ווידער פּנימער... דער מאַמעס פּנים, די מאַמע איז אַ טייערע,

נאָר שלאָפֿן טאָרסטו דערווייל נישט. ס'טויג נישט צוליב אַ סך זאַכן. גיי אַרום, טופּע מיט די פֿיס. דערמאָן זיך דעם שעפּס מיטן אָפֿענעם אויג, פֿול מיט צער, וואָס אַפֿילו נאָכן בלוט, וואָס האָט אַ יאָג געטאָן פֿונעם איבערגעשניטענעם האַלדז, איז עס געבליבן אָפֿן און אָנגעגאָסן מיט צער... ס'איז צו דעם קיין עצה נישטאָ, ס'איז דער טויט... פּנימער... איין פּנים אַ גרויס, אַ ברייטס, אַ לעבעדיקס... די מאַמע! אַך, טייערע מאַמע, ווי דו ביסט גוט צו מיר! איך ווייס גאָר נישט, צי וועל איך ווען עס איז נאָך אַ מאָל, כאָטש נאָך איין מאָל, האָבן אַ מעגלעכקייט דיך זען אַזאַ, אַ יונגע, אַ פֿעסטע, אַ זיכערע, אַ שיינע, אמת, אָן אַ גוף, אָן אַ פּאַטשיילע, אָן קליידער, בלויז אַ פּנים, אַ גרויס, יונג, שיין פּנים, וואָס פֿאַר אַ בילד אויף אַ ליכטיק בלאַט פּאַפּיר איז עס צו לעבעדיק...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די רעפּראָדוקטערס זעגענען זיך שוין מיטן זייגער־געקלאַנג, מיטן היטן פֿון האַלבער נאַכט. צי דען איז שוין אויס מאַשין, אויס וואַרטן אויף עפּעס אַ יונגנמאַן, וועלכן איך קען נישט און איך ווייס נישט?

נאָר אָט זענען זיי געקומען צו מיר, ער מיטן מיידל. דאָס מיידל פֿאָרט אויך מיט אים. ווי אַזוי לעבן זיי עס אַזוי שפּעט מיט אַ נאָרמאַלן וואָכעדיקן לעבן?

מיר האָבן אַרויפֿגעוואָרפֿן די זאַכן אויף דער מאַשין. איך האָב פֿאַר אים צוגעגרייט עפּעס פּאַפּירגעלט אויף געצאָלטס. פֿריִער האָט ער נישט געוואָלט נעמען. איך האָב אים, דוכט זיך, געזאָגט, אַז דאָס געלט איז נישט מיינס. ס'איז זיינס, פֿאַר אים אָפּגעלייגט נאָך פֿון פֿאַר נאַכט. דער טויער האָט אונדז אַרויסגעלאָזט, האָט זיך נאָך אונדז פֿאַרמאַכט.

די זאַכן זענען צו ווינציק פֿאַר אַזאַ גערוימער מאַשין. איך בין אַליין און בין אויך זייער ווינציק.

## דורכן גיהנום צום גן־עדן

ווייטער ווינטער. ווייטע פֿרעמדע גאַסן. ווי באַלד איך פֿאָר איבער זיי, בין איך זייערער און זיי זענען מיינע. עפּעס איז שוין דאָ אַזאַ אומגעשריבענער געזעץ. דער „גיך" איז קיין גיך נישט, נאָר קיין „לאַנג" איז דאָ אין גאַנצן נישטאָ. אָט האָט ער פֿאַרקערעוועט און מיך צוגעפֿירט צום קאָלווירטלער־הויז. דאָס, וואָס איך ווייס נאָך נישט, ווייסט ער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ גאַס אַנטקעגן די טויערן פֿונעם גרויסן איינפֿאָר, נאָר נישט לעם סאַמע איינפֿאָר. פֿאַרקערט, לעם עפּעס אַ שטוב קעגן איבער דעם איינפֿאָר. ער האָט מיר געהאָלפֿן אַראָפּגעבן די זאַכן און האָט נאָך מיר באַדאַנקט, זיך נאָך פֿאַר מיר אַנטשולדיקט. ווהין איז ער פֿאַרשוווּנדן מיטן מיידל אין דער נאַכט? מן־הסתּם ווייסן זיי, מן־הסתּם דאַרפֿן זיי אַזעלכעס. ס'איז גוט,

וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב מיך, אַ פרעמדן מענטשן, צוזען מיט עפּעס. צוזאָגן, געדענקען און אויספירן דאָס צוגעזאָגטע איז זייער שיין. מערער קען איך זיי נישט און זיי — מיך. נאָר געדענקען איינס דעם צווייטן פון אַ פאַרבייגעלאָפענעם מאָמענט, וועלן מיר אפשר לאַנג.

דאָס הייזל איז געווען אַ קאָמער פאַר געפּעק. דאָרט איז געווען ליכטיק. דאָרט איז אַ פרוי, אַ יונגע, געזעסן פאַר איר טאָמבאַנק. זי האָט מיך ווינציק אויסגעפרעגט, צוגענומען ביי מיר די זאַכן מיט אַ צאָל, מיט אַ וואָג, מיט אַ וואָרנצעטל. צעצאָלט האָב איך זיך פאַר אַכט טעג פאַרויס. וואָס דאַרף איך נעמען? גאָרנישט. וואָס דאַרף איך ווייטער טאָן? איך ווייס נישט. דאָס מיידל האָט מיר דערקלערט, אַז מע וועט מיך אין דעם גרויסן איינפאָרהויז אַזוי נישט אַריינלאָזן. איך דאַרף פריִער אַראָפּגיין אונטן און צונעמען אַ באָד און „אויסברענען" די זאַכן (מיין הלבשה, הייסט עס). ערשט דאַן וועל איך זיין כּשר און רעכט פאַרטיק (פאַר אַ „קרבן" ?).

איך בין אַראָפּ אונטן. מען האָט מיר געזאָגט, אַז ס'איז שוין שפּעט. ווו בין איך פריִער געווען?... איך דערצייל זיי: פאַמיליע, זאַכן, דאָס, יענץ, גענדז, שמענדז...

גוט, די זאַכן וועט מען מיר אויסברענען. צום וואַשן זיך קאַלטע וואַסער איז דאָ. וואַרעמע? ווער ווייסט...

— נו, גוט!

און, שטעלט אייך פאָר, איך בין נישט דער לעצטער פאַרשפּעטיקטער. ס'זענען דאָ נאָך מענטשן אָנגעפאָרענע, נישט פון מיין שניט מענטשן. אַז מע וויל, אויב איך קען נאָך גלויבן און וואָס ס'נישט איז פאַרשטעלן זיך, זענען עס מענטשן אין גאַנצן נאָרמאַלע.

איך האָב זיך אויסגעטאָן. מיין העמד איז שוואַרץ, ווי די ערד, טרוקן, ווי אַ קויל. מיינע פיס זענען ביינער. מיינע הענט זענען שטעקלעך. די זאַכן מיינע האָב איך אָפּגעגעבן. מע האָט זיי צעהאַנגען און אָוועקגענומען אין אַן אויוון אַריין. וואָס וועט ווערן פונעם פוטערנעם קאָלנער אויפן מאַנטל? מילא, זאָל שוין ווערן, וואָס ס'וועט ווערן...

איך וואַש מיין דאַרן לייב מיט קאַלטלעכער וואַסער. ס'איז טונקל. ס'איז קלאָג־געדיק אַרום און אַרום. אמת, דער שלאָף איז פון מיר ווי עס איז אָוועק. מיין שכן לויט דער באָדבאַנק איז עפּעס בייז אויף מיר, קוקט אויף מיר קרום און זייטלדיקע שפּריצן קאַלט וואַסער דערלאַנגען פון אים צו מיר. לייד איך דערפון. איך בין שוין סיי ווי קיין מענטש נישט, נאָר ער שמיצט זיך, וואָרפט זיך, כּעסט זיך. געקומען צום אָנטאָן זיך, הענגט מיין קויל־שוואַרץ העמד (וואָס די שוואַרצקייט איז נאָך מער צוגעטריקנט געוואָרן צו דעם אין אויוון) פונקט לעבן זיינער. אַז דער מענטש וואַרט אין כּעס, ממש אָנגעצונדן, און נעמט זיך שעלטן מיט די ערגסטע ווערטער, אַז איך בין נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט מיך. וואָס איז עס פאַר אַ העמד?

וואָס איז עס פאַר אַ וועש? ווי אַזוי וואַג איך אַזוינס אויפהענגען לעבן זיינע זאַכן?

ווי אַזוי האָב איך עס פריִער נישט געזען, אַז דער מענטש איז, נעבעך, געערגכט? יענער יונגערמאַן אינעם לייכטן אָנטאָן מיט די טרויעריקע אויגן, מיט די מאָגערע צעקראַצטע אַקסל, וואָס האָט זיך דערפרייט מיט דער צוגעסמאַליעטער סקאַרינקע אינעם בעזימיאַנער וואָקזאַלכל, וואָס האָט אין ביינאַכטיקן קראַצן זיך אַזוי זיס טראַגיש־ווייטיקדיק געסקאַוויטשעט, ווען ער הענגט אויף זיין וועש באַנאַנד מיט מיינעם, וואָלט איך געוווען בעסער?... נו, טאָ וואָס זשע וויל איך? מיט וואָס בין איך דען מער מענטש פון יענעם אונדזערן, אַז מיין איצטיקער שכן זאָל זיך פון מיר נישט מיאוסן, ס׳זאָל אים נישט שלאָגן צו דער גאַל? נאָר גוט, וואָס דאָס טרוקענע, מאָגערע, קויל־שוואַרצע וועש איז שוין כאָטש דורכגעגאַנגען די גלִיונג אינעם הייסן אויוון. איך שטאַמל עפּעס און וויל אָפּגעבן מיין שכן גערעכט. איצט דאַרף מען שלעפּן אויפן מאָגערן לייב די שוואַרצע, געטריקנטע וועש. נאָך מער, איך האָב נישט פאַרכאַפּט קיין האַנטעך, דאַרף מע זיך נאָך מיט דעם שיינעם וועש אויסווישן אויך. ס׳איז מיר גוט, מאַמעלע, אַ מחיה. נאָר אָנגעטאָן בין איך שוין. די באַדינער טרייבן מע זאָל שוין גיכער פון אונדז פּטור ווערן. דער „אַנשטאַלט״ שליסט זיך שוין אויף נאַכט. מיין טרוקענער קאַלנער קנאַקט פון האַרטקייט און וואַרעמט נישט־צו־דער־מאָס און נישט צו־דער־צייט. איצט קען איך שוין גיין אַרויף צו מיין פּלאַץ אויף דער בינע, צו מיינע נאָענטע און ליבע... יאָ, דו קענסט שוין גיין, אייזיקל! גיי, גיי, טייערער, דו ביסט שוין דעם גיהנום דורכגעגאַנגען. איצט גיי און באַקום שוין די פאַרדינטע רו.

דורך וואַנען גיין?... נאַטירלעך, איבער די פינעף טרעפּלעך זיך אויפהייבן און איבערן דיל טרעטן מיט די פיס. ריכטיק? ניין, אייזיקל, מען לאַכט... נעם אָקאַרשט די אויגן אין די הענט, זיי אַ בריה און זוך פריִער אָפּ אַ דיל... נישטאָ קיין דיל! ווי אויף דער וועלט נישט געוווען! ס׳איז דאָ אַ דעק פון אויסגעלייגטע מענטשן. גרויסע, ריזיקע „ווערעם״, מע וואַלגערט זיך, ווי מיסט, אוי, אַ סך, אוי, אַ סך! נישטאָ ווו אַ פוס אַוועקצושטעלן!... און ביי טאָג איז דאָך דאָ געוווען אַזוי ליידיק, אַזוי פריי!... אי לופט פרייע, אי רוים פרייער. און דאָס אַלץ, וואָס דו זעסט פאַר זיך, האָט די נאַכט געבראַכט...

נו, אייזיקל!... איז שוין באו מים עד נפש, צי ס׳איז נאָך נישט דאָס? טו גוט אַ קלער. ס׳קען נאָך ערגער זיין?! און איך דערזע אין ווינקל אַ שטולעכל — אַן אינדזל פון גליק! לעבן שטולעכל שטייט אַ נאַכטשאַפּקעלע. איך דערלאַנג זיך מיט ניסים אַהין. איך צי קוים אַראָפּ דאָס מאַנטל פון זיך, שפּרייט עס אויס איבערן נאַכטשאַפּקעלע, אויפן בענקל — מאָגערער אונטן. אויפן שאַפּקעלע — די עלנבויגנס, דאָס פּנים, דער קאָפּ אויף די הענט. די הענט זענען דאָך אויסגעוואַשענע. די אויגן מאַכן זיך צו מיט אַ מידער ביטערקייט, נאָר די ביטערקייט איז דיר זיס. איך בין

פריי פון מיינע פעק. די פעק האָבן זיך אויף אַ ווײַלינקע אָפּגעבונדן פון מיר. שלאָף, מיין טייערער, אָט דאָ, ווו דו זיצסט, און זאָל זיך דיר חלומען, וואָס ס׳וועט זיך שוין טרעפן. דאָס שטולעכל איז קיסרלעך, דאָס שאָפּקעלע מיטן פּאַלטן צום אָנשפּאַרן די עלנבויגנס און דעם מידן קאָפּ — איז הימלישער גן־עדן. אָטעם אָפּ צו זאַט און זאָל דיר ווויל איינגיין.

## דער „אַנדרוויגינוס"

געחלומט, נישט געחלומט — די ביינער האָבן געבראָכן. די קני האָט ווײ געטאָן לעבן האַרטן ווענטל פון נאַכטשאַפּקעלע. אין די אויגן איז געווען ביטער, נאָר שלאָפן לאָזט מיך כאָטש נאָך אַ שעה, נאָך צוויי.

דבורהל האָט מיך געפונען אויפן דורכגאַנג אין פּאַדערצימער, עטוואָס ביי אַ זייט. זי האָט זיך מיט מיר דערפרייט, ווי מיט אַן אבן־טוב. איך וויל איר אַרויס־נעמען פון זייט־קעשענע די פּאַפּירלעך און ווייזן, אַז די זאַכן אַלע זענען אין געפּעק־קאַמער (אוי, די זאַכן!...). זי גלעט מיך, זי לאַכט: מע דאַרף נישט קיין פּאַפּירן. אפשר וויל איך איבערגיין צו זיי זיך לייגן? מען האָט זיי אַראָפּגעטריבן פון דער בינע. דאָרטן זענען געווען בילכערע „פּריצים", נאָר זיי האָבן זיך איינגעבעטן ביי אַ זייט דאָרטן. נו, זיץ שוין דאָ בעסער! מע וועט זיך באַלד צעגיין אַלע. אַ גאַנצן טאָג איז דאָ פריי און לופטיק, אַ מחיה. איך וועל דיר ברענגען אַהער צו עסן. און ווירקלעך, אַרום ניין אין דער פרי זענען דבורהל מיט די קינדער געקומען פון גאַרקיך, וואָס אינעם זעלבן איינפּאַר. ס׳איז מיר ליב צו קוקן אויף זיי. אַנטקעגן מיר פילן זיי זיך שוין ווי רויִקע און איינגעזעסענע תּושבים. מיר האָט מען געגעבן אין אַ גרויסן טעלער אַ קליינע פּאָרציע קאַשע, אָבער ס׳איז געווען גרייט און וואַרעם געקעכץ. איך האָב אויפגעגעסן, באַדאַנקט און זיי האָבן מיך אַוועקגעפירט צו „זיך" שלאָפן.

מען האָט מיך איינגעדעקט. טאַקע ווייטער אויפן דיל, נאָר ביי דער זייט בינע. דאָס איז שוין אַ מדרגה. און אין אַ שעה אַרום בין איך אַוועק זיך אָפּראַזירן און פון דאָרטן וועלן מיר ערגעץ גיין.

די שערעריי איז אַ גרויסע, אַ ליכטיקע, אַ גרויסשטאָטישע, אפשר אַפילו „אַן ערשטער קלאַס". דער מייסטער, וואָס איז געשטאַנען לעבן דעם פרייען שטול, איז אַ ייִדישער יונגערמאַן. ער איז, ווי די מערסטע טייל שערער, באַריידעוודיק, נאָר ער באַטראַכט מיך, ווי ער וואָלט נישט וויסן, ווי אַזוי צו מיר צוגיין. איך האָב אַ פּיר געטאָן מיטן בליק ווי אומגערן איבערן שפּיגל, וואָס איז די גרויס, ווי אַ פעלד, און האָב אויך נישט דערקענט ווער ס׳זיצט אַנטקעגן מיר: מאָגער, באַוואָקסן און דער עיקר פאַרפינצטערט, שטאַרק פאַרחושכט. נישט אומזיסט האָט מיך ביי

נאַכט אין דער שפּעטער באַד מיין שכן אַזוי פון אַלע זייטן מיטן פולן מויל געזידלט...
יאָ, ס׳איז שוין דאָ אויף וואָס אַ קוק צו טאָן! און אַזעלכעס האָט נאָך אין קעשענע אַ פּאַספּאָרט און אין סטאַטיסטיק ציילט זיך עפּעס, ווי אַ לעבעדיקער „איינס״.

איך האָב זיך אָפּגערופן צו אים אין יידיש און דווקא מיט אַ שמייכל. אייגנטלעך, וואָס דאַרף מיר, חלילה, זיין אַזוי שלעכט אויפן האַרצן? איך האָב זיך דאָך דערלאַנגט צו דער יבשה. די כוואַליעס וואַרפן מיך נישט אָן רחמנות. דאָ וועל איך שוין קענען קומען צו זיך.

דער שערער האָט אויך געענטפערט מיט אַ שמייכלענדיקן וואָרט. כאָטש איך בין פאַר זיין שטול נישט אַזאַ געהויבענע רעקלאַמע, האָט ער דאָך מיט נייגעריקייט מיך אָנגעהויבן אויסצופרעגן ווער איך בין, פון וואַנעט איך פאַר, „וויפל אירע זענען מיר״. ער האָט פאַר מיר אָפּגעזוכט אַ שטיקל נישטיק ליילעכל. ער איז צעמישט און ווייסט נישט צי דאַרף ער דעזינפעקצירן די שער מיט דער שערמאַשינקע פאַרן שערן מיך. גיכער וואָלט ער עס דאַרפן טאָן נאָכן שערן. איך גופא באַטראַכט זיך אין אָפּענעם געראַמען שפּיגל איבערגעהיפּערטערהייט: אַ קוק געטאָן און אָפּגעקערט דעם בליק, כאָטש איך כאַפּ אָן אָנבליק אין מיין מאַמען, וואָלט איך דאָך נישט וועלן זי זאָל מיך זען אַזאַ. אָבער סיי ווי שמייכל איך. דער שמייכל איז זיס, זיס, נאָר אויפן סוף ביטערלעך.

ער, דער שערער, האָט, לאָזט זיך אויס, באַקענטע „בעזשענצעס״. „בעזשענ־צעס״ — דאָס זענען מערסטנטייל יידן סאָוועטישע, פּוילישע און בעסאַראַבער. זייער גורל איז מיינער, מיין גורל איז זייערער. כאָטש אויך דאָ, אין דעם געמיינזאַמען גורל, ווען מע צעגלידערט אים, שיידט זיך אונטער איינעמס גורל פונעם צווייטנס. ס׳איז צווישן זיי דאָ אַ חילוק ווי פון טאָג ביז נאַכט. איינע זענען הונגעריק און נאַקעט, פרירן און קומען אָפּ, און ביי אַ צווייטן זענען שוין דאָ פאַרהאַנגלעך אויף די פענצטער, אַ בלויער טישטעך אויפן טיש און אַ הענגלאָמפּ אונטער דער סטעליע. און ס׳רעכנט זיך אויך, אַז זיי האָבן פאַרלאָרן „אַזאַ היים״ און מע „וואַלגערט״ זיך אין דער פרעמד.

אמת, די וואָס לעבן רויִק און די קינדער ביי זיי צוגעזען, זענען אַ מינדערהייט. און צוליב דער געמיינזאַמקייט פון אונדזער לאַגע וועלן זיי מיך דאָ מיטפילן מער, ווי זיי וואָלטן עס געטאָן אין דער היים.

מיינע גרויע און שוואַרצע האָר פון איבער דער שער זענען שוין אויף דעם בלעכענעם לעפל, וואָס די צוראַמערין האָט צוגעקערט. זי קוקט מיך אויך אָן ווי אָן „אַנדרויגינוס״: נישט קיין שטאָט, נישט קיין דאָרף, נישט קיין בעטלער און נישט קיין מענטש... מיין מאָגער פנים איז שוין אויך אויסגעגאָלט, אָפּגעשפּריצט און אָפּגעווישט. איך האָב זיך צעצאָלט, נאָר איך מעג שווערן, אַז דער שערמייסטער מיאוסט זיך פונעם געלט. ער פּאַכעט אָפּ מיטן סערוועטל דעם שטול, אַנדערש, ווי

נאָך אַ געוויינלעכן קונד. ער שווענקט און וואַשט די שער־מכשירים און ער איז גערן, ווען ער האָט מיך שוין פון יענער זייט טיר, ביים בעסטן און ווייכסטן מיט־געפיל, וואָס איך האָב ביי אים געפונען.

איך ווייס עס אַלץ, איך שלינג אַראָפּ מיין חרפה אין איר גאַנצן פאַרנעם. נאָר סיי ווי בין איך קיסר אַנטקעגן דעם לאַנגן אייביקייטס־אָוונט אינעם קאַלטן פוסטן הויף פון עוואַקאָפּונקט מיט די ליידיקע לאַמטערנעס און מיט די הויכריידערס. ניין, איך דאַרף זיך נישט נעמען צום האַרצן. איך מעג שוין אָנהייבן עפּעס טאָן.

אָנגעהויבן האָט זיך עס ווי אין דער מעשׂה וועגן בייטששטעקל:

פון יעדער אונטערנעמונג (נאָך אַפילו אין קיִעוו זייענדיק) האָב איך ליב זיך פריִער אומקערן אין שטוב אַריין אַ קוק טאָן, וואָס זיי טוען, דערציילן ווו איך בין געוועזן, און ערשט דערנאָכדעם קען מען שוין גיין טאָן דאָס ווייטערדיקע.

די גאַס פון אונדזער איינפאָר איז אַ גרויסע, כּמעט אַ צענטראַלע. דער נאָמען פאַסט איר: גאָרקי־גאַס. אי אַ גרויסע, אי איינע פון די צענטראַלע, נאָר נישט קיין געפּוצטע. דאָ טראַסקען דורך פאַרן טאָג אַ סך בינדיוהעס מיט שווערע משׂאוֹת פון אייזנוואַרג, פּעסער, קאַסטנס, פּעק. גראָבע, שווערע פערד טרעטן מיט כּוח אויף דער געפּלאַסטערטער ערד און שלעפּן זייער פראַכט גאַנץ ערנסט. איך האָב דרך־ארץ פאַרן פורמאַן, וואָס האָט צו שאַפן איבער אַזעלכע צוויי גראַנדיעזע חיות. די בינדיוהע פאַר אַזאַ מין אונטערנעמונג איז אויך אַ כּלי. ס'איז נישט קיין טאַטש־קעלע, קיין בריטשקעלע, ס'איז אַ מאַכינע! און דאָס אייזן ברייזגעט. און דער איינפאָר שטייט אויף אַ ראָג. אויב איין גאַס הייסט „גאָרקי", הייסט די קווערע, וואָס האַקט איבער די גאָרקי־גאַס — וואָלזשסקע. אַהין צו גיי איך נאָך נישט. פריִער דאַרף מען צוגיין אין דער היגער אָפּטיילונג פון שרייבער־פאַראיין און אין אַ רעדאַקציע אַריין, וואָס געפינט זיך אינעם זעלבן הויף.

צו קיין חרפה, צו קיין בושה זאָל אונדז נישט זיין, אין רעדאַקציע האָב איך גאָרנישט באַוויזן אויפצוטאָן. דערזען דעם בופעט־צימער אָפן, האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז אַהער דאַרף מען געוויס פאַרקערעווען.

נו, וואָס? ס'איז שוין נאָך אַלע הוויות. דאָס מיידל אינעם ווייסן כאַלאַט, וויל שוין אונטערפירן אַ חשבון, וואָס זי האָט אָפּגעלייזט, ווער ס'איז איר געבליבן שולדיק, וואָס מע דאַרף באַזאָרגן אויף מאָרגן. מיך דערזען, ענטפערט זי מיר נאָך איידער איך האָב ביי איר עפּעס געפרעגט:

— שוין גאָרנישטאָ. איין בוטערבראָד געבליבן, און קיין צוקער איז שוין אויך נישטאָ.

— אָבער אָקרעפּ אַ גלאָז קען מען ביי אייך בעטן?

אַ ווילע פרוי, אַ באַטעמטע, און זאָל איר גאָט געבן געזונט, סאַראַ מענטשלעך האַרץ זי פאַרמאָגט. זי האָט מיר אָנגעגאָסן אַ גלאָז עטוואָס קאַלאַמוטנע טיי —

נאָך גוט וואָרעם. פאַרן בוטערבראָד האָב איך געבעטן אַ פּאַפּירל, איך וויל אים דאָ נישט עסן. פאַרן אָקרעפּ האָט זי קיין געלט נישט גענומען. איך טרינק לעבן איר טאָמבאַנק. איך געדענק נישט, צי האָב איך אַ מאָל ווו עס איז געפילט אַזאַ חיות אין אַ גלעזל וואָרעמס, פון אַ גרויסן סאַמאָוואַר אָנגעצאַפּט. פון אַן אמתן גלאָז טרינק איך אַ וואָרעמען, כמעט היימישן געטראַנק, וואָס אַ ווילע פרוי האָט מיר דערלאַנגט.

וואָס בין איך? זלידניע? שלעפּער? ניין, ניין, ניין! צו וואָס אויף אַ מאָל אַזוי פיל?... דאָס גלעזל וואָרעמס, וואָס האָט זיך אומגעריכט מיר אַזוי גרינג אָנגענומען, וואָס האָט מיך אַזוי ווייך געגלעט און געוואָרעמט אינעווייניק, איז פּשוט געטלעך פיין, געשמאַק און פון גאָר אַ העכן מין, פון אַ העכער מדריגה...

איך האָב געוואָלט, ס׳זאָל זיך וואָס לענגער ציִען מיין באַזוך לעבן יענער גוטער פרוי. איך האָב איר באַדאַנקט, זיך געזעגנט, און ס׳איז מיר אַזוי גוט געווען פונעם געווינס. ס׳האָט זיך מיר אַזוי ליב געשמייכלט. רבונו־של־עולם, וויפל דאַרפסטו דען זאָלסט מאַכן גוט דער קליינינקער קיִעווער משפּחה?!...

איך האָב זיך אַליין גלייך געכאַפּט אין אַ קליינעם פּאַרזון: אַ גנבעץ איז גע־קומען צום גלח זיך מתוודה זיין אין די פּאַר־פּסח טעג: ער האָט צוגעגנבעט אַ בייטש מיטן בייטששטעקל. דער גלח האָט אים באַרויִקט, אַז די זינד איז נישט אַזוי גרויס, גאָט וועט אים מוחל זיין. די בייטש מיטן בייטששטעקל זאָל ער נעמען און אַוועק־שטעלן שטילערהייט דאָרט, וווּ ער האָט זי גענומען. אָבער דער גנב איז נאָך נישט פאַרטיק: לעם דעם בייטששטעקל זענען נאָך „געווען״ אַ גוטע פּאָר לייצעס... און לעם די לייצעס — אַ טייערער פערד... דער באַלעבאָס פון דעם פערד האָט זיך צו פיל געראַנגלט, האָט ער, דער גנב, אים מיט אַ צו שטאַרקן זעץ אונטערן האַרצן אומגערן געהרגעט... זענען דאָרט געבליבן יתומים...

דער גלח איז געווען געפּלעפּט.

איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז ביי מיר הויבט זיך אויך אָן פון אַ קלייניקייט. וואָס דאַרף דען מיין קליינינק משפּחהלע? אַ ריינע גלאָז טיי, אַ ריינעם געלעגער, אַן אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ און... אפשר גאָר אויף לענין־גאַס, צוריק אין קיִעוו, ביי זיך אין דער היים. אויף וואָס דאַרף מען דאָ דייטשן? ווער האָט זיי אַהער גערופן? זיי וועלן דאָך אויך לייגן די קעפּ. אָבער נעכייִ וואָלט עס זיין, ווי ס׳איז פריִער געווען: אַ משפּחה פון פיר מענטשן, אַ גלעזל וואָרעמס, אַ ריינער געלעגער און אין בעסטן פאַל די אייגענע קליינע היים, וואָס אין קיִעוו אויף לענין־גאַס 68.

## מקנא זיין? — ניין!

דבורה איז שוין געווען אין קעלער פון אונדזער איינפאָר. זי האָט געזוכט אַ ווינקל אויף דער פּליטע אָפּצוקאָכן אַ שטיקל פליייש (אַליין געקויפט אין אַ קראָם).

זי וויל מאַכן אַ שטיקל יום־טוב, אָנקאָרמענען איר קעניגרייך מיט אַ זעטיקן, נישט קיין טייערן און דערצו געשמאַקן מיטאָג.

זי האָט געטראָפן אין קעלער צו די וועשערינס. עטלעכע אויסגעהאָרעוועטע קריסטינס. מע ווייקט זיך, מע פּאָרעט זיך אין דער נעץ, אין דער היץ, אינעם דאַמף און אין דער עסעדיקער זייפוואַסער. זידלערייען איז ביי זיי אַ געוויינלעכער וואָכע־דיקער גאַנג. מע רויכערט, מע שמעקט טאַבאַקע. זיי האָבן דערלויבט דבורהלען זיך פּאָרען לעם זיי ביי אַ שעה צייט. זי דערציילט זיך אָן מיט חידושים פון די פרויען, יואָס האָבן נישט געזען קיין מלחמה, נישט פאַרלאָזן די היימען, נישט געוואָגלט יין דער פרעמד. און... מקנא זיין זיי אויף זייער לעבן וועט זיך נישט אָפּזוכן קיין ־עלן.

איך וואָלט אויך אַראָפּגעגאַנגען אין קעלער אַריין. איך וואָלט זיך אויך באַגעגנט יט לעבעדיקע מענטשן, וואָס קומען אָפּ דעם גיהנום אויף דער וועלט און אויך ביי זיי האָט דאָס לעבן אַ טעם און אַ מראה: פאַר איינער איז אַ גלעזל בראָנפן אַ סחורה, פאַר אַ צווייטער האָט אַ פעטע, גראָבע קללה אַלע טעמען. איך וועל צו זיי אַראָפּגיין, נאָר וואָס וועל איך זיי זאָגן? און איך וועל פון זיי דאַרפן אַוועקגיין נאָך איידער איך בין צו זיי געקומען.

גיי איך דערווייל אין דער פיליע פון שרייבער־פאַראיין, וואָס פאַרמאָגט אין גאַנצן אויף זיין פאַרמעגן צוויי שרייבמאַשינקעס און צוויי ווייבלעך. איינע פון זיי, די אויסגעפוצטע און אַן אויסגעסוכאָטעטע, וואָס מע קען מיינען פון דער ערשטער רגע, אַז זי איז אַ שלעכטער מענטש — און זי איז גאָר קיין שלעכטע נישט, נאָר פשוט אַ פוסטע כלי — איז די פאַראַנטוואָרטלעכע סעקרעטאַרין.

דער פאָרזיצער פון דער היגער שרייבער־גרופּע קומט, ווען ס'מאַכט זיך. קיין דירה קענען זיי מיר נישט געבן, ווו האָבן זיי? קיין ברויט וויל זי מיר נישט געבן, די מאָגערע סעקרעטאַרין. טאָן, טוט זי סיי ווי גאָרנישט. זי איז מיט קיין זאַך נישט פאַרנומען, חוץ אַ רכילות אין טעלעפאָן, אַ שמועס מיט דער צווייטער אָנגעשטעלטער פון געגנדז און שמענדז, איז צו וואָס דאַרף זי נאָך מיך האָבן?... דאָ זענען געווען בלאָשטיין, טערעשטשענקאָ פון קיִעוו, און דער און יענער, נאָר ס'איז זיי נישט געפעלן געוואָרן, זענען זיי אַוועקגעפאָרן ערגעץ ווייטער. ס'איז אַן אָנצוהערעניש, אַז ס'איז איר אַ קליינער קראַץ, אויב איך וועל פאַרקערעווען די האָלאָבליעס און אויך אַוועקפאָרן פון דאַנען.

איך האָב אָבער נישט געהאַט פון איר קיין איבעריקן צער: זי איז גאָרנישט. מיט ברויט האָבן מיר זיך אַן עצה געגעבן: פון קראַסנאָדאַר האָט מען מיר אומ־באַקענטערהייט צוגעשיקט קיין לאַבינסקאַיאַ אַ טעלעגראַמע (איך האָב זיי וועגן דעם געבעטן), אַז זיי קאָמאַנדירן מיך קיין סאַראַטאָוו צום שרייבער־אָפּטייל. איצט האָט זי זיך צונויפגעקלונגען מיט קראַסנאָדאַר און מע האָט איר געענטפערט,

אַז מע דאַרף מיך אומבאַדינגט באַזאָרגן מיט ברויט. די טעלעגראַמע נוצט ווי אַ דאָקומענט.

איז שוין ווייטער גוט. די דאַרע נקבה שטעלט מיר אַ שטעמפּל, אַז איך בין געקומען אין אַ קאָמאַנדירונג צו זיי, צו די שרייבער. פון דערפון איז געדרונגען, אַז די קראָם דאַרף מיר געבן ברויט אַכט טעג, אָדער צוויי וואָכן. אַז איך וועל זיך באַוויזן איינמעלדן אין סאַראַטאָוו, וועל איך האָבן אַ ברויטקאַרטל, ווי אַ מיטגליד פון שרייבער־פאַראיין.

זי, די אויסגעסוכאָטעטע, אויסגעפּוצטע נקבה פון שרייבער־פאַראיין אירצט מיך נאָך נישט, נאָר זי דולדעט מיך שוין, און זי ווייסט, אַז זי אַרבעט ביי מיר, נישט איך ביי איר. ווען איך בין ביי זיך וויפל ס׳נישט איז שטאַרקער, שאַף איך זיך מיט איר. דאָ איז אַלץ דערליידיקט אויף דעם בעסטן אופן. קיין סך בעט איך נישט. און דאָס ביסעלע, וואָס פאָדערט זיך פאַר מיר, איז דאָ. נישט צוליב זייער גוטסקייט, דאָס איז מיינס און גאַר.

פאַר טאָג גיי איך אַוועק צו אַ ברויטקראָם. איך טרעף דאָרטן אַ גרויסע ריי. נאָר ס׳איז נאָך אַלץ אַן סכּנות: אונדז, די קאָמאַנדיראָוואַטשנע, שטעלט מען אויס אַזוי, אַז נאָך יעדער פינפטן פון די היגע, וואָס האָבן ברויטקאַרטלעך, קומט אויס איינער אַן אַנגעפּאַרענער. ביי די היגע שניידט מען אויס טאַלאָנדלעך און מען גיט זיי אַרויס ברויט. ביי אונדז פאַרשרייבט מען אויפן דאָקומענט, ווען און וויפל זיי האָבן אונדז אַרויסגעגעבן. וויס איך אַליין נישט ווי אַזוי, נאָר איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען אין איינפּאַרהויז מיט צוויי גרויסע ווייסע בולקעס, קיילעכדיקע אַזעלכע, פּוכקע, ווייצענע. מיר עסן זיי פאַר איינגעמאַכטס, עסן זיי פאַר קוגל, עסן זיי פאַר קיכלעך, עסן זיי פאַר ברויט. צי וועט אונדז לאַנג נאָך קלעקן געלט אויף אויסקויפן דעם ברויט? נאָר ברויט איז דאָ צו זעט. אַזאַ רחבות, אַזאַ ברכה.

איך האָב געפּרווירן אויף דער גאַס אין דער ריי צוויי, אויב אַ סך — איז צוויי מיט אַ האַלבער שעה. און מע האַלט מיך אין כּבוד. מיין קראַסנאָדאַרער צעריבענע טעלעגראַמע גייט באַגלייך מיט אמתע קאָמאַנדירונגען, וואָס האָבן אַ רייכן אינהאַלט. דער כּוח פון אַ בוכשטאַב... די קראַפט פון אַ קיילעכדיקן שטעמפּל... ניין, איך בין אַ מענטש! איך שטיי אין דער ריי דרייסט. אַז איך קום צו דעם פאַרקויפער און צו דער וואָג, טוט אַ ציטער דאָס האַרץ, נאָר אַז איך פאַרוויקל מיינע צוויי בולקעס (אַ מאָל נאָך מיט אַ צוגאַב־ריפּטעלע) אין מיין ווייס ליאַנען שמאַטקעלע, גיי איך אַהיים צו די מיינינקע, ווי אַ סאָלדאַט אַ גיבור.

נאָך איינע אַ פּעסטונג האָב איך געדאַרפט נעמען. מיין האַרץ איז אַ שלאַבעריקס, דרייסטקייט — פאַר קיין גראָשן. נאָר אינעם זכות פון ווייב און קינדער, אינעם זכות פונעם לעבנס־אינסטינקט (ביי ווען ער איז שטאַרק, ביי ווען ער איז שוואַך, אָבער ער איז דאָ) בין איך אין דער אונטערשטער שורה אַרויס מיט זיג: אַכט טעג

האָבן מיר אָפּגעוווינט אינעם קאָלווירטלער־הויז. ס׳איז אַ פֿיינער אַנשטאַלט. אפשר וווינען דאָ קאָלווירטלער אַמווינציקסטן, נאָר פּוסטעווען קומט דעם הויז נישט אויס. דבורהן מיט די קינדער האָב איך איינגעאָרדנט אין אַ צימער מיט בעטלעך. זענען זיי שוין ביי מיר קיסרים. איך בין געבליבן אינעם אַלגעמיינעם זאַל. שכנים האָב איך אַלע טאָג אויפֿן דיל פֿאַרשיידענע, ווען שיכּורע, ווען ניכטערע, ווען שטילע, ווען אומדערטרעגלעכע — כאָטש הייב זיך אויף אין מיטן דער נאַכט און גיי זוך זיך צו אַן אַנדער פֿריי פּאַסיקל ערד, ווו מע קען זיך צושפּאַרן.

דער באַלעבאָס פֿון אונדזער איינפּאָר איז אַ יונגער, גרויסער, ברייטפּלייציקער בחור. אויב 25 יאָר איז אַ סך. ווען איך אַ מענטש פֿון וואָסערע 45 יאָר, אַ מלמד, וואָס קען קיין ביקס אין האַנט נישט האַלטן, שעם זיך, וואָס איך שטיי נאָך ברויט צווישן אַ סך פֿרויען, שעם זיך, וואָס איך בין נישט אויף דער מלחמה; ווען איך זע, ווי מע פֿירט איבער אין אַ וואַגאָן פֿאַרוווּנדעטע, מיין איך, אַז איך בין שולדיק יעדן איינעם כאָטש אַ טייל האַנט, כאָטש אַ פֿינגער פֿון אַ פֿוס, מיט וועלכער ער האָט זיך שוין געזעגנט אויף אייביק. און דאָ, אַז סע גייט אַרום אַזאַ בחורעץ אין זיין וואַרעמער פּוטערנער קורטקע, מיטן שוואַרצן רייכן פּוטער אויף דרויסן, אַ זאַט פּנים, געזונטע צוויי הענט, גוטע וואַליקעס אויף די פֿיס, בין זיכער, אַז סע שטעכט אים יעדער בליק: וואָס טוסטו, שיינער בחור־איינער, דאָ?... און אויב אַפֿילו נישט אויפֿן פֿראָנט, קענסטו נישט אַרבעטן אויף אַ גרויסער פֿראַכטשיף? אויף אַ זאַוואָד פֿאַר לאַנדשוץ? קיין גרינגערע שטעלע, ווי די, האָסטו זיך נישט געקענט צוזוכן? אַזוי האָט זיך, יעדן פֿאַלס, געדאַכט. דבורהל האָט עס איין מאָל איבערגערעדט. אַפֿילו לייבעלע, מיט זיין קינדערישן פֿאַרשטאַנד, האָט אַ זאָג געטאָן: אַ געזונטער אַרטילעריסט!... און שטעלט זיך פֿאָר, אַז דער דאָזיקער ווערגעלעץ פֿאַרגינט זיך אין איינעם אַ פֿריי־מאָרגן אונדז פֿירצוהאַלטן: צי קלייבן מיר זיך נאָך לאַנג ביי אים וווינען?...

ס׳איז זיין טאַטנס ירושה אַוודאי. ער האָט דאָ אריינגעלייגט אַ גרויסן חלק. און עמעצער קען נאָך מיינען, אַז ער שענקט אָדער ער באָרגט אונדז דאָס דירה־געלט.

איין מאָל האָט ער זיך שוין אַפֿילו צעשריגן. איך האָב אים געענטפֿערט, אַז שרייען וואָלט דאַרפֿן אַן אַנדערער, און ווען אַ קריגס־אינוואַליד שטייט אויף זיין אָרט, וואָלט ער אפשר אויך פֿאַרשטאַנען, אַז מיר זענען געקומען אַהער נישט פֿאַר נחת. ביז מיר וועלן קריגן ווו צו וווינען, האָבן מיר דערווייל אין ערגעץ נישט ווו צו גיין. אונדז איז טאַקע געוואָרן מולקאָ פֿון זיינע אַנצוהערענישן, אָבער ער האָט, דוכט זיך, אויך פֿאַרשטאַנען, אַז מע האָט אין אים אַ געפֿיל. ער האָט אַ ביסל אַראָפּ־געלאָזן זיין זשאַנדאַרמישן שטעל און דאָך האָט ער צוגעגעבן, אַז דאָ האָט די מיליציע צו שאַפֿן, נישט ער.

אייזיק דער העלד האָט זיך לאַנג געעצהט מיט דבורהלען און מיט ביילקען, ער האָט אָנגעגורט זיינע לענדן און איז אין דער פֿרי אַוועק אין מיליציע אַריין:

אַ שרייבער־משפּחה, ווינטער, אַ דירה, דאָס, יענץ... אַ דאַנק גאָט, מע האָט גאָרנישט געדאַרפט קיין סך רעדן. דער מיליציע־עלטסטער האָט פאַרלענגערט אונדז דעם איינפאָר נאָך אויף צען טעג.

— אַ־האַ!... דו שפּילסט זיך מיט עוואַקוּירטע אוקראַיִנער? זיי האָבן דאָ אַ ווערט!... איך האָב אַפילו מיטן באַלעבאָס נישט גערעדט. אַריינגעטראָגן אין קאַנטאָר די קאָפּיקעס אויף פּאַרויס. דאָס זעלבע באַצאָלט פאַר די זאַכן אין דער קאַמער, וואָס איבערן גאַס און איצט, דבורהלע, איז טאַקע צייט מיר זאָלן עפּעס צוזוכן אַ דאַך איבערן קאָפּ. די היגע שרייבער קענען פאַר אונדז גאָרנישט ניט טאָן ביי זייער גאַנצער גרייטקייט. ס׳זענען, אייגנטלעך, דאָ גאָר קיין שרייבער נישטאָ. און די, וואָס זענען דאָ, רעדן מיט מיר שטיל, אַנשטענדיק און זיי פאַרבאַהאַלטן נישט פון מיר זייער אומבאַהאָלפנקייט.

— ווענדט זיך, — זאָגן זיי מיר, — אפשר צו באַזשאַנען. זיין פרוי ווינט איצט אין סאַראַטאָוו און ער דאַרף דאָ אויך זיין די נאָענטע טעג.

באַזשאַן!... דאָס איז שוין אַן אויפגעעפנטער פענצטער צו דער פרייער לופט. ס׳איז אַ רעטונג־אינדזעלע. וויפל איז גלאָט ווערט דערזען אַ היימישן מענטשן אין דער ווייטער רוסישער שטאָט?

## מן־הסתּם דאַרפט איר אויפן „סענאַי״?

דבורהס מיט די קינדערס אַלקער, ווו זייער בעטל געפינט זיך צווישן נאָך עטלעכע פרוּישע בעטלעך, זעט מיר אויס כּסדר ווי אַ חדר פון אַ קראַנקנהויז. צוויי מאָל אין טאָג עסן מיר אין דער גאַרקיך. ס׳איז אָרעם און וואָכעדיק, דאָך איז עס פאַר אונדז אַ שטיקל גאָטעסדינסט: מיר קלייבן זיך אויף און גייען אַלע אין פירן אַהין דורך די דרויסנדיקע טרעפּ; מיר פאַרנעמען אַ טישל, מיר קוקן זיך צו צו די פּנימער פון כּמעט באַקענטע און אין גאַנצן פרישע, נישט קיין באַקענטע, באַזוכער. מיר וואָלטן וועלן, אַז אונדזער זיין דאָ זאָל זיך אַ ביסעלע פאַרציִען. מע זיצט צווישן עסערס, צווישן טישלעך. טעלער, לעפל. אויף יעדער טעלער אַ ביסעלע הייסע, מאַסקע קאַשע, ווען הירזשענע, ווען גרעטשענע. מיר עסן לאַנגזאַם. אַן אַנדערש מאָל פאַרגינען מיר זיך נעמען צו צוויי פּאָרציעס קאַשע. דאָס איז שוין אַ הוצאה. בעסער נעמען אויף פיר מענטשן זעקס פּאָרציעס און פאַרגרעסערן מיט דעם יעדערן זיין חלק.

„סאָלאָנינע״ (געזאַלצן פליישׁ), וואָס איז אַלט און שטייט שוין לאַנג אין פאַר־פּאַקטע פעסער, איז איצט אַ גאַנץ אַנטיקל. נישט אַלע מאָל קענען מיר זיך פאַרגינען אַזאַ נאַרהאַפטע שפּייז. קיין סך גיט מען נישט. פון געשמאַק איז עס ווייט, נאָר איבערעסן זיך מיט דעם וועט נישט אויסקומען. נאָכן עסן טראָגן מיר אָפּ אונדזערע

רעשטן אין שטוב אַריין. מיר זאָגן אָן די קינדער, וואָס צו טאָן און מיר גייען מיט ־בורהן קוקן דירות. אַ שעה צוויי קענען מיר אויסגעבן דערויף, ווייל מיר ווערן מיד נישט אַזוי פונעם גאַנג, ווי פון די אומזיסטע גענג. אַ מאָל גייען מיר לויט אָן אָנווייזונג, אַ מאָל צעפרעגן מיר זיך גלאַט איבער פרעמדע אומבאַקענטע הויפן.

מיר זענען אַריין אין אַ טראַמוויי־וואַגאָן, די שטאָט קענען מיר נאָך ווינציק, און מיר האָבן זיך דערשראָקן: מיר האָבן נישט געטראָפן קיין פאַרשוינענע. מיר האָבן דערזען אומגעוויינלעכע איבערשטע און אונטערשטע לאַנגע בענק, הענגוויגן, אַזעלכע ווייכע בעטלעך. ס׳איז אָן אויסגעשטאַטער וואַגאָן צום איבערפירן פאַר־וונדעטע. דערצו האָט נאָך די קאָנדוקטערין אונדז באַליידיקט מיאוס און נישט פאַרדינטערהייט. זי האָט געזאָגט:

— מן־הסתם דאַרפט איר אויפן „סענאַי״? איר האָט געטראָפן נישט אַהין!...

זי איז פון דעם זעלבן שניט, וואָס דער באַלעבאָס פון אונדזער איינפאָר. אַ יונגע. אַ געזונטע. אַ זאַטע. אַ זאַרגלאָזע. אַז אָך און ווי צו די יאָרן, אַז זי איז עס די געליטענע, דער נעבעך, און מיר זענען די פאַרמעגלעכע רייזנדע, די „קוראָרט״־לייט.

„סענאַי״ — הייסט דאָ דער גרויסער אַרומגעצוימטער מאַרק, איינער פון די גרעסטע היגע מערק. די טריפהנע צורה, אָט די זאַטע נקבה, וואָס האָט זיך איינ־געאָרדנט לעם דעם שפּיטאָל, ווו פרעמדע ווייטיקער פאַרשאָפן איר נישט קיין שמערץ, האָט דערקענט, אַז מיר זענען יידן, און ווי־באַלד יידן, איז זייער איינציקער „באַרוף״ האַנדל און זייער איינציק פּלאַץ — דער „סענאַי״. ס׳אַרט זי ווינציק וואָס אויב ס׳זענען דאָ פיינע אָנשטענדיקע קריסטן, געהער זי נישט צו זיי. אָט אין דעם שטעקט דאָך איר קענען באַליידיקן אומזיסט און נישט אומשולדיקע מענטשן. ס׳אַרט זי נישט אָפּפאָרן גראָב, זאַלצן יענעם אויף די ווונדן.

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען פונעם וואַגאָן אָפּגעבריטע דאָפּלט: אַ וואַגאָן, אין וועלכן מע פירט פאַרוווּנדעטע — אַ גוט „חן־פינטעלע״ פון דער מלחמה, אַזוי זיך אין מיטן שטאָט, אויף אַ רעזערוו־קאַליע און... אויפן פרישן פאַטשין — אַ באַליי־דיקונג, נישט קיין פאַרדינטע. און פון וועמען? פון אַ זאַטער, גראָבער נשמה, וואָס האָט אפשר נאָך קיין גוטע זאַך אין איר לעבן נישט אויפגעטאָן.

## ווי אַזוי רופט מען דיך, טאָכטערל?

יאָ, פאַרשיידענע מענטשן זענען געווען אויף די בעטלעך אין איינפאָרהויז און באַזונדערס ביי דבורהן מיט די קינדער אינעם גרויסן שלאָפצימער. דער עיקר פרויען. יעדע פרוי — סיי עלטערע, סיי יינגערע — האָט געהאַט איר געשיכטע, אירע פאַסירונגען, אירע שקאַרמיצלעך מיט עסנוואַרג, אירע סלאַיקלעך מיט רפואות,

אירע ברייוועלעך דורך פּאָטשט און אירע מאַנצבילן באַזונדער. אויך דאָ זענען אַלע געווען „געזעצלעכע“, און מיר נאָר „איינגעבעטענע“ — צי ווייל דער „ווינט“ אין די קעשענעס, צי פּשוט נאַטורן אַזעלכע.

צווישן אַלע איינוווינער אינעם פּרויען־צימער ביי דבורהלען האָט זיך באַוויזן אַ פּנים־חדשות: אַ מיידעלע פון אַ יאָר זיבעצן, אפשר ווינציקער. ווער זי זאָל נישט זיין, אָבער זי האָט אויסגעזען אַן אַנדערע. אפשר אויך אַ ייִדישע? נאָר קיין וואָרט ייִדיש קען זי נישט און האָט אפשר עס קיין מאָל נישט געהערט (אין דעם זין, וואָס אויב מעכאַניש געהערט, האָט עס צו איר גאָר קיין שייכות נישט געהאַט). אַ קליינס, אַן איידעלינקס. שוואַרצע, צעלאָזענע, נאָר ווינציק־געקעמטע האָר. שוואַר־צע, ליבע, שמייכלענדיקע אויגן. אַ ווייל פּנימל. איינע אַליין — נישט קיין עלטערן, נישט קיין שוועסטער, נישט קיין ברידער, נישט קיין פריינד, נישט קיין אויסלייזער, ווי זי וואָלט זיי קיין מאָל נישט געהאַט. און פאַרט שיין און פאַרט ליב. נישטאָ אויף איר קיין וואַרעמער מלבוש אויפן לייב. אויף די פיס — שטעקשיכלעך אָדער קאַלאָ־שעלעך, נאָר נישט קיין שיך. און אַ גרויל נעמט דיך דורך: די פיס זענען ביי דעם קינד אַרומגעפרוירן, כּמעט ווונדן. מיט די הענט איז אַ ביסעלע גרינגער.

פון וואַנען איז עס? ווי אַזוי האָט זיך עס אַהער דערשלאָגן? ווי אַזוי איז עס לעבן געבליבן? און ווי אַזוי וועט עס לעבן? זי האָט דאָ אַ בעטל, דער עולם איז איר באַהילפיק. אַפילו מיר, די „גבירים“, האָבן אַרויסגענומען אַ פינף־רובל־שטיק און איר געגעבן. דבורהל האָט מיר געזאָגט, איך האָב דערלאַנגט פון קעשענע. דבורהל האָט עס מיר געגעבן.

אין אַ האַלבער שעה אַרום — דאָס מיידל איז שוין געווען אין גאַס. זי איז שוין צוריק אין צימער. ס׳טרעט פּאַרזיכטיק אויף די פאַרווונדעטע פיס און... ס׳עסט צוקערקעס (קאַנפעטן). דבורהל רוימט עס מיר איין, ביילקע מיט לייבעלען פאַר־שטייען עס נישט, אָבער אין כּעס קען מען אויף דעם דאָזיקן קינד נישט זיין. מיר האָבן מיט איר נישט אויסגענומען אויף וואָס מיר גיבן איר די פינעף רובל. עלעהיי וואָס? מיר האָבן אַליין נישט... איז עס דאָך נישט איר שולד דערביי. ס׳געפעלן איר בעסער קאַנפעטן, איז זאָל זיין קאַנפעטן. זי באַהאַלט זיך דאָך נישט מיט זיי. אַן אַנדערע וואָלט געגעסן די קאַנפעטן אין קלאָזעט, וווּ קיינער זעט נישט. ניין, זי גייט אַרום צווישן די בעטלעך לעם דעם לענגלעכיקן טיש. די ווונדן אויף די אָפּגעפרוי־רענע פיס טוען שרעקלעך ווײ. די זאָקן דאַרף מען דערנאָכדעם מיט אַלע מיטלען אָפּווייקן, אָפּקלעפּן. אָבער דער שיינער קאָפּ האָר, דער יונגער בליק און דאָס גאַנצע קליינע געשטאַלט רייסן זיך צו פרייד. ס׳איז אַ צער. ס׳איז אַ רעטעניש. ס׳איז אַ שיינקייט. ווי אַזוי רופט מען דיך, טאָכטער שייניננקע?... וואָס טוט זיך עס מיט דיר און וואָס וועט פון דיר, אין אַזאַ בהלה־צייט, ווערן?

ווער ווייסט?

## לאָמיר האָפן, חברים

דבורהל טרעפט אין וועשעריי אין קעלער אַריין. זי האָט שוין אַהין אַן איינגאַנג. זי האָט שוין דאָרט אַפילו חברטעס.

מיר טוט באַנג, וואָס מיר זענען נישט צוזאַמען. מיר זעען זיך אַ גאַנצן טאָג, נאָר מיר זענען דאָך נישט צוזאַמען.

לייבעלע זיצט אויפן בעט. לייבעלע און ביילע שפּאַצירן ווינציק. נאָר מיר פאַרהאָפן, אַז ס׳וועט זיך איינלאַדען. לייבעלע וועט נאָך גיין אין שול אַריין, ביילקען וועט זיך נאָך געפינען אַרבעט. ס׳וועט זיין, ס׳וועט נאָך אַלצדינג זיין.

ווו נעמט מען אַ דאָך איבערן קאָפּ? מיר זענען נישט אין דרויסן, נאָר מיר האָבן נישט קיין שטוב. מיר זענען נאָך אַפילו נישט פאַררעכנט אין דער דאָזיקער שטאָט. צווישן די הונדערטער טויזנטער נעמען אין די צעטלען אויף באַקומען שפּייז־קאַרטלעך זענען נאָך אונדזערע נעמען נישטאָ. דאָס קינד אין בויך דאַרף זיין צוגעפּעסטיקט צו דער מאַמעס נאָפּל. אַנדערש וועט עס נישט האָבן פון וואַנען ציִען חיונה אַפילו ביי דער מאַמען אין בויך.

און אָט זענען מיר שוין ביי באַזשאַנען אין פּאָדערצימער. ס׳רעדט זיך אַזוי ביי באַזשאַנען... באַזשאַן איז אַן אָנגעזעענער מענטש, אַ פּאַרנעמע געשטאַלט אויף אוקראַינע. ער וווינט דאָ אויך אין אַ פרעמדן הויז, אין איין צימער מיט זיין פרוי, און אפשר נאָך מיט אַ קרובה. אָבער אַנטקעגן אונדז איז עס אַ ליכטיקער צימער מיט אַ טיש, מיט אַ געוועקסלטן דיל, מיט פאַרהאַנגען אויף די פענצטער, מיט אַ טישטעך אויפן טיש. און מיר וואַרטן אין פּאָדערצימער. מיר — אַ מאַגערע הויכע ייִדענע (זי איז נישט קיין ייִדענע דבורהל, זי איז אַ ייִדנס אַ ווייב). לעבן איר — אַן אויסגעמאָגערטער ייִד, גאַנץ שלעכט געקליידט, דאָס בין איך. און איר זאָלט נישט זאָגן, אַז באַזשאַן האַלט אונדז אין פּאָדערצימער איבער זיין פריצישער נאַטור. ס׳וואָלט געווען אַ טעות און אַן אומרעכט אַזוי צו טראַכטן. ס׳איז נאָך פּשוט פּרי. ער איז ערשט פון געלעגער. אָט האָט ער זיך אָנגעטאָן, זיך אויף גיך איינגע־וואַשן און ביידע, אי ער, אי זיין שיינע, יונגע, שטאַלטנע און אויסגעוואַרעמטע פרוי, בעטן אונדז אין צימער אַריין, בעטן אונדז זיצן, בעטן אונדז אפשר ווילן מיר מיט זיי אויסטרינקען אַ גלעזל וואַרעמס.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ זייט און מיר האָבן דערציילט: אַז ביילקע איז פאַרשלאָפט געוואָרן אין באַטייסק, זענען מיר אָפּגעשטאַנען פון אונדזערע...

דאָס דערציילן די זאַך, ווי זי איז געווען, האָט געמאַכט דעם געהעריקן איינדרוק. אונדזער אויסזען האָט אין קיין זאַך נישט ווידערגעשפּראָכן. באַזשאַן האָט אַ פּאָר מאָל אַ זאָג געטאָן:

— יאָ־אָ־אָ... — און ער האָט פאַרקיילעכיקט אונדזער שמועס מיט פאָלגנדעס:

— לאָמיר האָפֿן, חברים, אַז ס׳וועט נאָך אַ מאָל זיין גוט. איצט וועל איך אייך געבן צו מאַמיקאַניאַנצן אַ צעטעלע, מע זאָל אייך אַרויסגעבן טויזנט רובל. צווייטנס, זאָלט איר זיין אין געגנטקאָם ביי ווינאַגראַדאָוון. איר וועט זאָגן, אַז איך האָב אייך געשיקט. איר וועט זאָגן, אַז איר זייט פֿון קיִעוו, פֿון שרייבער־פֿאַראיין. איך פֿאַרהאָף, אַז ער וועט אייך עפּעס אונטערזאָגן וועגן אַ דירה.

מיר האָבן געזעגט, אַז ער רעדט מיטן גאַנצן האַרצן, אַז טאָן וועט ער פֿאַר אונדזערט וועגן אַלץ, וואָס ס׳איז מעגלעך. און מיר האָבן געדאַנקט גאָט, וואָס ס׳זענען נאָך דאָ מענטשן אויף דער וועלט. אויך די פֿרוי זיינע האָט אויף אונדז גוט געקוקט און נישט געוואַרט אויף דער מינוט, ווען מיר וועלן זיך אויפֿהייבן אויף אַוועקצוגיין.

מיר זענען פֿון זיי אַוועק, ווי מע גייט פֿון אַ גוטן דאָקטער — געהאָלפֿן מיט געזונט און מיט פֿאַרגרינגערונג.

## נישט פֿילן זיך ווי אַן אָרעמאַן

ביי דעם קליינעם קמצנישן משפּחהלע איז פֿאַרקלאַפּט דער קאָפּ מיט זאָרג. אַ צימערל אויף צו וווינען. ס׳איז אי מעגלעך, אי אוממעגלעך. אַז ס׳וועט זיין אַ ווינקעלע אויף צו וווינען, וועט מען אונדז איינמעלדן. זענען מיר איינגעמאָלדן, איז אין שרייבער־פֿאַראיין פֿאַראַן אַ קאַרטל אויף ברויט און אויף שפּייזפּראָדוקטן. אַ קאַרטל אויף יעדן פֿון אונדז.

דערווייל גיי איך אַלע פֿאַרטאָג, אַז ס׳איז נאָך פֿינצטער אין דער ריי מיט מיין צעריבענער קראַסנאַדאַרער טעלעגראַמע. מאַכט זיך אַ מאָל אַ מאַגערע, אַן אויסגע־דאַרטע בהמה — פֿעל און ביינער — און זי צאַפּעט זיך, גיט אַלע טאָג דאָס קאַפּל מילך אַן שווועריקייטן, אַן בלוטצאַפּעניש, אַן עקשנות און אַן בזיונות.

אַז מיינע לייט דערוואַרטן זיך אויף מיר מיטן ברויט, גייען מיר אין סטאָלאָווע אַריין. דער וועג איז שוין אַן איינגעזהזרטער. די טויזנט רובל האָט מאַמיקאַניאַנץ צוגעזאָגט אַן פֿאַרזאַמונג צושיקן אונדז פֿון אופֿאַ. לויט ווינאַגראַדאָווס אָנווייזונג גייען מיר אין הויז־פֿאַרוואַלטונג אָדער הויזפֿאַרבאַנד. ווינאַגראַדאָוו איז אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, אַ שטאַלטנער, אַ וווקסיקער און, מיר וואָלטן שווערן, זייער אַן אָנגענעמער. ער האָט מיט אונדז פֿאַרבראַכט אפֿשר פֿופֿצן מינוט. דאָס איז געווען אין אָוונט, ווען ער האָט אונדז געקענט אויפֿנעמען. געגאַנגען זענען מיר מיט מורא, מיט איינשטעלעניש, מיט אַראָפּגעפֿאַלנקייט ביי זיך. געזעסן זענען מיר ביי אים מיטן גענוס פֿון אמתער באַרויִקונג און אָפּרו. אָט אַזעלכע פֿופֿצן מינוט קען מען צעפֿירן אויף אַ גאַנץ יאָר מיט זיינע שווועריקייטן. דאָס זענען אַזעלכע טראָפּנס, וואָס דו דערפֿילסט גלייך פֿון זיי אַ פֿאַרגרינגערונג, אַ גענעזונג.

אַן אָנווייזונג האָט ער אונדז גלייך די ערשטע רגע געגעבן אין ווינונג־פאַרבאַנד. און דאָס איבעריקע האָט ער מיט אונדז געשמועסט, ווי מיט זײַנע גלײַכנס. איך זאָל אים דערציילן, ווי אַזוי שרייבער האָבן געלעבט אין קיִעוו, וואָס פאַר אַ וואָג ס׳האָט געהאַט צווישן די שרייבער די יִדישע ליטעראַטור. ווער לייענט יִדיש? וואָס שטעל איך מיט זיך פאָר? אין גרויסן פרייען קאַבינעט איז געווען שטיל, צי וויל דער טאָג איז שוין לאַנג געווען אַוועק, צי ער האָט אָנגעזאָגט מע זאָל אים נישט שטערן.

— ס׳וועט אַלצדינג זיין, — האָט ער אונדז געזאָגט, — אַז ס׳וועט עפּעס אויסקומען, זאָלן מיר צו אים אָנקלינגען. וועט ער ווייטער זאָגן, ווען מיר וועלן קענען צו אים אַריין.

און ער האָט זיך מיט אונדז צעזעגנט, ווי מיט גלייכנס.

מיר בייטיקן זיך אין גוטע, אָרנטלעכע מענטשן. ווען איך בין אויף באַזשאַנס אָרט, צי וואָלט איך אויך אַזוי געקענט אויפנעמען אַ נויט־באַדערפטיקן? ווען איך בין אויף ווינאָגראַדאָווס אָרט, צי וואָלט איך אויך אַזוי געקענט געפינען צייט און געמיט, אַז דער אָרעמער זאָל זיך אין זיין אָנווענזנהייט נישט פילן, ווי קיין אָרעמאַן? די דידענקאָס, לייטן פון אַ סך אַ קלענערן פאַרנעם, האָבן עס אויך גוט געקענט, און אָן שום אַגיטאַציע האָבן זיי, ווי ווייט מעגלעך, אויסגעוואָרצלט פון אונדז דעם „אָרעמאַן”.

גאָר אַנדערש איז געווען אין ווינונגס־פאַרוואַלטונג. די שמאָלע שאַליווקע קאָרידאָרלעך, דאָס מיסט אויפן דורכגאַנג, דאָס נישט וויסן, ווען מע קען טרעפן דעם באַלעבאָס, — איז דער באַלעבאָס אַליין שוין געווען ביליק און נישט ראַיעל אויף דורך און דורך. ביז מיר האָבן זיך דערשלאָגן... און אַז מיר האָבן זיך שוין דערשלאָגן — די נישטיקייט און די ווערטלאָזיקייט פונעם ענטפער! מע האָט אונדז נישט אַרויסגעטריבן, מע האָט אונדז נישט אָפּגעזאָגט, מיר זענען דאָך אַהער געקומען פון אַ געהויבענעם, בכּבודיקן אַנשטאַלט. נאָר דאָ דאַרף מען, ווייזט אויס, קויפן, וואָס מע באַדאַרף. און ווען מיר האָבן מיט וואָס צו קויפן, וואָלטן מיר זיך באַגאַנגען אָן זיי.

אַגב, פלעגן מיר זיך טרעפן ביי דער טיר אין איין ריי מיט אָנגעזעענע מיליטער־לייט, וואָס האָבן אַ ביסל מערער וואָג, באַזונדערס אין דער איצטיקער שעה, ווען דער מיליטער־מאַן האָט גאָר ווינציק צייט צו פאַרנעמען זיך מיט וואָכעדיקע זאַכן. וואָס האָט מען זיי געענטפערט? מיט וואָס זענען זיי אַוועק? דאָס איז אונדז נישט באַוווּסט. מיר זענען אַלע מאָל אַוועק מיט ליידיקן.

— איר וועט קומען... — אַז ס׳וועט זיין...

— גייט אין יענע און יענע הויז־פאַרוואַלטונגען (אין עק שטאָט), צעפרעגט זיך צי האָבן זיי פרייען ווין־שטח.

מיר זענען געגאַנגען. מיר האָבן זיך אָפּהענטיק געפרעגט. ס'איז גאַרנישט. און דאָ, פון אונדזער איינפאָר, וועט מען שוין אונדז אין גיכן מיט גוטן, צי מיט בייזן, אַרויסבעטן. און ווען מע זאָל אונדז אַפילו וועלן האַלטן, צי איז עס פאַר אונדזער קעשענע צאָלן פאַר יעדער מענטשן באַזונדער אַלע אַכט טאָג אַפּריִער?

אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ווינאָגראַדאָוו האָט אָנגעקלונגען צו אַ דעפּוטאַט, ניקיפאָראָווא — הייסט זי. מיר האָבן זי געדאַרפט טרעפן אין שטאָטראַט.

ווייטער אַ ליבער מענטש, אַ פּשוטע פרוי פון אַ יאָר פערציק. נישט קיין גרויסע, נישט קיין אויסגעפּוצטע, באַשיידן, ריין, אמת מענטשלעך. מיר האָבן ביי איר אַ ווערט פון מענטשן (שרייבער? שרייבער איז אויך נישט קיין פּשוטע קליי־ניקייט, אַדרבא), און מיר האָבן דערפילט, אַז מיר האַלטן זיך שוין פאַר אַ קליאַמקע, וואָס איז צוגעפּעסטיקט צו אַ ממשותדיקער טיר. די טיר וועט זיך עפענען אין אַ צימערל אַריין, מעג זיין אַ קליינינקס, אָבער פאָרט מיט אַ סטעליע, מיט אַ דיל, מיט אַ פענצטער. און ס'וועלן דאָרטן שטיין אַ בעטל, אַ טישל, אַ בענקל. גיב גאָט, לאָמיר שוין אויפגעריכט ווערן דערוויל מיט דעם!

ניקיפאָראָווא האָט ביי מיר גענומען מיין דערציילונג „נישט באַשערט", און די קינדער־זאַמלונג „דער שיפער" אין רוסישער איבערזעצונג. זי האָט צוגעזאָגט עס מיר אומקערן אין דער צייט. זי ווייסט, אַז דאָס זענען ביי מיר די איינציקע שטיקער באַלעבאַטישקייט. געזונט זאָל זי זיין! פאַר מיר אין די אויגן האָט זי געקלונגען און געפרעגט פאַר ביילקעס וועגן אַרבעט. איך בין איר נישט צו לאַסט. יעדער מאָל נעמט זי ביי מיר אָפּ אַ דין־וחשבון פונעם אָפּגעטאָגענעם. זי האָט מיך פאַרבונדן מיט נאָך אַ פרוי, וואָס פאַרוואַלטעט אויף גאָגאָל־גאַס מיט עטלעכע הייזער. יענע וווינט מיט אַן אַלטער מוטער אין אַ גרויסן צימער באַשטעלט מיט אַ סך בלומען. ביי זיי איז אַ פּשוטע אויסשטאַטונג, נאָר אַלץ איז ריין. זי רעדט מיט מיר אויך, ווי מיט אַ מענטשן. זי זאָגט, אַז עפּעס וועט מען מוזן געפינען. צי וועלן מיר קענען גיין די ערשטע צייט אין אַ קליין צימערל פון עלף מעטער?

— אויב די שכנים זענען שטילע מענטשן?

— דאָרט זענען נישטאָ קיין סך שכנים. די יודינס, די ליפּאַטאָווס און איר וועט זיין. ס'איז אַן איינשטאָקיק הויז. אַ קליין הייפל. ביי דער ליפּאַטאָווע איז דער מאַן אויף דער מלחמה. דאָס עלטערע יִינגל — אויך אויף דער מלחמה. דאָס קלענערע יִינגל איז מיט איר. זי וועט בלייבן ביים גרויסן צימער און אייך, וועל איך ביי איר פועלן, זי זאָל אָפּטרעטן דאָס קליינע צימערל. איך גלויב, אַז איר וועט מיט זיי קענען הויזן. די יודינס זענען צוויי שטילע מענטשן. ער איז אַ יוריסט, פאַר נאַכט קומט צו גיין אין הויז־פאַרוואַלטונג (זי האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס). איך וועל אָפּזוכן אַ פרייע מינוט און וועל אייך צונויפפירן. ביטע, ניקאַפאָראָווא האָט מיר וועגן אייך אַלץ דערציילט.

ליכטיקע נעמען פאַר מיר: דידענקעס, פּיסאַרעווסקי, זאַקליאַפּענקאָ, באַזשאַן, ווינאַגראַדאָוו, ניקיפאָראָוואַ... איך דאַרף, איך דאַרף גוטע מענטשן! און איצט די דאַרינקע, ריין אָנגעטאָנענע, גאַנץ פּשוטע וואַסיליסאַ פאַנקראַטיעוונאַ. ווי אַזוי זי איז מיר טייער מיט יעדער שטיל ערלעך וואָרט!

אַנאַסטאַסיאַ ליפּאַטאָוואַ און יודינען קען זי אַ ביסל לענגער, ווי מיך. זי איז אויסגעוואַקסן פאַר זייערע אויגן, נאָר מיט מיר רעדט זי, ווי איך וואָלט געווען מיט איר איינס, און צו יענער דאַרף מען מיט פאַרשיידענע אָרנטלעכע מיטלען צושטיין פאַר אַ קאָמפּאַניע.

דבורהל איז געגאַנגען מיט מיר. לויט ליפּאַטאָוועס רייד האָבן מיר געקענט פאַרשטיין, אַז זי איז מיט אונדז זיכער, באַגלויבטע מענטשן האָבן זיך פאַר אונדז איינגעשטעלט, האָבן מיט זייער כּבוד פאַר אונדז קאַווירט.

אַ שמאָל, קליין צימערל, דאָס הילצערנע בעט, וואָס שטייט אַ צענומענס (ס'שטעלט זיך צונויף מיט אייזערנע שרויפן), וועלן מיר קענען נוצן. ס'שטייט לעבן סטאָליאַר־ווערקשטאַט אונטערן דעכל ביים סאַמע שטובוואַנט. מיר וועלן דאָ אויך קענען האַלטן האָלץ.

אין בין גרייט טוליען צו זיך און קושן יעדער אָנטיילנעמער פון דער דאָזיקער, מיט ניסים, זיך אויסוועבנדיקער אונטערנעמונג.

ליפּאַטאָוואַ האָט געהייסן אונדז קומען מאָנטיק. מיר זענען געקומען שבת פאַר נאַכט.

— צו וואָס זשע האָט איר זיך אַזוי געדאַרפט איילן, — פרעגט אונדז ליפּאַטאָוואַ און דאָס אַליין רופט ביי איר אַרויס אַ שטיקל פאַרדאַכט.

— אַ באַקענטער, וואָס פאָרט אַוועק, האָט אונדז געהאָלפן צופירן די זאַכן. מיר זענען דאָ פרעמדע, מיר האָבן דאָ קיינעם נישט.

— וואָס הייסט עפּעס קיינעם נישט? נו, און וואַסיליסאַ פאַנקראַטיעוונאַ?

— גערעכט, וואַסיליסאַ פאַנקראַטיעוונאַ ווייסט פון אונדז. זי איז אונדז, ווי אַ שוועסטער.

— און אייער יאַטל, ווי אַזוי הייסט ער דאָרטן? ליאָנקע? ליאָשקע? ער וועט מיר נישט איבערקערן די שטוב?

— אַנאַסטאַסיאַ אילאַריאָנאָוונאַ, — האָט שוין דבורהל גערעדט צו איר, ווי צו אַ היימישער, — פאַר די קינדער פאַר אונדזערע זאָלט איר זיין פולקאָם רויִק. זיי וועלן קיין שפּענדל פון דער ערד נישט אויפהייבן, אידער זיי וועלן זיך נישט אָנפרעגן.

— נו, געדענקט זשע, מיינע זענען אויף דער מלחמה. איר וועט מיר נישט מאַכן ענג. נאָר איך זאָל פון אייך נישט האָבן קיין צרות.

— זייט רויִק, — האָבן מיר פון ביידע זייטן ווי אומגערן זי אַ גלעט געטאָן,

זי, די טרוקענע, נאָך נישט שטאַרק געעלטערטע פרוי, מיטן ערדקאָלירענעם פּנים...
-- מיר וועלן זיך פירן, ווי פריינד, און זאָל גאָט העלפן ס'זאָל נעמען אַ סוף צו דער מלחמה, האָבן מיר אין קיעוו אַ דירה. די שליסלען פירן מיר מיט זיך.

זי האָט ווייטער געזאָגט, ווו מיר קענען נעמען דאָס בעט. דאָס טישל מיט אַ פּאָר שטולכענס לאָזט זי אונדז איבער. און זאָל איר גאָט געבן געזונט, זי האָט זיך אַליין אויסגערופן:

— די ערשטע אַכט טעג הייצט אייך די הרובע מיט אונדזער האָלץ. דערנאָך, אַז איר וועט קריגן באַהייצונג, וועלן מיר זיך אויסגלייכן. אויב איר וועט וועלן, וועלן מיר הייצן די הרובע אויף דער העלפט: אָדער האָלץ שותּפותע, אָדער אַ טאָג איר, אַ טאָג מיר.

— געזונט זאָל אייך גאָט געבן, טייערע אַנאַסטאַסיאַ אילאַריאָנאָוונאַ, און אייער מאַן מיטן זון זאָלן אייך קומען געזונטע. פון דער ערשטער שעה פילן מיר זיך מיט אייך, ווי מיט אַן אייגענער.

צו די יודינס איז מען געגאַנגען פון דער גרויסער קיך, און צו אונדז אויך אַזוי. זייער טיר און אונדזער טיר האָבן פאַרנומעןביידע זייטן פונעם ווינקל. זייערע — נעבן, אונדזערע — אַנטקעגן דעם גרויסן קאָך־און־באַק אויוון. צו אַנאַסטאַסיען איז מען געגאַנגען פונעם קליינעם פאָדערצימער צו וועלכן דער אַריינגאַנג איז געווען פונעם שמאָלן הייפל. ס'איז דאָ נאָך אַ טיר, מיט איין טרעפּעלע פון גאַס. ביינאַנד מיטן הויפּטירל איז זי געשטאַנען געשלאָסן און האָט געהיט דאָס קליינע שמאָלע קאָרידאָרל, וואָס האָט גענוצט ווי אַ קליין שפּייכלערל.

די יודינס זענען דאָ אויך שכנים. זיי זענען צוויי באַיאָרטע מענטשן. מאַריאַ אַפּאָלאָנאָוונאַ איז אפשר אויף אַ יאָר צען יינגער פון אים. ביידע הויכע לויטן ווקס. ביידע טרוקענע. זיי האָבן אונדז אויפגענומען נישט שטאַרק גערן, נאָר אויך נישט פאַרפרעמדט. מער פון שׂכל, ווי פון גוטסקייט.

שוריק — אַ זעכצניאָריקער גרויסער מענערישער בחור — איז געווען לעבן דעם פערד. וואָס פאַר אַ פערד? זיי האָבן געהאַט אַ גרויס פערד און זיי האָבן אים נאָך אַ שטיק צייט נישט געוואָלט פאַרקויפן. אַזוי ווי דער פאָטער, פלעג שוריק אויך אַלע פרימאָרגן איינשפּאַנען און אַרויספאָרן פראַווען פּרנסות.

מיר האָבן אָפּגעגעבן פאַנקראַטיעווענען די פעסער. מיר האָבן זיי אין אַ פּאָר טעג אַרום געקראָגן צוריק שוין מיט אַ סאַראַטאָווער שטעמפּל און מיט אַן אַדרעס. ווען מע קען זיך דערוויל באַגיין אָן עסן און אָן הייצונג, וואָלט שוין ווער געווען צו אונדז גלייך?! מיר האָבן אַ שמאָלינק צימערל מיט איין פענצטער, וואָס גייט אַרויס אויף גאַגאָלעווער גאַס. דאָס פענצטער האָט צוויי האַלבע לאָדן. מיר טרעטן אויף אַ הילצערנעם דיל. אונטערן דאַך איז דאָ אַ סטעליע. מע דאַרף אַ ביסל אויספּאַרען די וואַנצן, אָבער אָן רעש, ווייל דאָ הויזט מען מיט די וואַנצן ביז גאָר פרידלעך

און קיינער בעט אונדז נישט מיר זאָלן ווייזן וואָס פֿאַר אַ ציכטן מיר זענען. מיר דאַרפֿן זיין באַגלייך מיט לייטן.

אַ טאָג אַכט בין איך נאָך געגאַנגען מיט דער קאָמאַנדיראָוואָטשנער טעלע־גראַמע נאָך ברויט. אָפט פלעגן מיר אָפּשניידן דער באַלעבאָסטע אַ שטיק ווייס ברויט און מיר זענען געווען גערן, וואָס זי נעמט אים ביי אונדז.

ענדלעך האָט זיך די טעלעגראַמע אויפגעהערט מעלקן. אין סטאָלאָווע גייען מיר, נאָר ס׳איז אַן אויסברענגעריי. אָפט גייט איינער, באַשטעלט עטלעכע טעלער עסן, פֿאַרנעמט דאָס עסן מיט זיך אין אַ פּענדעלע און ברענגט אַהיים. מיר האָבן דאָך שוין אַ היים.

אַ ביסל זאַכן האַלטן מיר נאָך אין איינפּאָר אין דער „קאַמערא כראַניעניאַ״ מיר וועלן זיי איינציקוויז אָפּנעמען.

לייבעלע גייט שוין אין שול. מיר האָבן געקראָגן פֿאַר זיינעט וועגן ביכער. נישט גרינג איז אים אָנגעקומען זיך צוגעוווינען צו די היגע שילער. פיל סיבות האָבן אים געשטאַרקט דעם אוקראַיִנישן פּאַטריאָטיזם. קיִעוו, ווו ס׳באַלעבאַטעווען איצט פֿאַרהאַסטע דייטשן, איז דאָך זיין היימשטאָט. קיִעוו איז די הויפּטשטאָט פֿון אוקראַיִנע. זיין מאַמע (ביי אונדז הייסט זי דבורהל) שרייבט זיך אין פּאַספּאָרט ווערא פעדאָסייעוונאַ און איז לויט דער אָפּשטאַמונג אַן אוקראַיִנערין, אַפילו אַ קאָזאַטשקע. אַז מיר ברענגען אין שטוב אַריין אַ פרישע צייטונג, זוכט ער דאָרטן כסדר ידיעות וועגן אוקראַיִנע. זיין לערערין איז אָבער גוט צו אים און איז גוט צו אונדז. מיר האַלטן מיט איר פֿאַרבינדונג. מיר זשאַלעווען נאָר, טאָמער כאַפּט ער אַ מאָל אַריין אַ באַליידיקונג פון זיינע מיטשילער. ער טראָגט עס איבער זייער שווער. מיר קוקן אַרויס אויף אים פון שול דורך דער נאָענטער גאַס, און ער באַווייזט זיך פון אַ וויטערער. ער איז געווינלעך אַ ביסל אָנגעפּרוירן, אַ ביסל נישט צופרידן. פאַראַן אַזאַ רוסיש וואָרט „אוטריאַסיאָטסיאַ״ — ס׳וועט זיך איינהויטען.

ניקיפּאָראָוואַ האָט איינגעאָרדנטביילקען אויף אַרבעט. ס׳איז נישט וויט פון אונדז, אַ צוויי־דריי קוואַרטאַלן, אַ פאַבריק פון מוזיקאַלע אינסטרומענטן, מיין טייערע טאָכטער, זי איז מיר אַ קינד, זי איז מיר אַ חבר. זי וואָלט דאַרפן איצט לערנען באַגלייך מיט מיליאָנען יוגנטלעכע אינעם גאַנצן ברייטן לאַנד. די אוניווערסיטעטן מיט די אינסטיטוטן האָבן זיך דאָך נישט פֿאַרמאַכט, פון דער אָקופּירטער זאָנע זענען זיי אַרויסגעפאָרן אין היגטערלאַנד. אַפילו אַהער קיין סאַראַטאָוו איז געקומען דער לעניגראַדער אוניווערסיטעט. זי ווייסט אָבער, מיין טאָכטער, אַז מיר האָבן נישט קיין שטיקל ברויט אין שטוב. קען זיין, אַז זי וועט פאַרדינען קוים אויף זיך. אָבער מיר וועלן דאָך עס אַלע פילן. מיט פאַרדינען אויף זיך מאַכט מען אויך גרינגער אונדזער גאַנצן קליינעם קעניגרייך, וואָס האָט זיך באַזעצט אינעם שמאָלן צימערל אויפן ראָג טשאַפּייעווער און גאָגאָלעווער גאַס.

מיר האָבן אין הויף אַ הילצערנעם שטאַל און אַ הילצערן אָפּטרעטל מיט אַ שלאָס און אַ שליסל. מיר האָבן אין צימער געלעגערס: אויף דעם הילצערנעם בעט מיט די אייזערנע שרויפן, צום ווינקל פון די יודינס־וואַנט, שלאָפט אונדזער קעניגין, דבורה זאָל לעבן. אויף אַן אייזערן בעטל מיט האַרטע ברעטער, לעבן ליפּאַטאָווס וואַנט, שלאָפט דער קעניגינס מאַן אייזיק מיטן יורש־עצר — מיט לייבעלען. לייבעלע צעוואַרפט זיך ביי נאַכט איבער דער לענג פונעם געלעגער, רוק איך זיך אָפּ אויף דעם שטאַרק מוליענדיקן אייזערנעם קאַנט פונעם בעטל (איך באַנוגן זיך: אין די אָקאָפּן, ווייס איך, איז ערגער) און איך וויל נישט וועקן דאָס קינד, וויל אים נישט שטערן.ביים עקסטן שמאָלן ווענטל, רעכטס פון דער אַריינגאַנגס־טיר, אונטער דער פּאָליטשקע פון כלים שטייט אַ געפלאָכטן שמאָל קאַנאַפּקעלע. דאָרט שטעלן מיר צו די פּאָר שטולכענס און אויף דעם געלעגער שלאָפט זיך קעניגלעך די פּרינצעסין, די יתומה פון דער מוטערס צד, אונדזער פּאַרדינערין און ברויטגעבערין, אונדזער ריזשע שוין אויסגעוואַקסענע ביילקע. וווקסיק איז זי, גוט און יונג איז זי, נאָר די ביטערע צייט איבערקומען, איז אפשר וועט זי נאָך אויך קומען צו אַ וועג.

פון דער אַרבעט איז זי געקומען דעם ערשטן טאָג זייער אַ צוגעשטילטע, זייער אַן אומעטיקע, נאָר... שאַ... צו וועמען קען מען דען האָבן טענות? נאָך אַ דאַנק גאָט דערפּאַר! אמת, די אַרבעט איז נישט קיין געווינטע, די מענטשן — אַלע פרעמדע. וואַסיאַק, דאָס קליינינק פּופּצניאַריק לערן־יינגל לויפט אַראָפּ ביי יעדער איבעררייס אינעם נאָענטן קליינעם מערקל, ברענגט פון דאָרט אַ פערטל ליטער מילך מיט אַ היפּשן שטיק ברויט און עסט. עסט אַזוי געשמאַק, אַזוי פאַרטאָן מיטן עסן, אַז זאָל אים נאָר וויל איינגיין, אָבער וויפל שפּייעכץ קומט אויס ביילקען אַראָפּשלינגען. זי וואָלט מיט אַזאַ פאַרגעניגן מיט אים מיטגעגעסן. זי האָט, קיין עין־הרע, אַ גוטן אַפּעטיט, נאָר זי איז דען די איינציקע וועמען ס׳פעלט צום עסן ביי אונדז אין שטוב און אַפילו ביי אונדז אין לאַנד? ביילקעלע טייערע! לייבעלע ליבער! מיר האָבן אייך איבערגעלאָזט אייער חלק מיטאָג, וואָס איז אייגנטלעך אי מיטאָג, אי אָוונט־ברויט — אַן ערלעכן חלק. אויך דאָס ברויט האָבן מיר געטיילט ערלעך. מיר פאַר־שפּאָרן אַפילו קאָנטראָלירן איינס דעם צווייטן. ווען איך זע, ווי אַ יינגעלע גייט פון ברויטקראָם זאָרגלאָז און קנייפּט בהרחבה פונעם פרישן חלק ברויט צו גוטע ביסנס און לייגט אין מויל אַריין, בין איך אים גוט מקנא: ביסט כאָטש אַ מבין, ווי דאָס פירט זיך פריי??!

נישט דערלויבן זיך אַריינוואַרפן אין מויל אַריין אַפילו דאָס צוויקעלע, וואָס איז צוגעפאַלן צו דער וואָג! אַז איך וועל קומען אַהיים, וועלן מיר עס מיט דבורהלען געטריי צעטיילן אויף פיר חלקים. אַ מאָל נעמען מיר אַפילו דער באַלעבאָסטעס וואָג אין קיך אונטערן טיש און מיר וועגן עס פונאַנדער. די באַלעבאָסטע פאַרטרויט

מיר אירע קאַרטלעך איך זאָל אָפּנעמען איר חלק ברויט. דאַרפֿן מיר עס אַחוץ אין שטוב פֿונאַנדערוועגן. זי גלייבט אונדז. זי קען שוין אונדז אַ ביסל.

## זיך פֿילן אַ רגעלע אין דער היים

מאַמיקאָניאַנץ געפֿינט זיך אין אופֿאַ. רילסקי און די וויכטיקסטע אוקראַיִנישע שרייבער — אויך דאָרט. נאָר איצט דאַרף פֿאָרקומען אין סאַראַטאָוו אַ צונויפֿמענפֿאָר פֿון אוקראַיִנישער אינטעליגענץ און אויך, דוכט זיך, אַזאַ ראַדיאָ־מיטינג, ווי דער יִדישער, וואָס איז דאָ נישט לאַנג פֿאָרגעקומען, ווען מיר זענען געווען אין לאַ־בינסקאַיאַ.

איך האָב געקראָגן אויפֿן צונויפֿמענפֿאָר אַן איינלאַדונג. ס׳גלוסט זיך זען היימישע באַקענטע. ס׳זענען זיך צונויפֿגעפֿאָרן פֿיל אוקראַיִנישע ליטעראַטן, קינסטלער, מוזיקער, זינגערס און אַרטיסטן. ס׳איז געווען ליכטיק אין זאַל. פֿייערלעך. כּמעט אַלע נעמען פֿון די, וואָס זיצן אין פּרעזידיום, זענען מיר באַקענט, כאָטש זיי מיט מיר האָבן כּמעט קיין מאָל נישט געהאַט קיין עסקים. זיי האָבן שטענדיק געהאַט וויכ־טיקערע זאַכן.

אַ טייל פֿון די געסט איז אָפּגערופֿן פֿון די פֿראָנטן. אַפֿילו קאָרנייטשוק גייט אין אַ מיליטערישן פּעלצל, אַ קורצן, ביז די קני, מיט אַ ווייסער מעזדרע. ער איז דורכגעגאַנגען מיט אַ גרינגן גאַנג. מיר איז געפֿעלן, ווי ער זעט אויס באַשעפּטיקט. און אָט איז דאָוזשענקאָ. ער איז מיר שטאַרק צום האַרצן. און נישט נאָר מיר. ער גייט אויך אין אַ מיליטערישן פּעלצל, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ געלן לעדערנעם ברייטן פּאַס. דאָס אוקראַיִנישע פֿאָטערלאַנד, דאָס היימלאַנד, איז אין גאַנצן אָקו־פּירט פֿונעם שׂונא. אַפֿילו די ערד די אוקראַיִנישע וואַרגט זיך אונטערן רוצחס שטיוול, נישט נאָר די מענטשן, און דאָך איז גוט, וואָס זיי האָבן זיך אויף ווען אַנצושפּאַרן. גיי, מאָל עס אויס... אָט זענען זיי דאָ, אין דער רוסישער רעפּובליק, בכּבֿודיקע געסט, וועלכע פֿילן זיך נישט, ווי אָנגעוואָרפֿענע.

אויך איך (כאָטש איך האָב אין זאַל זיך ווייניק אָנגעבונדן אין באַקענטע) האָב דערפֿילט אַ היימישע, אַ נאָענטע אַטמאָספֿער. נאָך איין רגע און איך בין נישט אין קיין סאַראַטאָווער זאַל, נאָר אין אַ היימישן. באַלד וועט זיך ענדיקן די קינסטלערישע טייל, וועלן מיר אַרויסגיין דורך די ברייטע צעעפֿנטע טירן און ס׳וועלן אונדז אויפֿנעמען היימישע קיִעווער גאַסן... די זינגערין וואָלגעמוט וועט אויך פֿאָרן צו זיך אַהיים. און באַזשאַן, רילסקי, דאָווזשענקאָ, קאָרנייטשוק. יעדערער צו זיך און איך אויך צו זיך.

איך האָב אַריינגעזאַפּט אין זיך די ליכטיקייט און די פֿייערלעכקייט, וואָס האָט געהערשט אין פּרעזידיום און אין זאַל. מיר איז געפֿעלן, וואָס דער עולם איז

געקליידט גרויסשטאָטיש און כּמעט רייך. איך האָב זיך איינגעקוקט אין די באַקענטע, מיר נאָענטע פּנימער. איך בין אַזוי געווען פאַרטאָן מיט איינזאַפּן אין בליק דאָס געזעענע, אַז אייניקע רעדעס זענען דורכגעשווומען פאַרביי מיין געהער. אמת, ווען דאָוושענקאָ איז אַרויף אויף דער בינע, בין איך געוואָרן וואַך און באַמיט זיך נישט דורכצולאָזן קיין איין וואָרט. יעדעס וואָרט זיינס האָט אַ וואָג און איז גייסטיק דערהויבן, גייסטיק פאַרטיפט. ער איז אַן עכטער זון פון זיין פאָלק! אַזוי ווי ער איז אַ זון פון אַ דאָרפישער מוטער, איז אים דאָס דאָרף אייגן. ער איז אין דער זעלבער צייט אַ פריינד פון יעדן אונטערדריקטן פאָלק. די עוולות, וואָס ווערן קעגן עמעצן באַגאַנגען, פילט ער, ווי זיי וואָלטן באַגאַנגען געוואָרן קעגן אים זעלבסט. אין דעם באַשטייט, ווייזט אויס, זיין צויבער.

איך האָב געטראָפן אויפן צוזאַמענפאָר, אין גאָלע מיליטערישן געקליידט, דעם יידישן קאָמפּאָזיטאָר יעהאָשואַ פּאַוולאָוויטש... „יעהאָשואַ" — דאָס איז יהושע, „פּאַוולאָוויטש" — מוז זיין פּנחס.* ער האָט זיך מיט מיר צעקושט. ער האָט מיר דערציילט כּמעט מיט טרערן אין די אויגן, אַז סאָניע, די פרוי זיינע, מיט איר מוטער, האָבן זיך פון מיטן וועג אומגעקערט צוריק קיין קיעוו. ער ווייסט אַליין נישט אויף וואָס זי האָט געהאָפט. אפשר דערויף, וואָס זי האָט נישט געהאַט קיין יידישן אויסזען — אַ קורץ פאַרריסן נעזל. נו, איז זי אַוועק מיט אַלעמען.

איך האָב מיט אים געאַרבעט צוריק מיט יאָרן אויף אַ שלום-עליכמישער בופּאָנאַדע „ביים קעניג אחשוורוש". סאָניע פלעג מיר דערלאַנגען אַ גלאָז טיי. זי פלעג אַקאָמפּאַנירן דעם כאָר זיינעם. ער האָט זי ליב געהאַט, נאָר קיין גוטן לעבן האָט ער פאַר איר נישט געהאַט. זי איז געווען יינגער און ביי זיין גאַנצער טאָ־לאַנטירטקייט, האָט זי אים, ווייזט אויס, אין סאַמע דעם וויכטיקסטן געטאָן אויף קאַפּויר. איך בין געווען היימיש מיט איר, גוטפריינדלעך — מיט אים. זיי האָבן געהאַט געראַמע פיר צימערן אויף פראָזאָראָווסקע אין אַ נייעם הויז. ווער באַלע־באַטעוועט איצט אין זייערע פיר צימערן? ווער בראָמקעט אויף זיין טייערן ראָיאַל? ווי אַזוי, לעם וועלכע שכנים, איז זי אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און זיך צוזעגנט מיטן לעבן. סאָניע... און נאָך וויפל לעבנס שוועסטערישע, קינדערשע, פריינדישע?!

— צי וועלן מיר זיך נאָך דערלעבן אַ מאָל זען? — האָט ער געפרעגט. זיינע אויסדריקלעכע אויגן זענען געווען פול מיט צער. ער פירט אָן מיט דעם אוקראַיִנישן דיוויזיע־כאָר. ער איז אין כּבוד. נאָר וואָס קומט אַרויס? עפּעס גאָר וויכטיקס אין זיין לעבן איז שוין געפּטרט.

שפּעט אין אָוונט בין איך געקומען אין מיין קליין שמאָל צימערל. פריִער האָב איך אַ לייכטן קלאַפּ געטאָן, כּדי נישט צו וועקן די באַלעבאַטים. דבורהל האָט

---

* געמיינט דעם קאָמפּאָזיטאָר יהושע שיינין.

מיר גלייך געעפנט. כ׳בין אַריין אין אונדזער וואַרעמער טונקלקייט. איך פיל, אַז אויך מיט אונדזער היימישער אָרעמקייט בין איך רייך: אין בין געקומען צו זיך אין שטוב אַריין און האָב שטיל געטיילט מיט דבורהלען מיינע איינדרוקן. זי איז געזעסן אין איין העמד אויף איר געלעגער. מיר צוגערוקט דאָס עסן און מיט אַן אָפן מויל געהערט, וואָס איך דערצייל. זי האָט אויך געוואָלט אין באַהעפטונג מיט די באַקענטע היימישע נעמען, וואָס איך רוף אָן, זיך פילן אַ רגעלע אין דער היים.

## שרייבערישע ווייבער

אין שרייבער־פאַראיין טרעף איך זיך שוין מיט אָנגעפּאָרענע רוסישע צוויי ווייבלעך, ווי מיט היימישע באַקענטע. די קליינע, מיטן יינגעלע, איז לעבעדינסקעס ווייבל. זי וווינט דאָ ביי אַ מומען. זי איז ביי אים נישט די ערשטע, נישט די לעצטע. אַגב, האָט זי מיר געלייענט איר אייגענע פּראָזע. לויט מיין מיינונג, נישט קיין שלעכטע. אַז ער איז געקומען אויף אַ פּאָר וואָכן, האָט זי מיך באַקענט מיט אים. ער פאַררייסט זיך נישט, האַלט זיך היימיש. ער האָט מיר אין איינעם אַ שמועס דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אין די יינגלשע יאָרן באַשלאָסן, אַז ער מוז וויסן מיט וואָס ער איז אַ ייִד. וואָס שטעלן מיט זיך פאָר ייִדן? ער איז אַליין אַ סיבירער. האָט ער זיך באַוואָפנט מיט ענציקלאָפּעדיעס, מיט ביכער איבער געשיכטע: אדרבא, וואָס איז אַזעלכעס אַ ייִד?...

תחילת האָט ער געבראַכט זיינע לייט אַהער קיין סאַראַטאָוו. שפּעטער האָט ער זיי צוגענומען קיין טשיסטאָפּאָל, וווהין ס׳זענען געווען עוואַקויִרט אַנדערע משפּחות פון די מאָסקווער שריפטשטעלער.

דאָס צווייטע ווייבל האָט געוווינט כמעט אַנטקעגן אונדזער פענצטער. אַ יונגע, אַ וווקסיקע, סטרעלטשענקאָ, אויך מיט אַ יינגעלע פון אַ יאָר צוויי. ווער ווייסט, צי דער מאַן אירער, דער דיכטער לעבט נאָך ערגעץ? זי פלעג אַ מאָל איבערלאָזן דאָס קינד ביי אונדז אויף אַ פּאָר שעה און ערגעץ „אַנטלויפן”. מיר פלעגן געבן דעם קינד (פונעם לעצטן און צוגעציילטן) אַ שטיקעלע צוקער צו סמאָקען. אַ מאָל האָבן מיר איר אַזעלכעס צוליב געטאָן גרינג. אַ מאָל זענען מיר געווען גרייט איר אָפּזאָגן, נאָר מיר האָבן עס נישט געטאָן. יאָ, זי האָט זיך געהאַלטן מיט אונדז היימיש. זי איז יונג און צעוואַקסן. זי איז ווייט פון אַ רייכער. נאָר דאָס יונגע בלוט רייצט און מאָנט. און דאָס קינד זאָגט אויף צוקער „כאַכאַלאָק”.

זי האָט אויך געוווינט ביי אַ מומען, דער מוטערס אַ שוועסטער, אויפן צווייטן שטאָק. דורך אַ הילצערנעם גלעזערנעם גאַנעק איז מען געגאַנגען צו זיי. פּראָסטע מענטשן. זי איז אויך אין גיכן אַוועקגעפאָרן מיטן קינד. זי האָט מיר אַ פּאָר מאָל דערציילט, ווי אַזוי פאַדייעוו איז גוט צו איר. מען האָט געקענט פאַרשטיין צוויי־

דייטיק: פּאַדייעוו איז געווען בטבע אַ גוטער, און... זי איז אַזאַ, וואָס צו איר דערלייגט מען נישט, אַז מען איז צו איר גוט.

אפשר ווילט איר נאָך אַ שרייבערס אַ ווייב מיט אַ ייִנגל פון וואָסערע 14 יאָר? סאָפיע איזראַיִלעוונע, אַליין אַ ייִדישע, אַ ייִדישן שרייבערס אַ ווייב. נישט ריכטיק געזאָגט: דער מאַן איז אַ רוסישער שרייבער, נאָר אַליין איז ער אַ ייִד, אַ זון פון אַ ייִדן. אויך פון סיביר — ראובן פרייערמאַן.

אין דעם בירגערקריג האָט ער זיך כּמעט נישט אויסגעטאָן און זיך נישט אויסגעשלאָפן. די גאַנצע צייט מלחמה געהאַלטן מיט די ווייסע. דער פּאָטער, דער סיביריאַק, האָט אים איין מאָל געפרעגט: „ראובנקע, זאָג מיר נאָר, האָסט כאָטש עפּעס פון דעם? זיי האָבן דיר עפּעס אַרויסגעגעבן?" — „יאָ, טאַטע, — האָט ראובן אַ פריילעכער געזאָגט, — אַוודאי אַרויסגעגעבן! אַ פּעלץ מיט אַ פּאָר שטיוול".

זי דערציילט פון אים גוטמוטיק, כאָטש זי האָט אויף אים אַ האַרץ. זי איז שוין ביי אים אַפילו נישט קיין וואָכעדיק ווייב. אויף יאַנטעוו מיט אַ גאַנצער וואָך האָט ער איצט אַ פרוי איינע, אַן איליאַנאַ, אַ רוסישע, גראַדע אַן אָרנטלעכער און אָנשטענדיקער מענטש.

סאָפיע איזראַיִלעוונע קומט אויך אַרויס פון אָרעמע עלטערן. דער טאַטע אירער איז געווען אַ שוסטער.

— פּאָר צוויי זאַכן, — פלעגט ער זאָגן, — זאָרג איך זיך נישט אַפילו אויף קיין האָר... מע וועט זיי מיר ברענגען אין שטוב אַריין.

— וואָסערע צוויי זאַכן, טאַטע, וועט מען דיר ברענגען אין שטוב אַריין?

— דו ווייסט נישט וואָס? תּכריכים און מצות אויף פּסח. ס'זאָלן זיך אַפילו קערן וועלטן, וועט מען מיך נישט איבערלאָזן אָן תּכריכים און אָן קיין מצות.

דער אָפּטימיזם פונעם אָרעמען מענטשן און... די לייבלעכע אייגנשאַפט פונעם יידישן מענטשן אין גלות, אַז דער אָרעמער נויט־באַדערפיקער ברודער איז נישט אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס און נישט איבערגעלאָזן אויף הפקר.

סאָפיע איזראַיִלעוונע איז אַ נידערוואוקסיקע פרוי. די האָר גרויע, דאָס לעבן גרוי. אַ פולבלעכע. קיין שיינע מן־הסתּם נישט, נאָר קיין נאַרישע אויך נישט. זי האָט געאַרבעט אין מאָסקווער ראַט. ווייזט אויס, אַז זי האָט דאָרט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. זי דערציילט, אַז מע האָט איר ענדלעך געגעבן אין מאָסקווע אַ דירהלע פון צוויי צימערן. זי איז אַריינגעגאַנגען מיטן הויז־פאַרוואַלטער און מיט די שליסלען אין דירהלע, דערזעט זי, אַז פּאָטאָבילדער הענגען נאָך אויף די ווענט. פרעגט זי: — „וואָס זענען עס פאַר אַ בילדער?" ענטפערט איר דער הויז־פאַרוואַלטער שטיל און פילדייטיק: „דער, וואָס האָט דאָ געוווינט, זיצט"... זי איז אויך געוואָרן צוגעשטילט און בשעתן דערציילן האָט זי פאַר מיר מודה געווען, ווי אַזוי מענטשן זענען נישט מער ווי מענטשן: זי האָט זיך דערצויגן אין אָרעמקייט,

וואָס האָט שטענדיק געקעמפט און קעמפט אויך איצט פאַרן אמת, נאָר... זי האָט זיך דאָך לאַנג געשלאָגן נאָך אַ פרייערער דירה, וועלכע זי האָט, ענדלעך, דערלעבט, זאָגט מען איר גאָר, אַז יענער "זיצט". איז זי נישט פויל און טוט אַ קלער אי ציניש, אי אַכזריותדיק: "אפשר וואָלט ער שוין בעסער געלעגן ?!..." דער מענטש, וואָס "זיצט", קען זיך דאָך אַ מאָל באַפרייען, קומען צוריק און מאָנען ביי איר דאָס, וואָס זי האָט נאָך לאַנגע וואַרטענישן און גייענישן קוים דערלעבט.

זי ווייסט, ווי אומגערעכט זי איז געווען אין דער רגע. אָבער אין דער זעלבער צייט איז זי פּעיִק אַפילו דאָרט, ווו סע האַלט שמאָל, זאָגן נאָר דעם אמת.

זי פלעגט צו אונדז אַריינגיין. מיר פלעגן זי אויך באַזוכן. זי האָט געבעטן עפּעס מיינס צום לייענען, האָט מיר אַרויסגעזאָגט איר מיינונג. זי איז אונדז געווען אַ גוטער פריינד.

מיטאָג האָבן מיר געגעסן אויף לעניִן־גאַס אין דער גאָרקיִך פון געלערנטע, אַרטיסטן, שריפטשטעלער און אַנדערע. אַלע, אָן ספק, צווייטראַנגיקע. נאָר ס'איז געווען אַ סך, אַ סך בעסער, ווי גאָרנישט. מיט סאָפיע איזראַיִלעווגען און אין איין צייט אויך מיט סטרעלטשענקאָ פלעגן מיר זיצן ביי איין טישל.

## אויף דער זעלבער גאַס

אויף איין גאַס — מיר ביים ראָג טשאַפּאַיעווער און זיי — דער פּראָפעסאָר איסערסאָן מיטן ווייב און דער טאָכטער, ביים ראָג פון דער נאָענטסטער פּאַראַלעלער גאַס, לינקס פון אונדז. אונדזערע נומערן זענען נישט־צו־דער־פּאָר און זייערע — צו־דער־פּאָר, טאַקע די זעלבע גאָגאָל־גאַס. און מיר האָבן דורך אַ צופעליקער באַגעגעניש זיך דערוווּסט איינס פון צווייטן.

אַלע מאָל, ווען ס'קומט מיר אויס שרייבן וועגן פּראָפעסאָר, גייט ביי מיר איינע און די זעלבע וועגדונג: ייִד, מענטש, דאָקטער און פּעדאַגאָג.

צו יעדערער פון די דאָזיקע באַצייכענונגען קען מען אָן וואַקלונג צושטעלן דאָס וואָרט "געהויבענער".

איז ער, הייסט עס, אויך פאַרפאָרן קיין סאַראַטאָוו. פּראַוועט ער אויך גלות. און ווי מאָדנע: אויך ער מיט זיין געזינד וווינען אין איין צימער (אפשר צוויי מאָל די גרויס ווי אונדזערער), אויך כמעט אויפן ערשטן שטאָק. אָבער דאָרט איז נאַס, און אָן אייזערן אויוועלע פון מיטעלער גרויס מיט טרויבן, וואָס פירן צום אַלטן אויוון, שטייט ביי זיי אין מיטן צימער. דאָס אויוועלע מיט די טרויבן פאַרנעמט פיל פּלאַץ און דאָס האַלץ מוז אומבאַדינגט זיין נאַס. פאַר וואָס אומבאַדינגט? ווייל ווען מיר זענען געקומען, האָט דאָס אויוועלע געררויכערט. און זעגן זעגט מען אַליין דווקא אין מיטן שטוב.

דעם פּראָפעסאָרס געזונט איז אָפּט אין אַ דראָענדיקן צושטאַנד — „גרודנאַיאַ זשאַבאַ". איר ווייסט נישט, וואָס דאָס איז אַזעלכעס? טאָ זאָלט איר טאָקע נישט ווייסן. אין קאַמזויל־קעשענע ביי אים זענען כסדר פאַרגרייט אַזעלכע טראָפּנס, וואָס מען דאַרף איין מאָל, צום העכסטנס — צוויי מאָל, אַ קאַפּע טאָן אויף אַ שטיקעלע צוקער און עס איינגעמען. אויב נישט שפּילט ער מיטן לעבן. איר זאָגט ניטראָגליצערין? זאָל זיין ניטראָגליצערין.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך דערפריינט מיט אונדז. מיר האָבן זיך נאָך מערער דערפריינט מיט אים. אין קיעוו קען ער זיך מיט דער גאַנצע משפחה אונדזערער, איז עס נאָך שטאַרקער. ער ווייסט שוין, ווו מיר וווינען. ערב ניי־יאָר איז ער אַליין פאַרגאַנגען צו אונדז און געבעטן מיר זאָלן אומבאַדינגט קומען צו אים.

ער זאָגט, אַז אַלע מינים טראָפּנס צום אַפּעטיט שטייען איצט אין די אַפּטייקן אויף די פּאָליצעס נישט גערירט. אין זיין פּראַקטיק באַגעגנט מען איצט נישט אַזאַ, וואָס זאָל זיך קלאָגן, אַז ס'פעלט אים אַפּעטיט. ער זאָגט אויך, אַז פאַר די ווייבער זאָל בלייבן ווינציקער אַרבעט, ווישט ער אויס די טעלער מיטן לעצטן שטיקל ברויט טרוקן און ריין. דאָס איז זיינע אַן אייגענע „דערפינדונג".

זיין טאָכטער לאָפּע איז אויך אונדזערער אַ גוטער פריינד. זי איז אַ וווקסיק מיידל פון אַ יאָר צוואַנציק, אפשר אַ קלייניקייט מער, לערנט דאָ אין אוניווערסיטעט, אויך אויף מעדיצין. זי איז זייער אַנגעלייענט. אַז מיר טרעפן זיך, אויב זי האָט נאָר פרייע צייט, רעדן מיר אַלע מאָל וויפל ס'גייט אַריין. אַכמאַטאָוואַ — איז גוט, מאַנדעלשטאַם — איז נישט שלעכט. מיר געפינען פון וואָס צו רעדן. זי זאָגט און אירע אויגן טוען שטיפעריש אַ פּילדייטיקן שמייכל, אַז... זי גלויבט אין גאָט און זי פאַרפּאַסט זיך אירע אייגענע תפילות. וואָס איר ווילט זיך שטאַרק — בעט זי, אָבער מיט אַן אייגענער דערצו צוגעפּאַסטער שפּראַך. איך זאָג איר, אַז איר „גלויבן" איז אַ שטיק „אויסגעלאַסנקייט", אַזאַ מין נאָכגעבן זיך אַ תאווה, וואָס איז נישט ווייט פון אַנדערע מינים גלוסטונגען.

— איי, גייט, — זאָגט זי, — וואָס אייך קען איינפאַלן? און אפשר?... אויב ס'איז אַזוי, ווי איר זאָגט, איז אויך נישט שלעכט. ריכטיק?...

זי פרעגט זיך אויף ביילקען. איך ווייס נישט, צי זי וואָלט וועלן זיך חברן מיט ביילקען, צי דאָס איז בלויז אַ שטריך פון העפלעכקייט. און דער פאָטער אירער חברט זיך דען מיט מיר? ער האַלט פון מיר אַ ביסעלע. ער איז אַ ייִדישער מענטש און ער פילט, אַז מיר איז נייטיק זיין פריינדשאַפט. אָט האָט ער אָפּגעשפּאַרט אַ מינוט אויף אַנלייגן וועג און אַריינגיין צו אונדז, מיר זאָלן אומבאַדינגט קומען צו זיי צוזאַמען באַגעגענען דאָס נייע יאָר.

דעם 7טן דעצעמבער 1941 יאָר האָבן מיר זיך געפרייט, וואָס מיר האָבן

צעבראָכן דעם דייטשישן אָנגריף אויף מאָסקווע. מיר האָבן זיך געפרייט אַפילו אינעם צוזאַמענווינונג פונעם קאַלווירטן־הויז. איצט לאָמיר עפּעס גוטס באַשטעלן ביים 1942 יאָר. ביי נאַכט וועט עס שוין זיין ביי אונדז.

דבורהל איז נישט געגאַנגען. לייבעלע אויך נישט. געגאַנגען זענען מיר מיט ביילקען. ביילקע האָט זיך אויך געשעמט, זיך געקווענקלט. נאָר מיר זענען געגאַנגען.

מיר האָבן דאָרטן געטראָפן לאָפּעס אַ חברטע, אַ סטודענטין, מיט איר פאָטער. זיי זענען, דוכט זיך, פון מאָסקווע.

ביילקע זאָגט, אַז אַזאַ ווינעגרעט, ווי ס׳איז געשטאַנען ביים פּראָפעסאָר אויפן טיש, האָט זי נאָך, דוכט זיך, זינט זי לעבט, נישט געגעסן: די רייכקייט, דער ריח, דער טעם!

פון דעם קען מען דרינגען בלויז איינס — אַז מיר זענען געווען גוט אויסגע־הונגערט.

דערקלערט מיר, איך בעט אייך, ווי אַזוי שטימט עס? — געהונגערט האָבן מיר נאָך נישט און אויסגעהונגערט זענען מיר שוין?! נאָר אַזוי איז עס.

אויפן טיש זענען געווען פיש־קאָנסערוון, ווייצנברויט, קאָרנברויט — קאָרגלעך. דער נישט־שיינער אייזערנער גראָבלעכער אויוון אין מיטן שטוב האָט דעם אָרום נישט באַשיינט. דעם פּראָפעסאָרס פרוי האָט געפרעגט אויף דבורהלען און אויף לייבעלען. איר קול האָט געקלונגען אין גאַנצן אויפריכטיק, נאָר דאָס האַרץ איז זיכער נישט געווען דערביי. אַזעלכס גיט אָפּט מיט אייניקע מענטשן.

דער פּראָפעסאָר האָט געגעבן צו קליינע לעפעלעך משקה אין דער טיי אַריין און געזאָגט:

* По чайной ложечке на кипяченной воде три раза в день.

ביילקע האָט נישט געוואָלט אַ סך רעדן, כאָטש לאָפּע האָט זיך צו איר פון מאָל צו מאָל צוגעזעצט מיט אַ גוטן שמייכל. אָבער זי איז דאָך געווען פאַרנומען מיט איר חברטע.

אינטערעסאַנט, גאַנץ סאַראַטאָוו פּירט זיך איצט אַזוי? אפשר. ביי מיר האָט מען געפּועלט, אַז ס׳איז איבער דער גאַנצער שטאָט אַזוי און אפשר נאָך אַ סך געענגטער. אונדז האָט פּשוט אָפּגעגאָלטן. אָבער — אַז דער וואָרעם עסט זיך איין אין כריין... איך בין אַזוי איינגעשרומפּן אין מיין מויערקעפּל, אַז איך זע נישט, וואָס ס׳טוט זיך צוויי טריט פון מיר. דערום קען מען ביי מיר אַלץ פועלן.

מיר זענען געגאַנגען אַרום האַלב איינס איבער דער שטילער גאַס אַהיים. מיר האָבן גאָרנישט געטראָגן פאַר דבורהלען מיט לייבעלען. אָבער אונדזער היימישער חלק האָט דאָך פריי געקענט בלייבן פאַר זיי. מיר טרעטן דעם איינגעפּראָרענעם

* צו איין טיילעפעלע מיט געזאָטענער וואַסער דריי מאָל אין טאָג.

שניי אונטער די פיס. מיר אָטעמען מיט אַ ביסעלע פרייען קאַלטן דרויסן. ס'איז נאָך נישטאָ פון וואָס ס'זאָל זיין גוט. נאָר הלוואי וואָלט כאָטש געווען נישט שלעכט.

## דער איינבערענגער

אַנאַסטאַסיאַ אילאַריאָנאָוונאַ האָט שוין מיך אַ פּאָר מאָל געפרעגט. אין איר פראַגע איז נישט געווען קיין בייזקייט, אויך נישט קיין צוריקגעהאַלטנקייט, פּשוט און נאַטירלעך (זי איז דאָך ביי קיינעם נישט אין גלות) — צי האָב איך שוין עפּעס געטאָן און צו קלייב איך זיך עפּעס טאָן וועגן באַהייצונג?

זי איז גערעכט. מיר רעדן מיט איר גוט. מיר האַלטן זי אין כּבוד. „אין באַהייצונג, — זאָג איך איר מיט זיכערקייט, — וועט קיין מניעה נישט זיין". דאָס האַלץ אירס, וואָס גייט אַוועק אויף אונדז, וועט איר זיין אומגעקערט. ביי זיך אַליין בין איך גראָדע נישט אַזוי זיכער, נאָר מע דאַרף זיך שוין אַ ריר טאָן.

דאָס ווייבל אָדער מיידל, וואָס פאַרוואַלטעט מיט עטלעכע הייזער אויף אונדזער ווינקל, רעדט מיט מיר מענטשלעך פון דער ערשטער שעה אָן און זי האָט מיר געזאָגט, אַז ווען איך זאָל צו איר נישט אַריינקומען, וועט זי מיר געבן אַ צעטל וויפל ווינפלאָץ איך מיט דער באַלעבאָסטע פאַרנעמען און אויף דעם סמך קען איך גיין אין באַהייצונגס-קאָנטאָר.

איך גורט אָן מיינע לענדן, קריג דאָס פּאַפּירל, גיי אַוועק און צעפרעג זיך אויפן באַהייצונגס-לאַגער.

פּאָר יעדער קלייניקייט האָב איך פאַרכט. ווי אַזוי וועט מען אויף מיר קוקן? וואָס וועט מען מיר זאָגן? צי וועט מען מיך בכלל אַריינלאָזן? אַ גליק — ציים האָב איך גענוג, אַפילו איבערגענוג.

דער באַהייצונגס-לאַגער איז ברייט און געראַם. ס'שמעקט מיט געהילץ. ס'קאָנטאָרל איז נישט קיין גרויס הילצערן שטיבל מיט אַ דאַרפיש גאַניקל. נאָר די ריינקייט, די ליכטיקייט און די וואַרעמקייט... אַז אַפילו ביי אַ זייטיקן צעגייט זיך אַ פאַרגעניגן אין אַלע אברים. דאָס גאַניקל, די דילן זענען אויסגעפאַרבט אין רויט. די טירן מיט די פענצטער — אין ווייסן. ס'איז אין ערגעץ קיין שטויבעלע נישטאָ. דאָס מיידל, וואָס זיצט לעבן דער שרייבמאַשין, איז אויך ווי פון אַ גליקלעכער שטאָט אַראָפּגעקומען. אויך זי טרייבט מיך נישט און רעדט מיט מיר מענטשלעך. דער באַלעבאָס וועט זיין אין אַ פּאָר שעה אַרום. פורמאַנעס קומען אַריין, גייען אַרויס. רופט מיך ליגנער, רופט מיך פאַנטאַזיאָר — קיינער טראָגט נישט אָן קיין בלאָטע, קיין שניי, קיין קעלט. די ריינקייט און די וואַרעמקייט זענען ווי פאַרכּישופט און עטעמען מיט פאַרגעניגן. דאָס מיידל איז יונג און שיין. איטלעכן קען זי ענטפערן

מיט גוטנס, ווי זי וואָלט געקומען פון פרידנסלאַנד, און זי האָט די מעגלעכקייט טאָן איר אַרבעט אויך.

קיין האָלץ איז איצט נישטאָ. ס׳זענען דאָ קירצערע און לענגערע פלאַנקעס, שמאָלע פעסטע ברעטלעך אַזעלכע. ריינע, נייע. איך קען קויפן וויפל ס׳נעמט זיך מיר אָן. דער פרייז איז לויטן קובאָמעטער.

דער באַלעבאָס איז געקומען. אויך ריין אָנגעטאָן און אין גוטע פוישטן אויף די פיס. ער מאַכט מיט מיר אויך נישט קיין סך מחזקות: ווייל איך — קען איך נעמען די אָנגעזעגענע פלאַנקעס, קיין אַנדערש איז דערווייל נישטאָ. ער שרייבט מיר אונטער מיין פּאַפּירל, איך צערעכן זיך ביים מיידל לעבן דער שרייבמאַשין. ניין! איך גלויב זיך אַליין נישט, ווי גוט ס׳איז מיר.

געקומען מיט דער בשׂורה צו אַנאַסטאַסיאַ איוואַנאָוונען. זי זאָגט, אַז שורעק וועט אין דער פרי מיט מיר פאָרן און אָפּנעמען ס׳געהילץ אָדער דאָס באַהייצונג. איר גוטסקייט צו מיר איז געגאַנגען נאָך ווייטער: נאָך פון אָוונט האָט זי מיר געגעבן אַ פּאָר גרויסע אַלטע פוישטן (דעם מאַנס) און נאָך עפּעס אַ בורקע אַזאַ אויף אָנצוטאָן איבערן מאַנטל. וועל איך ווינציקער פרירן.

איך האָב זיך אָנגעפרעגדעט גאַנץ פרי, געזען, ווי שוריק שפּאַנט איין דאָס גרויסע פערד, וואָס איז גרעבער און ברייטער פון אונדזער גאַנצן הייזל. איך פריר שוין נאָך איידער עפּעס. דאָס בחורל, כאָטש ס׳איז וווקסיק, איז עס נאָך אין גאַנצן אַ קינד. 16—17 יאָר. און איך בין דאָך עפּעס אַ מאַנספּאַרשוין. דאַרף מען כאָטש לפנים וועגן זיך האַלטן סאָליד.

ווייטער דער באַהייצונגס-לאַגער, ווייטער דאָס ריינע, וואַרעם און ליכטיק אויסגעפּוצטע הילצערן דירהלע, ווייטער דאָס מיידל אינעם געאַרבעטן בליטשקענעם לייבעלע. איך וואָלט זיך געוווּנטשן אַלע טאָג האָבן אַהער אָן אַריינגאַנג, עלעהיי אַ בריוונטרעגער, וואָס ברענגט אַריין יעדן פרימאָרגן אַ צייטונג. נאָר איצט בין איך אָנגעפּעלצט און אָנגעפּוישט. איך בין נישט קיין באַלעגאָלע און כּלומרשט נישט קיין עוואַקויִרטער יונגערמאַן. ס׳ווילט זיך רעדן צו איר און ס׳רעדט זיך שווער. נאָר דאָס געהילץ איז שוין אונדזערס. מע ווייזט אונדז אָן וואָס און וויפל נעמען. די ברעטלעך זענען זייער באַקוועמע — נייע און ריינע, אָבער זיי זענען אָנגעפרוירן, גליטשן זיי זיך. און סיי שוריק סיי איך זענען נישט פּעיִק עס איינ־מאָסטען און איינבינדן אויפן שליטן אַזוי, אַז ס׳זאָל זיך אויפן וועג נישט צערוקן, ס׳זאָל זיך אין וועג צען מאָל נישט צעפאָרן. און גיי שטעלט זיך אָפּ אין מיטן גאַס, ווו דו וועסט מיט דיין נישט-געראָטנקייט שטערן גאַנצע שערענגעס דורכפאָרער. אַפילו דאָס גרויסע רויטע פערד איז פון אונדז נישט קאָנטעט. דער וועג אין גוטע הענט וואָלט געדאַרפט אָפּנעמען אַ שעה, אונדז אָבער האָט עס געקאָסט אַלע דריי: סע צעבינדט זיך, סע צערוקט זיך, סע פאַלן אַראָפּ אויף דער ערד גאַנצע פעקלעך

מיט נייע פלאַנקעס... אמת, נישט ווינציק בליקן זענען אונדז מקנא אויף אונדזער ביסל איינקומעניש. דאָס איז אַחוץ אַ מעשׂה.

מיר האָבן זיך דערשלעפּט אַהיים אָנגעפּרוירעוועט. דאָס פערד איז שוין אויס־געשפּאַנט און אַריינגעפירט אין שטאַל אַריין. און די ברעטלעך האָבן מיר צייט צונויפצולייגן אונטער דעם שאָפּקעלע, ווו ס׳געפינט זיך דעם געשטאָרבענעם זיידנס סטאָליער־ווערקשטאַט.

ביי אַנאַסטאַסיאַ אילאַריאָנאָוונען אין די אויגן בין איך געוואָרן אַ שטיקל איינברענגער. די גאַנצע זאַך איז, וואָס ביי איר גאַנצער תּקיפות איז זי נאָך גענוג אָרנטלעך. זי ווייסט, אַז אויב זי וועט הייצן מיט אונדזער האָלץ אַ טאָג איבער אַ טאָג באַנעמט זי אונדז אַ ביסל, ווייל איר צימער איז דריי מאָל גרעסער פון אונדזערן. דער אויוון שטייט מיט דריי ווענטלעך ביי איר אין צימער און נאָר איין גלאָט ווענטל גייט אריין צו אונדז. אויב זי וועט צושאַרן אַ ביסל קוילן, וועט וואַרעמען. אויב זי וועט זשאַלעווען עס טאָן, וועט טאַקע ביי אונדז זיין קאַלט. ביי אונדזערע „גוטע״ קאַלדרעס, „גוטן״ אָנטאָן איז עס קלאָר.

געזעגן די ברעטלעך האָבן מיר אַליין.

— וויפל קאָסט דאָס ביסל האָלץ? — האָט זי אַ פּאָר מאָל געפרעגט כּלאחר יד...

נאָכן שטיבעלע, ווו מע האָט מיר אויסגעשריבן דאָס האָלץ, בענק איך און וועל נאָך אַ סך בענקען. ריין און שיין האַלטן אַ וווינונג, און נאָך אַ „קאַזיאָנעם״, — דערויף דאַרף מען זיין באַגאַבט און באַשאָנקען עפּעס מיט אַ קראַפט פון די הימלען אַראָפּ. ווער איז אין דעם שולדיק? אין וועמעס זכות שמעקט דאָ אַזוי גוט — דעם באַלעבאָס, דעם מיידלס, וואָס פאַרוואַלטעט דאָ מיט די עטלעכע ריינע שאַפעס, צי גאָר דער אויפראַמערינס?! ניין, איר דאַרפט מיר נישט איינרעדן, אַזעלכעס איז אַ מתּנה פון גאָט.

## אַזוי, ווי איך האָב אייך געזאָגט

יאָ, אַ שמאָל הייפעלע. אין שטוב האָבן מיר שכנים יודינען מיט מאַריאַ אַפּאָ־לאָנאָוונען, און אין המשך פון אונדזער דירהלע, אונטער איין דאַך מיט אונדז, די צווייטע טיר, וווינט דער זייגערמאַכער דרויאַן, אַן אַלטער ייִד, אַן אַלמן, מיט זיין טאָכטער, דעם אַלטנס פאַרזעסן מיידל, „שאָגיטשקע״. זיי קערן זיך מיט אונדז ווינציק וואָס אָן. מיר מיט זיי — אויך נישט, כאָטש מע גייט אויף איין סטעזשקע. זייער שטאָל פאַר האָלץ איז אויך מיט אונדזער שטאַל אונטער איין דאַך. אונדזערע ביידע הילצערנע אָפּטרעטן האָבן אויך צווי טירלעך מיט איין דאַך.

דבורהל זאָגט, אַז ס׳קימערט זי, וואָס די מיטגאַס, די שנייִקע, איז אין איר גאַנצער לענג געל פון מענטשנמיסט: קיזיקעס, צואה און השתנה. אומפאַרשעמט

גיסט מען אויס אויף דער מיטגאָס די טעפּלעך, די נאַכטעמער. אַ גרויסע אוניווער־סיטעט־שטאָט און אַ סך גאַסן האָבן נאָך נישט קיין קאַנאַליזאַציע־איינריכטונגען. ס׳איז נישט שיין און נישט איינגענעמען. דער שניי מיטן פראָסט אין משך פונעם ווינטער קענען נאָך בייקומען די שלעכטע ריחות. וואָס וועט זיין זומער, וועלן מיר זען.

פערדלעך מיט פעסער אויף די שליטנס קומען אין די הייפן איין מאָל אין אַ צייט אויסצורייניקן די אָפּטרעטסגריבער. אָבער, כאָטש דו באַשטעלסט און באַצאָלסט וויפל ס׳פאָדערט זיך אין דער קאָמונאַלערווירטשאַפט, וועסטו זיך דאָך נישט אַזוי גרינג דערוואַרטן אויף די „גאָלדפירער“. מען דאַרף אַחוץ זיי אַליין געבן „לאַדוט“ אָדער „קאַלים“, מוז מען נאָך זען, אַז זיי זאָלן דיין ריי נישט פאַרשטעקן ערגעץ ווייס איך ווו.

מיט דרויאַנען און מיט „שאָניטשקען“ האָבן מיר יאָ פאַרפירט באַקענטשאַפט. ביי איר זענען גרויסע שיינע אויגן, אַזוי ווי זיי וואָלטן די גאַנצע צייט געקלערט פון עפּעס פאַרחידושט־גלאָמפּיש. זי קליידט זיך שטאָטיש, גייט אויף אַרבעט ערגעץ אין אַ שרייבקאַנטאָר און קריגט זיך מיטן פאָטער. מיר ווייסן נישט איבער וועמענס שולד, נאָר זיי ווייזן אונדז נישט אַרויס קיין וואַרעמקייט. מעגלעך, אַז פון גוטע זענען זיי ווייט. אָבער ס׳האָט זיך פאַרבונדן אַ שידוך צווישן דעם אַלטן מיט דבורהלען. דבורהל פאַרקוטעט זיך מיט שאַלן און גייט אַרויס פון מאָל צו מאָל אין מאַרק. זייער פיל שטובווירטינס טראָגן אַרויס עפּעס צו פאַרקויפן פון אָנטאָן־זאַכן, כדי דורכצוקומען מיטן יקרות. פאַר אונדז איז עס באַזונדערס נייטיק. האָט ער איין מאָל אַ זאָג געטאָן, אַז ער האָט אַ ביסל אַלטע „ציס“ (אַנשטאָט דעם ריכטיקן וואָרט „טשאַסי“ — זייגערס), וועט ער זיי צוריכטעווען, ער וועט שטעלן קליינע פרייזן, און דער עודף, וואָס דבורהל וועט אָפּנעמען דערפאַר, וועט בלייבן איר. ער וועט אַפילו נישט פרעגן וויפל.

מיר האָבן זיך אין דעם גענייטיקט. מיר האָבן פון דעם ווירקלעך עפּעס געהאַט. ס׳איז נאָר געווען נישט קיין ראַיעלע אַרבעט, ווייל ער האָט געמאַכט טאַנדעט. דאָס זייגערל קען גיין אַ פּאָר וואָכן און זיך אָפּשטעלן. ס׳איז נישט פאַר אונדזער נאַטור געבן יענעם געגנאַרטע סחורה. און אַ מאָל קען מען נאָך דיך אויסזידלען אויך. אמת, ס׳איז געווען מלחמה־צייט, ווען סיי אין שפּייזזאַכן, סיי אין אַנדערן נייטיקן געברויך גייט אָן ערזאַץ אַנשטאָט עכטן, און ס׳איז שוין געוואָרן אַ וואָכעדיקער גאַנג, האָט זי זיך געמאַכט האַרץ. און טאָמער האָט דער אַלטער דרויאַן געשטעלט פאַרן קייטעלע מיטן זייגערל אַ האַרבלעכן פּרייז, פלעג דבורהל אין אָוונט צו אים אַריינגיין און אים פאָרשטעלן אַלץ, ווי ס׳איז. פלעג ער זיך אַ ביסל שפּאַרן, זיך כלומרשט כעסן און דאָך אַראָפּלאָזן דעם פּרייז. און מיר האָבן ווייטער עפּעס געהאַט לעבן דעם.

ער פלעג זאָגן אויף אונדזער באַלעבאָסטע, אַז זי איז אַ „שוואַרצע". מיר האָבן אויף איר נישט אַרויסגעזען קיין געמיינקייט. מיר, ווי היימלאָזע און באַטריבטע, האָבן געהאַט פון איר די גרעסטע טובה מיטן אַלקערל, וואָס זי האָט אונדז אָפּגעטראָטן אַן געצאָלטס און אָן לאַסקעס. ביי דרויאַנען מיט „שאָניטשקען" וואָלטן מיר עס נישט געפועלט, מע זאָל זיך אַפילו אויסציִען. דערום וואָלט ער נישט דאַרפן זאָגן, אַז זי איז „שוואַרץ".

איך האָב אין ערגעץ נישט געפילט אַזוי אין די איצטיקע מלחמה־חדשים (ס'איז שוין טאַקע מער ווי אַ האַלב יאָר אין דערין, דאָס יאָ), ווי אַזוי איך נייטיק זיך אין גוטע מענטשן, אַזעלכע ווי אונדזער ליפּאַטאָווע, וואָס ווייסט נישט, אַז זי איז אַ גוטע און קלייבט זיך גאָרנישט זיין אַ גוטע. אָט נעמט און טוט זי אומיסטן אַ פרעג, וועט זי אַ קנייטש טאָן מיט אַקסלען און אייך ענטפערן „וואָס דאַרף זי עפּעס זיין אַ גוטע ?!"... און זי איז דאָך אַזוי גוט צו אונדז, אַפילו מיט איר האַרבלעך וואָרט. צו קיין ווייכע ווערטער איז זי נישט געוווינט. נאָר זי סמט אונדז נישט אָפּ אונדזער געמיט. און מיר ווינטשן איר און אירע נאָענטע גוטס מיטן גאַנצן האַרצן.

זיי קלייבן זיך פאַרקויפן דאָס פערד. זיי ווען אים, דוכט זיך, פאַרקויפן צו די טאָטערן אויף פלייש. ער איז ביי זיי נישט פאַררעגיסטרירט און זיי קענען אים נאָך פאַרלירן אין גאַנצן. שוריק וואָלט זיך נאָך קענען לערנען, באַזוכן די שול אַ יאָר אַנדערהאַלבן, ביז דער אַרמיי... זי קלאָגט זיך פאַר אונדז, ליפּאַטאָווע, אַז ער הוסט, שוריק, גאַנצענע נעכט. אַוודאי זשאַלעוועט זי אים. ביי איר אין די אויגן איז ער נאָך אַ קינד.

לייבעלע דרייט זיך אַרום אים אין הויף, אַ מאָל אין קיך, ווען שוריק פאַרריכט מיט אַן אָל און מיט אַ לאַנג שמאָל רימענדל דעם אופראַזש. ער האָט ליב לייבעלען און לייבעלע האָט אים ליב. מיר פאַרשפּאָרן זיך אַפילו צוהערן, וואָס זיי שמועסן דאָרט צווישן זיך.

די יודינס זענען גאַנצע טעג נישטאָ אין דער היים. ער גייט אַוועק אין דער יוריסטן־קאַנטאָר. זי אַרבעט אויך ערגעץ אין אַן אַנשטאַלט. נאָר זיי גלייכן זיך נישט צווישן זיך, כאָטש ער האָט צוליב איר פאַרלאָזן אַ פרוי מיט אַ דערוואַקסענער טאָכטער. מיר האָבן צו זיי גאָרנישט. אונדז וואָלט געווען ליבער, ווען זיי לעבן צווישן זיך שיין. מאַריאַ אַפּאַלאָנאָווּנאַ גייט אָפּט אַרויס אין קיך אַ ברוגזע, אַן אָנגעדראָדלטע, און ער, ווען ער קריגט נאָר דאָס ביסל בראָנפן, איז... מיט איר צעקריגט, נאָר נישט צעכעסט. ער בעט אַלע מאָל דבורהלען, אַז אויב אויף אונדזער שפּייז־ראַציאָן וועט זיך אָנגעמען בראָנפן, זאָלן מיר קיין אַנדערן נישט פאַרקויפן. ער וועט באַצאָלן באַגלייך מיט אַ צווייטן.

ס'איז אמת, מיר נעמען פאַרן בראָנפן טייער: צוויי הונדערט רובל פאַר אַ האַלבן

ליטער, פיר הונדערט — פאַר אַ גאַנצן. נאָר געלט נעמען פאַרן בראָנפן, כאָטש אַלע כאַפּן אים, איז עפּעס שווער, ווייל בראָנפן איז אַ צרה. אָרעמע מענטשן ברענגען אויס אויף דעם דעם לעצטן גראָשן.

דבורה האָט געהאַט אַ דערשרעק. אין מאַרק איז עס געווען. דער קונה האָט אויסגעגאָסן די האַלבע פלאַש בראָנפן גלייך אין גאָרגל אַריין. דאָס האָט ער אַזוי געבעטן מע זאָל אים לאָזן פאַרזוכן. דבורה האָט זיך טויט דערשראָקן, ווייל אויף די צוויי הונדערט רובל איז געווען אויסגערעכנט דריי טעג לעבן. און איצט? איצט וועט ער נישט אָפּגעבן. ער איז אי אַ שיכּור, אי אַן אָרעמאַן. דער פאַרשוין האָט אַ קוק געטאָן, ווי אַזוי דבורה איז באַטריבט, ווי אַזוי ס'ציטערט ביי איר די האַנט, מיט וועלכער זי טרייסלט אים ביים אַרבל, ווי ס'שטייען ביי איר טרערן אין קול, און, שטעלט זיך פאָר, ער האָט איר אָפּגעגעבן דאָס ליידיקע פלעשל, האָט אַרויסגענומען געלט פון בוזעם און באַצאָלט. טרערן זענען טאַקע נאָך ביי איר געשטאַנען אין די אויגן, נאָר זי האָט שוין געשמייכלט און געקוקט אויף אים מיט צאַרטער דאַנקבאַרקייט.

פאַרקויפן יודינען דעם בראָנפן — ווען האָבן מיר אים? איין מאָל אין חודש. נו, איז, ערשטנס, וועט אפשר מאַריאַ אַפּאָלאָנאָוונאַ זיין ברוגז. מעגלעך, אַז אַלע רוגזן קומען ביי זיי פאָר איבערן טרונק. טויג עס נישט. די דאָזיקע הויכע מאָגערע פרוי איז אַ געבילדעטער מענטש און אַ רוסישע פרוי. רוסישע מענטשן זענען בכלל פאַר אונדז אַ נייס (מיר זענען געוווינט צו יִדישע, צו אוקראַיִנישע). צווייטנס, נעמט ער מערסטנס אויף באָרג און דערנאָך קוק אים אין די הענט אַריין: צי האָט ער שוין, צי קלייבט ער זיך ערשט אַ מאָל האָבן און אָפּגעבן דעם חוב?

אָפּט שטעלן זיי זיך אין קיך גאַנץ פרי, פאַרן גיין אויף דער אַרבעט, און יעדערער קאָכט זיך באַזונדער זיין פרישטיק. ליפּאַטאָוואַ איז גוט צו „מאַר־פּאַוו־לאָוונאַ" (מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ), זי האַלט מערער איר צד און זאָגט צו אונדז, אַז דער אַלטער איז פאַרשייט („אָזאָרנאָי טאַקאָי"). ווען זי וואָלט געהאַט מאַכט, וואָלט זי אויף אים אָפּגעזוכט עפּעס אַ שטראָף, נאָך ווען זיי זענען שלום צווישן זיך, איז זי גוט צו ביידן. זי האָט פון זיי גאָרנישט. נאָר דאָס אַליין איז עפּעס, וואָס זי האָט פאַר זיי אָפּשיי, וואָס זיי געפעלן איר. און זי, אַ פּראָסטע פרוי, איז מיט זיי אין איין קיך. מע שטייט אַ מאָל מיט זיי אַקסל צו אַקסל און מע שיילט קאַרטאָפל, מע הייצט דעם אויוון און מע רעדט אויס צווישן זיך אַ וואָרט, ווי מיט אַ גלייכן.

שוריק האָט אויך ליב זאָגן מיט אַ זמרל (ווי מע וואָלט פרעגן עפּעס): „מאַר־פּאַוולאָוונאַ" אָדער „קאָסטין לעקעיִטש" (קאָנסטאַנטין אַלעקסעיעוויטש). „מוסיאָ־נאַטשעק" רופט זי דער אַלטער אָפּט, ווען זיי זענען גוט צווישן זיך.

מיר האָבן קיין מאָל קיין קרום וואָרט נישט געהערט פון די צוויי טרוקענע הויכוווקסיקע רוסישע לייט. זי — יִינגער, ער — עלטער. נאָר איך האָב ערשט

איבערגערעדט, ווי מיר נייטיקן זיך (ממש ווי אין לופט צו אָטעמען) אין גוטע מענטשן. זיי צווייען האָבן אָבער נישט צו דעם די מינדסטע שייכות...

אָט האָט זיך באַוויזן נאָך איינער, אַזאַ ווינציק באַמערקטער און אַזאַ גוטער מענטש, וואָס זיין גוטסקייט שענקט ער אונדז מיט אַזאַ אויסזען, ווי ער וואָלט עס אַליין גאָרנישט באַמערקט, ווי ער וואָלט אויף דעם קיין מבין נישט געווען. אָנגעהויבן האָט זיך עס אַזוי: אין גאַס צערעד איך זיך אָפּט מיט אַ ייִדישן מענטשן (ווען אין דער ריי נאָך ברויט, ווען אַזוי בשעת יענער גייט פּאַמעלעכן). באַגעגן איך איין מאָל אַן עלטערן ייִד פון קליינעם וווקס. נישט קיין גרויסע גרויע באָרד, פּשוט געקליידט. ער וווינט נישט ווייט פון אונדז, ער איז אויך אַן עוואַקוירטער. אַליין איז ער פון ווייסרוסלאַנד און דאָ האָט ער אַן איידעם, וואָס די טאָכטער (ד״ה דעם איידעמס ווייב) איז זיי, נישט דאָ געדאַכט, נישט פאַר לייטן געדאַכט, נישט לאַנג געשטאָרבן. נאָך אַ יונגע, נעבעך, קיין פולע 50 נישט אַלט געווען. פאַרשלאָפט געוואָרן און געשטאָרבן. דער איידעם הייסט בורשטיין. אַ ווילער מענטש. אַרבעט אין שטאָטישן האַנדלס־אָפּטייל. דאָרטן האָבן זיי די מעגלעכקייט פון מאָל צו מאָל אַרויסגעבן פאַר אַן עוואַקוירטנס וועגן אַ טאַלאָן אויף כּלים, אויף אָנטאָן־זאַכן. איז איינס פון דיביידע: דאַרפט איר עס פאַר זיך — קאָסט עס אין גלייכן געלט, דאַרפט איר עס נישט פאַר זיך — טראָגט איר עס אַרויס אין מאַרק, וועט אייך עפּעס דערפאַר אַריבערפאַלן.

דער אַלטינקער, וואָס איז שוין געווען מיט מיר אַזוי ווי היימיש, האָט מיר אויסגעמאָלט, ווו דאָס איז.

— איך קען אייך צופירן אַהין, — זאָגט ער, — נאָר איך וועל מיט אייך צו אים נישט צוגיין. ער איז אַ גוטער כאַראַקטער און וואָס איז נאָר מעגלעך, וועט ער אייך אַליין אַלץ טאָן.

פאַר אונדז איז עס אַ צייכן פון הימל, אַ שליח פון גאָט אַליין. אַז איך בין געקומען צו בורשטיינען אין אַנשטאַלט, האָב איך געטראָפן ביים אָנגעוויזענעם טיש אַ ייִדן גרעסער פון מיטעלן וווקס, אַ גרויסע אויסגעבויגענע נאָז, ווי אַ שופר, די אויגן בולטער, ווי געוויינלעך, און רעדט אויף אַ „כייש״. אַז ער קלינגט אין טעלעפאָן און רופט זיינעם אַ מיטאַרבעטער שאַראַנאָוון — באַקומט זיך „זשכּכאַנאָוו״, ממש ווי מיט צוויי „כּת״ן. דער ייִד געהער מיט זיין אויסערלעכן אויסזען צו דעם אויסגעשפּראָכענעם טיפּ, וואָס אונדזערע שׂונאים מאָלן אויף נאָכצוקרימען זיך פון אים און פון אַלע ייִדן. און אַ האַרץ (ווי דער אַלטינקער שווער זיינער האָט מיר אים פאָרגעשטעלט) איז ביי אים אַ גאָלדנס, אַ מענטשלעכס און אין דער נאַטור זייער אָנשטענדיק.

פאַרטאָן איז ער שטענדיק. אַ ווערט אויף דער אַרבעט, ווי ס'איז צו זען, האָט ער אַ גוטע. ווען ער האָט זיך אַ ביסל באַפרייט פון די טעלעפאָנען־קלונגען און פון

די מענטשן, וואָס זענען לעבן אים געווען, האָט ער מיך אויפגענומען. האָב איך אים אין מאַמע־לשון דערציילט נישט הויך, ווער איך בין, וואָס איך בין, און נאָך וואָס איך בין צו אים געקומען. זיין האַרץ און זיין בליק האָבן זיך צו מיר אַ קער געטאָן מיט ריינעם מיטגעפיל:

— נאָט אייך, — זאָגט ער, — אַ שטיקל פּאַפּיר. שרייבט אָן, אַז דער עוואַקויר־טער (נאָמען און פאַמיליע־נאָמען) בעט צוויי עמער און בעט אַ וואַטענעם לייבל... דאָס וועט מען אייך באַלד אויסשרייבן און אין אַ טאָג פינעף אַרום וועט איר פּרוּוון ווייטער אַריינקומען.

ער האָט נישט באַוויזן ענדיקן דאָס וואָרט, ווי ס'האָט פּאַסירט אויסערגעוויינ־לעכס (ממש אַ דונער אין מיטן העלן טאָג): אינעם אַרעם באַשטעלטן צימער, מיט די צעשאַרפּטע דיקטענע טישלעך, האָט זיך אַריינגעשטעלט אַ גענעראַל... אַן אמתער גענעראַל!... (אין מלחמה־צייט און גלייך אַהער). אַלע זענען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער און זיך אויסגעצויגן פאַר אים, ווי פּאַרגליווערטע. ער האָט זיך געפרעגט אויף מיין בורשטיינען, דאָ, ווו איך האַלט אין געהאַלפן ווערן.

— טאַק טאָטשנאָ, טאָוואַרישטש גענעראַל, — זאָגט בורשטיין, — דאָס בין איך.

און יענער דאַרף נישט מער, נישט ווינציקער, ווי אַ פּאָר קאַראַקול־פעלעכלעך פאַר אַ דאַמען־קאַלנער...

מעגלעך, אַז דער גענעראַל איז אין דער רגע ביי זיך גאַרנישט אַזוי גרויס, אָבער געפּלעפט זענען מיר אַלע.

בורשטיין האָט אָנגעקלונגען צו שאַראַנאַוון, און ער האָט דערקלערט דעם גענעראַל מיט גרויס דערשראָקנקייט און דרך־ארץ, ווען, ווי אַזוי און וווהין מע קען גיין אָנקוקן. ער איז מיטן גענעראַל אַוועקגעגאַנגען, זיך געהאַלטן פון אים אויפן נויטיקן מהלך און אין אַ מינוט צען־פופצן אַרום איז ער געווען צוריק מיט אַן אָפּגייענדיקן האַרצקלאַפּעניש, ווי נאָך אַ דערשרעק, וואָס איז אַ דאַנק דעם אוי־בערשטן בשלום דורכגעגאַנגען. די אָפּגעשאַרפטע דיקטענע טישלעך זענען צוריק אָפּגעשאַרפט, ווי אַנדערש דאַרף עס נישט זיין, די מענטשן קענען זיך צוריק נעמען צו זייער טועכץ, און מיר האָט ער שוין נישט וואָס איבערצוחזרן: אין אַ טאָג פינעף אַרום מעג איך ווייטער אַריינקומען.

אין איין אָרט האָבן מיר אויסגעקויפט די נייע עמער, אין אַ צווייטן — די וואַטענע קורטקע. איין עמער האָבן מיר טאַקע איבערגעלאָזט פאַר זיך, איין עמער האָבן מיר אַרויסגעטראָגן אויפן מאַרק. די נייע קורטקע — אויך. מיר זענען אַרויס מיט „שיינעם" רווח. די פנימער שיינען ביי אונדז, און דער אַלטינקער וויטעבסקער ייִד מיטן גרויען בערדל, ווען ער האָט מיך באַגעגנט און זיך אָפּגעשטעלט לעבן מיר, האָט ער צום סוף אויסגעפּירט:

— נו, נו. אַ יאָ אַזוי ווי איך האָב אייך געזאָגט!...

## בלייבןביים וועלן

שוין דער 5טער פעברואַר. שוין נישטאָ קיין 41סטער יאָר. לעם דעם „4" שטייט שוין איצט אַ „2" — צוויי און פערציקסטער. ווי ווערט מען וואָס גיכער פּטור פון די שווערע שלעכטע צייטן ?... פאַרשווינדט !... ווערט אַנטרונען !

מאָרגן, דעם 6סטן פעברואַר, ווערט לייבעלען 9 יאָר. אַ מענטש! ער איז אפשר דער שענסטער מענטש אין אונדזער קליינער פּירפּערזאָניקער מלוכה, אין אונדזער הייפעלע, אין אונדזערע בײדע גאַסן. לייבעלע איז אַ שיינער, זויבערער איינס. זיין געזיכט לויכט זיך, זיינע אויגן קוקן ליכטיק, זיין מוח דענקט שוין.

איך בין נאָך ביים זינען און וויס, אַז אויב רעדן ניכטער, איז לייבעלע נאָך אַ קינד. ער האָט נאָך פאַרויס עטלעכע קינדער־יאָרן. נאָר ווי אַזוי זאָל איך עס איבערגעבן, איך האָב פאַר אים טיפן אָפּשיי. איך האָב פאַר אים דרך־ארץ, וועלכן איך באַדאַרף אויסבאַהאַלטן, ווייל פאַר אים קען עס זיין אומגעזונט, ווען כ׳וועל עס אַרויסווייזן צו אָפן: אין אונדזערע שמועסן לאָז איך אים ער זאָל זיך פילן פריי, אין שטוב זאָלן מיר זיין, ווי ווייט מעגלעך — אַלע גלייך. דאָס שאַדט אים נישט. און ביי זיך וויס איך, אַז איך האָב ביי אים, ביי לייבעלען, פיל וואָס צו לערנען. אַפילו אין אמתדיקייט, אין שיינער מענטשלעכער אָנשטענדיקייט. איך וויל נאָר, אַז אויסער די קענטעניששן, וואָס ער קריגט אין שול, זאָלן נאָך די הענט זיינע קענען טאָן אַרבעט. אָבער ס׳איז נישטאָ ביי וואָס אים צוצולערנען. דאָס איינציקע נאָר, ביי וואָס ער העלפט מיר, איז אָנזעגן אַ ביסל האָלץ (מיר לייען ביי דער ׳אַנדזיעל" אַ זעג). ביי אים הייסט עס, אַז ער העלפט מיר אין שטוב, און ביי מיר — וויל איך — זיינע הענט זאָלן זיין געוווינט אַפילו צו גראָבגעצייג.

„אַנדזיעל" רופן מיר אַ שכנה איבערן וועג, אַ פּראָסטע דאָרפישע משפחה. איר מאַן איז בלינד אויף איין אויג. אַ מאָל קויפן מיר עפּעס ביי זיי, ווען ער ברענגט שפּייז פון דאָרף. און כאָטש זי רעדט אויס ריכטיק אַלע בוכשטאַבן, איז אפשר אַלס אָפּשיי פאַרן גרויסשטאַטישן, זאָגט זי אויף „אַנגעל" (אַ מלאך) — „אַנדזיעל".

דבורה האָט היינט באַקומען אין קראָם צוקערקעס אויפן חשבון פון צוקער לויט די שפּייזקאַרטלעך. אָבער דאָס מאָל האָט זי באַקומען צוקערקעס מיט פרייד: מיר׳ן מאַכן אַ שיינעם טיי לכבוד לייבעלעס געבורטסטאָג. אפשר וועט נאָך בײלקע ברענגען אַ פּאָר פּאַנטשיקעס פון דער אַרבעט. ס׳ווילט זיך באַשיינען דעם יום־טוב.

כ׳בין ביי איסערסאָנען, ביי אונדזער פּראָפעסאָר, געווען צוויי־דריי מאָל פאַר דער לעצטער צייט. צוריק מיט אַ צען טעג איז אים ווייטער געוואָרן שפּל. דער מענטש האָט זיך געעקט ממש פאַר די אויגן. די פרוי ראַטעוועט אים און ער ענטפערט איר מיט פאַרגלייזטע אויגן, ווי נישט אויף דעם עולם:

— רויק, רויק...

אָט דאָס איינע וואָרט האָט אין זיך אַ פילאָסאָפישע קראַפט. אָט דער מאַן איז פון אַ געהויבענער מדרגה, אַפילו אין די רגעס, ווען דער מענטש איז נישט ביי זיך אין די הענט. לעצטן אָוונט, ווען כ׳בין ביי אים געווען, האָט ער זיך שוין געפילט בעסער און געשאָטן מיט ווערטלעך: זיינע פרויען, זאָגט ער, זעגן שוין גוט האַלץ...

— „סקאַזשיטע פּאָזשאַלויסטאַ״, — גיט ער צו, — ווו האָט איר געזען אַ ווייב, וואָס זאָל נישט קענען „זעגן״?

— מיינע, — זאָג איך, — קען אויך די אַרבעט.

זיי האָבן מיר געגעבן פאַר לייבעלעס וועגן אַ פּאָנטשיק. איך האָב עס לאַנג נישט געוואָלט נעמען, האָט ער אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער אויפן פּאָנטשיק, אַ קוק געטאָן אויף אונדז און געזאָגט:

— איר ווייסט, ווי אַזוי דאָס הייסט? „טשעפוכאַ נאַ פּאָסטנאָם מאַסליע״* (גאָרנישט מיט נישט אויף פּשוטן בוימל).

דעם זעלבן אָוונט האָט ער מיר היימיש און שטיל געזאָגט (איך פיל, ווי ער רוט אָפּ נאָכן שווערן טאָג אַרבעט אין מיליטער־שפּיטאָל):

— איר זענט געקומען אַהער, — זאָגט ער, — דער זעלבער קבצן, וואָס איר זענט געווען אין קיִעוו. ווען איך קום אַהער אויך דער זעלבער, וואָס כ׳בין געווען אין קיִעוו, וואָלטן מירביידע צו דעם נישט דערלייגט...

איך האָב זיין מיין גוט פאַרשטאַנען. איך האָב נישט איין מאָל געטראַכט דאָרט, און ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז מיט זיינע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן און מיטן גרויסן מענטשלעכן האַרצן, וואָלט ער געקענט זיין מיין מעצענאַט. איך נייטיק זיך אין אַזעלכן אַ סך יאָרן. נו, איצט האָט ער קלאָר אָנגעוווּנקען דערויף, אַז דאָרטן האָט מען זיך „געקליבן״ און דאָ וועט שוין פון דעם גאָרנישט נישט זיין. מע קען נאָר בלייבן ביים ווילן...

אין פּאָטשט האָט מען מיר אָפּגעגעבן דריי הונדערט רובל פון ברכהלען. איך שטעל זיך נישט פאָר, ווען וועל איך זיי עס קענען אומקערן. פאַר וואָס דאַרפן זיי מיר אָפּשיקן דאָס לעצטע? זיי האָבן מיר אויך געשריבן וועגן בער סלוצקיס אַ קאַרטל, וואָס זיי האָבן באַקומען פאַר מיינעט וועגן. אַלץ שטימט: ער איז טאַקע אַרויסגעפאָרן פון וואָראָשילאָווסק. אויפן וועג האָט ער „פּאַרזייט״ זיין דאָבען. ווען מע האָט זי אַראָפּגענומען פון וואַגאָן און געבראַכט צו קבורה, האָט מען אים נישט געלאָזט אַראָפּגיין און ער איז מיט מינעלען אַוועקגעפאָרן ווייטער. אויך אַ האַלבער מת. אַזעלכע ידיעות זענען אַ „היילונג״ צום האַרצן. דעם גאַנצן טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען ווי איינער, וואָס טראָגט אַ שווערע משׂא, נאָר ער ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ בייזע אָנשיקענישן די פּעק אַנטהאַלטן אין זיך.

---

* Чепуха на постном масле.

פון לאַבינסקאַיאַ האָט מען מיר אין אַ בריוו צוגעשיקט שמעונס צוויי קאַרטלעך. ווייזט אויס, אַז פון דאָרט זענען די קאַרטלעך אַרויס שוין לאַנג, ווען לאַבינסק איז נאָך געווען פריי. אויף איין קאַרטל איז אַחוץ דעם אַדרעס גאָרנישט געווען אָנגעשריבן — אַן אָפּשפּיצל פון צעשטרייטקייט. דאָס צווייטע גוטע קאַרטל איז פאַרן 16טן אָקטיאַבער. אַזוי איז עס טאַקע. איצט דאַרף מען שרייבן ענטפער.

כ'האָב שוין אויך פון אַנדערע אָנגעהויבן באַקומען בריוו. פון אַזעלכע בריוו ווייסט מען נישט געננוי, ווי אַזוי און ביי וואָס האַלטן זיך מיינע פריינד. ס'איז נאָר אַ מין איבעררוף אין דער לופטן, וואָס קלינגט דיר גוט, ווי דער לייכטער איבעררוף פון פרעשלעך אָנהייב זומער תּהילת אָוונט: ער צעגייט זיך אין דער לופטן מיט אַן איבערגעזאַנג — „מיר זענען דאָ, מיר זענען דאָ, מיר זענען דאָ"... אָט אַזוי קען מען נאָך אַ מאָל דערלעבן ביז גוטע געוויינלעכע איינגעפּעסטיקטע צייט־און־לעבנס־נאָרמעס.

## פּעק מיט חלומות

דאָס וועש, וואָס כ'האָב געטראָגן אין וואַגאָן (מן־הסתּם 48 מעת־לעת), זאָגן אויף דעם „קויטיק וועש", וועט זיך נאָך דאָס וואָרט „קויטיק" באַליידיקן: שוואַרץ ווי די ערד, עפּעס אַ מאָדנע מין טרוקנקייט, וואָס האָט זיך איינגעקנאָטן מיט דער שוואַרצקייט אין איינעם. אין פּאָרל וועש האָבן מיר פאַרגעסן אין דער זאַכנקאַמער פונעם קאָלווירטהויז, און איצט, אין אַנדערהאַלבן חדשים אַרום, האָב איך זיך דערמאָנט און אָפּגענומען.

אין שטוב, ווען ס'איז קיינער נישט געווען, האָב איך עס פונאַנדערגעוויקלט, כּדי פון ס'גיי אַ קוק צו טאָן דערויף. יאָ, ס'זעט מיר אויס פּונקט ווי די ליילעך מיטן ציך, וואָס בלייבן אין בעט נאָכן טויטן, מיט וועלכן מע האָט ערשט געטאָן זיין רעכט און אָוועקגעטראָגן מיט באַגלייטערס אַהין, ערגעץ ווייט צו דער אייביקער רו: די ליילעך מיטן ציך ליגן אויפן בעט און אַפילו די פאַרהויבענע קאָלדערע זענען נאָך אין זייער גאַנצער אָפּשטויסנקייט...

יאָ, אַגב איז עס שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, אַז איך דערפיל אין זיך, צוליב אַ גרעסערן אָדער קלענערן פּרט, אַן ענלעכקייט צו אַ מת. ס'איז נישט פון די גאָר גוטע מינוטן. באַזונדערס איצטער, ווען דער טויט האָט זיך פאַרקליבן צו אונדז אין לאַנד און זשערעט און פרעסט און ווייסט פון קיין זעט נישט...

די ערשטע טעג אין סאַראַטאָוו האָב איך זיך מיט אַן אויסערגעוויינלעכער נאַטירלעכקייט באַצויגן צום עניין פון אויפהערן לעבן אויף דער וועלט. איך האָב אַפילו געהאַט גרייטע פּלענער: אויב איך לאָז זיך, צום ביישפּיל, אַראָפּ אין דער וואָלגע אין אַ פּאָלאָנקע... וואָלט גוט געווען איבערלאָזן פון אויבן, אויפן אייז, דעם

מאַנטל, דאָס רעקל, די שיך און די דאָקומענטן פאַר דבורהן מיט די קינדער. די קעלט וועט דיך דורכנעמען, אָבער נישט אויף לאַנג. בלויז די שקאַרפּעטקעס זאָלן בלייבן מיט דיר, דאָס אייז זאָל זיך נישט קלעפּן צו די פיס. דו וועסט אַפילו נישט באַווייזן אויסברענגען קיין האַלב וואַרעמקייט פון דער, וואָס האָסט מיט זיך געבראַכט, ווי דו וועסט לויט דיין אייגענעם אויסוואַל און באַשלוס זיך איבערגעבן צו אַן אַנדער וועלט — אַ נאַסער און אַ טיפער, ווו ס׳מוז זיך עפּעס אָפּרייסן אין מוח און אין האַרצן ביים אויגנבליקלעכן אָנהייב צום גרויזאַמען אומפאַרהיילבאַרן סוף...

מיט דער צייט האָב איך זיך אַ ביסל אָפּגעפרעמדט פון דער פּאַלאָנקע־אילוזיע. אַגב, בין איך נאָך קיין מאָל נישט אַראָפּ צו דער וואָלגע און נישט אַרויף אויפן אייז. מע זעט איצטיקע צייט כּמעט נישט קיין ליידיקגייער, וואָס זאָלן זיך מיט אַזעלכעס פאַרנעמען. די פּלענער זענען ביי מיר באַהאַלטן, ווי אַ גוטע גרייטונג, ווי אַן אויס־לייזונג, אָבער דערווייל איז נאָך צו דעם נישט דערגאַנגען.

די לאָדן נאָך נישט געעפנט. דער לאָמפּ אָן דער גלאָז און אָן דעם קאָלפּעק (היטעלע) טשאַדעט מער ווי ער לייכט. צו פאַרטאָג צו בין איך שוין געשלאָפן און חלומות — איינער נישט ענלעך צום צווייטן — האָבן מיר זיך אָנגעחלומט און דעם האַרץ מיט עפּעס באַפרידיקט: די מאַמע שעפּט אויס (בראַקעוועט) מיט אַ כוואַטקע די זדיביצע פון אַ האַרבאַרסקער ביט. זי שיט אויס די זדיביצע אויף אַ נאָסילקע. איך פאַרשטיי נישט, פאַר וואָס לאָז איך זי טאָן אַ שווערע אַרבעט. איך קען זיך דאָך איבערטאָן און דאָס טאָן אַליין... בעזשענצעס, ריין געקליידטע, מיט זיטן און מאַנירן נישט קיין היגע, צווישן זיי אַ ווויל מיידל, אָדער אַ ווייבל, טראָגט אויף זיך אַ כאַלאַטל, אונטערן כאַלאַטל איז זי אין גאַנצן אַנטבלויזט. אַ רייטער אויף אַ שיינעם שטאַלטנעם פערד (אַ שפּאַק) איז שיִער נישט אַרויפגעפאָרן אויף מיר, נאָר דאָס גוטע גרויסע פערד, אַ צעהיצטס, האָט זיך באַצייטנס אָפּגעשטעלט און איינגעטוליעט זיין קאָפּ צו מיר אויפן האַלדז... מע זאָגט, אַז ווען ס׳חלומט זיך אַ פערד, איז עס אַן אָנזאָג פון טויט. איך בין פריי פון איבערגלויבערישע צייכנס. זיי באַאומרויִקן מיך נישט. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב ליב, איז, אַז מע זאָל מיר איבערגיין דעם וועג מיט פולע עמער. פון ליידיקע בין איך נישט גערן. ס׳אַרט מיך אַפילו: „ס׳טייטש, ס׳האָט דאָך געקענט זיין פאַרקערט!״...

די קעלטן לאָזן נישט אָפּ, כאָטש האָפּשטיינס ווערטער קלינגען מיר אָפּט אין די אויערן: „ס׳איז פאָרט שוין פעברואַר, אין דרויסן איז געוואָרן היינט לינדער״.

דעם 8טן האָט אַ חבר געבראַכט פון הערשלען דעם גרויסן (מיין ברודער) אַ בריוו. דאָס ערשטע מאָל פאַר וועלכע זיבן חדשים, אַז מיינע בריוו און זיינע בריוו האָבן געפונען איינער דעם צווייטן. (זיין בריוו איז אַ דירעקטער ענטפער אויף מיינעם). 150 רובל געלט. די קינדערשע הילף רירט מיך כּסדר.

נעכטן דערזען מיט אַ מאָל, ווי גוואַלדיק בלייך לייבעלע איז. איך האָב אויך געוואַשן די פיס און אויך נישט געגלויבט, אַז מיינע פיס קענען זיין אַזוי מאָגער. ס׳איז אַ פאַרברעכן זיך אַזוי אָפּלאָזן, זיך פאַרוויגן אין פּאַסיוויקייט: אַבי מע לעבט... אַבי ס׳איז וואַרעם אין צימער... מען טאָר נישט אַזוי. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז ס׳שטייט נאָך פאָר זייער אַ סך...

דעם פּראָפעסאָרס אַ שפּאַס: איך האָב זיך געקלאָגט, אַז די פיס ווילן זיך נישט אַנוואַרעמען. ענטפערט די פּרוי זיינע, אַז ס׳איז טאַקע זייער קאַלט. מישט ער זיך אַריין און זאָגט:

— ס׳איז נישט די איינציקע סיבה: די פיס האָבן נאָך אַ נאַטור זיין פאַרבונדן מיטן מאָגן... דאָרט ליגן איצט אי דער קאָפּ, אי די פיס...

## ביינאַנד מיט יומטובדיק געקליידטע מענטשן

איך ווין אין סאַראַטאָוו און נאָך אַ סך אַנדערע אָנגעפּאָרענע מענטשן וווינען דאָ. איר ווייסט ווער ס׳געפינט זיך אין סאַראַטאָוו?... דער מאָסקווער קינסטלערישער טעאַטער (דער „מכאַט״)! די מערסטע טייל אַרטיסטן וווינען אינעם היגן האָטעל (נישט ווי אַ גאַסט, וואָס קומט אויף אַ וואָך צי אויף אַ חודש) און זיי שפּילן אין היגן טעאַטער. איך האָב געזען גרויסע רייען צו דער קאַסע פון טעאַטער. אַפילו אין דער קעלט שטייען גרויסע רייען נאָך בילעטן.

וואָס טוט נישט אַ נאַר, ווען ס׳פאַלט אים איין אַ קלוגער געדאַנק? (פון וואַנען האָט זיך צו מיר גאָר גענומען די חוצפּה?):

אין אָוונט, אַ צוואַנציק מינוט פאַרן אָנהייב, בין איך צוגעגאַנגען צום אַדמי־ניסטראַטאָרס פענצטערל: איך זאָג אים ווער איך בין — „אויך אַן אָנגעפּאָרענער, אַ קיִעווער שריפטשטעלער״... און דער מאַן פון יענער זייט פענצטערל, שיין געקליידט, שטאַלטנע און מיט אַ שיינעם גרויסשטאָטישן אויסזען, האָט מיט מיר נישט געמאַכט קיין סך רייד און אויסגעשריבן אַ פּלאַץ. איך האָב מער נישט געבעטן, ווי איינעם. דבורהל האַלט, אַז מע דאַרף זיין פריש, געזונט און משוגע מען זאָל זיך איצט אויסקלייבן גיין אין טעאַטער. די גאַנצע מעלה איז, וואָס איך דאַרף זיך לאַנג נישט קלייבן. זיך איבערטאָן פאַרשפּאָר איך — איך האָב נישט אין וואָס. זיך אָנשמעקן דאַרף איך נישט — איך האָב נישט פאַר וועמען. איך גיי גלייך. אַ פּלאַץ איז געווען זייער אַ גוטס, נאָר ערשט דאָ האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו דערפילן, ווי נעבעכדיק איך בין: יונגע מיידלעך זענען געזעסן מיט יונגע מיליטער־לייט — לייטענאַנטן, קאַפּיטאַנען, געווינלעכע מיטליעריקע שטאָטלייט זענען געווען אָנגעטאָן, ווי ס׳פירט זיך — יומטובדיק, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ טעאַטער. גוטע פאַרפיומען הערן זיך דאָ און דאָרט. און איך?... מיר איז גוט, ווען ס׳גייט

די שפּיל. ליכטיק איז אויף דער בינע און אין זאַל איז פינצטער. ס'גייט טשעכאָווס אַ זאַך — „דריי שוועסטער". ס'איז ווייט פון אונדזער צייט, פון אונדזער שטימונג, אָבער ס'רירט דיך אויף יעדן טראָט. דו ווייסט עס גערן גיין קוקן נאָך אַ מאָל. אַ פּשוטער שׂכל: טשעכאָוו איז גוט, און די שוישפּילער זענען אויף אַ הויכער מדרגה. ס'כאַפּט ביי דער נשמה. נאָר אָט קומט דער אַנטראַקט, דער פאָרהאַנג רוקט זיך צונויף, אין זאַל ווערט ליכטיק, דערפיל איך מיך, ווי איך וואָלט געווען נאַקעט צווישן אַ פרעמדן אָנגעטאָנענעם עולם. מיינע אָרעמע שמאָלע וווּ־ניט־ווו געלאַטעטע הייזלעך, מיין טונקל העמדל און דאָס וואָכעדיק פּידזשאַקל... ווי אַזוי קענען זיי ווירקן אויף מיינע שכנים פון פּאַרטער?

אַז איך האָב אָנגעקלאַפּט אין לאַד פון אונדזער איינציקן פענצטער אויפן ראָג גאַגאַליעוועוער, האָט מיר דבורהל געעפנט אי די טיר, אי דאָס הויפּטירל, וועלכע מיר פאַררוקן אויף ביי נאַכט.

זי איז אויף מיר נישט געווען בייז. זי האָט מיר געגעבן וואָס עס איז אַ ביס טאָן, זי איז געזעסן אויף איר געלעגער און גערעדט מיט מיר. זאָל זי אונדז זיין געזונט, זי איז אַ גוטער מענטש.

איך האָב זיך אויסגעטאָן, בין געזעסן אַ ווייל־ינקע ביי איר אויפן געלעגער. איך האָב איר אַ קוש געטאָן. זי זאָגט, אַז מיין באָרד שטעכט זיך: „ווי אַזוי גייט מען עס אין טעאַטער נישט ראַזירטערהייט?"... און איך בין אַוועק צו לייבעלען אויפן געלעגער, זיך צוגעמאָסטעט שטיל איך זאָל אים נישט אויפוועקן.

ביילקע שלאָפט, דוכט זיך, אויך מיט אַ יונגן שלאָף.

## דאָס שפּייז פון די געטער

לייענזאַלן האָב איך דאָ צוויי.

די אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק. זי ווערט ווינציקער באַזוכט ווי ס'וואָלט איר געמעגט אָנשטיין. אַז איך קום אַהין אין הייף אַריין, נעמט מיך אָן אָפּשיי פאַר די ביימער, פאַר די ווענט, פאַר דער אינטעליגענץ, וואָס באַטרעט די היגע שטעגן. קיין סטודענטן זע איך נישט קיין סך. אפשר טרעף איך פּונקט אין דער צייט, ווען זיי זענען אין די אוידיטאָריעס. און אפשר איז איצט נישט קיין צייט פון לערנען. מלחמה האָט אַנדערע לאַזונגען. אינעווייניק רופן אַרויס אָפּשיי די גאַלעריעס, די ביבליאָטעקערינס, וועלכע רעדן שטיל. ס'פּאַדערט זיך אַזוי. נאָר אַז זיי רעדן מיט מיר שטיל, שאַפט זיך ביי מיר עפּעס אַן אינטימקייט. דאָ איז פאַראַן אַ רייכער קאַטאַלאָג. „חדשים און טעג" האָב איך דאָ, צום באַדויערן, נישט געפונען. דאָס קינדערביכל „מאַריאַק" איז יאָ דאָ. זיי האָבן עס מיר געגעבן.

דער צווייטער לייענזאַל איז פּראָסטער, נאָר אַן אַן ערך אויפגעלעבטער.

דאָס איז די שטאָט־ביבליאָטעק אויף גאָרקי און וואָלגסקי־גאַס. דאָרטן דערלויב איך זיך אין אָנוועזנהייט פון די מיטאַרבעטערינס זיך האַלטן חשובער. עפּעס בין איך דאָך פון קיִעוו. עפּעס האָב איך דאָך דאָרטן געזען ביבליאָטעקן, וואָס זענען אַ צירונג פאַר דער הויפּטשטאָט.

צו קיין חרפּה זאָל אונדז נישט זיין: דאָרט בין איך נכשל געוואָרן אין גראַשנדיקער „שפּיגיליאַציע". דער פאַרוואַלטערין פונעם אָפּטייל איז איינגעפאַלן ביי מיר בעטן טאָמער קריג איך די מאָסקוועער ליטעראַרישע צייטונג. ביי זיי האָט זיך געטראָפן אַ מיספאַרשטענדעניש און זיי וועלן זי נישט האָבן ביז קומענדיקן יאַנואַר. זי וועט מיר געבן גענוצטע צייטונגען צו עטלעכע פאַר איינער. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם. איך האָב זי געבעטן זי זאָל מיר נישט קאַרגן קיין איבערגעלייענטע צייטונגען. מיר דאַרפן עס אין שטוב צו נוצן. געווען איז עס נישט קיין פאַרדעקטער ליגן. צי דאָס מיידל האָט זיך געשטויסן אויף דעם, צי נישט?

דבורה האָט געטראָגן די צייטונגען אין מאַרק אַריין. אויב אַ קילאָ קאַרטאָפל האָט געקאָסט 30 רובל און 50 אָדער 60 רובל, פלעג מען פאַר אַ צייטונג צום רויכערן צאָלן דריי רובל.

אַ גאָב פון בורשטיינען, די „ציס" פון אַלטן דרויאַן, אַ מלבוש פון שטוב, אַ צייטונג — אָט האָט איר „פיל מלאכות און ווינציק ברכות"... דבורהל פּרירט זיך אָן אויפן מאַרק געניג. נאָר די קילאָ קאַרטאָפל, דאָס ביסעלע צושמעלצונג, די גרויפּ, דעם לעק צוקער מוטשעט מען אויס.

אַ צוויי וואָכן האָט אונדז בדוחק געקענט סטייען דער ראַציאָן פון די שפּייזקאַרטלעך. אָבער די איבעריקע צוויי וואָכן דאַרף מען דאָך אויך עפּעס עסן? דאָס קעסטעלע שוועבעלעך באַטרעפט אויך מער, ווי ס'דאַרף באַטרעפן. די שוועבעלעך גייען שוין נישט אין קיין קעסטעלעך, און דאָס שוועבל איז שוין דין אָנגעשמירט אויף דינע שפּענדעלעך. אויסרייבן אַ שוועבעלע און עס נישט צעברעכן איז שוין אַ קענטעניש פאַר זיך. דאָס ביסל קאַרטאָפל, די גרויפּ און אַ מאָל אַפילו אַ פּיצעלע פלייש האָבן געקאָסט האָרעוואַניע, קאָפּדרייעניש און געלט. דער דלות האָט אין דעם אַלעמען געפּייפט. קיין שפּאָר און קיין זעט איז אין דעם נישט געווען...

איך בין איין מאָל אַריינגעגאַנגען צום „אַנדיִעל" נאָך דער זעג. זי איז געזעסן ביים טיש און האָט געגעסן פון אַ טעלער ווייסע, וואַרעמע, צעריבענע קאַרטאָפל צוגעשמעלצט פון אויבן. דער טעלער איז געווען פול. זי האָט אָנגענומען און געגעסן צו פולע לעפל. איך האָב קוים אָפּגעריסן די אויגן פונעם צוציִענדיקן בילד: אין אַ ווייסן פאַרצעלייענעם טעלער, אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל, צעריבענע, וואָס שיינען מיט זייער ווייסקייט. צוגעשמאַלצן און, קיין עין־הרע נישט, אַ סך, אַזוי ווי אין די שלום־צייטן. און אַ קוק טאָן אויף דעם „אַנדיִעל" איז זי גאָר מאָגער, דאַר און שקוואַר, נישטאָ אויף וועמען אַ קוק צו טאָן. אַ דאָרפישע פּראָסטע פרוי. מיך

האַלט זי פֿאַר אַ פּראָפֿעסאָר, רעדט צו מיר מיט אָפּשײַ. ווען סע פֿאַלט איר אײַן מיך בעטן צום טיש און דערלאַנגען מיר אין אַ צווייטן טעלער כאָטשבי אַ העלפֿט פֿון דער „שפּײַז פֿון די געטער", אָדער מיר געבן אַ ריינעם לעפֿל איך זאָל זיך צוזעצן און עסן מיט איר פֿון איין טעלער ?... טייערער „אַנדזשעל", דײַן שׂכל טראָגט דיר גאָרנישט אויף אַזעלכעס, אַז ביים שכן, דעם אָנגעפּאַרענעם „פּראָפֿעסאָר", זאָל אַזוי אויסגיין דאָס חיות נאָך אַ פֿולן לעפֿל קאַרטאָפֿל־פּיורע...

זי האָט מיר געגעבן די זעג, מיר אָנגעזאָגט, ווען איך זאָל זי איר אומקערן און איך בין געגאַנגען פֿון אירע הילצערנע טרעפּ אַ פֿאַרבלענדטער, זיך אָנגעהאַלטן פֿאַר די פּאַרענטשעס איך זאָל זיך נישט פֿאַרטשעפּען און זיך נישט מזיקן מיט דער שאַרפֿער זעג. דאָס רייצנדיקע בילד טרעט מיר נישט אָפּ פֿון די אויגן. רבונו־של־עולם, קוק נאָר אָן, ווי פֿאַר אייניקע פּראָסטע מענטשן איז נאָך דאָס העכסטע גליק נישט פֿאַרבאָטן !...

זאָגט איר : אָן אינטעליגענטער מענטש, אַ שריפֿטשטעלער, וואָס האָט געדרוקטע ווערק און דערלויבט זיך טראָגן פֿון סאַראַטאָווער לייענזאַל (ווי אַ געווינס), אַ ביסל אַלטע געלייענטע בלעטער. די בלעטער וועלן גיין אויפֿן מאַרק. אַ דרייערל אַ בלאַט און צוריק קען דבורהל ברענגען אַ האַלב־קילאָ קאַרטאָפֿל (ערדעפּל), מע וועט עס שיילן און קאָכן. האַלב וועט גיין אין היינטיקן זופּ, האַלב — אויף מאָרגן. מיר ווייסן אַפֿילו וויפֿל שטיקלעך זענען געבליבן אויף מאָרגן. נאָר איך גלויב נאָך אַלץ, אַז ס'איז געמיין טראָגן פֿון לייענזאַל די פֿאַרעלטערטע צייטונגען, וואָרעם אין שרייבער־פֿאַראיין פֿאַר יעדע סעקר־עטאַרשעס, מיט וועלכע איך רעד אָפּט וועגן אַלץ אין דער וועלט, וועל איך זיך דאָך נישט דערוועגן וועגן אַזעלכעס צו דערציילן.

אָסור אויב מע מעג ! משוגע ביסטו ?!... וואָס רעדסטו, וואָס ?!...

## אַ געווינס איבער אַ סך געווינסן

און... אַ דריטע ביבליאָטעק האָט זיך מיר אָפּגעזוכט — אַ מציאה און אַ געווינס. איך בין געווען לעם איר און איך האָב פֿון איר נישט געוווּסט. האָט מיך דער י״ד פֿונעם תּנכל אָנגעקוקט און מיר געזאָגט :

— זי איז דאָך טאַקע דאָ אין הויף !

איך האָב אויף זיך שטאַרק פֿאַראיבל, וואָס איך האָב פֿון דער היים גאָרנישט געלאָזט נעמען. צו דבורהן האָב איך פֿאַר יעדער שמאַטקע, וואָס זי האָט צוגעלייגט צו די פּעק, געזאָגט, זיך געבעטן און געטענהעט :

— דו קוילעסט מיך !...

וואָס זשע האָב איך געפּועלט מיט דעם ? אָן אַלטע פּאָר הויזן פֿון וואָלענעם

בלויעם צייג, וואָס זי האָט גענומען, מיר זאָלן איבערנייען פאַר לייבעלעס וועגן, האָט זי, פון דעסטוועגן, אַריינגעלייגט און נייע הויזן (אַ פּאָר וואָכן פונעם געניי) האָבן מיר איבערגעלאָזן אויפן פּאָרענטש פון בענקל. איצט האָב איך ביי איר אויסגעבעטן די אַלטע שמאַטעלייענע הויזן און גיי אין זיי. דאָס איז איין ביישפּיל פון צען. איך האָב איבערגעלאָזט די פּאָטאָבילדער, נאָענטע, אייגענע: האָפּשטיין, לייוויק און אָפּאַטאָשו, וואָס ס׳איז פאַר מיר אַלע מאָל אַ הייליקייט און אַ שטאָלץ. נישט גענומען קיין תּנכל, נישט גענומען נויטיקע כּתב־ידן, וואָס שם תהיה קבורתם. יעסענין איז דערווייל אַ יקר־המציאות, איך האָב געוועזן טייער באַצאָלט פאַר זיינע פיר בענדער... איך טו זיך נאָר אַ שפּאַס אָפּ מיט בייזן אָנצוהערעניש:

— צי דו וועסט אַליין לעבן — ווייסטו שוין? נאָר אָט די זאַכן גייען דיר אָפּ?!...

סיי ווי האָב איך זיך געיאָגט נאָך אַ תּנכל. און אין איינער אַ שטוב, ווו מע האָט מיך געשיקט, האָב איך אָנגעטראָפן ניט אַזאַ אַלטן, נאָר אַ שטאַרק שוואַכן אין געזונט ייִדן.

מיר האָבן גערעדט מיט אים אויף איין שפּראַך. דאָס איז שוין געווען אַ שטיקל געווינס פאַר אונדז ייִדן. מיר האָבן אונדזערע באַגעגענישן עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. ביי אים איז אַ קליין געל בערדל. ער איז נישט געלעגן צו בעט, נאָר גייט כּמעט נישט אַרויס פון שטוב. איין טאָכטער זיינע איז אויף אַ שטעלע, און נאָך איין טאָכטער, וואָס האָט חתונה געהאַט, וווינט אין אַ צווייטן הויף. ער וויל זיי נישט מאַכן ענג מיט ספרים, וואָס ער האָט. ס׳איז אַזוי אויך ענג. האַלט ער די ספרים אין אַ מאָגער שאַפּקעלע אין קאָרידאָר לעבן דעם האָלץ. ס׳רעדט זיך אַזוי „קאָרידאָר". איזן איז עס אַ הילצערנער גאַניק מיט אַ שמאָלן דורכגאַנג אויפן צווייטן שטאָק, וואָס מען גייט צו אים אַרויף מיט הילצערנע טרעפּ. אַז מע וויל איז ער צוגעדעקט, אַז מע וויל איז ער אָפן און ס׳פאַרטראָגט אַהער נישט ווינציק שניי אויף די האָלץ. דאָס ספרים־שענקל איז געשלאָסן. מיר דוכט זיך, אַז די ביכער פרירן דאָ און טראָגן איבער נישט קיין קליינעם עלנט. און האָבן האָט ער דאָ אַ רייכקייט: די „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ", אַלע 16 בענדער — דאַרף מען מער ביי איצטיקער צייט? גרעצס געשיכטע. אַ ביסל העברעיִש. איך בין אַ קונה, וואָס קען צונעמען אומזיסט. טראָגן וועל איך זיך נישט פוילן, דאָס יאָ, און וועל אָפּזוכן, אין דער ענגשאַפט פון אונדזער צימערל, אַ וואַרעם ווינקעלע, אַ פּאָליטשקע. איך וועל זיי נישט האַלטן לעבן דעם האָלץ. דאָס הייסט נישט, אַז איך וויל מאַכן שולדיק דעם שלאַפן ייִדן. זייער מעגלעך, אַז זיינע וואָכן זענען בכלל געציילטע. און מיט זיינע ספרים אויפן האָלצגאַניק וועט שוין האַנדלען דאָס ווייב. מיט איר בין איך שוין אויך אַזוי ווי באַקענט... ביי איר וואָלט איך וועלן אָפּקוועטשן כאָטשבי דאָס תּנכל, אויב איך וועל נאָר האָבן געדולד.

איז אָט דער שלאַפּער ייִד, וואָס אים איז קיין בוך נישט פרעמד, האָט מיר

צוגעשאַרט די דריטע ביבליאָטעק, טאַקע דאָ ביי אים אין הויף, אינעם צווייטן ווינקל. דער אַריינגאַנג אויפן ערשטן שטאָק איז אַ שמאָלער און אַ זייטיקער. אויך פינצטערלעך, ביז מע געוווינט זיך צו. ערשט האָב איך געכאַפּטביים טויער פון דרויסן נישט קיין גרויס שילדל. ס׳איז בפירוש אַ ביבליאָטעק, וואָס געפינט זיך אויף מלוכישן אויסהאַלט.

אַרעמעלייט זענען זיי טאַקע. זיי האָבן מיין פּנים. נאָר דאָרט זענען דאָ עטלעכע מיטאַרבעטער. זי עפנט זיך אַרום צוויי ביי טאָג. דאָרט איז טונקל. די מיטאַרבעטער גייען ווער אינעם מאַנטל מיט די באָטן, ווער אין אַ וואַטנעם קאַמזויל מיט אַ שאַלעכל אויפן קאָפּ. נאָר זיי האָבן אין מיר פון דער ערשטער רגע דערקענט אַ פריינד. איבער אַ שמאָלן, קאַלטן און נידריקן, כּמעט ווי דרויסנדיק קאָרידאָרל, פאַרנעמען זיי אַ צימער מיט אַן אייזערנער קליאַמקע און אַ שלאָס איבער דער טיר. פון דער צווייטער זייט גייט שוין אַ קאַלטער פאָדערהויז מיטן אויפנאַם־צימער, און אַ צימער, ווו ס׳שטייען אַ היפּשע צאָל אָפענע פאָליצעס מיט ביכלעך. די סטעליע — אַ ניד־ריקע. אינווייניק איז גענוג טונקל, נאָר די פאָליצעס און די דורכגאַנגען זענען צו דיר גאַסטפריינדלעך־היימיש. הלוואי וואָלט איך אַזוי וועלן און קענען לייענען, ווי איך וואָלט דאָ געקריגן גענוג גייסטיק שפּייז (מאַכט זיך אַ מאָל אַ קליין בהמהלע, וואָס ס׳איז, דוכט זיך, נישטאָ אויף וואָס אַ קוק צו טאָן און ס׳מעלקט זיך). איך האָב דאָ געטראָפן אַ קליינינקן פאַנד יידישע ביכער. נאָר ווי קליין און אָרעם ער זאָל נישט זיין — קיין איין נאָמען האָט ער נישט, וואָס זאָל הילכן, אָפּנעמען אַן אויג, איז ער דאָך נישט קאַרג, נישט בצמצום און נישט איינגעשרומפּן — נעם און נעם און ס׳איז נאָך דאָ, קלייב און קלייב און דו ווייסט נאָך עפּעס געפינען. און מע גלויבט מיר. מע גיט מיר נישט געקאַרגט און נישט געציילט. ווי אין אַ טונקעלן, נישט אויסגעפּוצטן שפּיגל, האָב איך דאָרטן שטיל און אָן רעש דערזען זיך אַליין, מיין אייגן געזיכט: דערציילונגען, א. קיפּניס, כאַרקאָוו, 1930... שאַ, מיין טייערינ־קער, שאַ, זאָג דיין אָרעם הערצעלע ס׳זאָל נישט שפּרינגען, ס׳זאָל נישט צאַפּלען... ס׳שפּרינגט סיי ווי נישט. ס׳האָט זיך שוין אָפּגעוווינט פון אַזעלכע שטיק. נו, איז דאָך אַוודאי גוט.

אָט דאָס ביכעלע דערציילונגען איז דאָ פאַראַן דריי מאָל. איך וועל בעטן געבן, וועל איך איינס קענען צונעמען ס׳זאָל ווערן מיין אייגנס. אַזוי האָב איך געפונען אויף די טונקעלע הילצערנע פאָליטשקעס אַ קיפּניסן און נאָך אַ קיפּניסן, וואָס קיינער שטייט נאָך אים נישט אין דער ריי. ריכטיק — אין סאַראַטאָוו, מלחמה־צייט, גאָר שטיין נאָך אַ יידיש ביכעלע אין דער ריי? מער גייט דיר נישט אָפּ?...

איך האָב דאָרט געפונען נאָמבערגן און ווייסענבערגן. עטוואָס — אַש און זינגער. שלום־עליכם — צעוואָרפענע ביכלעך. דאָס איז שוין אַ וואָכעדיקער גאַנג. איך האָב געפונען זלמן רייזינס איינבענדיקן לעקסיקאָן. דאָס איז פאַר מיר אַליין

אַ נייס. קיינער דאַרף עס נישט. בערגעלסאָן — אַזאַ יונגער, אַזוי ווינציק באַוווּסט דאָס פּאָטאָבילדל זיינס. נייַן, ס׳איז געשמאַק, ס׳איז אַ געשמאַקער ספר, ער וועט פון מיינע הענט נישט אַוועקגיין. זיי זאָלן נישט ליידן קיין מאַטעריעלן היזק, וועט מען זיי דאַרפן געבן אַ רוסיש, וועלכן ס׳נישט איז ביכל, וואָס וועט אין אינוועטאַר זיך ציילן לויט דער זעלביקער פּרייז. זיי וועלן עס טאָן. ס׳איז נאָך דאָ צייט. דערווייל נעם איך ביי זיי צו דריי, פיר און פינעף קליינע ביכלעך. זיי פאַרשרייבן, גיבן מיר אַרויס, אין אַ וואָך אַרום קום איך און בייט אָפּ אויף עפּעס אַנדערש. איך בין זיי נישט צו לאַסט. זיי באַגעגענען מיך שטיל, נאָר ווי אַן אייגענעם.

די עלטערע יידישע ביבליאָטעקערין זעט אויס אַריבער פופציק. געניוג גע־קנייטשט, געקליידט קוים־קוים דאָס לייב צוצודעקן. טוט די באָטיקעס נישט אויס. די שטים איז הייזעריקלעך, נאָר זי נעמט מיך צו מיט אַ פאַרגעניגנדיקן שמייכל. איך בין איר נישט שווער מיט מיין אַרומקריכן צווישן די פּאָליצעס, מיט מיין נעמען צו פיר, צו פינעף ביכלעך. ס׳באַקומט זיך, ווי זי וואָלט געזאָגט: „כ׳וועל עס נעמען אין קבר אַריין?"... אָדער: „נוצט עס געזונטערהייט, אויב איר האָט נאָך צו דעם אַ גוסט"...

אַ געווינס איבער אַ סך געווינסן! און חוץ אַלע זאַכן איז מיר נאָענט דער גאַנג אַהער. ס׳געפינט זיך אויפן וועג אין אונדזער גאַרקיך אַריין, וואָס אַנטקעגן דער קאָנסערוואַטאָריע, נישט ווייט פון דעם שטאָטישן סקווער. אַז איך גיי צוריק וועגס, דאַרף איך אָפּקערעווען אין אַ שמאָל געסל (אויב נישט טשעליוסקין־געסל) אַ דריי־סיק־פערציק שפּאַן און איך בין אַזוי ווי ביי זיך.

אַט דאָס האָט מיר דער שלאָפער יזד אַזוי גרינג און אומגערן נאַרייעט. דאָס לעבן האָט נאָך אין זיך שטיקלעך גליק און דווקא פון דיינעט וועגן. און דו דאַרפסט זיך נישט פעדערן אין דער ריי. האָסטו נאָר אַ פרייע שעה און ס׳טוט דיך אַ מאָן, טאָ גיי צו און נעם, דו, איינער אַזוינער, וואָס דער אויבערשטער האָט דיך באַגליקט מיט אַן אייגנשאַפט זיך פרייען מיט אַ קאָפּעלע מער, ווי עמעצער מיט אַ סך, זיך באַנוגענען מיט אַ קליינעם באַשיידענעם חלק, כאָטש קיינער קלייבט זיך ביי דיר אים נישט אויסכאַפּן. דו ביסט פעיִק אָפּצושאַצן זיין נישט־פאַרטונקלטע ווערט.

## יונגע פאַרשניטענע יאָרן

איך האָב שוין נישט איין מאָל איבערגערעדט, אַז מיישקעס מאַמע, די אַלמנה, האָט אירע אַלע פיר זין אַוועקגעלאָזן אויפן פּראָגנט, און הירשקע, דער יינגסטער, אַזוי זאָגט מיר דאָס האַרץ, איז שוין מן־הסתם לאַנג אויף דער וועלט נישטאָ.

פון פריידקעס אַ בריוו האָבן מיר זיך דערוווּסט איין קלייניקייט: פייגעלע איז נאָך אין אויגוסט חודש דערטרונקען געוואָרן. טאָקע אין דעם זעלבן דאָרף,

ווו זי האָט מיט איר קליין שוועסטערל געוווינט און זיי האָבן דאָרט ביידע געלערנט. זייער אַ שווערע און ביטערע ידיעה! אָט דאָס איידעלע און באַגאַבטע קינד! שטיל געטראָגן נויט און יתומשאַפט אין דער פרעמד און אין עלנט. געלערנט און זיך אויסגעלערנט. זיך ענדלעך געשטעלט אַרבעטן מיט כּבֿוד און מיט ווערט ביי מענטשן. און אַז ס'איז געקומען צום לעבן, ווו האָבן זיך אַהינגעטאָן די יאָרן? פון דער מוטער אין אָמסק, ווו זי געפינט זיך איצט, באַהאַלט מען עס דערווייל אויס. מע פאַררעדט איר דעם מוח מיט ליגונים נישט געשטויגן, נישט געפלויגן.

ווי ביי אַן ערד־ציטערניש, ווי ביי די גרעסטע אומגליקן, וואָס די מלחמה האָט געבראַכט אונדזער לאַנד, שטייסטו מיט צענומענע הענט אומבאַהאָלפן. אויב דו קענסט — טאָ ווער צעריסן פאַר ווייטיק! אלא נישט — טאָ פיר זיך, ווי אַ מאַניאַק. סיי ווי וועט זיך דאָ גאָרנישט ענדערן. דאָס, וואָס ס'האָט זיך פאַרלאָפן, איז שוין אויף אייביק!...

זי האָט זיך, דוכט זיך, פאַרלאָזן לאַנגע האָר... אַך, סאַראַ שיינע נשמה דאָס איז געווען! מיט אַזעלכע מענטשן אין איינעם איז גאָר גרינגער צו לעבן אויף דער וועלט. ווו געפינט זיך איצטער, פייגעלע, דיין פאַרשוווּמען־געוואָרן געביין? דער טויט לאָקערט איצט פון אַלע ווינקעלעך. איך האָב נאָך אין דער פרי געקלערט, אַז איך האָב אַ סטראַשונעק, אַ בייטש אויף אַלע צרות און פורעניותן: טאָמער עפּעס קען איך פאַרלויפן דעם וועג און זיך נעמען דאָס לעבן. אויך מיר אַ שׂכל...

דבֿורהל האָט מיר איין מאָל געזאָגט מיט מענטשלעכן פאַרשטאַנד:

— אַבי דו וועסט אַנטלויפן, — זאָגט זי, — אַבי דו וועסט זיך באַפרייען פון אַלע שוועריקייטן, איי דו האָסט אַ ווייב און האָסט קינדער, טאָ זאָל זיך פאַר זיי עמעצער אַנדערש זאָרגן.

דבֿורה איז הייליק גערעכט. איך מעג זיך אַריינקלאַפּן אין קאָפּ איין מאָל פאַר אַלע מאָל און געדענקען, אַז דער קאַפּיטאַן גייט אַראָפּ פון דער זיך טרינקענדיקער שיף דער לעצטער.

פריידקעס בריוו האַלט קאַרגע פיר זייטן, וואָס וועגן מער פון טויזנט בריוו, איז ערגעץ ווו, ווי אומגערן, פאַרשטעקט (ס'איז מיט איין כּיוון — ווּעמען ווילט זיך עס אונטערטראָגן שלעכטע בשׂורות). איך וואָלט עס אויסגעשניטן און אַריינגע־שטעלט אין אַ ראַמל. איין מאָל האָב איך זיך אַראָפּגענומען מיט איר און מיט הירשקען. אפשר איז ערגעץ ביי די פריינד גאַנץ געבליבן די דאָזיקע פּאָטאָ. טייערע, האַרציקע פייגעלע...

איך בין זיכער, אַז היטלער נייט תּכריכים פאַר זיין אייגן פאָלק. אָבער ביז עפּעס וואָס, האָט ער מיינעם אין גאַנצן צעטראָטן, צעטראָטן און באַשפּיגן. אמת, פייגעלע האָט זיך מיט זיינע שליחים נישט באַגעגנט, אָבער געלאָפן איז זי פון זיי

און געטראָפן צו יונגע פאַרשניטענע יאָר. אַזאַ יונג און איידל קינד און אַזוי שוצלאָז פאַרלאָרן געגאַנגען.

ביילקע איז געקומען פון דער אַרבעט, אָפּגעגעסן מיטאָג, אויסגעהערט די נייעס פון טאָג און דערנאָך ערשט האָבן מיר איר געגעבן פריידקעס בריוו.

דבורה האָט זי געוואָרנט אין דער שטיל: „שריי נישט", ווייל מיר האָבן נאָך לייבעלען וועגן דעם נישט געזאָגט. ביי ביילקען האָט זיך דאָס פּנים אָנגעטאָן מיט רויטקייט.

— איך שטויס זיך אָן! — זאָגט זי און מיינט, אַז דאָרטן איז עפּעס וועגן גדליהן.

— ניין, — זאָג איך צו איר אויף יידיש, — אָנשטויסן זיך איז דאָ כּלל נישט מעגלעך.

זי לייענט גיך, לאָזט דורך שטיקער, ווייל כאַפּן דעם תּוך. איך גיב אַכטונג פון דער זייט: זי וועט זיך צעוויינען צי נישט?... ניין, זי איז נאָר שטאַרק דער־שראָקן. זי וואָלט וועלן וויסן, ווי אַזוי איז עס געשען? ווייסן מיר אויך נישט מער פון איר. דער אָוונט איז זיך געגאַנגען אַזוי ווי געווײנלעך. ערשט אַרום ניין האָט זי זיך צעוויינט געשמאַק, פאַרצויגן און זיך לאַנג נישט געקענט אָפּשטעלן.

מיר ווייסן נישט, צי האָט מען די קליינע פייגעלע געבראַכט צו קבורה (פאַר מיר לעבט זי אויך טויטערהייט) און צי ס'איז דאָ אַ קליין בערגעלע ערד מיט אַ צייכן... צי וועלן מיר אים ווען עס איז קענען באַזוכן?

מיר לייגן זיך פרי שלאָפן. עמעצער קלאַפּט. די באַלעבאָסטע ענטפערט, אַז מע שלאָפט שוין דאָרט. די באַלעבאָסטע איז עפּעס די לעצטע צייט נישט איבעריקס אויפגעלייגט צו אונדז. („איבעריקס" איז זי קיין מאָל נישט געווען. דער היגער שניט מענטשן איז נישט פון די איבעריקס צוגעלאָזטע). דערנאָך קלאַפּט זי שוין אָן צו אונדז:

— דער דאָקטער האָט איבערגעגעבן אַ פּעקעלע...

לאָזט זיך אויס, אַז דער פּראָפעסאָר איז נאָכן שווערן טאָג אַרבעט געקומען און געבראַכט צוויי טשיבריקעס, אַ קליין בולקעלע און אַ שטיקל חזיר־פעטס פון וואָסערע הונדערט גראַם. איך האָב זיי צוריק מיט עטלעכע טעג פאַרטראָגן אַ העלפט פון מיין אייגענעם חלק צוקערקעס (זאָל ער האָבן צו דער טיי). אָבער אים אַריבער־יאָגן בין איך נישט אין שטאַנד. דער עיקר, וואָס דאָס זעמעלע האָט ער אָפּגעשפּאָרט פון זיין אייגן מויל. ס'איז איצט שווער צו קריגן, און אים גיבן זיי נאָר ווייסן ברויט. דאָס האָט אונדז אי גערירט, אי ס'איז געווען קאָמיש ליב.

אין דער פרי האָבן מיר זיך אויסגעבראַכט, געקויפט ביי דער באַלעבאָסטעס

אורחים אין גלייכן געלט פינעף קילאָ קאַרטאָפל און אַ טייל וועלן מיר אָפּטראָגן צום פּראָפעסאָר. מיר האָבן דאָך מער צייט פון אים.

און פייגעלע גייט, פון דעסטוועגן, נישט אַרויס פון זינען.

## זיי נישט טויב צו מיין געבעט

איך שרייב צו די קינדער (שוועסטער, ברודער, זייערע משפחות) און צו אייניקע גוטע־פריינד אויף ייִדיש. דאָס מאַכט מיר גרינגער דאָס לעבן אַפילו אין אַזעלכע ווינקעלעך, ווו באַמערקן איז עס נישט גרינג, נאָר דערפילן קען מען עס כסדר. אַזוי בין איך זייער פחדנותדיק בנוגע דער פאַרשעמטקייט פון אונדזער פאָלק. אַז איך דערזע אַ ייִדן אַן אַרמייער, פרעג איך זיך אין דער שטיל, ווי אַזוי באַציט מען זיך צו אים? אַז איך דערזע אַ ייִדן צווישן די פּוילישע אַרמייער (וואָס מע באַגעגנט דאָ אָפט אין ענגלישער הלבשה) — ווידער דאָס זעלבע: מיר דוכט זיך, אַז ווי אַ ממזרל אויף די הענט פון אַן אַנגעשראָקענער פאַרזינדיקטער יונגער מוטער, אַזוי — און נאָך ערגער אַ ביסל — זענען מיר אונטערן בפירוש געטרייען אויפזיכט פון דער ראַטנמאַכט. און ווען איך דאַרף איבערקומען אויף אַ יעוודאָ־קימאָוויטשעס,* אָדער אַן ענלעכנס געטריישאַפט, איז עס פּונקט ווי דאָס קינד פון דער זינדיקער ליבע, וואָס בלייבט אויפן אויפזיכט פון דעם זיידן מיט דער באָבען און זיי קענען עס נישט אויסשפייען און קענען עס נישט סובל זיין. קיין פאַרלאַג האָבן מיר נישט, קיין ייִדישע צייטונג — אויך נישט. דאָס הייסט, אַז קיין מאַמע איז נישטאָ, דער טאַטע איז ווייט, און די פעטערס? די פעטערס זענען נישט פון די שטאַרק צוגעלאָזענע, בפרט אַז זיי האָבן נאָך אַ סך אייגנס מיט וואָס צו זיין פאַרנומען.

פון שעה צו שעה ווער איך אַלץ מער אָפּגעריסן פון דער ייִדישער שפּראַך און אויך פון מיין פאָלק — איך זע קיינעם נישט און הער קיינעם נישט. מאַרקיש געדענקט, האָפשטיין געדענקט, אָבער איך דאַרף זיך פריִער צושאַרן צו אַ דער־מאָנונג. מיין צוגעבונדנקייט צו קונסט איז אויך אַ שוואַכע, נישט קיין אָרגאַנישע, כאָטש ווען איך שטויס זיך אָן אויף אמתער קונסט (וואָס בין פּעיִק לויט מיין שוואַכער אַנטוויקלונג אויפצופאַסן), פאַרשאַפט עס מיר דערהויבנקייט און פריידע, נישט קיין ערדישע. בין אויך אָפּגעריסן פון דער נאַטור: איך האָב זיך נאָך קיין איין מאָל נישט אָנגעטאָן די טירחה צוגיין צו דער וואָלגע. דערצו פעלט מיר פּשוט אַ חבר אָדער אַ קאָמפּאַניאָן...

אַ מאָל גיי איך איבער אַן אומבאַקאַנטער גאַס און דערמאָן זיך פּלוצעם, אַז די שטאָט, אין וועלכער מיר וווינען שוין העכער צוויי חדשים, הייסט טאַקע סאַראַטאָוו.

---

* געמיינט דעם אוקראַיִנישן דראַמאַטורג אַ. קאָרנייטשוק.

און ס'וועט מיר מאַדנע, וואָס איך הענג אין דער לופטן, בין מיט קיין איין פעסט פעדעמל נישט צוגעבונדן צום לעבן, ווי ס'באַדאַרף צו זיין...

איבער דער טשאַפּייעוו־גאַס, אויפן צווייטן ראָג, איז אַ ברויטקראָם. אַ ייִנגעלע גייט פון דאָרט: דאָס היטל איז אים פאַררוקט. ער טראָגט אַ ברויט און אַ קאַרגן האַלבן ברויט. ער רייסט פון פרישן אָפּגעשניטענעם שטיק פריי און אָן מורא, אַז די מאַמע וועט אים עפּעס זאָגן. צי מעג מען אַזוי שטאַרק מקנא זיין, ווי איך בין אים דערויף מקנא? מעג מען דאָך קומען צום שׂכל און געדענקען, אַז טאָג און טאָג, גאַנץ פרי, אַז ס'איז פינצטער, טראָג איך אויך מיין „פּייקע" פריש ברויט, וואָס פאַר איין מענטשן וועגן וואָלט עס אַפילו געווען אַ סך, נאָר פאַר פיר אונדזערע איז עס שפּאָט ווינציק. און מיר זענען אַלע זשעדנע דאָס שטיקל ברויט.

מיר דערנערן זיך זייער שלעכט. און דאָס, וואָס מיר רופן „שלעכט", גייט אויך פון טאָג צו טאָג אויס און ווערט ערגער. דבורהל, ביילקע און לייבעלע פילן עס שטאַרקער. כאָטש ווען דבורהל רעדט נישט פון דעם אַלע שעה, וואָלט לייבעלע נאָך נישט פאַרשטאַנען, אַז ער ליידט. אַ קינד האָט אַנדערע אינטערעסן.

די טעג האָט מיר זייער אַ געשמאַקן שניט געטאָן ביים האַרצן, ווען איך האָב געהערט פון יענער זייט טיר, ווי לייבעלע זאָגט צו איליאַריאָנאָוונען „ספּאַסיבאָ".

אילאַריאָנאָוונע איז נעכטן געקומען פון דאָרף. מיר בעטן זי, זי זאָל פאַר אונדזערט וועגן עפּעס אויסבייטן (זי פאָרט דאָך מיט איר אייגן פערד). קומט פון דעם גאָרנישט נישט אַרויס. נאָר אַ גלאָז מילכיקס, פול ווי אַן אויג, האָט זי פון דעסטוועגן אָנגעגאָסן לייבעלען פאַר רחמנות, און לייבעלע האָט געזאָגט „ספּאַסיבאָ".

איך וואָלט אויך צוגענומען און אויך געזאָגט „ספּאַסיבאָ". ס'איז שוין צייט זיך צוגעוווינען. אָט־אָ קומט אונדז לויט די שפּייזקאַרטלעך נאָך פאַר יאַנואַר חודש 200 גראַם פעטס. ווען מען גיט עס אונדז אָפּ אין אַ קליינער ריי, מע זאָל דאַרפן שטיין אין גאַנצן צוויי־דריי שעה, וואָלטן מיר באַצאָלט און אויך געזאָגט „ספּאַסיבאָ".

מיין פּאַסיק האָב איך שוין לאַנג פאַרצויגן ביזן לעצטן לעכל. איצטער דאַרף מען שוין דורכשטעכן צוויי־דריי פרישע און ס'וועט אויך נישט העלפן. צו דער מלחמה איז נאָך נישטאָ קיין סוף. דבורהל איז אויסגעצערט, די באַקן זענען איינגע־פאַלן. די אויגן טיילן זיך אויס. ס'האָט זיך צו איר צוגעטשעפּעט אַ חולאת — זי פאַרלירט אַ סך בלוט אין די פרויִישע רעגלען. דאָס טרעפט צו אָפט און צו פיל, און ס'מאַכט זי נאָך בלייכער. ביילקע, מע קען דען זאָגן, אַז זי הונגערט? אָבער שעהען דורך אַנאַנד אויף דער אַרבעט ווילט זיך איר עפּעס עסן. ס'זויגט און ס'זויגט ביים האַרצן. דער עולם ביי איר אויף דער פאַבריק איז מערסטנס אַ היגער. זיי עסן אויך נישט קיין מאַרציפּאַנעס, נאָר נאָכן אָפּעסן איז מען צוויי־דריי שעה רויק. דאָס איבערבייסן איז נישט אַזוי לופטיק, נישט אַזוי דורכזיכטיק, ס'איז אין דעם דאָ אַ שפּאָר.

און ווען מען פרעגט מיך, וואָלט איך געזאָגט, אַז ביי איצטיקן טאָג לעבן מיר נאָך גוט. אָט וועט אויסגיין דאָס לעצטע קאָפּ מעל, און צו 50 רובל אַ קילאָגראַם וועלן מיר זי נישט קענען קויפן, מיט וואָס וועלן מיר פאַרקאָכן דעם ביסל זופּ?

גאָט מיינער, ווייז מיר אַ וועג. איך בין אַזוי אומבאַהאָלפן! איך קען נישט קערן קיין בערג, ווי אַנדערע, אָבער כאָטש וואָס ס'נישט איז, זיי נישט טויב צו מיין געבעט...

לייבעלע לייענט „טאָם סאָיערן" און לאַכט.

דבורהל בעט זיך ער זאָל וואָס ווינציקער לייענען. פונעם לייענען (און נישט דערעסן) וועט ער, חלילה, קריגן די דאַר. איך בעט זי אַלע מאָל זי זאָל נישט אָנקראַקען קיין בייז. און דאָס, וואָס ער לייענט, איז גוט. דערווייל איז דער געדאַנק ביי אים פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן.

אָרעמע קינדער אין שטעטל פלעגן ביי מיין מאַמען קריגן אַ לאַדעשקע זויער־מילך, געוואַרעמטן קעז, פּוטערמילך, אָדער גלאַט אַראָפּגענומענע מילך און אַן אָקראַיעץ ברויט דערצו. זיי פלעגן אויך זאָגן „אַ דאַנק". איך האָב זיי קיין מאָל נישט מקנא געווען אויפן „איינקומעניש". איך האָב כסדר פאַרלאַנגט זיי זאָלן קומען צו מיין שטאַנד, און נישט איך צו זייערן. כאָטש פאַרמעגלעך זענען מיר קיין מאָל נישט געווען. באָרגן און דערנאָך אָפּגעבן איז גרינגער. ס'איז אַ סך גרינגער, ווי אויסבעטן און דערנאָך נישט אָפּגעבן...

תּחילת אָוונט. מיר זענען שוין אַלע אין שטוב. יעדערער איז זיך פאַרנומען מיט וואָס ס'נישט איז. זאָגט צו מיר דבורהל, אַז סע גלוסט זיך איר... און כּדי לייבעלע זאָל נישט הערן אירע רייד, ווייזט זי מיר — טוט אַ פיר מיט אַ פינגער פון ביידע אויגן אַראָפּ צו (דאָס הייסט — לאָזן אַ טרער)... זי וואָלט געוויינט און געוויינט. אָפּט אַפילו אין גאַס, זאָגט זי, שטעלן זיך איר טרערן אין די אויגן.

איך זאָג איר, אַז סיי וויינען, סיי לאַכן געהערן צו די גוטע זאַכן, וואָס גייען אַרויס פונעם גדר פון וואָכעדיקייט.

דבורהל האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען, ווי איינער מיינט: אַזאַ נחת קען זי גרינג עמעצן אַנדערש מוחל זיין. ס'גייט איר נישט אָפּ.

די פּרעסע איז עפּעס פול מיט אומרויִקע אָנצוהערענישן און השערות, וואָס פאַר אַן אָנגריף־טאַקטיק דער שונא איז גרייט אָנצונעמען אינעם פאָרשטייענדיקן פרילינג. איך זיץ אין לייענזאַל צווישן נאָך איניקע מיינע גלייכנס. דערווייל גייט אַריין אַ מיטאַרבעטערין און מעלדעט, אַז ס'איז געמאָלדן געוואָרן אַ לופטאַלאַרעם, מיר זאָלן אַלע גיין (מיט די ביכער און צייטונגען) אַראָפּ אין דער הינטערשטוב. איך ווייס נישט צי איז עס אַן איבונג, צי אַן אָנצוהערעניש, ווייל דאָ זענען נאָך אַזעלכע „שפּילן" נישט געווען.

קאַלינינס אַן אַרטיקל צום 24סטן יאָרטאָג פון דער רויטער אַרמיי. ער האָט

פאַרלויבט אין דער העל אַריין וואַסילי גראָסמאַנס דערציילונג „סטאַריק״, וועלכע מע האָט גלייך איבערגעדרוקט טאָקע אינעם זעלביקן נומער.

ביי אַ געלעגנהייט האָט מיר דבורה וויטער געצאָלט און געצאָלט, וואָס איך האָב נישט באַזאָרגט קיין קאָפּ פּעטס אויף פּאַרפּראָוון דעם מיטנישטן ביסל געקעכץ. איך וואָלט איר אָפּגעגעבן דעם גערעכט, ווען זי טוט עס נישט פאַרן קינד אין די אויגן. דערום האָב איך אין אָוונט זי אָפּגעשאָטן מיט גראָבע זידלערייען, וואָס קענען קלעקן אַפילו פאַר אַ שיכּורן טרעגער אויף עטלעכע טעג דורך אַנאַנד.

דערנאָך האָב איך חרטה געהאַט, ווייל דבורה טוט פאַר דעם געזינד מער ווי אירע כּוחות דערלויבן. און זי איז אַזוי אויסגעצערט, אַז ס׳איז אַ חרפּה זיך ווייזן פאַר באַקענטע.

איך לייען זילאָווס נאָוועלן וועגן טאָלסטויען. לעניִן, טאָלסטוי, זענען מיר באַליבט, ווי איך וואָלט זיי גוט געקענט און געהאַט אין זיי אַן אָנונג. מעגלעך, אַז איך דאַרף דאָ נישט צווייפלען. גרויסע לייט לעבן אין יעדערנס פאַרשטעלונג אין דער געשטאַלט, וואָס זיי אַליין קענען זיך אויסמאָלן.

## אין צוגעלאָזנקייט און אין ליבשאַפט

יאָרטאָג פון דער רויטער אַרמיי. פאַנגען הענגען איבער די גאַסן. מיר וואַרטן אַלע, אַז ראַדיאָ זאָל איבערגעבן גוטע נייעס.

מע זאָגט, אַז ס׳זענען דאָ גוטע ידיעות, נאָר דורך ראַדיאָ גיט מען זיי נישט איבער צוליב געהיימע מאָטיוון. זאָל זיין אַזוי, אַבי גוט. דערווייל עסט אויס די אויגן די ידיעה וועגן דער צעגראָמירטער 16טער אַרמיי און זי סטירטשעט אַרויס פון די צוגעשטילטע טאָג־טעגלעכע נייעס.

נעכטן אָפּגענומען דריי בריוו פון די קינדער פאַרן 7טן, 9־8 און 12טן. ברכהלע שרייבט, אַז זי האָט זיך שוין צוגעווינט צום געדאַנק, אַז גדליה איז אויף דער וועלט נישטאָ. ווען נישט, וואָלט זיך דורכגעריסן אַ בריוו פון אים. „הלוואי, — שרייבט זי, — זאָל איך ליגן זאָגן. איך וויין און וויין און וויטער...״

איך שטעל זיך פאָר די קליינינקע, אין זאָרגן פאַרכלאָפּאָטשעטע ברכהלען, ווי אַזוי די אויגן טריקענען זיך ביי איר נישט אויס, באַוויינענדיק איר פריינד און חבר, דעם טאַטן פון אירע דריי קליינע קינדער.

פון ליאָליען, שרייבן זיי, איז געווען אַ מער גענויער בריוו: זי און פייגעלע האָבן יענעם טאָג געזונגען, געווען פריילעך, זיי זענען אַרויס צום קובאַן נאָך וואַסער און דערנאָך זיך אָוועקגעזעצט אויפן ברעג וואַשן די פיס. ליאָליע איז די ערשטע אויפגעשטאַנען און אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, דערהערט פייגעלעס אַן אויסגעשריי... קערעוועט זי זיך אויס מיטן פּנים צום טייך און דערזעט פייגעלעס הענט, וואָס האָבן

זיך אַ רגע אַרויסגעשטעקט פונעם וואַסער... שווימען האָבן זייביידע נישט געקענט.

אויך פון דעם בריוו גייט מען אַרויס נישט וויסנדיק צי האָט מען זי אָפּגעזוכט. ס׳איז אַ סברא, אַז נישט, ווייל ס׳וואָלטן געווען נאָך ידיעות.

צו איטלעכן דאַרף מען אָנקומען נאָך טובות און אַליין בין איך נישט צוגעפּאַסט צו גאָרנישט. שרייבן? — ווער וועט עס דרוקן? אינטערעסאַנט, וואָס טוען נוח, ליפּע, דער נסתר, קוויטקאָ, אָרלאַנד, פיניננבערג? קען זיין, אַז יעדערער אַרבעט צו ביסלעך. בערגעלסאָן, מאַרקיש, האַפשטיין — יענע אַרבעטן געוויס.

איך ענדיק לייענען שאָלאָכאָווס פּערטן בוך. איך בין אים מקנא. ס׳מאַכט נישט אויס, וואָס מישקאָ קאָשעוואָי האָט זיך באַקומען בלייך. דאָרטן, ווו די מוטער גריגאָריס בענקט מיט די לעצטע כּוחות נאָכן זון, איז שטאַרקער.

אויפן געלעגער האָב איך געקלערט, אַז ס׳דאַרף שוין זיין אין גיכן פּורים... בייטאָגלעך, איך גיי אַרויס אין גאַס און באַגעגן צוויי פאַרשימלטע, צוגעטריקנטע זקנים. בלייכע, דאַרע, איינער אַ בלינדלעכער, דער צווייטער — אַ הערכערער — פירט אים אונטער ביזקעלע צום ראָג און פרעגט אים:

— נו, דאָ וועט איר שוין, רב לוי, אַליין פאַרגיין? — און איך דערזע ביים הויכן אונטערן אָרעם אַן אַלטע פאַרמעטענע מגילה...

אָט דאָס איז דאָך עס! האָב איך זיך אַזוי ווי דערפרייט. און ס׳האָבן אַ שוועב געטאָן פאַר מיינע אויגן גאַנצע לייוונטן פון דער קינדהייט.

באַקומען בריוו פון רוזיעווקע, פון מיישקען, פון הערשלען דעם גרויסן. וויפל צאַרטקייט אָט דער יונגער מענטש — מיין טאַטנס יינגסטער זון — פאַרמאָגט עס אין זיך. ממש אויף חידושים!

אין אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק גענומען די זאַמלונג, וואָס איז אַרויס אין „עמעס״־פאַרלאַג, וועגן שוואַרצמאַנען.

דבורה צעגייט זיך לעצטנס ברייט שוין אַן אַ מאָס! איך בין אַ שלעכטער, אַן אַכזר... שוין צען יאָר, אַז מיר זענען איינס, האָט זי זיך ערשט אַרומגעקוקט! אין מיטן דרינען שיט זי אויס אַ פּעקל טענות, אַז לייבעלען האָב איך נישט ליב, איך האַלט אויף אים אין איין שרייען. נאָר ביילקען זשאַלעווע איך און מער קיינעם נישט...

דבורהל איז נישט פון די ערגסטע שטיפמאַמעס, וויט נישט פון די ערגסטע, נאָר אויך נישט פון די בעסטע. ביילקע איז גענוג עלנט און פילט זיך נישט איבעריקס היימלעך לעבן איר „מוטער״־ליבע. מער נישט, ביילקע פאַרשטייט גוט און זעט, אַז דבורהל האָרעוועט מער פון אירע כּוחות, באַרעכנט זי עס. זי רעדט עס נישט אַרויס אַזוי פיל. ביילקע איז אַזאַ קינד, אַז זי קען אַ סך זאַכן אַרויסזאָגן שווייגנדיק. אַ גרויסע טאָכטער ביי מיר, קיין עין־הרע, אַ ריזיקע. איך וואָלט וועלן זען אויף איר מער פריילעכקייט. יונגשאַפט איז דאָך אַליין אַן אוצר. זי אַרבעט, האָרעוועט,

עסט, וואָס ס׳איז דאָ, צו וועמען קען זי האָבן טענות? לייבעלען האָט זי ליב. ער איז איר טייער. אָז זי קריגט עפּעס אויף דער אַרבעט אין בופעט אָ נאַשערײַ, ברענגט זי עס אַהיים. און דאָס, וואָס דבורהל קלאָגט זיך אויף מיר צו פיל, איז עס נישט פאַר קיין נחת. אַפילו אין קיִעוו זענען מיר געווען ווייט פון רײַכקייט. נישט אַלע מאָל איז געווען אויף מאָרגן אויף מיטאָג. און דאָ — פרעגט שוין נישט! דאָרטן פלעג איך ערגעץ לייען און דער קאָפּ פלעג מיר דרייען, ווי אַזוי וועט מען אָפּגעבן צו דער צייט. און דאָ טראָגט זי אויף זיך די הוצאה. וויפל איך קען, ברענג איך אַריין.

נאָר אויפן מאַרק פרירט זי זיך אָן ביז זי מאַכט עס צו געלט. געקעכט איז זי. מע זאָל וועלן נאָר אָ ביסעלע טיפער עס פאַרשטיין, וויל איך אַלע יאָרן לעבן מיט מײַן גלײַכן אין צאַרטער צוגעלאָזנקייט און אין ליבשאַפט. אַ סך מאָל לאָז איך, אַז מײַנס זאָל איבערגיין. שלום אין שטוב און נאָך אין שווערע צײַטן... סײַ ווי גיב איך אַכטונג, ס׳זאָל צו קיין גרויסער קריג נישט דערגיין. אונדזערע הערצער קענען עס איצט נישט פאַרטראָגן.

פון פרימאָרגן געאַרבעט אָ ביסל. אָנגעקאָרפּעט אָ קליינע דערציילונג, אָבער נישט פון דעם מין, וואָס איך האָב ליב.

דבורה איז געוען, ווען איך טו עפּעס און דאָס איז מיר ליב. די טעג האָט זי מיר אַפילו אָ זאָג געטאָן (און איך הער עס פון איר נישט דאָס ערשטע מאָל):

— היט אָפּ דעם פונק, וואָס דו פאַרמאָגסט. קוק נישט, וואָס ס׳איז נישטאָ קיין ייִדישע צייטונג, קיין זשורנאַל. אַרבעט, ס׳וועט נישט פאַרפאַלן ווערן.

אָט די ווערטער אירע נעם איך אויף, ווי אָ צערטלעכן גלעט, אַפילו פיזיש.

## דורך דער פרעמדער ווערט מען דערנענטערט

הײַנט איז דער אַכטער מאַרץ.

פאַר אָ יאָרן האָב איך געווען געקויפט פאַרן ווײַב, פאַר דער טאָכטער, פאַר די שוועסטער, פאַר דער אַרבעטאָרין, פאַר בליומען — וועמען אָ נאַשערײַ, וועמען פאַרפיומען אָדער אָ בילעט אין טעאַטער. איצט קענסטו נאָר וועלן.

אפשר וועט ביילקע ברענגען עפּעס פון דער אַרבעט.

אָנגעשריבן די לעצטע טעג אָ קליינע דערציילונג „שכנים״. עפּעס איז אין דעם דאָ.

געקראָגן די אַדרייסים — חנה לעווינס, אַלבערטאָנס, סלוצקיס. צו חנה לעווין האָב איך אויף מײַן לעבן נישט געשריבן, צו אַלבערטאָנען איך זעלטן. איצט וועל איך שרײַבן, דורך דער פרעמדער ווערט מען דערנענטערט.

לייבעלעס צוויי נישט קיין געוווּנטשענע חכמות: א) טאַטעלע, דו קענסט נאָך אַזוי שלאָף ווערן און שטאַרבן!... ב) ער שפּילט זיך מיט אָ סאָטינען בענדל,

אַ צונויפגעטשעפּעטס (אַ מין אינעווייניקסט גאַרטל פון אַ דאַמען־מאַנטל), עסקט זיך, עסקט זיך, פאַרציט אַ שלייף און מאַכט: — „איצט קען מען זיך אויפהענגען״...
— און שלעפּט אַרויף דעם שלייף איבערן קאָפּ צום האַלדז צו.

די שטוביקע האָבן נישט געהערט. איך האָב זיך געמאַכט נישט הערנדיק, מע דאַרף עס נישט צעשמירן. מע האָט אַקוראַט געגעבן פרישטיק, האָב איך אים גערופן צום טיש.

געענדיקט אַנדערסענס אויטאָביאָגראַפיע. די זאַמלונג וועגן שוואַרצמאַנען וועקט אַ סך בענקשאַפט נאָך די יונגע יאָרן, נאָך אַ יידישער ליטעראַרישער סביבה.

באַגעגנט אַן אַרעמאַן. איך בין אים מקנא, וואָס ער איז שוין איבערגעגאַנגען דעם גרענעץ פון מענטש צו בעטלער און ער איז נאַטירלעך אין זיין לאַגע. דער דאַזיקער מאַן איז שוין באַוואָרנט מיטן שטיקל ברויט.

ביילקע איז טאַקע נעכטן געקומען אַ צופרידענע מיט איר אַכטן מאַרק. זי איז גליקלעך, אַז זי קען עפּעס אַריינטראָגן אין שטוב אַריין. לעם איר האָבן מיר זיך אויך פּאַזשיוועט. מיר האָבן אויפגעזאָטן דעם טשייניק און געטרונקען טיי מיט זיסע זאַכן.

אין ביכערקראָם געטראָפן אַ רויטארמייער. איך ווייס נישט צי ער איז אַ ייִד. ער האָט געקויפט פאַר דער ביבליאָטעק פון זיין טייל צוויי בענדער פּרצעס אין יידיש, וואָס זענען נאָך געווען דערשינען אין „עמעס״־פאַרלאַג.

איך פרעג צי ס׳זענען ביי אים דאָ ייִדישע לייענער.

— יאָ, האָט ער געענטפערט.

לייבעלע האָט פאַר די פאַר חדשים אויפגעשלונגען אַ פינעף־זעקס ביכער: „טאָם סויער״, „העקלבער פין״, „טיל אולענשפּיגל״, „דאַמינאָ״ פון סעטאָן טאָמפּסאָן. איצט לייענט ער שלום־עליכמס „פונעם יאַריד״. ער דערמאָנט און ציטירט גאַנצע שטיקער פון דעם אָדער יענעם איבערגעלייענטן בוך, און אַלע מאָל צו דער זאַך, נישט אין דער וועלט אַריין.

ביילקע איז פאַריקע נאַכט אויף געווען ביי זיך אויף דער פאַבריק. זי וועט קענטיק דאַרפן פאָרן אויף דער פאַרזיי־קאַמפּאַניע. חוץ דעם, וואָס מען איז אָן כוחות, איז נאָך נישטאָ וואָס צו אָנטאָן אויפן וועג.

פּרי׳ער פרילינג. ווינטעלעך וועקן בענקענדיקע גלוסטענישן אין דעם אויסגע־מאָגערטן קערפּער. פאַר אַ געזונטן מענטשן פּאַסט עס, און פאַר אַזעלכע אָפּגע־צויגענע שקאַפּעס, ווי איך בין, איז גאָר אַ חרפּה מע זאָל אויף דיר דערקענען אַזעלכעס.

די לעצטע טעג קומט מיר אויס אויפשטיין פינעף אין דער פרי און זיך שטעלן נאָך ברויט. איך בין דאָרטן נישט איינער. צווישן די פרויען איז מיר וואַרעם. צווישן דער קוטשע מענטשן זיך דערוואַרטן אויפן פרימאָרגן איז גרינגער. זיי ווילט זיך

אויך נישט אויפשטיין אַזוי פרי. נאָר אַז מע דאַרף, העלפט דען עפּעס? פון דעסט־וועגן איז אַן עברה די דריי שעה.

איבערגעלייענט שלום עליכמס צווייט בוך „פונעם יאַריד". דער דאָזיקער ייִד איז מיר זייער צום האַרצן: אַזאַ שפע פון שפּראַך, אַזוי פיל אומגעריכטע סיטואַציעס. לעם אים איז דיר קיין מאָל נישט אומעטיק! אַ מזל פון אַ מענטשן!...

אַז איך האָב זיך אין אָוונט געלייגט שלאָפן, איז מיר פאַר די אויגן געשטאַנען דאָס פּלאַץ פון אונדזער הויז אויף לענין־גאַס 68. כ'האָב געזען אַפילו די געפּלאָס־טערטע ברוקשטיינער, וואָס ציִען זיך פון אַלע פיר ראַגן, מיט זייער אַראָפּ־און אַרויף־אַ־באַרג. גיי, שטעל זיך פאָר, אַז דאָס איז פאַר דיר איצט נישט־דערגרייכבאַר. אויב דו ביסט גרייט באַצאָלן מיטן לעבן, קענסטו זיך פאַרגינען טרעטן אויף דער אייגענער ערד. וועלוועלער גייט עס נישט.

וואָס האָבן מיר זיי געטאָן די דייטשן? מיט וואָס פאַר אַן אימפּעט האָבן זיי זיך אויף אונדז אַרויפגעוואָרפן? מיר האָבן דען אַ מאָל עפּעס גענומען, אָדער זיך פאַר־שולדיקט אַקעגן זיי? נאָר אפשר האָט גאָט אַזוי באַשאַפן די וועלט? אָט־אַ נעם דעם וואָלף — זיין פרייד איז דאָך אַלע מאָל עמעצנס אומשולדיק לייב און בלוט...

אין לייענזאַל זיך אָנגעלייענט מיט אַזוי פיל גרוילן, אַז ס'גלוסט זיך נישט לעבן אויף דער וועלט.

בריוו פון רוזייעווקע: ברכהלע שרייבט, אַז זי ווערט גרוי, נאָר קלערנדיק וועגן גדליהן. ביי פריידקען שוואַלט אַ פּוס. הינדעלע האָרעוועט און ווערט אויסגע־ריסן. הערשעלע דער געלינקער אַרבעט אין אַ פּאָליקליניק. דאָרט גייט אַרום טיפוס. אַ העלפט דאָקטוירים ליגן שוין אַליין אין שפּיטאָל. דאָס קליינוואַרג, ביי די שוועסטער אין שטוב, טומלט, בעט עסן, ריכט זיך איין, וויינט, לאַכט, שפּילט זיך, קרענקט, ווערט געזונט. מיט ביילעלעך אין איינעם זענען זיי, קיין עין־הרע נישט, פינף אין איין שטוב, חוץ די עלטערע... איך האָב קיין כּוח נישט אַפילו קלערן וועגן ערנסטע שוועריקייטן. היינט ווער רעדט שוין וועגן איבערטראָגן זיי. אויסער דעם דוכט זיך מיר אַלע מאָל, אַז אָט־אָט כאַפּט מיך עמעצער ביי אַ גנבה. אין דער צייט, ווען איך בין גאָט די נשמה שולדיק. מיין איינציקע גרויסע זינד איז מיין אָפהענטיקייט און מיין גרויסע אָפּגעלאָזנקייט.

זייער אָפט פּלאָנטערן זיך ביי מיר קאָלירן — גרין מיט בלוי און ברוין מיט גרוי. איצט פּלאָנטערט זיך ביי מיר, ווייזט אויס, חרפּה מיט מורא. איך האָב מורא, אַז דורכגייער זאָלן זיך פון מיר נישט נאָכקרימען. מע זאָל אויף מיר נישט קוקן שלעכט. אַ ליאַדע פאַרשייט ייִנגעלע זאָל אין מיר נישט וואַרפן קיין שטיין, קיין פוילע קאַרטאָפליע.

שוואַרצמאַן אויף מיין אָרט וואָלט אויך מורא געהאַט? אפשר ניין און אפשר יאָ. שוואַרצמאַן איז גראָד געווען דרייסט און שטאַרק, נאָר אַלע מענטשלעכע און ייִדישע

ווייטיקן, וואָס מוטשען מיך, האָבן אים אויך נישט אויסגעמיטן. דאָס וואָרט פון פסוק, „אַז די טעכטער פון די פּלישתּים זאָלן זיך נישט פרייען" האָט אים אויך גוט געשטאָכן.

ברוך ה׳ יום יום... היינט בין איך אַרויסגעגאַנגען נאָך ברויט נישט פינעף, נאָר האַלב זיבן און גרינג געקומען. אָבער די באַלעבאָסטע האַלט אין איין טרענען די אָדערן — האַלץ! מעגלעך, אַז מיר וועלן זיך דאַרפן שטעלן אַן אייזערן אויוועלע און שפּאָרן באַהייצונג. אונדז וואָלט געקלעקט אויפן גאַנצן ווינטער, און ס׳וואָלט נאָך געבליבן דאָס, וואָס מיר האָבן מיט שוריקן געבראַכט צו פירן. און אַזוי ווי אויף צו להכעיס האָט זיך אין מיטן ערב אַפּריל אויפגעכאַפּט אַ פראָסט.

ביילקע איז געווען אויף אַ „וואָסקרעסניק". גוט, וואָס זי האָט זיך נישט אָנגע־פּרוירן מער, ווי מע קען. מיר רייסט אָפּט דאָס האַרץ אויף איר. זי איז גענוג עלנט. ווען זי האָט אין זיך אַן אָדער פון פייגעלען (און נישט פון איר מומען שׂרהקען), וואָלט זי כאָטש אָפּטער אַ קוק געטאָן אויף זיך, און אַזוי פילט זיך אין איר צו פיל אָפּגעלאָזנקייט, צו פיל פּועלן ביי זיך (אין דער שטיל) און אויף אַלץ אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט. דאָס זעלבע איז מיט לייענען. אָבער סיי ווי האָבן אויך מיר... (דער טאַטע מיט דער שטיפמאַמע) אַ גרויסן חלק אין דערינען. ווי אַזוי האָט דוד געקלאָגט אויף אַבשלומען: „לבי, לבי עליך בני..."

...זיך סמען אָדער זיך טרינקען? — דאָס זענען געשמאַקע באַגריפן, וואָס פייניקן מיך נישט, נאָר באַגלייטן מיך שטענדיק און נאָך אַלע זאַכן איז עס פון די קליינע מעלות. שוואַכמוטיקייט און ווינציק אַחריות פאַר די נאָענטע, פאַר וועמען איך בין מחויב זיך זאָרגן. אָט־אָ אָכרעמענקאָ, אונדזער שכן פון קיִעוו פון יענער זייט וואַנט, ער האָט געהאַט אַ רעוואָלווער. ער האָט געקענט שיסן און האָט זיך טאָקע געשאָסן. ווען ער זעט די ערשטע טעג זיין אירען מיט מאַריע פּעטראָווונען (די טאָכטער מיט דער פרוי) סאַראַ אומגליקלעכע פּנימער זיי האָבן געהאַט, וואָלט ער אפשר געכאַפּט צוריק. (בפרט, ס׳זענען דאָ גליקלעכע רגעס, ווען דו לייענסט אַ גוטע זאַך, ווען דו באַגעגנסט אַ שיינע פרוי, אָדער דו עסט אויף מיט טעם אַ פּיסנע שטיקל ברויט...)

מיר הערן אַ סך פון לענינגראַד. הורעס טויטע אין יעדער הויז, אין יעדן הויף, איבער די גאַסן. לענינגראַד איז אין באַלאַגערונג. נו, צי קען איך דען האָפן, אַז מיינע אײדעלע פריינד שמעון און רחל דאָבין זענען באַצייטנס אַרויסגעפאָרן?

ביילקע איז צוגעשטילט. זייער אָפּט בין איך אויף זיך בייז. איך פאַרשטיי, אַז איך האָב דעם גרעסטן חלק אין יעדער זאַך, וואָס ס׳גייט איר אָפּ.

נעכטן געווען אין באָד און דאָרטן געהאָלפן דבורהן (אין בומער) אויסדרייען דאָס וועש, דערנאָך פאַרטראָגן אַהיים און צעהענגען. בין אויך אומגעגאַנגען מיטן קוישל נאָכן מיטאָג.

אָנגעהויבן לייענען באַלזאַקס אַ דערציילונג, זייער אַ שווערע. ער גיט דאָרטן אַ פרוי, אַ הויקערדיקע, אַ לאָמע, נאָר אַ באַצויבערנדיקע. מיין דערציילונג „גליק נישט קיין געוויינלעכס״ איז ווייט נישט קיין שעדעווער, נאָר די זעלבע פרוי איז מיר דאָרטן זייער צום האַרצן...

באַקומען פון ביראָבידזשאַן פון מילערן די 200 רובל, וואָס האָבן אזוי לאַנג געבלאָנדזשעט איבער דער וועלט. איך האָב אים געשריבן, אַז פון זיין ערשטן (און דערווייל איינציקן) בריוו פון צוריק מיט וואָכן, בין איך מער קאָנטעט, און איך וואָלט זייער וועלן, אַז דאָס געלט זאָל זיין פון רעדאַקציע, אָדער פון שרייבער־פאַרבאַנד, נאָר נישט פון זיין קעשענע. איך צי זיך צו אים. סיבות זענען דערביי פאַראַן פאַרשיידענע. עטלעכע מאָל האָט ער זיך וואַרעם אָפגערופן וועגן מיר אין דער פרעסע. פערזענלעך זענען מיר כמעט ווי נישט באַקענט. ער האָט מיך געדרוקט אין זיין ביראָבידזשאַנער זשורנאַל. ער איז הירשקעס אַ נאָענטער חבר.

אָפט קומט מיר אויס בולט דערפילן, אַז פאַר די סאַראַטאָווער הינט און הינטלעך (לעבן די טויערן אויפן וועג צו די איסערסאָנס) כאַפ איך אַלע מאָל אַ ציטער נישט נאָר דערפאַר, וואָס זיי זענען הינט, נאָר אויך דערפאַר, וואָס איך בין אַ פרעמדער, אַן אומגעבעטענער (אָנגעוואָרפענער) גאַסט. און איך דריי זיך אַרום און פלאָנטער זיך פאַר די פיס. דאָס זעלבע איז טיילוויז מיט די היגע יאַטלעך. זייער לעבעדיקע, פאַרשייטע, אָרעם געקליידט, הערן אויף זיך קיין וועלט נישט. זיי טשעפען זיך כמעט נישט. לאָזן מיך אַלע מאָל דורך און מען מאַכט פון מיר נישט קיין עסק.

געווען אין קינאָ. געזען „די דייטשן קריגן אַ נהרג הינטער מאָסקווע״. דעם שווערסטן איינדרוק מאַכן די פאַרפרוירענע קערפערס פון אונדזערע פאַרפייניקטע, צעמאָרדעוועטע מענער, פרויען, אַלטע לייט און קינדער: אַ פאַרהויבענער, פאַר־גליווערטער פויסט פון אַן אַלטן מאַן, אַ קעפל פון אַ פאַרפייניקט יינגעלע, שטאַרנ־דיקע פאַרקאַליעטע פיס ביי אַ פרוי אין איינע טריקאָ... העסלעכע אומווערדיקע דייטשן! ס׳וועט זיי זיין אָפגעצאָלט מידה כנגד מידה. אין דער געשיכטע גייט גאָרנישט נישט פאַרפאַלן (לייען — געשענקט).

## קדיש זאָגן

טאָמער ווילסטו אַ ביסעלע פרייד — אויף סלאָוועשנער לשון — קוויקעניש? ס׳איז דאָ. איך האָב היינט אָנגעטאָן פרישע וועש, אַן אויבערשט העמדל. הערשעלע האָט צוגעשיקט אַ פאָר הויזן, וואָס זענען, דוכט זיך, גוט אויף מיר. היינט זיי אָפגעגעבן אויספרעסן.

די פרעסט שטאַרקן זיך, נאָר זייער גבורה שרעקט ווינציק. זי גייט צום סוף. איך בין שוין נישט אַלט קיין דריי יאָר, און פאַר מיר איז קיין נייס נישט, אַז דער

ווינטער טוט זיך אַ ביסל אַ בריה און לאָזט פון דעסטוועגן אויס דעם אָטעם.

אָט האָסטו דיר אַ נייס: פון הויזפאַרוואַלטונג האָט מען געבראַכט אַ צעטל פון ביינאַכטיקע דעזשורסטוועס דריי־פיר מאָל אין חודש צו דריי־פיר שעה יעדערער. אַ נאַכט נעמט זיך אָן אויף מיין משפּחהלע — איך, דבורהל און ביילקע. דאָס זעלבע איז מן־הסתּם ביי אַלע שכנים, אויסער אַלטע לייט.

דבורהל האָט נאָר וואָס מיט טרערן אין די אויגן געטענהט, אַז איך עצה איר נישט, צי זאָל זי גיין זיך שטעלן אויף אַרבעט, צי ניין. איך האָב איר געזאָגט, ווי דער אמת איז, אַז איך ווייס נישט, וואָס ס׳איז פאַר אונדז בעסער. אונדזער גאַנצע געזינד האַלט זיך אויף איר. אַז זי וועט אַוועקגיין פאַר דריי, פאַר פיר הונדערט רובל אַ חודש, איז עס פאַר אונדז נישט קיין אָנהאַלט. און ביז זי וועט זיך צוגעוווינען צום קאָלעקטיוו... איך האָב געגלויבט, אַז אירע טרערן זענען אויפריכטיק, כאָטש איך בין אין זיי נישט שולדיק.

איך גופא בין שוואַך און אָפּגעלאָזן, מוטלאָז, אַפּהעטיק און אָן איניציאַטיוו. גוט קען מיר זיין נאָר דאָן, ווען דאָס גוטע גייט אַליין צו מיר אין די הענט אַריין. ווי אַזוי זאָל איך נישט מקנא זיין דעם גראַד מענטשן, וואָס זענען די שעפער פון זייער אייגענעם גליק. זיי זענען ביי מיר געאַכט אין די אויגן.

אויף דער וועלט וועט געוויס קומען אַ ישועה. אין דעם צווייפל איך נישט. נאָר ס׳זענען דאָ מיליאָנען מענטשן, וואָס די וועלט גייט זיי ווינציק אָן. זיי האָבן זיך אין זינען.

דבורהל האָט מיר יענע וואָך אַרויסגעוואָרפן אַ וואָרט מיט אַ שלעכטן בייטעם:

— גלייך מיך נישט צו רייעטשקען, איך בין נישט קיין ייִדישקע...

איך האָב זיך צעקאָכט. איך האָב איר געוואָרפן אין פּנים אַריין, אַז כאָטש זי איז קיין מאָל לעם קיין ייִדישקע נישט געשטאַנען, שטערט עס איר נישט זיין קיין „צעקראַכענער טינוף״!...

אַזוי איין גראָבקייט נאָך דער צווייטער ביז איך האָב אין מיטן דרינען אָפּגעשוואַכט דעם אָנגריף, ווייל איך האָב גלייך דערפילט, אַז זי האָט מיט דעם אַזוי פיל נישט געמיינט, ווי איך מאַך פון דעם אַ צימעס. ווער, ווער, זי איז נישט קיין קטגור אויפן פאָלק ישׂראל... זי זאָל אַפילו וועלן — קען זי עס נישט.

כאַסקל האָט מיר אַ מאָל דערציילט זיינעם אַ חלום: מיר גייען איבער אַ הויכן געזימס פון אַ באַרגאָפּריס — איך, דבורה מיטן קינד און ער. אונטער אונדז איז אַ טיפער אָפּגרונט. ער וויל ביי דבורהן צונעמען דאָס קינד, ס׳זאָל איר זיין גרינגער צו גיין, נאָר דבורה טוט אים פרעמד און בייז אַ שטופּ מיטן פוס. נאָך איין האָר רייסט ער זיך אַראָפּ און קלייבט אַלע ביינער... אים איז פון דעם געוואָרן שווער און פאַרדראָסיק: — פאַר וואָס?!

דער דאָזיקער איבערדריסיקער געפיל, אַ ביסל אין אַן אַנדער פלאַך, איז מיר

גוט באַקענט. ס'איז מיר אַ סך מאָל שווער, ווען איך זע און פיל באַשיימפּערלעך, אַז דער און דער מאַכט מיך צו נישט, מעג עס זיין יעוודאָקימיטש, דער באַלעבאָס פון ק׳עווער שרייבער־פאַרבאַנד, און מעג עס זיין נאַטאַשאַ בראַוואַרניק, די טעכנישע אַרבעטערין פון פאַרלאַג. דאָס באַליידיקט מיך אינעווייניק און ס'קאָסט מיך געזונט. איך מייד אויס וועגן דעם איבערצורעדן פאַר ווען ס'זאָל נישט זיין. איך פיל זיך הינטערשטעליק לגבי איציק ביטערזאַליץ,* וואָס ער איז מיך נישט ווערט, נאָר ער איז פאָרט דער געשווירענער גובערנאַטאָר אין דער יידישער ליטעראַטור. ער איז דער אָנערקענטער גובערנאַטאָר נישט נאָר ביי אונדז אין ק׳עוו, נאָר פאַר אַזאַ נעמען אים אויף אויך מאָסקווע, כאַרקאָוו און מינסק. פון דער צווייטער זייט צי איך זיך נישט צו ליפּען מיט נוחן, כאָטש שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ליפּע איז שטילערהייט אַליין ביי זיך געפאַלן און איז גערן, אַז איך גיי צו אים אַ מאָל אַריין מאַכן אַ „גוט־שכנישן" שאַך, אָדער אַ לייען טאָן צוזאַמען חיים־נחמנס אַ שטיקעלע פּראָזע אין עברית. פאַמעלעכן בין איך געוואָרן צו אים אַן אַריינגייער. מיר איז ליב, וואָס ער גראָבט זיך אין דער מיטלאַלטערלעכער דיכטונג אין אונדזערער: רבי יהודה הלוי, עמנואל הרומי, איבן־עזרא, איבן־גבירול. אַ מאָל רעדן מיר אַראָפּ דאָס האַרץ וועגן די גאָרדאָנס פון צייטונג „שטערן" און אַנדערע „גאונים".

דאָס „פאַרכעלע" — סיטאַ... אַ מאָל האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער טוט מיר קיין שלעכטס נישט. אמת, ער איז פולקאָם אין זיין געמיינקייט, אָבער די מעלה זיינע באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס ער האָט זיך פאַרגונען דעם לוקסוס און קיין מאָל פאַר קיינעם נישט אויסבאַהאַלטן זיין ציניזם. איציקס רעכטע האַנט — איז ער געוועזן באַזאָרגט מיט פּרנסה, מיט דירה, מיט דרוקן זיך, מיט אַ ווייכן שטול לעבן טיש, מיט אַן אומפאַרשעמטער דעה אין ליטעראַרישן קלייזל...

זונטיק אין אָוונט איז ביי אונדז געזעסן דער „קאָמפּאָזיטאָר", אַ סטודענט פון דער היגער קאָנסערוואַטאָריע, אַ וואַרשעווער בחורל — הערשל בוטערמאַן. דער „קאָמפּאָזיטאָר" זוכט אונדזער נאָענטקייט. ער ברענגט אַפילו אַ מאָל אַן אומזיסטן בילעט אויף אַ קאָנצערט. ער דערציילט, ווי אַזוי מע האָט זיי, פּיצלעך קינדער, געשלעפּט פרי און נאַכט אין שולעכל אַריין און זיי געשטעלט אויף אַ באַנק זיי זאָלן זאָגן קדיש נאָך זייער מוטער. מיך האָט גאָט פון דעם אויסגעהיט.

איך דערמאָן עס אַנטקעגן דעם, וואָס ס'ווילט זיך אַלע טאָג, און עטלעכע מאָל אין טאָג, דערמאָנען פייגעלעס נאָמען. אפשר איז עס אויך אַ מין קדיש זאָגן...

---

* איציק פעפער.

## אומריין און ריין

מאַרץ חודש נעענטערט זיך צום סוף. דער וועטער איז אַ קאַלעמוטנער, ווי נישט ווי קאַליוזשעס, קויטיקער פאַרסמאַרקעטער אייז אונטער די פיס. און די קעלט איז אַ נאַסע, וואָס קריכט אין די ביינער אַריין.

אַ פּאָר טעג אַז איך פּיל זיך נישט אין בעסטן. ס'ברעכן אַלע ביינער. ביילקע — אויך דאָס זעלבע.

ערענבורגס אַרטיקל אין „פּראַוודאַ" — „די באַדייטונג פון איינעם אַ פּאַרראַט" — וועגן קנוט האַמסונען. ס'טוט אַ טשעפּע ביים האַרצן. אגב, האָט מען שוין פריער געהערט וועגן דעם. ס'איז אַ חידוש און אַ פּאַרדראָס: געבן פאַרערונג דעם באַ־טריבער פון זיין אייגן פאָטערלאַנד, דער, וואָס קוילעט אַלטע לייט, פרויען און קינדער, איז ביי אים געוואָרן אַ פּאַן. ס'גראַמט זיך עפּעס זייער שלעכט, נאָר ס'איז אַ פאַקט.

זיך געטראָפן מיט אַ קיִעווער יידישן שרייבער אין ציימונגסהויז — פּ. אַ שכן פון לענין־גאַס 68. איך האָב זיך מיט אים דערפרייט, כאָטש ס'איז נישט גאָר קיין ריינער מענטש. ס'איז נישט קיין מוז, אַז אַלע מענטשן זאָלן זיין פון איין גרויס, פון איין גרעב, פון איין מאָס און פאַרשטאַנד. נאָר איך וואָלט געבעטן ביים אוי־בערשטן, ער זאָל מאַכן אַן אויסנאָם בנוגע צו שלעכטע, פאַלשע און פאַרקויפטע נשמות. מיר זאָלן אין אונדזער צייט פון אַזעלכע נישט וויסן... אויב אַזוי, וואָלטן קיין היטלערס אויך נישט געווען, וואָלט מען נישט געוווסט פון קיין ביטערע מלחמות, וואָלטן מיר נישט געווען אין אונדזער לאַגע. איז עס דען אַ מעגלעכע זאַך אין דער וועלט? ניין, ס'איז נישט מעגלעך. איינעם לעבן טוישן זיך טאָג און נאַכט, היץ און קעלט, מלחמה און שלום, אומשולד און בייז, כשר און טריף, אומריין און ריין...

היינט געווען וועלעדניצקיס ערשטער בריוו. אַ סך פאַרשיידענע געפילן האָבן מיך אַרומגעכאַפּט. מיר האָבן זיך דאָס לעצטע מאָל געזען אין דניעפּראָפּעטראָווסק. ער איז געגאַנגען פון שיף אין איין פּאַרטיע מיט פייגעלען און מיט ליאַליען. זיי האָט מען געפירט אין שטאָט אַריין נעכטיקן, און מיר זענען שוין געשטאַנען אין אַ לאַנגער אויסגעצויגענער ריי און געוואַרט אויף די וואַגאָנען אָן די דעכער — ווי מע וועט דעם צוג אַהער דערלאַנגען, זעצן מיר זיך אויף, נעמען אַרויף אונדזער געפּעק און מיר פאָרן...

ביי די איסערסאָנס היינט גערעדט מיט לאַפּען און מיט איר מוטער וועגן בלאָקס טאָגביכער, וועגן דער אַדעסער גרופּע רוסישע שרייבער (כמעט אַלע ביז איינעם — יידן), וועגן מאַיאַקאָווסקי, אַנדריי בעלי און יעסענין.

— מיר האַלטן אַלע אין איין חזרן, אַז מיר ווילן אַהיים. ביי אונדז איז די היים —

קיִעוו. ביי אַ צווייטן — באָסלעוו, ביי אַ דריטן — אַריאָל, מאָסקווע, ווער — זשיטאָמיר, טשערניאַכאָוו. און סלאָוועשנע איז דען גאָרנישט? סלאָוועשנע איז דאָך אויך אַ היים. די היים שפּילט אין דער פאַרשטעלונג מיט אַלערליי לויטערע און דורכזיכטיקע קאָלירן. פאַר די 24 יאָר באַנייט לעבן ווערט עס פאַר יידן אויך וואָס אַ מאָל מער היים.

ס׳באַגעגענען זיך נאָך פערדאַטשעס, חזרים, חיות, וואָס גיבן דיר אַלע אָנצוהערענישן, אַז ווער־ווער, נאָר דו ביסט אַ פרעמדער. מע לאָזט דיך צו צו אייניקע צווייגן פון לעבן, זאָלסט האָבן צו שאַפן איבער זיי, ווייל מע טוט דיר אַ טובה...

פאַראַן אַ מאָל גראָבע אָנצוהערענישן און זילזולים. דאַן ווערט פאַרלאָפן דאָס האַרץ מיט בלוט און ס׳דערמאָנען זיך דיר עוולות און רציחות פון הונדערטער און טויזנטער יאָרן מיט אַ מאָל, ווען בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, טויטע גופים פון דיינע ברידער און שוועסטער, אַלטע לייט און קינדער האָבן זיך געוואַלגערט אויף די גאַסן נישט־צוגעקליבענערהייט, ווי שפּייעכץ און אַנדערע אומריינקייטן — סחי ומאוס...

פון די האָפּשטיינס — צוויי בריוו. האָפּשטיינס מוטער מיט זיין ברודער עקיבהן זענען געבליבן אין קיִעוו. אונדזער טאַטע איז געבליבן אין סלאָוועשנע. שווער דאָס אויפנעמען אויפן געדאַנק, און צי קען מען דען זיך אָוועקמאַכן דערפון?...

דער ווינטער זעגנט זיך מיט בייזע גזלנישע שטיק. ביי נאַכט האָט אָנגעשאָטן אַ סך שניי. און אַ גאַנצן טאָג, נישט געקוקט דערויף, וואָס די זון האָט זיך עטלעכע מאָל געוויזן, איז אין דרויסן אַ זאַווערוכע מיט אַ מעטעליצע, אַז ס׳וואַלגערט ממש פון די פיס. ס׳פאַרשיט די אויגן און ס׳פאַרקלעפּט די ליפּן.

## אַלץ קאַפּויער

פּסח? יאָ, פּסח!... אין טאָגבוך איז ביי מיר פּסח, אין האַרצן אויך אַ ביסל. דער אַלטער דרויאַן איז פּסחדיק, „שאַניטשקע" — נישט. איך האָב געזען נאָך באַקענטע יידן אין גאַס (אייניקע — היגע) און האָב זיך צו זיי צוגעקוקט: איך האָב זיי געטריי דורכגענומען מיטן בליק. מן־הסתּם האָבן זיי אַ שטוב, האָבן אַ יידענע אין שטוב און אַן אמת יידישן מאכל, אַ פּסחדיקן. וויפל דורכזיכטיקע דערינערונגען פון דער קינדהייט קומען מיר אויפן זינען! ווילסטו — ביסטו גאָר אין דער רגע נישט אומגליקלעך. אַדרבא, ביסט ערשט פון ס׳ניי געבוירן, און לויטער־דורכזיכטיקע בורשטינענע הימלען שפּרייטן זיך און לייכטן איבער דיין קאָפּ. אויב דו האָסט געדאַנקען, זענען זיי אַלע לייכט און געלייטערט...

אָט האָבן מיר שוין די צווייטע טעג יום־טוב. ס׳רעדט זיך אַזוי — יום־טוב. ווער ווייסט פון זיי, ווער געדענקט פון זיי? צו די היגע אַלט־איינגעזעסענע יידן

האָב איך זיך נישט געמאַכט קיין איינגאַנג. דאָס נעמט זיך אויך פון מיין אָפּגעלאָזנ־קייט. ווי אַזוי פועלט מען ביי זיך גיין, דולן יענעם אַ קאָפּ, זיך מעלדעווען, אַז ביסט אַ שטיקל „כלי־קודש״. און גיין דאַרפסטו דאָך נישט אין דער וועלט אַריין, נאָר אַרויסקוקן אויף עפּעס — אַ שטיקעלע הילף, אַ שטיקעלע אָנשפּאַר.

ס׳מאַכט זיך אַ טאָג, ווען אַלץ גייט קאַפּויער (מיט דער פּוטער אַראָפּ): געגאַנגען נאָך די מיטאָגן ניין אין דער פרי — האָט מען אָנגעהויבן געבן צען. מיר זענען געגאַנגען מיט דבורהלען אין קראָם איינהאַנדלען כלים לויט טאַלאָנען, האָט מען אונדז געהייסן קומען ערשט דעם 22סטן (אין קנאַפּע דריי וואָכן אַרום); איך האָב געבעטן אין לייענזאַל אַ „פּיאָנערסקאַיאַ פּראַוודאַ״ אויף שענק, האָט מען מיר פּלוצעם אָפּגעזאָגט; בין איך אַריינגעגאַנגען צו דער טראָשטשענקאָ, אַ שיינע, אַ שלאַנקע, אַן איידעלע פרוי, אַ מאָסקווער אַליין (נאָר זי האָט אויך אויף זיך חטאים) אָפּנעמען אַ ביכל, האָט זי נאָך נישט איבערגעלייענט; וויל איך פאָרן אין שפּייזקראָם אַריין, איז אַ האַלבע שעה אויסגעקומען וואַרטן אויף אַ טראַמוויי. געקומען אין קראָם אַן אָנגעפּרוירענער (צו פוס), איז דאָרטן גאָר נישטאָ. אויף קיין טראַמוויי אַהיים זיך נישט דערוואַרט; פאַרגאַנגען אין פּאָטשט — ניין, קיין בריוו איז היינט נישטאָ! (אין דער פרי אויך נישט געווען). מיזשיריצקי האַלט, אַז ס׳איז אַן איינרעדעניש...

איך זאָג, אַז ס׳טרעפט אַזאַ טאָג, וואָס וווהין דו קומסט — טרעפסטו נישט. אויפן וועג דורך טשאַפּייעווער זענען מיר געגאַנגען אַנטקעגן דריי 20־יאָריקע מיידן, וואָס זענען שוין „ראוי״ לכל הדעות, און איינע פון זיי טוט מיר ווילד אַ כיכע גלייך אין פּנים אַריין... די איבעריקע צוויי האָבן זיך צעלאַכט פון דער „חכמה״. איך בין דורכגעגאַנגען, ווי איך וואָלט דערויף נישט געלייגט קיין אַכט. אָבער דער דאָזיקער „חן״ האָט מיך נישט ווינציק געקרענקט: אויב זיי מאַכן פון מיר חוזק, ווי פון אַן אַלטן מאַן, ווי פון אַ מאַנצביל, אָדער גלאַט פון אַ מענטשן (ווייל די דאָזיקע איז, דוכט זיך, קיין מענטש נישט, אַפילו נישט קיין פיינע בהמה), איז עס נאָך ווי צו דערליידן, נאָר אויב זיי לאַכן פון מיר ווי פון אַ ייִדן, טאָ זאָלן זיי לאַכן מיט גרינע ווערעם און מיט יאַשטשערקעס, ווי איך ווינטש זיי פונעם טיפן האַרצן...

אין „פּראַוודאַ״ געזען יעלענאַ קאָנאָנענקאָס אַן אַרטיקעלע וועגן דער אויס־שטעלונג פון צ״ק פון קאָמיוג — „די פאַשיסטן, ווי קינדער־מערדער״. זי האָט צוגעגעבן אַ פּאָר שוידערלעכע פּאָטאָס.

## לעבן שווער, שטאַרבן שווער

ס׳איז 12 אַ זייגער לויט סאַראַטאָווער צייט. פון יענער זייט הערט זיך דורך ראַדיאָ זייער אַן איינגענעמענע פּרויִשע שטים.

ביילקע האָט וועגן דערויף נעכטן אַ זאָג געטאָן:

— ס׳ווערט מיר זייער מאָדנע, ווען איך דערהער דורך ראַדיאָ קלאַסישע מוזיק. אַלץ האָט זיך געענדערט. מיר אַליין האָבן זיך אויך אומברחמנותדיק שטאַרק געענדערט. ווי אַזוי זשע איז עס מעגלעך, אַז די מוזיק זאָל זיך נישט ענדערן, זי איז דאָך די זעלבע, וואָס שטענדיק ?!

אַפּריל ווייזט וואָס ער קען. די וואַסערן רוישן און לויפן איבער די גאַסן באַרג אַראָפּ. די זון שיינט מלכותדיק. ווי אַזוי קלערט מען צו אַזעלכעס ס׳זאָל אַ שיין טאָן אַזאַ ליכט, וואָס זאָל מאַכן פון דער מלחמה און פונעם שׂונא אויס ? (פּונקט ווי ס׳ווערט נאַטירלעך אויס ווינטער, אויס שניי, אויס קויט און אויס קעלט).

שוין אַ טאָג דריי, אַז מיר דערעסן נישט. די שטימונג ווערט פון דעם צוגעשלאָגן...

איך קוק אַריין אין ירמיהו. נבוכדנצר מוז זיגן... צעברעכן דעם הילצערנעם יאָך און זיך מאַכן אַן אייזערנעם... וואָס איז עס ? אַ מין רופן צו וואַכזאַמקייט, צי פּשוט דערשלאָגן דאָס געמיט ? און פאַר וואָס שוויבלט און גריבלט ביי אים מיט עראָטיש־סעקסועלע פאַרגלייכונגען : שלאָפן מיט מאַנצבילן, ליגן — נואפן, מזנה זיין, זיך פאַררייסן, אָפּדעקן די שאַנד, באַווייזן די נאַקעטע בריסט, פראַווען אָרגיעס אאַז״וו ? ס׳זאָל זיך מיר מאַכן איבערשמועסן מיט איינעם וואָס איז געניט אין תּנך, ער זאָל מיט געזונטן קריטישן צוגאַנג מיר דאָס אַלץ קלאָר מאַכן.

די צייט רוקט זיך. פּסח איז שוין ביי ענד. ווען איך וויל שטאַרק, וואָלט איך זיך נישט געדאַרפט קלאָגן נישט אויף היינטיקן טאָג און נישט אויף נעכטיקן... אָבער דבורהל איז נאָך אַלץ נישט ביים בעסטן געזונט און איך בין געשטאַנען אַ דריי אַ האַלבע שעה אין ריי נאָך ברויט. דערנאָכדעם — צוויי שעה נאָכן מיטאָג.

שטיין אין אַזעלכע פרישע פרילינגדיקע פרימאָרגנס צווישן אַ סך פרויען און ווינציק מאַנצבילן, זיך איינהערן אינעם פאַמעלעכן, אומשולדיקן גערייד, וואָס מע ווייס אַפּריִער, אַז איילן זיך איז נישטאָ וואָס, די צוויי־דריי שעה וועלן אַוועקגיין... ס׳רעדן עלטערע, ס׳דערציילן יינגערע. אייניקע פּנימער זענען פאַרזאָרגט, אייניקע שמייכלען, פאַרפלאַנצן זיך ליב ביי דיר אין האַרצן... ווילסטו, קענסטו דאָ אויך אָפּזוכן פאַרגעניגנדיקע מינוטן. אָבער צי מעג מען זיך פאַרגינען אַזאַ לוקסוס ? נו, און אַרבעטן ? עפּעס אָנשרייבן ? עפּעס איבערלייענען ? היינט דאַרף איך נאָך זיין אין ראַדיאָ־קאָמיטעט ביי מיין צוקער־זיסער מאַריאַ סאָלאָמאַכאַ, און עס איז אַ שטראָף פון גאָט... דאָס ליידיקע לעבן, די ליידיקע טעג זענען אויך אָפּט פאַרכראַסנעט מיט דער רוח־ווייסט־וואָס. דאָס, וואָס מען בייט מיר דאָס ברויטקאַרטל אויף אַן אַרבעטער־קאַטעגאָריע (600 גראַם) איז אָנגענעם מכּמה טעמים.

דאָ איז שווער צו לעבן, נישט גרינג צו שטאַרבן און זייער שווער מיט באַגראָבן. גאַנץ אָפּט באַגעגן איך, ווי אייגענע גייען מיט אַ קינדערשער טרונע און מע טראָגט עס אויף די הענט, אָדער איבערגעבונדן מיט אַ האַנטעך און פאַרוואָרפן אויף דער

פּלייצע. אַז ס׳איז געווען אַ שליטוועגס, האָט מען געהאַט געפירט דעם אָרון אויף אַ סאַמאָטוזקע (אַ היימיש שליטל).

איצט אָפּפירן דעם טויטן, שפּעטער ברענגען האָלץ, נאָך שפּעטער פאַרפירן וואַסער... אַן אַרבעט צווישן אַנדערע אַרבעטן.

אַלבערטאַן אין זיין לעצטן בריוו חכמעט זיך אין אַן אַנגענעמען תּמעוואַטן טאָן: אין דניעפּראָפּעטראָווסק, שרייבט ער, האָט ער געהאַט אַ בענקל, אַ לעפל, אַ שטיקל נאָמען (אין שטאָט). דאָ איז נישטאָ אין שטוב קיין בענקל, נישטאָ קיין לעפל, קיין נאָמען איז אויך נישטאָ. אים איז סקיטשנע... „ווען וועט זיך שוין ענדיקן די מלחמה?״.

...היינט איז שבת. די וואָכעדיקייט עסט אויף אַלץ, נאָר אַ מאָל איז גוט, אַז דו געדענקסט כאָטש דעם נאָמען פון דעם טאָג, און דער נאָמען „שבת״ דערמאָנט דיר עפּעס.

גאַנץ פרי, אין דער ריי נאָך ברויט, אַ מעשׂה: אַן אַלטינקע, איינינקע פון דער ריי קענען זי, זיי ווייסן פון ווענען מע דערציילט (אַ משל אַ ביסל — זיי האָבן דאָך עס אַליין געזען מיט זייערע אייגענע אויגן!... איך מיין שוין אויך, אַז איך קען זי, ס׳איז די אַנדערע צי די דריטע גאַס פון דאַנען). די אַלטינקע האָט געווען געהאַלטן צוויי ציגן. איינע האָט זי באַשלאָסן פאַרקויפן און אָפּגענומען פאַר איר 5 טויזנט רובל... זי איז געווען אין באָד גאַנץ פרי. געקומען און אַרויף אויפן אויוון. דער אַלטער איז ערגעץ אַוועק. און אַז ער איז געקומען אַהיים, האָט ער געטראָפן די אַלטינקע אויף דער ערד מיט אַ צעהאַקטן שאַרבן און לעבן אירע פיס איז זיך געלעגן צוגעטוליעט די צווייטע נישט־פאַרקויפטע ציג און געקייט די זשויקע. די מערדער האָבן קיין זאַך פון שטוב נישט גענומען אויסער די 5 טויזנט רובל... די האַק איז געווען אַ היימישע.

די מעשׂה איז איינע פון אַ סך מעשׂיות. דאָ איז פאַראַן צייט צו דערציילן, פאַראַן צייט צו הערן און זאָגן אַ מיינונג.

לעם דער זעלבער ריי נאָך ברויט האָט אַ קליין יאָטל פון אַ יאָר 11—12 (שיין און ריין אָנגעטאָן) זיך געקרימט פון אַן אַלטן ייִדן. ער האָט דערזען דורכגייענדיק אַן עלטערן מענטשן און גענומען נאָכשרייען אויף אַ קול: „יאַשקע, קיש מיך אין תּחת...״ דערנאָך האָט ער זיך געפּלייסט פאַר זיינע שכנים — מיידלעך פון 18—20 יאָר, ווי אַזוי מע רעדט אויפן „ריש״. איך האָב זיך צו אים נישט אויסגעקערעוועט, נאָר דאָס האַרץ האָט ווי געטאָן, וואָס קיינער פון די קריסטלעכע פרויען שרייט אויף אים נישט אָן. ס׳וואָלט געהאַט אַ ווירקונג. אייגנטלעך, אין וואָס אַזוינס באַ־שטייט זיין קלוגשאַפט און בריהשאַפט? אין דעם, וואָס ער איז פרעך און אין דעם, וואָס מיר זענען שוואַך און כּסדר אָנגעוואָרפן. וואָרעם ווען נישט, איז דען אינעם

רוסישן זעלבן זידלוואָרט דאָ מערער שיינקייט? ביי מיין גאַנצן אָנמאַכט בין איך עפּעס איצטיקס מאָל געוועזן זיכער, אַז ס׳וועט אים פֿאַרגיין אַ קלאָג. ס׳וועט אים פֿאַרגיין אַזעלכס, ער זאָל קיין מעגלעכקייט נישט האָבן זיך פֿרייען מיט מיין אומבאַשיצטקייט.

אַז איך קום אַריין אין ראַדיאָ־קאָמיטעט טרעף איך דאָ האַלב קיִעוו. אַלע מוטשען זיך און מאַכן אַ לעבן. מע נעמט מיך דאָ אויף היימיש, נאָר איך האָב זיך נישט צו וואָס צוצוטוליען. ס׳וואָלט געווען גוט, ווען איך פּיל, אַז דאָס שטיקל ברויט מיינס איז פֿאַרדינטס. מיט נויט קען מען געפֿינען אַ תּירוץ: אַ שרייבער, צוואַנציק יאָר אַרבעט, אָפּגעדרוקט אַ היפּשע צאָל ביכלעך... ספּעקוליאַנטן און גנבים עסן ברויט מיט געגנוג פּוטער, זאָל כאָטש דער שרייבער האָבן דאָס מיטנישט שטיקל ברויט אין דער צייט. נאָר אַז איך נעם אויפֿן געדאַנק וויפֿל ערלעכע האָרע־פּאַשניקעס ווערן אויסגעריסן ביז זיי שלאָגן אויס די הוצאה...

דער אומבייט פֿונעם וועטער ברענגט מיר אַ שוואַכקייט אין אַלע גלידער. זיי ווערן אָנגעגאָסן, ווי מיט בליי. און די מלחמה האַקט און בראַקט.

מיר האַלטן זיך אין איין באַרימען אין שטוב איינס פֿאַרן צווייטן:

— „איך האָב היינט באַגעגנט רייקען“... „און איך האָב היינט געזען פֿייגעלען“... ליאַליען, גדליהן, הירשקען, דעם גאַלינקן הערשעלען... „נו, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט מיך דערזען און זיך געלאָזן גלייך צו מיר“... מיינען מיינט עס, אַז מיר האָבן באַגעגנט מענטשן, וואָס זענען לויט דעם הולך, מלבוש, אָדער מינע, געווען געראָטן אין דעם אָדער יענעם פֿון אונדזערע נאָענטע. און פֿון דעם אַליין ווערט אַ לעקעלע גרינגער אויפֿן האַרצן. אמת, ס׳מאַכן זיך טעג, ווען ס׳פֿעלט צום אָפּעסן, ווען דער פּרימוס איז קאַליע, ווען מע דאַרף אויף זיין ביי נאַכט, ווען ס׳איז קאַלט אין שטוב, אַזוי אָדער אַנדערש איז מען גערן, אַז אַזעלכע טעג גייען אַוועק.

נעכטן האָט די צייטונג געלאָזט וויסן וועגן די מלוכה־פּריזן: שאַסטאַקאָוויטש, ערענבורג, טיכאָנאָוו, קוקראַניקסי און אַנדערע. אייניקע יונגע שרייבערס האָבן באַקומען אָרדנס אויפֿן פֿראָנט. נישט פֿאַר דער ביקס — פֿאַר דער פּען! — אַלטאַוזען, אוטקין, גאַרבאַטשאָוו. פֿאַר דער קריג פֿלעג איך קוקן אַנדערש אויף באַלוינונגען, וואָס שרייבער פֿלעגן באַקומען. מיר פֿלעג זיך דוכטן, אַז דער גרעסטער לוין איז די מעגלעכקייט זיך דרוקן, די מעגלעכקייט, וואָס דיינע ווערק ווערן אונ־טערגעטראָגן דעם ברייטן לייענער.

שרייבער אויפֿן פֿראָנט — דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש! כאָטש זיי גייען אויס־פֿילן זייער פֿליכט פֿאַרן פֿאָטערלאַנד, אָבער באַגלייך מיט אַלע איבעריקע קריגערס שטעלן זיי איין זייער לעבן. נישט ווייניק זענען געפֿאַלן אויפֿן שלאַכטפֿעלד. אַזעלכע נעמען זענען פֿאַרן לאַנד אַ כּבֿוד און דאָס פֿאָלק וועט וויסן, ווי אַזוי צו שאַנעווען זייער אָנדענק.

מײַנע אָפּטע טענות צו זיך אַלײן: גראַדע דעם 40סטן און 41סטן יאָר האָב איך געאַרבעט מיט פֿאַרגעניגן. נישט אַלע מאָל איז מײַן אַרבעט אָנגעזען. דאָס פֿעלד פֿון קולטור־אַרבעט אין ייִדיש איז געװײנלעך פֿאַרשמעלערט. דאָס איז אַן אַלגעמײן אָביעקטיװע סיבה. אָבער רײן פּערזענלעכע סיבות זענען מײַנע בלויזן הן אין זינען פֿון בילדונג, הן אין זינען פֿון לעבנס־דערפֿאַרונג. בין איך ערגעץ נישט אומגעפֿאָרן, האָב קײן מאָל קײן װעלט נישט געזען. גאָרקי איז אויסגעגאַנגען דאָס לאַנד צופֿוס. פּאַוסטאָװסקי פֿאַרזיצט זיך קײן מאָל נישט אין דער הײם. טשעכאָװ האָט געפּטערט זײַן געזונט אויף דער רײזע קײן סאַכאַלין...

פֿון שכנא עפּשטײן אַ טעלעגראַפֿישע ידיעה פֿון קױבישעװ: זײ לאָזן אַרויס אַ צײַטונגס־אויסגאַבע פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט.

אין דרויסן איז קאַלט און... בײַ מײַנע איזשדיװענצעס שנײדט מען אָפּ די מיטאָגן. אַזוי אַרום װערט אַ קורץ אין ברויט און אין אַלדעט איבעריקן. ס׳טוט אַ שניט בײַם האַרצן. מיר װעלן אפֿשר קײן הונגעריקע נישט זיצן, נאָר מיט װאָס דערגאַנצט מען עס?

אַגב, האָט מיר הײַנט אַ װײַע געטאָן מיט הײמישן נאָכפּסחדיקן פֿרילינג (ספֿירה־צײַט), אָבער מען איז דאָך דענסטמאָל געװען יונג.

פֿון מײשקע דיאַמאַנט אַ בריװ. רירנדיקע עטלעכע שורות װעגן הירשקען און פֿײגעלען. דאָרט איז דאָ אַ װאַרעם װאָרט אויך בנוגע מײַן שאַפֿונג. דעם 8טן איז ער אַװעק אויפֿן פֿראָנט. ער זאָל דערלעבן זיך אומקערן אַ לעבעדיקער, אַ גאַנצער.

בײלקע איז צװײ טעג אין דער הײם אויף אַ ביולעטען. זי שרײַבט דערװײַל מיר איבער „שכנים״. ס׳גײט שױן די פֿערטע װאָך אַפּריל. דער װעטער איז נישט קײן שלעכטער, און איך קלאָג זיך עפּעס אויפֿן געזונט, איך קרעכץ אַ גאַנצן טאָג.

## װאָס עסט איר, װאָס שרײַבט איר

מיטן געזונט איז אַ ביסל געמוטשעט.

נאָר ס׳איז פֿרילינג. אַ סך שײנע מאַנצבילישע היט האָבן זיך באַװיזן אויף דער גאַס, און פֿרויען — אויך דאָס זעלבע — דער זאַק איז גלאַט אָנגעצױגן, קאָלירטע שיכעלעך אויף הויכע שלאַנקע קנאַפּל, ליכטיקע פֿרילינגדיקע אויבערמאַנטלען ברײנזלען מיט נײַקײט. פֿון װאַנען נעמט זיך עס? אַזוי װי ס׳איז גאָר קײן מלחמה נישטאָ. און אויף זיך מיט מײַן הויזגעזינד זע איך אַן אײַנגעגעסענע װאָכעדיקײט. און דאָס ערגסטע איז, װאָס מע הויבט זיך אָן צוגעװײנען צו דעם. און װילסטו איז גאָר גלײַכער אַזוי — טאָמער װעט באַשערט זײַן אומצוקומען אין דער פֿינצטערער נויט, װעט זײַן װינציקער נאָך װאָס צו זשאַלקעװען.

בײלקע איז מחויב די טעג פֿאָרן אין אַ פּיצוכטלערישן קאָלװירט, נישט װײַט

פון סאַראַטאָוו. מען מאַכט זיך אַ האַרץ און מע זאָגט, אַז ס'איז גוט, וואָס נאָר זיבן קילאָמעטער פון שטאָט און נישט קיין זיבעציק. אַ שׂמחה אויף דער באָבען.

עפּעס שרייבט זיך ביי מיר אַ דערציילונג, וואָס מע וואָלט זי דאַרפן ענדיקן. מע ווייסט נישט ווו ווּעט מען עס קענען פאַרקנסן. דערפאַר טוט זיך עס אָן טעם.

לייבעלע איז געזעסן אין הויף אויפן געהילץ און האָט געלייענט. אין דער גאַס זענען געגאַנגען אַ פּאָרל יאַטלעך, זיך אָפּגעשטעלט און אים אָנגעקוקט.

— „זשידיאָנאָק, שטאָ לי?" (אַ יידליק, זעט אויס?) — מאַכט איין יאַטל צום אַנדערן.

לייבעלע דערציילט עס איבער אין שטוב נישט מיט קיין שווער האַרץ. ער האָט זיך אויף דעם זיין אייגענעם פּירוש:

— אַלע עוואַקויִרטע זענען ביי זיי יידן... און אַז מיר זענען עוואַקויִרטע דער־קענט מען גלייך.

איך גופא, ווען מע פרעגט ביי מיר אויפן הימל מיט פערציק טעג פריִער — ביי וועלכן פאָלק וויל איך געבוירן ווערן, ווייס איך, אַז איך וואָלט פאַר זיך אויס־געקליבן דעם, וואָס איז מיר טייערער און איינגעבאַקענער אין האַרצן פון אַלע איבעריקע (נישט געקוקט אויף אַלע דערנידעריקונגען). וואָס קלערט זיך לייבעלע, ווייס איך נישט. איך גיי נישט אַריין מיט אים אין אַזעלכע שמועסן.

דבורהל איז נישט געזונט און נישט געזונט. פונעם בלוטפאַרלוסט לייגט זיך איר די בלייכקייט אויפן פּנים. די שטימונג איז געדריקט. ביי אונדזער אָרעמקייט און אָפּגעלאָזנקייט ווערן מיר אַ דאַנק דעם נאָך אָרעמער און נאָך אָפּגעלאָזענער. און דאָס לייגט זיך שווער אויף דער נשמה. אויף זיך חידוש איך זיך נישט. איך חידוש זיך, ווען איך זע אין גאַס מענטשן שיך און ריין געקליידט, פּנימער, גע־שטאַלטן — פאַרמלחמהדיקע. פון וואַנען נעמען זיי זיך היינטיקע צייטן? און ס'איז דאָ. ס'איז קיין עין־הרע דאָ גענוג!...

מען גרייט זיך שוין צום ערשטן מיי. די שטוב ברענט, דער זייגער גייט... ווייטער אַ מאָל דאָס זעלבע: ווען איך מאַך ביני לביני אַ שטאַרב, וואָלט עס געווען ווי געטראָפן.

פאַר וואָס בענקט זיך מיר אַזוי אָפט נאָכן נישט־געווונטשענעם גאַסט? די באָבעצע אין וואַלד האָט דאָך גערופן דעם מלאך־המוות, זי געבעטן, ווען קומט ער שוין. און אַז ער איז אָנגעגאַנגען מיט דער קאָסע, מיטן קאָפּ, ווי אַן אָפּענער שאַרבן און זי אַ פרעג געטאָן „דאָס האָסטו מיך גערופן?", האָט זי זיך, נעבעך, דערשראָקן אויף טויט און זי זאָגט: „יאָ, טייערינקער, זיי אַזוי גוט און גיב מיר אונטער דעם בערעמאָק האָלץ אויף די פּלייצעס"...

לעבן מיין פענצטער פאָרן אָפט דורך פורלעך מיט פאַרמאַכטע טרונעס. באַגלייטערס — ווינציקער פון ווינציק. און אַ מאָל אַפילו קיין איינער נישט. מע

האָט דורכגעפירט אַ מאַנצביל אין גאַנצן אָן אַ טרונע. ער איז געלעגן אין צעריסענע פּאַפּאַטשעס אויף די פיס... אויפן וואָגן איז געזעסן עפּעס אַ פרוי... מן־הסתם איז אַ מאַנגל אין טרונעס. ער וועט שוין מוחל זיין, וואָס אים וועט אויסקומען דורכפאָרן דאָס געבליבענע שטיקל וועג איבערגעדעקט בלויז מיט אַן אַלטן מאַנטל. באַהאַלטן וועט מען אים אויך נישט אין קיין באַזונדערן קבר. ס'איז אויך אַ מאַנגל אין „אַרבעטסהענט" און אין גריבער...

פאַר נאַכט צו איז מיר געוואָרן גרינגער. פון ברכהלען און הינדען ווילע הימישע בריוו. אַ בריוו פון חנה לעווין, פון נסתּרן. ער גיט איבער טרויעריקע נייעס: „ווינער, גאָדינער, ראָסין, גורשטיין, געפאַלן אין אָפּאָלטשעניע. יודל יאָפּע איז געשטאָרבן אין סאַמאַרקאַנד אין מיטן גאַס. ער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער"...

ווינער — אַן אינטעליגענטע קאַפּריזנע נאַטור, הויך געבילדעט. גורשטיין — אי געבילדעט, אי צוגעלאָזן צו לייטן. די ייִדישע ליטעראַטור האָט אין אים געהאַט אַ געטרייען איבערגעגעבענעם פריינד...

ווי אויף צו להכעיס זענען די מײַ־טעג געווען רעגנדיק און בלאָטיק. פרייער־מאָנשע איז געווען ביי אונדז און מער, דוכט זיך, קיינער.

ביי לייבעלען עטלעכע טעג אַ געהעכערטע טעמפּעראַטור. אויך אין בעט לייענט ער ביכלעך און לאַכט. ער האָט זייער אַ גוטן „געהער" פאַר הומאָר.

מיר האָבן געקוואַטשעט די בלאָטע, צעבויטעט פון דעם רעגן, ביילקע פאָרט אין דאָרף אַריין אָפּצואַרבעטן איר חלק אין דער פאַרזיי־קאַמפּאַניע. איך טראָג איר צו דעם טשעמאָדאַן. לעבן פאַבריק געוואַרט אַ ביסל. לעבן ריי־קאָם אויך געוואַרט. פון איר פאַבריק פאָרן עטלעכע סמאַרקלעך, זי און איינע אַן עלטערע פּראָסטע פרוי. דער רעגן האָט זיך פאַרשמירט ווער ווייסט אויף וויפל צייט. אויפן האַרצן איז אָנגעזאָלעט. ביילקע איז נאָך צו אַלע גליקן דער בריגאַדיר. זי איז אויך שטאַרק פאַרכמורעט. ס'איז איבערגעגאַנגען אַ געדאַנק, אַז טאָמער ווערן מיר אין איר אָפּוועזנהייט צעשיידט נישט אויף קיין וואָך און נישט אויף קיין צוויי. איצט איז דאָך אַ צייט נישט ווי אַלע צייטן... און דאַן בלייבט זי גאָר עלנט אַליין. ביישפּילן פון איבערגעוואַלד צעשיידטקייטן אין דער עוואַקואַציע זענען דאָ אויף שריט און טריט. אַפילו אויב נעמען פירעץ, מיט וועמען ביילקע האָט זיך געלערנט אין איין שול און אין איין קלאַס, איז שוין גענוג: די כוואַליעס וואַרפן זיך אַרום, ווי אַן אָפּגעריסענע צווייג, (מיר זעען שוין אויס קעגן איר ווי פּריווילעגירטע מענטשן — אַ משפּחה, אַ דירה, שפּייזקאַרטלעך און „וואָס נישט" ?). זי איז אַ שיין ווזקסיק מיידל, גאַנץ שלאַנק, איז איר וואַגאָן פאַרברענט געוואָרן אין אַ באָמבירונג. ווינטער איז זי געגאַנגען פון אונדז אין באָד אַריין. האָט זי מיטגענומען אונדזערע אַ דינע קאָלדרע, וואָס זאָל איר פאַרבייטן אַ מאַנטל, אַ שאַל. איצט האָט זי זיך צוגעשלאָגן צו אַ גרופּע רויטאַרמייער, וואָס האַלטן זיך דאָ אויף עטלעכע טעג, דורכפאָרנדיק. זי האָט שוין

מיט זיי געטרונקען בראָנפֿן, געגעסן און געקאַכט פֿאַר זיי. מען איז שוין געגאַנגען צוזאַמען אין קינאָ. ווער ווייס, וואָס פֿאַר אַ תּכלית ס׳קען פֿון איר ווערן?!

דבורה האָט געבייט פֿון דעם, וואָס די פֿאַבריק האָט אַרויסגעגעבן אויפֿן וועג ביילקען, אַ קליידל מיט אַ לייבל. קיין ניימאַשין איז נישטאָ, האָט זי געבייט מיט די הענט. איך האָב געהאָלפֿן, און דאָך פֿילט זיך, אַז ביילקע איז אַ יתומה. קיין מאַמע איז נישטאָ, און דער טאַטע? — אַזאַ מאַכט האָט עס שוין...

אין „ראַספּרעד״ (די שפּייזקראָם, ווו מיר זענען צוגעפּעסטיקט) באַקומען מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג דעם ערשטמייַיקן פּאַקעט. פֿאַר ביילקען וואָלט עס געווען מיט וואָס דערקוויקן, פֿאַרזיסן די יסורים. איז זי אָבער שוין צוריק מיט דריי שעה אַוועקגעפֿאָרן, נישקשה, איר חלק וועט ליגן ביז זי וועט צוריקקומען.

אינעם רעגן און אין דער פֿינצטער זענען געקומען דער פּראָפֿעסאָר (מיט זיין פֿרוי) אַ קוק טאָן אויף לייבעלען. איז שוין לייבעלע געשלאָפֿן. דבורהל האָט זיי געבעטן זיי זאָלן ביי אונדז אויסטרינקען אַ גלאָז טיי.

אַ בריוו מיט רבקה רובינס אַדרעס. דאָס איז אַ געווינס: ווייסטו כאָטש פֿון אַ פֿריינד, אַז ער לעבט, ער איז ערגעץ דאָ.

הערשל בוטערמאַן קלעפּט זיך צו אונדז, ווי צו אייגענע. ער איז פֿאַרט יונג און, נעבעך, פֿאַרוואָרפֿן פֿון דער היים און פֿון זיין לאַנד. די טעג האָט ער מיך גענומען אין קונסטמוזיי. איך דאַנק אים. דער מוזיי איז אויך פֿאַר מיר אָפֿן, נאָר נישט אַלע מאָל איז דאָ דער געהעריקער שטויס. ריינע אויסגעשטאַטענע קונסט־ווערק, ווי גוטער טייערער אויסגעשטאַנענער וויין: אַנטאָקאָלסקי, סאַווראַסאָוו, לעוויטאַן, רעפּין, מאַקאָווסקי, פּאָלענאָוו, אייניקע גאָר פֿיינע בילדער פֿון אַנאָנימע קינסטלער. געזען נעסטעראָווס אַ צאַרט בילד. דער אינהאַלט מאַכט ווייך דאָס האַרץ.

אין אוקראַיִנישן „קאָמוניסט״ אַ ליוב־רעצענזיע וועגן שייניגען מיט זיין מיליטערישער קאַפּעלע. האָסטו דיר אַ גרוס פֿון שייניגען.

די קיִעווער ביידע שוועסטער ריבאַק: די דאָקטאָרין איז געבליבן אַ דאָקטער, און די יינגערע, די לערערין, איז געוואָרן אַ פֿעלדשערין. איך בין מיט בוטערמאַנען פֿאַרגאַנגען צו זיי. די פֿעלדשערין איז אַ דינע, מיט טרויעריקע אויגן. די דאָקטאָרין איז אַ ברייטפּלייציקע, אַ הויכע, נישט קיין יונגע. זיי האָבן אינטערעס צו שיינער ליטעראַטור און צו אונדזערע אַלגעמיינע באַקענטע ליטעראַטן. אין צימער איז ביי זיי ריין, ביי זיי הערט מען וועגן קיִעווער מענטשן, וואָס זענען מיר נאָענט, כאָטש איך קען זיי כּמעט נישט. זיי בעטן מיר זאָלן אַריינקומען צו זיי אָפֿטער. זיי אַרבעטן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. די עלטערע דערציילט וועגן איינעם אַ שלאָפֿן, וואָס רעדט שלעכטס אויף ייִדן און דווקא פֿאַר איר אין די אויגן. זי האָט אים איין מאָל געזאָגט: — „חוץ דעם, וואָס איר זייט נישט גערעכט, איז נאָך דאָ פֿאַרמישט אַ דירעקטע אומבאַקוועמלעכקייט: איך בין אַ דאָקטער און איך בין אַ טאָכטער פֿון

יִדישן פֿאָלק. אפשר פֿאַרגלייבט איר מיר נישט, וועל איך בעטן ביים שפּיטאָל־עלטסטן ער זאָל צו אייך צושטעלן אַן אַנדער דאָקטער"...

פֿון ביילקען דאָס ערשטע פּאָסטקאַרטל. זיי האָבן דענסטמאָל נאָך דאָ געגעכטיקט — אין די טעפּלושקעס. אין פֿעלד וועלן זיי וווינען אין די באַראַקן. גאָט זאָל אונדז העלפֿן זי זאָל קומען צוריק אַ געזונטע.

פֿון גוטיאַנסקין אַ ווויל קאַרטל. ער שרייבט, אַז ס'פּלאָנירט זיך אין קויבישעוו אַ יִדישע וועכנטלעכע צייטונג. ער פֿרעגט: „וואָס מאַכט איר? וואָס טוט איר? וואָס עסט איר? וואָס שרייבט איר?" נישט שלעכט געזאָגט. ס'כאַפּט אַן אָנבליק אינעם „אין קמח, אין תורה", אָדער „טוב תורה עם דרך־ארץ". ער איז, דוכט מיר, מיט אַלבערטאָנען פֿון איין שטאָט, פֿון בערשאַד.

לייבעלען האָבן מיר אַוועקגעפֿירט אויף רענטגען, צי זענען ביי אים די לונגען אין אָרדענונג. ביז עפּעס וואָס קענען מיר אים דאָרטן צוקילן אַזוי פֿאַר גאָרנישט מיט נישט.

אַ ביסעלע גלוסטעכצן, אַ ביסעלע לייענעכץ, אַ סך גענג און שטייענישן אין די קאָלאָשן (צוליב די צעריסענע שיך). אַרום צוויי־דריי ביי טאָג איז מען שוין מיט די זאָרגן פֿונעם סדר־היום כמעט ווי פֿאַרטיק.

שוין גוטע פֿיר טעג, אַז ס'זענען נישטאָ פֿון קיינעם קיין בריוו. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? אפשר וועקט ביי עמעצן מיין רייכער בריוו־אויסטויש אַ חשד?

פֿאַרבראַכט מיטן פּראָפֿעסאָר אַ שעה אַנדערהאַלבן. אַז איך בין געקומען אַהיים, האָט דער „קאָמפּאָזיטאָר" געוואַרט אויף מיר. מיט אים איז מיר גרינג. דערצו איז ער אונדז איטלעכן צום האַרצן. ער שלעפּט זיך אַרום מיט אַ יִדיש ייִנגל פֿון רוסלאַנד, אַ היכוווקסיקער, יעדן פֿאַלס, העכער אין וווּקס פֿון אים, פֿון בוטערמאַנען. עפּעס טוט ער אויך אין קאָנסערוואַטאָריע. זיין פֿאַמיליע־נאָמען איז „ריבאַ". אַז זיי פֿאַרטשעפּען זיך צווישן זיך און קענען זיך נישט אויסגלייכן, פֿאַלט בוטערמאַן אָן אויף אים און שרייט צו אים „וואָניוטשאַיאַ ריבאַ!".

אַ ווילדער חלום: איך שנייד מיר דאָס קלינגל פֿון אַ דינעם מעסער און עס איז צו קורצע פֿלעטעלעך. ס'שניידט נישט דאָס מויל און עס עסט זיך ווי אַ מין באָקסער. ווי אַזוי זשע וועלן מיר בלייבן אין גאַנצן אָן מעסערס?... וואָס זשע טוט גאָט? האָב איך געפֿונען אונטערן ברוק אַ מעסער, וואָס לייגט זיך צונויף מיטן שאַרף אין הענטל אַריין. האָב איך אים אַריינגעלייגט אין טאַש, אַרויפֿגעקראָכן אויף אַ באַרג. שטייט דאָרטן אַ וועכטער־שטיבל. דאָרטן זענען דאָ דריי חדרים, ענלעכע אויף אַ באָד, און ס'איז דאָרט ליידיק. אויף דער פּליטע קאָכט זיך אין אַ גרויסן באַק פֿלייש מיט קאַרטאָפֿל. שייל זיי אָפּ — ס'איז טרוקן, שיטיק, געל און געשמאַק. נאָר ס'וויזן זיך אַריין מענטשן, איינער אין גאַנצן אויסגעטאָן. ער שלעפּט ביי מיר די קאַרטאָפֿל פֿון דער האַנט, לייגט עס צו זיך אין מויל אַריין. איך קען עס נישט

פֿאַרשטיין. איך באַווייז אים, אַז אין באַק איז נאָך דאָ געגוג, ס׳וועט סטייען פֿאַר יעדן...

אין דרויסן איז כמאַרנע, אין טאַש ליגט אַ רופֿצעטל פֿון מיליטער־קאָמיסאַריאַט. דער עולם זעט אויס צו זיין אומעטיק, אַזוי ווי מע ווייסט פֿון עפּעס און מע גרייט זיך צו עפּעס. איך בין פֿון שטענדיק גרייט צו אַלץ (ביילקע זאָל אונדז כאָטש קומען אַ געזונטע).

אין באָד זיך געבאָדן מיט איינעם, וואָס קרעכצט אָן אַן אויפֿהער. איך האָב אים אָנגעקוקט און נישט פֿאַרשטאַנען, ווי אַזוי גייט ער אַרום אויף דער וועלט, ווי אַזוי קען ער זיך אויסטאָן, ווי אַזוי קען ער זיך וואַשן — שטיקלעך לייב הענגען אים נאָך, אָט־אָט פֿאַלן זיי אָפּ. ס׳זענען אַזעלכע ווונדן, וואָס קלייבן זיך נישט פֿאַרהיילן. איך האָב זיך דאָך די לעצטע וואָכן געשראָקן פֿאַר מיין בלויער מאָגער־קייט... נו?... ס׳איז עפּעס אָן סכּנות. אָקוראַט צום „פּריזיוו" דאַרף איך דען איצטער אויסזען פֿאַרריכט? אויב מע וועט מיך נישט וועלן צונעמען אין חייל, וועט מען דאַרפֿן ערנסט אַ קלער טאָן וועגן... פֿאַרריכטן די שיך...

דעם 14טן אַרום צען — אויף דער מעדיציניִשער קאָמיסיע. וואָס וויל איך בעסער? גיין, צי זיין אין דער היים?

אויפֿן פֿראָנט וועט מען מיך נישט נעמען. מע קען מיך מאָביליזירן אין דער אַרבעטס־אַרמיי. איך בין אַ קנאַפּער בריה און אַ קנאַפּער טוער.

ביילקען שרייב איך דערווייל נישט וועגן דעם רופֿצעטל. אויב מע נעמט מיך צו, וועט איר זיין שווער אויפֿן האַרצן. אפֿשר שווערער, ווי די איבעריקע אונדזערע...

דער פּראָפֿעסאָר איסערסאָן איז פֿון אָוונט אַליין אַריין אַ קוק טאָן, וואָס הערט זיך ביי מיר: איך בין דורכגעגאַנגען דעם אויגן־דאָקטער, דאַרף מען נאָך זיין ביים טעראַפּעווט.

פֿון ביילקען מיט אַ געלעגנהייט צוויי בריוו און אַ ביסל מעל — אַ מתּנה. זי שרייבט: מיר שלאָפֿן אין אַ קליין וואַגאָנדל. ס׳לויפֿן איבער אונדז אַרום מייז. נאָך ערגער איז, וואָס ס׳רינט דער דאַך. איצט פֿאַרדעקט מען דעם דאַך מיט אַ גרויסן ברעזענט. ס׳קען זיין, אַז ס׳וועט העלפֿן...

אויפֿן האַרצן איז כּסדר שווער. פֿאַר אַ צוגאָב נאָך דער קערטשער פֿראָנט. אַגבֿ, גראָדע דעם זעלבן טאָג האָט די ראַדיאָ איבערגעגעבן וועגן אונדזערע דער־פֿאָלגן אויפֿן כאַרקאָווער פֿראָנט.

געלייענט (כאָטש דער קאָפּ איז נישט געגוג לויטער דערצו) ערענבורגס פֿאַר־טרעטן וועגן בלאָק, בעלי, אַכמאַטאָוואַ, פּאַסטערנאַק, יעסענין, מאַיאַקאָווסקי און אַנדערע. עפּעס האָט ער אונטערגעכאַפּט, פֿון כאַראַקטעריסטיק און פֿון יעדערן פֿון זיי ווילט זיך עפּעס הערן. כאָטש אַ ווײַלע דוכט זיך מיר, אַז דו האָסט די מעגלעכקייט

דערזען נאָענטע מענטשן פון אַ גאָר הויכער מדרגה און וויפל ס'נישט איז קערסטו זיך מיט זיי אָן. דיר זענען זיי געוויס און געוויס זייער נאָענט.

## איינער דעם צווייטן שרייבט וועגן דריטן

איך זאָל זאָגן, אַז דעם פּאַסיק זאָל איך שוין ווייטער נישט דאַרפן פאַרציִען? ס'איז דאָך שוין אייגנטלעך נישטאָ וווּהין!...

די דורכגעגאַנגענע וואָך האָט זיך היפּשלעך אויסגעצויגן. נאָר ס'מאַכט נישט אויס. געכטן האָט מען אונדז פאַרשאַטן מיט בריוו. אפשר זענען זיי נישט אַזוי פיל אין צאָל, ווי זיי זענען אינעווייניק פול געפּאַקט מיט אינהאַלט. און די צאָל אַליין איז אויך עפּעס ווערט: פון הערשעלען צוויי בריוו (מיט אַ געלעגנהייט) און אַ פּעקעלע. צווישן אַלע גוטע זאַכן, אַ פּאָר גאַנצע שיך (געניצטע, מיט גומענע פּאַדעשוועס, קאַלענקאָרענע כאַליעווקעס). וויפל איז עס ווערט, וואָס דאָס פינגערל פונעם רעכטן פוס שטופּט זיך נישט אַזוי עזותדיק און אומפאַרצוימט צום ליכטיקן דרויסן?! און וויפל איז ווערט די פעסטקייט, מיט וועלכער איך באַטרעט גאָטס שטויביקע ערד דאָ, אין דער שטאָט סאַראַטאָוו?!

פון מיזשיריצקין אַ גענויער בריוו. פון ברכהלען אַ ליב קאַרטל און, ענדלעך, זיך טאַקע דערוואַרט פון מישען — דבורהלעס ברודער — אַ בריוו, אַ גרויסער, אויף 12 זייטן. ער לעבט, ער איז דאָ! איצט וווינט ער אין מאַרינסק. דער פאַרגאַנגענער יאָר איז ביי אים געווען אַ שווערער. ער האָט איבערגעטראָגן אויף זיך אַ געריכט פאַר אַן אומזיסטיקער צוטשעפּעניש, געווען אַ שטיקל צייט אָן אַרבעט, געביטן דעם וווינונגספּלאַץ (משנה מקום), שווער געקרענקט — לונגען־אָנצינדונג, פלעקטיפוס. די לונגען זענען ביי אים אָנגערירט אַזוי אויך, נאָר זיי האַלטן אַ בהמה, היגער, וועט ער זיך קענען פאַרריכטן. דער בלוט־אַנאַליז — נישט קיין שלעכטער, די טעמפּעראַטור — נאָענט צו נאָרמאַלער. ער האָפט, אַז ער וועט זיך אויסגלייכן און קומען צו זיך. רייקע יאָרט זיך דעם 22טן יוני. אין דעם טאָג, ווען די שרעקלעכסטע מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז איר געוואָרן 16 יאָר. זיי האָבן געיומטובט איר געבורטסטאָג ביי אַ געשפּרייטן טיש, מיט געסט אין אָוונט (ביי זיי איז דאָך סיביר), און דאַן איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער מלחמה.

די מעדקאָמיסיע האָב איך נעכטן אַ ביסל פאַרנאַכלעסיקט, געוואָלט זיך צעצאָלן מיט די ביבליאָטעקן. אויב מע וועט מיך צונעמען, וועל איך אפשר נישט באַוויזן דאָס אָפּצוטאָן.

י. ל. פּרץ האָט געזאָגט וועגן דעם ערשטן וועלטקריג, אַז ער האָט איין פאַרדינסט: צוליב די גרויזאַמקייטן און די לעבנספאַרלוסטן וועלן שוין מענטשן מער קיין מלחמות נישט פראַווען. אַנאַטאָל פראַנס איז אויך געווען ביי דער מיינונג.

האָבן זיי נישט געטראָפֿן. ווען זיי לעבן און טוען אַ קוק אויף דער איצטיקער שׂריפֿה!!!

...די מעדקאָמיסיע דורכגעגאַנגען אויף „גאָדיען", נאָר מען האָט מיר דערווייל אומגעקערט די פּאַפּירן. מע וועט רופֿן, ווען מע וועט דאַרפֿן.

יונגע מיידלעך האָבן מיר אַ גאַנצן בייטאָג געטראָגן אַנטקעגן זייערע צויבער־דיקע פּונפּאָרנטלעך. ס'האָט געדאַרפֿט אָפּנעמען עטלעכע מינוט איך זאָל זיך באַדאַכטן און ענדלעך קלאָר באַנעמען, אַז איך בין דאָך אַן אָפּגעקראָכענע פּגירה. און וואָס פֿאַר אַ ווערט קען איך האָבן ביי זיי אין די אויגן?!

דורכגעגאַנגען די רעגנס מיט די נאַסע קעלטן (ס'האָט שוין איין מאָל אַפֿילו אויסגעריסן אַ שניי). איצט האָבן זיך אָנגעהויבן היצן. אויף דער בערעזקע אין פּאַרק באַמערקט גרויסע בלעטער, לעבן פּלויט, ביים זייט הויף, האָבן די בלומען גענומען אַרויסשטעקן זייערע חנעוודיקע קעפּלעך. ווען דער טאַטע זאָל אונדז לעבן, וואָלט ער איצטער זיך געקאָרפּעט אין די גאַנצפּרי׳ען דאָרטן ביי אונדז אין גערטל אַרום די בייטלעך.

די מחשבות זענען שיינע, נאָר דיווירקלעכקייט איז לכל הדעות אַ ביטערע און פֿינצטערע.

אַ פּאָסטקאַרטל פֿון אַלינען. טשודנאָוואָטע, נאָר ס'האָט זיך אַן אייגענעם אָרי־גינעלן חן. אַ פּאָסטקאַרטל פֿוןביילקען, פֿון וועלכן ס'איז צו זען, אַז נישט אַלץ, וואָס זי שיקט אָפּ, קומט אָן.

דאָס ערשטע מאָל געווען אין קאָנסערוואַטאָריע אויף אַ סימפֿאָנישן קאָנצערט. שאָסטאָקאָוויטשעס פֿינפֿטע סימפֿאָניע. ער טענהט זיך אויס מיט זיך און מיט דער וועלט. איך האָב אין מיין לעבן ווינציק געהערט גוטע מוזיק, נאָר ס'מאַכט אַן איינדרוק. איך זע עס אויף די אַרומיקע און אויך איך האָב זיך אַריינגעצויגן מיט אינטערעס.

אַ קליינינקייט געאַרבעט. פֿאַר דער צייטונג אַ זאַכעלע, אויב ס'וועט נאָר דורכגיין.

אַז איך באַגעגן אַן עלטערן ייִדן, פֿאַרבייט עס מיר אַ לוח. דער אַלטער דרויאַן (מיר גייען מיט אים אויף איין סטשעזשקע און מען רעדט זעלטן אויס אַ וואָרט) זאָגט, אַז מאָרגן איז שבועות. דער שיינער, גרינער יום־טוב! אויב איך ווייס נישט, וואָס פֿאַר אַ טייטש ער האָט, דערפֿאַר געדענק איך גוט, וואָס פֿאַר אַ טעם ער פֿאַרמאָגט: מילכיקע בלינצעס, פּיינקוכן, לאָקשן מיט מילך, רות, הקדמות און אומבאַדינגט אַ שיינער דרויסן.

דער ראַדיאָ נישט קיין גוטער: ביי איזיום האָט דער שׂונא אָנגעהויבן אַן אָנגריף.

מיטוואָך. מיר האָט זיך געחלומט דער טאַטע. עפּעס איז ער געקומען פֿון מאָסקווע. ער איז מיט מיר נישט שווה־בשווה. נאָר אַז איך האָב אים אַ פֿרעג געטאָן,

אפשר האָט ער מיטגענומען מיינע כּתב־ידן, האָט ער מיר אַרויסגענומען צוויי, גאָר נייטיקע...

ווי עס איז געבראַכט צו אַ דרך די דערציילונג „אַ ייִנגעלע און אַ מיידעלע". ווען גרינזייד לעבט, וואָלט ער עס אָפּגעדרוקט. ער האָט מיר קיין מאָל נישט געקאָכט די וואַסער, אויב די זאַך פּלעג ביי אים וויפל ס'נישט איז אויסנעמען.

ס'האָט זיך צו אונדז אָנגעשלאָגן אַ ייִדענע פון ווילנע. דאָס הייסט, אויך אַן אָנגעפּאַרענע — מינאַ אַבראַמאָווּנאַ — וווינט נישט ווייט פון אונדז. זי איז אַ שטיקל בריה אויף אויסצוזינגען אַ ייִדיש לידל. מן־הסתּם אַ מיטגליד דאָרט פון אַ כאָר־קרייז. נישט קיין שלעכטע שטים ביי איר. נישט פון פריילעכקייט זינגט זי, נאָר מע דערקענט, אַז זי האָט אַן אָנגעהעריקייט צו דער ייִדישער קולטור. ווילנע איז אַ ייִדישע שטאָט. זי בעט אַ מאָל אַ ייִדיש ביכל. זי איז מיר צום האַרצן.

פון בליומען דאָס ערשטע קאַרטל. אַ דאַנק גאָט, זי איז טאַקע אין אָמסק. מיר האָבן איר געשיקט געלט (פון די, וואָס מיר האָבן אַליין נישט) זי זאָל זיך קויפן וואַלינקעס אויף ווינטער.

פון ברכהלען אַ בריוו מיט 500 רובל. אַזאַ רירנדיקער צושריפט, אַז ס'צעגייט זיך אין האַרצן.

פוןביילקען צוויי בריוו. זי שרייבט צו לייבעלען, אַז ס'גייען ביי זיי אַרום וועלף. ביידע בריוו זענען ווילע. ס'איז דאָרט גאַנץ שווער, נאָר זי מאַכט זיך אַ האַרץ. בעסער ווי גיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

פון מיישקען דיאַמאַנט אַ פּאָסטקאַרטל. אַ קאַרטל מיט פּשוטע געוויינלעכע צאַרטע ווערטער פון אַ פריינד צו אַ פריינד, נאָר אין דער דאָזיקער פּשוטקייט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַזעלכעס, וואָס איך האָב נאָך קיין מאָל נישט געזען. ס'האָט עפּעס גענומען זינגען ביי מיר אינעווייניק אַ וואַנזיניק געזאַנג: אָט דער דריבנער אין וווקס, איידעלער (פון קאָפּ ביז די פיס אינטעליגענטער) מיישעלע, איז שוין אויפן פּראָנט און איינס פון די ביידע: קוילענען אָדער געקוילעט ווערן, הרגענען אָדער געהרגעט ווערן, מזיקן אָדער געניזקט ווערן. דיינער אַן אייגענער שטייט אין דער בלוטבאָד ביזן האַלדז...

פון נחן ליבע צוגעלאָזטע עטלעכע ווערטער. איך בין אַ „משוגענער"? — איך שרייב בריוו צו איטלעכן. שרייבן דאַרף אַלע צו מיר. הייסט עס, אַז נישט מיר האָבן זיך איבערגעאַנדערשט. די צייט האָט אין אונדז אויפגעוועקט אַ וואַרעמקייט פון איינעם צום צווייטן. מע וואָלט אָפּגעלעבט אַ לעבן און קיין איין אות נישט אָנגעשריבן איינער דעם אַנדערן, און דאָ רופט מען זיך אָפּ. מע פאַרגעדענקט די אַדרייסים. איינער דעם צווייטן שרייבט וועגן אַ דריטן. זי איז געווען די נאָענטקייט, זי איז בפירוש געווען, נאָר זי האָט ערגעץ געדרעמלט טיף פאַרשטעקט אין אַ ווינקל. איצט איז זי וואַך און שטאַרק פילבאַר.

צווישן אַנדערע — אַ בריוו פון בעטי קוויטקאָ.

וואָס געלייענט היינטיקע וואָך? כּמעט גאָרנישט. ביי וועמען געבעטלט? ביי ניקאָפּאָראָווען פאַר לייבעלעס וועגן שוכוואָרג. זי באַציט זיך צו אונדז גוט. אַז מע רעדט מיט אונדז, ווי מיט מענטשן, היילט עס מיינע ווונדן.

דבורהל איז נישט געזונט און איז ביי זיך געפאַלן.

## געזידלטע מענטשן־ווערדע

נעכטן פון רבקה רובינאַ אַ קאַרטל. זי דערמאָנט נאָך אַ מאָל גורשטיינען, ווינערן. ווינער איז געווען אַ קאַפּריזנע גרויסשטאָטישע נאַטור, אַ מפונק. ס׳גלויבט זיך גאָר נישט, אַז אַזעלכע באַיאָרטע, און צו קיין געווער נישט קיין געוווינטע, האָבן געלייגט די קעפּ אויפן שלאַכטפעלד.

אַ מאָל זע איך דעם ליבן גורשטיינען, ווי אַ הינדעלע מיט אַן איבערגעשניטן העלדזל, פאַרוואָרפן ס׳קעפּל, און די אויגן אַזש פאַרקלעפּט פון פאַרמאַכטקייט. דאָס האַרץ טוט אַזוי ווי פאַר געזידלטער מענטשן־ווערדע, פאַר דער „גבורה פון דעם שוואַכן”, וואָס איז מיט אַזאַ אַכזריות איינגעבראָכן און אומגעוואַלגערט ביז דער סאַמע ערד.

כאָטש זייער אָפט בין איך סיי ווי מקנא דעם, וואָס לעבט שוין נישט: איבער־געקומען דעם לעבנסטאַנץ און פּטור פון אַלערליי שלעק און פון בויטן איצטיקע און קינפטיקע.

דער פּראָפעסאָר האָט מיר דערציילט, אַז אין ראַדיאָ האָט ער געהערט, ווי ספּיוואַק האָט דערמאָנט מיין נאָמען צווישן די יידישע שרייבער.

דאָס בלאַט אין קויבישעוו (צי זי גייט שוין אַרויס, צי נישט?), נאָר הייסן דאַרף זי „איינקייט” (געזען אין „פּראַוודאַ”). ס׳לייענט זיך גרינג, נאָר ס׳רעדט זיך אויס נישט געוווינט.

וואַרעמע פרילינג־און זומערטעג גליטשן זיך אַרויס פון אונטער די הענט און פאַרשווינדן אומבאַמערקט.

דעם פינפטן איז דער מאַמעס יאָרצייט. דריי יאָר, אַז די מאַמע אונדזערע קילט די ערד. (ס׳איז עפּעס דאָ אַזאַ אויסדרוק ביים פאָלק — „קילן די ערד”). דער טאַטע האָט פאַרשלאָפן די פאָרכטיק־ציטערדיקע רגעס, ווען די מאַמע האָט אַרויס־געלאָזן דעם לעצטן אָטעם.

וועגן דער מאַמעס יאָרצייט געשריבן צו די קינדער קיין רוזייעווקע. אויך צו ביילקען און צו הערשעלען.

ווען די מאַמע איז געגאַנגען מיט הערשעלען צו קינד, בין איך שוין געווען אַ בחור פון אַ יאָר 13. איך בין אַוועק אין דער ליידיקער קלויז און איינער אַליין

געזאָגט געשמאַק תהילים גאָט זאָל העלפן זי זאָל גרינג איבערקומען. אַזעלכע מינוטן אינעם מענטשנס לעבן געדענקען זיך לאַנג און גוט מיט זייער גאַנצער פרישקייט.
כ׳לייען צו ביסלעך מאָפּאַסאַנען. געשמאַקער פון געשמאַק.
דבורה איז אַוועק אין שפּיטאָל. מע וועט זי נעמען אויף אַ טאָג צען אין סטאַציאָנאַר און איר געבן גינעקאָלאָגישע היילונג. וועלן מיר מיט לייבעלען בלייבן צוויי כאָלאָסטיאַקעס. אמת, ביילקע דאַרף שוין גיך קומען.
בייזע צינגער זאָגן, אַז געלבלויע אוקראַינער קאָנקורירן מיטן דייטש: זיי קוילענען אויס די ייִדן נאָך איידער די דייטשן קומען אָן. אַ גוטע בכּבודיקע פּרנסה... אויף זיי אַזאַ יאָר, אויף זיי אַזאַ לעבן.
אַ סך קומען צו פֿאָרן פון דער פּאַרזיי־קאָמפּאַניע. איך קוק זיי נאָך און זוך צווישן זיי ביילקען. די צייט, וואָס מע דאַרף שוין קומען, ציט זיך אויס יעדער מינוט.
געוועזן אַ לעבעדיקער גרוס פון ביילקען. נאָר קיין גוטע ידיעות זענען דערוויייל נישטאָ. דאָך שרייבט זי, אַז זי איז גוט געשטימט. וואַניע, דער יאַטל, וואָס האָט געבראַכט דעם גרוס, דערציילט, אַז זי זעט אויס מונטער, כאָטש די פיס, ווי ער דערציילט, זענען ביי איר אין גאַלע ווונדן. און ס׳איז נישטאָ ווו זיך איינצוואַשן.
געוועזן ביי דבורהן. געזען זי, גערעדט מיט איר דורכן פענצטער.

## בלעטער גרינען, פייגל זינגען

אין דרויסן איז ווינטיק. דאָס וואַסער אויף דער וואָלגע וויגט זיך, וואַרפט זיך אין כוואַליעס און שפּילט זיך מיט שוימיקער בייזקייט.
...אַ שטילע שעה. לייבעלע מאַלט עפּעס. איך זיץ און שרייב. דבורהל ליגט און טראַכט. פּלוצעם רופט זיך לייבעלע אָן:
— צוליב דעם, אַז היטלער זאָל איינגעמען די פּגירה בין איך אויך נרייט שטאַרבן!...
דאָס הייסט, אַז ווען זיין, לייבעלעס, טויט קען גורם זיין היטלערס פּגירה, איז ער, לייבעלע, גרייט גיין דערויף.
— נאָר, — גיט ער ווייטער צו, — אויב כּדי היטלער זאָל באַקומען דעם טויט, וועל איך מוזן אויפעסן אַ וואָרעם... דאָס וואָלט איך שוין נישט געקענט...
און ער לאַכט אַליין. ער זאָגט, אַז ס׳איז אים שווער אַפּילו נעמען אַ וואָרעם אין די הענט.
צי דען וועט אויך דער דאָזיקער זומער אַוועק ווי פון הינטער די הענט?
זונטיק בין איך העכער אַ האַלבן טאָג געשטאַנען נאָך זייף. געזען בוטערמאַנען. פון ביילקען נישטאָ קיין בריוו. איז עס אַ צופעליקייט, צי זי איז אין אַ קלעם? זי זאָל כאָטש זיין געזונט. אין שטאָט, זאָגט מען, גייט אַרום דיזענטעריע.

ברכהלע שרייבט, אַז דעם 6סטן (יוני) האָבן זיי אויסגעריכט הערשעלען פרייד־קעס (דעם געלינקן) אין דער אַרמיי. ס'טוט אַזאַ צי ביים האַרצן. ער איז אַזוי יונג און אַזוי צאַרט... געוואַקסן אַן אַ טאַטן און אַליין שוין באַוויזן ליגן חדשימווייז מיט אַ האַרצפעלער.

אין אָוונט איבערגעקוקט „נחמיה". צי דען לייען איך עס צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן? „תּרי עשׂר" און „כּתובים" זענען מיר ווירקלעך ווינציק באַקענט. אויב זיך פאָרשטעלן, אַז ס'איז געווען אַזאַ לעבעדיקער מענטש און אַזאַ היסטאָ־רישער פאַקט, גייט דורך איבערן גאַנצן לייב אַ בענקשאַפט, וואָס איז געמישט מיט ליבשאַפט און מיט באַוווּנדערונג: געדינט ביים פערסישן קעניג, אַן אויפזעער איבער די רייכע וויינקעלערס, אי אין כּבוד, אי ביי אַ שיינעם פאַרמעגן. בענקט נאָך זיין היימלאַנד. זיין היימלאַנד טרעט אים נישט אָפּ פון פאַר די אויגן מיט וואָס ער זאָל זיך נישט פאַרנעמען. און ער האָט זיך אָפּגעבעטן ביים קיסר מען זאָל אים לאָזן צופאָרן און אויפשטעלן די חרובע טויערן פון ירושלים. ער האָט צוגעצויגן אַ גרופּע מיטפּילנדיקע. ס'זענען אָבער אויך געווען יענע פאַרשוינען, וואָס האָבן ענערגיש געשטערט און געזוכט, ווי אַזוי אונטערצורייסן אָט די דאָזיקע וויכטיקע אַרבעט. טוביה העבד העמוני, סנבלט החורני, גשם הערבי... פון איין זייט האָבן די שעדיקער געשטערט, פון דער צווייטער האָבן טרוימער און ענטוזיאַסטן געאַר־בעט. אין איין האַנט די שווערד, אין דער צווייטער די קעלניע. פון פרי ביז שפּעט ביי נאַכט געאַרבעט אַזוי. און די מערהייט האָט אַפילו געגעכטיקט צוזאַמען מיט די יינגלעך און געהיט...

ווייטער איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסע ספּעקולאַציע, און מענטשן האָבן געשמאַכט אונטערן יאָך.

האָט נחמיה זיך געווענדט צו עלטערס און אָפּגעשטעלט די ספּעקוליאַציע. געזען געבן דערנערונג דעם עולם אָן געלט און אָן משכּנות. איינעם פון צען האָט מען אָפּגעקליבן אויף באַזעצן אין שטאָט. מע האָט געצווונגען זיך אָפּזאָגן פון פרעמדפעלקערישע ווייבער. מע האָט פאַרווערט האַנדלען אום שבת (די אייגענע און די פרעמדע)...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון ביילקען צוויי בריוו. זי איז באַליגט מיט טשיראַקעס און בעט זיך אַהיים. בין געגאַנגען אין שטאָטראַט, אפשר וועלן זיי עפּעס קענען טאָן.

אַ נאַכט מיט חלומות: אַבטשוקל און ליפּע רעזניק. אַבטשוקלען האַלט איך שטענדיק פאַר אַ וויסט פינצטער באַשעפעניש. ווו ער שטעלט זיך, וועט שוין דאָרט קיין גראָז נישט וואַקסן, און דווקא מיט קעצענע לאַפּקעס... שפּעטער האָט זיך מיר געחלומט אַ ווייכע גרינע גאַס אין סלאָוועשנע לעבןביידע מיקיטעס (מיקיטע דער באַנדער און מיקיטע ליוווּנס).

נאָך אַזאַ מין חלום איז מיר גרינגער דאָס פונאַנדערוואַכן זיך און גרינג דאָס אויפשטיין.

פון בליומען אַ בריוו. געזונט זאָל זי זיין. איך וועל אים היינט זען לייענען אַ צווייט מאָל פון ס׳ניי. זי איז אַ פּראָסטער און ליבער מענטש. אַ פריינד אָן חכמות.

פון ברכהלען און פון הינדען אַ בריוו. דעם פערטן איז מיישקעס דיוויזיע געגאַנגען אין שלאַכט. צאַרט און שטיל פרעגן זיי (פאַרשטייט זיך, אין דער וועלט אַריין), וואָס הערט זיך איצט מיט מיישקען?

עס ווערט אַ יאָר, אַז די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. סאַראַ מין לויטערער זונטיק אינדערפרי ס׳איז דאַן געווען און ווי אַזוי ער איז מיט אַ מאָל פאַרפינצטערט געוואָרן...

ביילקע איז שוין אַ דאַנק גאָט אין שטוב. מען דאַרף איר העלפן פטור ווערן פון די בלאָטערס מיטן אייטער און שמוץ. נישקשה, לעם אייגענע, לעם היימישן אויפזיכט און לעם דער מעגלעכקייט זיך אויף זיך אַרומקוקן, ווערט איר פון שעה צו שעה ליכטיקער אין די אויגן. זי איז איצט אַוועק מיט אירע טשיראַקעס און געהעכערטער טעמפּעראַטור צום דאָקטער.

זומער זענען אויך דאָ פאַראַן גאָלדענע טעג און מינוטן, נישט איבערצוגעבן מיט קיין ווערטער. ביי יִדן האָט אָבער אויך דער זומער געלע טונקעלע פלעקן: ספירה־צייט, שבעה־עשׂר בתמוז, „ניין טעג", שבת חזון, תשעה־באָב... אונדזערע סלאָוועשנער האָבן נאָך די פּאָגראָמען געמאַכט אַ תענית כ׳ תמוז, מען פלעגט פאַסטן און זאָגן סליחות. ס׳איז נישט קיין שלעכטער מנהג דערמאָנען די נאָענטע אומגעקומענע, דאָס אומזיסט ריין־פאַרגאָסן בלוט אונטער דער גזלנישער ביקס מיט דער קאָסע. פונעם 22סטן יוני פאַר אַ יאָרן פיל איך דעם כ׳ תמוז גאַנץ אַפּט.

אויפן האַרצן איז פּע. צוויי נעכט איינס נאָך איינס לופט־אַליאַרעמס — באַך־באַך !... אָפּגעגעבן קופּיאַנסק (אַרום כאַרקאָוו).

דבורה פילט זיך נאָך זייער שוואַך.

סאַראַטאָוו, סאַראַטאָוו!!! איך בין אויף דיר נישט אין כּעס. הלוואי העלפט מיר גאָט דו זאָלסט מיך קענען איבערטראָגן.

פאַר וואָס דוכט זיך מיר, אַז דיביימער גרינען נישט פון מיינעט וועגן און נישט פאַר קיינעמס וועגן. די בלעטער גרינען, די פויגלען זינגען בלויז צוליב דעם זיי זאָלן נישט פאַרגעסן זייער מלאכה. זיי זאָלן נערן און פרייען די, וועלכע וועלן עס דערלעבן און וועלן עס דאַרפן.

פאַרביי מיין פענצטער פירט אַ מיידעלע פון אַ יאָר 16 אַ בופעטל אויף אַ „דוווקאָלקע" (אַ וועגל אויף צוויי רעדער). געוויס פון מאַרק און געוויס פאַר דעם,

וואָס העלפֿט אונטערשטופּן און ווייזט וווּהין צו פֿאָרן, אַן אַריינבברענגעריין, שוין אַליין אַ פֿאַרדינערין.

דערוויל האָב איך זיך דערמאָנט, אַז היינט זענען דורכגעפֿאָרן עטלעכע פֿורן מיט איינגעשפּאַנטע בהמות און פֿרויען האָבן אָנגעטריבן — איינע פֿון די סך פֿאַרקריפּלונגען, וואָס די פֿאַרשאָלטענע מלחמה האָט אַריינגעבראַכט אין לעבן.

פֿון דעם נסתּר אַ קאַרטל. ער האָלט זיך פֿאַר אַ געבוירענעם „פּוסטיניק" (אַ נזיר, וואָס קומט אָפּ גלות אין דער וויסטע). גראַדע ער נייטיקט זיך אין מענטשן מער ווי אַן אַנדערער. נאָר ער איז גרייט אַלע מאָל זיך אָפּקערן פֿון איטלעכן. ער דערמאָנט צו גוטנס אונדזערע אַלגעמיינע יידישע גוטע־פֿריינד — די דאָבינס.

## כאָטש די זאָרג האָט זיך שוין אַרויפֿגעקלעטערט מיט ביידע פֿיס

ענדע יוני. ס'הייבן זיך אָן די נאָגנדיקע ביים האַרצן זויגנדיקע פּרימאָרגנס. עטלעכע נעכט האָט דער שונא באָמבירט דעם „שאַריקאָפּאָדשיפּניק"־זאַוואָד. ס'זענען דאָ געהרגעטע און פֿאַרוווּנדעטע. דער דירעקטאָר האָט דערלאָזן אַ ווילדן, אומגע־הערטן טעות: ער האָט געהייסן פֿאַרשליסן פֿון דרויסן דעם זאַוואָד די מענטשן זאָלן נישט אַוועקגיין, מע זאָל אַרבעטן.

דער פּראָפֿעסאָר טענהט שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, אַז אויב יאָ הייסן בע־זשענצעס מיט אַלע נאָכווייענישן, וואָס דאָס גיט, טאָ זאָל כאָטש די זינלעכע זייט אַליין פֿון דעם וואָרט, זיין אַ באַרעכטיקע: בעזשענצעס (פּליטים) — דאָס הייסט ווייט פֿון דער מלחמה.

אברהם סלעפּיאַק, אַ שערער, אַ וואָגיקער און באַטראַכטער מענטש (אַ מאָל זענען זיי געווען שכנים מיט פּריידקען) קומט אַריין צו אונדז פֿון מאָל צו מאָל און פֿרעגט, וואָס מיר מאַכן. ער האַלט, אַז די שווועריקייטן וועלן זיך אָנהייבן שפּעטער. דער שונא וואַרט מע זאָל צוקלייבן דאָס גערעטעניש, ער זאָל פֿאַרנעמען אַ קאַנט נישט קיין הונגעריקן.

אַלץ, וואָס ער דערציילט, איז ערנסט און איבערצייגנדיק. נאָר איך וויל אים נישט גלייבן. איך וויל, אַז ס'זאָל זיך אין דער אונטערשטער שורה באַקומען נישט אַזוי, כאָטש די זאָרג האָט זיך שוין אויפֿגעקלעטערט אויף די אַקסלען מיט ביידע פֿיס, זויגט און סמאָקעט און נאָגט דעם מאַרך פֿון די ביינער.

דבורה איז נישט פֿויל און הייבט אָן איר לאַבינסקער לידל. נישט אַזוי ענערגיש, נאָר פֿון מאָל צו מאָל טוט זי אַ זאָג, אַז מע דאַרף נישט זיין קלוגער פֿון לייטן. לייטן קלייבן זיך און פֿאָרן טאַקע אַוועק פֿון דאַנעט, דאַרף מען נישט זיצן צונויפֿ־געלייגט די הענט און מע דאַרף אויך עפּעס טאָן.

דער זומער טאַנעט און די כמאַרעס מיט די זאָרגן וואַקסן און ווערן אָנגעפּעלצט. פּעפּער און בערגעלסאָן מיט די ווייבער אַרבעטן אין קויבישעוו אין רעדאַקציע. וועמען בין איך איצטיקע צייט נישט מקנא? בין איך זיי אויך מקנא. ביידע זאָכן: אי זיי זענען ביי אַ טועכץ, אי זיי זעען נישט אויס בעטלעריש, ווי איך מיט מיין געזינד.

פון בערגעלסאָנען אַ פּאָסקודנער בריוו פול מיט אָפיציעלער ליבנסווערדיקייט און קיין ברעקל האַרץ. אַזאַ יאָר אויף אַלע רשעים, כאָטש ער איז זייער אַ גרויסער שרייבער ביי ייִדן. איך וועל פאַר אים גאָרנישט לייקענען. איך וועל אים אָנשרייבן, וואָס פאַר אַ געפילן זיין קינסטלעך געמאַכטע „ליבנסווערדיקייט" האָט ביי מיר אַרויסגערופן.

חודש יולי הייבט זיך אָן. עפּעס אַ מאָדנע זאַך. עפּעס דעם גאַנצן טאָג פיל איך זיך איינזאַם־יום־טובדיק. אַ מין פאַרשפּעטיקטער שבועות איז אויף מיר אָנגעפאַלן, נישט געקוקט אויף אַלע שווערקייטן, אַפילו אויף ביילקעס דיזענטעריע. קיין עין־הרע אַ געזונט, אַ וווקסיק קינד און ס'קלעפּט זיך צו איר, ווי צו אַ ציטערדיקס. נעכטן פאַר נאַכט — 40, היינט אין דער פרי — 38. דער פּראָפעסאָר, וואָס איז אונדז נעענטער פון אַן אייגענעם, האָט געגעבן זייער אַ ווירקנדיקע רפואה — אַזאַ גרויסע אַמפּולע מיט אַ פליסיקייט. אָבער צו אַ דאָקטער דאַרף מען סיי ווי גיין ער זאָל אויסשרייבן אַ ביולעטען. נאָך מיטאָג דאַרף מען גיין. דבורה הריזעט מיך צו ביסלעך און... און אויפן האַרצן איז מיר עפּעס סיי ווי שטיל און ווויל, אַזעלכעס טרעפט ביי מיר נישט אָפט, דערום ציטער איך איבער דעם.

אין גאַס זיך אָנגעשטויסן אויף אַזאַ בילד: פון ראַדישטשעווער פאַרקערעוועט אויפן רעוופלאַץ אַ באַוואָקסענער יונגערמאַן. אונטערן האַנט, אינעם געראַמען שלייף פון אַ פאַרבונדענעם האַנטעך, וואָס איז אים איבערגעוואָרפן איבערן אַקסל, אַן אַרונדל מיט אַ קליין קינד, וואָס ליגט דאָרט, ווי לעבעדיק, נאָר ס'איז אַרומגעזוימט מיט גרינינקע צווייגעלעך. נישט אָפּגערוקט — כּמעט ביינאַנד — גייט נאָך די מוטער. דאָס פּנים זייער אויסגעמאַטערט און די אויגן — שוין צו פיל אויסגעטריקנט פון ווי. זי טראָגט אונטערן אָרעם דאָס דעקל פונעם אָרון. הינטער זיי — אַ קרובה אָדער אַ שכנה מיט אַ גראַבאייזן (אַן אייזערנע לאָפּעטע). אין קנאַפּע מינוטן אַרום, שוין אויף ראַדישטשעווער גופא, צוויי אויטאָמאָבילן מיט פאַרווונדעטע, אַרומגע־רינגלט פון נייגעריקע און נישט נאָר נייגעריקע, ווייל... ווינציק זענען דען דאָ פרויען, וואָס זייערע מאַנען און זין זענען ווייס־איך־ווו, און ווער ווייסט, צי זיי לעבן נאָך ערגעץ אויף דער וועלט.

## פּאַר אַ יאָרן אין דער צייט

ס׳זענען נאָך אַלץ די ערשטע טעג יולי. מע האָט אויך היינטיקע נאַכט באָמבירט. דבורה האָט מורא פאַרבלייבן אין שטוב. זי גייט אַרויס מיט דער טונקעלער שאַל אין הייפל. זי איז דאָרט נישט אַליין. די זעלבע מענטשן, וואָס מיר גייען ביינאַנד מיט זיי אַרום ביי טאָג, זענען ביי נאַכט פון שלאָף און פון פּלוצעמדיקער שרעק עפּעס פאַרענדערט.

ידיעות נישט קיין גרינגע. אין סעוואַסטאָפּאָל גייען שוין די שלאַכטן אין שטאָט. דאָרט, ווו הערשעלע דער געלינקער איז, איז שטאַרק נישט שטיל. צו דער מאַמע רוף איך זיך אָפּט אָפּ אין געדאַנק, פּונקט ווי זי וואָלט געלעבט. און דער טאַטע? ס׳הייסט, אַז וועגן אים ווייסן מיר נאָך גאָרנישט... אַזאַ נישט וויסן הייסט נאַרן זיך זעלבסט. אַז אָך און ווי צו אַזאַ נישט וויסן. די פאַרדאַרבער זענען שוין צו שטאַרק באַגלויבט מיט זייערע גענג! זיי זאָלן עס נאָך ווען עס איז זען ביי זיך, וואָס זיי טוען איצט מיט אונדז.

די לעצטע טעג זיך געמאַטערט מיט דער פראַגע, ווי אַזוי קען מען (זייענדיק אַ ייִד) לעבן אַרומגערינגלט מיט פיינטשאַפט, פאַראַכטונג, פאַרפרעמדקייט דורך קליין און גרויס. אַז דו פילסט, ווי ס׳איבלט זיי פשוט פון דיר, פון דיין לשון. דיינע חסרונות זענען צעבלאָזן אין גאַנצע בערג, דיינע מעלות — זענען סיי ווי חסרונות. איין ייִד האָט מיט עפּעס נישט יוצא געווען, פאַלט די שולד אויף אַלע. „זיי״ און „זיי״! „זיי קענען״, „זיי קריכן״, „זיי האָבן״, „זיי פאַרנעמען די שטעלעס״, „זיי גנבענען״, „זיי באַנעמען דיך״.

„אַבראַשע״ — איז אַ נאָמען אויף זיך נאַכקרימען. „חיים״ — איז די מיאוסקייט אַליין. און אַלע רוסישע נעמען? דאָרטן איז קיין איינער נישט מיאוס! „איוואַן״ איז גוט, „האַפּקע״ איז נישט שלעכט. „כאַלימאָן״ — גייט דורך. „פּראַסקאַ״ — שטערט נישט.

און אַזוי ווערט מען געפאַלן און פאַרקליינט ביי זיך אַליין. וואָן־נישט־וואָן טוט אַ בלישטשע אַ לויטערער געדאַנק, אַז איך בין מיט קיין זאַך נישט מינדערווערטיקער פון אַנדרייען מיט ניקאָפאָרן.

אַריינגעכאַפּט אַ „מכאַטישן״ קאָנצערט. אויף צוריקוועגס געקלערט: אויף די שלאַכטפעלדער גייען מיר אָפּ מיט בלוט, און אין טעאַטער אין פּאָיע שפּאַצירט זיך אויסגעפּוצטע יוגנט. ס׳איז אַ פאַרברעכן, צי ס׳איז אין איינציקע היגזיכטן אַ מעלה? זאָל ביי אונדז זיין כאָטש אַ סימן פון לעבן.

אין די רייען נאָך ברויט גאָלע פרויען און קינדער. אַ מאַנצביל — מערסטנטייל אַן עלטערער. אפשר איינער אויף צען. אין „ראַספּרעד״ איז שוין אַנדערש. דאָרטן זענען שוין מאַנצבילן צו מאָל אפילו מער פון פרויען.

אַ לעקטאָר, אַן אָרקעסטראַנט, אַ שרייבער — דער דאָזיקער עולם זוכט אָפּ אַ פרייע שעה פאַר דער שפּייזקראָם. אין גאָרקיך — אויך דאָס זעלבע. מע דינגט זיך פאַר דער דורכגעלאָזטער ריי. די ווערדע, די חשיבות רייבן זיך אָפּ. דאָס ביליקע אינעם מענטשן סטירטשעט אַרויס.

ביילקע פּרעסט דאָס נעכטיקע געוועש. איך האָב געבראַכט ברויט פון דער ריי. די ידיעות דורך ראַדיאָ זענען ביטערע. איך דערפיל זיך ווי אויסגעזידלט, כאָטש איך האָב געהאַלטן אין דער האַנט אַ גוט בוך וועגן טאָלסטויען.

מיט ביילקען פּרוּוו איך אויפמישן דעם „פאַר אַ יאָרן אין דער צייט": דעם 5טן האָבן ביי אונדז גענעכטיקט (גרייט צום אַרויספאָרן) די בלאָשטיינס. דעם 6טן — פייגעלע. פינטשעווסקי האָט אונדז אויפגעוועקט. פייגעלע האָט געהאָלפן טראָגן די זאַכן. איך האָב זי געבעטן זי זאָל עס נישט טאָן, ס'איז נישט פאַר אירע כּוחות. זי איז אַלע מאָל גרייט אונטערשטעלן איר צאַרטן מיידלש־יונגן אַקסל.

וויפל מאָל בין איך שוין געפאָרן און ס'קלעקן מיר אַלץ נישט קיין כּוחות אָפּצופאָרן אַ ביסל ווייטער פון דער מלחמה. כּסדר הענגט זי ביי מיר, ווי אַ לונג און לעבער אויף דער נאָז.

טאָלסטוי האָט זיך פיל מאָל געפילט איינזאַם צווישן זיין ראַשיקן געזינד. אַ גראַף, אַ פאַרנעם און דערצו נאָך אַזאַ גרויסער שרייבער.

צוועלף חדשים, אַז מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון דער היים.

גאָר נאָענט טוט זיך עפּעס. אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן קענען מיר אַריינפאַלן צום דייטש אין די הענט, ווי אַ פיש אין דער נעץ, און דער ליכטיקער טאָג זאָל פאַר אונדז ווערן אַ פינצטערער אָפּגרונט.

דאָס געמיט איז נאָך נישט אין גאַנצן דערשלאָגן. אין לאַבינסקאַיאַ איז געווען שווערער. כאָטש דאָס, וואָס ס'איז שוין פאַרביי, קען מען גרינגער זיך פאָרשטעלן. דערווייל בין איך נאָך רויִק. בלויז מינוטנווייז קומט אויף מיר אָן און אין געדאַנק הייב איך זיך אָן זעגענען מיט פריינד און גוטע־פריינד, מיט דער ליכטיקער וועלט...

דעם מיטן יולי, אומגעריכט, אין גאַנצן אויף אַ האַלבער שעה, אַריינגעפאָרן צו אונדז אַנאַ, הערשלס פרוי, אָנגעטאָן מיליטעריש. זי איז אַוועקגעפאָרן נעענטער צום פייער. פון הערשלען אַליין געווען אַ חבר, געבראַכט אַ בריוו. ער האָט ביי אונדז אַראָפּגענומען אַ שטיין פונעם האַרצן. הערשל פרעגט זיך אויף אַנען און אויף הערשעלען דעם געלינקן. אָט האָבן מיר שוין גערעדט מיט אַנען און דאָ פרעגט ער זיך ערשט אויף איר.

דבורהל איז ווייטער אין שפּיטאָל. איך זשאַלעווע זי אמת, זי האָט אין פיל מאָמענטן צוגעדינט אויף „אָפּקילן" מיך. זי איז גוט, זי איז מענטשלעך, נאָר צו אָפט פאַרלירט זי אויף לאַנג דעם גלייכגעוויכט.

מיט סאָפיע איזראַיִלעוונע (פרייערמאַנשע) קומט אָפט אויס צו אַנאַליזירן

אַזעלכע ווידערשפּרוכן. זי האָט אַ קלוגן פאַרשטאַנד, נאָר ווי אַ פרוי האָט זי ביי מיר אַ מאָל דעם טעם פון אַ הערינג אין קאָמפּאָט...

ס׳איז נישט מיין „חכמה״. דאָס האָט מיר ביילקעס אַ לערערין, אַ יידישע, איין מאָל געענטפערט אַזוי. די יידישע שולן האָבן זיך שוין געהאַט לאַנג פאַרמאַכט, פיל יידישע לערער זענען איבערגעגאַנגען אין רוסישע שולן.

— ווי פילט איר זיך — פרעג איך זי, — אויף דער נייער אַרבעט ?

זי האָט פילדייטיק אַ טראַכט געטאָן, ביטערלעך צוגעשמייכלט און געענטפערט :

— ווי אַזוי זאָל איך אייך ענטפערן ?... ווי אַ הערינג אין קאָמפּאָט !...

פיל שרייבער וואָלטן זיך מעגן ווינטשן אַזוי קורץ און טרעפלעך דערקלערן, וואָס זיי פילן...

דער פּראָפעסאָר כעסט זיך אויף מיר. ער זאָגט, אַז אויב מיין „רוזקייט״ נעמט זיך בלויז דערפון, וואָס איך בין אַ „שאינו יודע לשאול״, פאַרשפּאָרט מען רעדן. גיכער מיינט ער אָבער, אַז דאָס קומט ביי מיר פון פאַרצווייפלונג.

אַ מאָל קומט מיר אויף דער געדאַנק (אַזוי איז אויך געווען אין לאַבינסקאַיאַ), אַז איך וואָלט דאַרפן בלייבן ביים דייטש, גיין מיט אַלעמען צוזאַמען, ווי אַ קרבן פאַרטיליקט און פאַרלענדט ווערן. פילן דעם זעלבן טעם, וואָס אַ סך פון מיינע ברידער האָבן געפילט, ווי זיי זענען אומגעקומען אין בזיונות, באַשפּיגן און באַכראַקעט, צעביילט און צעשלאָגן, פאַרלייזיקט און באַלייגט מיט געשווירן.

בין געווען מיט לייבעלען נעכטן ביים טייך. דאָ האָט זיך שוין געמאָלט פאַר מיר אַן אַנדער בילד : זיך אויפזעצן מיטן הויזגעזינד אויף אַ שיפל, מיטנעמען דאָס ביסל זאַכן, אַ ביסל גרויפּן, געטריקנטע פּענעצן, שוועבעלעך, זאַלץ, אַ ביסל בוימל, אַ ביסל צוקער. ס׳איז דאָך זומערלעב ! זיך לאָזן שווימען. בלויז אַ פינעף־זעקס מעת־לעת און דו שווימסט אָפּ ווייטער פון דער געפאַר און בלייבסט לעבן...

דערזען איבער אַ פּלויט אַ יונגן צעבליטן זונענרויז. אַ קראַסאַוועץ ! ער איז מיר היימישער פון אַ סך אַנדערע געוויקסן. איך בין מיט אים פריינד נאָך פון דער היים, פון דער פריער קינדהייט.

נעכטן געקראָגן פון פריידקען דריי הונדערט רובל.

פאַנאַמאַריאָוו האָט אונדז געהאָלפן פאַרקויפן דבורהס זייגערל. ווען מען קענען קויפן אַ קילאָגראַם פּוטער, אַ בינטל ציבעלקעס. ביילקע, זאָל זיין געזונט, העלפט מיר צו אין אַלץ. זי האָט ביזן 13טן אַ ביולעטען, נעכטן איז זי געווען ביי דבורהן אין שפּיטאָל.

מיין נייער באַקענטער, דער אַלטער ציינדאָקטער מאַלוי, איז בסך־הכל יושקע־וויטשעס אַ שוואָגער. זיין פרוי איז סעמיאָן יושקעוויטשעס אַן אייגענע שוועסטער. ער שרייבט צו ביסלעך, האָט אַ פּיעסע אַן אָפּגעדרוקטע אין יידיש, געלע, פּאַפּירענע טעוועלעך, ווילנע — 1916. צי קען ער שרייבן ווייס איך נישט. אַ לייענער איז ער

זייער אַ פּילבאַרער און אַ געטרייער. ער האָט מיר געבראַכט צו טראָגן „חדשים און טעג”. דאָס בוך האָט ביי אים שטאַרק, שטאַרק אויסגענומען. די „שטוב” — שוין נישט אַזוי. ער איז אַ מאָסקווער אַליין. וווינט דאָ מיטן ווייב ביי אַ זון מיט אַ שנור.

אַ גאַנצן פרימאָרגן זענען מיר געקראָכן אין קאָפּ אַריין די ווערטער פון מיינע באַליבטע דיכטער און שרייבער יעסעניו, גאָרקי און טשעכאָוו:

* „Стыдно мне, что в Бога я верил“ (Есенин), „В ничто не верю теперь“ (Горький), „Каждый день выдавливать из себя по капле раба“ (Чехов).

און אויך שוואַרצמאַן: „היינט קומט ער צו מיר דורך אויפגעמאַכטער טיר, ווי אַ גאַסט פאַרבעטן אויף אַ סעודה”... (דער אומעט, וואָס פלעגט זיך שטענדיק נאָך פאַרגנבענען)... קוהלת: — „ושבח אני את המתים שכבר מתו... וטוב משניהם את אשר עדן לא היה...” און בעסער פון זיי איז די, וואָס זענען אין גאַנצן נישט געבוירן געוואָרן און נישט געזען די ליכטיקע וועלט.

ס'הריזעט מיך, וואָס כ'בין נישט אין דער אַרמיי און טו גאָרנישט פאַרן לאַנד. פּונקט ווי איך וואָלט באַגנבעט עמעצן. אַז איך שלאָף כאָטש אויף אַן אייזערן בעטל... יאָ, מאָגער און האַרט, אָבער אונטער אַ דאַך און איך ווייס נישט פון דעם גהינום, וואָס טוט זיך אויפן פראָנט.

וועגן ייִדנפיינט: אפשר וואָלט געווען געזונטער זיך ווינציקער צוהערן. מיין אייגענע מיינונג וועגן ייִדישן פאָלק האָט דאָך אויך עפּעס אַ ווערט.

אַ בריוול פון קוויטקען (אויך פון קויבישעוו). געשמאַק, באַטעמט. ס'איז שוין נישט בערגעלסאָן. ס'איז אַ מענטש, וואָס פילט, אַז זיין ברודער איז אין אַ צרה. אויב ער האָט פאַר דיינעט וועגן אַן אויפריכטיקן וואָרט, שיקט ער עס גלייך. ער שרייבט, אַז „שכנים” וועט גלייך ווערן אָפּגעדרוקט. ער בעט איך זאָל שיקן אויך קינדער־זאַכן. ס'וועט זיך אָפּזוכן פאַר זייערעט וועגן אַ פּלאַץ.

אַ גאַנץ פיינער בריוו פון מיין שוועסטערקינד רייזלען, דעם פעטער צאַליעס. זי שרייבט: „אין דרויסן האָט זיך פאַרצויגן אַ גרויסע כמאַרע און די קינדער זענען אין פעלד”... איר קלענערער זון, דער ייִנגערער שוואָגער און אַ סך פלימעניקעס זענען אויף די פראָנטן. אין איר גרויס מענטשלעך האַרץ פאַרנעמט יעדערער פון זיי אַ בכבודיקן פּלאַץ.

נעכטן האָט זיך צו אונדז אַריינגעכאַפּט דער ייִדישער קיִעווער שכן, דער מיליטערישער זשורנאַליסט און סאָפּיע איזראַילעוונע. אויך די ווילנערין — מינאַ אַבראַמאָוונאַ...

---

* ס'איז מיר אַ בזיון, וואָס אין גאָט כ'האָב געגלויבט; כ'גלייב איצט אין גאָרנישט; יעדן טאָג אַרויספּרעסן פון זיך טראָפּנווייז דעם קנעכט.

קיין איין שלעכט וואָרט (וועגן ייִדן) נישט געהערט אין דער ריי. די „סוואָדקע" היינט אויך נישט געהערט. שוין אַ פּאָר טעג, אַז אין דרויסן זענען מסוכּנע היצן. ביילקע איז אַוועק עפּעס אָפּנעמען אויף די שפּייזקאַרטלעך. איך האָב ענדלעך איבערגעשריבן אויף ריין „דאָס ייִנגעלע מיטן מיידעלע"...

בין נאָר וואָס געווען מיט לייבעלען אין באָד. איז וואָס?... איז דאָ אין דעם אַ ביסעלע פרייד.

מיטן טאַטן פלעג איך גיין אין מרחץ אַלע פרייטיק פאַר נאַכט. ווען איז עס פאַרגעקומען? מיט וויפל יאָר צוריק?...

געזען היינט דבורהלען. זיך דורכגעשמועסט וועגן לייבעלעס באַציִונג. זי פאַרשטייט נישט. ערלעך, נאָר טעמפּ. און אפשר מאַכט זי זיך.

אויפן מאַרק — אַ גראַמילאַ. איך האָב געפרעגט ביי אַ פרוי, וויפל וועט זי ביי מיר נעמען פאַר אַ טייגלאַז, האָט ער זיך צוגעשטעלט, הייזעריק און אפשר שיכּור: „בעזשענצעס האָבן קיין געלט נישט. עוואַקויִרטע — האָבן!"...

הינדעלע און ברכהלע שרייבן, אַז זיי האָבן פון מיישקען אַ בריוו פאַרן 28סטן יוני. ער שרייבט, אַז זיי זעען די דייטשן פון יענער זייט יאַר...

## סע שטאַרבט זיך נישט

אין דער ריי נאָך ברויט. אַ פּנים חדשות — אַ שיין פּרויעכל — איז אַרויס מיט לשון. זי איז קליין און שיין מיטן בליק, מיטן מיילעכל, מיטן שטאַלט און מן־הסתּם אין צימער ביי איר זענען דער געלעגער, די ווענט, דאָס טישל אויך שיין און באַחנט. דאָס קולעכל קלינגט, ווי אַ זילבערן גלעקעלע. צייט האָבן מיר נאָך ביז די קראָם וועט זיך עפענען. אָט רעדט זי זיך פון סתּם זאַכן און זע, ווי רוסישע פירגאַרנדיקע זידלווערטער זענען איבערגעפלאָכטן נאַטירלעך אין איר שפּראַך, ווי אַ חנעוודיק סטענגעלע אין אַ מיידלשן צאָפּ. עפּעס קומען פאַר עוולות, וואָס זי פאַרטראָגט זיי נישט. איר הויפּט־אָפּאָנענטין, די מיטשמועסערין, אַ רוסישע דיקע מיטליאָריקע פרוי, דערציילט דערוויל, אַז זי וועט זיך דערשלאָגן אַן אינוואַלידן־קאַטעגאָריע. זי איז אויף „סאָצסטראַך" שוין זעקס וואָכן לויט אַ „בלאַט" (באַקענטשאַפט אָדער „צוגעשמירט"). איך האָב געציטערט און איבערגעקלערט, אַז בעתן דעשיפרירן איר געדאַנק, אַז „ביי אונדז" אין סאַראַטאָוו קען מען איצט אַלץ „קויפן" און „פאַרקויפן", זאָל זיך עס נישט ענדיקן מיט דער אויסטייטשונג — ייִדן, ייִדן, אַ פאַרפלייצונג פון גלאַטע געזונטע ייִדן. טאָן ווילן זיי גאַרנישט, און עסן, עסן זיי אויף דאָס בעסטע, וואָס די שטאָט פאַרמאָגט — אַ באַשולדיקונג, וואָס איז אַלט, ווי די וועלט, נאָר אמת איז דאָרטן דאָ אויפן שפּיץ מעסער. אָבער גאָט האָט מיך דאָס מאָל אויסגעהיט פון דער ייִדנקרענק.

אַזוי ווי אויף צו להכעיס עצהנען אַלע אַוועקפאָרן, אויב ס'איז נאָר דאָ אַ מעגלעכקייט...

דער בלינדער ייִד, וועלכן איך האָב נעכטן געפרעגט „ווען איז תשעה־באָב?", איז אויפגעשטאַנען און, מיך נישט זעענדיק, אַ פרעג געטאָן:

— איר זייט אַ ייִד?... איך בין פון אָדעס. קוים אַהער געקומען מיט דער טאָכטער און מיטן אייניקל... איצט, זאָגט מען, דאַרף מען שוין ווייטער פאָרן... ס'איז אַ ליגן?...

נאָך אַ קורצער הפסקה גיט ער צו:

— איך וואָלט שוין וועלן שטאַרבן — שטאַרבט זיך נישט... און ער צענעמט הילפלאָז בײדע הענט.

ביים אַרויסגיין פון קראָם מיטן אָפּגענומענעם ברויט, דערלאַנגט אַן אַלטינקע, וואָס גייט קוים, (זומער — אין וואַלינקעס), אַזוי ווי אַן חשק, אַ שטיקעלע ווייס צוגעוויגן ברויט אַ בעטלערין. יענע, די בעטלערין, ווינטשט איר לאַנגע יאָר.

— ווער אַנטשוויגן! שוין געַנוג מיט די „לאַנגע יאָר". איך קוק אַרויס אויפן טויט און קען זיך נישט דערוואַרטן, ווען וועט ער שוין קומען, רבונו־של־עולם!

די באַגעגענישן מיינע זענען ביידע טראַגיש און דערהויבן...

אַ שרייבערס פּרוי דערציילט פון קלאַנגען, אַז דעסניאַק, זימנין, קאַטשוראַ און נאָך אַ פּאָר באַקענטע נעמען זענען טויט.

— און אפשר איז עס נאָך נישט אמת, — ענדיקט זי.

איך דערקען זיך אַליין נישט: מיר זיצן און רעדן וועגן דעם מיט אַזאַ זומערדיק־פּוילבלעך צעצויגענעם נוסח, פּונקט ווי מע זאָל זאָגן, אַז „אוגערקעס האָט מען היינט געקענט קויפן אויפן „ווערכניעם" מאַרק צו 20 און צו 25 רובל וויפל דו ווילסט". פון וואַנען נעמט זיך אָט די אָפּגעטעמפּטקייט? די ידיעה וועגן טרובלאַיִניס טויט האָב איך אויפגענומען ווייטיקדיקער, וועגן טאַטאַרינאָוון — אויך, שוין נישט רעדנדיק וועגן גורשטיינען, ווינערן און פייגעלען...

חלומות זייער מאָדנע: איך פּרוּוו (מיט מיינע, צי מיט פרעמדע הענט) אויפ־רייסן היטלערן דעם פּיסק מיט די ציינער. איך וועל אים אָנשטאָפּן אין גאָרגל אַריין שמאַטעס אָדער פּויסטן און אַזוי וועט ער ביי מיר גיך און גרינג דערשטיקט צי דערוואָרגן ווערן. איך דאַרף עס מאַכן וואָס גיכער, ווייל מע קען נאָך מיך דערווישן ביי דעם און מיר איבערשלאָגן. די אַרבעט איז נישט פון די גרינגע. עפּעס חזרט זי זיך ביי מיר איבער עטלעכע מאָל, נאָר דער עיקר, וואָס ס'איז בגדר היכולת, מע קען עס דערגרייכן.

ביילקען קען מען נאָך ווידער שיקן אויף פעלדאַרבעט. ס'איז אי נישט גלייך, אי נישט צו דער צייט.

ערב תשעה־באָב איז טאַקע היינט און נישט נעכטן. אַכטער טאָג אין אָב

פאַר נאַכט — איך געדענק נישט מע זאָל אַזוי זאָגן. „ערב תשעה־באָב פאַר נאַכט" — דאָס פאַרשטייען אַלע.

פון קוסטאַניי שרייבט מען מיר, אַז ליפע פאָרט ערגעץ אַרויס און קומט צוריק. שוין עטלעכע מאָל אַזוי. אַ מאָל קלעפּט זיך צו אַ וואָרט. פונקט אים, ליפען, גלוסט זיך מיר עפּעס זאָגן וועגן די „בנות ציון העדינות".

דאָס ערשטע קאַרטל פון רחל דאָבין. שמעון איז געפערלעך קראַנק. זי איז אויך גוט קראַנק: ציגנגאַ... לאהקע (זייער שוועסטער) איז טראַגיש געשטאָרבן דעם 7טן מאַרץ ערגעץ אין גאַס, און זיי האָבן זי צו קבורה נישט געבראַכט.

דאָס קאַרטל איז פאַרן 8טן יוני (?!). זי שרייבט: „ווען מיר האָבן ערגעץ אַ באַקענטן פליִער אויף צו שיקן איר משפחה עפּעס עסנוואַרג. זיי קריגן דערנערונג, נאָר זיי זענען צו פיל אויסגעצערט, אַזוי אַז דער ראַציאָן שפּייז איז זייער קליין".

געוועזן היינט ביי דבורהן, ביי די טראָשטשענקעס. זי פירט מיט מיר ליטע־ראַרישע שמועסן. זי האָט אַ שטיקל שייכות צום היגן פאַרלאַג. אפשר וועט מען קענען דורכפירן אַ קליינע קינדער־זאַמלונג. זי וועט אויך העלפן ביים איבערזעצן.

## אַ שיינער שטאַלטנער ייִד

דרייסיק טעג אין יוני. מע האָט געמאָלדן, אַז מ'האָט פאַרלאָזן ראָסטאָוו און נאָוואָטשערקאַסק. די פרויען אין דער ריי פילן זיך שטאַרק געטראָפן. מע זעט עס אין זייער צוגעשטילטקייט, אלמנהשאַפט און פאַריתומטקייט. ווו ס'שוין דאָ, און ווו מע איז אָנגעשראָקן, אַז ס'האַלט שוין דערביי.

איך כאַפּ זיך אָפּט ביים געדאַנק, אַז איך אַליין קוק שוין אויף ייִדן נישט בעסער, ווי ס'טוען עס מיינע שכנים אין דער ריי — די קריסטן. סע פאַרדריסט מיך די מינדסטע עוולה: נישט אַזוי געזאָגט, נישט אַזוי גערעדט, נישט אַזוי געפירט זיך. פונקט ווי מיר זענען ווירקלעך די ערגסטע און די געמיינסטע, אָדער די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכסטע, וואָס זענען מער, ווי ווער ס'איז, מחויב צווישן מענטשן אויף דער ערד.

אַ מאָל פאַרוואָרף איך אַפילו שטיל אַ וואָרט אין דער ריי (אין מאַמע־לשון) צו אַ צווייטן ייִדן און גיב לאַקאָניש צו פאַרשטיין, אַז מיר דאַרפן זיך נישט וואַרפן יענעם אין די אויגן... אין אמתן איז מיר אָבער דער ייִדישער מענטש לייבלעך נאָענט און אייגן. דער אייגנסטער!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט נעמט מרדכי דובין:

אַ שיינער שטאַלטנער ייִד. אין אַ וואָכעדיק רעקל. אַ בערדל, וואָס קליידט אים. שיינע אויגן. אַ ווײלע שטים. עטוואָס העכער פון מיר אין וווקס.

ביי די איסערסאָנס אין הויף, ביי דער זייט, אין אַ קליין שטיבל, וווינט אַן אַלט פּאָרפּאָלק. איך טרעף דאָרט אַ מאָל אַן אַלטן ספר, אַ פּאָר קופּערנע לייכטער אויפן פֿאַרשפּרייטן טיש אום שבת (אַפילו נאָכן שלאָף). פּשוטע מענטשן דער אַלטער און די אַלטע. ער איז אַ מוליער — מאַכט אויוונס. אַ מאָל רופט מען אים נעכטיקן לעבן אַ טויטן (איך ווייס נישט צי אומזיסט, צי פֿאַר געצאָלטס). ער זאָגט זיך נישט אָפּ. איך שמועס מיט זיי אָפּט, אַ מאָל מיט אים, אַ מאָל מיט איר. זיי זענען היגע אַלטגעזעסענע מענטשן. אויך ביי זיי אין די אויגן האָבן מיר, די עוואַקויִרטע, אַ שטיקעלע בייטעם, נאָר דאָ איז פֿאַראַן רחמנות אויך און גרייטקייט פֿאַר אונדז איינשאַפֿן אַ גמילות־חסד אויך.

אָט דער אַ שיינער שטאַלטנער ייִד, וואָס איך האָב נאָר וואָס דערמאָנט, האָט זיין ערשטע באַקענטשאַפֿט געמאַכט דאָ אין סאַראַטאָוו טאַקע מיט מיין באַקענטן אַלטן פּאָרפּאָלק.

דער ייִד איז אַליין פֿון ריגע. ווייזט אויס, אַ פֿאָרנעמע געזעלשאַפֿטלעכע פֿיגור. אַז מיר האָבן לעטלאַנד פֿאַראייניקט צו אונדז, האָט מען זיך אָפּגערייניקט פֿון אונגעזעענע רייכע לייט, פֿון פֿאַרשיידענע קעגנערישע פּאַרטייליַיט און דאָס גלייכן. צווישן דעם דאָזיקן סאָרט מענטשן ביי דער ייִדישער באַפֿעלקערונג איז דער דאָזיקער מרדכי דובין אויך געווען אַרעסטירט. אַז ריגע האָט געהאַלטן ביי פֿאַלן, האָט מען פֿיל אָנגעזעענע אַרעסטירטע אָפּגעפֿירט קיין מאָסקווע. ווען מע האָט פֿיל אָנשטאַלטן גענומען עוואַקויִרן פֿון מאָסקווע, האָט מען אַ טייל פֿון דער תּפֿיסה אַריבערגעפֿירט קיין סאַראַטאָוו... צי לאַנג, צי קורץ, צי אַ סך, צי ווינציק — אין איינעם אַ פֿרייטיק צו נאַכטס האָט מען מרדכי דובינען אַרויסגעלאָזט פֿון טורמע מיטן תּנאַי ער זאָל אָן קיין דערלויבעניש פֿון סאַראַטאָוו נישט אַרויספֿאָרן און פֿון צייט צו צייט קומען אין אַ געהעריקן אַנשטאַלט זיך אָפּצומערקן.

מרדכי דובין האַלט זיך ביי ייִדישקייט, היט אָפּ כּשרות. נו, גוט, ווייסן מיר. איז ער אַרויס אויף דער פֿריי אין אַ טונקעלן פֿרייטיק צו נאַכטס אין אַ פֿרעמדער שטאָט... וווּהין גייט מען? — וווּהין ס׳וועט זיך מאַכן.

האָט ער אָנגעקלאַפּט אין איין טיר, אין עטלעכע היפּן אַרום — אָנגעקלאַפּט אין אַ צווייטער טיר. אין אַ גאַס אַרום, ווייטער ערגעץ אָנגעקלאַפּט, ביז ער האָט געטראָפֿן צו מיין באַקענטן אַלטן פּאָרפּאָלק. זיי האָבן נישט אָן מורא אַריינגעלאָזט אַ פֿרעמדן מענטשן. זיי קוקן איםביידע אָן.

ער האָט, קענטיק, דערזען די לייכטער אויפֿן טיש און דאָך אַ פֿרעג געטאָן (צום ווײפֿלסטן מאָל היינטיקן אָוונט) זיין געוויינלעכע פֿראַגע: וווינען דאָ ייִדן?...

— יאָ, ייִדן, — ענטפֿערן די אַלטינקע.

ער האָט נישט באַוויזן זאָגן „גוט שבת”, ווי ער איז אַן אויסגעמאַטערטער געפֿאַלן אין חלשות.

זיי האָבן דאָך אַ דאָקטער אין הויף. אַזוי צי אַזוי, מען האָט אים אָפּגעמינטערט און ער איז געקומען צו זיך. ער האָט זיך איינגעוואַשן, מקבל שבת געווען, איבער־געביסן, דערציילט, וואָס און ווער ער איז און ער האָט שוין דאָרטן איבערגע־נעכטיקט.

שבת אין דער פרי אין שול האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן אַ פאַר־שטעלונג, וואָס אַזאַ מרדכי דובין שטעלט מיט זיך פאָר. דערצו האָט ער בלב שלם (מיט אַ ריין און גאַנץ האַרץ) מבטיח געווען, אַז ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וועט ער קיין בעל־חוב דער שטאָט נישט בלייבן. ער האָט אין ענגלישן באַנק אַ קליינעם פאַרמעגן. מע האָט אים געדונגען אַ צימער און מע האָט אים יעדע וואָך אַריינגעטראָגן געריום אויף דער הוצאה.

אָט דעם מרדכי דובין האָב איך איין מאָל באַגעגנט ווי ער גייט איבער אַ שטילער גאַס מיט אַן אָפן תהילימל אין האַנט. צי ער קוקט אַריין, צי ער זאָגט אויף אויסנווייניק, האָב איך נישט געכאַפּט, נאָר איך האָב מיט אים פאַרפירט אַ שמועס און אים אַ פרעג געטאָן צווישן אַנדערס, צי ער שפּילט אין שאָך. ענטפערט ער מיר: „דרכי סך בסוכים" (מיין וועג איז פאַרצוימט מיט דערנער)...

אַוודאי וואָלט עס פאַר מיר געווען אַ טייערע חברשאַפט. אָבער איך האָב געהאַט אויף זיך רייען פון ברויט, פון שפּייז, פון ברענגען מיטאָג. איך האָב געהאַט אויף זיך אַ הכבדה פון גאָרנישט נישט טאָן, לעם גאָרנישט נישט זיין. און חוץ אַלע זאַכן בין איך אַלע מאָל אָפּהענטיק ביי זיך. סיידן אויסרעדן מיט אים אין גאַס אַ מאָל אַ האַלבן וואָרט, אַ מאָל אַ וואָרט.

איין מאָל האָב איך ביי אים אין אַ זומער־בייטאָג אַראָפּגענומען אַ „מיאוסקייט" פון קאָלנער. נאָר כדי אים נישט מבייש צו זיין, האָב איך אים געזאָגט, אַז עפּעס אַ זשוקעלע קריכט דאָרט אַרום. אָבער פאַרן האַרצן פאַרנעמט: אַזאַ שיינע זאַך, אַזאַ איידלמאַן איז עלנט און נישט צוגעזען...

כ'האָב זיך צופעליק געטראָפן מיט אַ ריגער בחורל. ווייַ, ווייַ, וואָס ער דערציילט זיך אָן וועגן דעם דאָזיקן ייִדן. ער איז גרייט קושן דאָס זאַמד אויף וועלכן יענער האָט געטראָטן. אַ כלל־טוער פון דעם שענסטן מין. אַ גוט האַרץ אויף חידושים. ער איז אַ כבוד פאַרן נאָמען מענטש.

מיר איז געווען ליב צו הערן. מע האָט פאַר אים דאָ סיי ווי שיינעם דרך־ארץ. מע היט אים אָפּ מיט אַ דירה, מיט כשר עסן, אָבער אַז ס'קומט צו פון מאָל צו מאָל אַ לעבעדיקער עדות, פעסטיקט זיך מערער די גוטע מיינונג וועגן אים און דו ווערסט ביי זיך רייכער, פעסטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין בלאַט איז היינט דאָ אַלץ: מערדערייען פון די ווילדע חיות, איין מאָל און צען מאָל, „וסעאָבוטש", „אובאָראָטשנע", רעגיסטרירן שרייבמאַשינקעס, קובאַן,

וואָלגאַ־דאָן... אַ גרויסע מהומה, אַ מיתה־משונה זאָל אָנקומען אויפן דייטש. טאַטעלע, וואָס זאָגסטו? קיין צען לעבנס לעבט מען נישט??? אויף רוסיש באַקומט זיך עס בעסער:

„Двум смертям не бывать, одной не миновать“. *

אַלץ איז ריכטיק. אָבער דאָס איינע קליינע לעבן אָפּלעבן מעג מען דאָך? און די קינדער דערפירן צו אַ וועג דאַרף מען דאָך?!

ביילקע... לייבעלע... און דער גענינקער הערשעלע איז שוין אין די אָקאָפּן!...

וואָס איז ביי איצטיקער צייט ווערט מער פון אַ גרינגן טויט? פאַר זיך אינדיווידועל — אויף מיין מאָס. איך האָב שוין אָפּגעטאַנצט 46 יאָר. צי דען איז עס אַזוי ווינציק? אמת, טאָלסטוי האָט געשריבן אַ יאָר זעכציק. אָבער פּושקין האָט געלעבט זיבן־אַכט און דרייסיק. בלאָק — פערציק. לערמאָנטאָוו — אַ יאָר 26. יעסענין — ווינציק, מאַיאַקאָווסקי — ווינציק. דאָבראָליובאָוו, גריבאָיעדאָוו, בעלינסקי, גנעסין, — מענטשן, וואָס כ'וועל זיך קיין מאָל נישט דערלאַנגען צו זייער קנעכל... נו, הקיצור, איך האָב היינט געזען דורכגיין אַ גליקלעכן מענטשן מיט איין האַנט — דער לינקער (רייך אָנגעטאָן). אויב ער האָט אָפּגעגעבן אַזאַ חלק דער מלחמה, דאַרף אים שוין קיין געוויסנס־ביסן נישט מוטשען. אמת, ווער וועט אים קאַווירן, אַז די מלחמה און דער דייטש וועלן אים איבערלאָזן אַ לעבעדיקן, אויב זיי וועלן אַהער אויך דערלאַנגען?

דבורה איז געקומען אומגעריכט אַהיים. מע האָט מיט אַ מאָל אויסגעשריבן די גרעסטע טייל חולאים. מע דאַרף אַהין לייגן די פאַרוווּנדעטע. (אפשר היגע — פון די באָמבאַרדירונגען?).

איך גיי פרי שלאָפן. ביי נאַכט דאַרף איך אויפזיין אין דרויסן.

איך קום אָן צו איטלעכן נאָך טובות, אַפילו צו דער קאַסירשע נאָך נאָך אַ צוגאָב־טאַלאָן אויף אַ פּאָרציע זופּ. איך דאַרף אַ סך גוטע מענטשן. אין מיין אייגענער גוטסקייט (צי זי איז דאָ, צי נישטאָ) בייטיקט זיך איצט ווינציק ווער. וואָס קען מען פון מיר האָבן? „דלות, מאַך לאָקשן... — נישטאָ קיין אייער...“

שפּעט ביי נאַכט געענדיקט לייענען טאָלסטאָיען און טשערטקאָוון. אַריינגעקוקט אין ש. גאָרעליקס „ליבע פּראָווינץ“ — אָט דאָס איז מיין ניוואָ! כאָטש אויך ער שטייט אין אייניקע פּרטים העכער פון מיר.

שלאָף, ברודער, שלאָף, כּל זמן די „זעניטקעס“ פּיקן נישט און דער פּאָגראָמשטשיק איז נאָך נישט אָפּגעלאָזן פון דער קייט... אָפּט פאַרגעס איך, אַז דער דייטשישער סאָלדאַט איז אויך מער נישט, ווי בלוט און לייב, און אַז ער פאַלט אַ טויטער, פאַלט אויך פאַר אים איין אַ וועלט.

---

* צוויי טויטן זענען נישט פאַראַן, איינעם — מיידט מען נישט אויס.

פון הערשעלען דעם געליבטן זענען דאָ בריוו. ווו זענען איצט מיישקע, הער־שעלע דער גרויסער, גדליה ?...

## מיר זענען שוין אַריין אין אויגוסט

מיר זענען שוין אַריין אין אויגוסט.

אַז איך לייג זיך און שטיי אויף און בין נישט קראַנק מיט קיין מרה־שחורהדיקע מחשבות, זאָג איך „אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען".

בריוו פון האָפשטיינען און פון כאַסקלען. פאַרשטייט זיך, איינס נישט געראָטן אינעם אַנדערן.

פּאַגראָמען, קאָשמאַרן קריכן עפּעס אין קאָפּ אַריין. געזען אין דער פאַרשטעלונג ווי אַזוי קאַליקעס, מלחמה־אינוואַלידן (צום באַדויערן, אַ גרויסע גערעטעניש אויף זיי) יאָגן זיך נאָך מיר מיט זייערע קוליעס און שטעקנס. פּלוצעם ווער איך „משוגע", קערעווע זיך אויס, כאַפּ אַרויס ביי איינעם פון זיי דעם שטעקן און הייב אָן כמאַליען, שפּאַלטן קעפּ, ביז איך פאַל ענדלעך אָ טויטער. נאָר מענטשן חידושן זיך און ווייסן נישט, פון וואַנען האָט זיך צו מיר אַזוינס גענומען. אין אַזעלכע מאָמענטן גייט דאָך אָן נאָר איינס: — אַנטלויפן, זוכן אַ באַהעלטעניש...

צו די חברים שרייב איך, אַז איך בין מעלה־גרה כל־זמן ס'איז דאָ וואָס צו קייען און דער בויך טוט נישט וויי.

סאָפיע איזראַילעווגאַ בריטאַן (פרייערמאַנשע) דערציילט נישט שלעכט שטיי־גערזאַכן און מאָמענטן פון איר אַרבעט. אַז ס'איז נישטאָ קיין וויכטיקערע אַרבעט, הער איך זי גערן.

דער זומער איז נאָך נישט אַוועק, נאָר פונעם ווינטער דאַרף מען קלערן. די מוראַשקע האָרעווען און גרייט, איך אָבער בין פאַרנומען מיטן געדאַנק: איך פילאָ־זאָפיר — צי וועלן מיר נאָך דערלעבן דעם ווינטער ?

זיך באַקענט מיטן מאָסקווער יידישן קאָמפּאָזיטאָר וועפּריק. זיי זענען דאָ אין צווייען — ער און זיין פרוי. זי זעט אויס געשטעלטער, עטוואָס עלטער פון אים. ער איז עפּעס ייִנגלש, מלמדיש. און דאָך איז מיר מיט זיי עפּעס נישט שלעכט. געהערט פון זיי האָב איך שוין פריִער אויך. זיי ווינען אין צוזאַמענוווינונג פון קאָנסער־וואַטאָריע. דאָ שלאָפן זיי (זיי האָבן אַליין אַ צימערל) און דאָרט, אין דער גאַנצער געביידע, שפּילט מען אויף פאַרשיידענע כּלים. זי ווייזט מיר אַרויס אויפמערקזאַמ־קייט, אַפילו פרוייִש־מאַנצבילשע. איך מיסברויך נישט מיט דעם צו שטאַרק, נאָר ס'איז מיר גרינגער אויפן האַרצן. ער עצהט זיך מיט מיר אָפט וועגן אַ יידישן פאָלקסליד. רעדן רעדט ער רוסיש. און יידיש אינטערעסירט אים. ביי מיר קען ער זיך עפּעס דערוויסן.

שלאַכטן קומען פאַר ביי צימליאַנסקע, קלעטסקע, סאַלסק. (פאַנין האָט אונדז אַ מאָל געוויזן, אַז דאָס פאָרן מיר דורך די סאַלסקער סטעפּעס.)

מיט מיין „ייִדענע” קריגן מיר זיך דריי מאָל אַ טאָג. דערנאָך גייט עס דורך און מע איז צווישן זיך נישט ברוגז. פון דעסטוועגן האָט מיך פאַר עפּעס גאָט גע־שטראָפט.

ביים מיטאָג אין גאָרקיך אויסגעטרונקען. מע האָט היינט געגעבן פאַר קליינגעלט בראָנפן. מיר האָבן איצטיקס מאָל נישט געהאַט קיין פלאַש אויף מיטנעמען די משקה מיט זיך (צו פאַרקויפן) און איך האָב אויסגעטרונקען אַ היפּשע כּוסע. מזל־טוב, בין איך אַ ביסל האָצלדיק און דרייסט.

היינטיקן חודש איז פּייגעלעס יאָרצייט.

טאָמער פעלט דיר אַ בילד אויף חידושים, טרעף איך עס אין גאָס: ביי די 20 עגלות מיט ייִדישע משפּחות — אָריאָלער, וואָס פאָרן איצט פון וואָראָניעזשער געגנט, דערווייל אין סאַראַטאָווער געגנט. אחינו בני ישראל!... צווישן זיי געזען מיידלעך, ווייבלעך, קינדער, אַלטע ייִדן. מע זיצט, ווי איינגעהויטעטע. דאָס פאָרן איז שוין פאַר זיי קיין נייס נישט... נו, זאָל גאָט העלפן!... ווו פאַשען זיי די פערד?... צי איז דער וועג נישט פאַרבונדן מיט קיין פּחדים?...

פערד און וועגן זענען, ווייזט אויס, קאָלווירטישע, וואָס דאַרפן נישט פאָרן צוריק. זיי ווען זיך אָפּשטעלן מיט די מענטשן צוזאַמען.

אויף זייער בריגאַדיר זאָגן זיי, אַז ס'איז אַ משיח. פאַר וואָס בין איך מיט מיין משפּחה אויך נישט צווישן זיי? — ויסעו, ויחנו!... די ברכה פונעם קאָלעקטיוו וואָלט אונדז געקרעפטיקט.

פון דער ערשטער רגע בין איך גרייט געווען זיך אָנפילן צו זיי מיט מיטלייד: מענטשן — משפּחות גאַנצע — זענען פאַרצווייפלט, אויסזיכטסלאָז. צום סוף זענען זיי (אין גאַנצן אומדערוואַרט פאַר מיר) רויִק, נישט פאַרלאָרן, און די אומבאַקוועמ־לעכקייטן פון דער נסיעה?... ס'איז אַ קלייניקייט, זיי ווייסן ווּהין מע פאָרט, זיי ווייסן, וואָס סע שטייט זיי פאָר. אַרבעט איז עסן. זיי זענען נישט אויסגעשטעלט אויפן גליקלעכן, אָדער אומגליקלעכן, צופאַל... איז אַ דאַך איבערן קאָפּ, איז אַ נוץ פאַר זיך און פאַר יענעם, איז אַ צוזאַמענבונד פאַר דער משפּחה... טייערע שוועסטער! טייערע קינדער! די סאַראַטאָווער גאַסן זענען פאַר אייך אַ האַלבע שעה, אַ שעה, דערנאָך — ווייטער פעלד, וועגן און וואַלדשליאַכן, דערפער און שטעטלעך, און ווייטער פאַשען די פערד, און אַליין עפּעס איבערבייסן און אויסגלייכן די אברים. איך וואָלט וועלן, אַז דאָס דאָזיקע בילד זאָל זיך באַזעצן אין מיין זכּרון אויף לאַנג!

דורכגעפאָרן אַ לאַסטמאַשין מיט רויטאַרמייער. זיי זינגען מיט יונגע הילכיקע קולות דאָס ליד „האַליאַ”... הלוואַי אין פריידן!...

מענטשן מיינען, אַז אונדזער האַלטן זיך דאָ איז קאַטאַסטראָפיש. און מיך רירט

קיין קויל נישט. צי בין איך בלינד אָדער פאַרבלענדט, אוכל ושותה כבני אדם; (פרה ורבה — נישט. ס'זענען דאָ געווגג מניעות). אין דרויסן שטייען גרויסע היצן, כאָטש ס'איז שוין אויגוסט. די טעג זענען שוין אַ סך קירצער געוואָרן.

מיט דבורהן שוין באַלד אַ מעת־לעת, אַז מיר קריגן זיך נישט. אַ דערגרייכונג. מיר זאָלן כאָטש קיין עין־הרע נישט געבן. מיר זעצן מיט איר איבער „אַ ייִנגעלע מיט אַ מיידעלע" אויף רוסיש. אפשר וועט מען עס ערגעץ קענען אָפּשטעקן.

אַ גרויסער בריוו פון נאָוואָזענסק. דער ליבער בער מאַרק. זיך געראַטעוועט פון פוילן. ער וווינט אין אַ הילצערנער האַלבער שטוב מיטן וויב און מיט דער באַלעבאָסטעס ציג און נאָך אַזעלכע „באַקוועמלעכקייטן". דערווייל באַנוגנט ער זיך. בלויז וואָס מיטן געזונט איז נישט אַלע מאָל בשלום. דער בריוו איז זייער געשמאַק. אפשר איז עס אַ צושטאַנד פון „כנוח רוח' ה' עליך", אַ מין רעוויו איבער דער סאָוועטישער און פויליש־אַמעריקאַניש־ליטווישער ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט ליב די שעפער פון דער ליטעראַטור, ער האָט ליב און דינט דער ליטעראַטור. מערער איז ער אַ געשיכטע־קענער, נאָר ער איז אויך אַ ייִדיש און ייִדישקייט־קענער. זאָל ער אונדז זיין.

אין דער „סוואָדקע" רעדט זיך שוין וועגן אַרמאַוויר — אונדזער פאַראַיאָריקער אַנטרינונגס־טרוים. ס'פאַרנעמט פאַרן האַרצן. ווען מען זאָל קענען אים נישט צולאָזן צו דעם זאַטן קאַנט.

## גאָט, מיין גאָט, פאַרזוך מיין קאָמפּאַט!

אַז מען האָט מיר אָנגערופן די ריכטונגען קראַסנאָדאַר און מייַקאָפּ, איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן: אָדער איך בין עפּעס שולדיק אין דערינען, אָדער איך אַליין שטעק אין מיטן דער סכנה.

מיינע ווילטוערס, די דידענקעס פון לאַבינסקאַיאַ, גאָט ווייסט, וווּ זיי זענען איצט. זייער ערשטע היימשטאָט איז דאָך מייַקאָפּ.

אין אַלעם איבעריקן איז דער פרימאָרגן געגאַנגען געוויינלעך.

דער אַלטינקער מאַלוי האָט מיר דערציילט, מיט וואָס פּאַר אַ האַרצקלאַפּעניש ער האָט געהערט מיט מענדעלען וועגן זיין פּיעסע „באַרווינטשיכע". דאָס האָט געמוזט זיין מיט גוטע 40 יאָר צוריק. פאַר אַ נאַש־בראָט איז אַזאַ קלייניקייט אויך אַ געווינס: דאָס, וואָס דער „זיידע" האָט אים געזאָגט מיט צענדליקער יאָרן צוריק, האָב איך אים איצט געזאָגט. איך האָב אים אָנגערופן די קאַבאַנאָוואַ פון אָסטראָווו־סקיס „גראָזאַ". ווייטער האָבן „מיר" אים געזאָגט, אַז ביינעס אָוועקגיין פונעם מאַן איז צו אַ גרינגער. אין דער ווירקלעכקייט מוטשעט זי זיך דאָס גאַנצע לעבן.

דער אַלטינקער הערשל מאַלוי נעמט מיך אויף האַרציק, וואַרעם און אויפ־

ריכטיק גוט. זיין ווייב (יושקעוויטשעס שוועסטער) איז העכער פון אים אין וווקס. אויך געגוג געלערנט. האָט ווינציק צייט צו מיר זיך אָפּרופן. אויף איר ליגט מערער די באַלעבאַטישקייט און מע דאַרף צוזען דאָס אייניקל.

אויף צוריקוועגס פון זיי האָב איך געקלערט וועגן רבקה רובין, וועגן דעם לירישן זעליק אַקסעלראָד, וואָס איז אומשולדיק יונג אַוועק פון דער וועלט. מע שפּילט זיך מיט דיין לעבן, ווי מיט אַ נישטיקן מילבעלע. אויף אַן אָפּגעריבענעם צעבויגענעם גראָשן לייגט מען מערער אַכט.

באַגעגנט דובינען. דער ייִד איז מיר גוואַלדיק ליב. אַזאַ איינער איז אַ טרייסט און אַ כּבוד פֿאַר זיין פֿאָלק און פֿאַר יעדן איינעם פון אונדז.

ביי נאַכט איז געוועזן אַן אַליאַרעם, וואָס האָט זיך גיך געענדיקט.

שוין אַ סך געלע בלעטער אויפן פליושטש, וואָס אונדזער לענגעכיק הויפל איז מיט אים באַזוימט. טאַקע גאָר אַ סך.

די דרויאַנס האָבן אַריינגעלאָזן צו זיך אַ שכנה, אַ יונגע. איר מאַן איז, זעט אויס, אַ נאַצמען, אַ גוטער מיליטער־דאָקטער. זי איז ליב, זאָרגלאָז, און צעפּעסטעט, וועראַ אַלעקסאַנדראָוונאַ. זי גיט אונדז פאַר לייבעלעס וועגן אַ גלעזל קאַווע, און אויך קאַשע, וואָס בלייבט ביי זיי פונעם מיטאָג (געקעכטס טראָגט מען זיי פון שפּיטאָל). זי איז אַ ווייל יונג ציגל. זי האָט צייט און געמיט מיט אונדז צו שמועסן. האָבן מיר איר געזאָגט אָפּן: — „שעמט זיך נישט (אונדז צו געבן, וואָס ס'ווערט ביי אייך נישט פאַרברויכט). מיר שעמען זיך אויך נישט". פון דעסטוועגן דערמאָן איך זיך נישט איין מאָל פון דער מלאכטעס קינדער, אונדזערע שכנים אין סלאָוועשנע, וואָס פלעגן קומען צו אונדז מיט אַ כּלי נאָך אַ ביסעלע זויערמילך, נאָך אַן אָקראַיִעץ ברויט. און דער מלאכטעס וואָרט איז ביי אונדז געבליבן אויף שטענדיק:

— „גאָט, מיין גאָט, פאַרזוך מיין קאָמפּאָט, וועסטו וויסן, וואָס פאַר אַ טעם ער האָט"...

און... ס'איז נאָך אויך נישט דאָס ערגסטע. איך גיי מיט די טעפּלעך געקעכץ פון גאָרקיך און קלער, אַז איך וויל נישט מע זאָל מיך דורכטרייבן פון דאַנעט. וואָס ס'זאָל דאָ נישט זיין, זאָל עס כאָטש נישט ווערן ערגער.

דבורה האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע מיך עסן, ווי זשאַווער עסט אייזן. זי האָט שוין אויף דעם שיינעם פּנים — אַן אָפּגעצויגענע שקאָפּע. נאָר זאָל איר גאָט העלפן. איך וועל זיך באַמיִען מיט אַלע כּוחות אויף איר נישט טראָגן קיין כּעס. ס'לעבט זיך איר נישט זיס.

נישט געשריבן. נישט געלייענט. אַוודאי איז עס אַזאַ חולשה — העלף מיר גאָט!

נעכטן באַגעגנט חייקען (האָפּשטיינס ייִנגסט שוועסטערל) מיט אַ שוועגערין. זיי זיצן שוין עטלעכע טעג אין האָפן. זי פאָרט קיין אופאַ. איר יונג פּנים האָט אַ ציטער געטאָן און פון די אויגן האָבן מיט אימפּעט אַ גאָס געטאָן זייער שיינע

פערלדיקע טרערן. וואָס איז? — איך באַשולדיק!... — איך האָב אומגערן אָנגערירט זייער אַ ווייטיקדיקן אָרט. איך האָב געפרעגט אויף דער מוטער, וואָס „זי האָט אונטער איר ברוסט עלעף געטראָגן"... אַ שיינע אויסגעהאָרעוועטע מוטער, אַ קלוגע ייִדענע, אַלטע האָפּשטיין (פון מיידלווייז כאַלאַדענקאָ). זי איז קענטיק געבליבן צוזאַמען מיט די צענדליקער טויזנטער קרבנות אין קיִעוו... עקיבא, איינער פון אירע ייִנגסטע זין, איז געווען נישט ביים פולן זינען. מיטנעמען האָט זי אים נישט געקענט, איבערלאָזן אַליין — נישט געוואָלט...

מייקאָפּ איז טאָקע אָפּגעגעבן. דער געלינקער שרייבט, אַז ער פאָרט אויפן פראָנט. כאָטש ער שרייבט אויפגעהאַלטן, פילט מען, ווי די ליפּעלעך ציטערן ביי אים. אי לויט די יאָרן, אי לויט אַלץ דעם איבעריקן — אַ קינד, און נאָך אַ צאַרט קינד, נאָר דער ווּקס איז ביי אים נישקשה. דער פאָטער איז אויך געווען העכער פון מיטעלן ווּקס.

בריטאַנשע קלערט אויך וועגן אַוועקפאָרן, און איך קלער שוין וועגן גאָרנישט. אויב דאָס וואַסער וועט דערגיין ביזן האַלדז, וועט מען דאַרפן מאַכן אַליין אַ סוף און געענדיקט. אמת, ס'רעדט זיך גרינגער, ווי ס'טוט זיך.

די נעכט זענען קאַלטע און די גאַנצפריִען — אויך. אויב ס'וועט אויסקומען ערגעץ פאָרן, אַז ס'וועלן זיך אָנהייבן די קעלטן, וועלן מיר טאָקע ליגן גוט אין דער אדמה.

אַזוי שוין 14 חדשים מלחמה ביי אונדז אין לאַנד. די טעג האָב איך געקלערט: איך וועל רויִק זיך באַשטעלן אַ קבר. די אויסגעגראַבענע ערד זאָל ליגן אויפגעפּאַסט אויף אַזאַ גרויסן פּירעקיקן לאָדן. איך לייג זיך אַריין אין קבר, נעם אַרויס פון קעשענע אַ צוקערקע, לייג אַריין אין מויל, טו אַ צי פאָרן שטריקל און דער לאָדן מיט דער ערד קערט זיך גרינג איבער, פאַרשיט מיך און דעקט מיך צו אויף אייביק. אי גענומען זיך ס'לעבן, אי אַ קבר אויסגעקליבן פאַר זיך אַזאַ, ווי איך וויל, און דאָס וויכטיקסטע — קיין זייטיקע זאָלן מיך נישט זען נאָכן טויט און זיך נישט מיאוסן פון מיר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'האָלט זיך ביי אונדז אויף אַ בעסאַראַבער שריפטשטעלער, אַ ייִדישער. זיין איצטיקער ווינפלאַץ איז אַ פּראָווינץ־שטאָט, וואָסערע 70 ווערסט פון דאַנעט. זיין ווייב איז אַ מעדיקער און ס'לעבט זיך זיי מאַטעריעל נישט שלעכט. ער איז טויבלעך, נישט יונג און גענוג משוגע. זיין איינציק טעכטערל וועט זיך לערנען דאָ אין אוני־ווערסיטעט. ער נעכטיקט ביי אַ שכן. אַז ער רעדט מיט די ראַיאָנע מאַכט־פאָר־שטייער, קלאַפּט ער אין טיש און דערווייזט זיי מיט היץ: „יאַ ניע פּיסאַטיעלישקאַ!

יאַ פּיסאַטיעל".* (איך בין נישט קיין שרייבערוקל. איך בין אַ שרייבער). ער איז טאַקע זייער אַ באַגאַבטער שריפטשטעלער און אַן ערודיטער מענטש. ער האָט אַלגעמיינע יידישע קענטעניש. ער איז אין אַלץ געדעכט. נאָר ביי מיר זעט עס אויס טראַגיקאָמיש. איז זאָג אים (כאָטש מיר זענען נישט נאָענט באַקענט), אַז גאָרקי איז געווים נישט קיין שרייבערוקל, נאָר איך שטעל זיך אין קיין פאַל נישט פאָר ס'זאָל זיך ביי אים עפענען דאָס מויל און ער זאָל מיט ווערטער — נאָך מיט אַזעלכע ווערטער! — ווענן איבערצייגן זיינס אַ גלייכן...

היינט איז ברכהלעס מיזינקעלע, דער פּיצינקער ליובוניעס, געבורטסטאָג. דאָס מענטשעלע איז שוין אַלט אַ יאָר. אין געדאַנק בין איך דעם 20סטן אויגוסט אַ גאַנצן טאָג געווען מיט די קינדער צוזאַמען.

איך האָב געזען מיט עפּעס פאַרשענערן אונדזער טיש אויף היינט. בין גרייט געווען אָנגיסן אַ גלעזעלע סיטראָ און טרינקען צו זיך אַליין לחיים. מיר איז געווען אַ חידוש, וואָס איך האָב נישט באַגעגנט ביי מיינע שטוביקע קיין מיטגעפיל אָדער מיטשטימונג. אַפילו בייביילקען נישט.

פון פייגע האָפּשטיין אַ ליב קאַרטל. דערנאָך פון האָפּשטיינען אַליין זייער אַ צוגעלאָזט קאַרטל. סע צעגייט זיך אין אַלע אברים.

בליומע האָט מיר צוגעשיקט אַן „אייניקייט", נומ' 5.

פון אַנע פּיאַטיגאָרסקי אַ שווערער בריוו. זי איז קראַנק און זאָגט אָפן: „שרייבט גיכער, אויב איר ווילט איך זאָל נאָך אייער ענטפער באַקומען"... ס'איז אי דרייסט, אי טראַגיש.

אין „אייניקייט" אַ טשיקאַווער אַרטיקל וועגן מגן־דוד. ס'איז זייער רירנדיק, אַז די פראַנצויזישע יונגע פּרויען שמוגלען אַריין אין זייערע האָרנאָדלען קליינע מגן־דודלעך, אַז דער דענישער קעניג האָט איינגעפירט ביי זיך, ביי זיינע שטוב און הויפליים, מע זאָל אָנטאָן האַנטבענדער מיט מגן־דודס: סאָלידאַריטעט־געפיל מיט דעם אַכזריותדיק גערודפטן יידישן פאָלק... וואָס ווּעסטו זאָגן צו דעם? ס'איז דאָך אַ גרויסע איינשטעלעניש!

אינעם זעלבן נומער זענען פאַרטראַטן קוויטקאָ, בערגעלסאָן, סיטאָ, טעלעסין.

פאַלקאָוויטש איז באַגאַנגען אַ העלדנטאַט: ער האָט אַרויסגעפירט אַ היפּשע גרופּע קריגסלייט פון געפענגעניש, זיך און זיי געראַטעוועט פון אַ גרייטן טויט און איז דערפאַר באַלוינט מיט אַ לענין־אָרדען. ס'איז אַ פאַקט און ס'איז גרויסאַרטיק.

טשערטשיל און האַרימאַן זענען געווען אין מאָסקווע.

דער דירעקטאָר פון סאַראַטאָווער אויף־מיר־פאַרלאַג פאָמין האָט מיר אַרויס־געגעבן 600 רובל פאַר די דריי מעשהלעך אין רוסישער איבערזעצונג. בין איך שוין

---

* Я не писателишка, я писатель!

אַ פּאַרדינער. אויב זיי וועלן עס נאָך אָפּדרוקן, וועל איך זיין דאַנקבאַר אי אים, אי דער טראָשטשענקאָ.

אַרבעטן, אַרבעטן! מע דאַרף אַלע טאָג זיצן ביים טיש און כאָטש וואָס ס׳נישט איז טאָן.

מעגלעך, אַז דער בעסאַראַבער יידישער שרייבער איז נעכטן אָן אַ זיי־געזונט אַוועקגעפאָרן. אין אים איז עס געראָטן.

וועגן פּייסי אַלטמאַן, שרייבט מיזשיריצקי, אַז ער איז אומגעקומען.

מיזשיריצקי — דער גבר — האָט זיך געדונגען פּאַר אַ שומר אויף די שריי־בערישע באַשטאַנעס אין אופאַ. אַז מיר וועלן דערלעבן דערציילן אין פריידן, וועט זיין נישט שלעכט.

געקומען אַ וויל, פּול און יונג ווייבל זיך באַקענען. אַ זינגערין אויפן לעצטן קורס אין קאָנסערוואַטאָריע. די שטים נישט קיין מעכטיקע, נאָר זי זינגט געשמאַק. ווען זי זאָגט מיר נישט, אַז זי איז אַ מינסקער שרייבערס אַ ווייב, וואָלט איך אויף איר געקוקט, ווי אויף אַ מיידל. געשמועסט מיט איר איינגענעמען וועגן עלינקע קאַהאַן. לויט אירע רייד האָט מען זעליק אַקסעלראָדן געפונען אַ געשאָסענעם צווישן די, וואָס אונדזערע האָבן אַרויסגעפירט פון מינסקער טורמע. עלינקע איז אַרויס אַ לעבעדיקער און איז אַוועק אין דער רויטער אַרמיי.

איך האָב באַגעגנט מאַמיקאָניאַנצן מיט אַ גרופּע זינגער פון קיִעווער אָפּערע. אַזאַ ווינציק וויכטיקע אָנרעגונג און ס׳האָט זיך מיר אַזוי געגלוסט וויינען. מענטשן, מיט וועלכע מיר האָבן געוווינט אויף איין גאַס, אין איין הויף און אין איין הויז, אַ היים, וואָס איז ווירקלעך ביי אונדז געווען און דערווייל — נישטאָ.

ער זאָגט, אַז רילסקי האָט מיך דערמאָנט נעכטן, אַז מע דאַרף אָננעמען מאָס־מיטלען אויף מיר באַהילפיק זיין, כאָטש וויפל ס׳איז. און גראַדע דערפאַר שעם איך זיך נאָך מער גיין זיך זען מיט אים אין האָטעל.

גאַנץ פרי געווען ביי די איסערסאָנס מיט רחל דאַבינס קאַרטל. ער איז מיט די דאַבינס באַפריינדט נאָך פריִער, ווי מיט מיר.

ברכהלע האָט צוגעשיקט דער קליינינקער ליובעס אַ מחיהדיקע פּאָטאָ.

## פּאַרטשאַדעט פון אַלץ מיט אַנאַנדער

ס׳איז ענדע אויגוסט. מע שלאָגט זיך אין צאַריצין. לאָמיר אים רופן וואָלגאָ־גראַד. דאָס האַרץ איז אומרויִק און פאַרקלעמט. ווי באַלד מיר גרייפן אָן אויף אייניקע ערטער איז שוין אַ האַרעלע גרינגער.

מיין טאָכטער איז זיך מישב, ביי אונדזער צושטימונג, און גייט אַוועק אַרבעטן אין אַן אַרמייִשער צייטונג, ווו אונדזער קיִעווער יידישע שכן — דער אַרמייער־

שרייבער — אַרבעט איצט. זיי פֿאָרן אין אַ פּאָר טעג אַרויס נעענטער צום פראָנט. טאָקע צו וואָלגאָגראַד. פֿאַר ביילקען איז עס זייער אַן ערנסטער שריט. און נישט נאָר פֿאַר איר.

פֿון געלינקן הערשעלעס אַ בריוו: ער איז דורכגעפֿאָרן סאַראַטאָוו. עפּעס אַ קלייניקייט, ווי דאָס האַרץ האָט אים געצויגן, אַז ערגעץ אונטער אַ דאַך שלאָפֿן אין דער דאַזיקער שטאָט זיינע נאָענטע אייגענע.

געזען צוויי מאָל באַזשאַנען. בין אים מקנא אויף זיין מענטשלעכקייט און אויף דער מעגלעכקייט עס צו זיין.

געווען די זינגערין. איך זאָל איר העלפֿן צונויפֿשטעלן איבערזעצונגען פֿאַר דער פּראָגראַם. זי האַלט זיך היימיש און ס'איז מיר ליב.

זיך באַקענט מיטן קונסטשעצער מאַניעוויטש (אַ כאַרקאָווער). דער ערשטער איינדרוק, אַז ס'איז אַ צעקראָכענע בריאה. מערער „גאַרנישט" ווי „עפּעס". ער האָט מיר געוויזן רעקאָמענדיר־בריוו פֿון סטאַניסלאַווסקין, בילעצקין, לונאַטשאַרסקין. גיכער זענען עס אַזעלכע צעטלען, וואָס מע גיט, ווען מע קען זיך פֿון יענעם נישט אָפּטשעפּען. אָבער פֿאָרט...

בין געגאַנגען מיט בוטערמאַנען, מאַניעוויטשן און מיטן קינסטלער יעגאָראָוו הערן פֿידלשפּיל. אַ יונג בחורל פֿייגין האָט געשפּילט פֿאַרן לערער. אויסגענומען האָט ביי מיר ביזעס אַ פֿאַנטאַזיע. ווען דאָס בחורל איז אַ ביסעלע מערער באַשיידן — נו, מילא...

וועמען איך זאָל נישט דערציילן וועגן ביילקעס אַוועקפֿאָר, דערשרעקט מען זיך. געגנוג אָבער צוצוגעבן, אַז ס'איז לויט איר אייגענער איניציאַטיוו, ווי די פּנימער ווערן ליכטיקער און סיי יינגערע, סיי עלטערע גיבן גלייך צו:

— איר ווייסט? ס'איז אפשר בעסער...

אין דער ריי נאָך ברויט האָט זיך צעוואָקסן אַ שמועס וועגן דעם, אַז ייִדן זענען אויסוווּרפֿן און וואָס אין דער קאָרט. איך האָב זיך נישט אַריינגעמישט, פּונקט ווי צו מיר האָט עס קיין שייכות נישט, נאָר די פּאַרציע איז געווען פֿאַר מיר אַ גאַנץ היפּשע. ס'קען קלעקן אויף לאַנג.

לייבעלע זעט, ווי אַ פֿרוי גיט אַ נדבה דער אַלטינקער בלינדער בעטלערין, וואָס זיצט צוויי מאָל אין דער וואָך אויפֿן טרעפּל פֿון דער פֿאַרמאַכטער טיר, וואָס פֿאַר דער גאַס־צו צו טשאַפּייעווער. ער הערט, ווי די פֿרוי זאָגט דערביי: „זאַ וואַזנא מיכאַזלאַ" (פֿאַרן קעמפֿער מיכאַזל). דעם זעלבן טאָג האָט ער געפֿונען אין הויף אַ זילבערנע גריוונקע, לויפֿט ער צו דער מוטער און זאָגט:

— מאַמע, איך וועל איר אָפּגעבן און זאָגן „זאַ וואַזנאַ גריגאָריאַ" (פֿאַרן קעמפֿער הערשעלען)... אַזאַ מין שטרעבונג צעגייט זיך אין האַרצן. ער האָט דעם געלינקן ליב און ער לאָזט אים, ווייזט אויס, נישט אַרויס פֿון געדאַנק.

די טעג ליגט ער לעם מיר אויפן געלעגער און צערעדט זיך פאַרן איינשלאָפן:
— „ווער איז נח מיט זיינע דריי זין?"

דערציייל איך אים וועגן מבול. דערנאָך קומט צו רייד וועגן יעקבן מיט עשׂון.

— נו, — זאָגט ער, — דאָס ווייס איך שוין פון לאַנג, ווי אַזוי דער קלענערער האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן טראָט נאָך ביי דער מאַמען אין בויך. אַ צווייט מאָל דערציילט ער מיר, אַז אויב לערנען מוזיק, וואָלט ער וועלן שפּילן אויף אַ צימבל, ווייל... ווייל ווינטער האָט ער געהערט לעם „גאַסטראָנאָם", ווי אַזוי אַ בלינדער האָט געשפּילט אויף אַ צימבל און אַ סך מענטשן האָבן זיך אַרום אים צונויפגעקליבן. אים איז עס זייער געפעלן.

היינט איז ער צוויי מאָל געזעסן רייטנדיק אויף אַן אָנגעזאָטלט פערד, אַן אמתן, אַ לעבעדיקן, וואָס איז געשטאַנען צוגעבונדן ביי אונדז אין הויף. דאָס איז שוין נישט קיין קלייניקייט, ס'איז אַ קאַפּיטאַל!...

אין גאַס האָט מיך איינע געפרעגט, ווו איז דאָ אַ „פּאַכאַראָנע ביוראָ"...

הער איך, אַז עמעצער פּאַרט, ווילט זיך מיר יענער זאָל מיך נעמען מיט זיך. הער איך, אַז עמעצן דאַרף מען אָפּפירן אויף יענער וועלט, ווילט זיך מיר אויך זיך צושאַרן.

איך שרייב אויס ציימונגען אויפן לעצטן קוואַרטאַל (אויף דריי חדשים). איך נעם אָפּ ברויטקאַרטלעך אויפן קומענדיקן חודש און צעשרייב זיך, אַז איך האָב עס באַקומען. פון דעם שטיקעלע צעקעסטלט פּירעקיק בלעטל פּאַפּיר הענגט אָפּ דאָס לעבן פון גאַנצע משפּחות. צוליב אָפּנעמען די פּראָדוקטן לויט די קאַרטלעך מעג איך נאָך לעבן אַ גאַנצן חודש. צוליב אָפּנעמען ציימונגען יעדן טאָג — מעג איך נאָך לעבן גאַנצע דריי חדשים. דאָס איז שיין.

אין וואָלגאָגראַד גרויסע שׂריפות. מענטשן לויפן פון דאָרטן קוים מיטן לעבן. און פון דאַנעט רוקן זיך אַרויס גאַנצע משפּחות. ווער ס'טוט עס פאַרבאַהאַלטענער־הייט און ווער — אָפן, פראַנק און פריי. און ווער בין איך? אַן אידיאָט? אַ בלינדער מענטש? אָדער פאַרקערט — אַ מענטש, וואָס איז מער אויסגעהאַלטן פון אַנדערע?

איצט וועגןביילקען: איך און די „יידענע" מיינע האָבן זי אַזוי גרינג אַוועק־געלאָזן אויף דער מלחמה. זי גופא האָט עפּעס אויך ווינציק געטראַכט וועגן דעם. און היינט... גאַנץ פרי פאַרן אויפשטיין האָבן מיך געפּייניקט אַלערליי פאַרשטעלונגען וועגן שרעקלעכער מלחמה־ווירקלעכקייט. וויפל מענטשן גייען דורך יעדן טאָג פאַרביי מיין פענצטער! אַ מענטש אָן אַ האַנט, אַ מענטש מיט איין פוס איז שוין געוואָרן אַ געוויינלעכער וואָכעדיקער גאַנג. גאָט, באַהיט און באַשיץ!...

און וואָלגאָגראַד ברענט פון אַלע עקן. ס'איז שווער אויפן האַרצן. צי דען נעענטערט זיך דער סוף? מיר איז נעכטן אַריינגעפאַלן פעטראַרקעס אַ סאָנעט אין רוסישער איבערזעצונג. דאָרטן איז פאַראַן אַזאַ שורה: „איך שטרעב צו אומקום

און צי זיך נאָך הילף"... ס'איז אַזוי צוגעטראָפן פאַר מיין איצטיקן צושטאַנד.

לייבעלע איז היינט דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען אין דער נייער שול. איינס אַ זייגער האָב איך אים פון דער ווייטנס באַגלייט מיטן בליק.

צוויי אַ זייגער בין איך געזעסן אַ פאָר שעה ביי מאַניעוויטשן. ער האָט מיר געוויזן זיין קאָלעקציע — פאָטאָבילדער פון מחזורים, מצבות, אָרון־קודש, אַן עמוד, אַ כּתר, אַן אצבע, בלעכן, חנוכּה־לעמפּעלעך, הגדות, און — רבונו־של־עולם — „רויזן"! פאַפּירענע „רויזן", וואָס קינדער פלעגן שבועות אָנקלעפּן אויף די פענצטער. דאָס זענען נישט קיין בלומען, נאָר אַ געוועב (אויסגעשניטן אויף פּאַפּיר) פון הערשעלעך, לייבעלעך, פערדעלעך, פויגלען אַלערליי, קונציק אויסגעשניטן אויף אַ ווייס פערטל פּאַפּיר.

ער, דער „קונסטקענער" ווייסט אַפילו נישט, וואָס דאָס איז. פון איין זייט איז ער גרייט פאַרזיכערן, אַז ס'איז ביי אים זיין לעבנסזאַך. קען מען טאַקע מיינען... צום סוף, ענטפערט ער אויף אַ סך זאַכן תמעוואַטע און טאַפּט אַליין אין דער פינצטער.

פאַר עפּעסליידט ער. ער עסט, זאָגט ער, איין מאָל אין טאָג אין דער זעלבער גאָרקיך, וואָס מיר.

איך האָב געבלעטערט די בילדער, וואָס האָבן מיך געפירט צו דער קינדהייט. נאָר פון איין טאָוול צום צווייטן געהערט, ווי מע שיסט אין דער וואָלגע־שטאָט, געזען, ווי סע ברענט, געזען, ווי מענטשן באָדן זיך אין בלוט און אין אומקום. און ווייטער געמישט, און ווייטער געקוקט.

פאַרטשאַדעט בין איך געווען פון אַלץ מיט אַנאַנדער.

שפּעטער געטראָפן שייגינען. ער איז אויך אַריין אויף אַ רגע צו אונדז. דערנאָך אָפּגעזוכט אַ שטיקעלע שאָקאָלאַד פאַר לייבעלעס וועגן לכּבוד דעם ערשטן טאָג פון זיין נייעם שוליאָר. וואָס נאָך? וועגן דעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן אָוונט אין אופאַ איז אין „סאָוועטסקאַיאַ אוקראַיִנאַ" דאָ אַ 50 שורות. אין „קאָמוניסט" — 10. מן־הסתּם וועט אין „איינִיקייט" זיין אַ געַנויער באַריכט.

ס'וואָלט געווען גוט, ווען איך לייג זיך אַ ביסל צו...

באַגעגנט אַן עלטערן ייִדן. דערקענט אין אים, אַז ס'איז היינט שבת. נאָר אויפן האַרצן איז דערוויל נישט שבתדיק. (נעכטן פאַר נאַכט האָב איך נאָך געהאַט וואַרעמקייט. ס'איז קיין ווונדער נישט, וואָס די חלומות זענען געווען מטושטשע...)

געווען ביים פּראָפעסאָר און באַגלייט אים ביזן שפּיטאָל... וואָס איז דאָרטן אינעווייניק פון יענער זייט גלעזערנער טיר, ווייס איך נישט. ווייסע כאַלאַטן, פיגורן באַוועגן זיך און יעדערער איז מיט עפּעס פאַרנומען.

אָן־אָ גייט נאָך איינער אַן עלטערער ייִד. ס'איז דאָך שבת. אַ דאַנק גאָט פאַר דער רגע.

דער אַלטער דרויאַן ווערט אין אַזעלכע טעג (פריִער — וואָראָניעזש, איצט — וואָלגע־שטאָט) פול מיט פחד און מרה־שחורה. אַ שטיקל אַלטער קוווליאַק גייט אַרום אַ פאַרזאָרגטער, אַ פאַרטראַכטער. אים איז סך־הכל 79 יאָר. ער איז אָנגע־שטאָפּט מיט זייגערלעך, קייטעלעך, אַנדערע מינים שאַצבאַרע חפצים און מיט מזומנס אויך. און איך, וואָס האָב נישט איין טאָג מיט וואָס איבערלעבן... מיר איז אפשר אַ ביסל ערגער, ווי אים. ער ווייזט מיר נישט אַרויס קיין נאָענטקייט, נישט קיין מענטשלעכע, נישט קיין ייִדישע. פאַרשטייט זיך, אַז נישט געקוקט אויף זיין אַלטקייט, שטייט ער פעסטער פון מיר אויף די פיס. צום אַלעם ערשטן איז ער אַ היגער, ער איז ביי זיך און נישט קיין איינגעבעטענער!... ווען־נישט־ווען טוט ער מיר אַ זאָג, אַז ער וויל איבערפאָרן קיין ארץ־ישׂראל... ער האָט דאָרט אַ זון... איז עס ביי איצטיקער צייט מעגלעך?...

אָט דאָס איז טאָקע די גאַנצע מעשׂה, וואָס ביי איצטערדיקער צייט איז עס נישט מעגלעך, און ווען ס׳וועט יאָ זיין מעגלעך, וועט ער עס ווינציקער באַדאַרפן. ער איז פריִער נישט געפאָרן, ווען מע האָט געקענט און וועט נישט פאָרן, ווען ער וועט נישט מורא האָבן צו זיין דאָ.

...אין מיטן דרינען — 37,6, און איך דריזשע, ס׳קעלטערט מיך. זיין שלאָף אַ טאָג צי צוויי איז נישט מסוכן, נאָר איך האָב נישט דערויף קיין צייט... לייבעלע איז שוין דאָ פון שול. דבורה איז נאָך אויפן מאַרק. זי האָט אַרויסגעטראָגן עפּעס צום פאַרקויפן.

וואָס טוט איצטער מיין טאָכטער?... די טעג געוואָלט זיך דערמאָנען שוואַרצ־מאַנס אַ ליד: „אַזוי ווי דער געצמאַן זיין הייליקסטן אָפּגאָט פאַרבאַהאַלט וואָס געדיכטער, וואָס טיפער אין וואַלד... אַזוי כ׳האָב מיין ליבסטע אין האַרץ טיף באַהאַלטן ווויהין דער זכרון האָט לאַנג נישט פאַרשטראַלט. אַזוי ווי דער געצמאַן אין טאָג פון זיין יום־טוב... אַזוי זוך איך איצט ווידער די וועגן צו איר״...

דבורהל האָט אַ סך און געשמאַק געוויינט ביי נאַכט. גאַנץ פרי האָב איך איר געזאָגט, אַז מיר קענען זיך אויפהייבן און פאָרן אפשר קיין אופאַ, ווו די מערסטע קיִעווער שרייבער געפינען זיך. קריגן אַ ווינקל צו וווינען וועט, פאַרשטייט זיך, זיין שווער, נאָר אויב זי נעמט זיך אַזוי דאָס לעבן, איז דאָך קיין פּעולה נישט.

רילסקיס ליד „צו די ייִדן״ איז אַ ווילע, אַ פריינדלעכע, אַן סאַכאַרין. אַן פאַלשן סיראָפּ, מענטשלעך, אויפריכטיק און גרינג. דער אַלטער סקולפּטאָר (פון מיינע נייע באַקענטע), אַן עלטערער קריסט, אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש, פוילט זיך אויך נישט אַ מאָל אָנוואַרפן אויפן פּאַפּיר אַ ביסל פערזן. איצט האָט ער מיר איבערגעלייענט אַ ליד וועגן אָנהענטיקע, האָט עס מיך אַ הייב געטאָן. ער וויל, אַז אַלע הענט זאָלן בלייבן גאַנץ, אַז דער בחור זאָל קענען פאַרצוימען זיין צעהיצטן

פערד, ער זאָל קענען אַרומנעמען זיין יונגע געליבטע... ס׳האָט געקלונגען זייער אמתדיק. איך האָב עס געזען פאַר די אויגן.

געקלערט וועגן אַ פּאַסיק מיטל אויף פּטור ווערן פון לעבן אָן איבעריקע הכנות, אָן איבעריקע שטערונגען. איז עס נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל די וואָלגע. איך קען אַ ביסעלע שווימען, נאָר נישט אויף אַזוי פיל, אַז ס׳זאָל מיך ראַטעווען פון אַ טיפן אָרט, וועלכן איך וועל אויסקלייבן אויף זיכער. דאָס גיין צום טייך קען מען דערווייל פאַררעכענען פאַר אַ שפּאַציר. קויפן אַ בילעט, זיך אויפזעצן אויפן קאַטער — אויך דאָס זעלבע. בלייבט נאָר, ווען מע פאָרט אָפּ אַ ביסל ווייטלעך, מאַכן „אנחנו כורעים״... און זיך איבערקוליען איבערן ווענטל אַהין, וווּ ס׳איז אַ שלל פון רחבות — קאַלטע נאַסע וואַסער דורכויס אין דער ברייט, אין דער לענג, אין דער טיף...

אַ ביטערער רעצעפּט ?... מילא, קאַרג נוצט מען ביטערע רפואות און היילמיטלען ? אַריינפּאָמפּען, אַרויספּאָמפּען, און אַ כירורגישע אָפּעראַציע אַליין איז דען אַזוי געשמאַק ?... גייט מען דאָך דערויף...

...ענדלעך פון רוזייעווקע אַ בריוו און אַ קאַרטעלע פונעם קליינוואַרג. אַ ביסעלע צעשמירט, נאָר פּנימלעך און פּעמפּיקלעך זענען דאָ. זאָלן זיי אונדז וואַקסן געזונט.

אַ שיינער דרויסן. אין די צייטונגען געזען די טעג ערענבורגס „בבל״ (דער דור הפלגה). היינט איז דאָ זיינס אַן אַרטיקל וועגן דער וואָלגע־שטאָט. אַ באַלעבעסלדיקער פילאָזאָף האָט מיר געוועזן געזאָגט, ערענבורגס אַן אַרטיקל וועגן אַ שטאָט, דאָס איז שוין אַן אַדערויף אויף אַ נעקראַלאָג. דערום האָט מיר אַ ביסל געציטערט דאָס האַרץ, כאָטש ס׳רעדט זיך וועגן אונדזער גבורה און איינגעשפּאַרטקייט. ס׳זענען דאָ אַ סך אָנצוהערענישן, אַז דער דייטש וועט דאָ ברעכן דעם קאָפּ. ערגעץ מוז דאָך עס קומען !...

פון „איניקייט״ אַ טעלעגראַמע געחתמעט פון עפּשטיין און איציק שלאָמאָוויטש. זיי בעטן איך זאָל פאַר זיי עפּעס אָנשרייבן.

פון ביילקען נישטאָ נאָך קיין בריוו און מיר קוקן אַרויס... וואָס פאַר אַ טאָג האָבן מיר היינט ? היינט איז פרייטיק. ערב שבת און ערב ראש השנה תש״ב אָדער תש״ג. איך וועל פרעגן אַן עלטערן ייִדן, וועט ער מיר זאָגן גענוי. וואָס איז איצטער ביי אונדז דער טייטש פון „לשנה טובה״ ? „לשנה טובה״ איז דער טייטש — אַ גיכע און אַ גאַנצע מפּלה אויף היטלערן.

הערשעלע דער געלינקער שרייבט, אַז ער וואָלט צווישן זיינע חברים־אַרמייער וועלן הערן אַ פּאַטריאָטיש וואָרט, וואָס זאָל דערוואַרעמען. מיר דוכט, אַז ער איז נישט גערעכט. פּאַטריאָטישע געפילן קענען אַ מאָל זיין נישט קיין אַרויסגעזאָגטע אויך. די שינאה, דער האַס צו היטלערן איז ביי אַלעמען פאַראַן גענוג. אַן אַנדער זאַך, וואָס ס׳וואָלט זיך נישט וועלן גלייבן, נאָר ס׳איז דאָ, דאָס איז אַן אומפריינדלעך

וואָרט בנוגע אונדזער פֿאָלק ייִדן. נאָר דאָס איז אויך מעגלעך: קאָרג פֿלוגבלעטלעך און פּאַפּירלעך האָט היטלער אומעטום פֿונאַנדערגעוואָרפֿן?... ביי אַזאַ ריין קינד, ווי הערשעלע, ווערט אַוודאי פֿאַרלאָפֿן דאָס האַרץ מיט בלוט, ווען אים קומט אויס הערן אין די שוצגרובן פֿון זיינס אַ גלייכן, ווי מע קרימט זיך נאָך פֿון אַ ייִדן.

## „טוביהס טעכטער"

היינט האָבן מיר האַלב סעפּטעמבער.

גאַנץ פֿרי, און אפֿשר שוין אַ ביסל אויפֿן פֿרימאָרגן, איז אין דרויסן לעם אונדזער פֿאַראַדנעם טירטרעפּל געשטאָרבן אַ מענטש פֿון אַ יאָר 60. אָדער שיכּרות, אָדער אַנמאַכט און קעלט. ווען איך בין געגאַנגען אויפֿן פּאָטשט האָבן אים נאָך צוויי פּרויען געטאָרמאָשעט און געוואָלט אויפֿהייבן. איך האָב געזען זיין בליק. אין צען־פֿופֿצן מינוט אַרום איז ער שוין געלעגן אַ פֿאַרטיקער מיט אַן אָפֿענעם מויל, אָפֿענע אויגן און צענויפֿגעקאָרטשעטע שוואַרצע פֿינגער... פֿריִער איז אים געוויס געווען שווער, איצט איז אפֿשר שווער אַ זייטיקן צו קוקן אויף אים, נאָר אים איז שוין אַלץ איינס. אַפֿילו נישט אַלץ איינס — פּשוט גאָרנישט. טאָקע גאָלע גאָרנישט.

דורכגייער שטעלן זיך אָפּ. אַנאַסטאַסיאַ אילאַריאָנאָוונאַ זאָגט, אַז זי האָט מורא געהאַט אים דערלאַנגען אַ ביסל וואַסער מע זאָל דערנאָך נישט זאָגן, אַז זי האָט אים געסמט.

איך קוק פֿון דער באַלעבאָסטעס זאַלכל אויף איינציקע פּנימער פֿון די, וואָס שטעלן זיך אָפּ. מ׳זעט אַ טיפֿע נייגעריקייט און אַן איינגעטראַכטקייט, וואָס באַ־שטעטיקט דעם אייביקן „הבל הבלים"...

ס׳זענען דורכגעגאַנגען עטלעכע יונגע אַרמייער אין זייערע שווערע טופּענ־דיקע שטיוול. מאַכט איינער: „דעס וו דאָראָזי זופּיניוסיאַ" (ערגעץ אין וועג האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן)... פֿון דער אוקראַיִנישער אָפּערעטע „זאַפּאָראָזשעץ זאַ דונאַיעם". דאָס מיינט אויך: געטרונקען און איבערגעכאַפּט די מאָס...

די איסערסאָנס (ער איז מיר אַן אמתער גוטער־פֿריינד. ס׳איז נאָר אַ פֿראַגע מיט וואָס האָב איך עס פֿאַרדינט) זענען אַוועקגעפֿאָרן קיין פּרונזע. איך ווינטש אים ער זאָל פֿאַרפֿאָרן געזונט און אָן יסורים.

איך האָב געקראָגן אַ גוט ספֿרל צום נוצן — „אוצר המלים". לויט אים איז גרינג צו אָפּזוכן יעדעס וואָרט פֿון תּנך, ווו ס׳געפֿינט זיך. איצט האָב איך געזוכט: „ארובות", „ונפץ" און „ארץ נכריה". מאַניעוויטש האָט מיר נעכטן דערציילט, אַז דאָס איז דערמאָנט צום פֿלאָץ אינעם פֿאָרוואָרט צו דער רוסישער איבערזעצונג פֿון ביאַליקס שירים.

אין דער ייִדישער ענציקלאָפּעדיע זיך אָנגעשטויסן, אַז סאַראַטאָווער ייִדן האָבן פיל געליטן פון עלילת דם אין 1853 אַן ערך. וווהין ס׳טרעפט ?!

היינט אַ טאָג פון גאָלע איינקומעניש: צוויי פּאָר שקאַרפּעטקעס, אַ ניי היטל פאַר מיר און אַ נייס פאַר לייבעלען. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל שוין שטענדיק דאַרפן גיין אין אויסגעבעטענעם.

הערשעלע דעם געלינקנס געבורטסטאָג. 19 יאָר, אַ קינד, נאָך גאָר אַ קינד. צוליב דעם געלינקנס געבורטסטאָג האָט דבורהל געגעבן יעדערן עטלעכע ראַ־זשינקעס און אַ מוציאלע בולקע מיט פּוטער...

בין אָנגעפאַלן אויף לייבעלען דערפאַר, וואָס ער האָט אין שול אָנטליגן אַ ייִנגעלע דריי רובל. אויף מיר אַ באַנקיר! אַרן אַרט אונדז דאָ נישט אַזוי דאָס דרייערל. פון דעם קען מען נאָך לעבן בלייבן. נאָר זיך אָנהייבן מיט שלעכטע קינדער: אויב דאָס איז אַ פאַרדאַרבענער יאָט, וועט ער דערנאָך שטענדיק צי־ען די אָדערן: גיב און גיב!

אין דער באַרימטער וואָלגע־שטאָט (דערווייל אין די פאַרשטעט) גייען ווילדע האַרטנעקיקע שלאַכטן. ווען דבורה מיטן קינד זענען ערגעץ, וואָלט די זעלבע שלעכטקייט אָנדערש אויסגעזען. מיט מיין אָפּהענגיקייט און אָפּגעלאָזנקייט וווהין וועל איך פאַרפירן אָט די צוויי מענטשן? און וואָס הערט זיך ביי ביילקען?... דערווייל נעם איך זיך פאַרן קוישל און שלעפּ זיך ווידער אין שפּייזקראָם, טאָמער איז דאָרט דאָ וואָס „איינקאָסירן" אויף די שפּייזקאַרטלעך.

פאַר נאַכט ווערט אַ ביסל גרינגער. עפּעס אַן אויטאָריטעטע באַקענטע עצהט פּרייערמאַנשען אין ערגעץ נישט פאָרן. בעסער באַזאָרגן האָלץ אויף ווינטער!... אַזעלכע ווערטער היילן מיר דאָס האַרץ, אויף דבורהלען ווירקט עס אויך צום גוטן. אין וואָרט אַ בעסערס און ס׳גייט דיר אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן.

יעדער פרוי אין מיליטערישן אָנטאָן קוק איך אַריין אין פּנים: אפשר זעט אַזוי אויס ביילקע אונדזערע, קינד מיינס, וואָס פאַר אַ נדן, וואָס פאַר אַ פּאָוועלע האָב איך דיר אַהין מיטגעגעבן?!...

נישט קיין שבעה־זיצער, נישט קיין אַרעסטאַנט און אין די פרימאָרגנס בין איך אַזוי פאַרקוועטשט, אַזוי אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. קומט פאַר נאַכט — ווערט מיר גרינגער.

אָנגעשריבן ביילקען און די האָפּשטיינס צו איינע קאַרטעלעך. זיך פאַרנומען שרייבן אַ קינדער־דערציילונג, גייט עס דערווייל בלייך און אָן טעם.

צוריק מיט 21 יאָר האָט ביי אונדז אין שטעטל ביילקעלע געדאַרפט געבאָרן ווערן. צוריק מיט אַ יאָר אָנדערהאַלבן האָב איך, ענדלעך, אויסגעטראָגן דעם ראָמאַן „אונטערוועגנס". כ׳האָב אים די טעג אָפּגעשיקט צו מישען (דבורהלס ברודער) קיין סיביר. דאָרטן וועט ער אפשר זיין מער פאַרהיט.

לייבעלע איז צו מיר בעסער. דבורה איז אויך אַזוי ווי צוגעלאָזענער...

ביילקעס געבורטסטאָג. מיר איז היינט גוט אויפֿן האַרצן. מיר האָבן געקראָגן פֿון איר צוויי בריוו. איינער אַפֿילו אַ גאַנץ פֿרישער — פֿאַרן 14טן. ביידע מוטיקע. זי שרייבט אַז „די וואָלגע־שטאָט וועלן מיר נישט אָפּגעבן".

נעכטן בין איך געגאַנגען איבער גאַרנאַיאַ (אָפּגענומען ביי הערשעלעס באַ־קענטע אַ פּעקעלע צו מיר), האָט זיך מיר אויף עטלעכע רגעס גערדאַכט דורכאַנאַנד, אַז איך בין אין קיִעוו און גיי איבער זשיליאַנסקי. זשיליאַנסקי איז אין קיִעוו אַ גאַנץ וואָכעדיקע גאַס. נאָר זי איז געווען מיינע אַ שכנה אויפֿן ראָג פֿון טאַראַסאָווער, ווו איך האָב אין קיִעוו אָנגעהויבן מיין לעבן. ווייטער בין איך לעם זשיליאַנסקי אַ מאָל געווען יונג. אַ־נו, אַ־נו, פּרווו אָקאָרשט זיך לעבעדיק פֿאָרשטעלן, ווי אַזוי דו ביסט אַ מאָל אויף אַן אמתן געווען יונג...

אַ רעגנדיקער וואָכעדיקער פֿרימאָרגן. יאָ, אַ וואָכעדיקער? צום סוף, אַז דו טוסט אַ גוטן קלער, איז גאָר היינט יום־כּיפּור!... בעסער נישט קלערן, אַז היינט איז דער ערשטער יאָרצייט פֿון קיִעוו. אַזוי פֿיל ייִדן זענען אומגעקומען דאָרט, אַלט און יונג, פֿרויען און אַ סך קליינע קינדער, און אויך אַ סך אַלטע לייט.

ביי נאַכט איז געווען אַ פֿאַרצויגענע טרעוואָגע. אין דער פֿרי, שטעלט זיך פֿאָר, אַז עמעצער איז היינט געגאַנגען צו קינד... דאָרטן ווייסט מען שוין, ווו מע האַלט, און מיר ווייסן גאָרנישט. מיר זענען אין אומרויִקן וואַרטן...

מיר האָבן זיך דאָ באַקענט מיט איינער אַ פֿרוי כייקע גאָלדפֿאַרב (אָדער קלאַראַ גאָלדפֿאַרב). האָט זי זיך מיט אונדז אמת דערפֿרייט. זי האָט געאַרבעט אין קיִעווער ייִדישן קינדער־טעאַטער. זי קען גוט מיישקען. פֿון אונדז האָט זי דאָרט גוט געוווּסט, און דאָ איז זי צו אונדז צוגעזאָטן געוואָרן, ווי אַן אייגענע, אַ נאָענטע. זי האָט זיך איר אייגענעם פֿרויען־חן. קומט אַרויס פֿון אַן אָרעמער משפּחה. „טוביהס טעכטער, נישט געדאַכט זאָלט איר ווערן"... האָט זי איינגעהזרט און זאָגט עס אויף איר פֿאָטער און אויף אירע שוועסטער. געווען אַ שטוב מיט מיידלעך. פֿונעם טאָטן האַלט זי. זי האָט זיך שוין אַזוי אַרויפֿגעשלאָגן אויף אַ וועג, אָבער דאָס געזונט האָט זי פֿאַרלאָרן. האָט אַ פֿאַרטיקן לונגען־פֿעלער. נאָר זי לאַכט פֿון דער וועלט. זי אַרבעט, ווייזט אַרויס שיינע פֿריינדשאַפֿט. איז אַ פּאַרטייערין, דאָס איז איינס. ווווינט אין אַ צוזאַמענוווינונג פֿון געפּעוּ, דאָס איז צוויי. וואָס טוט זי דאָרטן — ווייסן מיר נישט, דאָס איז דריי. גיכער פֿון אַלץ (איצט גייען דאָך דורך אַלע בריוו אין לאַנד דורך אַ מלוכה־צענזור) — איז מעגלעך, אַז זי איז אַ ייִדישער צענזאָר. פֿון וואַנען נעמען מיר עס? זי האָט געזען, אַז איך בלעטער אַ תּנכל, האָט זי זיך אָנגעכאַפּט, אַז זי וויל קענען עברית. צי וועל איך זי לערנען?... ביי איצטיקער שווערער צייט קענען קיין לוקסוסזאַכן נישט ליגן אין קאָפּ. אַז זי האָט זיך דערפֿרייט מיט העברעיִש, קער זי אים דאַרפֿן אויף עפּעס. ביי איר איז

זייער אַ גוט האַרץ, אַ מילדע נאַטור. און איך בין זיכער, אַז נישט אויף איר אייגעזאָגט געוואָרן דאָס ווערטל: „דאַי דורניו קיִאַ וו רוקי״* (גיב דעם טיפּש אַ שטעקן אין האַנט). וויסן דאַרף זי טאַקע, נאָר מיסברויכן מיט דעם וועט זי קיין מאָל נישט.

זי האָט דאָ אַ מאַן, אויך אַ קיִעווער. ער אַרבעט ערגעץ אין אַ קאַסע. טראָגט זיך אַרום מיט גאַנצע טשעמאָדאַנעס קאַזיאָנע געלטער. מע זאָל אים כאָטש נישט באַנעמען. אין מלחמה־צייט שפּילט מען פּאַר אַזעלכע זאַכן מיטן לעבן.

זי איז צו אים צוגעבונדן מיטן גאַנצן חיות. ער איז לייכטזיניק און פאַרנאַכלעסיקט זי גאַנץ אָפט. ס׳קומט אים אויך אויס אַרומפאָרן. דאָס בריוול, וואָס זי וויל פון אים דערהאַלטן, באַקומט זי זייער נישט אין דער צייט. מאַטעריעל לעבט זיך איר אויך נישט גרינג, נאָר זי האָט פאַר אונדזערט וועגן שטענדיק קליינינקייטן. זי פאַרשטייט דאָך, אַז ביי אונדז אין אַ געזינד, אונדז קען אַלץ צו נוץ קומען. זי האָט אונדז שטיל און איידל געפרעגט, צי מיר וועלן זיך נישט באַליידיקן: זי האָט אַ צען קילאָגראַם פּאָמידאָרן, נישט קיין צייטיקע, גרינע. נאָר מע קען נאָך פון זיי עפּעס האָבן. מיר האָבן זיך נישט באַליידיקט. מיר האָבן איר נאָך געדאַנקט. זי האָט אונדז אַליין געבראַכט די „מציאה״ און אונדז געלערנט, וואָס צו טאָן מיט דעם: אויסשיטן אין אַ ווינקעלע אויף דער ערד, צודעקן מיט אַ זאַק און זיי וועלן אין דער פינצטער „דערספּיִען״. מיר זענען געגאַנגען אין ווינקעלע צום זאַק, ווי צו אַ קאַמער. מיר דעקן אָפּ נישט קיין סך, נעמען זיך צוקוקן, דאָ רויטלט זיך שוין אַ בעקעלע, דאָס איז שוין אַ פּאָמידאָרל ווייך און רויט כמעט אין גאַנצן. מיר צעוואַשן אים און בעטן אים צום טיש. ביי איר, כייקען, איז עס פונעם פּאַיאָק, און זי פרייט זיך מיט דעם, וואָס זי קען אונדז באַהילפיק זיין כאָטש מיט אַ קליינינקייט.

אין „אַגדות ישׂראל״ געלייענט וועגן די עשׂרה הרוגי מלכות. אַז איך בין געגאַנגען מיט לייבעלען אין גאַרקיך, האָב איך אים דערציילט וועגן יום־כּיפּור ביי אַ גרויסער וועלט מיט יידן. זאָל ער זיין געזונט! ער הערט גערן, ווען איך דערצייל אים עפּעס. און איך לאָז נישט דורך די געלעגנהייט, איך דערצייל אים פון יוספן מיט די ברידער, פון דודן מיט שאולן, דודן מיט יהונתן, פון דודן מיט אבשלומען, פון שלמה המלך, די נביאים ראשונים... דער זיכּרון און דער פאַרשטאַנד זענען ביי אים פּריש. אָפט איז צו מערקן, אַז ער איז אַפילו דאַנקבאַר פאַר די ידיעות, וואָס ער זאַפּט אין זיך אַריין.

ביי נאַכט איז געווען אַ באָמבירונג. מיר טוליען זיך אינעם שטילן הייפל און זען אויס טשודנע איינער ביים צווייטן אין די אויגן. אין הייפל געפינט מען ביי טאָג שפּליטערן פון זעניט־קוילן. יעדערער קלערט מיט שרעק: ווי וואָלט

* Дай дурню кия в руки.

ער אויסגעזען, ווען דער שפּליטער פֿאַרקלייבט זיך צו אים אין לייב אַריין. די לופֿט ווערט אויפֿגעלויכטן ביי יעדער שאָס. סיי ווי האָט מען זיך שוין אַ ביסל צוגעוווינט און מע ציט זיך צו די געלעגערס, וואָס האָבן נאָך נישט אויסגעקילט.

אין וואָלגע־שטאָט שלאָגט מען זיך שוין אויף די גאַסן. מע פֿאַרנעמט אַ מויער און מע שיסט פֿון דאָרטן. ערענבורגס אַרטיקל „דער רוסישער אַנטיי" שילדערט עס.

צי איז אמת, אַז די טעג איז דאָ אונטערגעגאַנגען אַ באַרזשע מיט מענטשן?...

אַלץ אָפּטערע ידיעות וועגן באַקענטע משפּחות, אַז זיי זענען אַוועק פֿון דאַנען, ווער מיט דער באַן, ווער — מיטן וואַסער.

דאָס וועטער איז גראָדע זייער אַ שיינער. אמת, דאָס זענען געציילטע און געשענקטע טעג.

פֿון רוזייעווקע אַ בריוו, וואָס איז געווען אין וועג עטלעכע און דרייסיק טעג. פֿון די האָפּשטיינס אַ בריוו — געגאַנגען קנאָפּע דריי וואָכן. די בריוו, וואָס די האָפּשטיינס שרייבן צו מיר, שיידן זיך אונטער פֿון אַנדערע אויף דורך און דורך. דוד, זאָל זיין געזונט, שרייבט זיינע גרוסן אין איילקער צעשטרייטקייט. אַזוי שרייבט ער טאָקע: „יאָ, יאָ, איציק, איך גריס אייך אויך. וואָס טוט איר דאָרטן עפּעס?"... פֿייגע איז אין אים עד היום יונג פֿאַרליבט. זי איז אַריינגעטאָן אין יעדער שורה, וואָס ער שרייבט אָן. זי ווייסט אויף אויסנווייניק, ווו וועלכע שורה איז דאָ ביי אים אָפּגעדרוקט, אויף וועלכער זיצונג מע דאַרף נישט פֿאַרשפּעטיקן דערמאָנט זי אים. זי איז אַ גוטע געטרייע באָנע ביי אים, ביי די קינדער (צוויי פֿונעם ערשטן ווייב, איינס — מיט איר). זי געדענקט מיט וואָס מע דאַרף באַהילפֿיק זיין זיינע שוועסטער. אומעטום גייט אירס איבער וויפֿל ס'לאָזט זיך נאָר.

מיין ייִדענע איז נאָך נישטאָ פֿון מאַרק. זי גייט אַוועק אויף 6—5 שעה אָן שום רייד און אָן טענות, ווייל מע דאַרף, אָבער געזונט פּטרט זי דערויף אַ סך. ס'איז נישט פֿאַר איר גוסט, ס'איז נישט איר סטיכיע.

איצט איז צווייטער טאָג סוכּות פֿאַר נאַכט. אַזאַ שיינער, רויִקער, מיט זון באַשיינטער דרויסן. מיין קליין ייִדעלע (פֿונעם פּראָפֿעסאָרס הויף), דער מוליער, אָן־אַ גייט ער. ער איז אַלט, קליין, קינדעריש גוט, מיט אַ ווייסער נישט קיין גרויסער באָרד. ער זעט מיר אויס, ווי אַ שרעטעלע פֿון די מעשׂה־ביכלעך. שכנא הייסט ער. אָט איז ער דורכגעגאַנגען דאַוונען.

גיב, גאָט, אַ מפּלה אויפֿן דייטש! פֿאַרטומל אים און זאָל ער פֿאַרטיליקט ווערן אין זיין אייגענער שרעק.

פֿון ביילקען אַ גרויסער בריוו דורך אַ געלעגנהייט (דער פֿאָטאָגראַף זייערער האָט געבראַכט צו פֿירן). זי מוטיקט אונדז. זי איז ביים סאָמע פֿייער און זי שלאָפֿט זיך קיין מאָל נישט אויס. אַ מאָל פֿאַרט מען ביי נאַכט אויף נישט קיין באַלויכטענער מאַשין. מע פֿעקלט זיך איבער אַ טייכל אויף אַ דינעם שמאָלן ברעטער־בריקל —

אַ האָר אין דער זייט און דו קערסט זיך איבער מיט האָק און פּאָק אין דער נאַסער, קאַלטער, פינצטערער טיף אַריין... דער מענטש איזווירקלעך שוואַכער פון אַ פליג און שטאַרקער פון אייזן!

פאַרביי מיין פענצטער גייט אַ בחורל אין גאַנצן אין דעם געלינקן געראָטן. ווי אַזוי דאָס האַרץ טוט אַ צי זיך צו אַזאַ יונג קינד.

היינט האָט זיך מיר געחלומט הירשקע דיאַמאַנט אַ לעבעדיקער, אַ גאַנצער, אין מיליטערישן אָנטאָן. ער מעלדעט מיר, אַז ער קען שוין פירן אַ מאַשין, אַן אויטאָ. איך קלער, טאָמער פרעגט ער מיך וועגן פייגעלען, זאָל איך אים ענטפערן, אַז מיר שרייבן זיך נישט דורך?...

## סע בענקט זיך נאָך אַ ביסעלע שלוה

חול המועד סוכּות. פונעם מנהג אתרוג בענטשן שוין כּמעט פאַרגעסן. נעכטן איז געווען שמיני־עצרת און מע האָט געבענטשט „גשם". ווייזט אויס, אַז מע מיינט ארץ־ישׂראל. דאָרטן הייסט ווינטער „ימות הגשמים" (רעגנצייט).

היינט איז שׂמחת תּורה. ווען מע דערציילט מיר אין שטעטל קינדוויז, אַז ס׳קען אַ מאָל אַנדערש זיין, וואָלט איך אַפילו נישט געקוקט אין יענעמס זייט. ס׳דערמאָנט זיך: מעג זיין דער טאָג אַ האַרבסטיקער, מעג ער זיין אַ רעגנדיקער, אָבער דער דאַשעק איז פאַרדרייט, אַלטע ייִדן שטיפן, ווי די קליינע קינדער. מע גייט פון שטוב צו שטוב, מע זינגט און מע טאַנצט איבער די גאַסן. די שטאָט איז אונדזערע, קיינער חוץ אונדז האָט איבער איר נישט צו שאַפן. קידוש מאַכט מען אי ביי טאָג, אי פאַר נאַכט. דער יום־טוב איז וואָכעדיק, די וואָכעדיקייט איז אַ יום־טובדיקע. לייבע דער שוסטער — דער באָבע קונציעס אײדעם — מיט דער ברייטער שיינער באָרד, אין די אויסגעפּוצטע גלאַנציקע שטיוול, וואָס זעען זיך אויס פון אונטער דער קאַפּאָטע, טאַנצט, ווי אַליין פאַר זיך (אַ טאַטע פון דער־וואַקסענע קינדער) און זינגט זיך צו אַ ווייסרוסיש לידל וועגן כּאָמען מיט יעריאָמען. וויפל ער קען, אַזוי פיל זינגט ער. די כּוונה איז ביי אים ריין, דאָס האַרץ איז אויפגעלייגט, ווי ביים שענסטן תּלמיד־חכם. נישטאָ וואָס צו זיין געפאַלן. איצט איז אַ מינוט, ווען אַלע זענען גלייך!

איך וועל אויך די דאָזיקע מינוט לאַנג געדענקען: אָט איז דעם טאַטנס האַלבע שטוב, אָט איז דער מומע לאהס האַלבע שטוב. נאָך דער שׂריפה האָט דאָרט געוווינט דער רב און ייִדן זענען געקומען צו אים זיך משׂמח זיין. לייבע איז אַריין אין אַן אַלקער, זיך געלאָזן טאַנצן און צוזינגען אויף ווייסרוסיש דאָס לידל וועגן כּאָמען מיט יעריאָמען, און כ׳האָב עס צוגעזען און געפילט אין דעם אַלע טעמען.

פון פריידקען אַ בריוו. ביי ברכהלען איז געווען בויכטיפוס. הינדעלע האָט

געקראָגן אַ משוגענעם נאַראָוויסטן פערד, כּדי איבערפירן ברכהלען אין שפּיטאָל אַריין. אָפּגעפאָרן עטלעכע טריט, האָט זיך דאָס פערד געשטעלט אויף די הינטער־שטע פיס. אָט־אָט קערט ער איבער אָדער צעברעכט דעם וואָגן. האָט ברכהלע זיך קוים איינגעבעטן, אַז מע זאָל זי אָפּפירן אין שפּיטאָל אַריין צו פוס, אַ ביסל וועט זי גיין, אַ ביסל וועט זי זיך נאָכשלעפּן. ברכהלע, שוועסטער טייערע...

אין שפּיטאָל איז איצט שלעכטע דערנערונג. האָט הינדעלע „געאַקערט מיט דער נאָז די ערד" זי זאָל פאַר אירעט וועגן קריגן אַ שטיקעלע עוף, אָפּגעקאָכט אַ קיסעל, געקראָכן איבער אַ הויכן פּאַרקאַן (נישט אין די אַנגעוויזענע שעהען) און דאָך אונטערגעהאַלטן די שלאַפע. דריי פּיצלעך קינדער אין דער היים בענקען נאָך דער מאַמען.

אין גאַנצן צען חדשים, אַז מיר זענען אין סאַראַטאָוו און אונדז האָט זיך עס שוין אויסגעצויגן אין לאַנגע יאָרן.

נעכטן געווען אין בלאַט, אַז אין איינעם פון די באַלטישע לענדער האָט דער דייטש אומגעבראַכט אין די טורמעס 14000 ייִדן.

מע האָט אין סאַראַטאָוו געעפנט אַ קלויסטער. ביי דער קריסטלעכער באַפעל־קערונג זעט זיך אַ צופרידנקייט. מיר שיינט, אַז ביי איצטיקער צייט איז עס אַ נייטיק מאַסמיטל.

איבערגעשריבן „פון דער ווייט" און אָפּגעשיקט צו סטראָנגינען.

איבערגעלייענט אין „סאָוועטיש" אַ פּאַר קאַפּיטלעך נסתּרס. מע קען צו אים האָבן טענות, אָבער לייענען ווילט זיך עס נאָך און נאָך. ס'איז אַ גוטער סימן פאַר יעדן שרייבער.

אַ פּנים־חדשות — ישועה דרייזלער — אַ קיִעווער שכן, און אויך דאָברין (אַ יונגער זשורנאַליסט). זיי האָבן פאַר אַ האַלבער שעה אָנדערציילט פּעק מיט גרוילן: קיִעוו, אָדעס, לעמבערג, ייִדן, קינדער, באַריספּאָל, דער וועג קיין באַרי־שעווקע, ווו אין די זומפּן זענען אומגעקומען אַ ים מיט מענטשן. די ענגשאַפט פון די פאָרנדיקע מאַשינעס, די פאַרשטאָפּטע וועגן, קינדער, וואָס זענען געבליבן אין די דערפער, ייִדישע — ביי נישט־ייִדן...

ווער ס'גייט פון דער אַרבעט, טראָגט עפּעס אַהיים. מער פון אַלץ וואַרפט זיך אין די אויגן — האָלץ. מענער, פרויען, — ייִנגערע, עלטערע, — ווער ס'טראָגט אַ ברעטל, ווער אַ קלעצל, אַ דרענגל, אַ קלאָץ, וואָס מע קען אים קוים דערשלעפּן, אַ קאַסטן אויף צעהאַקן, אַ בינטל שפּענער. מע טראָגט אויך קאַרטאָפל, קרויט, מערן, מעל, קרייד, צעמענט. אַלץ איז אַ סחורה.

לוויות באַגעגענען זיך איצט ווינציקער, נאָר סיי ווי מאַכט אַ שווערן איינדרוק, וואָס עלטערן קומט אויס אַליין אָפּטראָגן דאָס קינדערישע טרונעלע אויף אַ האַנטעך איבערגעבונדן איבערן אַקסל.

בליומע האָט מיר צוגעשיקט דעם 9טן נומער „איינִיקייט״. דאָרט איז אויסגע־רעכנט אַ גאַנצע ריי ייִדישע יונגעלייט, וואָס האָבן מיט זייער העלדישקייט באַשיינט דעם נאָמען פון זייער לאַנד און פון זייער פאָלק: חיים דיסקין, לייוויק ריטין, ראַפּאַפּאָרט, ראַוויטש, חיים־יצחק טאַכלער און נאָך. אייניקע זענען קוים 18 יאָר אַלט. פליִער, אַרטילעריסטן, שיפסלייט.

בערגעלסאָנען איז אין דעם דאָזיקן בלאָט געוואָרן 60 יאָר. קען עס דען זיין? ער זעט אויס ייִנגער פון 50! אמת, נישט לאַנג האָט מען געיומטובט דעם 30סטן יאָר פון זיין שאַפן. וואָלט ער אויך על־פּי שׂכל דאַרפן אַלט זיין אַ יאָר עטלעכע און פופציק.

אין דער פרי אַ כמאַרנע און איינגעגעסענע קעלט.

...ווי אַזוי האָט זיך עס פון אייביק אָן געפירט?... אַז ס׳שטאַרבט אַ ייִד אין שטעטל, קומען פיל שטעטלדיקע ייִדן צו דער לוויה אים אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד. דערנאָך קומט דער אבל אַהיים, רייסט קריע און זעצט זיך שבעה. מע פלעגט קומען מנחם־אבל זיין. מע האָט זיך געקליבן צוויי־דריי מאָל אין טאָג צו אַ מנין מענטשן. ס׳האָבן געברענט ליכטביים דאַווענען — געשטאָרבן איז אַ יחיד, גע־דענקט האָט אים דער כּלל.

וואָס זשע טוט איצט היטלער מיט גאַנצע ייִדישע קהילות? מע קען עס גאָר נישט משׂיג זיין מיטן געוויינלעכן שׂכל. מע שעכט אויס גאַנצע שטעט — אנשים, נשים וטף. וואָס קען טאָן יעדער יחיד, וואָס איז על־פּי נס לעבן געבליבן פון אַ גאַנצער עדה? ער זאָל פּראַווען די לוויה? ער זאָל רייסן קריעה, זיך זעצן שבעה? קלייבן אַ מנין, צינדן ליכט און זאָגן קדיש?

ער קען זיך נאָר רירן פון די געדאַנקען — דאָס יאָ! גרוי און אַלט ווערן פאַר דער צייט, האַלטן די נשמה אין די הענט און פּלאָטערן פאַרן קומענדיקן טאָג, ביי טאָג זיך עקן אינעם באַהעלטעניש און אַרויסקוקן, ווען וועט שוין ווערן נאַכט, און ביי נאַכט זיך פייניקן און קלערן, ווען וועט שוין ווערן טאָג.

אָפט דוכט זיך מיר, אַז דאָס אַליין ווערט געטאָן נישט אַלס אויסערגעוויינלעכער שׂינאה צו אַ פאָלק. היטלער איז אַן אוממענטש, ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אוממענטשן, און אויב ס׳נוצט ווי אַ מאַנעוווער אויפצוּוועקן די שוואַרצע פינצטערע אינסטינקטן סיי ביי זיין פאָלק, סיי ביי אַנדערע פעלקער, וועלכע ער דאַרף באַ־שווינדלען און אויסנוצן — שטערט אים נישט מאַכן פאַר אַ כפּרה־הינדל מיין גאַנץ פאָלק. איין טאָג שרייען זיינע הויכריידערס, אַז די ייִדן זענען דורכויס קאָמוניסטן, אַ צווייטן טאָג שרייען זיי ביי אים, אַז ייִדן זענען דורכויס מענטשנפרעסער און קאַפּיטאַליסטן. וואָס קען עס אים אַרן און וואָס קען עס עמעצן אַרן, אַז ער איז פאַלש? דערצו איז דאָך נאָך ייִדיש בלוט דערלויבט נישט פון ערשט... אָבער

סיי ווי וועלן אַזעלכע זאַכן נישט געשאַנקען ווערן. די קללה וועט זיך אויף זיי אויסגיסן אויבּ נישט איצט, איז שפּעטער. אויך זייערע שניר און טעכטער וועלן וויינען אויף זייערע טעג. אויך זיי וועלן זיין געגליכן צו מיסט און צו שפּייעכץ אויף די גאַסן... בין איך דען נישט אַ מענטש, ווי אַלע מענטשן, מיטן איינעם אונטערשייד, וואָס כ'בין נישט קיין רוצח, נישט קיין גאַרגל־שניידער, נישט קיין מערדער און בין זיי אויף זייער שיינער קענטשאַפט נישט מקנא...

אויפן גאַס זענען שוין פאַראַן סאָפּליעלעך אייז אונטער די פיס.

העס, היטלערס אַ גרויסער מיניסטער, פאַרהאַלט זיך עפּעס אין ענגלאַנד.

„ווען איך בין ראָטשילד?"... ווי אַזוי היטלער האָט באַהאַנדלט די ראָטשילדס איז מיר נישט באַוווּסט. פון אַ גאָרנישט קען אויך ווערן אַ ראָטשילד, אָבער אַ טאָלסטאָי, אַ טשאַפּלין דאַרף מען געבוירן ווערן.

אין לאָבינסקאָיאַ האָט דער אַלטער דידענקאָ באַגלייט מיטן בליק אַ גראָבע אָרעמאַניכע פון בעסאַראַביע און אַ זאַג געטאָן: „וואָלקאָ נאָגי קאָרמיאָט"* (דעם וואָלף האָדעווען די פיס). איך און דבורה האָבן זיך אינעווייניק געפילט געטראָפן פון דעם אומשולדיקן זאָג. געווען איז עס פאַר אַ יאָרן אין דער צייט. איצט שלאָגדער איך אום פון פרי ביז נאַכט אין דער ריי נאָך ברויט, אין גאָרקיך נאָכן עסן, אין שטאַטראַט עפּעס פרעגן, צו בורשטיינען — טאָמער אַ טאַלאָן אויף עפּעס. מיר פלעג זיין אומדערטערטרעגלעך צוצוזען, ווי אַזוי דער היצל כאַפּט אַריין אינעם שלייף אַ היימלאָזן הונט, פאַרהויבּט אים אַ קוויטשעדיקן אין דער לופטן און וואַרפט אים אַריין אין דעם פאַרנדיקן שטייג. דאָרטן זענען שוין פאַראַן נאָך אַזעלכע מיטן חותם פון טויט אין זייער באַטריבטן, האָפנונגסלאָזן בליק, גופים מיט נאָך זעענדיק לעבעדיקע אויגן, אָבער חוץ דעם צעפּלייצטן טייך פון אומאויסגענגלעכן אומגליק האָבן זיי שוין מער גאָרנישט וואָס צו זען.

די טעג געהערט שאָסטאַקאָוויטשעס 7טע סימפאָניע. אייניקע שטעלן אין דעם ערשטן טייל האָבן מיך גערירט ביז טרערן. די נערוון זענען אָן דעם אויך גוט פונאַנדערגעשרויפט. אין דעם פערטן טייל האָט זיך דער גאַנצער אָרקעסטער איבערגערופן צווישן זיך, ווי אַ ווינטיקער טאָג פון יענע זייט פענצטער אין וואַלד — עפּעס בורעט דאָרט, עפּעס געשעט.

דאָס קליינע מענטשעלע, וואָס זיצט אין מיר, וויל דען עפּעס מער? אַ ביסל שלוה, אַ ביסעלע עולם־הזה און גאָר. אמת, ס'ווילט זיך זייער, אַז שלום און ווילטאָג זאָלן זיין אַ קוואַל פאַר איטלעכן. דערווייל אָבער ליגט מיר מיין קאָפּ אין די ציבעלעס צום געקעכץ, אין די וואַליקעס צום פאַרקויפן, אין די שפּענדלעך צום הייצן און אין דער ריי צום ברויטקראָם.

---

* „Волка ноги кормят".

אַ פֿאַרשיווער כירכעל, אַ סמאַרקאַטש פֿון אַ יאָר 16, האָט נעכטן אויף ווערכנע באַזאַר זיך צעשריגן אויף אײנעם, וואָס איז אַפֿילו נישט ענלעך אויף קיין ייִדן:
— „ווי דען? אומזיסט מאַכט מען אויף אײַך פּאָגראָמען, מע שנײַדט און מע גיזעט אײַך, מע שטיקט און מע דושעט אײַך? האָט צײַט! מירן אײַך נאָך אַ מאָל ווײַזן, ווועט איר וויסן, ווי צו טרינקען אונדזער רוסיש בלוט!“...

אַ גאַנץ עקלדיקער נפֿש מיט אַן עקלדיק הײַזעריקער שטים, נאָר קײנער האָט אים נישט אָפּגעשטעלט.

אין משך פֿונעם גאַנצן טאָג שטעל איך זיך אָפּ און פֿרעג בײַ זיך יעדעס מאָל:
— וואָס אַזעלכעס שטערט מיר אַזוי? בלויז אָט די אָפֿענע אומגערעכטע און אומפֿאַרשעמטע דיבורים פֿון דער העסלעכער בריאה?...

לײַבעלע זאָגט, אַז אַנדערע חלומות פֿאַרגעדענקען זיך זײער בולט. אָט האָט זיך אים געחלומט, אַז אויפֿן וועג פֿון באַלאַשאָוו קיין פּאַוואָרינע האָבן דײַטשן אונדז טאַקע איבערגענומען און... גאָרנישט!

## נאָוועמבער־יום־טוב

הײַנט איז דער ערשטער טאָג נאָוועמבער־יום־טוב. ס'האָט אָנגעשאָטן פֿאַר דער נאַכט אַ סך שנײ. איך פֿיל זיך אין סאַראַטאָוו, ווי אַ שטיפֿקינד, נישט קיין געראָטנס און וואָס איז נאָך דערצו אויף זיך אַלײן אַ מבֿין. ווען איך גײ נאָך אַרויס מיט דער לאָפּעטע און רײניק דורך אַ ביסל דעם שנײ אין הײפֿל, וואָלט עס געווען נישט קיין שלעכטער אַדערויף אויף בעסערס. אָבער אילאַריאָנאָוונאַ האָט אַ קורצן וואַטענעם לײַבל (נישט אַזוי ווי מײַן לאַנגער מאַנטל, וואָס זײַנע פּאָלעס טשעפּען זיך פֿאַר די פֿיס). זי האָט טיפֿע גומענע שטיוול, געניטע געווינשאַפֿט און אַ ביסעלע מערער געזונט. ביז איך האָב זיך געקליבן עס פֿילאָסאָפֿיש צו באַגרינדן, זענען שוין אין הויף געווען דורכגערײניקטע סטעזשקעס פֿאַר איר, פֿאַר אונדז, פֿאַר די יודינס און אַפֿילו פֿאַר די דרויאַנעס. נו, און האָלץ? מיר זענען נאָך נישט באַזאָרגט מיט קיין האָלץ אויף ווינטער. אָט האָסטו דיר אַ בינטל וואָכעדיקע רייד אין אַזאַ גרויסן טאָג פֿון יום־טוב.

נעכטן דעם גאַנצן אָוונט אָפּגעזעסן בײַ אונדז בוטערמאַן. בין געווען גערן: כאָטשבי אַ ביסעלע פֿילן אַז ס'פֿאַרגייט יום־טוב, אַז איך בין בײַ „זיך“ אין שטוב און קען אויפֿנעמען אַ גאַסט. אַגבֿ, האָט בוטערמאַן זיך אַ ביסל אַרומגעהיהעט — אָפּגעפֿאַרבט דעם מאַנטל, גײט אין גראָבע, פֿעסטע, טאַקע לעדערנע (נישט קיין הילצערנע) שיך, געקויפֿט אַ טעקע (פּאָרטפֿעל). ער האָט מיר געלײענט אַ בריוו פֿון אײנער אַ ראָזע קאַץ (וועלכע מיר קענען נאָך נישט). מיר האָבן אַלע באַשלאָסן, אַז זי מוז זײַן נישט קיין שײנע, דאָס הײסט מער „מענטש“, ווי „מײדל“... אירע

בריוו זענען אַלע מאָל אינטערעסאַנט. זיי וועקן געדאַנק, בילדער, טיפּיזירן מענטשן. אין נעכטיקן בריוו שרייבט זי, אַז דער אמת פון אַלע אמתן (לייען — דאָס סאַמע נאָענטסטע און טייערסטע) איז די היים.

אין פאַריקן בריוו האָט זי געבראַכט אַ וואָרט, וואָס איך הער דאָס ערשטע מאָל: „געטיילטע פרייד — איז דאָפּלט פרייד, געטיילטע לייד — איז העלפט לייד״. איך פויל זיך נישט אויסטייטשן: פרייד אין צווייען — נעמט זיך אַן יעדן אַ גאַנצער חלק. ליידן אין צווייען — בלייבט דיר צו טראָגן נישט מער ווי אַ העלפט.

מאַרק איז אין סאַראַטאָוו. ער מאַכט זייער אַ ליבן איינדרוק. ער האָט אַנאַליזירט אַ פּאָר דערציילונגען פון דער זאַמלונג „די צייט גייט״. קומט אויס, אַז ער רעדט טאָקע צו מיר און וועגן זאַכן, וואָס האָבן אַ נאָענטע שייכות צו מיר. ער קומט צו אונדז אָפּט אַריין און ברענגט מיט זיך געמיטלעכקייט. מיר האָבן אים, ווייזט אויס, צוגעטראָפן. די פריינדשאַפט, וואָס בילדעט זיך צווישן אונדז, איז מיר ליב, ווי אַ לינדע וואַרעמקייט אין אַ ריינער, געראַומער דירה.

דער טאָג היינט האָט זיך אָנגעהויבן ווויל: אַ ראַדיאָ וועגן אַמעריקאַנער חייל אין אַלזשיר. באַגריסונגען צום 25סטן יאָרטאָג פון אָקטיאַבער. מע זאָגט, אַז צום יום־טוב איז פאַראַן אַ באַגריסונג פון טערקיי, באַגריסונגען פון גלחים און פּאַטריאַרכן.

אָנגעקומען „אייניקייט״ נומ׳ 15. גרויליקע ידיעות וועגן ייִדן ביים דייטש אין די הענט. קוויטקאָ דערציילט אין נאָמען פון אַ פישער וועגן דער קערטשער גרוב, וואָס יורט און גייט אויף, ווי אַ ראַשטשינע. דאָס האָט זיך מאַרקישעס „קופּע״ אַזוי צעוואָקסן... סאַראַ מוראַדיקע חיה דער מענטש איז.

אין זעלבן נומער „אייניקייט״ איז אָפּגעדרוקט „שכנים״. זייער געקירצט. מילא, גוט איז דאָס. באַרזשעס האָט מיר צוגעשיקט אַ קאָפּיע פון „אַ ייִנגעלע מיט אַ מיידעלע״. דאָרט אין ביראָבידזשאַן האָבן זיי עס איבערגעגעבן דורך ראַדיאָ.

ביי אונדז איז נישט געהייצט, נאָר קיין קעלט פילט זיך נישט. אמת, אונדזער קליין שמאָל צימערל איז אַן אינעוויינִיקסט. פון איין זייט — נאַסטיע, פון דער צווייטער — די יודינס. דאָס איז אויך אַ געווינס.

ווען איז חנוכּה?

איך לייען כּמעט גאָרנישט... באַגעגנט פּירן אַ טרונע אויף אַ שליטעלע. אַזעלכע זאַכן זענען מיר נאָענט, נאָר דאַך בענקט זיך שוין נישט אַזוי נאָכן טויט. אַ סימן, אַז די לעצטע פּאָר טעג זענען ביי מיר געווען גרינגערע.

וואָס מאַכט ביילקע? ווי אַזוי רופט זיך אָפּ אויף איר דער ווינטער און דאָס זיין אין דער פרעמד?

אין דרויסן איז נאָך פינצטער. ס׳איז היינט פרייטיק. נישט דער פרייטיק, וואָס אַ מאָל אין שטעטל. איך בין דער זעלבער סלאָוועשנער, נאָר מיין סלאָוועשנע איז לעבן מיר נישטאָ.

נעכטן פאַר נאַכט זענען אָנגעקומען פון ביילקען 400 רובל. נישט איך בין דער איינציקער, וועמען סע טוט אַ צי ביים האַרצן, אַז דיין קינד הייבט אָן ווערן דיין שפּייזער. ביינאַנד מיט מיר האָט אַ פשוטע סאַראַטאָווער פרוי באַקומען 32 רובל מיט אַ צושריפט: „אייער מאַן איז אומגעקומען״.

זי האָט נישט געוויינט. וויזט אויס, אַז די ידיעה אַליין האָט זי שוין געהערט פריִער. זי האָט נאָר געזאָגט, אַז זי איז צוויי מיט אַ האַלב חודש געווען מאָביליזירט אויף וואַלדאַרבעט.

— אַזעלכע „פּערעוואָדן״ (געלט־אַנווייזונגען) האָב איך היינט צעגעבן דריי, — האָט די פּאָסט־אָנגעשטעלטע זיך אָנגערופן צו אַ צווייטער.

אַפילו דאָ זענען עמעצנס צרות נאָך נישט דיינע. דערווייל איז מיר געקומען אויפן געדאַנק זעליק אַקסעלראָד, וואָס איז יונג אויסגעריסן געוואָרן פון דער וועלט.

פּאַרשלעפּט פון ווערכני גאָס צוויי שליטעלעך האָלץ — 600 רובל.

ברויט האָט מען געגעבן אויף צוויי טעג.

אַמעריקע און ענגלאַנד טוען עפּעס אין אַפריקע.

אין די צייטונגען טשערטשילס און רוזוועלטס דערקלערונגען.

אַ ביסעלע געאַרבעט, אָנגעשריבן צו סאַשע ביטערזאַלץ אַ קאַרטל, אַז ס׳וואָלט געווען גוט מיט עפּעס באַהילפיק זיין וועלעדניצקין.

פון ביילקען און הערשעלען בריוו. אַז זיי פלעגן גיין דעם 7טן נאָוועמבער מיט דער שול אויפן פּאַראַד, פלעג איך זאָרגן, אַז זיי וועלן זיך אָנפרירן און איינמידן. איצט זענען זיי ווייט פון דער היים און יעדערער אַליין אַ מענטש — מע שטייט מיטן גאַנצן לעבן אויף דרויסן. און אין דער אונטערשטער שורה איז מען נאָך אַלץ קינדער.

## די לופט אין צימער האַלטן ריין

בין פרייטיק און שבת געווען שלאַף, געבראָכן מיט דער גרינער גאַל. נאָר שפּענער פאַרן טאָהאָן דאַרף מען אָנשפּאַלטן, קיינער וועט עס פאַר מיר נישט טאָן. לייבעלע זאָל זיך פאַרען מיט דער האַק איז נאָך צו פרי.

שלאַפעריהייט אויסגערייניקט מיט אילאַריאָנאָוונען צוזאַמען אַ הויף מיט שניי. זאָל עס מיר זיין צו אַ פּעולה. מאַרק איז היינט קענטיק אַוועקגעפאָרן צו „זיך״ קיין נאָוואָזענסק. ס׳איז מיר גוט מיט אים. דאָס לעבן איז אַזוי שווער און ער בייגט

זיך נישט אונטערן יאָך. ער האָט פֿאַר אַלץ און פֿאַר אַלעמען אַ מונטערן שמייכל און אַ גוט וואָרט. ער קען אַפֿילו שפּאַסן.

מיר זיצן בײַם טשאַדענדיקן קאַנעצל, באַנוגענען זיך מיטן מינדסטן און בעטן גאָט ס׳זאָל נישט ווערן ערגער. די האָפֿענונג איז אַזוי דין, ווי דער פֿאָדעם פֿונעם שפּינוועבס — מע דאַרף זיך אָנשטרענגען, כּדי זי צו באַמערקן.

פֿאַר אַ יאָרן אין דער צײַט האָבן מיר נאָך געריזיזט ערגעץ אַרום אַבטשאַדאַ. פֿאַרגעדענקט האָט זיך די שיינע וואָלגע־שטאָט. הומראָק ווערט זיך אויך געדענקען לאַנג: מע פֿלעג אַרויסגעבן שטיקלעך טייג צום באַקן. יעדערער האָט געהאַט זײַן ריי לעבן טשוהונען קיילעכדיק אײַוועלע. אונטן, אינעם „פּאָדוואַלאַ״ האָט מען געשטעלט די סקאָוורעדע אָפּצובאַקן דעם קאַרזש. די מצות, ווען מ׳איז אַרויס פֿון מצרים, האָט מען געבאַקן אויף דער זון, און דאָ פֿאַלן דורך דעם געגראַטעטן אָפּטייל שטיקלעך קוילן אויף דײַן עסן, און קענסט צו דעם גאַרנישט העלפֿן...

איצט גיי איך איבער סאַראַטאָווער גאַסן צו לייבעלען אין שול אַרײַן. איך וואָלט זיך מעגן פּילן דאָ היימישער, אָבער דער עלנט עסט מיך. אויב מיר האָבן דערלעבט פֿון פֿאַר אַ יאָרן, וועלן מיר אפֿשר דערלעבן ביז איבער אַ יאָר.

אַ יאָר מיט פֿינעף חדשים מלחמה בײַ אונדז אין לאַנד. וווּ זענען פֿון מײַנע שטובמענטשן — דער טאַטע, גדליה, הערשעלע? וואָס מאַכט מיישקע? ווי פֿילט זיך הערשעלע דער גרויסער און ביילקע? אַלע אַנדערהאַלבן יאָר נישט געזען די שוועסטער מיט די קינדער... נישטאָ שוין פֿייגעלע, גורשטיין, ווינער, זיך לאַנג נישט דורכגעשריבן מיט מײַנע קרובֿים פֿון קאַנאַדע, אשרן און שאולן, מיט לייוויקן און אָפּאַטאָשון. אויב איך וועל בלײַבן לעבן, טוען מיר שטאַרק באַנג מײַנע ווינציקע כּתבֿים, די דערציילונגען „אין דעקאַבער״, „ניי־יאָר״, „אַבי אַ מענטש זאָל ער זײַן״, „פּיו פּלעדערווישל״ — קלייניקייטן, וואָס ס׳ווילט זיך זיי נישט פֿאַרלירן.

ס׳איז שוין ענדע נאָוועמבער. ראשית חכמה, וואָלט מען דאַרפֿן באַזאָרגן אַ ביסל האָלץ כּל־זמן די קעלטן בושעווען נאָך נישט. דבורהל מאָנט אַ שטיקל פּוטער. איך דאַנק גאָט, וואָס די „סוואָדקעס״ זענען בעסערע.

אַנטקעגן ביילקען בין איך שולדיק, הלוואי זאָל עס גלאַט אָפּגיין. אָפּגעלאָזן זי אויפֿן פּראָנט אין דער ווייטער פֿרעמד, זי שלאָפֿט אויף דער ערד... מיר זאָלן זי דערלעבן זען אַ לעבעדיקע און מיט אַלע אבֿרים.

אין „איזוועסטיאַ״, קאָווערינס „רוסקי מאַלטשיק״. חוץ דעם, וואָס ס׳איז איבערגעטריבן, איז עס זיכער אַ „יעוורייסקי״ מאַלטשיק. ס׳דערמאָנט, אַגבֿ, באַ־בעלס „סין רבי״. נו, און דער געדאַנק פֿונעם דערמאָרדעטן ייִנגל מיט דער טויב, וואָס שרעקט די דײַטשן אין זייערע לעצטע: זיי פֿרעגן אין איינע שרעק „ווער גייט?״ — ענטפֿערט אַ שטים: „נקמה״... „געדאַנק״... „געוויסן״... מע שיסט אין דער שטים — נעמט זי קיין קויל נישט. פֿאַלט אויף די דײַטשן אַ פּחד און זיי

קוויטשען אין איינע שרעק: „נישט איך, נישט איך האָב דיך געהרגעט"... און ס'קומען אָן ספּעציעלע פאַראָרדענונגען אין די דיוויזיעס: „זיך נישט שרעקן פאַר קיינע אויסגעטראַכטע מתים"...

אויב דו גלייבסט — איז עס עפּעס.

די „סוואָדקעס" פון די לעצטע טעג זענען גראַנדיעז.

האַרימאַן אין זיין רעדע דערמאָנט אונדזער פירער צום גוטן. אונדזערע פאַר־בינדעטע, דער עיקר די ענגלענדער, זאָלן זיך כאָטש נישט דערשרעקן פאַר אַזוי פיל גוטע נייעס. דערווייל ווילן מיר גלייבן, אַז דעם דייטשס מפּלה קען זיך אָנהייבן פון צאַריצין. אַ כּבוד און אַ הילף, אַ ליכט אין די אויגן. די שטאָט וועט מען אויסבויען צוריק נאָך מיט מער קראַפט.

האָב היינט צוגעטראַכט אַ שיינע תּפילה: „גאָט, פאַרוואַנדל מיר מיינע פיינד אין פריינד!" און ס'איז מיר געוואָרן פון דעם גרינגער. איך בין געהאָלפן געוואָרן.

נאַסטיע האָט פאַר גאָרנישט מיט נישט זיך גענומען טשעפּען צו דבורהלען: אַ שמאַטקע, וואָס דבורהל הענגט אויף אויף ביי נאַכט אַרום אויוון זי זאָל זיך אויסטריקענען, נעמט יענע און וואַרפט אַראָפּ. די וואָג, וואָס זי האָט געהאַלטן אין קיך אונטערן טיש, מיר פלעגן זיך מעגן מיט איר באַנוצן, איז שוין אַ פּאָר טעג נישטאָ אויף איר געוויינלעכן אָרט. בין איך גרייט געווען זי שעלטן אין האַרצן, אַרויסקוקן אויף איר מפּלה. ווערט מיר אָבער פון דעם שטאַרק נישט גוט: — מיר זענען אָנגעפּאַרענע, זי ווינטש נישט געענגט, אָבער מיר האָבן איר נישט געמאַכט גענאַמער. דבורהל שלאָפט אויף איר בעט, איך שלאָף אויף אַן אייזערן בעטל מיט לייבעלען אין צווייען, אָבער אונטער אַ דאַך, און איר מאַן, ווער ווייסט, צי ער לעבט? און איר עלטערער זון האָט נישט לאַנג געדאַרפט דורכפאָרן סאַ־ראַטאָוו אין אַ מיליטערישן עשאַלאָן... וויפל וויבער, וויפל מאַמעס האָבן געטראָגן צום באַן עפּעס געבעקס, מע האָט זיך געגרייט, מע איז נישט געשלאָפן קיין נעכט, צום סוף האָט נאַסטיע געבראַכט דאָס געבעקס אויף צוריק. אַנדערע האָבן אָפּגע־געבן אַ טייל פונעם עסן צו גאַנץ פרעמדע אומבאַקענטע סאָלדאַטעלעך. לאָזט זיך אויס, אַז ס'איז געווען אַן אַנדער עשאַלאָן... טאָ ווי אַזוי קען זיך ביי מיר אַ ריר טאָן דער געדאַנק איר ווינטשן שלעכטס? און דאָס האַרץ איז נישט רויק. מיר זענען היימלאָז און עלנט. מיר האָבן נישט דעם ביסן ברויט צו זאַט. באַגעגענען כאָטש אַ וואַרעמען בליק. האָט דער מוח אַזוי לאַנג געאַרבעט ביז ער האָט מיך געשטעלט צופרידן: „רבונו־של־עולם, טו מיר אַ נס, אַז מיינע פיינד זאָלן מיר ווערן פריינד"...

טרעפט אַ מעשה: אַפּאָלאָנאָוונאַ מיט יודינען גטן זיך אַלע טאָג. נאַסטיע מיט איר קליינעם מוח איז גרייט זיין ביי זיי ביידן אַ קנעכט. נאָר ווי באַלד יענע גלייכן זיך נישט, האָט זי זיך געשטעלט אויף מאַריאַ אַפּאָלאָנאָוונעס צד. זי זאָגט, אַז

אַלעקסייִטש איז אַ פֿאַרשייטער („אָזאָרנאָי״) און נישט קיין ערלעכער. ווײַל זי, אַז דבורהל זאָל האַלטן מיט איר, כאָטש מיר האָבן די מעגלעכקייט זיך נישט מישן נישט אַהער, נישט אַהין. און... ממש ווי לויט אַ צויבער־שטעקעלע, איז די וואָג שוין צוריק אין קיך אויף איר אָרט אונטערן טיש, און זי זאָגט אַפֿילו מיר זאָלן זיך מיט איר באַנוצן, ווען מיר וועלן באַדאַרפֿן. יעדן אָוונט איז שוין דאָס שמאַטקעלע נישט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿונעם שטריקל אַרום איווון. זי רעדט צו אונדז מיט אַ שמייכל. איך בין געגאַנגען אין גאַס, איז זי אַ שטיק וועג מיט מיר מיטגעגאַנגען, זי דאַרף עפּעס אַ פּאַפּירל ביים נאָטאַריוס באַשטעטיקן, טרויט זי עס מיר אָן, רעדט צו מיר היימיש... ליבער גאָט, ווי גוט דו ביסט צו מיר! מיט אַזאַ גיכקייט איז מײַן וואָרט צו דיר דערגאַנגען און דערהערט געוואָרן. אַזוי גרינג איז דיר אָנגעקומען באַשאַפֿן פֿאַר מיר וווּנדערלעכס — שלום אין שטוב! פֿרידן מיט דער, וואָס איך גיי אויף איין סטעזשקע! ס׳איז דאָך פֿאַר מיר אַ רייכטום נישט אָפּצוצאָלן — קיינעם קיין שלעכטס, און מיר איז דערפֿון גוט!...

געקראָגן עטלעכע פֿרישע בריוו, נאָר לייענען וועל איך זיי אין דער היים.

בליומע שרײַבט, אַז זי האָט באַגעגנט ליאָליען שטאַרק באַטריבט: אַן עלטערער ברודער איז געפֿאַלן אין שלאַכט, פֿון מײַשקען שוין לאַנגלעך גאָרנישט נישטאָ. ווען פֿייגעלע לעבט, וואָלט איר, ליאָליען, געווען נישט אַזוי שווער צו טראָגן דעם יאָך פֿון די צרות. די מוטער נאַרט מען אַלץ און מע דערציילט איר גאָרנישט וועגן פֿייגעלען. מע טראַכט נאָר צו איין ליגן לעפּישער פֿונעם צווייטן...

פֿאַראַן אַ בריוו פֿון ש. גאָרדאָן מיט אַ פּאָר פֿרישע אַדרייסים.

האָב „אָפּגעשטעפּט״ ביי אַ צענדליק בריוו צו חברים און צו פֿרײַנד. יעדן געשריבן, וואָס אים געהערט.

אָפּגעטראָגן אין אוקראַיִנישן ראַדיאָ אַ קליינע דערציילונג.

נאָוועמבער גייט צום סוף. זיך באַקענט היינטיקע וואָך מיט אַ פֿרוי. לויטן אָפּשטאַם איז זי אַ היגע דײַטשקע. מע האָט זי נישט אַרויסגעשיקט, ווײַל דער מאַן איז אַ רוס. זי לערנט אין אַן אינסטיטוט מאַטעמאַטיק.

אינטערעסאַנט, אויב איך וויל אַ מפּלה אויף די דײַטשן, ווײַל זי אויך דאָס זעלבע? צי זי קען כאָטש אונטערשיידן היטלערישע דײַטשן פֿון מענטשלעכע דײַטשן? דאָס, וואָס איך זע אויף איר, איז פּשוט: זי איז אַ מענטש, וואָס רעדט רוסיש, קען רוסיש, לערנט אירע סטודענטן אויף רוסיש. אַ היגע געבוירענע, זעט זי מיר אויס צו זײַן אַ היגע אין אַלצדינג. נאָר לויט די פּאַפּירן שטאַמט זי פֿון אַ פֿײַנטלעכן פֿאָלק. צי געדענקט זי אירע פּאַפּירן אַ קיילעכדיקן מעת־לעת, אָדער זי שטויסט זיך אָן אויף דעם פֿון צײַט צו צײַט?

דאָס, וואָס זי האָט מיר אַליין דערציילט וועגן דעם, איז אָרנטלעך פֿון איר זײַט. דאָס הייסט, אַז זי האָט נישט וואָס צו באַהאַלטן.

דורך דער גאָרקיך קען זי מיך מיט מיין געזינד. אַז זי זעט מיך אַליין, פרעגט זי מיך יעדעס מאָל אויף מייניקע. טאַטע אין הימל, דער דאָזיקער באַקענטער קען איך נאָר זיין דאַנקבאַר, פאַר איר ריינעם האַלטן זיך מיט מיר, פאַר איר שטילן אמת. אָבער ווי? ווערליק די אומגליקן, וואָס מיין פאָלק טראָגט איבער, אפשר דאַרף איך, אפשר מוז איך איר זיין אַ שונא, כאָטש איך וויל עס נישט און קען עס נישט. זי איז דאָך נישט קיין אויסגעטראַכטע. זי איז אַ מענטש, מיט וועלכן איך האָב נישט איין מאָל שטיל און אמתדיק גערעדט. פיינט האָבן אַ ייִדן, אויסמיידן מיט מיר באַקענטשאַפט וואָלט דאָך קיינער און קיינס איר נישט געשטערט?!...

צוויי טעג אין דעצעמבער. קיראָווס יאָרצייט שוין געווען. פאַראַן יאָרצייטן און געבוירנטעג, וואָס אויב מע דאַרף מע זאָל פון דעם וויסן, איז עס אַרויסגעשטעלט פאַרן גאַנצן לאַנד. יעדער איינער מיינט, אַז ער ווייסט עס סיי ווי סיי. ער כאַפּט זיך נישט, אַז מע האָט געמאַכט ער זאָל וועגן דעם וויסן.

מיר גלייכן זיך נישט אַ ביסל מיט לייבעלען. איך דאַרף אויסמיידן פאַרדראָס. אייניקע פאַרדראָסן (וואָס זענען אפשר אין גאַנצן נישט קיין באַגרינדעטע) אים נישט אַרויסווייזן, ווען זיין באַציִונג צו מיר, ווי צו אַן עלטערן, נישט פאַרביליקט ווערן. נישט מיר גייט עס אָפּ, נישט איך באַדאַרף זיין בכּבודיקע באַציִונג, נאָר מע דאַרף עס. אויב מע קען האַלטן די לופט אין צימער ריין, באַדאַרף מען עס אויך אי פאַר זיך, אי פאַר לייט.

## אַ יאָר אין סאַראַטאָוו

ערשטע טעג דעצעמבער, פאַר טאָג.

גאָר אין גיכן ווערט אַ יאָר, אַז מיר זענען אין סאַראַטאָוו. פאַר מיר מיט מיין געזינד איז עס אַזאַ לאַנג יאָר!... מיר זענען על עברי פּי פּחת, אויפן ברעג פון אומקום.

נאָר „סוועט ניע בעז דאָבריך ליודיי"* (אויף דער וועלט פעלן נישט קיין גוטע מענטשן). אינעם מדבר פון קעלט, דערשלאָגנקייט, צווישן פרעמדע מענטשן, האָבן גוטע לייט אונדז דערלאַנגט אַ האַנט און געהאָלפן מיר זאָלן נישט אומפאַלן: באַזשאַן, ווינאָגראַדאָוואַ, ניקיפאָראָוואַ, אָסטראָווידאָוואַ (די לעצטע צייט פרעמדט זי זיך עפּעס, אפשר אַ רכילות), ברכהלע און הערשעלע, וואָס העלפן אונדז פונעם לעצטן, און דאָ איז נאָך צוגעקומען מאיר הערשאָוויטש בורשטיין. אויך ער איז צו אונדז אויפמערקזאַם אָן פּניות. מיטגעפיל, ריינע מענטשלעכקייט און מער גאָרנישט.

* „Свет не без добрых людей".

פון ביראָבידזשאַן האָט אַ „קאַפּע" געטאָן. פון „איינִיקייט" פאַלט עפּעס אַריין און אַזוי האַלט מען זיך.

אָפּט לייענען מיר טשעכאָוו ביים קאַנעצל. דבורהל נייט עפּעס און הערט. לייבעלע הערט אויך.

זאָגן, אַז טשעכאָוו טרעפט איצטער צו אונדזער געמיט-צושטאַנד מער ווי אַן אַנדערער? צי אפשר פאַרמאָגט ער אין זיך אַזעלכעס, מיט וואָס ער טרעפט דיר צו אין אַלע צייטן. נאָר לאָמיר ביי איך פרעגן: טשעכאָוו איז ער, ווייל ער האָט געוואָלט אַזוי, צי איך בין קוים איך, ווייל ס'איז מיר מער נישט געגעבן געוואָרן?...
אָפּט בין איך גרייט דאַנקען דער השגחה, כאָטש פאַר דעם מינדסטן ביסעלע, וואָס איך (דער עלטסטער זון נחומס און ליבעס פון סלאָוועשנע) פאַרמאָג. ווען גאָט העלפט נאָך מיר זיין אָרענטלעך און מענטשלעך וויפל ס'נעמט זיך אָן פאַר אַ געוויינלעכן שטעטלדיקן ייִדן, וואָס איז גוט ביי גאָט און לייט אין די אויגן...
היינט געאַרבעט אַ ביסעלע.

כ'קלער אָפּט וועגן עלטערן און קינדער: אין די יונגע יאָרן האָב איך אַ צייט זיך נישט געגלייכט מיטן טאַטן. צי וועט ביי מיר מיט לייבעלען זיין דאָס זעלבע?... „האבות והבנים" — און שוין אַזוי גיך? פון 10-יאָריקן עלטער וועט ער מיך צו ביסלעך נישט קענען איבערטראָגן. און גוט איז צו מיר דער טאַטע געוואָרן, אַפילו גאָר גוט, ווען איך בין שוין אַליין געוואָרן אַ טאַטע. דאַרף מען זיך אָננעמען מיט געדולד און וואַרטן. צי ס'וועלן זיך לאָזן געפינען אַזעלכע וועגן אויף אויסצומיידן דאָס אומפאַרמיידלעכע? (אויב ס'איז אונדז נאָך באַשערט לעבן). פון איין זאַך איז מיר גרינג, וואָס איך פיל נישט ביי זיך קיין אַמביציע לשם אַמביציע. איך זוך נישט אויף מיינע קינדער קיין פאַרדראָסן. איך ווייס, איך האָב די מעגלעכקייט אָפּצושאַצן אין וועלכע פּרטים זיי זענען פיינער פון מיר און איך האָב די מעגלעכ־קייט מיט דעם זיך איבערנעמען.

כאַסקל שרייבט, אַז ער איז געפאָרן אויפקלייבן דעם בוימוואָל. די שרייבער האָט מען גערופן אַזוי ווי אַלעמען, געפאָרן זענען דערווייל נאָר די ייִדישע. די רוסן און די אוזבעקן האָבן דערויף נישט געלייגט קיין אַכט.

דער דירעקטאָר פונעם פאַרלאַג פאָמין האָט מיר געמאָלדן כמעט מיט שאַדנ־פרייד, אַז די קינדער־זאַמלונג וועט זיך נישט דרוקן. ווייטער בין איך געווען אויפן מאַרק, ווו דער יקרות שטאַרקט זיך. ביידע זאַכן האָבן מיך אָנגענומען ביים סאַמע שפּיץ האַרצן. זיי האָבן מיך ווי געמאַטערט, געדראָט, אָנגעוויזן אויף מיר מיטן פינגער. אָבער איך האָב היינט כמעט געענדיקט שרייבן אַ מאָנאָלאָג, באַקומען וואָס ס'געהער צו זיין פון דער קיך, געבראַכט אַהיים אָנגעשניטענע אוגערקעס, געגעסן אַ שטוביקן מיטאָג, געלייענט וויטאַלאָווסקין — בילדער פונעם קריג אינעם 14טן יאָר — געלייענט טשעכאָוו און זיך צוריק אַריינגעצויגן אינעם טאָג־טעגלעכן.

אין דרויסן שנייט אַ גאַנצן טאָג. אַז דו קומסט אַריין אין שטוב, דאַרפסטו אויסוווישן די ברילן, אָפּטופּען די פיס און אָפּטרייסלען סיי דאָס היטל, סיי דעם מאַנטל, און סיי ווי איז דער האַלדז לעבן קאָלנער נאַס און אויפן דיל, לעבן דעם אָרט ווו דו זיצסט, בלייבט סיי ווי אַ קאַליוזשקע פון דיינע שיך.

אין אַ גוטער שעה אַ פרישער רופצעטל אין „וואָיענקאָמאַט״.

אויב מע וועט מיך צונעמען אין דער אַרמיי, וועט זיין אַ רחמנות אויף דבורהלען, אויף די קינדער און אויף מיר אויך. ס׳זענען שוין נישט די יאָרן זיך צו לערנען האַלטן אַ ביקס אין דער האַנט. איך בין נישט אַלט קיין אַכצן יאָר. שוין באַלד דריי מאָל אַכצן.

דער זעלבער משוגענער וועטער וואָס פאַר אַ יאָרן און דערצו נאָך אַ סך היזקות היינטיקס טאָג: איך וויס נישט, ווו זענען ביי מיר אַהינגעקומען די ברויט־קאַרטלעך און דער דורכגאַנגצעטל אין גאָרקיך אַריין. ביי דבורהלען פעלט אויך עפּעס פון איר „קראָם״.

מען וועט דאַרפן זיך דערפרעגן אין שרייבער־פאַראיין וועגן אַ „בראָן״ (אַ צעטל, וואָס לאָזט איבער די אַרמיי־אָנגעהעריקע אויף זייער היגער אַרבעט).

אין גאָט ווייסט, וואָס ס׳וועט מיט אונדז איצטער זיין. אפשר וועט זיך איינגעבן קריגן אַ „בראָן״. צוואַנציק יאָר סאָוועטישער שרייבער! צוואַנציק ביכער און ביכלעך אַרויסגעגעבן! אין מיטן דרינען, ביי 46 יאָר, אָנהייבן וואַשן דילן, רייניקן קעסלען און זיך לערנען דאָס, וואָס מע הייבט אָן ביי 18—20־יאָריקן עלטער. עלטער — איז איינס, און כּוחות? די כּוחות האָבן זיך אין גאַנצן אויסגעלאָזט. ס׳איז שווער, ס׳איז זייער שווער.

נאָר אפשר וועט גיין צום גוטן. אויפן האַרצן איז מיר היינט גרינגער, ווי נעכטן. מאַטווייענקאָ, פון שרייבער־פאַראיין, איז מיט מיר היינט אומגעגאַנגען אין ראַיאָנעם „וואָיענקאָמאַט״. בשעת ס׳איז מיר גרינג, מאַך איך אַ שווייג. ווערט מיר שווער, שרייט, נעבעך, אין מיר אַלץ מיט אַנאַנד.

פון כאַסקלען אַ צוגעלאָזט קאַרטל. פול מיט האַרץ. פון ביילקען מיט אַ געלעגנ־הייט אַ בריוו, עפּעס געלט, זייף און שוועבעלעך. דאָס איז שוין אָן איבערבראָך צום גוטן.

## דער מענטש זעט דעם מענטשן פון דרויסן

אין צימער איז קיל, נאָר אויפן געלעגער זיך עטוואָס איינגעוואַרעמט. ס׳ווילט זיך דאָס לעבן פאַרבעסערן און נישט פאַרערגערן.

האַלץ. שיער, שיער נישט געקויפט.

די לעצטע צייט, און אַפילו היינט אין דער פרי נאָכן אויסגעוואַרעמטן געלעגער,

האָב איך זיך אַזוי אין גוטן מוט געמאָלט: ווען עמעצער אַ נאָענטער דערלאַנגט מיר אַ גלאָז סם (אינעם אויסזען פון אַ לויטערן גלאָז ווייַן), וואָלט איך זיך נישט געדונגען און אויסגעטרונקען. ווייל שווערקייטן שטייען פאַר געניג און מוט (אויף זיי איבערטראָגן) פאַרמאָג איך ווייניק.

לויט די פּאַפּירן ווערט מיר היינט, דעם 12טן דעצעמבער, 46 יאָר. לויט דעם ייִדישן חודש יאָר איך זיך פריִער — 18 טעג אין חשוון.

פון פייגע האָפּשטיין אַ בריוו פול מיט טראַגישע מאָמענטן: אַלטע מיט עקיבאָן (דודס קלוגע פילגעליטענע מוטער מיטן שלאָפן ברודער) זענען געבליבן אין קיִעוו, אַ לוויה פון אַ קיִעווער מוזיק־פאָרשער. אַנאַ פּיאַטיגאָרסקי איז מסוכן קראַנק. און דאָך ענדיקט זי דעם בריוו מיט די ווערטער: „קיפּניס, גדענקט, אַז מיר מוזן נאָך דערלעבן גוטע טעג“...

איך הער איר שטים. איך זע איר בליק. און דאָס, וואָס זי זאָגט, איז קאַטעגאָריש. גוט, לאָמיר פּרוּוון וואַרטן.

ס'זענען געווען טעג אין פאַריקער וואָך, וואָס אויפהערן לעבן איז מיר געווען נישט סטראַשנע. די וואָלגע איז מיר נישט אַרויס פון קאָפּ. מיר איז נאָר נישט געווען קלאָר די טעכנישע זייט פון דער זאַך: גיין מיטן מאַנטל איז אַן עבירה, בעסער איבערלאָזן פאַר די שטוביקע. גיין אָן דעם מאַנטל, איז קאַלט און מע וועט מיך אָנקוקן. אַט איצט בין איך פריי פון דער דאָזיקער „פּראָבלעם“ — צעשניטן אַ ציבעלע, באַגאָסן מיט בוימל, גוטע עטלעכע ביסנס ברויט און אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען. מיר איז עפּעס גוט, וואָס איך לעב אויף דער וועלט.

דער פּריזיוו איז פאַרלענגערט (פּראָלאָנגירט) ביז מע וועט מיר צושיקן פּאַפּירן פון מאָסקווע.

געמאַכט אַ פינעף־זעקס געניג און האָב אומעטום געטראָפן.

אין אָוונט געלייענט טשעכאָוון און אַ ביסעלע איבערגעשריבן „שלומען“.

אין בלאַט פאַרן 20סטן איז דאָ אַ ידיעה, ווי אַזוי מע האָט אין פּאַרלאַמענט באַערט דעם אָנדענק פו די ייִדישע קרבנות. אַלע דעפּוטאַטן האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער און מע איז איניקע מינוט געשטאַנען אין טיפן שווייגן. אַ טיפער „אוי!“ רייסט זיך אַרויס פון האַרצן. טרערן בעטן זיך אין די אויגן און... שויך. דאָס איבעריקע — כאָטש שלאָג זיך קאָפּ אָן וואַנט.

מ'האָט מיר צוגעשיקט ייִדישע צייטונגען, וואָס איך האָב נאָך נישט געזען: 11, 12, 16, 17 „איינִיקייט“. דאָרטן זענען דאָ ידיעות וועגן ייִדן־פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געקראָגן הויכע באַלוינונגען: לייזער, יעקב־יצחק זאַק — אַ געראָטענער און גליקלעכער פליִער, דער שוסטער סאָרין און נאָך און נאָך.

גאַנץ פריי האָט מען דורך ציגאַנסקע־גאַס געפירט אַ 12—15 מענטשן אַרעסטירטע — מערער יוגנט. מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף זיי קוקן.

ביי טאָג האָט די קאַץ געכאַפּט אַ סך מייז און זיי האָבן געפּישטשעט אונטער אירע נעגל. די מייז און שטשורעס האָבן אונדז אָנגעטאָן פיל שאָדן, נאָר סיי ווי איז מיר דאָס שווער צו זען און צו הערן.

פאַר נאַכט, אויף פּאַטשט, צוויי יונגע מענטשן, פּלוצעם — איינער קנאַקט דעם אַנדערן מיט די פויסטן איבערן קאָפּ, וויל נאָר טרעפן אין פּנים, נאָר יענער פאַרשטעלט זיך.

— „זאַ טשטאָ״? — פרעגט ער ווי אומגערן און דערשראָקן.

— „אַ זאַ טאָ!״ — ענטפערט דער צווייטער און פּאַכעט מיט עטלעכע פּאַפּירענע דרייסיקערס.

שוין. מע פאַרשטייט שוין! יענער האָט זיך צוגעשטעלט צו דער קעשענע, שוין אַפילו אַרויסבאַקומען די פּאָר גראָשנס, און דער האָט באַצייטנס דערפילט. אַלץ האָט זיך אויפגעטאָן בליץ־שנעל — רגע כממרא! די קלעפּ זענען געווען נישט קיין געקאַרגטע, אַ סך מער און וואַגיקער, ווי די עטלעכע בלייכע דרייסיקערס זענען ביים איצטיקן טאָג ווערט.

דער בעל־דבר איז ענדלעך אַנטלאָפן מיט אַ פאַרשטעלטן פּנים אי פאַר ווייטיק מיט מורא, אי פאַר חרפה מיט פאַרדראָס. קלאָר, ער איז מיאוס דורכגעפאַלן.

אַ מיליטער־מענטש פונעם עולם, וואָס האָט דאָס צוגעזען, האָט זיך אָנגערופן:

— צוליב וואָס האָסטו עס געטאָן?

— צוליב דאָס! — ווייזט ער ווייטער פאַר איטלעכן ברייט די עטלעכע צע־מיאַלעטע דרייסיקערס. ער איז נאָך צעהיצט, און איז גייציק געגעכט ביי זיך אין די אויגן.

— דאָס גלייכסטע איז אָפּפירן אַזאַ אין מיליציע אַריין.

נאָר די איבעריקע מאַכן ביי זיך מיט ביטול, אַז דאָס איז אַן עצה „וו פּאַלזוו בעדניך״ (אַ ברכה לבטלה) און דער ענין האָט זיך איינגעשטילט...

תּחילת אָוונט. די לאָדן שוין פאַרמאַכט. דבורה האָט אויף זיך און אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה: לייבעלע האָט געטראָגן די שיך פאַרריכטן אין „קאָאָפּ־רעמאָנט״ און איז אַזוי לאַנג נישטאָ צוריק. מיר שווייגן. מינוטן ציִען זיך אויס פאַר שעהען... ענדלעך, איז דאָס קינד געקומען.

ער פאַרהיקעט זיך — אַ מאָל מער, אַ מאָל וויניקער — ער דערציילט אונדז אויס זיינע פּאַסירונגען. מיר זענען גערן, אַפילו גליקלעך, וואָס מיר האָבן אים שוין אין שטוב.

אַנומלט האָט ער זיך געקלאָגט, אַז אייניקע שילער מיינען, אַז ער איז אַ „זשיד״. ער גופא וויל זיך, נעבעך, איינרעדן, אַז ער איז אַ הייליקער אוקראַינער — געבאָרן פאַקטיש האָט דאָך אים די מאַמע, אַליין איז ער פון קיִעוו. מע דאַרף נישט מיינען, אַז ייִדן זענען ביי אים אין די אויגן אַזוי שלעכט. ניין. נאָר ער איז

פאַרקאָכט אין אוקראַינע (שעווטשענקאָ — איז אַ הייליקטום). אייניקע טוען אים אַ רייץ מיטן וואָרט „קוראַטשקאָ", ווייל די יידישע מאַמעס קויפן אויס און עסן אויף „אַלע" הינער. קענטיק, אַז אַזעלכעס פייניקט אים נישט ווינציק. ער איז גאַנץ נערוועז. היינט איז ער פון גאַנץ פרי אָן זייער אַקטיוו. געריייניקט אין הויף דעם שניי, אויסגעקלאַפּט מיט אַ טשוואַק לעכעלעך אין בלעך — וועט די מאַמע האָבן אַ ריבאייזן. געגאַנגען צו אַלעקסאַנדראַ וואַסיליעוונאַ נאָך אַ לערנביכל. איצט, נאָר וואָס אָפּגעטראָגן די שיך פאַרריכטן. דאָס זענען אַלץ פּרטים פון גוטער זעלבסטדערציונג.

...די טראַמווייען שטייען עפּעס צו אָפּט. אַ מניעה אין עלעקטרישן שטראָם. אין אָוונט איבערגעלייענט ביים קאַנעצל פּאָר מיינע שטוביקע אַ פּאָר זייטלעך טשע־כאָווס. ס'איז ביי אונדז אַריין כמעט אין אַ טראַדיציע דווקא ביים קאַנעצל און דווקא טשעכאָוון, און עפּעס אַזוי ווי ס'גיט אונדז אַ סך.

אַ חבר האָט צוגעשיקט אסתר שניידערמאַנס אַדרעס. ווייס איך שוין, ווו זיי זענען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די דייטשקע, מאַריאַ קאָנדראַטיעוונאַ, האָט מיר היינטיקע וואָך דערציילט: דער מענטש זעט דעם מענטשן פון דרויסן און גאָט זעט, וואָס ס'טוט זיך ביים מענטשן אויפן האַרצן. דער מאַן איז אויף דער מלחמה און שוין עלף חדשים, אַז זי האָט פון אים נישט קיין ידיעות. דאָס 14־יאָריק טעכטערל איז אין דער צייט געשטאָרבן. די 85־יאָריקע מוטער — אויך. אויף דער גאַנצער שטוב איז זי אַליין געבליבן און ס'איז נאָך דאָ אַ לעבעדיק וועזן — דער הונט „נאָרד". צו ליידיק איז פאַר אים די שטוב. ער דאַרף אויך מענטשן. באַזונדערס, ווען זי גייט אַוועק אויף דער אַרבעט. ביז ער דערלעבט זי זען... האָב איך פון איר דאָס־אַ געהערט, און פאַר אַ צוגאָב איז געשען נאָך עפּעס. אויף איר מזל דאַרף עס זיין פאַרדרייט און ממש אומגלויבלעך:

אַן אומבאַקאַנטע פרוי איז געקומען. זי האָט זי קוים אָפּגעזוכט. וואָס איז? אין שפּיטאָל ליגט אַ פרוי פון דער וואָלגע־שטאָט. יענערס מאַן און מאַריאַ קאָנדראַטיעוונעס מאַן דינען צוזאַמען. מאַריאַס מאַן שרייבט נישט די גאַנצע צייט. ער איז זיכער, אַז מע האָט זי אַרויסגעשיקט צוזאַמען מיט אַלע דייטשן...

איז מאַריאַ קאָנדראַטיעוונאַ נישט טויט און נישט לעבעדיק אַוועקגעלאָפן אין שפּיטאָל אַריין און זי קען זיך נישט דערשלאָגן צו דער שלאָפער פרוי. ממש, ווי דורך אַן אייזערנער וואַנט! גערעדט, געבעטן, געזוכט. זיך אָפּגעבעטן פון דער אַרבעט. אויף מאָרגן ווייטער געקומען. זיך דערשלאָגן צו נאַטשאַלסטוואָ... עמעצער פרעגט זי:

— איר וואָלט וועלן אָפּנעמען אירע זאַכן?...

— איך דאַרף נישט אָפּנעמען קיין זאַכן. איך דאַרף זי צוליב אַן עניין, וואָס גייט מיר אין לעבן!... — און זי דערציילט, ווי די זאַך איז.

— אַ־אַ־אַ... — מאַכט צו איר די דאָקטערין און בעט זי זיצן. — איצט פאַרשטיי איך שוין... פאַר וואָס זשע זייט איר אַזוי שפּעט געקומען?... יענע פרוי איז צוריק מיט צוויי טעג געשטאָרבן...

מאַריאַ האָט זי באַוויינט מער, ווי ווער ס'איז. קיין אַדרעס אירן האָט זי נישט, און מע דאַרף אים שוין נישט. קיין אייגענע זענען ביי יענער דאָ נישטאָ. און שוין...

דער הונט איז געקומען פון קיך אין שטוב אַריין און זיך איינגעמאָסטעט לעבן אירע פיס. אָט דאָ וועט ער ליגן און דרעמלען ביז זי וועט זיך אויפהייבן פון אָרט. דאַן וועט ער אויך אויפשטיין און נאָכגיין פוסטריט נאָך איר. ער בענקט זייער נאָך אַ מענטשן, אַפילו מיך נעמט ער אויף מיט צוגעלאָזנקייט.

## „С НОВЫМ ГОДОМ!"*

אַכצן חדשים קריג.

אַז דעצעמבער גייט צום סוף, גייט שוין דאָס גאַנצע יאָר צו ענדע. ווינציקער מיט אַ שטיין אויפן האַרצן.

די „סוואָדקעס" זענען מחיהדיקע. היילט עס. איך בין אויך ליב איבערראַשט פון די „פּייקעס", וואָס מיר האָבן געקראָגן צום נייעם יאָר. שוין דעם צווייטן טאָג, אַז מע עסט נאָרמאַל. מע בייסט זיך נישט די פינגער מיטן געקאָרגטן ביסן.

וואָס מאַכט מיין טאָכטער? ווי אַזוי זעט זי דאָרטן אויס? אפשר איז זי גאָרנישט קיין נעבעך? אפשר פילט זי אין זיך אַ שטאַרקייט, כאָטש ס'קומט אויס דורכגיין צווישן פייערדיקע קוילן און צווישן טויטן. יאָ, קיין מאַמע האָט זי נישט. און דער טאַטע איז אַ קנאַפּער אויפטוער. איין גאָט דאַרף העלפן...

ערשטער יאַנואַר, 1943, קאַיאַר (כאור). גיי גלייב, אַז היינט איז שוין נאָך 1942, אַז ס'איז שוין 1943. וויפל לעבנס אומגעבראַכט? משפחות צעריסענע, וויפל קאַליקעס, אלמנות, יתומים און חורבנות פאַר אַ צוגאָב?! צי דען זענען מלחמות אַ מוז? צי דען איז יידנפיינדשאַפט אַ געזעץ פון דער נאַטור, און דאָס אייגן לעבן איז פאַרביילויפיק?

פון אָוונט איז געזעסן אַ ביסל בוטערמאַן. ער האָט אונדז אין זינען. ער קלעפּט זיך צו אונדז, ווי מיר וואָלטן געווען אומבאַהאָלפן נאָך מער, ווי ס'איז. ער ברענגט אַ מאָל אַ בילעט אין קאָנסערוואַטאָריע, ברענגט אַ ביכל, ברענגט אַ נייעס. ער וויל

---

* באַגריסונג צום נייעם יאָר.

אונדז שטיצן און שטאַרקן מיט עפּעס. מיר האָבן גערעדט פון ביילקען, פון די איסערסאַנס, פון די רוזייעווקער. מיר האָבן אויסגערעכנט מיט דבורהן אַלע נאָענטע, אַלע באַקענטע. מיט פּראָסיען האָבן מיר פאַרביסן. דאָס הייסט, בלי־ספק, אַז די מינוט איז געווען אַ געמיטלעכע. זאָל זיין גוט.

און דער טאָג ווערט שוין קענטלעך גרעסער. דאָס גיט מיר כּסדר ליכטיקע מונטערקייט. דער ווינטער איז נאָך פאַרויס, אָבער דאָס, וואָס די טעג האַלטן אין איין גרעסער ווערן, פאַרזיכערט מיך, אַז ווי ווייט ס׳זאָל נאָך נישט האַלטן, וועט פאַרט מיט די ליכטיקע טעג צוזאַמען זיך נעענטערן אויך דער פרילינג.

לייבעלע דערציילט היינטיקע וואָך, אַז לויט דער פיאַנערישער פייערלעכער הבטחה דאַרף מען פאַרהאָסן דעם דייטש מיטן גאַנצן האַרצן, און ער האָסט אים נאָך נישט. מעגלעך, אַז די קינדער, וואָס האָבן געזען דעם מלאך־המוות פאַר די אויגן, יענע קענען עס בעסער. נאָר איינס צום אַנדערן האָט נישט, ער פרייט זיך מיט יעדער מפּלה דעם דייטשס, און אַז די מוטער איראָניזירט אַ מאָל איבער אונדזערע „אויך מיר״ דערפאָלגן, ווערט ער שרעקלעך אויפגערעגט. ער וויל, ווייזט אויס, גלויבן מיטן גאַנצן האַרצן, אַז מיר זענען געווען און געבליבן שטאַרקער און המצאהדיקער פונעם „פריץ״.

חלומות מונטערע. אָט האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך בין שוין אין דער היים. כ׳וויין פאַר פרייד. איך קען שוין נעמען דאָס טעלעפאָן־טרייבל און אָנקלינגען צו די האָפּשטיינס. און איצט איז עס שוין „רעאַל״, נישט קיין „אויסטראַכטעניש״. און ווען איך מיין, אַז איך שלאָף שוין נישט, טוט זיך אָן עפן דער לאָדן און איך דערזע ביילקען אָנפּאָס. נאָר זי פאַרשווינדט גלייך, אַ מונטערע, אַ לעבעדיקע...

נעכטן ווידער פאַרלאָרן דאָס קאָרטל אין סטאָלאָווע אַריין (טאַלאָנען אויף העכער צוויי וואָכן). דערפאַר אָבער צוגעפּעסטיקט זיך צו דער ערשטער פּאָליקלי־ניק. פאַר דבורהן איז עס אַ באַרויִקונג. דאָרט נעמט אויף אַן אָנגעזעענער פּראָפעסאָר פון לענינגראַד.

מיט לייבעלעס הילף צעזעגט דאָס גאַנצע האָלץ. אין מיטן דרינען קומט אויפן געדאַנק אַ ווינטער אין שטעטל... דער סטאָלענער רבי איז אין סלאָווּעשנע. דער אָליקער אויך... די חסידים זענען געפאָרן קיין בעהון אים באַגעגענען. מיר זענען דענסטמאָל געווען קינדער, חדר־יִינגלעך. ס׳איז אַ גוטער „פּאָלג מיך אַ גאַנג״...

די „סוואָדקעס״ איינע בעסער פון דער צווייטער. מיר ווערן שוין צוגעוווינט צו גוטע ידיעות:

* „Продолжаем истреблять немцев в С—градском направлении".

---

* מיר זעצן פאַר פּאַרטיליקן די דייטשן אויף דער ס־ריכטונג.

מיר ווילן שוין מער. מע דושעט די „שטשורעס". ס'איז נייטיק, ווי אין לעבן. נאָר לאָמיר שוין פּטור ווערן פון דעם וואָס גיכער!

בליומע האָט צוגעשיקט אַ פּאָר אַלטע „איינִיקיטן". דאָרטן זענען דאָ אַל־בערטאָן, מאַרקיש, האַלקין, בערגעלסאָן, פּעפּער... דער העלד שלמה גאַרעליק איז טאַקע אומגעקומען. אין צייטונג פאַרן 5טן דעצעמבער אַ רשימה פון באַלוינטע העלדן, וואָס נעמט זיך אָן אויף יעדן פון אונדזערע פעלקער. ייִדן גייען אויפן דריטן און פערטן פּלאַץ: רוסן — 128732, אוקראַיִנער — 33191, ווייסרוסן — 5411, ייִדן — 5163.

פון רוזייעווקע אַ טעלעגראַמע מיט אַ באַגריסונג צום נייעם יאָר. זיי פרעגן, וואָס מיר מאַכן. ווייזט אויס, אַז די בריוו פאַרהאַלטן זיך לאַנג. פון ביילקען אַ קאַרטל פאַרן 6סטן. פון אהרן אַלין אַ בריוו און אַ געדיכט. ער ציטירט אויך ר' חיים־נחמנען:

„וְאִם יֵשׁ צֶדֶק, יוֹפִיעַ מִיָּד.
וְאִם אַחַר הִשָּׁמְדִי מִתַּחַת רָקִיעַ
הַצֶּדֶק יוֹפִיעַ —
יִמּוֹגַר נָא כִּסְאוֹ לָעַד."

איך האָב גראַדע די טעג געקלערט פון אים.

## אַ גנבה, פאַראַכטונג, ווייטיק און אַ ליבע דערמאָנונג

געהאַט אין אַלגעמיין נישט קיין שלעכטן טאָג, נאָר פאַרביסן מיט אַן עקלדיקן „גאַנג": בין פאַרנאַכטלעך אויפן מאַרק געווען אין כּעס אויפן פויער, וואָס האָט אַזוי ציניש און אוממענטשלעך באַריסן איטלעכן מיטן פּרייז — 85 רובל אַ קילאָ־גראַם קאַרטאָפל. ער איז געווען פאַרהאַװעט מיט זיין פאַרנאַכטיקן פּדיון. האָב איך זיך אַרויסגערוקט מיט מיין קילאָגראַם קאַרטאָפל נישט באַצאָלטערהייט. דערנאָך איז מיר געווען פון דעם אַ היפּשע צייט מיאוס אויפן האַרצן. דערפאַר האָט מען אין אָוונט ביי אונדז צוגעגנבעט אַ וואַרעם אונטערשטע העמד, וואָס איז אויסגעוואַשע־נערהייט געהאַנגען אויפן פראָסט ס'זאָל זיך אַ ביסל אויספרירן. אַז מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָט עס אונדז אַ גוטן שניט געטאָן ביים האַרצן. נאָר אין פאַרגלייך מיט די קאַרטאָפל איז עס ביי מיר ממש ווי אַ גוטער זאַפּטיקער מאַראַנץ נאָך אַ נודנעם פרימאָרגן.

היינטיקע וואָך זיך צוויי מאָל אָנגעשטויסן אויף פיינטלעכע רייד וועגן ייִדן. איך האָב זיך געדונגען אויפן מאַרק מיט אַ קאַלווירטלער פאַר אַ פּאָר בורעקלעך. וואַקסט אויס לעבן אונדז אַ קריסטלעכע, אַן אָפּגעריסענע, אַ פאַרחושכטע פרוי, בליקן, וואָס שפּריצן מיט סם און... שיִער וואָס זי טוט מיך נישט אַ שטופּ אָפּ

מיט די פּאַראַכטונגס־ווערטער „יעמו טאַלקאָ ווידזשימאַט״ (ער דאַרף נאָר וואָס מערער אויסקוועטשן, געמיינט — ביליקער). זי טוט מיט שטאָלץ פון אַן אמתן גביר אַ שטופּ דעם קאַלווירטלער דעם גאַנצן פּרייז, וואָס ער האָט געבעטן און אַ כאַפּ פון דער וואָג די פּאָר בורעקלעך, וואָס איך האַלט זיך נאָך פאַר זיי אין דינגען... נעבעך!... דער קאַלווירטלער (דער באַרייסער מיט דער פולער טאַרבע פּאַפּיר־געלט) ווערט, נעבעך, באַוווּלהט פון עפּעס אַ נישט, פון (אַן אויסגעהונגערטן קיִעווער) ייִדן...

מע זעט, ווי זי איז פאַרביטערט, נאַקעט, אָרעם, חושכדיק אויף דורך און דורך. אָבער ס׳איז אויך הייליק און קלאָר, אַז נישט איך בין דער שולדיקער אין איר קלאַגעדיקן געמיט. אַפילו דער קאַלווירטלער האָט עס פאַרשטאַנען, און אַז זי איז אַוועק האָט ער מיר אָפּגעלאָזן מיין קניה אין גלייכן געלט, — אַ מין צושטימונג צו מיינע נישט־אַרויסגעזאָגטע מחשבות.

דעם זעלבן טאָג הער איך אין גאַס, ווי אַן עלטערע קריסטין טענהט צו איר חברטע:

— איך האָב נאָך נישט געזען, זינט איך לעב, אַז אַ ייִד זאָל אַ מאָל אַרבעטן...

מעגלעך, אַז זי האָט אין איינציקע שכנה אַ ייִדישקע, וואָס דינגט שטענדיק אַ מיידל, וואָס זאָל איר אויסקאַלכן די שטוב, און ביי איר, ביי דער דאָזיקער, איז געפּועלט, אַז זי ווייסט שוין אַלץ וועגן ייִדן און קען עדות זאָגן, מיט אַ שבועה, ווער ייִדן זענען און וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר... אַ גרויסער קאָמפּעטענטש!...

מיר זענען געפאָרן נאָך וואַסער צו אַ ווייטער קאָלאָנקע. עפּעס אַ שלעפּעריקער קריסט מיט זיין דייזשקע האָט מיר אַ זאָג געטאָן אין דער ריי:

* — За то вас не уважают, что вы работы боитесь.

צוגעטשעפּעט האָט זיך דער שלימזל אומזיסט און אומנישט. איך האָב אים געענטפערט:

— זאָל מיר כאָטש בלייבן די טרייסט, וואָס מע „אוואַזשאַיעט״ דיך!

אַן עלטערע פרוי, וואָס איז אויך געשטאַנען נאָך וואַסער, האָט זיך אַריינגעמישט אינעם שמועס און זיך געשטעלט אויף מיין צד. זי האָט אַ זאָג געטאָן צו יענעם באַשעפעניש:

— מע ווייסט נאָך נישט, וועמענס אַרבעט איז וויכטיקער...

די פראַגע, פאַר וואָס מע „אוואַזשאַיעט״ אונדז נישט, מוטשעט מיך אי היינט, אי פריִער, אי שפּעטער. גיכער פון אַלץ נעמט זיך עס פון אָפּגעריסנקייט: מיר זענען אָפּגעריסן פון דער ערד, דערפאַר ליגן מיר אין דער ערד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* דערפאַר אַכט מען אייך נישט, ווייל איר האָט מורא פאַר אַרבעט.

עפּעס אַ באָריס האָט זיך אָפּגעזוכט אויף מיין קאָפּ, וואָס אַרבעט אין אַ בעקעריי און וואָס וואָלט מיך קענען אַ מאָל אונטערהאַלטן מיט אַ שטיקל ברויט. ער איז פון לידע. ער איז אַ מאַן פון אַ יאָר 40, ווייסט נישט, ווו זיין פאַמיליע איז אַהינגעקומען. ביי מיר נעמט ער אַ מאָל אָן „איינניקייט", אַז ער קען לייענען. באַרימט זיך, אַז ס'האָט ביי אים קיין ווערט נישט מיך אונטערהאַלטן מיט ברויט.

נאָר נישט אַזוי טוט זיך עס, ווי ס'רעדט זיך. ער האָט מיר געהייסן קומען אין הויף פון בעקעריי. דאָרטן אַרבעטן פאַרמעליקטע מענטשן. זיי זענען אויך מענטשן, אַזוי ווי אַנדערע, קיינער האָט מיך נישט „אָפּגעביסן". זיי אַרבעטן אין אַ לענגעכיקער נידעריקער געביידע. איך האָב געפרעגט מיט גרויס איינשטעלונג, ווו איז ערגעץ מיין באָריס.

— ער איז אַוועקגעפאָרן נאָך מעל, — האָב איך געקראָגן אַ געוויינלעכן רויִקן ענטפער.

איך האָב געזען, ווי מע שלעפּט הייס ברויט פונעם אויוון. אַזאַ פּראָסטער אמת: אין דרויסן אינעם פאַרמעליקטן הויף פון דער בעקעריי איז אויך שנייִק, ווינטיק און קאַלט. אינעווייניק אין בעקעריי — אַזאַ באַוועגונג, אַ טאַראַראַם. דאָרטן איז נישט נאָר וואַרעם, דאָרטן איז אַפילו הייס, פונעם הייסן ברויט גייט אַ דאַמף. פאַר דער צייט פון מיין וואַרטן אין הויף זענען געקומען און אַוועקגעגאַנגען אייניקע וואָכעדיקע אָנגעטאָענע ווייבלעך, קענטיק, מיטן זעלבן מיין וואָס איך: קריגן אין דער שטיל אַ שטיק וואַרעם ברויט פון איין אָדער צוויי קילאָגראַם.

זיך קוים דערוווסט, אַז באָריס איז נישט קיין קיסר און נישט קיין באַלעבאָס. אַז אַ שטיק ברויט נעמט ער באַגלייך מיט אַנדערע, וואָס אַרבעטן דאָ. נעמען הייסט גנבענען. איך, דער נויטבאַדערפטיקער, נעם אויך, אויב מען גיט מיר. דאָ איז שוין געמישט „גנבענען" מיט „אויסבעטן"...

איך האָב זיך גענוג אָנגעוואַרט. באָריס איז געקומען מיט אַ מאַשין מעל. ער האָט מיר געהייסן צוואַרטן ביז ער וועט נאָך אַ מאָל פאָרן און זיך אומקערן.

געדולד. מורא, ציקאַוואָסט. אָט־אָט ווער איך שוין היימיש מיט דער לאַגע. ענדלעך בין איך אַוועק אַהיים מיט אַ האַלבן הייסן ברויט. נאָר מערער גיין נאָך די זעלבע מציאות האָט זיך מיר נישט געוואָלט. אַזעלכע קענערס און טויגערס קענען זיך געפינען געשיקטערע פון מיר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ וויטיק אין די ביינער! היינט איז דאָ אין בלאַט פון אינפאָרמביוראָ, אַז אין דעקאַבער חודש 1942 האָבן די דייטשן פאַרברענט אין זשיטאָמירער געגנט אַזעלכע דערפער און שטעטלעך, ווי סלאָוועשנע, כאַטשען, טכאָרין, בעהון, האָראָדעץ, סירניצע, יאַראָווּאַ, לוטשינקעס...

אַלע היימישע האָבן זיך לעבעדיק אַ שטעל געטאָן פאַר די אויגן, צווישן זיי

אויך די לייבלעך־נאָענטע, וואָס זענען שוין אַוועק אין דער אייביקייט. מיין היימ־שטאָט האָט נישט איין מאָל געברענט, נאָר איצט איז זי שוין אין גאַנצן אָפּגעמעקט פון דער ערד.

די טעג האָט עמעצער געזאָגט, אַז די דייטשן האָבן אָפיציעל געמאָלדן, אַז קאַרגע צוויי מיליאָן ייִדן זענען אויסגערונען פון פּוילן אין אַן אומבאַוווּסטער ריכטונג. ריכטיקער געזאָגט וועט עס הייסן, אַז קנאַפּע צוויי מיליאָן לעבנס זענען מיט שפלות, אוממענטשלעכע ווייטיקן און עינויים קשים אָפּגעשיקט געוואָרן צום „אייביקן לעבן".

פריי זיך, יעזוס!...

מיר האָט זיך געחלומט די אָפּגעברענט היים...

פון דעסטוועגן דאַרף מען, אַז ס'זאָלן זיי באַזעצן מכּות מיט זייער פירער צוזאַמען און אַזוי, אַז זיי זאָלן נאָך וויסן פאַר וואָס! צדיק ורע לו, רשע וטוב לו — איז נאָך נישט קיין מוז. די וועלט דאַרף עס איבערמאַכן. און ס'זאָל זיך קיינעם נישט גלוסטן אומבאַשטראָפט גנבענען, גזלנען און מאָרדן! זיי קענען דאָך נאָך דערנאָכדעם אָנקוועלן און זיך באַרימען, אַז זיי זענען די קלוגע...

אין „איניקייט" אַ גרויסן ייִדישן שרייבערס אַ געשריפטס, ווי אַזוי די דייטשן קאָכן אויס זייף פון אונדזערע טויטע קערפּערס. ס'ווערט אַלץ מיאוס מיטן גרויסן שרייבער אין איינעם. ער טוט עס נישט מיט קיין ריין האַרץ, ער מאַכט זיך פאַר־דינסטלעך פון די דייטשישע גרויליקע רציחות. ס'גייט ביי אים גרינג, פּונקט ווי ער וואָלט גאָר קיין מייסטער אויפן לעבן נישט געווען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר וואָס פון באַטשעליסן אַ קאַרטל. דאָס קאַרטל איז אָנגעשריבן מענטשלעך־וואַרעם. איך פיל, ווי איך וואָלט זיך אָנגערירט אין עפּעס לייבלעך נאָענטס. מיט דעם־אָ מאַן, אַ ייִד, אַ רוסישער זשורנאַליסט, זענען מיר פּערזענלעך כּמעט ווי נישט באַקענט. נאָך אין די יונגע יאָרן, ווען די צייטונג „קאָמוניסטישע פאָן" האָט זיך אין איניקע וואָכן אָפּגעשטעלט, האָב איך פאַרעפּנטלעכט אין „פּראָלעטאַרסקאַ פּראַוודאַ" אין די זונטיקדיקע ליטזייטלעך עטלעכע דערציילונגען. איך פלעג זיך אונטערשרייבן „קאַרפּאָ".

דער זעלבער אי. באַטשעליס האָט רעצענזירט די ליטזייטלעך פון דער „פּראָ־לעטאַרסקאַ פּראַוודאַ". און איך דערזע איין מאָל פּלוצעם אַזעלכע שורות: „קאַרפּאָ איז אַן עכט לירישער פּראָזאַיִקער, ער באַווייזט שיין דעם פּויערישן שטייגער־לעבן". אין יענע יונגע יאָרן, ווען איך האָב נאָך באָרוועסערהייט געמאָסטן די קיִעווער טראָטואַרן, ווען איך בין ביי זיך אין די אויגן געווען גאָרנישט מיט גאָרנישט, און אין מיטן דערינען האָט מיך אַן אײדעלער געשולטער פּענמענטש

פון מאָסקווע דער הויפּטשטאָט אַזאַ צאַרטן גלעט געטאָן, מיט וואָס ביסטו אומ־שטאַנד עס צו פאַרגלייכן ? !...

פון אַזעלכע פאַרשיידנהייטן שטעלט זיך צונויף ביי דיר דער טאָג: נעכטן זיך „פאַרטשעפּעט" אין זיבן קאַרטאָפליעס און זיך „אויסגעגליטשט"; אַ גנבה: אין הויף האָט אַ „געטרייע" האַנט אַראָפּגענומען דעם איינציקן וואַרעמען העמד, וואָס איז געהאַנגען פאַרפרוירענערהייט אויפן פראָסט; געפילט פאַראַכטונג צו זיך און מיין פאָלק, אַנגעווירן די היים מיט די אַרומיקע ביסל דערפער; זיך דערפרייט מיט אַן אידל וואָרט פון אַ פריינד.

## מיר וועלן זיך נישט שעמען איינס מיטן צווייטן

אין דער ריי נאָך ברויט האָט אַ קריסטלעך פרויעכל, וואָס פלוידערט כסדר (און איך האָב ליב איר שטים) דערציילט בילדעריש אין נאָמען פון אַ באַקענטן רויטאַרמייער וועגן דעם שלאַכטפעלד, ווי אַזוי מע גייט „נאַ שטיקי" (האַנט־צו־האַנט שלאַכט מיט באַגנעטן אויף די ביקסן), און זי האָט באַוויזן, ווי אַזוי דער דערשטאָכענער כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט פאַרן אַריינגעשטאָכענעם שפּיז. ס'איז טראַגיש, ווען דו באַנעמסט עס אַפילו טיילוויז, און ס'כאַפּט אָן פאַרן שפּיץ האַרצן, ווען דו שטעלסט זיך פאָר, אַז עלעהיי דו אַליין דערזעסט דעם טויט פאַר די אויגן און מיינסט נאָך אויף איין אויגנבליק, איין צענטל פון אַ רגע, אַז ווּעסט אַרויסכאַפּן די „זאַנאָזאַ" (שטעכער) און וועסט אָפּרייסן פון זיך דעם טויט, וואָס האָט זיך שוין אַריינגעקליבן אויף אייביק... ער איז דאָך נאָך וואַרעם, מיטן בליץ פון געדאַנק איז ער נאָך גרייט פון זיך אַרויסרייסן דאָס אומגערנדיקע, דאָס פּלוצעמדיקע, דאָס נישט־געוואָלטע...

כאָטש דער דייטש איז אויך נאָר אַ צווייפיסיק לעבעדיק באַשעפעניש, כאָטש דער דייטש האָט אויך אין דער היים אַ משפחה, וואָס קוקט אויס די אויגן און בענקט נאָך אים, נאָר כאַפּט אים דער רוח! זאָל עס קומען אויף זיין קאָפּ, אויף זיין בויך, אויף זיינע הענט און פיס!

דער ראַדיאָ דערפרייט יעדן טאָג מיט עפּעס נייס. אַ מאָל מער, אַ מאָל ווינ־ציקער.

אין אָוונט איז מע געקומען זאָגן, אַז ביי דרויאַנען גנבעט מען האָלץ פון שטאָל. איך מיט דבורהלען האָבן איבערגעלעבט מער, ווי ער אַליין. איך האָב אים נעכטן געפרעגט וועגן דעם, זאָגט ער מיט אַ פאַרשלאָפענעם קול, אַז ער קלייבט זיך טאַקע היינט־מאָרגן צוגיין און אַ קוק טאָן. זיין שטאָל־ווענטל האָט מען אויפגעבראָכן פון צווייטן הויף, וווהין דאָס שטעלכל שטייט מיט די פּלייצעס, און מע נעמט דאָרטן „חלה", מע מעלקט צו ביסלעך. און אונדזער האָלץ ליגט אָפן אונטערן דעכל לעבן

הויפטירל צו טשאַפּיַעווער און דערוויל איז אַלץ גאַנץ, קיין עין־הרע און קיין סכּנה זאָל דעם נישט שאַטן.

נאָךביילקען בענקט זיך. אַפּילו אויב זי ענטפערט קאַרג אויף דעם, וואָס איך דערצייל איר, ווילט זיך איר וועגן אַלץ דערציילן, ווייל הערן הערט זי אויפמערקזאַם און מיט געדאַנק.

דעם 12טן פעוורואַל געקראָגן אַ טעלעגראַמע פון זלאַטאָוּסט, אַז אַניוטע (אַנאַ איזראַילעוונאַ) פיאַטיגאָרסקע איז אַוועקגעגאַנגען פון אונדז דעם 3טן פעוורואַל 1943טן יאָר. נשמתה עדן. אַן איבערגעגעבענער חבר און גאַסטפריינדלעכער מענטש. פיינע בילדונג, אַנגעלייענט. אַ סך געליטן. עלטער פון מיר אויף אַ יאָר דריי.

מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיקונג באַקומען „אייניקייט" נומ' 3. ס'לייענט זיך נישט שלעכט אָרלאַנדס מעשׂה מיטן לעניןֹ־דענקמאָל. אַ פּשוטער אַרטיקל וועגן דעם, אַז יידן זענען נישט קיין פּחדנים. ניי זענען פאַר מיר די נעמען אויפן קלויסטערל אין מאָסקווע פון די געפאַלענע פאַר פלעוונע. שטעלט זיך פאַר, אַז דאָרטן, אין יענער ווייטער צייט, זענען אויך דאָ יידישע נעמען. דעניס דאַווידאָוו מיטן יידישן שוסטער, דער אַדיוטאַנט, וואָס האָט ביי אים אַליין אַרויסגערופן באַוווּנדערונג מיט זיין העלדנמוט. ס'לייענט זיך גאָרנישט שלעכט פלאַטנערס פאַרציי־כענונג „אונטער קליענאָווע בלעטער" וועגן אַ יונגער יידישער מוטער, וואָס איז געלאָפן פון מינסק פון די דייטשן מיט אַן עופהלע אויף די הענט. דאָס קינד איז פאַרט אומגעקומען, האָט זי עס צוגעדעקט מיט בלעטער און דער ערשטער שניי האָט עס באַשאָטן און באַדעקט מיט ווייסן. זי האָט זיך דערלאַנגט צו אַ טייל רויט־אַרמייער. זי איז דאָרט צוגעשטעלט צו אַן אַרבעט און קיינער דערקענט אויף איר נישט, אַז דאָס איז אַ ליידנדיקע מאַמע.

בוזיע גאָלדנבערג שרייבט אין היטלערס נאָמען, ווי אַזוי יידן קוקן אַרויס אויף אַ צווייטן פּורים. פון המנען איז מען פּטור געוואָרן, אויף אים וועט אויך אָנקומען אַ מפּלה. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס המן האָט זיך געקליבן אויסקוילענען אַלע יידן — אנשים, נשים וטף, און דער דאָזיקער וואָלף האָט זיך טאַקע אַריינגעריסן צו דער קושאַרע שאָף און שעכט, צוקט און וואַרגט אַן אַ מאָס. אַן אַ צאָל און אַן אַן אָפּשטעל.

באַגעגנט באַריסן (מיין „ברויטגעבער" פון בעקעריי). וויזט זיך אַרויס, אַז ער שיכּורט צו ביסלעך. דאָס איז שוין ביי איצטיקער צייט אַ הפקרות. גנבענען צוליב דורכלעבן זיך — מילא, נאָר צוליב מאַכן אַ כּוסע, וואָס קאָסט טויזנט רובל אַ ליטער, דאָס איז — פע...

אין מיין איצטיקן לעבנסשטייגער איז אויך דאָ אַ גענוג „פע". נאָר לייבעלע איז נישט אָפּגעגעסן צו זאָט, דבורה איז קראַנק און מיר וואָלטן לאַנג שוין פאַרגאַנגען געוואָרן. אַפּילו דער פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פון היגן שרייבער־

פֿאַראיין איז אויך אַרויס אין מאַרק מיט אַ פּעקל אַלטע צייטונגען און פֿאַרקויפֿט צו פֿיר רובל אַ שטיקל. פֿאַרן אָפּגעלייזטן געלט וועט ער קויפֿן עטלעכע גלעזער הירזש. איך וואָלט עס אפֿשר נישט געגלויבט (ער איז דאָך אַ היגער און וווינט בײַ זיך), נאָר איך האָב עס אַליין געזען און ס'איז נישטאָ אים וואָס צו באַשולדיקן. די נויט ברעכט אײַזן.

מאַרק האָט אונדז געבראַכט צו פֿירן אַ דרײַ קילאָ מעל און אַ צען גלעזער הירזש פֿאַר דער טײַ מיטן זײַף, וואָס מיר האָבן אים מיטגעגעבן (ער זאָל פֿאַר אונדזערט וועגן אויסבײַטן בײַ זיך אין שטעטל עפּעס שפּײַז). ער איז דאָ מיט דער פֿרוי. אסתּר הייסט זי. זיי פֿאָרן קיין מאָסקווע. מע רופֿט זיי אַרויס אַהין. זיי האָבן זיך, נעבעך, פֿײַן אָנגעמאַטערט פֿאַר די פֿאַר יאָר.

ער איז מיר ליב. קוק נאָר אָן אוממיסטן, ווי אַזוי די שווער־יקייטן בייגן אים נישט. ער האָט בײַ אונדז געגעסן ציבעלע מיט בוימל, זאָגט ער, אַז ס'איז אַ מאכל פֿאַר מלאכים צו שטעלן. ער שפּאַסט מיט לייבעלען, ס'גייט בײַ אים נאַטירלעך און לייבעלע איז גערן.

ס'איז אָנגעקומען האָנאָראַר פֿון קויבישעווו פֿאַר „קרובים”. מיר האָט עס הנאה געטאָן און אפֿשר נאָך מער. איך האָב נישט געוואָלט, אַז די „קרובים” זאָלן פֿאַרפֿאַלן גיין. זאָל זיך עפּעס טאָן.

די ראַדיאָ האָט צו וויסן געגעבן, אַז כאַרקאָוו, וואָראָשילאָווגראַד און ראָסטאָוו זענען בײַ אונדז אין די הענט. ס'זאָל אונדז נאָר נישט פֿאַרשטערט ווערן.

דבורה מיט לייבעלען זענען אַוועק אין קליניק. די שכנים זענען זיך צעגאַנגען. בין איך אַליין אין שטוב. ס'איז גוט אַ מאָל זיצן אַ רגעלע אַליין, טונקען פֿרישן ברויט אין בוימל, אַרײַנקוקן אינעם ביכעלע, ווו ס'דערציילט זיך וועגן בלאָקן, געדענקען וועגן פֿייגעלען מיט הירשקען, שיין בענקען נאָך ביילקען און קלערן פֿון אַלץ דאָס גוטע.

אין דרויסן איז אַ סך וואַרעמער. דאָס פֿענצטער איז אָפּגעגאַנגען. די טעג זענען גרעסער.

פֿעברואַר איז דורכגעגאַנגען שוין מער ווי האַלב.

אין מאַקסים רילסקיס אַרטיקל אין „איזוועסטיאַ” זייער טרעפֿלעך און פֿאַטיש די שטעל, ווי אַזוי די פֿייגל קערן זיך אום אַהיים. זיי זענען גובר אַלע שטערונגען. בלויז דער טויט קען זיי פֿאַרהאַלטן. אַ נייטיק איבערצייגעוודיקער פֿאַרגלייך — זיך אומקערן צום ביטער־זיסן רויך פֿון די אייגענע היימען. רילסקי פֿאַרמאָגט אין זיך ליכטיקייט און האָט מיט וואָס צו זײַן נאָענט. זײַן געמיט איז נאָענט פֿאַר ברייטע קרייזן.

ראַדיאָ: פּאָלטאַוואַ, קראַסנאָגראַד, קראַסנאָגראַד זענען אונדזערע! מיר זענען שוין לעבן פּאָלטאַווע און דניעפּראָפּעטראָווסק.

אָפּגעקליבן ביי שאָכניסן דעם זייגערמאַכער אַ ביסל ביכער. ער גייט אויף שטעקנס דער באַקענטער אונדזערער. דינע פּיס קאַליקעס, ווי די שטעקלעך. אַ קלוגער מענטש, קען אויך יידיש, געדענקט משה טייטשן. אַ גוטער בעל־מלאכה. איך האָב ביי זיי צוטרוי, ווייל איך גיב אַפּ צו דער צייט. זיי שטעלן עפּעס אַ מאָל צום טיש. זעלטן פאַרזוך איך, וואָס זיי דערלאַנגען. און איצט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז זיי זענען עפּעס קאַלטלעך צו מיר. אויב ס׳וועט זיך מיר נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אַזוינס אויסווייזן, וועל איך זיי אויפהערן באַלעסטיקן. זיי ברענגען זיך אויף מיר נישט אויס מיט גאָרנישט. זיי ווייזן אַרויס געווייגלעכן מיטגעפיל צו מיין היימלאָזיקייט, צו מיין קריגן בדוחק דאָס לעבנסמיטל. און מיט דעם, וואָס מיר טוען אַ מאָל אַ שמועס (ער — ביים וואַרשטאַט, איך — אויף אַ שטולכען ביי דער זייט) באַקומט ער פון דעם עפּעס מער, ווי ער ברענגט זיך אויס. ס׳איז דאָ צייט. און אפשר האָט זיך עס מיר נאָר אויסגעדוכט.

די ביכלעך האַלטן זיי אין שטאָל און זשאַלעווען נישט אונטערהייצן מיט זיי די הרובע, ווען סע ווילט זיך. די ביכלעך, האָבן זיי מיר ביידע געזאָגט, אַז איך מעג אָפּקלייבן, וואָס מיר געפעלט, און ס׳אַרט זיי נישט איך זאָל אַפילו אַוועקנעמען אַלע.

— מיינע לייבלעכע יידישע ביכלעך! אַפילו ביי אַ שטוב, ווו מע האָט אין אייך אַ געפיל, זענט איר שוין אויך דאָס ביסל מיסט אין שטאָל. אויסהייצן דעם אויוון קען מען מיט אייך, נאָר האָלץ איז נאַטירלעכער. און ס׳איז אַ שטוב, ווו מע קאַרגט זיך נישט דעם ביסן. ליבע יידישע ביכלעך מיינע! מיר זענט איר נאָך, געלויבט דער אויבערשטער, נאָענט. איך קלייב אייך אויס נישט צוליב רחמנות. איך בין גערן פון אייך. איר זענט אין גרעסטן טייל מיינע אמתע אויפריכטיקע לערער און פריינד. ס׳איז נאָך געבליבן קראַפט זיך נישט שעמען איינס מיטן צווייטן. מיר דאַרפן איינס דאָס צווייטע אויפן נאַטירלעכסטן אופן און... און אַ גרויסן דאַנק גאָט דערפאַר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

היינט האָבן מיר דעם 22סטן פעברואַר. דאָס הייסט שוין 20 חדשים מלחמה, אָבער, ברוך־השם, דאָס רעדעלע האָט זיך שוין אַ דריי געטאָן צום בעסערן. דערווייל גרייפן מיר שוין אָן. זיי קוקן זיך אום, זיי ווילן מיינען, אַז ס׳איז עפּעס אַ צייט־ווייליקע מיספאַרשטענדעניש. נאָר צו גאָט אַ האָפענונג — נאָך אַ וואָך און נאָך אַ וואָך וועלן זיי זיך שוין אויפהערן אומקוקן אויך.

אין דער פרי. איך גיי צו דער קאַלאָנקע נאָך וואַסער און געדענק מיט פרייד וועגן דעם שמאָלן שטיקעלע דאַך, וואָס מיר האָבן איבערן קאָפּ, וועגן דעם אייגענעם געלעגער, נישט צו פאַרזינדיקן. נאָך ביילקען בענקט זיך.

מע זאָגט, אַז אין מאָסקווע איז פאָרגעקומען אַ פּלענום פון יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט.

אַ מיטאַרבעטער פֿון אוקראַיִנישן ראַדיאָ פֿליט מאָרגן קײן כאַרקאָװ. דער הימל איז נאָך נישט אומעטום פֿרײַ, נאָר כאַרקאָװ איז שױן פֿרײַ. ס'קומט צו אַ געזונט אין אַלע אברים.

שױן אַװעק דער יום־טוב פֿון דער רױטער אַרמײ.

פֿון הינדעלען אַ טעלעגראַמע, אַז מײשקע לעבט. עפּעס אַ קלײניקײט — אַזאַ בשׂורה!

איך קוק אַרײַן אין רײזינס אײַנבענדיקן לעקסיקאָן. װעגן בערגעלסאָנען און װעגן נסתּרן זײער װײניק. האָפּשטײן, קװיטקאָ און לײװיק זענען נאָך נישטאָ אין גאַנצן. אַ זשורנאַל פֿון 1905 „דאָס לעבן". זײ האָבן געשריבן ײדיש, מיר שרײַבן ײדיש, ס'איז אײנס און דאָס זעלבע און ס'איז װײַט נישט אײנס און דאָס זעלבע. „נײַע צײַטן — נײַע לידער"...

פֿון ביראָבידזשאַן אָנגעקומען אַ באַנדעראָל מיט צװײ דערצײלונגען מײַנע, װאָס איך האָב נישט בײַ זיך — „אין גוטן מוט" און „4 מיט 68". אַ דאַנק, װאָס זײ געדענקען מיך און נאָך אַ מאָל אַ דאַנק.

איבערגערעדט פֿאַר דבֿורהן, װי אַזױ גורשטײן האָט זיך אָפּגערופֿן װעגן „4 מיט 68": „שױן לאַנג, לאַנג נישט געלײענט אַזאַ טיף מענטשלעכע זאַך! מײַן מיסיע פֿון אַ קריטיקער װעט נישט זײַן אױסגעפֿילט, אױב איך װעל װעגן דעם נישט שרײַבן"...

דבֿורה האָט מיט אַ בײליקן אָפּלאַכן אַ זאָג געטאָן:

— נו, זענען דורכגעגאַנגען יאָרן און מע שרײַבט נאָך אַלץ...

איך האָב געזשאַלעװעט: צי זי געדענקט נישט, אַז גורשטײן איז געפֿאַלן אין שלאַכט, צי װאָס?... דערנאָך האָט זי לײַבעלען איבערדערצײלט דעם אינהאַלט פֿון „4 מיט 68" מיט געשמאַק און גוטן פֿאַרשטאַנד.

## אױפֿריכטיקע רײנע טרערן

זיך אַ סך אָנגעגאַנגען, אָנגעשטאַנען און גאָרנישט געפּועלט אין ערגעץ (װעגן שטוב און הוצאה־זאַכן). אונדזערע טאַטעס פֿלעגן אין אַזעלכע פֿאַלן זאָגן: „אַ דאַנק גאָט, קײנער האָט נישט אָנגעשלאָגן, נישט אױסגעזידלט"... אַגבֿ, געקױפֿט אין מאַרק פֿאַר פֿינעף רובל אַ קלײן ביכעלע באַגריצקיס. פֿאַרלאַג „אָגאָניאָק".

פֿון רוזײעװוקע אַ בריװ. דאָרט זענען אױסגעמעקט אַ טײל שורות. איך זאָל זאָגן, אַז ס'איז די צענזור? װאָס זשע האָט דאָרט געקענט זײַן אַזעלכעס?

נאָך עטלעכע אָנגעשטרענגטע טעג און פֿון ס'נײַ גוטע ידיעות אין ראַדיאָ.

אױף דער קאַץ איז אָנגעפֿאַלן װעלעניש. דער מאַרט לאָזט זיך פֿילן. איז שױן דרױיאַנס אָפּגעקראַכענער קאָטער אױך אַ מיוחס. אַך, װי זי בעט זיך אַ גאַנצן טאָג,

ווי זי קריכט אַרום, ווי זי פויזעט מיטן בויך איבער דער הוילער ערד!... פאַר נאַכט איז זי אַ בעלן געווען נאָך אַ מאָל זיך פאַרגנבענען צו די דרויאַנס אין הייזל. דערלעבט יאָרן!

איך האָב אַ רופצעטל פון מיליטער־אַפּטייל. איך זאָל זאָגן, אַז ס׳איז מיר זייער פריילעך דערפון, קען מען נישט. נאָר דאָך האָף איך, אַז ס׳איז נישט צום בייזן.

אַ טאָג ביי מיר היינט אַ גוטער: בין געפאַלן און נישט צעבראָכן דאָס בוטעלע פון בוימל. זיך אויך נישט צעשלאָגן שטאַרק.

אויסגעקויפט די פּאָר שיך, וואָס מע האָט מיר צוריק מיט אַ פּאָר טעג נישט געוואָלט געבן. די שיינע „שקאָפּע״ יעוודאָקיאַ גריגאָריעוונאַ איז צו מיר געווען צוגעלאָזן.

אַ קאַרטל פונעם פּראָפעסאָר אין אַ חברישן, אַפילו גאָר אַ היימישן טאָן.

געקומען פון מיליציע. געוואַרט דאָרט אין הויף מיט נאָך אַ צוואַנציק מענטשן. נישט געווען דאָרטן קיין שיין, האָט מען אונדז געהייסן גיין און קומען מאָרגן.

איך, אויף דורך און דורך אַ קליינשטעטלדיקער האַרבאַרוק, בין צו גרינג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עכטן שטאָטמאַן. אַלץ דערלאַנגט מען דיר — ברויט אין בעקעריי (מע ברענגט נאָך אַליין אין שטוב אַריין), וואַסער — פונעם קראַן, שיין — „פון דער וואַנט״ און אַזוי ווייטער. איך בין שוין ביי די פופציק און האָב סיי ווי מורא פאַר דער מינדסטער שוועריקייט, אַז איך קען נאָך פאַלן אונטער איר לאַסט.

ידיעות אין ראַדיאָ — גוטע. נעכטן רזשעוו, לגאָוו. היינט — טשערטאַווינאַ, אַלעניץ. אויף אוקראַינע און צפון־קאַווקאַז פאַרהאַלט זיך נאָך אַ ביסל די גאולה. גרינג גיט זיך עס נישט. ס׳קאָסט געגוג בלוט.

ס׳גנבענען זיך אַריין מינוטן, ווען ס׳איז מיר אַזוי ווי אמתדיק גוט. איך טרייב עס נישט פון זיך. איך באַמי זיך אַפילו נישט איבערצולעבן קיין געוויסנס־ביסן. אַ לעקעלע יום־טובדיקייט אַ מאָל אין אַ יובל.

אין „אייניקייט״ נומ׳ 4 האָבן סאַשע און בערגעלסאָן אין זייערע באַריכטס־אַרטיקלען מיך נישט דערמאָנט... סאַשע ביטערזאַלץ האָט נישט דורכגעלאָזן אַפילו דעם מינדסטן פון זיינע „אהובי־ידידי״־לייט. בערגעלסאָן האָט גלאַט געפאַלשעוועט, ווי ער טוט אָפט. ווען ער באַגעגנט מיך, וואַרפט ער דאָך זיך מיך קושן... נאָר ס׳האָט מיך ווינציק געאַרט. אויב ס׳איז מיר יאָ געווען אַ חרפה, איז מערער פאַר זיי זעלבסט: צי דען אַפילו אין אַזאַ צייט פון אַחדות (פון אייניקייט) קענען זיך קיין מענטשן נישט אויסלייטישן?...

אין קראָם נאָך ברויט פרויען און קינדער, פרויען און קינדער. לויט איצטיקע באַגריפן בין איך נאָך געגוג יונג. אויב עמעצער פון דער ריי וועט מיר צוואַרפן אַ שטאָכוואָרט, וועל איך אַפילו נישט האָבן וואָס צו ענטפערן. אמת, אַן־אַ שטייען

צוויי עלטערע מאַנצבילן אין גערוימע אָנגערוקטע היטלען. אָפט קומט נאָך ברויט דער קיִעווער עלעקטריק. יענער איז אַ סך ייִנגער פון מיר. אין קראָם פון די וויסנשאַפטלער, דאָרט בין איך שוין נישט קיין חידוש און נישט קיין יונגער. די וועפּריטשקע האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ שטיפערישן בליק פון אַ „זי״. זי האָט פאַרגעסן, זי געדענקט נישט מיין פאַמיליע־נאָמען. מיר האָט זיך געוואָלט איר גוט אַריינזאָגן. איך האָב עס נאָר נישט שטאַרק בולט אַרויסגעוויזן.

מיר איז געקומען צו דער האַנט אַ מאַרק־באַקענטשאַפט מיט אַ כאַרקאָווער האַלב־קצב, האַלב־ליוועראַנט, האַלב־ליגנער, האַלב־באַרימער, האַלב־גנב, האַלב־סוחר. ער האָט מיר צוגעשאַרט דריי קילאָגראַם פלייש אין גלייכן געלט. דערווייל האָב איך זיך אָנגעליגן און בין אַריין אין אַ פרישן חוב.

אין אָוונט געלייענט אין אַ לערנביכל פּרטים פון טאָלסטאָיס ביאָגראַפיע. איך האָב אים ווידער געזשאַלעוועט, וואָס ער איז געוואָקסן אַ יתום.

אַן אַלטער ייִד האָט מיר היינט דערציילט אַ מדרש: מיט וואָס פאַרנעמט זיך דער רבונו־של־עולם? — „בונה עולמות ומחריבם״ (ער בויט אויס וועלטן און מאַכט פון זיי אַ תל — רויִנירט זיי). ס'איז צוגעפּאַסט צום היינטיקן טאָג.

איך קוק אַריין אין בעל־מחשבות וועגן שבת. ער ברענגט זייער ציקאַווע אַרויסזאָגונגען פון די חז״ל (חכמינו זכרונם לברכה).

נעכטן געזען שיינע טרערן אויף אַ באַקענטערס פּנים (אַ באַקענטע, וואָס מיר וויסן נישט איינע דעם צווייטנס נאָמען, נאָר מיר גריסן זיך היימלעך, ווייל מיר טרעפן זיך און שטייען אויס שעהען באַנאַנד אין שפּייזקראָם ביז ס'וועט דערגיין די ריי — גריסן מיר זיך, רעדן מיר). דערציילט זי: זי האָט געהאַט אַ בריוו פון איר מאַנס קרובים. איר נאָענטסטע קינדהייטס־חברטע צוזאַמען מיטן קינד, און מיטן מאַן — אַ דאָקטער פון אַ סאַנאַטאָריע... האָט מען אויפגעהאַנגען אין קיסלאָוואָדסק.

„זיי זענען ייִדן״, — האָט זי מיר אַ קוק געטאָן אין פּנים אַריין — און דאָס זענען געווען די איינציקע דריי ייִדישע ווערטער, וואָס איך האָב פון איר געהערט. אַזעלכע אויפריכטיקע ריינע טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער אירע יונגע שיינע באַקן. אי זי, אי זיי זענען בלוט פון מיין בלוט און לייב פון מיין לייב.

## בלוט גיסט זיך נאָך, נאָר אונדזער ערד רייניקט זיך אָפּ

„יעוורייטשיק״ קען מען זאָגן. „ניעמטשוראַ״, „גויטשיק״, „גויעץ״, „פּאָליאַ־טשאָק״ — אויף אַלץ לייגט זיך די צונג, נאָר פאַרקלענערן און פאַרמינערן „רוסקי״ — דאָס לאָזט זיך נישט. ס'שטייט פעסט, ווי אַ פעלדז.

אגב, נישט קיין פריילעכע ידיעות פון די פראָנטן: מיר האָבן צוריק אָפּגעגעבן

לאַזאָוואַיאַ, קראַסנאָדאַר און נאָך דריי שטעט. אוי, ווילט זיך נישט! ס׳ווערט פון דעם קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. פאַר יודינען מיט דער יודינשע קער זיין אַ שטיקל פרייד. אַ רוח אין זייער טרפהנער צורה אַריין!

די ראַדיאָ־ידיעות מוליען און גייען פון קאָפּ נישט אַרויס.

געקומען „איינקייט" נומ׳ 6—5. מער פון אַלץ פאַרגעדענקט זיך פיגינבערגס אַ מין אַריינפיר צו אַ פּאָעמע „מיין באַריכט". ער איז געווען אויפן פראָנט. ער דערמאָנט חברים. יעדערער איז אַ ריס פונעם האַרצן. אַליעווסקי, ראַסין, גורשטיין, ווינער, זעלדין, גאָדינער... שווער, זייער שווער אָנצוווערן אַזאַ מין בינטל חברים. אַליעוווסקי און זעלדין — אַ פרישער פאַרלוסט.

ס׳איז דאָ אַ טרויער־רעמל: אַ. פּיאַטיגאָרסקע. בערעגאָווסקי איז דאָרט אויך אונטערגעשריבן. אין די צוואַנציקער יאָרן זענען זיי געווען מאַן־און־ווייב.

מיין „יידענע" טראָגט אַריין וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרפרעמדונג צווישן אונדז. איך קען נישט אַזוי. איך בין מער אייגענער, ווי פרעמדער.

אין גאַס הער איך, ווי אַ יונגע מיידל זאָגט צו איר פאַרטנער:

— און איך האָב פון דעסטוועגן בדעה זיך לאָזן קיין אוקראַינע...

ס׳איז נאָך נישט אַזוי גרינג. נאָר מיר איז עס שטאַרק ליב צו הערן. אַן איינשטעלער קען עס שוין אויספירן.

כ׳האָב געהערט, ווי אַזוי די קינדער אין הויף (זייערע עלטערן זענען אָנגעזעענע פּאַרטייער און קאָמיסאַרן) שרייען צו די יידישע קינדער פראַנק און פריי: „אַבראַם" און „קוראָטשקאַ"... מיט וואָס וואָלט איך וועלן וויסן, זענען די נעמען „איוואַן", „זשאַק" און „פּעטראָ" שענער? און „קוראָטשקאַ" איז איינצייטיק אַ זידלוואָרט און אַ באַשולדיקונג, אַז די יידן קויפן אויס אַלע עופות אין לאַנד און עסן זיי אויף. אַוודאי, אַז מע קוילעט און מע עסט אַן אויסגעהאָדעוועטן חזיר, קען מען בעסער שלעפן די פיס. און דאָ קען מען יענעם נישט פאַרגינען דאָס אויסגעדייוורטע כפרה־הינדל.

היינט פון די שוועסטער אַ פריידיקער בריוו פאַרן 3טן פעברואַר, אַז ס׳איז פון מיישקען אָנגעקומען מיט זיין האַנטשריפט אַ בריוו אויף צווי בייגעלעך פּאַפּיר. ס׳איז שוין גראַדע דאָ וואָס צו לייענען. ער איז געווען אין געפענגעניש מיט אַן אַרומגערינגלטער טייל. ער האָט זיך גליקלעך אַרויסגעגנבעט פון לאַגער און איז פאַרקראָכן צו אַ פויערישער ווירטשאַפט, זיך אָנגעגעבן פאַר אַ מאָרדווין. און איז דאָרטן אָפּגעקומען אַ סך חדשים אין הונגער און אין נויט, דער עיקר אין פּחד און אין יתומשאַפט, אין שווערער אַרבעט. ביז מע האָט אָנגעהויבן טרייבן די דייטשן און זיי קנאַקן אין די פּלייצעס אַריין. ער אַליין האָט שוין אויף זיין חשבון צווי דייטשישע אָפיצירן. זיי זענען שוין נישט קיין דייטשן, נישט קיין אָפיצירן. זיי פוילן שוין און ס׳ליגט אויף זיי אַ באַרג ערד.

הינדעלע שרייבט אַזוי רירנדיק: „אפשר וועל איך נאָך זיין אַזוי מזלדיק און מיינע קינדערלעך וועלן נישט זיין קיין יתומים"... ס'פילט זיך מיט וויפל טרערן און מילדן געבעט יעדער בוכשטאַב איז באַוואָשן. אפשר וועט נאָך מיר אויך זיין באַשערט זיך זען מיט יעדן איינעם באַזונדער.

גענומען אין ביבליאָטעק בלאָקס בריוו צו זיין מוטער. יעדעס בלעטל, יעדע שורה בלאָקס איז דערהויבן. פאַר מיר איז ער אַן אויבערמענטש. איך קען עס נישט פאַרטייטשן, נאָר איך פיל עס.

לייבעלע האָט מיט וואַרעמקייט געקלערט און גערעדט וועגן זיין שוועסטער, וואָס איז צוויי מאָל גרעסער און עלטער פון אים. מיינע... טייערע... קינדער...

איבערגעלייענט לייוויקס שיינע צוויי לידער און בכלל באַגעגנט דער דערהויבענעם פאַר מיר נאָמען אין די אַלטע זשורנאַלן, וואָס כ'האָב אָפּגעמאַלקן פאַר זיך ביי די שכנים אין שטאַל צווישן דעם האָלץ. לעבן דער קאַלטער שטאַלוואַנט האָבן די ביכער אין אויסזען, אויפן טיש, אַנטקעגן מיין קאַנעצל, און אַ מאָל אַפילו אונטערן עלעקטרישן לאָמפּ און אויף דער פּאַליטשקע, וואָס האָב פאַר זייערט וועגן צוגעמייסטרעוועט, האָבן זיי אַן אַנדער פּנים. יעדער בוך פאַרמאָגט אין זיך אי יום־טוב, אי רוח הקודש. און אַ ביסעלע לעבן־גייסט אינעם געשטאַלט פון דעם, וואָס האָט אים געשאַפן, וואַרעמט זיך ערגעץ אין דער נאָענט, כאָטש איך בין איבערצייגט, אַז דעם יידישן מחבר עסט אויך די אָרעמע וואָכעדיקייט מער, ווי אַן אַנדערן, צו אונדזער גרויסן באַדויערן.

...כאַרקאָוו צוריק ביים דייטש אין די לאַפּעס. איך וויל אָבער האָפן, אַז ס'איז שוין נישט אויף לאַנג. אַזוי הייבט אָ מאָל אָן ווילדעווען אַ ווינטערדיקע זאַווערוכע, ווען דער פרילינג שטייט שוין אַ פאַרוויינטער, נאָר אַ לויטערער ביי די טויערן...

### די מיצרים טרינקען זיך אין ים

היינט איז פורים. גאַנץ מעגלעך, אַז נאָך היטלערס פולשטענדיקער מפּלה זאָל צוקומען אַ נייער יידישער יום־טוב.

איך האָב זיך געשלעפּט צום אַלטן דרויאַנען. שלאָפט ער. ס'ווילט זיך כאָטש אַ קוק טון אויף אַ יידן, אָדער אויף אַ סימן פון אַ יידן...

כאָטש די „יידענע" הריזעט מיך אַ גאַנצן טאָג, איז מיר עפּעס דאָך גרינג אויפן האַרצן. און איך מורמל אונטער שטיל: „דערלעבן איבער אַ יאָר"! אפשר גאָר נעמען און איבערקוקן די מגילה?

געבראַכט פון ביבליאָטעק געטעס און שילערס בריוו. ווען האָבן זיי געלעבט? וואָס האָבן זיי געשאַפן? זייער עפּאָכע און אירע סימנים? אין שילערס אַ בריוו צו געטען: „איך וועל איך ברענגען מיימאָנס אַ ווערק ווי אַזוי שיינקייט צו באַגרייפן.

ס׳איז כּדאַי איר זאָלט זיך מיט דעם באַקענען״... ס׳רעדט זיך וועגן שלמה מיימאָן. אין די באַמערקונגען פאַרגעסט דער קאָמענטאַטאָר צוצוגעבן, אַז דאָס איז אַ ייִד. ער שרייבט בלויז: פילאָסאָף... געבוירן... לאַנד... צייט... זיינע הויפּטווערק... און שוין!

דבורה איז אַוועק מיט אַ שווער געמיט אין מאַרק אַריין עפּעס פאַרקויפן. דער וועטער איז אַ שלימזלדיקער: שניי, גליטש און קויטיקע פוילע קעלט.

די פּריזן־פאַרטיילונג פאַר וויסנשאַפט, ליטעראַטור און קונסט מאַכן אויף מיר אויך איצט נישט קיין גוטן איינדרוק. מיר שיינט, אַז אַ פּריז דאַרף מען געבן דעם אַלטן דזשאַמבול, וואָס איז נאָך ווילד אין אייניקע לעבנס־געוווינהייטן זיינע. און אַזוי, פאַר אונדזערע רייפע ליטעראַטן איז דער בעסטער און שענסטער פּריז — די מעגלעכקייט זיך דרוקן פריי, אָנקומען צום לעזער, גוטע פּרעסע, פרייע מאַטער־יעלע מעגלעכקייט פאַרצוזעצן די אַרבעט. דאָך אַרט מיך, וואָס צווישן די באַלוינטע נעמען זע איך נישט מיכאָעלסן. ס׳וואָלט פאַר קיינעם, כ׳לעבן, נישט געווען קיין אומכּבֿוד.

דער אוקראַיִנישער שרייבער יעוודאָקימאָוויטש איז אַזוי דערהויבן געוואָרן — ערשטער געהילף פונעם אויסערן־מיניסטער! מן־הסתּם דאַרף מען אַזוי. גלאַט אין דער וועלט טוט זיך עס נישט.

נעכטן געווען אין צייטונג, אַז צווישן דניעפּער און דאָן האָבן די דייטשע חילות פאַר אַ קורצער צייט אָנגעווירן צוויי און פופציק טויזנט נפשות. „מעשׂי ידי טובעים בים ואתּם אומרים שירה!״ (די מיצרים טרינקען זיך אין ים, די ייִדן זאָגן שירה). אַ פּרעכטיק רייך געזאַנג! קען דען זיין אַ מער זינגעדיקע פרייד, ווי זען מיט די אייגענע אויגן די מפּלה פון פאַרביטערטן געפערלעכסטן פיינד? אָבער דער רבונו־של־עולם וויל עס נישט ליידן. ער דערמאָנט, אַז אויך זיי זענען זיינע באַשעפענישן. ער אַליין האָט געהאָלפן זיי צו פאַרטיליקן, זיי אָפּצאָלן מיט דער פולער מאָס. און אין דער זעלבער צייט לערנט ער אונדז פילאָסאָפיש באַ־טראַכטן דאָס געשעעניש. ס׳איז אַלץ ריכטיק. 52 טויזנט פון די, וואָס האָבן זיך פאַרריסן, וואָס מאָרד און גזילה איז פאַר זיי געוואָרן אַ טוגנט, פוילן שוין אין דער ערד יונגע און געזונטע. זיי פוילן שוין אויף אונדזערע רחובֿותן. זאָגסטו, אַז דאָס זענען אויך געווען לעבנס, זיי זענען אויך פון בלוט און לייב, זיי פאַרמאָגן אויך היימען מיט לייבלעך נאָענטע, וואָס וועלן קלאָגן און פאַרגיסן טרערן נאָך זיי?... איך פאַרשטיי עס אַלץ, נאָר מיין שׂכל קען עס נישט פאַרדייען, ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. זאָלן זיי דערווייל אַלע ווערן די כּפּרה און דערנאָך וועל איך זיך שוין איבער־לייגן אין געדאַנק, צי עס איז גלייך אָדער נישט גלייך שפּילן און טאַנצן איבער זייערע פרישע קבֿרים...

איך קוק נאָך אַריין אין בלאָקן. אין 1917 האָט ער פאַרנומען אַ שטעלע אין

טשעקאַ. ער איז אָפט געפאָרן מיט זיינע אָנפירער אין דער אויספאָרשונג־טורמע נעמען ידיעות ביי געוועזענע גרויסע לייט — ווירובאָוו, סוכאָמלינאָוו, פּראָטאָ־פּאָפּאָוו און נאָך און נאָך געוועזענע „פּני"... בעת דער צייטווייליקער רעגירונג האָט די יוריספּרודענץ געפאָרשט און געמשפּט די געוועזענע מלוכה־לייט דערווייל לויט די אַלטע איינשטעלונגען, וואָס האָבן עקזיסטירט ביז זיי. נישט לאַנג איז עס געווען, אַז דער הויכגעשטעלטער ביסטו געווען, דער וואָפּנלאָזער און דערנידע־ריקטער — איך. איצט קומט פאַר כמעט דאָס זעלבע, נאָר די געשלאָגענע קאָרט ביסטו. איצט פאָרשט מען דיך. אַלע כּללים פון דעם, וואָס זיצט אונטערן שלאָס, זענען חל אויף דיר. זיי זיך מטריח און ענטפער, ווען מע פרעגט דיך... צו ניקאָ־לאַיען אַליין באַציט מען זיך נאָך מיט אַ „הייליקייט־פורכט"... בלאָקס דיכטעריש גרויס האַרץ איז אָנגעצויגן. אָבער גלויבן הערשט נאָך איבער אים. זיין פאָרגעפיל צו דער אַנוואַקסנדיקער רעוואָלוציע און זיין באַציִונג זענען סימפּאַטיש.

„יעווּרעי" און „זשיד". ווער ס'איז אים שטאַרק אַנטיפּאַטיש איז אַ „זשיד". די איבעריקע זענען „יעווּרעי". זיין ווייבל איז (אין פּסקאָווער טעאַטער) לינק געשטימט. זי קויפט זיך היפּש שונאים. „יעווּרעי" זענען אויף איר צד. אין זיין טאָגבוך דערמאָנט ער העסיע העלפמאַן. ער באַוווּנדערט וויפל מוט ס'דאַרף פאַר־מאָגן אַ ייִדישקע אין אַ פאַרשטונקענעם לאָך ערגעץ אויף אַ בוידעם־שטיבל, און זי וואַגט אַרויסגיין און שיסן אין דער אויסגעכאַליעטער ברייטער געשטאַלט פונעם מאָנאַרך, וואָס איז פול מיט גלאַנץ. גערעכט איז, פאַרשטייט זיך, זי...

מיר לייגט זיך נישט אין געדאַנק, אַז אַלעקסיי טאָלסטאָי איז מיט אים אין איינע יאָרן...

...בעלגראַד די טעג אָפּגעגעבן.

איז עס אַ צוריקמאַרש? דאָס האַרץ ווייטיקט פאַרן כּלל און ציטערט פאַר זיך זעלבסט. ווינציק גלייבן אין די אייגענע כּוחות. האָפן אויף נסים. טשערטשיל „טרייסט" אונדז, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן נישט אַזוי גיך.

---

אָנגעשריבן צו קוויטקען אַ בריוול. מע וואָלט דאַרפן אויסמיידן יעדער סימן פון געפאַלנקייט ביי זיך. ער האָט זיך מיר די נאַכט געחלומט. זיין פּנים, זיין בליק זענען באַלויכטן מיט זייןברייטן רייכן שמייכל. ער קומט פון אָרעמע פאָלקסשיכטן און פאַרמאָגט אין זיך אַ שפע פון פאָלקסטאַלאַנט.

נאָך אַ „נס", וואָס אין „אייניקייט" שרייבט מען מיך אונטער אונטער די טויטע. אַזוי דערמאָנט מען מיך נישט מיט קיין איין וואָרט, ווי איך וואָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געווען. דאָס איז דיין הונדערט פּראָצענטיקער געצאָלטס פאַר דעם, וואָס דו ווילסט זיך באַשטיין דיין וועלטל אָן אונטערלעקעריי. פאַרשטיי, אַז דו

באַקומסט אָפּגעצאַלטס אין דער פולער מאָס. און זאָל דיר ווויל איינגיין. פאַרשטיין — העלפט אַ ביסל. נאָר דו דאַרפסט זיך נישט האַלטן גרויס מיט דעם, ווייל דאָס קען אויך ווערן אַ מין זעלבסט־באַפרידיקונג.

זאָל דיר גאָט העלפן גיין ערלעך דיין וועג, אויב ס'קומט אַפילו אַ מאָל אויס אָפּצולייזן דערפאַר אַ סטוסאַק.

אי קינאה, אי שׂינאה, אי אהבה זענען אייגנטימלעך פאַרן מענטשנס האַרץ. אָבער דו דאַרפסט עס נישט. און איך האָף, אַז ס'וועט ביי דיר קלעקן פאַרשטאַנד און כּוח, אין ווען דו וועלכער מאָס דאָס זאָל נישט זיין, זיך כּסדר אָפּשטויסן פון דעם.

##ביידע זאַכן — אַ סאָוועטישער בירגער און אַ ייִד

ערב־פּסחדיקע טעג:

זיך דערמאָנט אין דעם פּראָצעס פון מצות באַקן אַ מאָל ביי אונדז אין שטעטל: מע האָט אַראָפּגעבראַכט צו מאַטלען דער שוחטקעס אַ מאַשין. פּסח דער בלינדער, יוסף־חיימס איידעם (וואָס איז אַ גאַנץ יאָר אומגעגאַנגען אין די דערפער איבער די הייזער) האָט געטריי געדרייט די ראָד פון דער מאַשין, ווי אַ בלינדער שמשון. די מצות האָבן זיך געוועלגערט דורך די וואַלצן פון דער מאַשין און זיך געראַדלט פון דער מאַשין גופא. איינער האָט געשניטן פּירעקעכיקע שטיקער, וואָס זענען געגאַנגען גלייך אין אויוון אַריין. מאָטל אַליין, אַ הויכער, קורצזיכטיקער ייִד, איז געשטאַנען אינעם טלית־קטן לעם דעם הייסן אויוון. ער האָט געשיקט נאָסע, ווייכע מצות אין אויוון אַריין און פון דאָרט אַרויסגעכאַפּט שמעקעדיקע, זיך לויכטנדיקע פאַרטיקע מצות (אַז מע זאָל נאָר דערלעבן איבער אַ יאָר און ווייטער באַקן). און ער האָט זיי געוואָרפן גרינג אין גרויסן פלאַכן קויש אַריין. און ביי די באַלעבאַטים, די באַשטעלערס, האָט זיך געשמאַלצן דאָס האַרץ פאַר פאַרגעניגן. אפשר צוויי שעה זאָל געדויערן דאָס שטיקל אַרבעט, אָבער האָסטו נאָר אָפּגעבאַקן די מצות, האָסטו שוין אַזוי ווי אַריינגעבראַכט דעם גאַנצן פּסח אין שטוב אַריין.

אַ חלום פון די קינדער־יאָרן ?...

יאָ, וואָס דען אַנדערש, אויב נישט קיין חלום...

דעם טעם פון „הערינג אין קאָמפּאָט" קומט אויס אַ מאָל דערפילן צווישן טאָג און נאַכט, צווישן יאָ און ניין. איך מיין אין אַ שעה, ווען מע וואָלט זיך גרינג געקענט באַגיין אָן דעם. בין געזעסן ביי איינעם אַ יונגן, נאָך גאָר אַ יונגן פאַר־שווינדל, שוין אַ פאַמיליע־מענטש. אונדזער קורצווייליקע באַקענטשאַפט האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס זיין פאַרשטאָרבענער פאָטער האָט איבערגעלאָזן אַ היפּשע ייִדישע ביבליאָטעק. מיר האָבן גערעדט וועגן קינדער פון געמישטע חתונות, ווי לייבעלע, צום ביישפּיל. וואָס וועט ער זיין: — אַ ייִד, אַן אוקראַיִנער, צי אַ רוס ?

— אַז ער וועט אויסוואַקסן, — זאָג איך, — וועלן מיר זען.

יענער טענהט קאַטעגאָריש, אַז לייבעלען מוז איך מאַכן פאַר אַ ייִדן. און דער בעל־דבר אַליין, קיין ייִדיש קען ער נישט און דאָס ווייבל איז ביי אים אַ רוסישס.

לויט זיינע נישט־דערזאָגטע ווערטער האַלט ער, אַז איך בין אין דעם זין קליינמוטיק און נישטיק. און ער וויל שוין מאַכן אַ סוף צו דעם שמועס. אַזוי ווי אויף צו להכעיס האָב איך נישט געוווּסט, ווי אַזוי הייבט מען זיך אויף פונעם אָרט און מע זאָגט „אַ גוטן טאָג".

בורשטיין האָט מיר געהאָט געשריבן, אַז ער קען נישט בלייבן גלייכגילטיק צו פרעמדע ליידן און דחקות. און אַז באַנאַנד מיטן שטאָלצן געפיל פון אַ סאָוועטישן מענטשן, געדענקט ער זייער גוט, אַז ער איז אַ זון פון זיין פאָלק.

ער האָט מיר איין מאָל ביי זיך אין צימער, ביי אַ „כאָלאָסטיאַצקע" גלעזל וואַרעמס, דערציילט וועגן זיינע קינדער־יאָרן. ער איז אַליין פון ווייסרוסלאַנד. ביי זיי האָט זיך אָרגאַניזירט אַ ייִדיש־רוסישע קאַזיאָנע שול פאַר וועלטלעכע קענטענישן. ער האָט אַהין נישט אויסגעהאַלטן די פּרווון. האָט מען אים נישט צוגענומען. ער האָט זיך לאַנג געפּייניקט מיטן געדאַנק, אַז ער מוז מיט אַלע קינדער באַזוכן די נייע שול. און ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און גענומען גיין אין שול אַריין גאַנץ „אָפיציעל".

אויפן צווייטן צי אויפן דריטן טאָג האָט מען זיך אַרומגעזען אויף אַזאַ „אומ־נאָרמאַלקייט" און מע האָט אים אַרויסגערופן צום דירעקטאָר אין קאַבינעט און דער דירעקטאָר האָט אים בייז און שטרענג אַ פרעג געטאָן, וואָס הייסט? ער דער־לויבט זיך אַזאַ „אומגעהערטע" זאַך? האָט זיך דער קליינינקער דאָרער בורשטיין אויטערגעצויגן, ביידע הענט מיליטעריש אויסגעגלייכט לויט דער לענג פון די הייזלעך, די אויגן זענען טאַקע געווען אָנגעגאָסן מיט טרערן, נאָר ער האָט אָנטשלאָסן און קאַטעגאָריש געענטפערט:

— כאַטשו אוטשיטסיאַ!!! (כ'וויל זיך לערנען).

דער באַלעבאָס — אַ ייִדֿ, און דאָס האַרץ איז ביי אים אויך נישט פון אייזן, האָט ווי עס איז אויסבאַהאַלטן דעם שמייכל, האָט זיך דורכגעשמועסט מיטן קליינעם בורשטיין אויף אַ מענטשלעכן אופן, האָט אים צוגעשטעלט אַ רעפּעטיטאָר און אים פאַרערעכנט פאַר אַ צוהערער פון דער קאַזיאָנער שול.

דער געמיט־צושטאַנד פונעם דעמאָלטיקן „כאַטשו אוטשיטסיאַ!" האָט זיך מיר טיף איינגעשניטן און איך האָף, אַז ס'וועט מיר פאַרבלייבן אין זכרון אויף לאַנג...

אין „עמעס"־פאַרלאַג איז נאָך אין 41סטן יאָר דערשינען אַ ביכעלע אין אַ וויכן איינבאַנד, ווו געליטענע דערציילן וועגן די פאַשיסטישע אַכזריות אינעם אָקופּירטן פּוילן.

איך קוק אויפן ביכעלע. ווייַ צו די אויגן, וואָס האָבן עס געזען, ווייַ צו די

אויערן, וואָס הערן עס, ווי און ווינד צו די לעבנס, וואָס האָבן אַזעלכעס איבער־געטראָגן!

צי לעבן עפּעס איבער די קוילערס אַליין, ווען זיי פירן אויס זייערע שליחות? וועגן דעם האָב איך זיך פיל מאָל פאַרקלערט אויך אין די פּאָגראָמען־טעג פון די יאָרן 19 און 20. נאָר דאָרטן זענען געווען "ליבהאָבער", "ענטוזיאַסטן". דאָ זענען מערער אויספילער, אָבער אַ גרויסע טייל טוט מיט פאַרגעניגן איר טייוולאָ־נישע אַרבעט. און ביי וויניקע איז עס אַ וויסטע אַפּקומעניש.

## דער שענדלעכער טויט פונעם דייטשס הענט

ס'איז שוין טאַקע אַפּריל?... זענען מיר מיט אַ פרילינג, הייסט עס, אַזוי ווי באַזאָרגט. נאָר די בלאָטע איז טיף און די קעלט קריכט אין האַרצן. אויפן האַרצן איז אויך קויטיק. אפשר, ווייל ס'ליגט ביי מיר אַ נישט־דערלייענטס דאָס ביכעלע "וואָס געליטענע דערציילן". אפשר, ווייל די פאַרקויפעריין אין ביכערקראָם האָט מיר אַ ביסל פרעמדלעך נישט געגעבן די צוגעזאָגטע ביכער און מיר וועט זיין פריקרע אַריינגיין צו זיי. און נישט אַריינגיין אין ביכערקראָם איז, ווי מע זאָל זאָגן דעם שיכּור, ער זאָל נישט פאַרגיין אין שענק...

איך האָב נאָך נישט צוגעפּעסטיקט צו אונדזער שפּייזקראָם די פרישע קאַרט־לעך. הענגט עס מיר אויפן קאָפּ.

די טרעמפּליעס פון מײַנע "שפּאָגל־נייע" הויזן טונקען זיך אין בלאָטע. ווי די מעשׂה זאָל נישט זיין, דאַרף מען אָנהאַקן שפּענדלעך און זען זיך נישט צוקילן.

בין היינט אויפגעשטאַנען אַ ביסעלע פריִער, ווי געוויינלעך. דער טאָג איז דאָך שוין גרעסער און דאָס האָב איך שטענדיק ליב. איי, דער דייטש הרגעט דעם ייִדן נישט פּראָסט, ער דאַרף אים פריִער פאַרפּייניקן, פאַרמוטשען, פאַרמיאוסן (ביי גאָט, ביי לייטן און ביי זיך אַליין אין די אויגן), פאַרוואַנדלען די אַלע שרעקלעכע עינויים אין שפּיל, פאַרווײַלונג, סאַדיסטישן פאַרגעניגן — די שטאַלן זאָלן די ייִדן רייניקן מיט די הוילע הענט, קברים זאָלן זיי פאַר זיך גראָבן מיט די אייגענע פינגער, דאָס מיסט פון די גאַסן צונויפקלייבן נאָר מיט די ליפּן. צייט איז דאָ, ס'וועט סטייען; קריכן אויף אַלע פיר, קריגן געשפּיגן גלייך אין פּנים אַריין, שטיין אין טלית־און־תּפֿילין און שרייען בקול־רם "זאָל לעבן דער קיסר איבער אַלע קיסרים אַדאָלף היטלער!"... אויב נישט, טאָ זאָל דער ייִד שרייען הויך אויפן קול: "איך, יודע־חזיר, בין שולדיק אין קריג"...

נישט איין מאָל כאַפּ איך זיך דערביי, אַז איך אַליין וויל נישט ליידן, און ביילקע, זאָל זיין געזונט, וויל עס אויך נישט ליידן, ווען אַ ייִד רעדט הויך צווישן אַנוועזנדיקע רוסן מיט אַ "ניגון" און מיט אַ גראָבלעכן "רייש".

זיי מיר מוחל, גאָט, אָט די אומפאַרגעבלעכע זינד! מיין פאָלק האָט אויף זיך געגנוג באַרעדערס און אָפּלאַכערס. ס'וועט קלעקן.

אַ צווייט מאָל האָב איך זיך אָנגעהויבן פאָרשטעלן, ווי אַזוי העכער אַ צענדליק מלכים האָבן נאָך זייער מפּלה געקליבן ביים ייִדישן קיסר אונטערן טיש די גראָבע פינגער פון זייערע הענט און זייערע פיס... קומט אויס, אַז מערדעריי איז אַ גוט מיטל, וואָס ווערט באַרעכטיקט דורכן ציל... אָן אונטערשייד ווער דער זיגער זאָל נישט זיין ?...

אָנגעהאַקט שפּענדלעך. דעמבענע איז אויך נישט שלעכט. אַבי נאָר זיי גוט פונאַנדערהייצן, וועלן זיי ברענען. איצט דאַרף מען שרייבן בריוו צו די קינדער.

דערשינען דאָ אין סאַראַטאָוו דאָס זאַמלביכעלע „ראָדינאַ". דאָרטן איז צום סאַמע לעצטן אָפּגעדרוקט „דאָס ייִנגעלע מיטן מיידעלע". די איבערזעצונג אַ בלייכע, נאָר פאַר מיר איז עס אַ געשעעניש, ווייל באַלד שוין צוויי יאָר, אַז נישט איך שרייב, נישט איך דרוק זיך, אפשר דרוקט מען עפּעס מיינס אין אויסלאַנד, ווייס איך נישט וועגן דעם. גוט איז פאַר אַ דאָרשטיקן אַ טראָפּן.

פון ביילקען בריוו, גרוסן, געלט און אַ פּעקעלע. לייבעלע איז איבערראַשט פונעם פּאַסיק מיטן מעסערל, וואָס זי האָט פאַר זיינעט וועגן צוגעשיקט.

געענדיקט לייענען טאָלסטאָיס „קינדהייט און יוגנט".

האָב היינט ווידער געקלערט וועגן די סך וועגן, דורך וועלכע גאָט קען אויס־פירן, אַז דער פיינד זאָל זיך איבער מיר נישט גרויסן. נאָר דער בעסטער וועג איז, פון דעסטוועגן, דער, וועלכן איך האָב נישט לאַנג „דערפונדן": גאָט, דריי איבער מיין פיינד פאַר אַ פריינד.

איך שטעל זיך עס לעבעדיק פאָר.

מיט אַלגעמיינע כּוחות וועלן מיר קויפן פאַר דבורהלען אַ ניימאַשין. זי קען אַ ביסל נייען. ס'וועט אונדז העלפן אין אונדזערע נויטן.

## דער פּאַרדראָס ערגער פונעם היזק

...אַ זוניקער שיינער פרימאָרגן. ס'איז שוין טאַקע פרילינג אויף אַן אמת. אויפן יוגנטלעכן עולם דערקענט זיך עס גלייך. יעדעס מיידל, יעדער בחור זעען אויס, ווי באַנייט. אמת, די בחורים, וואָס מע באַגעגנט אַפילו, זענען מיט איין פוס דאָ און מיט איינעם — אויף דער מלחמה.

דער אַלטער לאַנגער שכן אונדזערער אַלעקסיי קסטיניטש מיט די הייזעריק־לעכע שיכּורע וואָנצעס (ער מוז זיין נישט פון די גוטע) האָט צעגראָבן און צעבאַ־ראַנאָוועט אין הויף אַ פּאָר שמאָלע בייטלעך לעבן סאַמע פּלויט פונעם שכנישן הייפל.

— דאָס וועט זיין, — זאָגט ער, אונדזער דאַטשע. זומער וועלן מיר פּאַר נאַכט אַהער אַרויסשטעלן אַ טישעלע און טרינקען טיי.

ער האָט אונדז נישט גערופן מיר זאָלן אים העלפן. ס׳איז פאַרשטאַנדיק: ער וויל זומער זיין אַליין באַלעבאָס...

האָט זיך דער טאָג היינט אָנגעהויבן מיט „ניין" און מיט געוויין. איך ווייס אַפילו נישט צי איז נאַסטיע אין גאַנצן אומגערעכט. טיף אין הייפל לעבן דעם שטויס שוואַרצגעוואָרענע ברעטער האָט דבורה מיט שווערער מי אויך צעגראָבן אַ קליין פּירעקיק בייטל. זי האָט זיך מתקנא געווען אין יודינען. זי האָט ליב גרינס, און איצט צוליבן מאַנגל אין עסנוואַרג, יאָגן זיך אַלע נאָך יעדן פרייען פּיצעלע ערד. נאַסטיע האָט זיך אָנגערוגזט און געזאָגט:

— איך וועל נישט דערלויבן!

אין דער פרי, ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען, האָבן מיר געפונען דאָס בייטעלע גראָב און אָן רחמנות פאַרטאָפּטשעט.

דבורהל וויינט. וואָס הייסט, נאַסטיע האָט זיך נישט גערעכנט מיט איר, דבורהס, ביז גאָר שוואַכן געזונט. ווו נעמט זיך צו יענער אַזוי פיל שלעכטקייט, אַזוי פיל סם? ווען דבורהל איז אַ יִדישקע, וואָלט מען עס נאָך געקענט אַנדערש אויסטייטשן. זענען זיי דאָך ביידע קריסטינס! דבורהל האָט געוויינט וויפל ס׳איז אין איר אַריין. איך האָב זי געטרייסט. און נאָך אַלעמען האָבן די דרויאַנס דערלויבט גראָבן אין דער לענג פאַרביי זייער פּאָדערהייזל (דער דורכגאַנג צו זייער שטאַל) און זייען, וואָס מיר ווילן. זיי בעטן ביי אונדז נישט קיין חלק. זאָל עס זיין אַ טרייסט. נו, און ברויט אויף מאָרגן האָט מען געזאָגט „ניין", כאָטש ברויט אויפן ערשטן צאָן האָבן מיר נאָך... בריוו אויפן פּאָטשט „ניין", כאָטש נעכטן און אייערנעכטן האָבן מיר געהאָט בריוו געגונג און איבערגענוג.

מיך אַרט נישט אויב דער קורקולקע (בעל-גופטע) וועלן דבורהס טרערן ערגעץ פאַררעכנט ווערן. איך האָב זי באַרויִקט, נאַסטיען, אַז מיטן בייטעלע וועלן מיר זיך נישט עסקן מער, סיידן זי וועט אַליין קומען צום שׂכל און אונדז דערלויבן עס טאָן. און זאָל עס זיין אויף איר געוויסן. דער זאַטער גלייבט נישט דעם הונגעריקן. אָט דער אַלטער כּלל איז אָנגעמאָסטן אויך פּאַר לייטישע מענטשן.

ביי דבורהלען האָב איך געפועלט, אַז צו נאַסטיען טאָרן מיר קיין גרויסע טענות נישט האָבן. פון דער ערשטער שעה אָן איז זי זיך מיט אונדז מענטשלעך באַגאַנגען.

דבורהל האָט זיך פאַרן טאָג אָנגעוויינט און אָנגעמאָרדעוועט. נאָר פּאַר נאַכט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביי לייבעלען איז 39 גראַד וואַרעמקייט. ס׳איז ניין אַ זייגער אין אָוונט און ער גליט אַזוי, ווי אַן אָנגעהייצטער אויוון.

גאָט זאָל פירן כּשורה.

נעכטן און היינט געאַרבעט. געשריבן און איבערגעשריבן עפּעס אַ קלייניקייט.

דאָס וועטער בייט זיך צום ערגערן. ביי אַ שעה צייט האָט גערעגנט און געשנייט. איצט שנייט שוין ווייטער און ס׳ווינטיקט. ס׳זאָל דעם קינד כאָטש נישט שאַטן. וואָס מאַכט דאָרטן אונדזער טאָכטער?... נישט „אונדזערע״, נאָר מיינע? זאָל זיין „מיינע״, אַבי מיט חסד.

די באַלעבאָסטע אונדזערע, די קורקולקע, הער איך קיין מאָל נישט רעדן מיט גאָט, כאָטש זי איז אַ פרוי. און איך, ביי מיר גייט עס נישט אַרויס פון מויל: „באָג דאַסט״ און „באָג זאַכאָטשעט״ — ממש אויף יעדן טראָט. טאַקע אַן אמתע ייִדענע, „שׂמחה כיטריקס״ נײַן מאָס רייד. זאָל מיר דער אויבערשטער מוחל זיין אויך די דאָזיקע שוואַכקייט מיינע.

זיבן אין דער פרי. ביי לייבעלען איז דערוויל 39. אין אָוונט האָט ער געזאָגט:

— מאַמע, דו האָסט מיך געשיקט אין קיך נאָך וואַסער?... ניין?... האָט זיך מיר עס נאָר געחלומט.

מיר האָבן געבעטן ביי נאַסטיען זי זאָל אונדז אַלע טאָג פאַרקויפן אַ האַלבן ליטער מילך. אַ טובֿה פאַר געצאָלטס. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט געבן.

ביי אונדז פלאָדיען זיך פרייסן. האָב איך די טעג אָנגעטאָן דעם מאַנטל און דערפילט, ווי ס׳לויפט איבער מיר עפּעס אַרום. איך האָב אַ קלער געטאָן: ס׳איז גרינגער דערפילן אויפן האַלדז אַ פּרוסאַק, ווי בעטן ביי איר אַ טובֿה. כאָטש זי האָט אונדז קיין שלעכטס נישט געטאָן.

און פון דעסטוועגן האָט זיך דער טאָג אָנגעהויבן ווויל. ס׳איז אָנגעקומען גרינג אַרויסרופן פון פּאָליקליניק אַ דאָקטער. די פּאָטשט — אַ גוטע. אין קראָם אָפּגענומען בוימל פאַר אַפּריל גיך און גרינג. אין טראַמוויי — נישט געווען קיין שטופּעניש. זיך ספּראַוועט מיט אַלע גאַנגען. דאָס ייִנגעלע אונדזערס האָט אָפּגעגעסן ברויט מיט מילך. פון רחל דאָבין אַ בריוו (וואָס נעמט, אַגבֿ, אָן פאַר יעדן אֵבר).

מיזשיריצקי שרייבט, אַז פעפער פאָרט קיין אַמעריקע אין אַ שליחות, אַז אָרלאַנד אַרבעט טאַקע אין קויבישעוו.

אויב איך וועל היינט באַוויזן איבערשרייבן אויף ריין די דערציילונג, וועט מען זי דאַרפן לאָזן צווישן לייטן.

פון כאַסקלען אַ בריוו פון 17טן מאַרץ. ער דערמאָנט אין אַן איידעלן און פאַרזיכטיקן טאָן, אַז מאַרשאַק באָריס איסייעוויטש לעבט שוין מער נישט. ער איז אַ צייט געווען פאַרוואַלטער פון קיִעווער „קולטור־ליגע״. ער פלעגט מיך מקרבֿ זיין, פלעג מיך אויך פאַרבעטן צו זיך אַהיים. דאָס ווייב איז געווען שיין און שטאַלטנע. ער — נאָך שענער. אין זיין איבערזעצונג האָט זיך אָפּגעדרוקט „חדשים און טעג״ (אין רוסיש). אַז מע דאַרף אַזאַ שיינעם יונגערמאַן לייגן אין דער נאַסער ערד אַריין, טוט ווי דאָס האַרץ.

## מאַן און ווייב מאַרינאַווס

היינט איז שבת הגדול. מאָרגן אין אָוונט, דוכט זיך, דער ערשטער סדר. וויפל מלכים און בני־מלכים, מלכּות און פּרינצעסינס האָט דער קוילער מיט פּיין און מיט בזיונות אויסגעמעקט פונעם לעבנס־בוך. דאָס האַרץ ווערט פאַרלאָפן מיט בלוט פון יעדן איינציקן קרבן, אויב דו נעמסט אים נאָר אויפן געדאַנק.

ברכהלע, מיר זאָל זיין פאַר איר, שרייבט: „מיר קוקן אַרויס אויף ידיעות פוןביידע הערשעלעך, פון מיישקען". און פון גדליהן שווייגט זי. דאָס נישט וויסן וועגן אים גאָרנישט עקבערט איר גוט דעם מוח און דאָס האַרץ. אָבער זי טוט זיך אָן אַ כּוח און שווייגט וועגן דעם, וואָס ס׳העלפט נישט קיין רייד און קיין שרייען.

ביי לייבעלען איז 37,6. איך האָב פאַר אים געלייענט גאָגאָלס טשיטשיקאָוו.

אָרעמערע מענטשן פון מיר און טוען מיר געפעליקייטן. מאַרינאָוו. זיין פרוי (חיה־סימע), אַן אויסגעהאָרעוועטע פרוי פון מיינע יאָרן אָדער יינגער, מיט סימנים פון געוועזענער ייִדישער שיינקייט. זייער מיידעלע, אַ שולקינד פון אַ יאָר 15. זיי האָבן אויך גרעסערע קינדער — אַ זון מיט אַ טאָכטער, וואָס אַרבעטן און לערנען ערגעץ ווייט. מאַרינאָוו אַליין איז געווען אַ בעל־מלאכה, אַ מאַקאַראָנשטשיק. אויף אַ ביינאַכטיקן אומבייט איז ער אַריין אין אַן אומגליק: די מאַשין האָט צוזאַמען מיטן אַרבל פאַרשלעפּט די האַנט. איצט איז ביי אים אין זייט אַ געליימטע און ער הערט שלעכט. מע דאַרף צו אים הויך שרייען.

חיה־סימע (אין אַלגעמיין אַ גוטער מיטפילנדיקער מענטש), איז צו אים ברוטאַל, שלעכט. אפשר גייט עס נישט פון איצט, נאָר פון אַלטע פריִערדיקע חשבונות. ער האָט אַ קליינע מלוכה־שטיצע. זי האָרעוועט און ווערט אויסגעריסן — נייט אַ ביסל פאַר אַן אַרטעל. ער העלפט אויך צו ביי דער אַרבעט, וואָס זי גרייט אים צו צום שטעפן, מיט דער איינער לינקער האַנט. האָב איך אים געטראָפן, ווי ער וואַשט פאַר זיך אַ פּאָרל וועש. אין תּוך אַ גוטער מענטש, איז זי צו אים אַ רשע. איך טאָר זיך נישט מישן, נאָר פון מאָל צו מאָל ברענג איך אים אַ ביכל צום לייענען. ער איז גוט אָנגעלייענט און קען ריכטיק אַנאַליזירן דערשיינונגען.

איין מאָל האָב איך אים געזאָגט:

— איר קענט געוועלטיקן איבער אייער נאַטור.

— ווי אַזוי האָט איר עס באַמערקט? — פרעגט ער.

איז ער, הייסט עס, מסכּים, אַז איך רעד נישט אין דער וועלט אַריין. איך האָב אים דערציילט, אַז מיר איז אויסגעקומען צו זען, ווי אַזוי די שטובלייט לאַכן פון עפּעס. ווען ער הערט — וואָלט ער אפשר אויך געלאַכט. סטייעט ביי אים ווילנסקראָפט נישט איבערצופרעגן, וואָס דאָ קומט פאָר.

ער איז מיר געווען אַזוי דאַנקבאַר, וואָס איך פיל אים מיט.

— אַזוי וויל דאָס לעבן, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — און מע קען קיין קלוגער נישט זײַן.

פון דבורהלס הסכּמה טראָג איך אים אַ מאָל אַרײַן אַ פּאָר ביסן ברויט, אַ מאָל אַ פּאָר האַרטע, געדיכטע לעפל קאַשע. אויב איך טרעף חיה־סימען אין שטוב, פֿויל איך זיך נישט און קום אַרײַן מיט דער „גנבֿה" אַ צווייטן אָדער אַ דריטן מאָל. מיר ווײַנען — אונדזער פּענצטער אַנטקעגן זײַער וואַנט. די שמאָלע גאָגאָל־גאַס טיילט אונדז נאָר אָפּ. דאָס איינציקע וואָס צו אונדז גייט מען פֿון הויף און צו זײַער ברייטער הילצערנער טיר פֿירט לעם דער גאַס אַ נידעריק גאַניקל פֿון צוויי טרעפּלעך ראָג־טשאַפּײַעווער. קען מען זיך צו זיי אַרײַנכאַפּן, ווען מע וויל. דאָס קנאַפּע ביסעלע צוגאָב־עסן קומט אים זײַער צו נוץ. בעסער געזאָגט, ס'גייט אים זײַער אָפּ, ווײַל דאָס, וואָס זײַן באַשערטע טיילט אים אויס, איז ווי מע וואַרפט אַרויס פֿאַרן הונט און דערצו גאַנץ קאַרג.

און זי איז בפירוש צו לײַטן אַ גוטע. זומער איז אירער אַ באַקענטער, אויך אַן אָנגעפּאָרענער, געווען שטאַרק קראַנק אויף דיזענטעריע. איז זי געגאַנגען אַהין, דערלאַנגט אים אַ טעפּל, אויפגעקאָכט אַ ביסל וואַרעמס, געוואַשן פֿון אונטער אים. דאָס קען נישט יעדערער. איך האָב געזען פֿון איר נאָך שיינע מידות. זי איז קלוג, האָרעפּאַשנע, גיט זיך אַן עצה אין דער שווערער נויט. זעט צו דאָס מיידעלע, שרײַבט זיך דורך מיט די גרעסערע קינדער. און דאָ האָט זיך עפּעס אויסגעריסן אַ תּוכחה און ס'איז צו דעם קיין מיטל נישטאָ. בעטן אויף זיך דעם טויט ?... איז עס אויך גאָרנישט.

חיה־סימע האָט זיך צו מיר אַליין אָנגעשלאָגן, איך זאָל איר ברענגען אַ שקאַרמיצל מעל, וועט זי מיר אָפּבאַקן מצות... „אויף אַ רפֿואה", פֿון יוצא וועגן. אַ וואָך פֿאַר פּסח, אויב נישט מער, האָט מען בײַ איר געבאַקן מצות. ער האָט געהאָלפֿן מיט דער לינקער האַנט שאָבן (מיט אַ שטיקל גלאָז) די טישן פֿונעם אָנגעקלעפּטן טייג. האָלץ האָבן זיי פֿאַרגרייט נאָך באַצײַטנס. איך ווייס נישט צי זי האָט עס געטאָן פֿון מצווה וועגן, צי איז עפּעס אַרײַנגעקומען דערפֿון אַ פֿאַרדינסט. איך האָב זיך עטלעכע מאָל אַרײַנגעוויזן אַהין, זיך געהיט נישט צו שטערן אין דער ענגשאַפֿט, אָבער דאָס טראַסקען פֿון די וועלגער־העלצער איבער די בלעכן, דאָס ווײַבערישע גערייד, אַ שמייכל, אַ בליק, דאָס פֿײַער אינעם אויוון, דער ריח פֿון די פֿריש־אויסגעבאַקענע מצות — אָט די אַ זאַכן האָב איך געוואָלט אין זיך אײַנזאַפּן וואָס מער.

אין איינעם פֿון די טונקעלע פֿאַרפּסח־אָוונטן האָב איך בײַ איר צוגענומען אין אַ ריינער שמאַטע מײַן געבעקס. מיר האָבן זיך איינס דעם אַנדערן צוגעווינטשעוועט דערלעבן איבער אַ יאָר אין אַ בעסערן אופֿן, ווי איצט. בײַ חיה־סימען איז דאָ אַ געווינטשאַפּטס־וואָרט, וואָס מיר האָבן אים אַלע אײַנגעחזרט (אין אַ

שפּאַס): „פּאַזשאַלוסטאַ, פּאַזשאַלוסטאַ! זאַטשעם פּאַזשאַלוסטאַ?!" (ביטע, ביטע, צו ליב וואָס ביטע?!)... איר פּאַלצעט־שטים איז גאַנץ קלינגעוודיק. זי איז געווען מיט אונדז העפלעך. אונדז אָפּט געליגן אַ כּלי, אַ שוועבעלע, אַ מאָל אַפילו אַ גלאָז מעל, און אַלץ — „פּאַזשאַלוסטאַ, פּאַזשאַלוסטאַ, זאַטשעם פּאַזשאַלוסטאַ?!"...

זי איז פון ווייסרוסלאַנד. ער האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי זי האָט אים געקאָכט די וואַסער די ערשטע טעג נאָך דער חתונה, ווי אַזוי זיי האָבן חופּה געהאַט אין איר דאָרף, ווי אַזוי זיי זענען אַריבערגעפאָרן צו אים און ער האָט זיך נישט געקענט מיט איר קיין עצה געבן. זעט אויס, אַז אין יעדער, אַפילו קלייניקן לעבן, איז דאָ אַ דראַמע. מיין דבורהל קאָכט פון מיר די וואַסער צי מע דאַרף, צי מע דאַרף נישט. איך בין זיכער, אַז ווען איר געזונט זאָל זיין בעסער און ווען ס'זאָל זיין מיט וואָס פירן די הוצאה, אַפילו אויפן באַשיידנסטן אופן, קענען מיר לעבן שטיל. ביילקע איז נאָך, אַנטקעגן לייטן, נישט קיין שטיפטאָכטער, דבורהל איז אַפילו, אין פאַרגלייך מיט חיה־סימען, נישט קיין שטיפמאַמע, לייבעלע איז גאָלד, אַ חיותדיק קינד... דער פּריסטאַוו אין שטעטל האָט אַ מאָל געזאָגט צו אונדזער מאַמען:

* — Голубушка, это все недостатки делают...

צו מיין פורל — דער קליאַטשע, דעם פערד אוןביידע פאַרשווינדלעך — קען מען קיין טענות נישט האָבן.

מאַרינאַוו האָט מיר דערציילט וועגן אַ פּאַרפּאַלק, ווו זי האָט געהאַט אַ שווער, אומדערטרעגלעך לעבן. אין איינעם אַ זומערדיקן פרייטיק ביי טאָג איז זי אַוועק זיך טובל זיין (זי זאָל זיין ריין פאַרן מאַן), קיין מיקווה איז אין דאָרף נישט געווען, איז זי אַוועק צום טייך (ווי דער שטייגער איז ביי די דאָרפישע ווייבלעך) און... זי איז שוין צוריק נישט געקומען. ער האַלט, אַז זי האָט זיך אַליין גענומען ס'לעבן, אַז דעם „חשבון" האָט זי שוין פון לאַנג ביי זיך געהאַט אויסגערעכנט, נאָר זי האָט פאַרמאָגט געווענלעך אײדלקייט סע זאָל אויף קיינעם נישט פאַלן קיין פלעק, נישט אויפן „איבערגעגעבענעם" מאַן, און נישט אויף די קינדער, ווען זיי וועלן אויס־וואַקסן. איצט וועט קיינער אַנדערש נישט טייטשן — אַ פּלוצעמדיקער אומגליקס־פאַל און שוין.

איך האָב ליב דאָס ווייבל, וועלכע איך האָב נישט געקענט און וועל שוין נישט קענען. זי איז מיר נאָענט און טייער. אָט־דאָ־אָ זיצט זי ביי מיר טיף אין האַרצן. ווי אַזוי זאָל איך נישט זאָגן אויף אַזאַ יונגער ליבער פרוי „מיר זאָל זיין".

איך בין געזעסן אַ ביסל ביי די מאַרינאַווס. פון דעסטוועגן איז ביי זיי יום־טוב. ער איז אויסגעגאָלט, אויסגעוואַשן, כּמעט אין אַ נייעם ציצענעם העמד, די בריקן (דילן) זענען ריין אויסגעוואַשן. צי האָבן זיי געהאַט נעכטן צום סדר כאָטש אַ פערטל

---

* טייערינקע, אין דעם אַלעמען איז שולדיק די נויט...

עוף אויף דער גאַנצער משפּחה? אפשר יאָ. איינער אַן אורח, מיינע אַ לאַנדסמאַן, האָט זיך צו זיי „געדונגען" אויף אַלע אַכט טעג פּסח. „קאַלאַ דאָבריך האָסטעי, אי מי פּאָזשיווימיאָס" (לעבן גוטע געסט וועלן אויך מיר געניסן). חיה־סימע, מיד פונעם ערב־פּסח מיטן מצה־באַקן, האָט זיך איצט צוגעלייגט.

מאַרינאָוו דערציילט מיר נאָך אַ מעשה־נורא, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן נישט אַזוי לאַנג. איינער האָט חתונה געהאַט פאַר זיין פלימעניצע, דעם ברודערס טאָכטער. ער איז יונג געשטאָרבן און קיין קינד נישט איבערגעלאָזט. דאַרף איר זיין ברודער געבן חלוצה. און ווער איז זיין ברודער? איר אייגענער פאָטער!... מאַרינאָוו דער־ציילט עס מיר און אַליין קוקט ער מיך אָן מיט צעעפנטע אויגן. און איך, דער צוהערער, בין אויך דערשטוינט, כאָטש אַזעלכע זאַכן גייען איצט ווינציק וואָס אָן. איז עס אַ מאָל אָנגעגאַנגען?... צי מעג זי חתונה האָבן פאַר אַ כהן? בית הלל זאָגט — אַוודאי. בית שמאי זאָגט — גאָט באַהיט!

## פאַרגעבן דעם טאַטן „וואָפּראָסן"

אַ שווערער חלום האָט זיך מיר היינט ביי נאַכט געחלומט, אַז ביילקע איז, אויף שונאימס קעפּ זאָל זיין, אַראָפּ פון זינען, און איך באַשליס אָפּסמען דאָס עסן, כדי מיר זאָלן ביידע שטאַרבן — איך און זי. איך שטעל זיך פאַר פון וואַנען דער דאָזיקער חלום האָט זיך גענומען: איך האָב נעכטן געזען אַ פּרוי אויפן „קריטי רינאָק" (באַגלאָזטער מאַרק) מיט אַ מאָדנעם לאַנגזאַמען גאַנג און אַזוי ווי קיין זאַך רעגט זי נישט... איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז זי האָט איבערגעלעבט אין דער היים אַן אומגעוויינלעכן אומגליק און שרעק, און איר מוח קען עס נישט פאַרטראָגן. איז אָט דאָס גייט זי אַזוי אַראָפּ פון זינען. צי איז מיין השערה אַ ריכטיקע אָדער נישט, נאָר איך בין, דאָס הייסט, מיינע געדאַנקען זענען, לאַנג מיט איר געווען פאַרנומען. האָט עס פאַר נאַכט דער חלום אויף אַזאַ מין אויפן אַלץ פּיקסירט.

קלאַראַ מיט זלאַטשינען זענען ביי אונדז געזעסן. איך האָב פאַר זיי פאַרגע־לייענט אַ קליינע אָנגעשריבענע זאַך. איך האָב דעם אָנשטעל, אַז איך לייען, זיי האָבן דעם אָנשטעל, אַז זיי הערן... ס'האָט מיר אַ מאַכט!

ווי עס איז, ווייסט מען אַז מאָרגן איז דער ערשטער סדר. די געסט שפּאָסן מיט לייבעלען און פרעגן אים, צי ער וועט „פאַרגעבן דעם טאַטן וואָפּראָסן"?... (צי ער וועט ביי מיר פרעגן די פיר קשיות?). אגב, האָבן בוטערמאַן, עפּשטיין און זלאַטשין זיך דערמאָנט דעם חדרישן ניגון פון „שיר השירים", וואָס איז אַ געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען. מיר איז זיך עס צעגאַנגען אין האַרצן ביז טרערן פון בענק־שאַפט. נאָר איך האָב זיך איינגעהאַלטן און נישט אַרויסגעוויזן פאַר די אַרומיקע...

קלאַראַ באַמערקט, אַז היטלער זאָגט מיט אונדז בעסער „בני אדם" (דאָס, וואָס מע זאָגט בעת כּפּרות־שלאָגן)...

ערשטער טאָג פּסח. גאַנץ פרי. צוואַנציק טעג אין אַפּריל.

אַ פייכטער קילער פרימאָרגן. ס'ווילט זיך צוציִען צו זיך כאַטש אַ שטראַל פונעם ליכטיקן יום־טוב.

אַזוי איז אויך געווען נעכטן אין אָוונט. איך האָב אין די גערדאַנקען געפּרוווט זיך איבערטראָגן צו די קינדעריאָרן, צום שטעטל, צום יום־טובדיקן אָפּשיין פון דער שטוב... בלויז שפּעטער איז אַריינגעקומען אַ באַקענטע מעקלערין. זי האָט אונדז געהאָלפן פאַרקויפן אַ חפץ און פאַרן אָפּגעלייזטן וועלן מיר קויפן דבורהלען אַ געניצטע ניימאַשין. די פרוי האָט טאַקע געבראַכט דאָס געלט און פאַרגינענדיק עס צוגעציילט. מיר זענען איר געווען דאַנקבאַר. נאָר אפשר געדענקט זי, אַז ס'פאַרגייט יום־טוב און אפשר פאַרנעמט עס ביי איר קיין אָרט נישט. מיר האָט דאָס אָנרירן זיך אינעם פּאַפּירגעלט אָנגעשטעקט מיט גראָבער „מוקצה", מיט ברוטאַלער וואָכעדיקייט.

זי איז גיך אַוועק. קען זיין, אַז זי וועט ערשט פּראַווען פאַר די שטוביקע יום־טוב. איך האָב זיך אומגעקערט צו מיין אינעווייניקסטן ביסעלע יום־טובדיקייט און ביז אַרום עלף געלייענט פאַר דבורהלען אַנאַ אַכמאַטאָוועס „טשאַטקי". ווען איך זאָל נישט לייענען די דאָזיקע דיכטעריִן, גייען מיר אירע שורות אין האַרצן אַריין. און איך האָב ליב, אַז מיינע גלייכנס הערן זיי און נעמען זיי אויך אַזוי אויף.

איך בין אויף דבורהלען אַ ביסל ברוגז. איך וואָלט וועלן מיר זאָלן איינס דעם צווייטן האַלטן אין כּבוד. מיר האָבן זיך באַקענט נישט דעם ערשטן טאָג. מיט אַלע חסרונות, מיט אַלע מעלות אונדזערע קענען מיר זיך און מיר מעגן אָפּהיטן איינער דעם צווייטנס כּבוד.

חיה־סימע האָט מיך איינגעלאַדן צום צווייטן סדר. איך האָב זיך לאַנג גע־קווענקלט און דבורהל האָט געזאָגט: — גיי! — זי האָט מיר אַפּילו מיטגעגעבן פאַרשיידענעם עסנוואַרג מיט אַ פּאָר מצות, איך זאָל אין דער אָרעמער שטוב נישט טאָן קיין איבערשלאָג. איך האָב זיך צוגעקעמט, איבערגעבונדן דעם קראַוואַט לכּבוד יום־טוב.

איך בין שעמעוודיק, אי ס'איז מיר שווער צו גיין אין אַ פרעמדער שטוב צו גאַסט אַליין, אָן דעם ווייב. און דאָך בין איך זיי זייער דאַנקבאַר. איך האָב אַפּילו געקלערט: צו וועמען איז איינגעלאַדן מרדכי דובין צו די סדרים, אָט דער שטאָלט־נער ייִד? אַזאַ ייִד האָט זיינע אַ שיינע און רייכע פאַרגאַנגענהייט. איך מעג שווערן, אַז אים שטייט אויך פאַר אַ שיינע צוקונפט.

איך האָב געזאָגט „אַ גוט יום־טוב!", זיך אַ שושקע געטאָן מיט דער באַלע־באָסטע און פאַרנומען מיין אָרט ביים טיש. איך האָב זיך נעענטער באַקענט

מיטן אורח. ער איז נישט נאָר מיינער אַ לאַנדסמאַן, ער איז פון די קאַצענעל־סאָנס אין אָוורוטש... (אונדזער רבס אַ קרוב). מיר האָבן נאָך אַלגעמיינע באַקענטע — די סלאָווינסקעס, וואַרטמאַן, ערקעס, פערדמאַן, די בלאַנקמאַנס און נאָך און נאָך.

שוין לאַנג, אַז איך בין געזעסן ביים טיש אין אַ היטל... איך פיל עס... דער אורח מאַכט קידוש און שלינגט אַראָפּ אַ ביטערע פאַרעקשנטע טרער. די טרער איז כּולל אין זיך זייער פיל אומשטענדן פון יעדן איינעם פון אונדז באַזונדער און פון אונדזער אַלגעמיינער לאַגע אין דער גאַנצער וועלט.

פיש איז געווען ביים טיש פון אויסגעווייקטע, געזאַלצענע, אָבער — פיש! די הגדה האָב איך נישט געזאָגט, נאָר געהערט. איך האָב סיי ווי געפילט, אַז איך בין נישט אין קיין איינער פון מיינע היימען. איך בין אין סאַראַטאָוו. אָט איז די אָרעמע שווערע טיר פון מיינע ביידע יידישע שכנים, און אָן־אַ איבערן וועג איז דער פענצטער אונטער די צוגעמאַכטע לאָדן פון מיין שמאָל צימערל. צי האָב איך פיל איינדרוקן, אָדער ווינציק, וויל איך שוין זיי גיכער פאַרטראָגן צו די מייניקע... דער אורח אַרבעט אין פאַרוואַלטונג פון די אייזנבאַנען. גייט אַפילו אין אַ שינעל מיט קנעפּ, אין אַ פאַרמענע היטל. איך בין פון אים גערן, וואָס ער איז אַי געגאַלט, אַי היינטוועלטיש. אין דער זעלבער צייט קען אים ליגן אין זינען דינגען זיך אין אַן אָרעמער שטוב גאַנץ פּסח. ס'איז אַ מין דיסציפּלין, אַ שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו אונדזער פאָלק, צו אונדזער פאַרגאַנגענהייט און צו דער צוקונפט.

אין אַ סך פּרטים בין איך צו אים אַ שותּף. אָבער אַ פּאַסיווער שותּף. איך וואַרעם זיך לעם דעם פייער, וועלכן ער האָט צעבלאָזן. לאָמיר אַלע דערלעבן איבער אַ יאָר מיט אַ ישועה. דאָס איינע וואָרט „ישועה" (הילף) זאָגט יעדן יידן זייער אַ סך.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער יידישער פּסח גייט צו ענד און דער קריסטלעכער הייבט זיך אָן. פון ביילקען לאַנגלעך נישטאָ קיין בריוו. ווו איז זי? וואָס טוט זי?

די ניימאַשינקע פאַר דבורהן איז שוין איינגעקויפט און פאַרנעמט אַ שיינעם אויבנאָן אין אונדזער איצטיקער היים. אַן אַלטע „זינגער"־מאַשין, נאָר דער נאָמען „זינגער" אַליין זאָגט, אַז דאָס מאַשינדל וועט נאָך דינען אונדזערע קינדער און קינדסקינדער.

די פּאָר גראָשן זאָלן זיך נישט צעקריכן, האָבן מיר נאָך איינגעקויפט אַן אויוועלע, אַ פּרעסל, אַ טשייניק. צווישן אַלעם איבעריקן האָב איך נאָך אַריינגעכאַפּט דעם דריטן באַנד וויאַרעמס „די געשיכטע פון קונסט". ס'איז גוט צום בלעטערן, ס'איז גוט צום לעזן. מיר דוכט, אַז לייבעלע וועט עס ברויכן.

בליומע שרייבט, אַז ס'קאָסט זי געזונט, וואָס מיין נאָמען ווערט כּמעט נישט

דערמאָנט אין צייטונג צווישן אַלע איבעריקע. די שוועסטער פרעגן זיך אויך נאָך וועגן דעם זעלבן. נאָר איך ווייס זיך מיין חשבון: וועט מען מיך דערמאָנען, איז נאָך נישטאָ מיט וואָס זיך צו באַרימען. וועט מען מיך פאַרשווייגן (צי מיט, צי אָן אַ כּיוון), דאַרף איך זיך נישט אָפּעסן די גאַל. (אָט זע איך דאָרטן נישט כאַסקלען, אליהון, קאַגאַנאָוויטשן, ליפּען). מענטשן נישט קיין דערהויבענע, נאָר אויפגעקו־מענע און דערהויבטע. איך האָב זיי נישט איבעריקס צוגעטראָפן, מאַכט עס אויך נישט אויס.

ווסעוואָלאָד איוואַנאָוו אין אַרטיקל וועגן דעם קינסטלער קאָנטשאַלאָווסקי. דערוויייל רעדט ער וועגן ווּרובעלן, וועגן לערמאָנטאָוון. הירשקעס גורל איז מיר אַ מאָל ענלעך אויף ווּרובעלס. איך טרעף זיך דאָ מיט אַ פּידלער פון דער קיִעווער אָפּערע, מאַלקין הייסט ער, דערמאָנט ער מיר אויך הירשקען — אין זיין געזיכט, אין זיין בליק און אין זיין געוויסער אויפגעהאַלטנקייט ביים שמועסן. אמת, ער איז אַ ביסעלע ציכטיקער אָנגעטאָן.

אַ רופצעטל אין מיליטערישן קאָמיסאַריאַט אויף דינסטיק. ביי נאַכט שווער־לעכע חלומות. ביי טאָג אַ ביסל צערודערט. דאָס רופצעטל אינעם איבערשטן קעשענקע מוליעט. נאָר ס'איז נישט מסוכּן: ס'גייט צו זומער, דבורהל האָט שוין אַ מאַשין, אַ ביסל עלעקטריש געציַיג.

פון פריידקען, ברכהלען און הינדען געטרייע בריוו פאַרן צווייטן און זעקסטן אַפּריל. זיי דערציילן, ווי אַזוי מיישקע איז געוועזן, נעבעך, פאַרלייזיקט און אין שמאַטעס געקליידט אין דער אַרומרינגלונג ביי די דייטשן. איצט איז ער אָנגעטאָן אין ריינעם, כּמעט אין נייעם. דער גרעסטער טייל הלבשה איז גענומען געוואָרן פון „זאַק־רויב״. זיי שרייבן אויך אַז זיי האָבן געקראָגן אַ בריוו פון וואָראָניעזשער געגנט פון אַן אומבאַקענטן אַגראָנאָם, וואָס איז געוועזן אונדזער אויסלייזער: ביי אים האָט זיך מיישקע אויפגעהאַלטן פון יולי ביז יאַנואַר חודש. נאָר נעמען אויפן געדאַנק: וויפל שוועריקייטן, אומגעהויערע סכּנות, אָבער, אַ דאַנקען גאָט, לעבן געבליבן. דער זעלבער באַלעבאָס מיישקעס האָט אויך נישט געוואָלט אַרבעטן ביים דייטש. האָט ער זיך נישט אָנגעגעבן פאַר קיין אַגראָנאָם. ער האָט צוזאַמען מיט זיין „געהילף״, מיישקען, געמאַכט אויוונס, געאַרבעט אין קוזניע, צוגעבויט אַ הייזל. מיישקע האָט אים נישט אָנגעטרויט זיין יידישע אָפּשטאַמונג, אָבער יענער, כאָטש ער איז געווען זיכער אין דעם, האָט זיך אויף דעם נישט נאָכגעפרעגט אין דער דייטשישער אָקופּאַציע. ס'איז פאַר ביידע געזינטער, אויב מע ווייסט אַפילו נישט פון וואָס צו קלערן.

איצט פילן מיר, אַז די פריינדשאַפט, וואָס האָט זיך אָנגעבונדן, איז אַ פעסטע און אַ לאַנגדויערנדיקע. דער מאַן איז שוין צוריק אַן אַגראָנאָם אויף זיין באַ־פרייטער ערד.

אין „פראַוודאַ״ איינע סערגייעוואַ: „פוילן — דאָס איז די היים פון טויט״. מאַסנמאָרד. גאַז־קאַמערן. מע פירט גאַנצע פּאַרטיעס אויסגעטאָנענערהייט כּלומרשט צו נעמען אַ באָד, אויף מאָרגן שאַרט מען זיי אַרויס טויטע, דערשטיקטע און מע באַערדיקט זיי כאַפּנדיקערהייט, ווייל באַלד וועט קומען אַ טראַנספּאָרט לאַסט־מאַשינעס מיט לעבעדיקע מענטשן — אַלטע לייט, פרויען און קינדער. זי רעדט וועגן ייִדן און נישט־ייִדן.

אַ בריוו פון רחל קאָרן. רחל רופט ביי מיר אַרויס נאָענטקייט. אַזוי ליב פלעגט מיר זיין אַ זומערדיקער, וואַרעמער פרייטיקטאָג ביי אונדז אין הויף — הינטערן שטאָט — אין דער צייט פון מיין קינדהייט. אַז איך טו זיך אַ צי אין געדאַנק צו איר, איז דאָ אָט דאָס פרייטיקדיקע און נאָך עפּעס מער. איך גלייב, אַז אָט דאָס גוטע אין די מחשבות וועגן איר וועט זיך ביי מיר האַלטן דעם גאַנצע לעבן.

בוטערמאַן איז געזעסן ביי אונדז. דער יום־טוב איז דורכגעגאַנגען אין רו.

## אַ ברייטע לאַנגע בייט

6טער מיי. זייער גוטע נייעס. לעבן נאָוואָראָסיסק האָבן אונדזערע אָנגעהויבן דעם אָנגריף אין אַ גוטער שעה!

8—9 מיי. טוניס און ביזערטע ביי אונדזערע פאַרבינדעטע אין די הענט. סימן־טוב ומזל־טוב!

אין דרויסן איז פרילינג. אין הויף ביים טריפּהנעם יודינען האָבן זיך צעוואַקסן כּשרע און שיינע בלומען.

ביי שאַכניסן אין שטאָל אָנגעקליבן אַ פּעקל ביכער. ממש מזל און ברכה: מ. ל. האַלפּערין, אַפּאַטאָשו, פוקס, אסתּר־רחל קאַמינסקיס בריוו — אַ מחיה!...

די גאַנצע שטאָט, גרויסע שטיקער לאַנד, זענען אַריינגעטאָן אין גערטנער. נאָר איך איינער בין אויסגעטאָן פון „תּורה ומצוות״. זאָל מיך גאָט נישט שטראָפן. מע מעג דען אַזוי? אמת, איך ווינטש איטלעכן די ברכה אין זייער גערעטעניש. אַז אַ האַלבע וועלט וועט זיין זאַט, וועט שוין די צווייטע העלפט ווינציקער ליידן פון הונגער.

12טער מיי. „בזיעת אַפּך תּאכל לחם״. מיין איך — „וועסטו עסן קאַרטאָפל״. דער ליבער בורשטיין, געזונט זאָל ער אונדז זיין, גיט מיר אָפּ זיין בייט. אַלץ הייסט אַ בייט — לענגער פון עוג מלך הבשן. ער גיט אויך קאַרטאָפל צום זייען. מיין אַרבעט, און די גערעטעניש טיילן צווישן זיך מיט זיין שווער און שוויגער. האָב איך שוין אויך אַ גאָרטן. גראָב איך שוין אויף די ערד. מיט צוויי טראַמווייען הינטער סאַראַטאָוו, נישט ווייט גיין. דאָרטן אַרבעטן נאָך מענטשן. אויך שטאָטישע. איך מאַטער זיך אָן ביים גראָבן. די מוליאַקעס זענען שוין נאַסע. ס'נישט שטאַרק זיס.

די שיך, וואָס האָב נישט לאַנג פאַרריכט, גלוסט זיך מיר אירצן ביי יעדער אָנשטעלן זיך אויף דער אייזערנער פּליטשקע פונעם גראַבאייזן. נאָר ס׳איז מיר גוט. אָט זע איך כאָטש הימל, גאַטס וועלט. אָט מיד איך זיך איין און שטויב זיך אָן, ווי צען רוחות. די אַרבעט גייט אַ סך לאַנגזאַמער, ווי איך האָב געקלערט, נאָר ס׳גוט. און ס׳וועט נאָך ערשט זיין גוט.

...„אינו דומה מי שיש לו פת בסלו למי שאין לו פת בסלו״ — מאָנטיק בין איך געגאַנגען אין פעלד אַריין אָן ברויט, האָט מיך גענומען הונגערן נאָך איידער איך בין אַרויס פון שטאָט. היינט האָט מיר דבורהל מיטגעגעבן אַ ביסעלע געדיכטע הירזשענע קאַשע. ס׳וועט פאַרבייטן ברויט. ס׳וועט פאַרבייטן געקעכטס. איך גיי. איך וויל נאָך נישט עסן און בין ביי זיך פעסט — אַ גאַנצער שטאָט-באַלעבאָס.

איך אַרבעט אין פעלד, מוטשע די לאָפּעטע, עפּן אויף די ערד, רוק זיך לאַנגזאַם פאָרויס. איך רעד מיטן טאַטן אין געדאַנק, אויך נישט געאײַלט. דער טאָג איז נאָך גרויס...

און מײַ איז זיך מײַ. מיר גראָבן דעם לאָן מיט גרויס פלייס. „תולה ארץ על בלימה״. אַ גאַנצער ערדקוגל הענגט אין דער לופטן, נאָר מיין קליין שטיקל ערד איז גאָרנישט אַזוי לופטיק. ס׳איז שטייף, קרעפּטיק און האַרט, ווי אַ שטיין. לישועתך קויתי ה׳ — גאָט פאַרלאָזט אונדז נישט אַפילו כּשחרב על צוארו של אדם אַל ימנע את עצמו מן הרחמים — דער הימל ליגט נאָך נישט אויף דער ערד...

היינט ווידער געווען אַ רופצעטל צום מיליטער-אָפּטייל. ווייטער דערווייל אָפּגעלייגט.

22סטער מײַ. דאָס הייסט — 23 חדשים מלחמה. נעכטן, אין אַ גוטער שעה, געענדיקט „זעצן״ די קאַרטאָפל. די שטימונג איז אַ געהויבענע. ווער האָט זי געבוירן די געהויבענע שטימונג? די שווערע אומדערטרעגלעכע אַרבעט אויף דער בייט. גיי ריכט זיך.

## ווער ס׳איז האַרציק, ווער ס׳איז פאַלש

אַ שכנה פון אונדזער הויף אין קיִעוו, איידע בראַקאָר, איז געוואָרן אונדזער אָן אורח. זי קומט צו פאָרן קיין סאַראַטאָוו פון מאָל צו מאָל. ווי באַלד ביילקע איז נישט אין דער היים, שלאָף איך מיט לייבעלען און זי שלאָפט אויף דער געפלאָכטענער קאַנאַפּקע, האַרט ביי דעם שמאָלן ווענטל קעגן איבער דעם פענצ-טער. זי איז אַ לאַנגע, נישט קיין שיינע, ייִנגער פון אונדז, שלאַנגיש פאַרביטערט. קלוג. האָט פון דעסטוועגן פיל ענערגיע. דער איינציקער זון אירער איז דאַר און לאַנג. אַ שולייִנגל, עלטער פון לייבעלען. אַז מיר שטופּן איר אונטער אַ פּאָר ציגעלעך צוקער ביים זעגענען זיך, באַהאַלט זי עס פונעם ייִנגלס ווענן. די נויט

איז גרויס און לאָזט נישט באַקלערן זיך, אַז לייבעלע וועט זיך מאָרגן־איבערמאָרגן פּונקט אַזוי נייטיקן אַפילו אין איין שטיקל צוקער. און דאָך קומען מיר מיט איר אויס. און ביי דער גאַנצער ענגשאַפט סיי אין רוים, סיי אין שפּייז, פילן מיר נישט זי זאָל זיין צו שווער פאַר אונדז. אַ דאַנק גאָט דערפאַר. ס׳זאָל אונדז צוקומען אַ גוטער־פריינד פון איר — גלייבט זיך ווינציק. זי איז נישט פון די גוטע.

גוטע־פריינד ?... מיר האָבן זיי, געלויבט דער אויבערשטער. נאָר גוטע־פריינד זענען די גוטע געשמאַקע זאַכן, וואָס ס׳ווילט זיך נאָך. דערפאַר אַ שונא — אַפילו איינער — זאָל ער אויך נישט זיין! זי, די אורחטע, איז קלוג פאַר זיך, נאָר וואָס קען מען טון צו דעם ?...

פון נחום לעווין (דער מאָסקווער) וואַרעמע עטלעכע שורות.

ס׳איז זייער ווייט פון קיבוץ גלויות. ס׳איז אַפילו קיין משל נישט. נאָר די ביטערע צעזייטקייט — גיי גלייב, אַז זי וועט אויך זיין אַ קוואַל פון התקרבות. ווען וואָלט מיר נחום לעווין געשריבן ? און חנה לעווין, און ליפּע מינסקי, און נאָך און נאָך ?

אויף בערגעלסאָנען בין איך אין כּעס. דאָס, וואָס ער האָט מיר געשריבן, איז פאַלש דורך און דורך. דערום זעט עס אויס, ווי געשפּעט. און אַ פאַרשוין פון אַזאַ אויבנאָן, טאָ בעסער וואָלט ער שוין גאָרנישט געשריבן !

ער וואַרפט זיך צו מיר קושן, ווען ער באַגעגנט מיך. ער וואָלט דאָך מעגן פריִער פרעגן, צי וויל איך זיינע קיש ? איך האָב אָנגעשריבן נישט צו אים, נאָר צו ציפּען (זיין פרוי. זי אַרבעט אויך אין „איינִיקייט", דוכט זיך, ביי אַ שרייבמאַשין) : „אייער (בלאַגאָווערני) באַשערטער, — שרייב איך, — טרייסט מיך. ווער וואָלט זיך גאָר ריכטן, אַז אַזאַ מין סאָרט מענטש קען פאַלשעווען ? ס׳אַרט אים שטאַרק, צי לעב איך ? וואָס טו איך ? אויב ער האָט שוין יאָ מיין אַדרעס, גייט עס אים נישט שטאַרק אָן, אַבי ער לייגט זיך קיין מאָל נישט קיין הונגעריקער שלאָפן. נאָר וואָס שרייבט ער מיר יאָ ? אַז די דערציילונג „שכנים" איז „מלא־טעם", נאָר זיי האָבן איצט נישט קיין פלאַץ פאַר קיין קינדערזאַכן... אַזוי ווי דער צלם איז הייליק, אַזוי איז הייליק זיין וואָרט, אַז מיין קינדער־דערציילונג איז מלא־טעם. ווער דאַרף אַהער דעם בפירושן ליגן ? נעמט, ציפּעלע, אַדרבה, און לייענט איר איבער, וועט איר שוין אַליין זען, וואָס פאַר אַ שייכות „שכנים" האָבן צו אַ „קינדער־דערציילונג" ?

זי האָט מיר געענטפערט און האָט זיך אַנטשולדיקט...

מע דערציילט אויך, אַז סאַשע ביטערזאַלץ לעבט זיך מאַטעריעל זייער און זייער פריי. זאָל איך זיי פאַרגינען ? מע מעג. מע מעג זיי אַלעמען פאַרגינען. איך וויל מיט זיי יענע וועלט נישט טיילן. זאָלן זיי זיך כאַטש אָנהאַלטן אויף דער וועלט.

דערפאַר טייער, ווי אַ היילונג צו די ביינער, איז געווען פאַר מיר קוויטקאָס בריוו, וועגן וועלכן ס׳איז דאָ פריִער גערעדט געוואָרן.

און איצט וויל איך דערמאָנען נאָך מענטשן:

פון רילסקין (די אָנפירונג פון אוקראַיִנישן שרייבער־פאַרבאַנד) אַ טעלעגראַמע אין געגנטלעכן מיליטערישן קאָמיסאַריאַט (אַ קאָפּיע צו מיר) מע זאָל פּראָלאָנגירן מיין פּריזיוו, דאָס הייסט, מע זאָל מיך דערווייל נישט רופן. רילסקי איז ביז גאָר אַ גוטער מענטש. ער איז נאָר צו פיל פאַרנומען. מע באַלאַגערט אים פון אַלע זייטן, מע קומט צו אים נאָך טובות, און איך האָב נאָך נישט געזען דעם, ווען מען רילסקי האָט אַ מאָל אָפּגעזאָגט. כּדי זיינע ווערטער זאָלן האָבן מער וואָג ביים קאָמיסאַריאַט, האָט ער אָנגעשריבן, אַז קיפּניס איז דער באַוווסטער סאָוועטישער שריפטשטעלער. איך ווייס נישט צי איך האָב גוט איבערגעגעבן דאָס רוסישע וואָרט „ווידאַיוש־טשיסיאַ״.* זאָל זיין אַזוי. ס׳איז דאָך צוליב עפּעס. צוליב שלום וועגן מעגן מענטשן זאָגן אַ ליגן אויך. און ס׳האָט געהאָלפן. די אוקראַיִנער און די ווייסרוסן, כאָטש זייערע טעריטאָריעס זענען פאַרנומען, און מ׳איז שכנים אין פאַרשיידענע רעפּובּ־ליקן, האָבן זיי פאַרשטייערשאַפטן אין אַ סך צענטערס און זייער אַ ווענדונג פאַרנעמט אומעטום אַן אָרט. אַפילו ביי דבורהלען אין די אויגן בין איך געוואָרן חשובער. איך קען זי נישט שולדיק מאַכן: דאָס האַרץ איז איר גענוג פאַרביטערט, און צו ווען מען נאָך זאָל זי אויסלאַזן, אויב נישט צו מיר — דעם נאָענטסטן מענטשן אין דער גאַנצער וועלט?... אַט האָב איך שוין נאָך אַ קאָזיר — „דער נאָענטסטער״. וויל נאָר, ווען וועסטו אָפּזוכן. הייסט עס, אַז מבוזה וועט איך טאָקע ביי דבורהלען (אַ מאָל נאָך אַפילו פאַרן קינד אין די אויגן), נאָר וועט קען עס נאָך אויף זיך נעמען, אויב נישט דער „נאָענטסטער״?...

לעצטנס זענען צוגעקומען נאָך געטרייערע מענטשן און צווישן זיי — דאָל־גושין, אַ פאַרנומענער, אַ ווילדפרעמדער, דער דריטער אָדער פערטער סעקרעטאַר פון שטאָטראַט (שטאָט־אויספירקאָם). ער קען אונדז נישט, מיר קענען אים נישט. קומט אָן פון שטאָטראַט אַן אָפיציעל פּאַפּירל אין היגן אָפּטייל פון שרייבער־פאַרבאַנד, אַז מע בעט מיך אַריינקומען. אַ מאָל פלעגט מען זאָגן: „פון וואַנען ווייסט דער קיסר, ווי אַזוי מע רופט מיך״?... נאָר דאָ זענען קיין איבערנאַטיר־לעכע וווּנדער נישט געשען. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דאָס געווען פּרץ מאַרקישעס אויפטו (נישט געראָטן אין בערגעלסאָנען). ער האָט פאַר־שטאַנען, ווי מע וועט גוט די כּפּרה. האָט ער צוזאַמען מיט פאַדייעוון (דער אָנפירער פון שרייבער־פאַרבאַנד) צוגעשיקט אין סאַראַטאָווער שטאָטראַט אַן אָפּי־ציעל פּאַפּירל: „היות אַזוי און אַזוי, בעט פאַדייעוו דעם שטאָטראַט מע זאָל אויף מיר דאַרטן אַ קוק טאָן״...

* Выдающийся.

פריִער האָב איך איבערגעטראַכט: וואָס קער פון מיר וועלן אַן אָפיציעלער אַנשטאַלט. נאָר אַז איך האָב זיך געטראָפן מיט דאַלגושינען און ער האָט מיך געבעטן, אויב ס׳איז מיר נישט שווער, אַריינקומען צו אים תּחילת אָונט, ווען ס׳וועלן שוין ביי אים נישט זיין קיין מענטשן, האָב איך געזען, אַז ס׳רעדט צו מיר אַ מענטש. ווייטער איינער פון יענע גוטע מענטשן, אין וועלכע איך נייטיק זיך אַזוי. זיי וועלן מיר נישט אויסבויען קיין מויערן. זיי וועלן מיר אפשר קיין פּוד קאַרטאָפל נישט זיין אומשטאַנד צו געבן. נאָר אַ גוט מענטשלעך וואָרט וועל איך הערן, אַ ביסעלע אויפמערקזאַמקייט וועט זיין. דער מאַן וועט מיר קוקן אין די אויגן און רעדן, ווי מיט אַ גלייכן. אוי, וויפל שטאַרקייט דאָס גיט צו!

אין אָונט, ווי מיד ער זאָל נישט געווען זיין, האָט ער לעבן מיר אָפּגערוט, געבעטן איך זאָל זיך זעצן נעענטער. ביי לויכטנדיקע לאָמפּן האָבן די גרויסע ליידיקע צימערן גאָר אַן אַנדער אויסזען. ער האָט זיך באַקענט מיט מיר היימיש, האָט מיר פאַרן אַוועקגיין אַפילו באַוויזן פּאַדייעווס ביטע און, ווי ער וואָלט זיך פאַר מיר וועלן פאַרענטפערן, געזאָגט, אַז דערוויייל קען ער פאַר מיר טאָן בלויז קליייניקייטן. איצט איז מען אין אַלצדינג זייער געענגט. איך דאַרף האַלץ? זאָל איך מאָרגן אין דער פרי קומען אַהער, זיך ווענדן אין דעם און דעם צימער (לאָראַ דזיבאַ), צום האַר פון באַהייצן, וועט ער מיר אַרויסגעבן אַ פּאַפּירל אויף פיר מעטער דעמבענע האָלץ לויט דעם מלוכה־פרייז... איר האָט שוין געהערט אַ מאָל אַזאַ טערמין „לויט דעם מלוכה־פרייז״? איר זאָלט זיך עס בעסער פאַר־שטעלן, וועל איך עס אייך פאַרגלייכן מיט אַ קילאָ קאַרטאָפל: אין מאַרק — ניינציק רובל. די מלוכה־פרייז אין קראָם פון שפּייז־פאַרטיילונג — 60 קאָפּיקעס. דאָס זעלבע איז מיט צוקער, מיט בוימל, גרויפּן, פּעטס, ברויט און אַלץ דאָס נויטיקע. דערויף האָבן מיר שפּייזקאַרטן. דאָס זעלבע וועט זיין מיט די צוגעזאָגטע פיר מעטער האָלץ.

אין דער היים האָט מיך דבורה געפרעגט: — נו?!... זי האָט געוואַרט מיט דער צוגעגרייטער סאַמע קורצסטער פראַגע אַ פּאָר שעה. זי איז אַפילו נישט געגאַנגען שלאָפן.

איך דערצייל.

דער ענטפער איז איר אויך געווען צום האַרצן. זי איז אויך זייער באַשיידן אין אירע פאָדערונגען...

דאַלגושינען האָב איך זיך געסטאַרעט נישט דערקוטשען, נישט באַלאַסטיקן. איך האָב דאָרט געהאַט אַ מעגלעכקייט זען מענטשן, ביי וועמען די לאַגע איז אַ בעסערע, ווי מיינע, ביי וועמען — אַן ערגערע. ווער ס׳איז ביי זיך געפאַלן און ווער פאַרשעמט, פרעך און פאַרריסן. ווייזט אויס, אַז נויט־באַדערפטיקע מענטשן זענען אויך נישט אַלע אַלץ איינס.

## אין גרויסן אויפנעמס־צימער

פון מאָל צו מאָל קומט אויס באַזוכן דאָלגושינען.

איך זיץ צווישן די וואַרטנדיקע אין גרויסן אויפנעמס־צימער. ער איז אַ פּאָר מאָל דורכגעגאַנגען לויט אינעווייניקסטע ענינים. ער גריסט זיך און ווייזט מיר מיטן בליק, אַז איך וואָלט מעגן אַריינגיין צו אים אויסער דער ריי. אַוודאי וואָלט איך גיכער פּטור געוואָרן (אויב איך דאַרף עפּעס צו אים, ווערט עס דערליידיקט אָן איבעריקע אָפּציִענישן), אָבער איך פיל, אַז ס'איז נישט ערלעך מיטן אָנשטעל פון אַ מיוחס אויסכאַפּן ביי די, וואָס וואַרטן פריִער און לענגער פון מיר, די פּאָר מינוט. ווען איך גיי כאָטש אַהער וועגן אַ געזעלשאַפטלעכן ענין?

אינעם גרויסן אויפנעמס־צימער זעסטו פאַרשיידענע מענטשן. איינע אַ פרוי האָט גענומען אויף דערציִען עטלעכע קינדער פון אַ קינדערהיים. ווען זי איז ערלעך, וואָלט עס געווען די איידלסטע טאָט. אָבער זי מעלקט די אַנשטאַלטן, ווו ס'לאָזט זיך נאָר. און איר הולך מיטן בליק זאָגן אָפּן, אַז פון אָרנטלעכקייט איז זי ווייט. גלויבן, אַז די קינדער זאָלן זיך ביי איר פילן גוט — דאָס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע. מענטשן זע איך דאָ פאַרשיידענע: אי דרייסטע, פעסטע ביי זיך, אי דערשלאָגענע. לויטן בליק דערקענט מען, אַז די וואָסער איז ביי אייניקע דערגאַנגען ביזן האַלדז. פאַראַן אויך דורכפאָרנדיקע, וואָס דאַרפן דאָ עפּעס דערליידיקן. אַנדערע האָבן טאַקע באמת קיין צייט נישט.

איך קען איינע אין פּנים און, מעגלעך, אַז זי קען מיך אויך — די סעקרעטאַרין. זי זיצט אין אַ ווינקל לעבן איר קליין טישל מיט דער שרייבמאַשין. אָפט ווענדט מען זיך צו איר מיט פראַגן, ווען נעמט דער און דער אויף, ווו געפינט זיך די און די? ענטפערט זי ווויל. און מע זעט נישט, אַז דאָס זאָל איר שטאַרק שטערן. מיר איז זי ליב. מיר קענען זיך כּמעט נישט, נאָר זי איז מיר אייגן.

אָבער זייער צום האַרצן איז מיר געוואָרן אַ באַזוכער איינער, וואָס איך פלעג אים שפּעטער דערקענען אין גאַס, און איך האָב זיך צו אים געצויגן, ווי צו אַ מוסטער פון אויסערגעוויינלעכער אָנשטענדיקייט. אַ הויכער מאַנספּאַרשוין אינעם עלטער פון פופציק יאָר אַן ערך. געשוירן איז ער, אַזוי ווי איינער, וועמען ס'קומט אויס צו טראָגן לאַנגע האָר, נאָר זיי זענען בלויז עטוואָס לענגער ווי געוויינלעך. די צוגעשוירענע באָרד און די האָר פון קאָפּ זענען ליכטיק־שאַטען. אַ בליק אַ ריינער, געקליידט כּמעט וועלטלעך. און איזן איז ער — דער אויפזעער פון סאַראַטאָווער קירכע. די סעקרעטאַרין האָט אים אויך נאָכגעקוקט מיט נייגער און מיט ציִונג. איך האָב געהערט, ווי זי האָט אַ שושקע געטאָן אַ באַקענטער, וואָס איז צו איר צוגעגאַנגען נאָך עפּעס, אַז ער איז אַ מאָנאַך. דאָס גיט אים צו נאָך מער חשיבות.

שפּעטער האָב איך ביי דאָלגושינען אין קאַבינעט זיך דערוווּסט איין קליי־ניקייט: נאָכן אומגליק, וואָס די באָמבירונג האָט אָנגעמאַכט אויף אַ גרויסן זאַוואָד ביי אונדז אין שטאָט (דער דירעקטאָר האָט דערלאָזן אַ שרעקלעכע עוולה: כּדי צו געבן וואָס מער פּאַרטיקע סחורה פאַרן פראָנט, האָט ער בעת דער באָמבירונג פאַראָרדנט דער זאַוואָד זאָל זיין געשלאָסן און די מענטשן זאָלן זיך נישט אָפּרייסן פון די וואַרשטאַטן. אַז די באָמבע איז געפאַלן אין זאַוואָד אַריין, זענען געווען אומזיסטע קרבנות אַ סך מער, ווי ס׳וואָלט פאָרגעקומען, ווען די מענטשן זענען נישט פאַרשלאָסן). איצט, נאָכן אומגליק, איז געקומען דער קירכן־אָנפירער און געבראַכט פופציק טויזנט רובל — ערשטע הילף פאַר די געזינדן פון די אומגעקומענע.

אין מיין אָנוועזנהייט האָט דאָלגושין געקלונגען צו אַ העכערן אַמטמאַן און האָט זיך געקלאָגט, אַז אַפילו איצט אין אַזאַ מין ערנסטן פאַל, האָט זיך די קירכע אָפּגערופן פריִער פון אונדז. מעג מען זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר. איצט דאַרף מען צונויפרופן אַן עקסטרע באַראַטונג און באַשליסן, וואָס דאַרפן מיר טאָן, כּדי, אַרויסצוהעלפן די געזינדן. ווען ער האָט גערעדט אין טעלעפאָן, האָט ער מיר געקוקט אין די אויגן און אַזוי ווי געטיילט מיט מיר זיין געמיטס־צושטאַנד. מיט מיר האָט ער זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן, ווי מיט אַן אָנגעטרויטן.

שיין איז געווען ביי מיינעם אַ פריוואַטן ענין. ס׳איז מיר אויך געווען טייער, וואָס ער האָט מיר אין אַ „קליינִיקייט" אָפּגעזאָגט, נאָר ער האָט מיר אָפן געזאָגט אין וואָס ס׳באַשטייט דאָ די „געפאַר". פאָרגעקומען איז עס אָט ווי אַזוי: איך האָב זיך אָנגעטראָפן אין גאַס מיט איינעם אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געהאַט צו שאַפן איבער קאַרטאָפל. ער איז אויך אַן אָנגעפאָרענער. אַזוי ווי מיר רעדן, רופט ער זיך אָן צו מיר:

— אפשר קענט איר עמעצן אין שטאָטראַט?

— יאָ, איך קען דאָלגושינען. ער באַציט זיך צו מיר וויל.

— דאָלגושין? זייער גוט. דאָס איז מער ווי געוווּנשן. זאָל ער אייך געבן צו מיר אַ צעטעלע, וועט איר ביי מיר האָבן קאַרטאָפל אויף עטלעכע חדשים.

איך האָב זיך דערפרייט מיטן צופאַל. איצט איז דאָך עס גרינגער פון גרינג!... צוגיין צו דאָלגושינען, אים אַ בעט געבן און שוין!...

אָבער אויסגעלאָזן האָט זיך, אַז ס׳איז נישט אַזוי גרינג:

דער ווילער מאַן (איך ווייס נישט צי ער איז אַפילו אַלט אַ יאָר פערציק. געוויס האָט ער אויך זיין הויזגעזינד און אויך זיינע אייגענע זאָרגן, אָבער דאָ טראָגט ער ערלעך זיין יאָך. ביי אים, אונטער זיינע הענט, געפינען זיך אַ גרויסע שטאָט מיט אירע באַדערפענישן אין אַזאַ שווערער מלחמה־צייט) — האָט ער מיר דערקלערט:

— איך וועל אייך זאָגן, — האָט ער מיר שטיל געגעבן צו פאַרשטיין און געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין. — דער מענטש איז נישט אַזוי אייך געטריי. ער וויל, אַז אַזאַ צעטעלע זאָל אים געבן פרייע הענט. די קאַרטאָפל דאַרפן מיר פאַר שפּיטאָלן און פאַר קינדער־אַנשטאַלטן און דער־אַ סאָרט מענטש, גיב זיי נאָר דעם מינדסטן ווינק, אַז זיי מעגן, וועלן אַוועקשווימען טאָנען קאַרטאָפל אויף לינקס.

דאָלגושין האָט, דוכט מיר, דערקענט, אַז איך בין אים דאַנקבאַר פאַר דעם אופן פון זיין „אָפּזאָג". זאָלן זיין געזונט אַזעלכע מענטשן, וואָס זייער אַן אָפּזאָג איז מיר טייערער פון עמעצנס אַ צוזאָג.

## שײַן און שאָטן

אַ גאַנצן פרימאָרגן אונטערגעזונגען. וואָס איז אַזוי אויף מיר די שׂמחה, ווייס איך אַליין נישט.

אַגב, האָט מיך דבורה זייער נישט שיין פאַרטשעפּעט: איך קען זי פאַרקויפן נאַסטיען (דער פאַרזשאַווערטער קורקולקע) און „שאַניטשקען" (דער ראָזיאַווע, דעם פאַרשימלטן „ווי אַזוי רופט מען דאָס"). זי האָט עס געזאָגט נישט בייז, נאָר זי האָט עס געוואָלט אויספירן אַלס אַ ייִדישן נאַציאָנאַלן שטריך אין פאַר־בינדונג מיט אַן עפּיזאָד אינעם ביכל וועגן די פאַשיסטישע מערדערייען אין פוילן אינעם 1939סטן יאָר: די דייטשן האָבן צונויפגעטריבן אַ ביסל ייִדן אין איינעם אַ פּלאַץ, ווו ס'זענען געשטאַנען גרייטע תּליות. די רוצחים האָבן באַפוילן מע זאָל זיך אויסשטעלן פאַרנווייז און יעדער ערשטער זאָל אַרויפּציִען אויף דער תּליה יעדן צווייטן. די אומגליקלעכע זענען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מע האָט געשוויגן. נאָר אַז די רוצחים האָבן צעשאָסן עטלעכע פון די ערשטע, האָבן די איבעריקע זיך גענומען פאַר דער „איידעלער" אַרבעט — הענגען די אייגענע ברידער. ס'איז אמת? ס'איז מעגלעך? איך ווייס נישט. איך בין דערביי נישט געוועזן. דבורה אויך נישט.

איך האָב אויף איר אָנגעשריִען:

— אויב ס'איז אַפילו אמת, אַז איך קען דיך פאַרקויפן, אַז כ'בין מסוגל אויף אַזעלכעס, איז נישט קיין סימן, אַז ס'איז אַ ייִדישע מידה. און וועגן די אומגליקלעכע מיט די תּליות, וועסטו מעגן אורטיילן בלויז דאַן, ווען דו וועסט זיין אין זייער לאַגע.

מיר האָבן זיך נישט געקריגט. און זי האָט, דוכט זיך, פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב איר געוואָלט דערוויזן.

היינט איז שבת. איך האָב אין גאַס גייענדיק געמורמלט צו זיך אַליין:

„וישבות העם ביום השביעי״ — און דאָס גאַנצע פאָלק האָט גערוט דעם זיבעטן טאָג. ס׳איז נישט דאָס זעלבע, וואָס מע זאָגט איצט „פאָלק״. איצט זענען ביי די מענטשן די אינטערעסן צו פאַרשיידן, צו קעגנזעצלעך, זיי זאָלן זיך קענען אַזוי „ביבליש״, אַזוי נאַיִוו און אַזוי געזונט פאַראייניקט ווערן אינעם וואָרט „הָעָם״ (דאָס פאָלק). זיי האָבן ביי זיך נישט געקענט פועלן צו בלייבן אָן אַ גאָט אָדער אָן אַ פאַרמיטלער. זיי האָבן קיין פולע 40 מעת־לעתן נישט אויסגעהאַלטן און זיך אויסגעגאָסן אַ גאָלדענעם קאַלב. אָבער דאָס איז אויך, קענטיק, געטאָן געוואָרן מיט איין ראַט און מיט איין דעה, מיט דער גאַנצער קראַפט און ליידנשאַפט פון איינהייטלעכקייט!...

און דער זומער אַנטלויפט דערווייל. ווען איז דען נאָך אַזוי גוט, ווי זומער? ווען דער מענטש איז פריי — הן אין אָנטאָן זיך, הן אין אַ דאַך איבערן קאָפּ, הן אין כאַפּן אַ פרישן ביסן?...

רבונו־של־עולם! האַר פון דער וועלט! דאָס האָסטו אויסגעטראַכט גוטס און שלעכטס, שיין און שאָטן, ליכט און פינצטער, רחמנות און אַכזריות, יונגשאַפט און עלטער, זומער און ווינטער, טאָג און נאַכט, לעבן און טויט. און ווער קען דיר זאָגן, אַז דו טוסט קרום?!...

כ׳האָב געעפנט מיין קליין תנכל (ס׳איז מיר באַטעמט אָן אַ שיִער, אַפילו מיט זיין אויסערלעכן אויסזען) אַ קוק טאָן „חזון ישעיהו״, „איכה״ און דאָס גלייכן. און ציקאַווע: דאָס ערשטע בלעטל, וואָס האָט זיך אויפגעמישט איז געווען: „נחמו, נחמו עמי!״... אויף מיין וואָרט, ס׳איז נישט אומזיסט. ס׳גייט צו טרייסט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מזל־טוב! כאַרקאָוו! אַ צעביילטער, אַ צעמזיקטער, אַ חרובער, נאָר אַן אייגענער! אין מאָסקווע האָבן לכבוד אים געשאָסן האַרמאַטן. ביי נאַכט איז געווען אַ רייכער קאָנצערט אין ראַדיאָ פון 12 ביז... איך בין מקנא די אוקראַיִנישע שרייבער. זיי האָבן וואָס צו טאָן. זיי זענען אמתע נאָענטע מחותנים אויף דער שׂימחה.

אַ ביסעלע פאַרדריסט מיך, וואָס די יום־טובדיקייט פאַרפלייצט נישט ביי מיר דאָס פערזענלעכע. דער עיקר די דחקות פון טאָגטעגלעכקייט. אָבער די ראַדיאָ דערמאָנט און דאָס האַרץ ענטפערט אָפּ.

אין פאַרבינדונג מיט די נצחונות אויף די פראָנטן געהאַט אַ קורצן היימישן שמועס מיט יוכימען (דעם באַברילטן און גרויסנאָזיקן יִדיש־אוקראַיִנישן שריי־בער פון מיין שטאָט) וואָס האָט מיר געמאַכט אַ לאָך אין האַרצן: פון זיינע רייד קומט אויס, אַז קיין קיִעוו וועל איך נישט פאָרן, קיין קיִעוו וועט מען מיך (מיט מיין הויזגעזינד) נישט נעמען, גאַנץ פשוט — קיין ייִדן זענען איצט אויף אוקראַיִנע

נישט פֿאַראַן. ווען, ממילא, דאָרט נישט זיין קיין יידישע פֿאַרלאַגן, ווי אויך קיין יידישע פּרעסע. אַ מדבר! איך דאַרף האָבן אין אויג ישובים מיט אַ יידישער באַפעלקערונג און קלעפּן זיך צו יידן... — איר דאַרפט פֿאַר זיך קלאָר מאַכן, מיט וואָס פֿאַר אַ טועכץ איר וועט זיך פֿאַרנעמען נאָך דער מלחמה...

אַזעלכע אומגעריכטע רייד פֿון אַ היימישן מענטשן! און יעדער וואָרט טרעפֿט, ווי מיט אַ טעמפּן שווערן שייט האָלץ גלייך אין קאָפּ אַריין. אָנגעטאָן איז ער סאָליד און פֿאַרמעגלעך. זעט אויס פֿעסט ביי זיך. אַ יונגער ייִד מיט אַ גרויסער נאָז און מיט קיילעכיקע — אין אַ דיקער טונקעלער ראָם — ברילן. ער איז צו מיר גוט. אפֿשר האָט ער נישט דעם אָנשטעל פֿון אַזאַ, וואָס טוט מיר די טובה און רעדט מיט מיר, ווי מיט אַ גלייכן. ער רעדט מיט מיר נאָר אָפֿענע און קלאָרע רייד. איך זאָל זיך נישט נאַרן. נישט לייגן זיך קיין פֿייגעלעך אין בוזעם.

קוקט אים אומיסטן אָן: ער האָט אַ צוקונפֿט! איך — ניין! ער איז אַ שריפֿט־שטעלער, אַ טוער. און איך בין אַ נעבעך, אַ נשׂרף, אָן דער מינדסטער האָפֿענונג אין דער צוקונפֿט.

אין צענדליקער מינוטן אַרום האָט זיך ביי מיר דער טשאַד אַ ביסל אויסגע־וועפּט: זאָל קיִעוו זיין אונדזערער, זאָל דער דייטשישער באַנדיט (און יעדער מין אַנדער באַנדיט) וואָס גיכער פֿאַרברענט ווערן. מיין פֿאָלק וועט נאָך זיין אַ פֿאָלק! איך גלייב, אַז ס'וועלן אויך געשריבן ווערן גוטע (און שלעכטע) ביכער אויף מיין מאַמע־לשון. און איך וועל זיי (די בעסערע, פֿאַרשטייט זיך) לייענען מיט פֿאַרגעניגן און מיין „שטעטל״ וועל איך ווי עס איז באַשטיין. מע מעג זיין אַ בריוון־טרעגער, אַ קאָנטאָר־אַרבעטער, אַ קוריער און, ענדלעך, אַ פּענסיאָנער, ווען איך וועל עס דערלעבן. און צו יענעם זאָג איך אין געדאַנק: — גיי, דו ביסט אַ פֿערד, כאָטש אין די קאַזיאָנע צעטלען רעכנסטו זיך פֿאַר אַ שרייבער! נו, יאָ, גאָרקי און פֿעדין זענען דאָך אויך שרייבער...

## אונדזערע

אונדזערע: נאָוואָראָסיסק, בערדיאַנסק, ראַמאַדאַן, מירגאָראָד, פּאַוולאָגראַד און נאָך און נאָך.

ס'זענען שוין צוריק ביי אונדז בריאַנסק, פּאָלטאַווע, סמאָליענסק. לעבן קיִעוו — שוין פריי בראָוואַרי. גאָטעניו, העלף ווייטער!...

ס'איז ערב ראש־השנה, 29 סעפּטעמבער, 1943. מיר האָבן שוין באַלד די ערשטע טעג אָקטאָבער, דערוויל נאָך אויף סאַראַטאָווער ערד. לעם דניעפּראָ־פּעטראָווסק טוט זיך איצט — ערד־ציטערניש! און דאָ איז אַ שיינער טאָג.

לויט נעכטיקע ידיעות זענען אונדזערע אין דריי ערטער איבערגעגאַנגען דעם דניעפּער — לעם קרעמענטשוק, קיִעוו, פּערעיאַסלאָוו. לויט היינטיקער „סוואָד־קע" באָמבירט די רויטע אַרמיי זשיטאָמיר און קאָראָסטען. דאָס איז שוין גאָר נאָענט לעבן אונדזער היים, וואָס כאַפּט זיך נישט אונדז אָנערקענען, אָבער ס'איז סיי ווי שטאַרק ליב. אַזוי ווי ביילקע ווייסט נישט פון קיין אייגענער מאַמען, אַזוי וויס איך נישט — און האָב קיין מאָל פּאַקטיש נישט געוווּסט — פון קיין אַנדער היים. סיידן אינעם פאַרהיימישטן חומשדיקן זיכּרון. די סעוואַסטאָפּאָלער שטיינערנע פּלויטן ביי די ווייגגערטנער, די ווייסע שטיינער און די פלאַכע דעכער דאָרט ביים ערשטן אַריינפאָר אין שטאָט פלעגן מיר שטענדיק דערמאָנען אַ ביסל דאָס לאַנד פון מיינע אָבות, וואָס אין דער וואָר איז מיר דערוויל נאָך נישט באַשערט געוועזן צו זען.

דער טאַטע איז מיר לעצטנס עטלעכע מאָל געקומען אויפן געדאַנק. ווי אַזוי וועט עס איצט זיין? די היימישע רחבותן ווערן אָפּגעריייניקט פון די צווייפיסיקע חיות. נאָך אַ ווײַלינקע, נאָך אַ קאַפּעלע און מיר וועלן אפשר צוריק ווערן ווי געוועזן. נו, און אים וועלן מיר נאָך טרעפן?

זאַפּאָראָזשיע די טעג אָפּגענומען פון דייטש. מען מעלדעט, אַז איטאַליע וועט שוין ווערן אונדזערע אַ פאַרבינדעטע. זעסטו שוין, אַז אונטערן הימל איז אַזעלכעס אויך מעגלעך!

וולאַדקאָס פרוי, אַ שיין געפּאַקט נאָך גאַנץ יונג ווייבל, לאָזט זיך פאָרן אַהיים קיין כאַרקאָוו. קאָסטיוק, אַ שרייבער, אַ מיליטער־מאַן, וועט זי נעמען אויף זיין מאַשין. אויף אַזעלכעס מעג מען מקנא זיין, מען מעג...

מעליטאָפּאָל — אונדזערע!

פּראָסיעס ערטער זענען שוין אויך באַפרייט. דבורהס אַן איינפאַל: לאָמיר אָנשרייבן צו איר... סעלאָ פּעטרושי... פּראָסיע פּיאָדאָראָווניע מאַסליוק...

ס'איז גאָר נישט קיין מוז האָבן אַ סך גאָלדענע מטבעות מע זאָל זיך דערפילן

רייך: נעכטן, שבת, האָבן מיר באַקומען אַ בריוו און אַ קאַרטל פון פּראָסיען, פון אונדזער פּראָסיען! פאַר אונדז אַלעמען איז עס אַ גרויסע הייליקע איבעררראַשונג. זי האָט געמיינט, אַז מיר זענען שוין פון לאַנג נישטאָ אויף דער וועלט (פאַרט ייִדן). זי האָט זיך אויך גוואַלדיק דערפרייט מיט דער ידיעה, וואָס זי האָט פון אונדז געקראָגן. דערווייל האָבן מיר נאָך נישט קיין פאַרשטעלונג וועגן דעם, ווי אַזוי איז איר אָפּגעגאַנגען די אָקופּאַציע, און זי ווייס נאָך ווינציק וועגן אונדזער עוואַקויִרונג, אָבער... פריינד האָבן איינס דעם אַנדערן אָפּגעזוכט. איז דאָס נישט דאָס צווייגעלע ביי נחס טויב נאָכן מבול, ווען די שפּיצן בערג האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אָפּטריקענען און מע האָט שוין דערזען אַ געוויקס אויף צו מאַכן שהחינו?... פּראָסיע! מיר שטעלן זיך לעבעדיק פאַר איר שטים און איר לאַכנדיקן אויסזען. איר לאַכן איז אָפּט, ווי ביי אַ קליין קינד, אַ נאַטירלעכער המשך פון נאַרוואַסיקן וויינען. איצט איז שוין טאַקע באמת אַהיים מיטן האַנט צו דערלאַנגען...

פייגע האָפּשטיין האָט מיר די טעג צוגעשיקט מיינע זאַכן „די שטוב", „פון די יונגע יאָרן", „אַ לאַנד, וואָס שיינט" און „קליינע דערציילונגען" (פון „זיי גרייט"-ביבליאָטעק). די ביכלעך זענען ביי מיר זייער אַנגעלייגטע געסט. ווו האָט זי זיי נאָר געפּאַקט? ווי אַזוי געדענקט זי אין איר פאַרנומענקייט מיט וואָס מען קען מיר צוטרעפן? און פּרווו, טו מיר אַ קוק אין די אויגן, וועסטו דערקענען, אַז איך האָב שוין באַלד אין גאַנצן פאַרגעסן צי האָב איך ווען געהאַט אַ וועלכע ס'נישט איז שייכות צו שרייבעריי... אַז די אמתע פרייד ליגט נאָר אין די 600 גראַם צוקער, וואָס איך האָב נעכטן (נאָך דריטהאַלבן שעה שטיין אין דער ריי) געטראָגן אַהיים פאַרן ווייב, פאַרן קינד. און ווי אויפריכטיק ס'האָט מיר באַנג געטאָן, ווען איך האָב דערזען, אַז אין קראָם איז אויך דאָ אַ האַרטער צוקער און איך האָב גאָר באַקומען מעלעץ — אַ קליין קינד ווייסט דאָך אויך, אַז ראַפינאַד איז שפּאַרעוודיקער!...
„פאַרגיב מיר, מיין גאָט, פאַר פייער, וואָס ברענט דאָ, פאַר קוילן, וואָס גלויִען, און קוועלן, און שפּילן, פאַר זיצן און קוקן אַן זינען, אַן צילן" ?*

נאָיאָבער. טעג פון ערב סאָוועטישן יום־טוב.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַפרייען איינס נאָך איינס דבורהלס און מיינע שטעט: מאַיאַטשקאַ, קאַפּני, קאַכאָווקאַ, סקאַדאָווסק, בעכי, אָווּרוטש, וועלעדניק. מיר'ן אין גיכן שרייבן אַ בריוו אין דבורהלס ווינקל — טשאַלבאַס.

דעם טאַטן געזען אין חלום איינעם אַליין, אויסגעפּוצט יום־טובדיק, זייער אויפגעלייגט, נאָר אָן דעם סורדוט...

5טער נאָוועמבער. דער ווינטער אין סאַראַטאָוו האָט זיך נאָך נישט איינגעגעסן. אַ דאַנק גאָט, וואָס מע גיט די קעלט לויט די קליידער.

* אַשר שוואַרצמאַן.

ס'איז אמת יום־טובדיק אויפן האַרצן. פון דבורהלס ערטער האָט מען, אויסער כערסאָן און ניקאָלייעוו, דערמאָנט שוין וואָס איר ווילט נאָר: טשאַלבאַס, אָליעשק און אַלץ מיט אַנאַנד. איצט אַרום קיִעוו — כאַבנע, פּושטשע. מיין קיִעווער שכנה זאָגט, אַז זי האָט אַפילו געהערט מאַלין.

דבורהל ראָמט אין צימער. זי וויל ווייזן דעם יום־טוב אַ שיינעם פּנים. מהיכי־תּיתי.

נעכטן געקלערט פון ביילקען. איך בין גרייט אַפילו נעמען צו הילף דער מאַמעס אַ וואָרט: „קיינער זאָל זיך נישט שווענקען אין מיין ביסעלע בלוט"...

נאָר וואָס אָפּגענומען פון איר אַ גרויסן בריוו. אַ דאַנק גאָט.

6סטער נאָוועמבער. קיִעוו!!! קיִעוו!!! קיִעוו... מיין גאָט!

אין דער פרי האָט מען געמאָלדן וועגן בעליטשי, סוויאַטאָשינאָ, באָרטשאַ־האָווקאַ און איצט, דאָס הייסט, פאַרנאַכטלעך, דערהערט די נייעס אין דער פערטער סטאָלאָווקע... אי טרערן שטעלן זיך לעבן גאָרגל, אי ס'הייבט דיך פון אָרט. אוממעגלעכס איז געוואָרן מעגלעך! אוממעגלעכס איז געוואָרן ווירקלעכקייט! כאָטשבי זען אין בלאַט אַ פאָטאָ פון די גליקלעכע קריגסלייט, וואָס האָבן זיך די ערשטע אַריינגעריסן קיין קיִעוו.

אין קיִעוו גופא, מעג מען זאָגן אויף זיכער, אַז ס'וועלן זיך אָנציילן אַ פּאָר טויזנט מענטשן וואָס אונדזער גליק איז פאַר זיי אַ בראָך. נאָר זיי וועלן מאַכן אַ שווייג: פאַרקערט — זיי וועלן זאָגן, אַז זיי האָבן זיך אָנגעליטן פונעם דייטש און מע וועט זיי דאַרפן גלייבן... ס'איז דען אַ חידוש, אַז עמעצער האָט געליטן פונעם דייטש?

אין גאָרקיך זיך צערעדט מיט איינעם אַן אוקראַיִנער — האַווריליענקאָ לוקאָ פאָמיטש. זיין היים איז ערגעץ הינטער קיִעוו.

— ווו האָט איר געאַרבעט די לעצטע יאָרן?

— אין זשיטאָמירער געגנט.

— ווו נעמלעך?

— אין סלאָוועשנע, אין אויספּידקאָם... ער קען דעם טאָטן מיינעם און האָט אַפילו מיך געזען דאָרטן דורכגיין. דאָ אין סאַראַטאָוו זענען פאַראַן נאָך סלאָוועשנער, זאָגט ער. אָט האָסטו דיר!...

אָבער סיי ווי זאָג איך נישט אויס פאַר קיינעם, אַז איך בין נאָך אין ספק, צי קיִעוו וועט מיך ווערן צונעמען, צי נישט... פאַר ווען קען איך דען זאָגן, אַז מיין היים איז צום באַדויערן, אומעטום און אין ערגעץ נישט.

## חן־פינטלען פון צייט

נעכטן זענען נאָך געשטאַנען קאַלטע שנייִיקע קאַליוזשעס און ס׳האָט געקאַפּעט פון די דעכער (אַ שפּעטיקער ווינטער). היינט האָט זיך גענומען שפּרייטן אַ קלאָר־ווייסער יום־טובדיקער שניי. אפשר וועט ער זיך צופּעסטיקן, צוקלעפּן צו דער ערד און ס׳וועט זיך אָנהייבן האַמעווען אַ ווינטער, ווי ס׳געהער צו זיין.

לעבן קאַראַסטען, לעבן זשיטאָמיר, אויף קיִעווּשטשינע, האַרטנעקיקע שלאַכטן. ס׳זאָל זיך כאָטש ענדיקן צו גוטן. ס׳ווערן אויך דערמאָנט טשערקאַסער ראַיאָן און זשלאָבינער ריכטונג.

אָנהייב דעצעמבער. מע האָט געמאָלדן, אַז מיר האָבן פאַרלאָזן קאָראָסטען און זיך פאַרשטאַרקט אויף בעסערע פּאָזיציעס. ס׳איז אַזוי ווי דער ווינטער וויל אַ מאָל נישט אָפּטרעטן דעם וועג דעם פרילינג, טוט ער זיך אַ ראַנגל מיט די לעצטע פינצטערע כּוחות. נאָר ס׳וועט אים שוין העלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס. אמת, בלוט קאָסט עס.

פּאָגאָדין איז אין סאַראַטאָוו. היינט גייט צו אים אַ בינטל סאַראַטאָווער שרייבער — קבצנים, בטלנים, קאַליקעס. איך בין דאָרטן אויך פאַררעכנט. ער שטייט איין, ווי אַ הויכער גאַסט, אין אַ ספּעציעלן רעגירונגס־הויז... אַ קליין ריין דירהלע — אַן אָסאָבניאַק. און ס׳דערלאַנגען און ראַמען צו דאָרט יונגע מיידלעך, שיין פאַר־שלייערט אין ווייסן. לויט דער היגער אינעווייניקסטער אַטמאָספער קען זיך אויס־ווייזן, אַז ס׳איז אין ערגעץ קיין מלחמה נישטאָ.

מאַטווייענקאָ האָט געבעטן באַצייטנס זיך אָפּראַזירן און אָנטאָן אַ פּאָר גאַנצע פּלודערן.

דאָס ערשטע קען מען נאָך אויספירן. אָבער דאָס צווייטע — סיידן ביי עמעצן לייען אַ פּאָר גאַנצע הויזן, ווי אַן אָרעמער חתן פלעג אַמאָל לייען אַ טילעפל בעתן אָנקוקן אַ כלה.

פּאָגאָדין איז צו אונדז אַרויסגעגאַנגען, קענטיק, מיט אַ צעווייטיקטן קאָפּ פון פיל טרינקען. פאַראַן מענטשן, וועמען מע מעג מוחל זיין די שיכּרות, אויב זיי קענען נאָך עפּעס.

אַ קוק טאָן אויף אים, איז ער נישט קיין שיינער, אַ גרויסלעכער, אַ קנאַכיקער. קען דעם קאָפּ נישט אויפהייבן, נאָר זיין נאָמען רעדט פאַר אים. זיינע פּיעסן גייען אין די גרעסטע טעאַטערן און קוקן זיך מיט אינטערעס. ער קען די מלאכה. און ס׳איז נישט נאָר קיין מלאכה, ס׳איז גראָדע שאַפונג פון אַ הויכער מדרגה.

צו וואָס האָט ער אונדז באַדאַרפט? צו וואָס האָבן מיר דעם גאַנג באַדאַרפט? אַ „פּערעפּערינער״ נישט־באַטראַכטער שריט. געחלומט האָט זיך אונדזער היגער אָנפירונג, אַז מע וועט זיך מיט אים יום־טובדיק און היימיש דורכשמועסן. מיר׳ן

זיך אויף עפּעס קלאָגן, ווי דער שטייגער איז, און ער וועט עפּעס ביי זיך פאַרנאָ־טירן... צום סוף האָט ער ביי אַ האַלבער שעה, אָדער ווינציקער, אונדז געזאָגט מוסר. דערציילט אַ זאַך, וואָס אַלע ווייסן עס פון לאַנג, נאָר נישט ביי יעדן קען סטייען מוט צו גיין אויף דעם. דער מוסר־השׂכּל איז געווען: ס'וועט פאַר קיינעם נישט זיין קיין דערלייגעכץ, אויב ס'וועלן נישט שרייבן (זיך נישט פאַרנעמען מיט שרייבעריי) מענטשן, וואָס זענען לגמרי נישט באַרופן צו דעם. געגומען האָט ער אונדז „אָפּטאָם" — עם כּל הנערים — נישט אַריינדרינגענדיק צי עמעצער פון אונדז האָט עפּעס באַוויזן אויפטאָן, צי נישט. און מיר זענען אַוועק מיט גאָרנישט, אַזוי ווי מיר זענען געקומען מיט גאָרנישט. אויך ער האָט ביי אונדז קיין קאָפּ נישט נושׂא־חן געווען מיט דער דאָזיקער באַגעגעניש. מעגלעך, ווען דער קאָפּ וואָלט אים נישט געריסן פונעם שיכּורן טשאַד, וואָלטן מיר געהערט פון אים אַ וואָרט, וואָס פאַרגעדענקט זיך. געזען האָבן מיר, אַז נאָך אויך אין סאַראַטאָוו איז דאָ אַן אַסאַבניאַקל פאַר הויכגעשטעלטע געסט. דאָרט איז וואָרעם, געמיטלעך און מע דערלאַנגט דיר אַ געבראָטנס, אַ גלאָז קאַווע, ווי אין די גוטע צייטן. דאָרט ביסטו גאָרנישט נישט זשעדנע.

איצט אַ צווייטע באַגעגעניש. דאָס מאָל אין גאָר אַ הויכן אַנשטאַלט:

ביי קאַמאַראָוון (ערשטער סעקרעטאָר פון געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט) איז אַן אויפנאַם פון היגע שרייבער. ס'זענען אויך בייגעווען די לענינגראַדער פּראָפע־סאָרן, ליטעראַטור־קענער — יעווגעניעוו־מאַקסימאָוו, הוקאָווסקי, וואַסיליעוו באַ־לאַכוט.

אַ סך מאָל בין איך ביי זיך גרייט פועלן, אַז מיר קומט עס נישט, איך האָב עס נישט די ווערט. אָבער איין פאַרענטפערונג איז דאָ: איך שטופּ זיך נישט. אַז מע רופט מיך, אַז איך ווער פאַרבעטן — גיי איך.

סאַראַטאָווער געגנט — ס'איז דאָך אַ מאַכינע. פאַראַן גאַנץ אַנגעזעענע זעלב־שטענדיקע מלוכות, וואָס קומען נישט צום שטח פון סאַראַטאָווער געגנט. אַזוי אַז אין דער אָנפירונג שטייט אויך נישט אַבי ווער.

מיר זענען געקומען צו דער אָנגעוויזענער צייט. ס'איז אָבער אויסגעקומען וואַרטן ביי אַ שעה. ענדלעך האָט מען אונדז אַריינגעלאָזן אין אויפנעם־זאַל — געשפּרייטע טישן, אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי, שטולן פון בײדע זייטן. קאַמאַראָוו, האַלב מיליטעריש געקליידט, העכער פון מיטעלן וווקס, שטייט אויפן דורכגאַנג און דערלאַנגט די האַנט יעדן איינעם פון די אַריינקומענדיקע געסט... ער אַנטשולדיקט זיך:

— אַן אומפאָרויסגעזעענער גאַנצפרי־ענדיקער גאַנג אויף אַ גרויסן זאַוואָד. נו, ס'האָט זיך געענדיקט דאָרט, קען מען זאָגן, בשלום...

מע האָט זיך אויסגעזעצט אַרום די טישן. ער האָט מיט אונדז דורכגעפירט

אַ שמועס. מאַראַלישע באַפרידיקונג. אויך אַ סך זיסע געשמאַקע זאַכן אויפן טיש. אין שטוב וועל איך האָבן, וואָס צו דערציילן און אויך מכבד זיין אי דבורהלען, אי לייבעלען... מיר האָבן דאָרט פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה צייט. אויב מיר זענען נאָך נישט די, וואָס פּאַגאַדין וואָלט וועלן, וויל אָבער די פּאַרטיי־אַנפירונג פון אַזאַ רחבותדיקער געגנט מיר זאָלן זיך אונטערציִען. מיר זאָלן געבן דאָס בעסטע, וואָס מיר פאַרמאָגן, וואָס מיר זענען בכוח. לויטן גענעראַל דאַרף זיין זיין הויט, לויט דער געגנט מעג זיין איר גייסטיקער אַוואַנגאַרד. די ליטעראַטור איז ביי אונדז אַ כוח, און מיר'ן איר העלפן זיך צעוואַקסן. איר מעגט קומען צו אונדז מיט אַלע איבערנויטן אין יעדער צייט.

זעט איר, אַז מע האָט אונדז גערופן, מן־הסתם האָט מען עס באַדאַרפט. און מיר האָבן זיך צעזעגנט ווי ס'געהער צו זיין.

און אָט נאָך אַ חן־פינטעלע פון גאָר אַן אַנדער מין:

אַ דריי מינוט גאַנג פון אונדז וווינט אַ שכנה, אַ יידיש ווייבל, וואָס האָט אַ מיידעלע אַ שולקינד, און האָט נישט קיין מאַן. האָט זיך צו איר צוגעשלאָגן אַ שניידער, אַן עוואַקוירטער פון ווייסרוסלאַנד. אַ ייִד. זי איז נישט פון די שיינע, ער איז נישט פון די בראַווע, נאָר ער איז אַ פאָרדינער, אַ געטרייער. געטריי אי איר, אי דעם קינד. לעבט מען אָן חופּה־וקידושין, אַפילו אָן דעם „זאַגס". מילא, אויב שטיל און אָרנטלעך, מעג זיין אָן חופּה־וקידושין, מעג דערוויַיל זיין אָן דעם „זאַגס". אָבער איצט האָט זיך פאַרקליבן צום ווייבל אַ וואָרעם אין האַרצן אַריין, וואָס סמאָקעט און זויגט אָן אַן אויפהער: איטלעכנס גרויסע פרייד איז פאַר איר אַ קלאָג. דעם דייטש וועט מען שוין באַלד אַרויסטרייבן, אַז זיין זוואַניע זאָל דאָ נישט בלייבן. און דער שניידער, וואָס איז שוין אין גאַנצן אירער און דעם קינדס, איז גאָר קיין ספק נישט, אַז ער וועט אַוועקפאָרן קיין ווייסרוסלאַנד זוכן זיין ווייב מיט די קינדער. אויב זיי זענען אויסגעהרגעט, ווי אַ סך, אַ סך אַנדערע, איז „גוט", וועט ער קומען צוריק, ער האָט זיך דאָ צוגעוווינט. אָבער אויב זיי לעבן ערגעץ, חלילה?... אַ שטילע, אַן אָרנטלעכע, אַ האָרעפּאַשנע ווייבל, די שכנה פרומעס. אַ ווילע, אַ פּאָר־האָרעוועטע יידישע טאָכטער און נאָך נישט קיין אַלטע. איר זאָלט זיך למען־השם נישט דערוועגן זי באַרעדן און זי אין עפּעס מאַכן שולדיק. דער וואָרעם, וואָס האָט זיך ביי איר באַזעצט אין האַרצן, וואָס זויגט און סמאָקעט זי אַזוי, אַז זי קען פון אים נישט פּטור ווערן, דאָס איז נישט זי. אַפילו פרומע אונדזערע, אַן עלטערע יידענע, אַ גאָטספאָרכטיקע, נאָר מיט אַ געזונטן פאַרשטאַנד, זעט עס אַלץ און ווייסט פון דעם, ווייסט, ווי ס'טרעפן אין לעבן קרומע געגנ. אָבער זי טראָגט אויף איר קיין האַרץ נישט און מאַכט זי אין גאַרנישט שולדיק. און אָט דער פרעמדער שניידער, דער מאַנצביל, איז בפירוש אויך נישט קיין אומלייטישער יונגערמאַן...

אין „איינקייט" אַ שוואַרץ רעמל אַרום דעם נאָמען משה כאַשטשעוואַצקי. ער איז

געפאַלן אין שלאַכט. ווען? ווו? נישט לאַנג איז דאָך געווען געמאָלדן, אַז ער פאָרט אַריבער קיין כאַרקאָוו צוזאַמען מיט די כאַרקאָווער אוקראַיִנישע שרייבער. גיי פרעג ביי גאָט קשיות!

אָט איז נעכטן, צום ביישפּיל, געגאַנגען אין סאַראַטאָוו אַ רעגן.

דעצעמבער, אין סאַראַטאָוו אַ רעגן?!...

## אין גרוב אויף אייביק

חייקע גאָלדפאַרב (די חברטעס רופן זי קלאַרע, אַזוי איז גרינגער) איז אומ־געפאָרן אויף קומיס (די לונגען זענען אָנגערירט) און זי האָט זיך זייער שיין פאַרריכט.

מיטן מאַן אירן, מיט זלאַטשינען (אַ געזונטער פּראָסטער יאַט) קומען פאַר מלחמות. זי ציטערט איבער אים ער זאָל זיך נישט געפינען עפּעס אַנדערשט און זי לעבט עס שטאַרק איבער. ער מאַכט אויבן אויף דעם אָנשטעל, אַז זי איז אים טייער, אַז ער זאָרגט זיך פאַר איר געזונט. אַ מאָל קומט אים אויס אָוועקפאָרן פון סאַראַטאָוו אויף אַ פּאָר וואָכן. זי וואָלט וועלן האָבן פינעף בריוו אַ טאָג, און ער, טרעפט אָפט, אַז ער שרייבט קיין איינעם נישט אָן ביז ער קומט צו איר אַ גאַנצער. און איר גייען דאָ אויס אַלע כוחות. וויפל זי קען, האַלט זי זיך איין און ווייזט עס נישט אַרויס פאַר די שכנהלעך, גאָלע יונגוואַרג, (מערסטנס פון ווייסרוסלאַנד) — יידישע און קריסטלעכע. אַז זי טרעפט דבורהלען, רעדט זי זיך שוין אַלץ אַראָפּ פונעם האַרצן און טרערן לויפן פון די אויגן אָן אַ מאָס און אָן אַ צאָל.

איין מאָל גייט זי דורך אונדז אין באָד אַריין. דבורהל זאָגט איר, אַז ס'איז אַ ווינט אין דרויסן, זי איז צו לייכט אָנגעטאָן. חייקע ענטפערט, אַז דער רוח וועט זי נישט נעמען, און אַפילו אויב יאָ, טאָ „זאַזשיווע יאַק נאַ סאָבאַצי". (ס'וועט זיך פאַרהיילן, ווי אַ וווּנד ביי אַ הונט). און פון דער באָד האָט זי זיך צוגעקילט און איז אַוועקגעפאַלן. ווו האָט זיך נאָר אַהינגעטאָן דער קומיס מיטן קוראָרט, מיטן שיינעם פאַרריכטן אויסזען. אַזוי ווי שניי אויף דער זון, קיין סימן איז פון דעם נישט געבליבן. ער איז נישטאָ אין דער היים. ביי די ווייסרוסישע חברטעס האָט זי חן אין די אויגן. זיי גיבן איר אָפּ אי אויפמערקזאַמקייט, אי צייט. מע גייט פון אירעט וועגן, מע רופט דאָקטוירים, מע ברענגט רפואות, מע קריגט אייז. חייקע האָט זיך פאַרענדערט, אַז ס'איז זי שווער צו דערקענען. די חברטעס זאָגן, אַז זיי וועלן אַ רוף טאָן דבורהן.

— מע דאַרף נישט, — ענטפערט זי, אָנמעכטיק און אויסגעבראַכט, — יענער לעבט זיך אַזוי אויך שווער...

און אין איינעם אַ טאָג, ווען אונטערן שניי איז געווען אַ סך וואַסער, די פיס

האָבן געהרוזנעט און זיך געבאָדן אין נעץ, איז געקומען דאָס ווייסרוסיש יִידיש מיידל און זאָגט צו מיינער מיט אַ שטילער טרויעריקער שטים:

— קלאַראַ מאַרקאָוונאַ האָט געבעטן איר זאָלט קומען צו איר אויף דער לוויה...

— וואָס איז עס פֿאַר אַ לשון? וואָס זענען עס פֿאַר אַ רייד?

ביז ס׳שטעלן זיך איר טרערן אין די אויגן, דעם יאָדערדיקן שוואַרצחנעוודיקן מיידל, און זי דערציילט אויס אין גאַנצן:

— ערשט נעכטן, — זאָגט זי, — אַז די זון האָט דווקא אַ שיין געטאָן אויף איר סטירטשענדיקער נאָז מיט די איינגעפאַלענע באַקן, האָט זי געזאָגט: — מיידלעך! איך בין שוין נישט קיין היגע. צו מיין לוויה מעגט איר פֿאַרבעטן דבורהן מיטן מאַן. זאָל כאָטש עמעצער זיין לעם מיר פֿון מיינע לאַנדסלייט...

און אָט דאָס איז זי געקומען זאָגן. די לוויה וועט זיין היינט צווישן ביי טאָג.

— און ער איז געקומען?

— ניין, נישטאָ אים נאָך.

מיר האָבן אָוועקגעוואָרפֿן אַלע אַרבעטן. פֿאַר לייבעלען האָבן מיר איבערגעלאָזן אַ צעטעלע אויפֿן טיש, וואָס ער זאָל עסן (ווען ער וועט קומען אַהיים). און מיר האָבן געזען... מיר האָבן געזען אַ מאָגער איינגעשרומפּן געזיכט נישט צו דערקענען, אַז דאָס מיילעכל, וואָס האָט אָפּט אַזוי גוט געלאַכט, די אויגן, וואָס האָבן אַזוי שיין געגלאַנצט — איצט זעען מיר נישט קיין פּנים, נאָר איין אויסגעטריקנטע דאַרע באַר, אַ געל־בלייכע און גרינגע, ווי אַ פֿעדער.

אונטערן שניי האָט געפּליוכעט און זיך געבויטעט אַ סך וואַסער. דבורה איז נישט געגאַנגען ווייט. איך בין געגאַנגען אין דער נעץ ביזן סוף. ווײַל איך אין דער פֿרעמד איז עס געווען אַ שיינע לוויה, אַ פּופּצן מענטשן, אויב נישט מער. באַהאַלטן האָט מען זי אויפֿן קריסטלעכן בית־עולם. ווייזט אויס, אַז איצטיקע צייטן מאַכט מען שוין נישט קיין גרויסן אונטערשייד. די מיידלעך האָבן געבראַכט אַ פּאַר ברויטלעך פֿאַר די באַגרעבערס וועגן. ס׳איז שוין אַזוי איינגעפֿירט. ווער — מער, ווער — ווינציקער, נאָר מע צאָלט, אַממערסטן, מיט ברויט. אַן אָרט האָט מען איר געגעבן אַ שיינעם — פֿון פֿאָרנט און אין דער ליכטיק. אַ פֿאַרשטייער, אַן ענקאַ־וועדיסט, האָט געלייענט איר קורצע ביאָגראַפֿיע: חיה מאָטעליעוונאַ גאָלדפֿאַרב, דאָרט געבוירן, אַזוי פֿיל יאָר אַלט, אַזוי פֿיל יאָרן אין דער פּאַרטיי.

אַ חברטע האָט געזאָגט אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער. אייניקע האָבן זיך געווישט די אויגן.

אַהיים בין איך געגאַנגען אַליין. און איבער אַלע באַטראַכטונגען פֿון „הבל הבלים״ און אַזוי ווייטער האָב איך גוט געדענקט, אַז אין אַ האַלבער שעה אַרום וועל איך זיין אין שטוב און אַראָפּוואַרפֿן די נאַסע שיך, די האַנטעשעס פֿון די פֿיס און אָנטאָן עפּעס טרוקנס. אַפֿילו זיך צוליגן, אויב ס׳וועט אויסקומען. איבער אַ יאָר

און איבער עטלעכע יאָר וועט עמעצער קומען אַהער צום דאָזיקן עלנטן בערגעלע ערד? די נעענטערע מענטשן, אַלע אָנגעפּאַרענע, וועלן זיך לאָזן זוכן די פּאַרלאָזטע היימען, אַט אַזוי ווי יענער ווילער שניידער, דער גאַליגענער מאַן, ביי פרומעס פּאַרבענקטער פאַרהאָרעוועטער שכנה. און אויך מיר, דאַרף מען האָפן, וועלן זיך רירן פון דאַנעט... און דאָס, וואָס איז פאַרפאַלן, וועסטו שוין נישט אומקערן.

חיה מאַטעליעוונאַ, אַ יאָר 35 (קיין פערציק נאָך נישטאָ) איז שוין אַ היגע אויף אייביק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון פראַסיען האָבן מיר בריוו. צו וועמען שרייבן קיין קיִעוו האָבן מיר נאָך נישט אַ קלער געטאָן. אָנגעשריבן האָבן מיר קיין סלאַוועשנע אין אויספּירקאָם, זאָלן זיי זיין אַזוי גוט און אונדז ענטפערן, טאָמער ווייסן זיי עפּעס וועגן מיין פאָטער.

אָבער פיל גיכער, ווי מע האָט זיך געקענט ריכטן, איז אָנגעקומען פון סלאָ־וועשנע אַ דינער פּאַקעט. ס'איז געווען אַ מורא אים עפענען, און אַז מיר האָבן אים געעפנט, האָט ער דערלאַנגט, ווי מיט אַ טעמפּער שווערער זאַך איבערן סאַמע מוח.

איידעלער מענטשלעכער מיטגעפיל איז געווען אין די 5—6 שורות. מעגלעך, אַז דער יונגערמאַן, וואָס האָט געשריבן, קען מיך אַפילו. נאָר, מיינע טייערע, ס'איז אַ טרונק פונעם כּוס, וואָס היטלער, ימח שמו, האָט דערלאַנגט צו די סאַמע ליפּן אויך מיר, אַ טרונק, פון וועלכן דאָס האַרץ ווערט פאַרלאָפן מיט בלוט און דער מוח ווערט פאַרשמעליעט: דער טאַטע מיט נאָך קרבנות, מיינסטנס עלטערע יידן, מענער און פרויען, זענען אין האַרבסט 1941 געטריבן געוואָרן צום גרוב אויף דער שיניצע, וווּ ס'הייבן זיך אָן די פעלדער (אין די פּאָר־מלחמה־יאָרן האָט מען דאָרט געהאַקט שטיינער).

איצט ווייס איך נישט צי איך זאָל שרייבן צו די שוועסטער און צו הערשלען, צי איך זאָל וואַרטן ביז זיי וועלן מיר שרייבן. די אויגן זענען נישט נאַס און נישט טרוקן. די צונג דאַרף עפּעס זאָגן, נאָר באַוועגט זיך שווער. זיך אַנידערלייגן אויפן בעטל, איינגראָבן דעם קאָפּ אין קישן. דבורהל קען גראַדע מיינע עלטערן. זי האָט זיי עטלעכע מאָל געזען יעדן באַזונדער און זי שאַצט זיי זייער ווויל, פיל בעסער, ווי זי האָט זיך געריכט אויף דעם. זי האָט אַ פּאָר מאָל אַ וויש געטאָן די אויגן. נאָר אַ דאַנק איר, זי טשעפּעט מיך נישט מיט קיין רייד.

## צווייענדיקע בוכהאַלטעריע

דאַלגושינען וויל איך וואָס ווינציקער דערקיטשען, אפשר פילט ער עס. איך זאָג אים איין מאָל, אַז ס'קומט אויס אָפּשטיין לאַנגע שעהען אין דער שפּייזקראָם,

ווי מיר זענען צוגעפעסטיקט צוזאַמען מיט די וויסנשאַפטלער, מוזיקער, טעאַטער און קונסטטוער. ער האָט אַ קלער געטאָן און מיר אָנגעשריבן אַן אַדרעס איך זאָל צוגיין אין זיין נאָמען, ס'איז נישט וויט, לעבן אויבערשטן מערקל.

איך האָב געפונען דעם הויף, אין הויף עפּעס אַ מין שטאָל, נישט קיין גרויסער, אַ ריינער. שטייען דאָרטן שיינע פּאַרקויפערינס. איינע, אַ גענוג יונגע, האָט מיר איין מאָל אַ זאָג געטאָן (ס'איז געקומען צו רייד און קיין מענטשן זענען דערביי נישט געווען):

— אונדז, יידישקעס, האָט גאָט גראָדע קיין שיינקייט נישט געקאַרגט...

דאָס דאָזיקע וואָרט האָט מיך אָנגענעם געטישעט (געטרייסט). איך האָב אויך געזשאָלעוועט, וואָס אויב מיסחר איז גנבה, צו וואָס דאַרף מען, אַזאַ אַזאַ גוט ווייבל אָדער מיידל, וואָס וויפל זי זאָל נישט זיין באַשיידן, איז זי אַ מבין אויפן גוטן חלק, וואָס גאָט האָט איר איינגעטיילט, צו וואָס זאָל זי זיך דאַרפן שאַרן לעבן גנבה? זי איז מיר שיין און ליב. זי, מיט איר שיינקייט, שטייט פון יענער זייט „סטויקע". איך — פון דער זייט. דאָס איינציקע, וואָס איך נעם פון אירע הענט איז צוקער און פּוטער און זי נעמט פון מיינע הענט די שפּייז־קאַרטלעך און דאָס ביסל געלט.

אַהער אין שטעלכל קומען גוטגעקליידטע יונגע פרויען, נעמען אַן פולע קויש־לעך מיט גוטער פרישער שפּייז, צעצאָלן זיך גלייך — איינס און צוויי. גאָר קיין גלייכן נישט צו אונדז (וואָס מיר זענען אויך כלומרשט אויך גענוג פריווילעגירט אָנטקעגן נאָך פּראָסטערע). ס'טרעפט, אַז דער אויפזעער פונעם קרעמל זאָגט מיר:

— דערווייל וועל איך אייך געבן נאָר אַ העלפט און קומענדיקע וואָך וועט איר נעמען דאָס איבעריקע. איר קענט אַזוי?...

איך זאָג, אַז איך קען. דאָ גיט מען פּאָר פּוטער — פּוטער, פּאָר צוקער — צוקער. און אין אונדזער גרויסער קראָם טרעפט, אַז מע גיט „עפּעס" אָנשטאָט פּוטער, „עפּעס" אָנשטאָט צוקער, כאָטש ביי אונדז אין קראָם שטייען אויך נישט קיין שפּעטנע פּאַרקויפערינס. ס'איז אַפילו דאָ אַ קאָמיטעט פון די געברויכער, וואָס העלפט ביים צופּעסטיקן די שפּייזקאַרטלעך און ביי אַנדערע קאָמפּאַניעס. דאָך דערציילט מען, אַז די דאָזיקע גאַנץ יונגע פאַרוואַלטערין פון קראָם פירט אין דער היים זייער אַ רייך לעבן. מע פראָוועט דאָרט אַפילו אָרגיעס.

מיר איז שווער זיך פאָרשטעלן אָט די צווייענדיקע בוכהאַלטעריע: אַלס פאַר־טייערין מוז זי זיין דיסציפּלינירט, אַלס אַ דינערין פון פאָלק מוז זי אירע געברויכער באַדינען אָרנטלעך און מיט כבוד. צום סוף איז זי די פּריציטע. מיר קוקן אויף איר מיט גלוסטיקן דרך־ארץ. און אַז זי איז דאָ כמעט דעם גאַנצן טאָג, ווער העלפט איר אין דער היים זיך פירן גביריש — קאָכן, באַקן, אויפנעמען געסט? נאָך אַ פּרט איז מיר שווער צו פאַטויפען אין קאָפּ: אַן איינדזעלע מענטשן, און אפשר אומ־מענטשן, קלייבט זיך צונויף הוליען, פּרעסן, זויפן און זיך לאָזן ווילגיין בשעת

אַרום איז אַ דורכויסיקער אויסגאָס פון טויט און נויט, יתומשאַפט, אַלמנהשאַפט און מאַנגל אין אַ פּראָסט שטיקל ברויט — צי דען גייט עס זיי אָפּ גלאַט?

## אויך זי וואָלט זיך אויף אַזעלכעם נישט געריכט

גענומען ביילקע אַ פּאַרשעמטע, אַן אָפּהענטיקע. ס'האָט זי ווידער באַלייגט דאָס גאַנצע לייב מיט בלאָטערלעך. אין דער ווייט, צווישן פרעמדע מענטשן, קען זי זיך מיט דעם קיין עצה נישט געבן. האָט זי זיך צערעכנט מיט דער אַרמיי און איז געקומען. אַ דאַנק גאָט, וואָס מיר זעען זי מיט גאַנצע אברים. דאָס, וואָס זי האָט אויף זיך, וועט אם־ירצה־השם איבערגיין. דבורהל האָט איר אָפּגעטראָטן איר געלעגער. אַ פרייער גאַנג ליילעכער איז נאָך דאָ. קינדוויז פלעגט ביילקע אויף זיך האָבן זאָלאָטוכע. און אַפילו איצט, ווען מע האָט זי געשיקט (דאָ אין סאַראַטאָוו פון איר פאַבריק) אויף פעלדאַרבעט, האָט זי זיך אויך אָנגעליטן פון טשיריקעס מיט בלאָטערס. מיר האָבן געקראָגן פון אירעט וועגן אַ זאַלב, אים איינגעריבן אין דער הויט איבערן גאַנצן לייב. אין דריי טעג אַרום האָבן מיר גענומען פון אירעט וועגן אַ נומער אין באָד, איך האָב זי דורכגעפירט, איך האָב געוואַרט אויף איר אין קאָרידאָר ביז זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט איר היילונגס־געוועש, איך האָב אַכטונג געגעבן זי זאָל זיך אָנטאָן וואָס וואַרעמער און מיר זענען מיט אַ גוטער הילף געקומען אַהיים. זי איז פּטור געוואָרן פונעם אָנשיקעניש. בלויז סימנים זענען נאָך געווען אויפן לייב, אָבער שוין אויסגעהיילטע, וואָס דאַרפן אויך אין משך פון טעג פאַרשווינדן ווערן.

ביילקע מיט לייבעלען זענען גוט. מע לייענט צוזאַמען, מע רעדט צווישן זיך שטיל און חבריש, כאָטש ביילקע איז צוויי מאָל נאָך מיט אַ צוגאָב עלטער פון אים.

מיין טאָכטער העלפט עפּעס צו אין שטוב, גייט אַ מאָל אין שפּייזקראָם און צו קיין אַרבעט קלערט זי זיך דערווייל נישט נעמען.

זי גלויבט, אַז זי וועט זיך אויפהייבן די ערשטע און אַוועקפאָרן קיין קיִעוו. און דערנאָך, פּרילינגסצייט, וועלן מיר אין דרייען שוין קומען אויפן גרייטן.

איז עס דען נישט קיין געדאַנק? ס'איז אַ געדאַנק! צו זעלבשטענדיקן לעבן האָט זי זיך שוין אַ ביסל צוגעוווינט אין דער אַרמיי. איר שטעטל וועט זי ווי עס איז באַשטיין.

זי איז זיך דורכגעגאַנגען ווּהין מע דאַרף און איז, אַ דאַנק גאָט, זייער שיין געקומען מיט גאָרנישט!!!

פאָרן פון סאַראַטאָוו איז אַלע מאָל געווען די מניעה בלויז אינעם בילעט. האָסטו געקויפט אַ בילעט — זעץ זיך אַריין אין באַן און פאָר! איצט, כדי צו פאָרן אין די באַפרייטע געגנטן, דאַרף מען נאָך פריִער קריגן דערויף אַ דערלויבעניש.

פון ווייסרוסלאַנד זיצן אין שטאָטראַט אין אַ צימער ווייסרוסישע מענטשן. פון אוקראַינע זיצן אין שטאָטראַט אוקראַינישע מענטשן. צו זיי גייט מען אויף און אָפּ. זיי קוקן דורך די פּאַפּירן. זיי באַשטימען צי דאַרף מען דיך אַהין, צי מעג מען דיך לאָזן אין דעם פּונקט, וועלכן דו בעטסט.ביילקע האָט זיך געטראָפן מיט אַ קיִעווער יִידיש בחורל פעלטינאָוויטש. אויף טאַראַסאָווער האָבן מיר געוווינט מיט זיי אין איין הויז. זיי — אויפן פּערטן, מיר — אויפן זעקסטן. אים האָט מען גלייך אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך געבעטן, נאָר זיי האָבן מיט אים קיין סך נישט געוואָלט רעדן. ביילקען האָבן זיי גערן אויפגענומען, אויף די חרובע ערטער דאַרף מען ענערגישע און טעטיקע מענטשן, נאָר... ביילקע האָט אַ שטיקל חסרון: זי איז פון יִדישער אָפּ־שטאַמונג און — יורידיש נישט, פּאַקטיש, ווי ס'ווייזט זיך אַרויס — איז דאָ אַ פעסטע איינשטעלונג: מיט יִדישער באַפעלקערונג, וואָס ווילן זיך אומקערן אין די באַפרייטע געגנטן, זאָל מען זיין אַ ביסל אויפגעהאַלטן...

ביילקען האָט מען געזאָגט, אַז מע וועט איר אין וואָכן אַרום געבן צו וויסן, צי זי קען זיך גרייטן אין וועג אַריין.

אַ געפיל פון חרפה געמישט מיט אַנטוישונג האָט איר פאַרגאָסן דעם פּנים מיט רויטקייט. זיי זענען געווען צו איר איידל, האָבן איר „איידל" אָפּגעזאָגט.

אין דער היים האָט ביילקע נישט געוויינט, נאָר ס'איר געווען שלעכט אויפן האַרצן. אַפילו די שטים אירע האָט זיך געביטן פון פאַרקלעמטקייט. אָפּגעפּאַקוטע־וועט אַזוי פיל צייט אין דער אַרמיי, מיט ניסים אַרויס אַ לעבעדיקע, און...

אַנדערש האָבן מיר גאָר נישט געקלערט — זאָל זי זיך נאָר פרייוויליק אויס־רופן, אַז זי איז גרייט פאַרן בויען די צעבראָכענע שטאָט, זענען פאַר איר אָפן אַלע טירן!... אפשר גיין נאָך אַ מאָל זיך מיט זיי אויסטענהן, מאָנען אירע רעכט הויך, אויף אַ קול?!... כאָטש ס'וועט שוין זיין געזידלט ברויט.

מיר זאָל זיין פאַר איך, קינדער מיינע! דבורהל זאָל פאַר זיך אָנהייבן דורכ־לייגן אַ וועג? איז זי דאָך אַ יִדנס אַ ווייב. דערצו איז זי נאָך שוואַך אין געזונט.

ס'מאַכט נישט אויס! זאָל דער דייטש וואָס גיכער די כפרה ווערן, זאָל די וועלט פרייער אָפּאָטעמען, וועט זיין די אַלגעמיינע הילף אויך אונדזער הילף, ווו מיר זאָלן זיך נישט געפונען.

צו דעם דאָזיקן אויספיר בין איך שוין איין מאָל געקומען. אָן אויספיר, וואָס באַרויִקט מיך פולקאָם פון פאַרלאָרנקייט און צעטומלטקייט.

## אַ גיכע גוטע הילף

אין אַלע ברייוועלעך איז דאָ אַ מונטערער טאָן, ווי די נאַטור, און מיר אַלע מיט איר צוזאַמען, וואָלטן זיך אָנגעהויבן אויסטאָן פון די קלעמען, אין וועלכע דער

ווינטער האָט אונדז געהאַלטן. דער אָטעם פון פרילינג פילט זיך שוין. אָט־אָט קומט ער. בליומע וועט פאָרן מיט די שוועסטער קיין מאָסקווע. ליפּע פּינסקי מיט שפּרהן, מיטביידע מיידלעך (ער און די פרוי זענען פּעדאַגאָגן), זיי לאָזן זיך אויף אוקראַיִנע. די גרעסטע טייל שרייבער, ריכטיקער געזאָגט, די אָנגעזעענסטע אוקראַיִנישע שרייבער, וואָס האָבן זיך געפונען אין אופאַ, טאַשקענט און אַלמאַ־אַטאַ, זענען שוין פון לאַנג אין מאָסקווע. האָפשטיין איז אויך צווישן זיי. זיי וווינען דאָרט שוין חדשים און דער וועג אַהיים איז שוין פאַר זיי אויך אָפן. פייגע שרייבט אונדז שוין נישט פון אופאַ, נאָר פון מאָסקווע.

ווי אַזוי וועלן זיך מיינע שוועסטערלעך דערקלייבן אַהיים מיט פיצלעך קינדער? דער טראַנספּאָרט אין לאַנד איז דאָך נאָך אַזוי געענגט? גדליה לעבט נישט. מיישקע איז, אַ דאַנק גאָט, דאָ. ביידע הערשעלעך זענען דאָ.

פונעם טאָטן די וווּנד פלאַקערט אויף און לעשט זיך אויס.

דערווייל האָב איך זיך דערוווּסט, אַז צו פרילינג צו וועט דער אוקראַיִנישער ראַדיאָ־קאָמיטעט פאָרן אַהיים אָרגאַניזירטערהייט. אַ פּאָר מענטשן דאָרט, וואָס די אייגענע פערזענלעכע פאַראינטערעסירטקייט האָט זיי נאָך נישט געמאַכט אין גאַנצן פאַר אויס מענטשן, האָבן מיר שטיל געעצהט, אַז איצט איז אַמוויכטיקסטן פאָרן אָרגאַניזירט. דערום זאָל איך זיך ווענדן צו רילסקין קיין מאָסקווע. רילסקי וועט צושיקן אַן אָפיציעל פּאַפּירל אין ראַדיאָ־קאָמיטעט, אַז דער שרייבער־פאַראיין בעט ביי זיי מע זאָל דעם שרייבער קיפּניס מיט דער משפחה (צוזאַמען — פיר זייערע) נעמען מיט זיך.

רילסקיס ענטפער האָט זיך נישט געלאָזט וואַרטן. אַ בריוו אין ראַדיאָ, אַ קאָפּיע צו מיר.

ביי ייִדן זאָגט מען: „ער וועט פאַרשפּאָרן יום־כיפּור פאַסטן פאַר דער טובה", וואָס ער האָט אונדז געטאָן.

רילסקי פאַרגעסט נישט אין קיין מענטשן.

זיין בריוו האָט מען נישט באַהאַנדלט אויף קיין זיצונגען. ער איז אָנגענומען געוואָרן, ווי ער שטייט און גייט.

נישט אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי סע רעדט זיך, נאָר אין ענדע פעוורואַל האָבן מיר שוין געהאַט די אַזוי גערופענע „פּראָפּוסקן" (אַריינפאָר־שיינען), און טאָמער ווילט איר מער, איז פון שרייבער־פאַראיין אָנגעקומען עטלעכע רובל מיר זאָלן האָבן מיט וואָס זיך לאָזן אין וועג אַריין.

מיינע לייט האָבן שוין גאָר אַן אַנדער פּנים. מיר אַליין איז אויפן האַרצן אויך אַ סך גרינגער. נאָר זינט איך קען זיך האָב איך נישט ליב צו זאָגן, אַז איך פאָר, ביז איך זיץ נישט (מיט מיינע לייט) אין וואַגאָן... יאָ, ס'איז נאָך נישט מאָרגן און נישט איבערמאָרגן, נאָר צו גאָט אַ האָפענונג, אַז מירן שוין זיצן אין וואַגאָן אויך.

## ווי אַזוי זשע קען עס זיין ? !...

דער קליינינקער הערשעלע. ער איז גאַרנישט קליין אין וווקס. ער איז אַ הויכינקער, אַן איידלינקער, מיט ליבע קלייענדלעך אויפן פּנים, וואָס איז באַלויכטן מיט אַזאַ טייערן ליבן שמייכל, אַזאַ אָרנטלעכן בליק. הערשעלע שאַפּיראָ. זיינע בריוו גייען נאָך צו אונדז, נאָר ער איז שוין פרײ פונעם לעבן מיט זיינע אַלערליי שווער־קייטן. ער איז געפאַלן אין שלאַכט דעם 23סטן דעצעמבער, 1943 יאָר, לעם קליין־ראַטשע, נישט ווייט פון ראַדאָמישליע.

חברים האָבן אָנגעשריבן צו מיינע שוועסטער (זיין מוטער און זיינע מומעס). די מיליטערישע טייל האָט אַחוץ אָנגעשריבן. פריידקע איז געגאַנגען אַ טויטע פון וואָיענקאָמאָט, אַ שטומע, אַ צוגעשלאָגענע, און ווי מיט אָפּגענומענע אברים. און געשען איז עס, ווען אוקראַינע האָט זיך שוין אָנגעהויבן באַפרייען. ער איז שוין דורכגעגאַנגען אַפילו מיט זיין טייל דורכן באַפרייטן קיעוו. אַריינגעלאָפן אַ קוק טאָן צו דעם צימער, ווו זיי האָבן געוווינט.

פּאָר נאַכט האָבן מיר באַקומען די ידיעה פון רוזייעווקע. מיר זענען געווען אַלע פיר אין שטוב. מיר האָבן נישט אָנגעצונדן קיין שיין.

לייבעלע פלעג הערשעלען זייער ליב האָבן, אַרומקריכן ביי אים אויף די פּלייצעס, זיך קאַראַפּקען צו אים אויף די הענט. ער האָט איצט אויסגעשריגן קורץ: אוי !...

— ווי ! ווי אַזוי זשע קען עס זיין ? !...

ביי דבורהלען האָבן זיך געגאָסן טרערן פון די אויגן. ביילקע האָט שווער געשוויגן, נאָר דערנאָך לאַנג, לאַנג געהאַלטן דאָס נאַזטיכעלע לעם פּנים. איך האָב אויך געשוויגן, געקלערט, וואָס שרייבט מען צו פריידקען און זיך געוואָלט לעבעדיק פאָרשטעלן, ווי אַזוי איז אָט דאָס יונגע צווייגעלע איינגעבראָכן געוואָרן, די ווייטיקן זיינע, די נאַסע וווּנד, און ווי אַזוי ס׳איז אים געוואָרן פינצטער אין קאָפּ, אין די אויגן, ווען די טויטקייט איז צוגעטראָטן צו אַלע יונגע אברים... אָפּגעהאַקט געוואָרן אַ יונג, צאַרט לעבן מיט אַלע, אַלע פלענער און האָפענונגען, וואָס דער מאָרגן און די ווייטערדיקע מאָרגנס וואָלטן דאַרפן ברענגען.

ס׳איז שווער. און אַ טייל פאַלשקייט מישט זיך נאָך צו צום געמיט. די נישט פולע אויפריכטיקייט בשעת אַזאַ מין גרויסן אומגליק, וואָס כאָטש דו זאָגסט עס זיך נישט אויס, נאָר דו ווייסט, אַז ס׳לאָזט דיך נישט אָפּ דער געפיל: „אָבער איך לעב דאָך נאָך !״...

סיי ווי האָב איך זיך באַמיט צו דערנענטערן צו די נאַסע הייסע ווייטיקן פון דעם פלוצעמדיקן ריס, וואָס האָט אים געטראָפן, און צו דעם אַראָפּהענגענדיקן יונגן קאָפּ, ווען מע האָט אים געלייגט אין גרוב אַריין ביינאַנד מיט נאָך יונגיטשקע,

מיט אַנדערע קעפּ און אַנדערע פּנימער. ווען איך זאָל וויסן, אַז פון מיינע מאַטער־נישן וועט אים עפּעס אַרויסקומען, דאַן וואָלט עס געהאַט אַ זין. מוטשען זיך וויל איך נישט. אָבער, ס׳קען ווערן, אַז אין דער זעלבער רגע, זאָל איך אויפהערן זיין, איך זאָל מיט אַ מאָל איינגעזונקען ווערן אין דער שאול־תחתיה — דאָס וואָלט אפשר געווען דאָס גליכסטע. דאַן וואָלט איך פאַרשפּאָרן פאַלשעווען מיט זיך. און אַזוי איז אי ס׳טוט משוגענערוויז באַנג, אי ס׳לאָזט זיך נישט באַהאַלטן דעם טיף פאַרשטעקטן „שאַ, אָבער איך לעב דאָך נאָך״...

איך האָב לאַנג נישט געקענט איינשלאָפן.

הערשעלע אַזוי, הערשעלע אַנדערש... געלינקער אונדזערער!... מע קען צעריסן ווערן, אויסגיין פאַר צער און ס׳וועט גאָרנישט העלפן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער איז שוין געווען אַ גרויסינקער, אַ לאַנגלעכער, ווי אַ פישעלע, אַן איידלינקער, ווען ער איז יונג אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט. ער איז דאַן פאַרשלאָפט געוואָרן מיטן האַרצן און געדאַרפט ליגן אַ פּאָר חדשים. מיר האָבן אים אָפּגעגעבן מיין צימערל (מיט די ביכער און מיטן שרייבטיש), דאָקטוירים זענען געגאַנגען צו אים. וויפל ער האָט געמעגט לייענען, האָט ער געלייענט. וויפל געמעגט רעדן — גערעדט מיט אונדז... (וואָס דער פאָטער זיינער איז יונג געשטאָרבן, און אויך פונעם האַרצן, דאָס האָט מען אויסגעמיטן אין די רייד), און ס׳איז געווען אַ צער צו קוקן, ווי אַזוי דאָס בחורל איז געבונדן אַן שטריק (וויפל פאַרשטאַנד אין זיין יונגן בליק, וויפל חן אין זיין אידל געזיכט, אַן אמתער „מיר־זאָל־זיין״).

דערפאַר האָט זיך מיר נישט געגלויבט, ווען די רוזייעוקער האָבן מיר געשריבן, אַז מע האָט אים גענומען אין דער אַרמיי. אָבער זיינע באַטעמטע בריוו זענען דאָך געווען פון די שוצגרובנס, דער שלאַכטפעלד איז געווען זיין היים. איז דאָך עס שוין נישט קיין אויסגעטראַכטע זאַך...

געלינקער, טייערער... ווען ער איז געלעגן אין מיין קליינעם צימערל, פלעגן אים באַזוכן יונגע בחורים, יונגע מיידלעך. מיר האָבן זיי נישט געקענט, ווייל פריִער פלעגן זיי אַהער נישט גיין... איז אויב מיר זענען נישט זוכה געווען אים צו האָבן אַ לעבעדיקן, אַ געזונטן, אַ גאַנצן אויף לאַנג, האָט ער אויך געקענט אויסגיין, אַ יונגע צווייג, אויפן יונגן קראַנקן בעט. און צום סוף איז ער גאָר אומגעקומען, ווי אַן אָנערקענטער באַלוינטער זעלנער צווישן פאַרשיידענע יונגע חברים פון פאַרשיידענע פעלקער פון אונדזער גרויסן לאַנד. גראַדע אַ געקרעפּטיקטן האָט אים אַרויסגעריסן די פיינטלעכע קויל... טאָ וואָס איז בעסער? (אויך מיר אַ פראַגע...).

איך האָב הערשעלען געלייענט אַן אָנהייב פון אַ גרעסערער אַרבעט, וועגן דער יונגער באַחנטער אַלטען („אַלטע״ איז אַזאַ נאָמען) ביי אונדז אין שטעטל



הערשעלע שאַפּיראָ (דער געלינקער), געפאַלן אין שלאַכט דעם 23סטן דעצעמבער 1943.

אויפן מאָזשאַריער שליאַך, וואָס האָט זיך צעבליט אין אַן אָרעמער שטוב, ביי דער אַלטער ריווע־ליפען און ביי יאַנקלען דעם קעסלער. אַז איך לייען עפעס קוק איך מיינע צוהערער אין די אויגן... הערשעלע האָט מיר דאַן געזאָגט, אַז ס׳געפעלט אים, איך מעג אַרבעטן, ס׳וועט זיך באַקומען אַ גוטע זאַך...

דער כתב־יד איז שוין אויך נישטאָ. ער איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער מלחמה. אפשר וועל איך אים ווען עס איז באַנייען לויטן זיכּרון. אָבער הערשעלען אויפ־שטעלן קען מען נישט, נאָר זיך פאָרשטעלן... איז אָט שטעל איך זיך טאַקע פאָר:

זיי זענען נאָך געווען וואַרעמע ליבע הרודקעלעך, קליינע גענדזעלעך, ביילקע — זעקס יאָר, הערשעלען — פיר. זומער. פריידקע און איר מאַניע וועלן נעמען אורלויב ערשט אין זעקס וואָכן אַרום, האָב איך פאַרנומען ביידע קינדער און זיי געפירט קיין סלאָוועשנע. דאָרטן האָבן אַרויסגעקוקט אויף זיי זיידע און באָבע (ווי נאַטירלעך, דער עיקר, די באָבע). דאָרט האָבן געוואַרט אויף זיי: גוטע, פרישע לופט, אַ געראַמער הויף, אַ גרויסער ליכטיקער דרויסן, שיינע גרינע גערטנער, די עופות, דאָס קועלע, די קאַץ. סלאָוועשנע איז נישט קיִעוו. ס'איז אַ באַזונדערע מלוכה פאַר דערוואַקסענע און פאַר קינדער, אַ מערער געגאַרטע. אין איינעם מיט סלאָוועשנער הינטערשטאָט ווערט דער זומער מער באַליבט און מער באַשיינט. נאָר דאָס פאָרן אַהין איז אַ טירחה. 160 ווערסט מיט דער באַן, דערנאָך אין אַ שטעטלדיקער אכסניה נעכטיקן, שפּעטער פאָרן דרייסיק ווערסט מיט דער אַקס. אָבער ס'איז זומער. מע ווייסט וווּהין מע פאָרט. מיט מיר איז די קינדער גוט. און ס'געפעלט זיי אויסקוקן אַ וועלט...

פון קראַסנע איז געווען דער וועטער שיין. די פעלדער פון ביידע זייטן גרינען, געלבן זיך, בליִען, שמעקן. אין אַ דאָרף שטעלן מיר זיך אָפּ פּאַשען די פערד. דערנאָך ווייטער אויפן וואָגן. די פערד גייען, די רעדער דרייען זיך, די צייט רוקט זיך זייער פּאַמעלעכן.

דערווייל האָט זיך דער דרויסן לייכט פאַרכמאַרעט און ס'טריפן שוין לייכטע, זעלטענע, ליכטיקע טראָפּנדלעך... האָב איך ביידע קינדער באַזעצט ביי זיך אויף דער רעכטער און אויף דער לינקער קני. טוליען זיי זיך צו מיר. איז איטלעכן וואַרעם. דער פורמאַן האָט געגעבן אַ רעדנע, האָבן מיר זיך, ווי עס איז איינגעדעקט. מיר פאָרן און פאָרן... נאָך אַ דאָרף און נאָך אַ דאָרף, און אָט־אָ זעט זיך שוין אָן סלאָוועשנער קלויסטער, סלאָוועשנער דעכער...

און מיינט איר דער רעגן איז געווען אַזוי אָנגערוגזט? ניין. אַ ביסעלע טריפט ער, אַ ביסעלע חנדלט ער זיך אין די זוניקע שטראַלן. די רעדנע איז נאַס, נאָר נישט דורך און דורך. די האָר אויפן קאָפּ זענען מיר נאַס, נאָר קיין פּאָטיאָקעס רינען נישט. און אַז מיר זענען געקומען צו אונדז אין הויף, האָט מען אויפגעכאַפּט ביידע „גענדזעלעך”, ווי די מזוזהלעך, און צוגענומען אין שטוב אַריין. האָט ערשט הערשעלע זיך דערמאָנט פרעגן: — און דער רעגן?... — געבליבן אין דרויסן!

און מיר האָבן אין האַרצן אַליין אָנגעקוועלט פון אַזאַ נאַטירלעכער גוטער דערשיינונג: מיר זענען אין שטוב. מע פרייט זיך מיט אונדז, מע דערלאַנגט אונדז וואַסער צו וואַשן זיך, אַ גלאָז פרישע מילך צום אָפּפרישן זיך (דאָס איז ערשט דער אָנהייב), און דאָס לייכטע זומערדיקע גוטע רעגנדל — אים איז גוט אין דרויסן, אויפן הויף, אויף די גערטנער, אויף די דעכער און אַפילו אַהין צו ווייטער אויפן שיניצע און אויף די פעלדער.

טייערער הערשעלע (ביילקע ליבע, ס'זאָל דיר זיין צום לעבן), ווי אַזוי ס'איז מיר געווען וואַרעם און ליב, ווען איך האָב איך אין וואָגן, צווישן מענטשן זיצנדיק, געטוליעט צו זיך און געהאַלטן אויפן שויס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין זעלביקן עלטער, און אפשר נאָך יינגער, פלעג ער אויפקלייבן פלעשער און פלעשעלעך פון אַלע קיכנווינקלען, זיי אויסשטעלן אין אַ לאַנגער ריי — גרעסערע, קלענערע, גאָר קליינע, ביז די סאַמע קלענסטע — און פלעג לאַנג און שטאַרק פאַר־טיפט מיט זיי פירן מיליטערישע איבונגען.

גענלינקער, טייערער! איך געדענק עס אַזוי קלאָר און שטעל זיך עס פאַר פאַר די אויגן, ווי אַט ערשט וואָלט זיך עס געטאָן. יאָ, הערשעלע, ס'איז אַזוי געווען... אַ מאָל איז געווען...

די דערמאָנונגעןווירקן באַרויִקנדיק, און פון דערווירקלעכקייט שפּאַלט זיך דער מוח...

## זאָל עס איר ווויל איינגיין

אין ראַדיאָ־קאָמיטעט קוק איך שוין איצט אָפּט אַריין.

דאָרטן דרייען זיך אַרום מענטשן, דריי איך זיך אויך עטלעכע מינוט. דער־פרעגן זיך פאַרשפּאַר איך. מע זעט און מע הערט אַזוי אויך צי סע רעדט זיך שוין עפּעס וועגן פאָרן, צי ס'איז נאָך ווייט, דורך וואַנען וועט מען פאָרן, ווי אַזוי גרייטן זיך מענטשן אין וועג אַריין.

שומסקי איז זייער אַן אָנגעזעענער אַקטיאָר אין גרויסן אוקראַיִנישן מאַסשטאַב. און דאָ איז ער וואָכעדיק און היימיש. אַ „דיאַדקאָ”, אַ געוויינלעכער חי־וקים, אינטערעסירט זיך מיט אַ פּאַנטשיק אין בופעט, זאָגט אַ ווערטל, וואָס חוזקט גרינג אי פון זיך, אי פון זיינס אַ גלייכן. איך, אַז איך טרעף אים דאָרטן אינעם אַלגעמיינעם צימער, בין איך ביי זיך ווינציקער געפאַלן. איך פועל ביי זיך: אַט אַזוי איז עס. נישט אַלע צייטן זענען איין צייט. אַט האָט שומסקי אויך אַ וואָכעדיקן אויסזען און באַנוגנט זיך מיט אַ שפּאַס, מיט אַ וויץ. ווי זאָגט דאָס אוקראַיִנישע גלייכוואָרט:

* „Коли б не потішився, то б повісився".

דאָלגושין האָט מיך אַ פרעג געטאָן צי איך וואָלט נישט קענען אויסקויפן אַ קאָלדרע אויף וואַטע און אַ צוויי פאַרלעך וועש? ער וועט מיר געבן טאַלאָנען אין דער הויפּטקראָם פון הלבשה...

---

* ווען איך זאָל זיך נישט משמח זיין, וואָלט איך זיך אויפגעהאָנגען.

וועש האָב איך גרינג אָפּגעקליבן און אויסגעקויפט. אַז ס׳איז געקומען צו דער קאָלדרע דאַרף מען גיין צום באַלעבאָס. און דער באַלעבאָס איז צו מיר פרעמד און קאַלט. ענדלעך, זאָגט ער, אַז אַ זיידענע קאָלדרע אויף וואַטע, אויב איך וויל, וועט ער מיר אַרויסגעבן. זי קאָסט נאָר צוויי מאָל טייערער. איך האָב זיך אַן עצה געהאַלטן אין דער היים, געקראָגן געלט און מיר האָבן אויסגעפּאַקט די זיידענע קאָלדרע. דער שׂכל איז אַ פּשוטער: זיך צודעקן מיט אַ זיידענער קאָלדרע „שטייט אונדז דערווייל נישט אָן", נאָר די מלוכה־פּרייזן זענען האַלב „אומזיסט", דאַרף מען נעמען כּל־זמן מע גיט און דערנאָך וועלן מיר שוין זען.

פּרויען האָבן ליב שמוטקעס. ס׳איז נישט קיין נייס ביי גאָט. אַז מיר האָבן פונאַנדערגענומען אינעם ענגן צימערל די נייע גרויסע זיידענע קאָלדרע אויף גרינגער וואַטע, האָט דבורהל געשמייכלט און געשיינט.

— מיר׳ן זיך אָננעמען מיט מוט און מיר׳ן איבערלאָזן די קאָלדרע פאַר זיך. (דאָס הייסט, אַז מיר׳ן זי נישט פאַרקויפן צוליבן ריווח, וואָס מע קען דערביי האָבן). וואָס איז? איין מאָל אין לעבן מעג מען זיך אַזעלכס פאַרגינען.

מע קען מיינען, אַז דבורהל בעט זיך ביי מיר און קוקט אַרויס אויף מיין דער־לויבעניש, אויף מיין וואָרט. אין אמתן האָבן מיר איבערגעגעבן די לייצעס פון דער שטובפירונג איר. קאַרג לייגט זי האַרעוואַניע אויף דער שטוב? און איר קוויקן זיך מיט דער שיינער, זיידענער קאָלדרע, וואָס נעמט אָפּ דאָס אויג מיט דער נייקייט, גרינגקייט, וואַרעמקייט און גערעמקייט, איז עס נאָר אויף זיך אונטערגעבן אַ ביסל חשק.

אַ מאַשין האָט זי שוין, וועט זי צונויפשטוקעווען צוויי ליילעכער און וועט מאַכן אַ טשעכאָל פאַר דער קאָלדרע. איין מאָל אין לעבן לאָמיר זיך פאַרגינען!

דבורהל איז געוואָרן יינגער פון דער באַנייונג, וואָס ס׳איז נאָך אַ גרויסע פּראָגע צי מיר וועלן טאַקע זיך קענען אָננעמען מיט גענוג מוט — אַ נייע, אַ זיידענע קאָלדרע צום לייב!

און זי האָט טאַקע אַרויסגענומען צוויי ליילעכער אויף צוצומעסטן און שיער וואָס זי זאָגט נישט אַרויס:

— אָבער רעדן מעג מע דאָך?...

איך בין געווען, וואָס איך האָב איר אַריינגעבראַכט דאָס ביסעלע פרייד. אפשר וועט זי עס טאַקע נוצן, און אפשר ווילט זיך איר פּשוט אַ ביסל פאַנטאַזירן.

סיי אַזוי, סיי אַנדערש, זאָל עס איר איינגיין! קיין סך גוטס האָט זי נאָך ביי מיר נישט געזען.

איציק קיפניס

## מיוחסים ביי גאָט

צוויי ווערטער, וואָס גייען פונעם פאָלק, נאָר געהערט האָב איך זיי ביי פאַרשיידענע צוויי פרויען. איינע דערציילט, אַז איר מוטער פלעג בעטן: „גאָטעניו, שיק אויף מיר נישט אָן, וואָרעם איך וועל עס נאָך, חלילה, איבערטראָגן". און ביי דער מומע לאהן פלעג איך הערן גאַנץ אָפט אַן אַנדער זאָג: „רבונו־של־עולם, זאָל מען נישט געפּרוּווט ווערן, צו וואָס מע קען געווינט ווערן"...

אי דער טאַטע, אי גדליה, אי פייגעלע, אי הירשקע, אי דער געלינקער — ווי פריש ס'איז דער ווייטיק! — און דאָס, וואָס די מאַמע איז שוין אויף געוויס אַוועק פון אונדז, קומט אויס, אַז דאָס אַלץ איז שוין אַן אָפּגערעדטער ענין... און חייקע גאָלדפאַרב איז שוין אַ היגע אויף אייביק. אויך אַנאַ פּיאַטיגאָרסקע איז אין זלאַטאָוּסט געבליבן אויף אייביק... אָבער די, ביי וועמען ס'רירט זיך נאָך אַן אבר, ווילן זיך מערסטנטייל רירן אין וועג אַריין. אַז איך וועל דערלעבן זיך אומקערן קיין קיִעוו, וועל איך נאָך וועלן פאָרן קיין סלאָוועשנע? אַ סך מאָל האָבן מיר געקלערט, אַז איך וועל פאָרן מיט דבורהן קיין טשאַלבאַס, און זי וועט פאָרן מיט מיר קיין סלאָוועשנע. נאָרביידע ערטער האָבן שוין פאַרלוירן דעם צויבער: דבורהלס מאַמע איז שוין לאַנג נישטאָ, מיינע עלטערן... מיינע גאָטזעליקע עלטערן האָבן פאַרשיידן צוגענומען דעם טויט. אָפט דוכט זיך מיר, אַז איך וואָלט זיך דאַרפן אויסבויען אַ דירה אין סלאָוועשנע און דאָרטן דערלעבן מיין ביסל יאָרן. פון די גרויסע שטעט אויסשרייבן אַ בלאַט, אַ זשורנאַל, אַ גוטן בוך צום לייענען. פון סלאָוועשנע שיקן אין די גרויסע שטעט אַריין מיינע אָנגעשריבענע ווערק. אַזאַ אַרט לעבן איז נישט אַזאַ גרויסער אויסנאַם. ליעוו ניקאָלאַיעוויטש האָט אָפּגעלעבט זיין לעבן און אויפגעצויגן קינדער, אויפגענומען געסט אין זיין פאַרשטעקטער יאַסנע פּאָליאַנע — ס'איז נישט מאָסקווע, ס'איז אַפילו נישט טולע, ס'איז אַ דאָרף, דערצו נאָך נישט קיין גרויס דאָרף. מיכאַיִל שאָלאָכאָוו קיניגט אין וועשינסקע. אויב אונדזער גורל איז נישט געגליכן צו זייערן, מאַכט אויך נישט אויס. איך מעג זיין זיכער, אַז נאָך מיין טויט וועט ערגעץ (און אפשר אין עטלעכע ערגעצן) זיין פאַרצייכנט, אַז דער יִדישער שריפטשטעלער האָט צום סוף פון זיין לעבן זיך באַזעצט צוריק אין זיין שטעטל דרייסיק קילאָמעטער פון אַ באַן. זיינע ווערק די און די זענען אָנגעשריבן אין סלאָוועשנע. דער פּוסטער קלאַנג פון לעבן איז אויך לעבן... דאָס, וואָס מע שרייבט וועגן אייזיקן, איז אויך אַ ביסל אייזיק. צי וועל איך ווירקלעך זיך באַזעצן אין סלאָוועשנע? דאָס איז דערווייל אַ חלום, און אפשר נישט מער פון אַ וואָלקנדל, וואָס שוועבט דורך...

איצטער דאַרף מען פאָרן קיין קיִעוו אָפּזוכן די פאַרלאָזענע נעסט. אין רויִקע נאָרמאַלע ציינטן איז גענוג קויפן אַ באַנבילעט און זיין אַ פּאָר טאָג אין וועג. איצט

איז עס אַ בנין, וואָס ס׳איז נישט אַזוי גרינג אויסצובויען. דאָך — רילסקי האָט שוין געבעטן און אין ראַדיאָ־קאָמיטעט זענען מיר שוין דאָ אין די צעטלען.

דו קוקסט אויף די וויזערס און אויפן ציפערבלאַט און פאַרשטייסט, ווו ס׳האַלט דער זייגער. דער מעכאַניזם, וואָס באַוועגט דעם גרויסן וויזער באַזונדער און דעם קלענערן וויזער אַנדערש — אין אים פאַרגעסטו, וועגן אים טוסטו אַ קלער, ווען דער זייגער ווערט קאַליע. דער מעכאַניזם פון אַוועקפאָרן אין ראַדיאָ־קאָמיטעט אַרבעט שוין פון לאַנג. די אָנפירער, די אַוטאָר, די אַרטיסטן, די דיקטערס, ווער ס׳האָט מיט זיך שווער און שוויגער, ווער אַן אַלטע מוטער, ווער ס׳האָט נאָר ברייוו פונעם מאַן, נאָך ווען ס׳שלעפּן זיך נאָך אונטערוואַקסנדיקע קינדער און אַליין וואָלט מען נאָך וועלן בויען פאַר זיך אַ לעבן — פאַר דעם דאָזיקן ביסל קלאַפּער־געצייג דאַרף מען באַזאָרגן וואַגאָנען, אַ באַן, אַ גראַפיק און אַ ביסל פּראָדוקטן אויפן וועג. סאַראַטאָוו וועט באַפרייט ווערן פון אַ ביסל עסערס, אָבער אויף איין חודש דאַרף מען ערגעץ אויסקאָמבינירן שפּייז פאַרן טערמין, דאָס הייסט, אויסערן פּלאַן אָדער אויסער דער ריי. איך האָב אַוועקגעטראָגן אַהיים (פאַר געלט אַפילו) פיר האַלבע ליטערס בראָנפן. איך האָב אויפן לעבן נישט גענומען קיין בראָנפן אין ווען אַריין, נאָר איצטער איז בראָנפן אין ענגע הענט — געלט. בראָנפן פירט, בראָנפן טראָגט, בראָנפן גיט אַ בעסערן פּלאַץ אין וואַגאָן. האָב איך שוין אַוועקגעטראָגן פון ראַדיאָ־קאָמיטעט פיר פלעשעלעך בראָנפן אַהיים. דאָס איז דער בעסטער סימן, אַז מיר זענען אין צעטל פון די, וואָס וועלן פאָרן מיטן עשאַלאָן.

נאָר דערווייל קאָכט זיך אויס נאָך אַ פּלאַן, אַ זייטיקער — זאַכן: אַ בעט, אַ קאַסטן, געפעס און אַפילו אַ פאָר טשעמאָדאַנעס וועלן פאָרן באַזונדער אין אַ פראַכטוואָגן, אפשר אין צוויי וואַגאָנעס. מיט אים וועלן פאָרן צוויי־דריי מענטשן אונדזערע. און ביילקע האָט זיך אַרויסגערופן, אַז זי איז גרייט פאָרן מיט די זאַכן. מעגלעך, אַז זי געדענקט נאָך גוט דעם מענטשן־טומל אַהער פאָרנדיק, און אַז ס׳מאַכט זיך אַזאַ געלעגנהייט פאָרן אַהיים אַנדערש, אַפילו אָן באַקוועמלעכקייטן — איז זי גערן.

דער האַרבסט איז געווען אַ וואַרעמער. דער פרילינג איז אַ פרי׳ער. יעדן פאַלס, צום טיפן שניי געמישט מיט וואַסער, דאַרף מען גאַנצע שיך. מיר האָבן געדונגען אַ לאַסטפורל און מיר האָבן אויך אויפגעלייגט אַ ביסל גוטס, וואָס דבורהל האָט נישט געוואָלט אָפּגעבן פון זיך: די ניימאַשין, די שרייבמאַשין, די נייע זיידענע קאָלדרע. איך וואָלט אויך געהאַט אַ ביסל פראַכט אַהער, האָב איך אָבער באַצייטנס נישט געוווּסט פון קיין לאַסטוואַגאָן און האָב מיינע אָנגעזאַמלטע ביכער אָפּגעטראָגן צו די בלאַנקמאַנס. די שוועסטער זייערע האָט מיר צוגעזאָגט פעסט, אַז זי וועט מיר אין פּעקלעך און אין באַנדעראָלן אין משך פון אַ פינעף־זעקס וואָכן איבערשיקן אַלץ דורך דער פּאָסט.

ענדלעך האָבן מיר איבערגעפּעקלט ביילקען מיט אַ ביסל זאַכן צום באַן אויף דער פּראַכט־סטאַנציע. דאָרט האָבן מיר לעבן די צוויי וואַגאָנעס געטראָפן באַקענטע פּנימער. יעדערער וויל פאַר זיינע זאַכן אַ גוטן פּלאַץ. יעדערער זאָגט אָן ביילקען מיט בקשות, מיט גוטע צוזאָגן, אַז אין זיינע זאַכן ליגט אַ טייל פון זיין לעבן. און ביילקען האָבן מיר איבערגעלאָזן ווי אין אַ פּרייוויליקער טורמע, ווייל דער פּראַכטצוג וועט נאָך היינט נישט אַוועקגיין. וואַגאָנען וועלן זיך אומשלעפּן איבער די רעזערוו־קאַליעס צוויי נעכט מיט אַ טאָג ביז דער צוג וועט זיך צונויפקאָמ־פּלעטירן און מע וועט מירצעשעם פאָרן. און אונדזערע ביידע וואַגאָנעס, דווקא קיין קיִעוו, זענען אויך אינעם צוזאַמענפּלעכט. און ביילקע איז גליקלעך. ס'איז איר אי סטראַשנע, אי נישט סטראַשנע.

ווער וועט זיין פריִער אין קיִעוו? מיר צי זי?

מיר האָבן איר מיטגעגעבן אַ ביסל עסנוואַרג, אַ קלייניקייט געלט, אַ כּלי אויף וואַסער, אַ פּאָר כּלים אויף האַלטן געקעכץ, אויב מע וועט עס אין וועג קענען אויספּירן.

אויף צוריקוועגס פון דער סטאַנציע האָבן מיר נישט געוווּסט, צי מיר האָבן פון זיך אָפּגעריסן אַן אבר, צי מיר האָבן געלאָזן פאָרויס אונדזערע פאָדערשטע רייען, דעם אַוואַנגאַרד...

מיר זענען געגאַנגען אַהיים פריילעכע, אייניקע האָבן דאָך געטענהט, אַז די זאַכן זענען אַ גרויסער טייל פון זייער לעבן. מיר ווילן מיינען אַ ביסעלע אַנדערש. יאָ זאַכן, נישט זאַכן, נאָר ווען מיר האָבן מיט נסים זיך געקליבן צו אַנאַסטאַסיע איל־אַריאָנאָווונע ליפּאַטאָוואַ אינעם קליינעם צימערל אַריין, האָבן מיר זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז זי וועט אַ מאָל פון אונדז פּטור ווערן. און מיר האָבן זיך פון דער ערשטער רגע געפילט אַנטקעגן איר שולדיק. מיר נאַרן זי אָפּ... איצט — צו גאָט אַ האָפענונג — די ביכער זענען שוין ביי די בלאַנקמאַנס, אַ פּאָר טשעמאָדאַנעס מיט זעקלעך זענען שוין ערגעץ אין אַ גוטן פּראַכטוואַגאָן. ער איז גוט מיט דעם, וואָס ער איז אויף אַ צייט אונדזערער און אונדזער טאָכטער איז דאָרט אַ „באַטשאַל־ניק״. טאָכטער מיינע, געזונט זאָלסטו אונדז זיין, אויף דיינע יונגע אַקסלען שלעפּסטו שווערע משׂאות און מע הערט נישט, אַז דו זאָלסט זיך באַקלאָגן. איצטער קוקט שוין אויף אונדז נאַסטיע מיט אַ היימישן בליק. זי זאָגט, אַז זי האָט זיך שוין צוגעוווינט, און די משפּחה אירע איז פאַרקלענערט געוואָרן, זי נויטיקט זיך גאָרנישט אינעם צימערל... דאָס האַלץ זאָלן מיר איר פאַרקויפן. מיר, די „רייכע״ קיפּניס־משפּחה וועלן איר דאָס האַלץ נישט פאַרקויפן. מיר'ן עס איר איבערלאָזן אַזוי. דאָס רעדט זיך ביי אונדז אַרויס גרינגער פון גרינג.

די גלאַזמאַנס האָבן ביי אונדז יאָ אָפּגעקויפט אַ ביסל כּלים (וועלכע מיר נעמען נישט קיין קיִעוו). קיין געלט האָבן זיי נישט, וועלן זיי צושיקן, אַזאַ חוב מעג מען

פאַרשרייבן אין קוימען, ס׳וועט פון דעם גאָרנישט זיין. נאָר וועמען אַרט עס? זיי האָבן פאַרשריבן אונדזער אַדרעס. די מאַרינאָווס רעדן אויך מיט אונדז גוט. ביי אונדז האָט זיך אָפּגעזוכט עפּעס פאָר זייערט וועגן.

מיר זענען מיוחסים ביי גאָט, געראָטענע קינדער.

לייבעלע גרייט זיך שוין אויך אין וועג אַריין. ער האָט אַ פּאָר חברים אין שול. זיי רעדן צווישן זיך אָפּ שטיל, אַז אין די זומער־קאַניקולן וועט מען איינס צום צווייטן פאָרן. אמת, לייבעלע האָט עלטערן, זאָלן אים זיין געזונט, און יענע האָבן נאָר מאַמעס...

## זייט געזונט, טייערע

ס׳ווילט זיך אַלע מיינע ווילטועריס זאָגן אַ האַרציקן „זייט געזונט״!

באָטייסק: די דידענקאָס; פּיסאַרעווסקי, זאַקליאָפּענקאָ — אין לאַבינסקאַיאַ; ניקיפאָראָוואַ, אָסטראָווידאָוואַ, באַזשאַן, בורשטיין, דער פּראָפעסאָר, דאָלגושין, נאַסטיאַ, ווינאָגראַדאָוו — אין סאַראַטאָוו; רילסקי — פון דער נאָענט און פון דער ווייט... ווען נישט זיי, וואָלט דאָס לעבן פון דער אָרעמער שיף (דבורה,ביילקע, לייבעלע, איך) געגאַנגען צו גרונט. יעדערער פון די דערמאָנטע, ווער מיט אַ וואָרט, ווער מיט אַ שמאָל פּאַסיקל דאַך איבערן קאָפּ, האָט אונדז דערהאַלטן ביים לעבן. איך וואָלט זיי וועלן זען, האָבן דאָס גליק זיי צו זען אויף מיין ווייטערדיקן לעבנס־שליאַך. נישט איינעסן זיך זיי נישט מיט מיינע דאַנקען, נישט מיט מיין פאַרערונג. פּשוט איך זאָל האָבן דאָס פאַרגעניגן זיי זען אַפילו פאַרבייגייענדיק, זיי זאָלן מיט אַ פילנדיקן שמייכל באַמערקן מיין בליק. איך בענק נאָך יעדן פון זיי. נישט נאָר איך דאַרף אַזעלכע מענטשן, נאָר אויף אַזעלכע, ווי זיי, און נאָר אויף די און ענלעכע, ווי זיי, האַלט זיך די וועלט.

דאָלגושין האָט מיר געגעבן אַ פּאַפּירל אין אַ קרעמל, וואָס שטייט ערגעץ ווייט אַראָפּ אַ באַרג אין אַ רויטן מויערל מיט גראָבן בלעך באַשלאָגן די טירן פון אויסנווייניק. (פון וואַנען ווייס איך, אַז זיי זענען באַשלאָגן מיט גראָבן בלעך? ווייל ווען איך בין געקומען אַהין, האָב איך זיי געטראָפן צוגעשלאָסן אויף דער מיטאָג־שעה). איך האָב געמיינט, אַז ס׳איז אַ ביטער האַרטנעקיק קלייטל, וואָס האָט מיר פון דער ערשטער באַגעגעניש באַוויזן אַזאַ שוואַרצע אייזערנע קויטיקייט — האַרט, קאַלט און שאַרסטקע־קויטיק. נאָר אַז איך האָב זיך דערוואַרט אויף די מענטשן (אַ מאַן מיט אַ פרוי), אויף דעם פאַרשטיקטן ריח פון אינווייניק, האָב איך געענדערט מיין מיינונג. אייגנטלעך, האָבן צו מיר די מענטשן אַפילו קיין האַלבן שמייכל נישט געטאָן. נאָר מיינע שפּייזקאַרטלעך זענען געווען גילטיק. מע האָט מיר געגעבן אין די כּלים און אין די טאָרבעלעך אַלערליי עסנוואַרגן, וואָס אַפילו

געלט אין טאַש האָט מיר קוים געקלעקט, וואָס אַפילו פאַרטראַגן איז מיר געווען נישט גרינג. (חידושן זיך איז נישטאָ וואָס. ווען איך בין אַן אַרטיקער, וואָלט איך אפשר אויך באַקומען דאָס זעלבע, אָדער ענלעכס, נאָר פאַר צען־צוועלף מאָל, נישט פאַר קיין מאָל)... זע, ווי דאַלגושין קען געדענקען קלייניקייטן, כאָטש ער טראָגט אויף זיך אַ גרויסע טייל שטאָט. ער איז דאָך אַ סעקרעטאַר פון שטאָטראָט.

איצט וועט מען דאַרפן זיך זעגענען מיט די מאַרינאָווס, זאָגן אַ וואָרט לייבעלעס חברים. איך וואָלט נאָך וועלן זען מרדכי דובינען פאַרן פאָרן. אַזעלכע באַשיינטע מענטשן, אַפילו אין זייערע שוועריקייטן, זענען נישט קיין אָפּטע דערשיינונג.

## די פּיס כליופּען אין דער קאַלטער נעץ, נאָר די זון איז צעשמייכלט

דבורה האָט אויך אַן אַרבעט: זיך זעגענען מיט אירע דאָקטוירים, זיך זעגענען מיטן מאַרק, מיטן אַלטן דרויאַן, מיט סאַניען. ס׳וואָלט אונדז געמעגט זיין ווארעמער לעבן אַזעלכע שכנים, נאָר זיי זענען נישט דער סאָרט מענטשן. מילא, אַ דאַנק גאָט, וואָס נישט ערגער. מיר האָבן נישט געזען פון זיי קיין גוטסקייט. נאָר שלעכט זענען זיי צו אונדז אויך נישט געווען. אַז מיר׳ן זיך דערלאַנגען קיין קיִעוו, אַז די טירן פון אונדזער דירה וועלן זיך פאַר אונדז עפענען און מיר׳ן דערפילן אונדזער אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ, אַ באַקענטן דיל אונטער די פיס, וועל איך צונויפשטעלן מיין שרייבגעצייג און צו איטלעכן שרייבן.

נאַסטיע וועט אונדז אין אירע בריוו דערציילן, וואָס ס׳טוען די דרויאַנס — דאָס זעלבע שמאָל הייפעלע, אַ טיר לעבן אַ טיר, אַ שטאָל לעבן אַ שטאָל און אַ יום־טוב לעבן אַ יום־טוב. אַפילו די יודינס זענען שוין נישט אַזעלכע שלעכטע, נאָר מיר זאָלן זיך פאַרשפּאָרן מיט זיי זעגענען. זיי וועלן אפשר זיין אויף דער אַרבעט...

און ביילקע, וואָס האָט זיך פרייוויליק פאַרשפּאַרט אינעם פראַכטוואָגן, ווו איז זי איצט? זיי זענען שוין ווייט...

אַז מיר זענען געקומען ביי האַלב נאַכט קיין סאַראַטאָוו, האָבן מיר מיט ביילקען דורך אַ נס געקויפט אַ פּאָר זעמל לעבן אַ פאַרשפּאַרט קלייטל, ווו מע האָט אויס־געלאָדן ברויט. אין דער דעצעמבער־נאַכט, אין דער ווייסער, שנייִיקער, האָט זיך דאַן פּלוצעם געמאַכט אַן אַדליהעו. איצט פאָרן מיר אַרויס ביי טאָג, אין מאַרט, 1944. (מעגלעך, אַז ביי די מאַרינאָווס וועט מען אויך הײנטיקס יאָר באַקן מצות)... לייבעלע, ווו ביסטו? ביסט שוין אָנגעטאָן? אַ זון אין דרויסן, שניי געמישט מיט וואַסער, די פּיס כליופּען אין דער נעץ. אין אונדזער אָרעמקייט איז אַ ביסל סטראַשנע, נאָר אויפן האַרצן איז אַזוי ווי אויף דרויסן.

נאַסטיע האָט זיך צעקושט מיט דבורהן. זיי האָבן ביידע געוויינט. ביי נאַסטיען

איז איין זון אַ פאַרווונדעטער, איין זון איז שוין נישטאָ (דער ייִנגסטער, דער מעזיניק) און דער מאַן איז, דוכט זיך, אויך נישטאָ. און דאָס פערד האָבן זיי שוין לאַנג פאַר־קויפט. איצט איז זי נאָך די רוסישע פשוטע פרוי נאַסטיע. זי האָט פּעק מיט פריינד אין דאָרף (פון וואַנען זיי זענען אַהער אַרויסגעפאָרן). זי האָט נאָך אירע צוויי צימערן (דער דריטער וועט שוין פאַרבלייבן ביי די יודינס). נאָר ס'שוין נישט די נאַסטיע, וואָס מיר האָבן געטראָפן. איך וואָלט זי אויך אַ קוש געטאָן. מיר האָבן זיך געגעבן די הענט און זיך צוגעווונטשן. מיר זענען אַפילו אַרויס פון דער טיר, וואָס גייט אַרויס אויף טשאַפּייעווער, מיט לייבעלען און מיט די פּעקלעך. קוק זיך אום וויפל דוווילסט! ווער ווייסט צי דו וועסט נאָך אַ מאָל אַהער קומען.

אַפילו די בהמה, נישט נאָר דער מענטש, האָבן אַ נאַטור פון צוגעווינען זיך צו אַ באַשטימטן ווינקל. מיר האָבן זיך שוין אויך צוגעווינט...

אָט אין דער־אָ טורמע דאָ איז געזעסן, אַ צייט, מרדכי דובין. און אַ מאָל טשערנישעווסקי (אין טשערנישעווסקיס מוזיי בין איך אַ פּאָר מאָל געווען)... אָט איז שוין די וואָקזאַל־גאַס. אַהין אַריבער איז דאָס ייִדישע הייליק אָרט. מיר זעגענען זיך פון דער ווייטן. און נאָר דער רויטער וואָקזאַל, כאָטש ער איז מיט אונדז קיין מאָל פריינד נישט געווען, נעמט אונדז צו פון דער פראָנטזייט, לאָזט אונדז אַרויס פון דער דרויסנדיקער טיר... אַזוי צי אַזוי — מיר זעגענען זיך...

אונדזער ווינציק באַקענטן באַן האָבן מיר אָפּגעזוכט. אַלע זענען אי אויפגע־ריכט, אי עלנט. די פאַריתומטקייט האָט זיך אין איטלעכן טיף איינגעקאָרעניעט.

די קִיעווער מענטשן, וואָס מיר פאָרן מיט זיי, האַלטן זיך וויל. איינע בלויז — די שרייבערין, די „כאַפּוהע", איז פאַרהאַוועט. זי זעט אונדז נישט. פאַר וועמען נאָך וויל זי דעם גאַנצן באַן פאַרכאַפּן? — אַן אַלטע מוטער, צוויי טעכטערלעך און אַ ביסל געפּעק, נאָר מיינען מיינט זי, אַז זי דאַרף אויסכאַפּן, אויב נישט אַלץ, איז כאָטש דאָס בעסטע, דאָס באַקוועמסטע. זי כאַפּט, זי שמייעט מיט ווילדע אויגן. זי האַוועט, זי שיט, זי רוט נישט קיין רגע. די אויגן זענען נאָך אַלץ, ווי צעמישט: „מאַמע, אַהער! מאַמע, די זאַכן! זאָיע, גיכער! וואַליע, גיכער!"...

מאַנצבילן זענען מיט אונדז אויך פאַראַן. אָבער פרויען, קינדער און זאַכן זענען איבעראַל. מיר זענען די לעצטע, די ווינציק באַמערקטע, די קיינעם נישט־נייטיקע און... זיך איינשטעלן פאַר זיך אַליין איז אויך נישט מע קען און נישט מע דאַרף. סיי ווי, כאָטש מיר גלייבן זיך אַליין נישט, נאָר אונדזערע הינטנס זיצן שוין אויף אַ גוטער האַרטער באַנק, נישט ערגער פון אַ סך אַנדערע בענק, קיין קאַפּ נישט צעבראָכענער, נישט צעקרימטער. די פּאָליצע איבערן קאָפּ וועט אויך זיין אונדזערע. דאָרט ליגן שוין אונדזערע זאַכן. די ניימאַשין איז דאָ. די שרייבמאַשין איז דאָ. די נייע קאָלדרע איז איינגענייט אין אַ לאַנגן זאַק פון אַן אַמאָליקן שטרוימאַטראַץ מיט וועלכן מיר זענען געפאָרן פון וולאַדימיראָווקע. דאָרט זענען נאָך דאָ אַנטאָן־

זאַכן. דער דאָזיקער לאַנגער זאַק וועט אונדז אויך דאָ נוצן צום שלאָפן. צי דען וועט ער מיט אונדז דערפאָרן ביז דער היים ?...

אונדזער שכנהלע, וואָס אַנטקעגן, אַן אַרטיסטין פון ראַדיאָ־קאָמיטעט, ווייסט נישט, צי דאַרף זי פאַר אונדז מורא האָבן, פונקט ווי מיר ווייסן נישט, צי דאַרפן מיר פאַר איר מורא האָבן. לאָזט זיך אויס, אַז אי זי, אי מיר, פאַרשפּאָרן מורא האָבן איינס פאַרן צווייטן. זי פאָרט מיט אַ יִינגל פון אַ יאָר פופצן. זי איז יונג און שיין, נאָר קיין מאַן איז נישטאָ. מאַטעריעל איז מען, ווייזט אויס, אויך גענוג געענגט. איז מען ביי זיך צוגעשטילט...

נאַרעלע ליבס, ביסט אַליין גאָר קיין מבין נישט, ווי גאָט האָט דיר געגעבן אַ סך! זע, ווי דער זאָק איז ביי דיר שיין אָנגעצויגן אויפן פוס! זע, סאַראַ יונגע קני, הענט און פיס, קיין עין־הרע זאָל זיי נישט זיין — אַ רייכקייט!... זי איז נישט קיין גרויסע, שוין נישט אַזוי יונג, אָבער אברים שלאַנק און געטאָקט, אַ פרייד צו קוקן. זי איז פאַרטאָן מיטן יאַטל. אויפציִען אַ בחורל אין אַזאַ עלטער דאַרף מען ווירקלעך זיין ביי זיך אַ ביסל שטאַרקער. שכנהלע ליבינקס, פאַר אונדז ביסטו אַ געווינס, און אַ זכותביים מזל איז נאָך אויך פון דיינעט וועגן ערגעץ פאַרגרייט.

## דערוויילִיקע שכנים

אויך איצט גייען נאָך די באַנען פּאַמעלעכן און צעקראָכן. נאָר סיי ווי ווערן מיר מיט יעדן קילאָמעטער נעענטער צו דער היים. זאָל עס אָפּנעמען טעג. זאָל עס אַפילו אָפּנעמען מער פון אַ וואָך.

די ערשטע נאָכט זענען מיר שוין איבערגעשלאָפן אין אַן... אייגענעם וואַגאָן. דער וואַגאָן איז, ווייזט אויס, גענוג גרויס. נאָר מיר האָבן נאָך וועגן אים נישט קיין אַנונג. ווייטער פון אונדזער דלד־אמות האָבן מיר זיך נאָך נישט אומגעקוקט. מיר זענען זיכער, ביי אונדז איז פעסט געפּועלט, אַז יעדער איינער מוז זיין מער מיוחס פון אונדז. און אויב דאָס ווייבעלע, די שכנה, אָט דאָס אַרטיסטקעלע מיט די געטאָקטע אברים, איז אויך ביי זיך געפאַלן, נעמט זיך עס זיכער פון דעם, וואָס עמעצן איז געווען ניחא זי זאָל זיין ביים לעבן אַ שטיפקינד.

נעם זיך נישט צום האַרצן, קליינינקע! כאַפּט עס דער רוח! אויף שריט און טריט זענען דאָ מזלות פיל ערגערע פון דיינעם...

דאָס איז אמת, כאָטש ביי מיר אין די אויגן זענען דבורהל מיט לייבעלען גאַנצע לייט: זיי האָבן אַ טאַטן! שוין גראַדע אויך מיר אַ טאַטע, נאָר אַזוי ווי קיינער שלעפּט דיך נישט פאַר דער צונג, טאָ שוויג דערוויל און זאָג נישט אויס פאַר קיינעם.

אין אונדזער קופּע זענען מיר אין דרייען און זיי — אין צווייען. מיר, די „גבי־

רים״, אַז מיר בייסן איבער, גיבן מיר איר אויך צו פאַרזוכן פון דעם, וואָס מיר האָבן באַוויזן מיטצונעמען אויפן וועג (און זי — נישט). און ס׳איז ביי אונדז שלום. ס׳איז גוט. מיר פאָרן אַהיים. אין אונדזער וואַגאָן פאָרט נאָך איינע זייערע אַן אַרטיסטין, וואָס איז ווייט נישט קיין צוציִענדע פרוי. געזעלשאַפטלעך — ווער ווייסט זי, נאָר זי פירט אַ מלוכה. איין „קאַפּיטאַל״ האָט זי יאָ די דאָזיקע „אַרטיסטין״ — אַ מיידל פונעם ערשטן מאַן, אַ יאָר אַכצן, שיין, ווי גאָלד, יונג, שלאַנק, איידל און איז טאַקע מלא טעם. אַז זי גייט דורך פאַרביי, באַשיינט זי אונדז דאָס לעבן. צוויי־דריי טעג וועלן מיר זי האָבן נישט ווייט פאַר אַ שכנה, די דריטע אָדער די פערטע קופּע פון אונדז.

די כאַפּוהע מיט דער מוטער און מיט ביידע מיידלעך זענען, ווייזט אויס, אויך אינעם זעלבן וואַגאָן. מיר ווינען מיט איר אין קיִעוו אין איין הויף. אויב זי גייט דורך און וואַרפט אונדז צו אַ צענטל קוק און טוט אַ פרעג מיט אַ האַלבן מויל „זייט איר שוין איינגעאָרדנט?״ און וואָרט אַפילו נישט הערן, וואָס מיר וועלן איר ענטפערן, זענען מיר איר אויך דאַנקבאַר, ווייל מיט איר היימישקייט וואָלט זי אונדז קיין נחת נישט פאַרשאַפן. אַ מאַרעפאַ, אַ צורה מיט אַ פּנים!... די, וואָס טרעפן זיך מיט איר, האָבן זי, ווייזט אויס, „שטאַרק״ ליב, נאָך מער, ווי זי איז עס ווערט.

איז אָבער פאַראַן אין אונדזער וואַגאָן אַ בחור פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק. דער איז שוין ווערט מע זאָל זיך צו אים צוקוקן: דאָס פאַרריסן נעזל איז רויטלעך און גיט נישט צו קיין חן דעם געזיכט זיינעם. די אויגן זענען וואַסערדיק. אָנגעטאָן איז ער זייער וואַכעדיק, נאָר אַלע אַרומיקע ווייסן, אַז דער דאָזיקער יונגערמאַן איז אָנגעלאָדן מיט וויסן, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער. אויך אין דעם איז ער זייער אָרנטלעך: ער האָט דאָרט אין ראַדיאָ־קאָמיטעט געשלעפּט אויף זיך אַלץ ביי טאָג און ביי נאַכט און עמעצער האָט אויסגעכאַפּט די גרויסע האָנאָראַרן. ס׳איז אַן אמתער למד־וואָוניק. ווען ער זאָל עס וויסן, וואָלט ער דאָך אויך נישט געמאַכט פון דעם קיין ווען.

ער האָט נישט קיין פאַמיליע. ער האָט ערגעץ אַ שוועסטער. טרינקען טרינקט ער נישט. אפשר ברענגט ער זיך אויס אויף אַ בוך, אָדער ער שיקט אָפּ דער מוטער, און אַליין, ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט, איז ער אַן אַ קאָפּיקע געלט. איך שפּאַציר מיט אים אַ מאָל איבער דער פּלאַטפאָרמע לענג־אויס אונדזער באַן, ווען מיר שטייען ערגעץ, אַ האַלבע שעה, צי אַ שעה. זאָגט ער טאַקע, אַז ער איז מער נישט, ווי אַ לעבעדיקער מענטש און אַ מאָל, ווען ער פאָרט ערגעץ און האָט מיט זיך נישט קיין שפּייז, דעקט ער זיך איבער מיט זיין מאַנטל אויף דעם אויבערשטן באַנק און פאַרפאָרט אַזוי (אַ הונגעריקער) ביזן אָנגעמערקטן פונקט.

— איצט, — האָב איך אים געזאָגט, — וועט פון אייער אויסגעפּרוּווט מיטל,

ווייזט אויס, גאָר נישט זיך באַקומען. באָרגט ביי אונדז אַ הונדערטער. איר וועט קומען אַהיים, וועט איר ביים ערשטן געהאַלט זיך אויסצאָלן.

ער האָט געשמייכלט און געזאָגט, אַז מיין פאָרשלאָג איז אים געפעלן. ער וועט נאָך אַ קלער טאָן. מעגלעך, אַז ער וועט אים אָננעמען.

ווען מיר זענען געפאָרן פון לאַבינסקאַיאַ האָבן מיר געהאַט פאַנינען, דעם אַלטן קינסטלער, נאָר יענער איז געווען נאָכגיביקער — אַבי מע האָט אים צוגענומען אין שותפות ביים אָפּקאָכן אַ ביסל הייס געקעכץ. ביי דעם דאָזיקן בחור גייט עס צו שווערלעכער.

אויף איינעם פון אונדזערע שפּאַצירן, ערגעץ נישט ווייט פון כאַרקאָוו, האָט ער מיר דערציילט אַ שיינע זאַך: ער איז נישט נאָר קיין געלערנטער. פון מאָל צו מאָל זינדיקט ער אויך מיט דיכטונג. זיינע שאַפונגען דרוקט ער אַ מאָל אונטער אין פּסעוודאָנים, אַ מאָל — אַ צווייטן. אין פראַנקרייך איז דערשינען אַ קליינע אַנטאָלאָגיע — אין גאַנצן 13 היגע נעמען — זענען צוויי פון די 13 געווען זיינע פּסעוודאָנימען, ד. ה., אַז אים אָדער זיינע שאַפונגען האָבן זיך אָנגענומען צוויי פּלעצער. און ער שמייכלט (אַן אויסגעשלאָפענער, נאָר אַ הונגעריקער, פאַרשטייט זיך).

ענדלעך, איז ער איינגעגאַנגען נעמען ביי אונדז דעם גמילות־חסד. איינקויפן אויף די סטאַנציעס פלעגן מיר צוזאַמען. און שמועסן פלעגן מיר אויך אָפט. אפשר וועל איך אין קיִעוו טרעפן אַ מענטשן, וואָס קען אים נעענטער, זאָל ער מיר זאָגן, וואָס איז עס פאַר אַ פּרי. רילסקי געהער צו די בעסערע מענטשן, אַפילו אין וועלט־מאַסשטאַב. מיכאָעלס איז ריזיק גרויס, ווי אַ מענטש, כאָטש ער איז אויך נאָר מיט צוויי הענט און מיט צוויי פיס. אמת, איך האָב איין מאָל געהערט פון אים אַליין, ווי ער זאָגט:

* „Если бы не печальная обязанность садиться обедать каждый день“.

וואָלט ער זיך גערן פאַרהאַלטן לענגער. (מע האָט אים געווען איינגעלאַדן, ביי זייערע גאַסטראָלן אין קיִעוו, אויסצוהערן דעם ייִדישן מוזיקאַלישן אַנסאַמבל. איז ער דאָרט געווען, זיך נישט שלעכט אָפּגערופן, נאָר מע האָט געדאַרפט איילן מיטאָג עסן און זיך גרייטן צום ספּעקטאַקל)... מיר איז עס זייער געפעלן געוואָרן, ווי פיל אַרויסזאָגונגען זיינע, וואָס זענען צו מיר דערגאַנגען. דער דאָזיקער בחור, דער מיטרייזנדער אונדזערער, מעג מען קאַווירן, איז אויך אויסער דעם געווינלעך מענטשלעכן גדר. נאָר וווּ זשע איז דאָס ביסל זאַלץ? וווּ איז דאָס ביסל שמאַלץ? וווּ איז פעפער? וווּ איז היווּן?... נעמען מיכאָעלסן, רילסקין, דאָווזשענקען, דעם נסתּר, בעלעצקין און אַפילו מאַיאַקאָווסקין, איז דאָך דאָ אויף וועמען אַ קוק צו טאָן!...

---

* ווען נישט די טרויעריקע פליכט עסן וואַרמעס יעדן טאָג.

אויף די סטאַנציעס און אפילו אין וועג, דורך די וואַגאָן־פענצטער, זעט מען אַ סך לעכער אין דער צעגראָבענער ערד, אַ סך חרובע, פאַרברענטע, צעריסענע דערפער. גאַנצע בערג מיט צעבויגענע, צעבראָכענע מאַשינעס וואַלגערן זיך אָנגע־הויפנט ווו דו טוסט נאָר אַ קוק. הייגט וויפל ביינער מענטשישע, וויפל קברים פאַרזייטע, באַגלייטן דעם דאָזיקן פייזאַזש ?...

## אומגערנדיקער אַפּרו

עמעצער פאַרלאַנגט, עמעצן געפעלט, מיר זאָלן אָפּרוען אין כאַרקאָוו אַ צוויי־דריי טעג. מע וועט אונדז געבן אַ צוזאַמענוווינונג (מיט בעטלעך, אָן בעטלעך), מיר׳ן אָפּרוען און דערנאָך פאָרן קיין קיִעוו.

דבורהל זאָגט מיר שטיל, אַז ס׳וואָלט געווען ליבער פאָרן גלייך. איך שעפּטשע איר אויך דאָס זעלבע. נאָר מיר זאָגן עס נישט אין דער הויך. נישט ביי אונדז וועט מען פרעגן. דערוויַיל דאַרפן מיר דאַנקען די השגחה פאַר דעם אומגעריכטן גרויסן נחת. וואָס מיר, מיר פאָרן אויך אַהיים... שטיין אין כאַרקאָוו עטלעכע טעג? נו, איז וואָס? פון כאַרקאָוו מעג מען שוין אַפילו מיט פאַרגעניגן גיין אַהיים צו פוס.

מיט לאַסטמאַשינען זענען מיר געפאָרן צו אונדזער צוזאַמענוווינונג. דאָרט איז אויסגעקילט, נאָר נישט קאַלט. „כאַפּוהאַ״ איז אויך דאָ טומלדיק און פאַרהאַוועט, ווי אומעטום. אָבער זי און איריקע זענען, דוכט זיך, שוין וויל איינגעאָרדנט. איז צו גאָט אַ האָפענונג, אַז דאָס איבעריקע וועט שוין צוגיין רויִקער. און ווירקלעך — וועמען אָן אייזערן האַרט בעטל, וועמען אַ שטיקל פרייער דיל. מיר׳ן נערן זיך אין גאַרקיך, אַ פערטל שעה גאַנג פון צוזאַמענוווינונג.

מיר גייען דורך אַ פּאַרק. דאָרט שטייט שעווטשענקאָס אַ רייכער דענקמאָל. אי אַהין, אי צוריק וועגס שטעלן מיר זיך אָפּ לעבן דעם דענקמאָל. מיר גייען אים אַרום און אַרום. אין גוטע צייטן פאָרן מענטשן פון כאַרקאָוו ערגעץ אויף אַ קוראָרט. מיר זענען איצט אין דער גרויסער, אויף דריי פערטל חרובער שטאָט, קוראָרטניקעס דאָ. מיר האָבן צייט. מיר האָבן צוויי מאָל אין טאָג וואַרעם געקעכץ. מיר זענען אין באַפרייטן כאַרקאָוו (די הויפּטשטאָט פון אוקראַיִנע זייט היפּשע, היפּשע יאָרן). אַז מיר קוקן אויף די צעבראָכענע הייזער און צעמזיקטע גאַסן, קען מען זאָגן, אַז אויף יעדער גאַנץ געבליבענעם הויז זענען דאָ צוויי צעבראָכענע. אויף יעדער כמעט גאַנצער גאַס זענען דאָ צוויי חרובע. נאָר די חורבות זענען אונדז אויך טייער. ס׳איז שוין אונדזערס.

חנה לעווין איז שוין אין כאַרקאָוו. זי און זאַבילאַ זענען געקומען געוויר ווערן צו איינער אַ קינדער־שרייבערין פון אונדזער קאָלעקטיוו, וואָס איך וואָלט אים אָנגערופן „רייזנדער אינדזל״. איז דערוויַיל אויך אונדז איבערגעפאַלן אַ וואָרט,

אַ העפּלעכער, כּמעט גערנדיקער שמייכל. אָבער אין אָונט פאָרן מיר שוין. ס׳זענען שוין דאָ פאַר אַלעמען באַנבילעטן. נאָר פאַרכאַפּן פּלעצער אין וואַגאָן וועט זיין נישט פון די גרינגע זאַכן. דאָס איז שוין נישט קיין ספּעציעלער עשאַלאָן. דאָס איז אַן אַלגעמיינער צוג אין נישט קיין אַלגעמיין געוויינלעכער צייט. דער עולם לייגט צונויף און פּאַקט צונויף די געלעגערס. מיר׳ן אין אָונט פאָרן. ס׳איז שוין אָוונט. מיר זענען שוין מיט אונדזער ביסל אָרעמקייט אויך אויפן וואָקזאַל. ער איז גרעסער, אָדער אַנדערש, ווי דער קיִעווער. מיר גייען מיט אונטערוועגן, מיר גייען מיט אויבערוועגן צו אונדזער באַן. מיר גייען צווישן פרישע נייע רעשטאָוואַניעס.

ניין, ס׳איז נישט גרינג! מיר האָבן געדונגען אַ טרעגער ער זאָל אונדז צוטראָגן דעם לאַנגן זאַק. ס׳איז אַ געלעגער־זאַק, ס׳איז נאָך אַ לאַבינסקער זאַק. דאָרט ליגט אין דער גאַנצער לענג דבורהס האַרבסטמאַנטל, די נייע זיידענע קאָלדרע „אַליין״ (דער שפּיגל פון אונדזער האָב־און־גוטס) און אַ טעפּיכל, וואָס ביי דבורהן איז עס נאָך אַן אָנדענק פון טשאַלבאָס, נו, און נאָך עפּעס פון בעטגעוואַנט.

לעבן אונדזער וואַגאָן איז אַ שטופּעניש, אַ שפּאַרעניש, ערד־ציטערניש! אָט האָבן מיר בילעטן, אָט זענען אונדזערע בילעטן, אויך אַנדערע נייטיקע פּאַפּירן. די, וואָס האָבן נישט קיין בילעטן, זענען זשוואָווער, זיי פאַרלאָזן זיך אויף זייערע שטאַרקע עלנבויגנס. מיר׳ן שוין, דוכט זיך, נישט פאָרן! מיר׳ן שוין מוזן פאַר־בלייבן! ווו וועלן מיר זיך אַהין טאָן אויף ביי נאַכט? נאָר, ניין, קיין דריי מינוטן זענען נישט אָוועק, ווי מע האָט אונדז... די כוואַליע האָט אונדז אַריינגעשליידערט אין וואַגאָן אַריין. לייבעלע איז דאָ? ער איז דאָ! דבורהל איז דאָ? זי איז דאָ! די ניימאַשין, די שרייבמאַשין, דאָס פּעקעלע עסנוואַרג (אָדער פון עסנוואַרג)... און מיר זיצן שוין צונויפגעשטופּט. נאָר וואָס איז נאָך נישטאָ?... אַהאַ! דער לאַנגער זאַק איז נישטאָ!... דער טרעגער איז נישט געווען קיין לייטישער! ער איז אָוועק מיטן זאַק. אים איז נישט אָנגעגאַנגען דער וואַגאָן, וווהין מיר שטופּן זיך. ס׳איז אים אָנגעגאַנגען פאַרגיין מיטן זאַק ערגעץ ווייטער און נאָך ווייטער...

זייער, זייער נישט קיין לייטישער מענטש! אויב ער האָט אַ פּעיִקייט זיך „פּאָזשיווען״ לעבן עמעצן, האָט ער געדאַרפט אָפּזוכן אַ פאַרמעגלעכערע קאָמ־פּאַניע... ווען ער האָט גאָט אין האַרצן, וואָלט ער אונדז נישט געדאַרפט פאַרטשע־פּען. און איצט, ערשט איצט, ווען מיר זענען שוין אויף אַן אָרט, האָט דבורהל צייט געדענקען אינעם לאַנגן מאַטראַצן־זאַק. און זי וויינט... נישט אויף אַ קול, חלילה, נאָר ס׳גיסן זיך אַזעלכע גרויסע הייסע טרערן פון די אויגן, אַז איך וואָלט איר איצט פאַר אַלעמען אויסגעקושט יעדער טרערעלע.

אפשר שטייט ער נאָך לעם וואַגאָן? אפשר קען ער אונדז נישט געפינען? ניין, נישטאָ אים נישט לעם אונדזער וואַגאָן, נישט לעם אַנדערע וואַגאָנען. ער איז אַ גנב. די, וועמען ער וועט אָפּשטעקן די גנבישע זאַכן, זענען אויך נישט פיל

בעסער. ער טרינקט בראָנפֿן פֿונעם פֿלאַש, עסט וווּרשט פֿונעם שטיק, ווישט מיטן אַרבל דעם שטערן און איז פֿריילעך נישט אויף לאַנג: מאָרגן וועט ער ווייטער דאַרפֿן זוכן איינשטעלערישע פֿאַרדינסטלעך.

— דבורהל טייערע, נישט וויין! לייבעלע איז לעבן אונדז. ביילקע פֿאָרט ערגעץ מיטן פּראַכטצוג, אפֿשר שטייען זיי אויף אַ קאָליע דאָ ערגעץ ביינאַנד מיט אונדז. אין קיִעוו דאַרפֿן מיר טרעפֿן פֿון איר אַ בריוו... אין אַזאַ מין צייט וויינען?...

דבורהל נעמט צו מיין גלעטנדיקע האַנט, נאָר די טרערן זעגען נאָך הייסער.

אַז זייטיקע צעפּרעגן זיך ביי אונדז, זאָגן מיר זיי... און ס'איז נישט שלעכט — אייניקע האָבן דערוויל אַ ריינע שטילע באַפֿרידיקונג, וואָס אויב ס'האָט זיך עפּעס געטראָפֿן, איז עס נישט ביי זיי... אַנדערע פֿילן אונדז מיט. זיי עצהן אונדז איבער־לאָזן אַ מעלדונג פֿאַרן היגן „ראַזיסק״, אָנווייזן אונדזער קיִעווער אַדרעס, אפֿשר וועט זיך עפּעס אָפּזוכן.

איך זשאַלעווע אויך, ס'טוט מיר באַנג דאָס לעצטע. איך זשאַלעווע אַפֿילו דעם גנבֿ: — פֿע, ס'איז נישט קיין גאַנג פֿון קיין מענטשן... נאָר דבורהלען זאָג איך מיטן גאַנצן האַרצן:

— נאַרעלע, זאָג אַ דאַנק גאָט! מיר האָבן דאָרטן גאָרנישט נישט געהאַט, מיר האָבן דאָ גאָרנישט נישט. נאָר דאָס נויטיקסטע וועלן מיר נאָך, וואַרשיינלעך, קריגן. און דאָס, וואָס ס'האָט אונדז אָפּגעגליקט אין ברייטן זין פֿון וואָרט, אַזעלכס וועסטו עס פֿאַר קיין קאָלדרע נישט קויפֿן. אונדזער קעלבעלע איז לעבן אונדז. ער איז מיד און ס'שלעפֿערט אים שוין. דבורהל וועט פֿאַר אים אויסשטיקעווען אַ געלעגער. און מיר ביידע וועלן שוין שלאָפֿן זיצנדיק. ביז קיִעוו איז אין נאָרמאַלע צייטן אַ נאַכט פֿאָרן. איצט וועלן מיר מעגלעך דערפֿאָרן פֿאַר אַ מעת־לעת.

אין דער פֿרי האָב איך שפּאַצירט מיט מיין נאָך גענוג יונגן „למד־וואָווניק״ אין פּאָלטאַווע לעבן דעם ליכטיקן, נאָר אויף האַלב צעבראָכענעם, וואָקזאַל. דער מאָרגן איז געווען אַ פֿריילעכער, אַ גוטער. מיר האָבן געטראָפֿן וואָס צו קויפֿן צום איבערבייסן. איז ווייטער גוט. דבורהל האָט פֿאַר אַ נאָווינע ווייטער אַ ביסל געוויינט. פֿאַרגעסן איז נאָך פֿרי און ווי זי דערמאָנט זיך, גייען ביי איר די טרערן אַליין. און איך טרייסט זי ווידער: „ס'איז גאָרנישט, דבורהלע... און ווי, טאָמער וועט אונדז כאַרקאָווער מיליציע עפּעס געפֿינען? מיר האָבן דאָך זיי אָנגעגעבן אַלע סימנים. זיי וועלן וויזן, אַז זיי אַרבעטן פֿלינק און געשיקט״.

מיר האָבן איבערגעביסן אין דרייען. מיר נעענטערן זיך צו דער היים.

## איר מעגט עס הערן

הערט, מיינע טייערע, איר מעגט עס הערן:

מיר זענען שוין אין קיִעוו!!! דאַרניצע איז קיִעוו. נאָר דער צוג וועט קענטיק

פֿאָרן קיין קיִעוו ערשט מיטן פֿרימאָרגן. אַזוי זאָגט דער עולם און... אָט בעט מען אונדז אין אַ קאָמפּאַניע! אַ לאַסטמאַשין. קיין סך זאַכן האָבן מיר נישט און מיר לאָדן זיך אויס פֿון וואַגאָן. מיר זיצן שוין פֿון אויבן אויף דער לאַסטמאַשין.

קיין דאַרניצע פֿלעגן מיר פֿאָרן צו ברכהלען, צו הינדעלען. גדליה האָט זיך דאָ אַ מאָל געבויט.

די מאַשין פֿאַרמאָגט אין זיך אַזעלכס, צו וואָס קיין פֿערד און קיין אָקסן — און אַפֿילו אַ היינטיקער באַן — קענען זיך נישט דערלאַנגען: זי שלינגט די ווייט. מיר זענען שוין נישט נאָר אין קיִעוו, מיטן תּחילת אָוונט זענען מיר שוין אַפֿילו אין הויף. אין אונדזער הויף! אַז מע וויל, האָט ער דעם נאָמען „ראָליט״ (ראַביט־ניטשאַ ליטעראַטוראַ).

אין קיִעוו איז היינט געווען אַ רייכע, זייער אַ פֿייערלעכע לוויה. מע האָט באַהאַלטן דעם גענעראַל וואַטוטין, וועלכער איז געפֿאַלן הינטער קיִעוו. ער איז אונדז איטלעכן נאָענט.

היימישע מענטשן באַגעגענען אונדז. זיי זענען פֿאַרנומען מיט גאַנץ וואָכעדיקע קליינִיקייטן.

אין אונדזער דירה קלייבן זיך (דערציילט מען אונדז) די קיריליוקעס. מיר בלייבן ווי פֿריטשמעליעט. אָבער אייניקע אין הויף זאָגן אונדז:

— איר דאַרפֿט אַפֿילו קיין רגע נישט קלערן. גייט צו זיך אין שטוב אַריין.

איך לייג ביי אַ שכן אַ קליין העקעלע און וויל זיך וואַרפֿן אויף דער טיר דרייסט און צערייצט, ווי אַ קאָמאַר (אַ לייכט מוקל), אָבער דבורהל האַלט מיך אָפּ. איינער פֿון אונדז גייט און זוכט אָפּ דעם אַלטן שלאָסער מיט די ברילן. דער זעלבער שלאָסער, וואָס געווען. דער זעלבער שיכּור, וואָס געווען. ער זאָגט, כּלומרשט, אַז ער ווייסט נישט, צי ער האָט רעכט גיין אונדז עפֿענען די טיר, דער ליטפֿאָנד האָט דאָ צו שאַפֿן... נאָר ער שטעלט זיך נישט אָפּ אויף קיין רגע. זאָגן האָט ער אַזוי געזאָגט, נאָר גיין, גייט ער, און עפֿענען, עפֿנט ער. און אַ טרונק בראָנפֿן נעמט ער. און מיר זענען שוין ביי זיך אין שטוב!... אין איינעם פֿון אונדזערע דריי צימערן האָט קיריליוק אַריינגעשטעלט אַן אַלטע ברייטע קאַנאַפּע. דאָרט איז צעשאָטן אויפֿן דיל אַ פּוד, אָדער צוויי, קאַרטאָפֿל, און שוין.

אין דער פֿרי האָט אונדז דער ליטפֿאָנד אַרויסגעגעבן אַ פּאַפּירל אויף אונדזער דירה. איר ווייסט כאָטש וויפֿל גליק עס שטעקט אין אַ פּראָסט, בלייך, פּירעקיק און נישט קיין גרויס שטיקעלע פּאַפּיר?!... איר ווייסט יאָ? נאָר גיכער — נישט.

קיריליוק איז אַוועקגעפֿאָרן נאָך זיין פֿאַמיליע. ווען ער וועט קומען, וועט מען אים געבן די 11טע דירה. איז שוין קיריליוק אויך נישט געקריוודעט.

יאַנאָווסקי וווינט ביי ליפֿען אין דער דירה. סוכאָדאָלסקי וווינט אין אַ צוויי־צימערדיקע דירה. פֿאַנטש וווינט ביי זיך. מיט די האָפּשטיינס האָבן מיר זיך געזען.

זיי זענען שוין ביי זיך. אין הויף האַקן מענטשן האָלץ פאַר דער פּליטע. אַנדערע האָבן אַן אייוועלע אין איינעם פון די צימערן.

אינעם קליינעם צימערל ביי אונדז, ווו מיין בעטל, מיין שרייבטיש און מיינע ביכער זענען געווען, דאָ אינעם קליינעם צימערל זענען אויסגעזעצט עטלעכע שויבן. איז קאַלט. אינעם שלאָפצימער, אויף קירילויקס קאַנאַפּע, זענען מיר געשלאָפן אַלע אין דרייען — דבורהל, לייבעלע און איך. מיר האָבן זיך צוגעדעקט מיט דבורהלס ווינטערדיקן מאַנטל, מיט מיין האַרבסטיקן מאַנטל און מיט אַ דינער סאָלדאַטסקער קאָלדרע. און מיר זענען געווען רייך. וואָס הייסט רייך?... אַ־נו, פּרוווט אָפּזוכן אין דער גאַנצער וועלט אַ גלייכן צו אונדז — איר וועט נישט געפינען!... דער ניסתּר זאָגט „די גבורה פון דעם שוואַכן". וואָס זאָלן מיר שוין זאָגן וועגן דער אומגעריכטער פרייד ביי אַזאַ שוואַך „מלוכהלע", מיט ליידיקע קעשענעס, ליידיקע זעק (מיט די הוילע שליסלען, וואָס זענען נישט פאַרפאַלן געגאַנגען, נישט אַהינ־וועגס, נישט צוריקוועגס). אַ משפּחהלע, וואָס איז דאַר און קוואַר, קוים וואָס די נשמה האַלט זיך, געקומען, געפונען אַן אויסגעליידיקטע שטוב מיט אויסגעשלאָגענע שויבן... יאָ, אָבער געקומען, און געפונען!...

## פראַנק און פריי איבער די קיִעווער גאַסן

אַז מיר זענען געפאָרן פון כאַרקאָוו איז בסך־הכּל געווען דער קריסטלעכער פּסח. ווו האָבן מיר פאַרשלאָפן דעם יידישן פּסח? פרעגט מיך בחרם. מיר'ן זיך אויסצאָלן אָדער פּסח שני, אָדער איבער אַ יאָר, ווען מיר וועלן דערלעבן.

מע דאַרף גיכער אָנשרייבן אַ פּאָר בריוו קיין סאַראַטאָוו. ס'טייטש, סאַראַטאָוו זאָל נישט בלייבן פאַרשעמט, וואָס מיר האָבן אים אַזוי אָן רחמנות פאַרלאָזט.

וואָס וועל איך שרייבן צו די קינדער קיין רוזייעווקע? ווו איז פראָסיע? ווי אַזוי האָבן איבערגעלעבט די מלחמה די דידענקאָס? ווען וועט שוין קומען ביילקע? פראַגן, אַזוי ווי די לעבעדיקע זון־באַשיינטע בינען, דרייען זיך אַרום דיר, זיי וועלן דיר פאַרזשומען דעם קאָפּ. און וועל כולם דער ווונדער איבער ווונדער:

קען איך, הייסט עס, גיין איבער דער קיִעווער גאַס, און איבער נאָך אַ גאַס, און איבער אַלע גאַסן פראַנק און פריי. און איך דאַרף זיך פון קיינעם נישט אויס־באַהאַלטן, און קיינער דאַרף קיינעם נישט לויפן אויסזאָגן, ווו אַזאַ און אַזאַ יידישע משפּחה האַלט זיך אויף? ס'זענען שוין דאָ, קיין עין־הרע, אַ סך יידישע משפּחות, און מע איז באַלעבאַטים ביי זיך. נו, און איך האָב דאָך נאָך עפּעס אַ „נחלה"... אַ בלוטיק־אייגענע, וואָס היטלערס לייט האָבן פאַר אונדז איבערגעלאָזן. פאַראַן ביי לייטן „געפילטע פיש" און דאָ איז פאַראַן „געפילטע ערד". היטלערס מענטשן האָבן זיך דאָ פאַרגינט אָנפילן איינעם אַ ווינקל פון קיִעווער פאַרשטעט מיט וואַ־

רעמען פלייש און בלוט פון מיינע ברידער. אַהין וואָלט דאַרפן זיין מיין ערשטער גאַנג...

איך בין געווען אויפן מאַרק און האָב זיך צוגעקוקט צו די רונדוקעס, ווו ס'האָבן געהאַנדלט פליישערס און אַנדערע מינים קרעמער. אויף זיי איז נאָך געווען פריש דער אָנזען פון אַ „קיִעוו אָן יידן"... וואָס פאַר אַ פּנים האָט אַ שטאָט, ווו ס'איז קיין ייִד נישטאָ? און צי איז בכלל ערגעץ גילטיק אַזאַ שטאָט?

איז עס מיין גליק, צי מיין אומגליק? מיין ערע, צי מיין שאַנדע? ...איך קען אַזוי קלוג נישט זיין איך זאָל דאָ עפּעס פאַרשטיין.

און דער טייל קריסטן, וואָס האָט נישט געשטרעבט און נישט געוואָלט זען מיין אומבאַשרייבלעכן אומגליק, וועלכן ס'איז אים גאָר שווער צו נעמען אויפן געדאַנק?... אויפן געדאַנק איז עס, געוויינלעך, שווער אַרויפצונעמען, אָבער געשען איז עס. געטאָן האָט מען עס. און מיינע צענדליקער טויזנטער קרבנות האָבן אַפילו אַ צאָל און אַ נאָמען. איך וואָלט מן־הסתּם דאַרפן וויסן, וואָס מיינע קריסטלעכע שכנים ווייסן. איך וואָלט זיכער דאַרפן הערן, וואָס זיי האָבן דאָ געזען. נאָר איך קען נישט און איך וויל נישט, און כ'וועל ביי זיי גאָרנישט נישט פרעגן. די חרפּה איז אַ געדיכטע, כאָטש שנייד זי מיט אַ מעסער. דו פאַרטשעפּעסט זיך אין איר, און די קני ברעכן זיך אונטער...

בעת אונדזער אָפּוועזנהייט איז אין אונדזער דירה געזעסן אַ יונגע פאַמיליע אוקראַיִנער — „קולטור־טוער", באַזיליעוויטש אָדער באַזיליעווסקי. נישט קיין הויכער, אַ געפּאַקטער, טראָגט ברילן. זיין פרוי אויך נישט קיין הויכע, נאָר פעסט געבויט, און צוויי ייִנגלעך. מיט וואָס האָבן זיי דאָ געעטעמט, וואָס איז געווען זייער טועכץ? — האָב איך זיך נישט צעפרעגט. דעם ראַיאָל אונדזערן האָבן זיי ערגעץ פאַרשטעקט אין אַ דאָרף ביי אירע עלטערן אָדער קרובים. מיינע ביכער האָט ער שוין אַפילו פאַר דער צייט פון די סאָוועטן (ווען מיר האָבן פאַרלאָזן אונדזער שטוב און זיך עוואַקויִרט) געטראָגן פעקלעכווייז אין בוקיניסטישן מאַגאַזין און פאַרטרונקען. איך האָב געטראָפן אין אַ קראָם אויף זיין נאָמען נאָך די „בילינעס" ריבניקאָווס און אַנדערסענס געקליבענע ווערק אין 4 בענדער... ער איז געווען אַזוי גוט, ער האָט זיי אויסגעקויפט און מיר אומגעקערט. ער איז „אינטעליגענט" און העכסט „סאָוועטיש". ער זאָגט, אַז ער איז אַפילו געזעסן ביי אונדזערע אַ פּאָר חדשים, נאָר מע האָט אים פריי געשפּראָכן...

אין ביכערשראַנק האָבן זיי מיר אומגעקערט. איצט האָבן זיי שוין געוווינט אויף טשקאַלאָוואָ גאַס, אויך אין צוויי צימערן. ווינציקער וואָלט זיי נישט אָנגע־שטאָנען! זיי זענען יונגע מענטשן. זי רעדט מיט מיר נישט שלעכט, נאָר איך קען מיט זיי נישט רעדן גוט.

צימערן האָבן מיר געטראָפן ליידיקע, ליכטיקע, געררומיקע. אויפן פערטן שטאָק

איז ליכטיק. קיריליוקס אַלטע קאַנאַפּע נוצן מיר, נאָר זי וועט ביי אונדז שטיין אַ וואָך, אָדער צוויי — נישט מער. דאַרף מען זיך, הייסט עס, באַזאָרגן מיט באַלע־באַטישקייט. דער ליטפאָנד האָט געבאָרגט טעלעכע רובל.

איך האָב געקויפט אויפן מאַרק אַ טאַבורעטל, גרינג, ווי אַ פּעדערל, און שטאַרק, ווי אייזן. די שטוביקע זענען אויך גערן פון דער קניה. געקויפט אַ היל־צערנעם שטול, אַ ליכטיקן. געפונען אויפן בוידעם אייזערנע בעטלעך אַ פּאָר. מע האָט מיר געגעבן אין אַן אָרט צוויי דינע לאַנגע ברעטער, איז געגאַנגען מיט מיר מיזשיריצקי און געהאָלפן טראָגן. אַ בילד צום באַוווּנדערן: צוויי לעבן־געבליבענע יידן, מלמדישע, מיט ברילן, צוריקגעקומענע, גייען איבער דער לענג פון צוויי־דריי גאַסן (אייגענע, קיִעווער גאַסן), ווי שטאָט־באַלעבאַטים, און טראָגן צוויי לאַנגאַצקע ברעטער... איר האָט שוין געזען אַזעלכע גבירים? אין שטוב אָדער אין הויף וועלן מיר לויט דער לענג פון די בעטלעך זיי פונאַנדערזעגן און אויסמאָסטען איבער די אייזנס אַ הילצערנעם געמיטלעכן דנאָ. און אויבן וועלן מיר אויסשפּרייטן וואָס ס׳וועט זיך מאַכן, וועלן מיר שוין האָבן געלעגערס.

איבער דער נאָענטער שכנישער גאַס גיי איך דורך פאַרביי ליכטיקע פענצטער פון קיִעווער גרויסע צייטונגען. אויך די צייטונגען האָבן פריי אַן אָטעם געטאָן. מע דאַרף זיך נישט טוליען אין קיין וויטע שטעט נישט־קיין־אוקראַיִנישע, שטעט סאָוועטישע, וואָס זענען געווען גאַסטפריינדלעך צו אונדז. פאַרברענגען צו גאַסט איז גוט, נאָר די היימישע לופט איז פיל בעסער.

אונדזער ברודער, דער עלטסטער לייטענאַנט, איז דורכגעפאָרן קיִעוו אויף אַ לאַסטמאַשין. ער איז פאַרגאַנגען צו אונדז. מאָגער, נישט אויסגעשלאָפן, אַ ביסל דערפרוירן, נאָר די אויגן בלישטשען. ער איז פריילעך, וואָס ער זעט אונדז. ער איז אויך געווען, ביי דער געלעגנהייט פון איינער אַ שליחות־רייזע, אין סלאָוועשנע, אין אונדזער געבוירן־אָרט סלאָוועשנע.

פאַרברענט, פּוסט, אַראָפּגעטראָגן פון דער ערד! אומעטום הויכער בוריאַן! ווו איז דאָ נישט לאַנג געווען אַ גאַס? ווו איז דאָ נישט לאַנג געווען אַ לעבן?... מיר׳ן זיך נאָך זען, וועט ער דערציילן גענויער. פון דעם טאַטן דערמאָנט, פון הער־שעלען דעם געלינקן, אַזאַ צאַרט און יונג קינד, דערמאָנט גדליהן, הירשקען, פּיי־געלען, נאָר אַלץ אויף גיך און אין איילעניש. ער פאָרט באַלד וויטער. קוים באַוויזן אויסטרינקען אַ גלעזל וואַרעמס...

## אונדזער טאָכטער איז געקומען

און אָט איז געקומען אונדזער טאָכטער! עפּעס זייער פאַרשוואַרצט און פאַר־קויטיקט.

צי דען זענט איר די גאַנצע צייט אַזוי געפֿאָרן?

— ניין. געפֿאָרן נישט גוט, נישט שלעכט, נאָר שוין לעבן קיִעוו, אין דאַרניצע, האָט מען די נאַכט שרעקלעך באָמבירט.

— נו, יאָ, מיר זענען די נאַכט דאָ אויך נישט געשלאָפֿן.

— נו, האָט מען זיך באַהאַלטן פֿריִער אין אַ לאָך, וואָס אַ באָמבע האָט שוין לאַנג אויסגעזעצט. דערנאָך אין אַ פֿאַרלאָזענעם שוצגרוב. ביי יעדער זעץ שיט זיך די ערד אויפֿן קאָפּ. אַ צייט איז מען געלעגן אונטערן פּאַראָוואָז. מאַנסבילן, אַרבעטער, האָבן געציטערט. ס׳האָט ביי זיי געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. מע האָט געקרעכצט און געבעטן צו אַלע געטער. איך האָב אויך געהאַט איין אַנגסטלעכן געדאַנק: „נישט פֿאַרבלייבן קיין קאַליקע!" אויב געהרגעט ווערן איז מיט אַ מאָל גלייך אויפֿן אָרט. איין וואַגאָנדל אונדזערס איז פֿאַרברענט געוואָרן...

פֿון אונדזערע זאַכן איז דאָרט געוועזן מיין ווינטערדיק מאַנטל, אַ פּאָר בעסערע ביכער און אַ ביסל כּתבים.

דבורה טענהט:

— איך האָב דען דיר נישט געזאָגט „פֿאָר אינעם ווינטערדיקן מאַנטל?" האָסטו געזאָגט „ס׳וועט זיין הייס, ס׳וועט זיין שווער". נו, איצט וועט דיר שוין זיין גרינג...

איז מיין מאַנטל אַוועק זיך „פּאַשען" צו איר האַרבסטיקן מאַנטל און צו דער גייער וואַטענער קאָלדרע, וואָס מיר האָבן לאַנג נישט געוווסט צי זאָלן מיר זי איבערלאָזן פֿאַר זיך.

שיין איז אָבער געווען דאָס ווייטערדיקע: ביילקעלע האָט זיך איינגעוואַשן, געכאַפּט אַ דרימל, זיך אָנגעטאָן ריין. מיר זענען אַוועקגעפֿאָרן צו דער פּראַכט־סטאַנציע און אָפּגענומען, וואָס מיר האָבן געהאַט אינעם גאַנץ־געבליבענעם וואַגאָנדל. געקומען אַהיים האָבן מיר געטראָפֿן געדעקט דעם טיש און דבורהל מיט לייבעלען האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט.

אויפֿן טיש איז געווען אַ מיטאָג, וואָס האָט געלויכטן מיט זיין פֿרישקייט, זיין ריינקייט. דער לויטערער בוליאָן אין די טעלער איז געווען אַזאַ, וואָס מע שטעלט נאָר אין גוטע צייטן פֿאַר קימפּעטאָרינס וועגן. ס׳איז אונדז געווען ליכטיק אין די אויגן פֿון דער יום־טובדיקייט. מיר זענען אַלע אין פֿירן צוריק אין דער היים. איך וועל עס לאַנג געדענקען. איך האָב נישט איבערגעפֿרעגט ביי דבורהקען, ווי אַזוי איז עס איר איינגעפֿאַלן ביי אונדזער מאַטעריעלער געענגטקייט, ביים פֿרישן אומגעריכטן היזק. (אַפֿילו ביידע היזקות זענען געקומען שוין לעם סאַמע היים, פֿריִער אין כאַרקאָוו און איצט אין דאַרניצע, שוין טאַקע לעם דער סאַמע שטוב). ווייזט אויס, אַז אַ ליכטיקער מלאך האָט אונטערגעזאָגט דבורהלען: זיי וויסן, היות ביילקע איז געקומען אַ לעבעדיקע פֿון אַזאַ בהלהדיקע נאַכט, ווען הימל

און ערד האָבן זיך צונויפגעמישט. ווען באַמבעס האָבן זיך געריסן אַ שפּאַן פון דיר (אין סדום האָט שוין ערגער נישט געקענט זיין), איז דאָך עס דער העכסטער געשאַנק פון זיין ליבן נאָמען, און איר מעגט זיך פאַרגינען כאָטש איין שעה אַ יום־טובדיקע, אַ ריינע, אַ געמיטלעכע...

מיט לויטערע הימלען, ליכטיקע פענצטער און גרינגע הערצער זענען מיר אַלע אין שיינער פייערלעכקייט געזעסן ביים יום־טובדיקן געשפּרייטן טיש.

געזונט זאָלסטו מיר זיין, דבורהל!

## שפּריצמאַשינעס שווענקען דעם אַספאַלט

איבער קיִעווער גאַסן האָט מען דורכגעפירט זיבעציק טויזנט געפאַנגענע דייטשן. זייער אַ סך יונגע צווישן זיי. זיי האָבן געהאַט אַ קלאָגעדיקן אויסזען. קיִעוו האָט דאָך געזען די זעלבע דייטשן אין אַ סך אַ גרעסערער צאָל, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס. זייער וואָלפישער קוק, זייער חיהשער ריח האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא, אַז דער מאַמעס מילך פלעגט אין דיר אַנטפאַלן ווערן. איצט האָבן די זעלבע צווייפיסיקע — ווי צו זייערע מאַמעס! — גאָר אַן אַנדער אויסזען. מע האָט זיי אַרויסגעפירט פון שטאָט. וווּ מע וועט זיי באַזעצן, ווייס איך נישט. נאָר באַלד נאָך זייער אַוועקגיין זענען געפאָרן איבער די גאַסן שפּריצמאַשינעס און געוואַשן די אַספאַלטירטע ערד, די אומריינקייט, וואָס זייערע קויטיקע געשוואָלענע טריט האָבן איבערגעלאָזן. זאָל דאָ נישט אַווירן!...

רבונו־של־עולם! דאָס האָסטו צוגעטראַכט מלחמות אויף דער וועלט?!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט איבערמענטשלעכער מי האָט אונדזער ברודער הערשל איבערגעפירט פון רוזייעווקע די שוועסטער מיט די קינדערלעך קיין קיִעוו. געציילטע מעת־לעתן האָבן זיי זיך אויפגעהאַלטן ביי אונדז. גלעלעגערס ריינע האָבן מיר געשפּרייט אויף דער ערד פאַר אַלעמען. ווען זיי האָבן געוווינט ביי אונדז, בין איך געגאַנגען מיט די פּלימענטשיקעס צו פוס זיי וויזן קרעשטשאַטיק. אַ שאָד, וואָס כ׳קען דאָ נישט געבן אַ פּאָטאָ פון דער קליינוואַרג — נעזעלעך, בלישטשענדיקע אויגן, ביי איינעם אַפילו — זייער גרויסע. מע טאָפּטשעט מיט די קליינע פיסעלעך אין גרויסלעכע שיך. איך בעט זיי זאָלן זיך האַלטן לעבן מיר. מיר׳ן קומען אַהיים, וועלן די מאַמעס, די מומעס, געבן עפּעס צום פּיקן... שפּאַצירט, טייערינקע, קוקט זיך אָן וויפל דאָס האַרץ גלוסט!

אין טעג אַרום זענען זיי איבערגעגאַנגען וווינען אויף שוליאַווקע, אַ גרינע לופטיקע פאָרשטאָט פון קיִעוו. כ׳בין צו זיי אָפט אַהין געגאַנגען. געהאָלפן אָנזעגן האָלץ, געבראַכט, וואָס מעגלעך. דערציילט, געהערט.

פון גדליהן און פון הערשעלען דעם געלינקן רעדן מיר, ווי ווייט מעגלעך, ווינציק. מיישקע איז שוין אין דער היים. ער אַרבעט אין אַ מיליטערישן סקלאַד. ער איז אויף אַ שטעלע, וואָס רעכנט זיך האַלב היימיש, האַלב מיליטעריש.

און ס׳איז געווען אַזוי: אין קיִעוו איז געגאַנגען עטלעכע טעג דער משפּט איבער אָנגעזעענע דייטשע מלחמה־פֿאַרברעכער. אויף קאַלינין־פּלאַץ (אַמאָל האָט עס געהייסן דער דומסקער־פּלאַץ) האָט מען אויסגעבויט אַ נויטיקע צאָל תּליות. קיִעווער באַפֿעלקערונג איז אין גרויסע מאַסן געפֿלאָסן אַהער צו זען מיט די אייגענע אויגן, ווי מע וועט ברענגען אויף מאַשינעס די „געהויבענע״ דייטשן, כּדי ס׳זאָל צו זיי געטאָן ווערן דאָס, וואָס זיי האָבן אונדז געטאָן.

איך בין נישט געגאַנגען. נאָר פּונקט אין דעם צייטאָפּשניט, וואָס דאָרט האָט זיך עפּעס געטאָן, בין איך געגאַנגען צו פּוס פֿון שוליאַווקע. מיישקע האָט מיר געגעבן אַ ביסל דינע, שטאַרקע, אייניקע אַפֿילו געפֿאַרבטע, ברעטלעך. פֿון זיי וועל איך אויפֿשטעלן אין דער נישע פֿונעם קליינעם צימערל פּאָליצעס פֿאַר מיין ביבליאָטעק. מיין משׂא האָב איך געטראָגן אויפֿן אַקסל. איך האָב געפֿילט, וואָס אַן ערך ס׳קומט פֿאָר אויפֿן קאַלינין־פּלאַץ, פֿינף־זעקס קילאָמעטער פֿון מיר. און אין מיר האָט געזונגען און פֿיל מאָל זיך איבערגעחזרט אַ העברעיִש היימישער אויסדרוק, וואָס איך האָב געהערט קינדווייז שׂמחת־תּורה אין דער באַלויכטענער פֿולקאָלירטער און פֿולגעפּאַקטער שול... איך טראָג אַ שווער פּעקל גוטע, געשמאַקע ברעטלעך אויפֿן אַקסל. פֿון מאָל צו מאָל שטעל איך זיך אָפּ, דריי זיי פֿאַמעלעכן איבער אויפֿן צווייטן אַקסל, און אין מיר זינגט, ס׳טאַנצט אונטער מיר. איך וועל אַליין צונויפֿקלאַפּן איינפֿאַכע פּאָליצעס, וועל אויסשפּרייטן ריין פּאַפּיר און אויסשטעלן די ביכער. מיין בליק שטעלט זיך אָפּ אויף דורכגייענדיקע פּרויען (דאָס ליבסטע פֿונעם ליבסטן און דאָס שענסטע פֿונעם שענסטן). אייניקע שענקען מיר אויך אַ בליק. זיי דערקענען מיין פֿרייד.

דאָרט, אויף קאַלינין־פּלאַץ, קומט עפּעס פֿאָר היסטאָרישס אַפֿילו. נאָר איך טרעט איבער דער געפֿלאַסטערטער ריין־אויסגעוואַשענער ערד. יעדער אָנקומענדיקע גאַס מאַכט מיך נעענטער צו מיין שטוב (מיט מיין שטובגעזינד), און ס׳האַלט אין מיר אין איין זינגען און איין אונטערטאַנצן:

ר׳ יצחק־אייזיק בן נחום אריה־לייב, תּן כּבוד לתּורה!!! ר׳ יצחק־אייזיק, דער זון פֿון נחום אריה־לייבן, גיב אָפּ כּבוד דער תּורה! ביכער זענען תּורה. תּורה איז ליכט. מיט די פּאָליצעס, וואָס איך טראָג פֿאַר זיי, וועלן מיינע תּורות זיך אויסשטעלן אין אַ שיינער אָרדענונג. ס׳איז שוין געווען, נאָר אומשטענדן האָבן עס צעבראָכן און צעשטאָכן. איצט ביסטו צוריק אין דער היים, אין דיין קליינינקער מלוכה און בויסט פֿון ס׳ניי אַלץ. טאָ ווישׁ אויס די טרער, געפֿין פֿאַר זיך טרייסט און האַלט ערלעך דאָס לעבן. מע דאַרף אַזוי... און נאָך...

## צו אייזיקן

**ליבע, גיי זעלטן אַרויס פון מיין הויז,**
**איך ווייס:**
**דו קערסט קיין וועלטן נישט איבער,**
**נאָר בויסט נייע אויס.**

**דוד האָפּשטיין**

הבל הבלים — האָט מע געזאָגט שוין לאַנג, מע זאָגט עס אויך איצט. אַליין דו האָסט עס ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן געחזרט הונדערטער מאָל.

אין דעם זעלבן ווערק שרייבט זיך: דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת...

מיר ווייסן אַלע, ווי פּרעך און פאַרניכטעריש דער טויט איז, דער פאַראַכטער, דער פאַרשאַלטענער, צוזאַמען מיט דער שלעכטיקייט פון מענטשן־חיות...

נאָר דורות פאַר מיר, דורות מיט מיר, און דורות נאָך מיר האָבן געגלייבט, גלייבן און וועלן גלייבן, האָבן געשאַפן, שאַפן און וועלן שאַפן צוזאַמען מיטן לעבן, וואָס בייט זיך, פרישט זיך אָפּ און איז אין אַלע אייביקייטן צעצווייגט און פאַרוואָרצלט. דערום קומט אויף אין ליכטיקייט אויך אָט דער געדאַנק: ווישׁ אָפּ די טרער! קלאַמער זיך אין דער טרייסט! מיט, צי אָן דיין ווילן, וועסטו סיי ווי גיין אין די וועגן פון לעבן, ווייל דאָס לעבן איז שטאַרק און דאָס לעבן פאַרלאַנגט אַזוי...

צו דעם גרוב פון די גריבער, צו דעם קבר פון די קברים איז מיין האַרץ געווענדט. פריש־געקומענע ייִדן מיט זייערע ווייבער (און איך אַ ייִד צווישן ייִדן) טראָגן אַהער צום אַלעם ערשטן זייער צעהיצטן פיינלעכן געמיט. וויפל זודיקע, הייס־צעפלאַסענע געשרייען! דער פרישער כותל־מערבי, דער סאַמע נייסטער... מע גיט זיך אָפּ קאַנטעט. נאָר... אַלע ווייסן, אַז אומקערן דאָס פאַרלאָרענע איז אַזוי נישט צום דערגרייכן, ווי ס'איז נישט צום דערגרייכן די ערד זאָל זיך פאַרקלייבן אויפן הימל. דערביי קומט אָבער צו איין פּרט, וואָס האָט אין זיך אַ וויכטיקסטע היילונגס־קראַפט: פיצלעך, יונגע קינדער, האָבן מיט זיך די אומגעקערטע געבראַכט. קינדער און קינדסקינדער. דאָ, אין שטאָט, איז נישט מעגלעך געווען זיי צו געבוירן. נאָר דאָ, אין דער היימשטאָט, וועלן מיר זיי אין נחת אויפציִען און מאַכן וואַקסן (ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן).

זאָג איך צו זיך: ר' יצחק־אייזיק בן נחום אריה־לייב, האָב ליב, וויפל דיינע שוואַכע כוחות וועלן דיר נאָר דערלויבן. דיין באַליבטער דיכטער האָט אויך אַזוי געזאָגט: „ליבע, גיי זעלטן אַרויס פון מיין הויז"...

א י צ י ק  ק י פ נ י ס

דיין פאָלק וועט דיך געדענקען, ווען דו וועסט אים נאָר נישט פאַרגעסן.
טשעפּע נישט.
טרייב דיין שיפעלע.
זע צו דיינע פאַרשוינען.
און זאָל די צייט זיך גיין איר וועג.

1961—1963




משפחה פון איציק קיפניס ביי זיין מצבה אויפן קיִעווער ייִדישן בית־עולם.

## זוכצעטל פון נעמען (שרייבער, קינסטלער, געלערנטע)

## ר



## ש

## אינהאַלט

### ערשטער טייל — אַ מאָל איז געווען אַ מלך...

## צווייטער טייל — מלחמה־יאָרן

## דריטער טייל — צוריק צו דער חרובער היים